לויטן ווילן פון מחבר טאָר דער ראָמאַן
נישט איבערגעזעצט ווערן און נישט איבער־
געדרוקט ווערן, אפילו טיילווייז, אָן דער
הסכמה פון פרוי מרים לעווין, די אלמנה
פונעם מחבר.

*

אַלע העלדן פון דעם ראָמאַן זענען פיקטיווע.

שמואל לעווין

# וואָלקן־געדראַנג

דריטער ראָמאַן פון דער טרילאָגיע

„צווישן צוויי תהומען"



פאַרלאַג „המנורה", תל־אביב

תשל"א — 1970

# אינהאלט:

## דב סדן — צווישן וואָר און חלום

### ערשטער טייל


| קאַפּיטל | | זייט |
|---|---|---|
| 1 | די פאַרוואַנדלונג | 7 |
| 2 | ליידן | 21 |
| 3 | עפּעס וואָס איז שטאַרקער נאָך פון ליבע | 32 |
| 4 | דעם יצר־הרעס אַ זיסער ביסן | 37 |
| 5 | ס'איז געקומען ווי ס'האָט געמוזט קומען | 47 |


### צווייטער טייל


| | | |
|---|---|---|
| 6 | ביי אַ שרייבער אין רעדאַקציע־צימער | 59 |
| 7 | דורכן גיהנום פון שטאָט | 65 |
| 8 | נויט דעמאָראַליזירט | 78 |
| 9 | די אויפגעקומענע | 91 |
| 10 | אין קריזיס | 104 |
| 11 | איובס צרות | 109 |
| 12 | צוזאַמענשטויס | 119 |
| 13 | דער אַדוואָקאַט | 122 |
| 14 | ביי דער ווייסל | 137 |
| 15 | די שטראָף | 148 |


### דריטער טייל


| | | |
|---|---|---|
| 16 | די גבאיטע | 163 |
| 17 | די העלפערין | 171 |
| 18 | די ערשטע אויספאָרשונג | 183 |
| 19 | אין פּאַוויאַק | 193 |
| 20 | זיין שיף גייט אונטער | 207 |
| 21 | חבר סמוטנער | 214 |

קאַפּיטל זייט

22 ס'גייט אין עיקר, אין דאָס העכסט מענטשלעכע . . . 226
23 „פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער פאַראייניקט אייך" . . . 243
24 אל נקמות . . . . . . . . . . 255
25 פּאָליטישע פּראָצעסן . . . . . . . . 269
26 דער פאַרטיידיקער קלאָגט אָן . . . . . . . 277


## פערטער טייל

27 הכשרה . . . . . . . . . . 293
28 חלוצים . . . . . . . . . . 301
29 גייסטיקע שעהען . . . . . . . . . 313
30 דער סוף דורך אַ באָמבע . . . . . . . . 325
31 אַ גרויסער נס . . . . . . . . . 331
32 אומגליק און גליק . . . . . . . . . 340
33 פאַרצווייפלונג . . . . . . . . . 348
34 דער סוף פון אַ פאַבריקאַנט . . . . . . . . 358
35 פרייד . . . . . . . . . . 369
36 דער חבר יוזשעק שטשעלקאָווסקי . . . . . . 377
37 אַ הייליקער קרבן . . . . . . . . . 386

דב סדן

# צווישן וואָר און חלום

## א

ווען מיר נעמען, לשם ערשטע אינפֿאָרמאַציע, רייזנס לעקסיקאָן, קענען מיר זיך נישט אָפּווערן פֿון אַ בתמיהא — כאַטש דער באַנד, וואָס אַנטהאַלט דאָס אות למ״ד, איז אַרויס שוין אַ קאַרגע 10 יאָר נאָכדעם ווי שמואל לעווין האָט גענומען שרייבן און דרוקן ברשות הרבים, און האָט אפילו שוין אַרויסגעגעבן ביכער, דערמאָנט אים נישט דער בעל־הלעקסיקאָן, און אַזוי ווי עס איז שווער אָנצונעמען, אַז ער האָט וועגן אים נישט געוווּסט, פֿרעגט זיך, פֿאַר וואָס האָט ער וועגן אים נישט צו וויסן געגעבן, אַנדערש געזאָגט: ווי אַרום האָט ער, וואָס איז געווען אויפֿמערקיק ביז גאָר און האָט געהאַט אַן אָפֿן אויג פֿאַר אָנהויבערס, וואָס האָבן זיך אָקאָרשט אויסגעפּיקט פֿון די שאָלן, געמאַכט אַזאַ היפּער. מיר װעלן מודה זיין, אַז מיר האָבן נישט קיין אַנדערן תירוץ ווי דעם, אַז בשעת דער סעלעקציע, וואָס דער בעל־הלעקסיקאָן האָט געמאַכט, האָט אַריינגעשפּילט לעווינס מזל, וואָס האָט אים נישט פֿאַרשאַנצט די בעסטע מערכה אין דער ליטעראַטור־קריטיק. נישט אַז מען האָט וועגן אים פֿריער און שפּעטער נישט געשריבן — יעפֿים ישורין האָט אָנגעזאַמלט אַ לייטיש בינטל רעצענזיעס אין דער פּרעסע אין כלערליי קאַנטן פֿון דער יידישער ליטעראַטור־טעריטאָריע, אָבער לרוב זענען דאָס געזאָגטע און נישט דערזאָגטע אָפּשאַצן. אָבער די עיקר־טריבקייט פֿון דער מערכה ווייזט זיך אַרויס אין אַן אַנדערן שטריך — איז עס דען נישט אַ גאָר פּראָבלעמאַטיש מזל פֿון אַ שרייבער, אַז עס איז אים נישט געגעבן געוואָרן אַרויסצוגעבן אַלע זיינע ביכער ביים לעבן, און אויך פֿון די וואָס ער האָט יאָ אַרויסגעגעבן, זענען נישט אַרויס אין זיין אייגענער שפּראַך, נאָר אין אַ פֿרעמדן לבוש, אַזוי אַז זיי האָבן נישט דערגרייכט דעם לייענער, פֿאַר וועלכן זיי זענען בעיקר געשריבן געוואָרן, און וואָס קען פֿאַר אַ מחבר ווייטיקלעכער זיין, ווי דער פֿאַרבייט פֿון זיין שפּראַך און דער אָנגווער פֿון זיין לייענער. וואָס שייך דעם פֿאַרבייט — שפּראַך איז מער ווי לבוש, און דאָס ביז באַנאַליטעט באַקאַנטע וואָרט־שפּיל traditore-tradútore, איבערזעצן מיינט פֿאַרראַטן, האָט אין זיך אַ שטאַרקן קערן פֿון אמת, בפֿרט אַז אַ יעדער שאַפֿער און אַ יעדע שאַפֿונג, ווילן קודם־כל לאָזן הערן זייער קול און זיין ווידערקול אין דער היים. דערפֿאַר איז עס אויך געווען אַ פּראָבלעמאַטישע נחמה, אויב אַ שרייבער פֿון פֿאָרמאַט, ווי פֿראַנץ ווערפֿעל, האָט זיך אויף לעווינס דערציילערישן טאַלאַנט פֿאַרשטאַנען, ווי מיר לערנען

אָפּ סיי פון זיין הקדמה צו לעווינס ראָמאַן, און פון זיין בריוו צו אים (ווין, 5 אָקטאָבער 1935), ווו ער שרייבט, אַז ער אינטערעסירט זיך פאַר אונדזער שרייבער אַזוי ווייט, אַז ער בעט ביי זיין פאַרלעגער די הגהות פון זיין ראָמאַן, צו וועלכן ער האָט דעם אַריינפיר געשריבן. ער איז — שרייבט ער — באמת אַנטציקט פון דעם דיכטערישן, בילדערישן כוח און טיף געריהרט פונעם ריינעם פּולגוטיקן לעבן, וואָס באַוועגט דאָס בוך, און וואָס האָט אים באַשטעטיקט די וואָר פונעם רושם, וואָס ער האָט געוווּנען ביי זייער פּנים־אל־פּנים־באַגעגעניש. ער מיינט דאָס בוך Und er kehrt heim, און ער איז מעיד, אַז ער האָט אויך געלייענט לעווינס פּאָעטישע וויזיע — ער מיינט מסתמא דאָס בוך Gesichte וואָס הייסט אין יידישן אָריגינאַל: ח ז י ו נ ו ת — ווו עס האָט אים פאַרכאַפּט דער תנכישער שווּנג פון דער שפּראַך. נאָך שרייבט ער, אַז אַזוי ווי ער פאָרט בקרוב קיין אַמעריקע (ווו עס האָט געזאָלט אויפגעפירט ווערן זיין תנ״ך־שפּיל), וועט ער זיך דאָרט סטאַרען אונדזער מחבר צו העלפן.

דאַכט זיך גוט אין וויל — אַזאַ בריוו איז פאַר אַ מחבר, וואָס האָט אָנגעשטאָפּט זיינע פּאָליצעס מיט כתבי־יד, אַ היילונג אויפן האַרצן, אָבער אויב ביי כביכול הייסט עס: א ש ר י ש מ ק ל ס י ן א ו ת ו ב ב י ת ו כ ך, משמע: ווייל דעם וואָס מען לויבט אים אין דער היים אַזוי, ביי אַ בשר ודם, בפרט אַ שרייבער, לא כל שכן.

ב

צו די וואַרעמע ווערטער, וואָס עס האָט געשריבן אַ ייד, וואָס זיין שפּראַך איז געווען דייטשיש, קען מען צושטעלן נאָך וואַרעמערע ווערטער, וואָס עס האָט געזאָגט און געשריבן אַ נישט־ייד, וואָס זיין שפּראַך איז געווען דייטשיש, האָט אָבער אויך גערעדט, געלייענט און אַפילו געשריבן יידיש — רודאָלף ראָקער, אין זיין לעקציע וועגן אונדזער מחבר (1928), וואָס איז אויך אַריין אין ערשטן באַנד פון דער טרילאָגיע, וועלכע מיר האָבן איצט פאַר אונדז. ער, דער באַקאַנטער אַנאַרכיסטישער דענקער און פירער, האָט זיך, כידוע, צוזאַמענגעטראָפן מיט דער יידישער מאַסע, בעיקר ווען איז געזעסן אין לאָנדאָן און ניו־יאָרק, און דורך זיי זיך דערנענטערט צו דער מענטאַליטעט פון מזרח־אייראָפּעישן יידן, און זיך באַקאַנט געמאַכט מיט זייער קולטור, האָט זיך, אין בערלין, באַפריינדט מיט שמואל לעווין, און זיך אַריינגע־לייענט אין זיינע ווערק — צומערשט די דערמאָנטע „חזיונות״, וואָס פּרוּוון דיכ־טעריש געשטאַלטיקן דאָס מאַימדיקע איבערלעבעניש פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, און ער, ראָקער, האָט זיך בשעת דער לעקטור דערמאָנט די צייכנונגען פון קאַלאָט, די בילדער פון גאָיאַ, און האָט פאַרשטאַנען, אַז דער דיכטער, וואָס זיין שוידערלעך איבערלעבעניש דערגייט צו דער אַפּאָקאַליפּטישער וויזיע פון וועלט־אומקום, גלויבט אין אַן איין־און־איינציקער מעגלעכקייט די קאַטאַסטראָפע גובר צו זיין, און דאָס איז דער כוח פון אַ רענעסאַנס פונעם רעליגיעזן געפיל און געדאַנק. דעם כוח האָט דער דיכטער באַוויזן אין פינאַל פון בוך, און מיט דעם כוח וויל ער באַפרייען און

אויסלייזן די וועלט. כדי צו באַנעמען ראָקערס כוונה, ווילן מיר באַמערקן, אַז אין דער פּאָעמע, וואָס גיט איבער דאָס אימה־איבערלעבעניש פון דער ערשטער מלחמה, האָט לעווין אַנטיציפּירט דאָס אימה־איבערלעבעניש פון דער צווייטער מלחמה און נאָך דעם וואָס ער באַשרייבט דעם חורבן פון דער גאַנצער מענטשן־וועלט, צו וועלכן די מאָדערנע מלחמה האָט דערפירט, פאַרענדיקט ער, ווי דער מיטאָס וועגן מבול פאַרענדיקט זיך — געבליבן איז בלויז דער וויזיאָנאַר, אוריאל בן ישעיהו, און אַן אייציק מענטשן־פּאָרל:

און אַז עס איז אויפגעגאַנגען די זון
און די ערד איז געווען באַהויכט מיט טוי,
האָט אוריאל, דער זון פון ישעיה,
געזען צוויי מענטשן: אַ מאַן מיט אַ פרוי.
ביידע ווי סקעלעטן כמעט,
געזעענע אין זיין דמיון, צי אין חלום,
ביידע אין אַ פלוג געשפּאַנט,
האָבן האַנט אין האַנט
ווי פערד
געאַקערט די ערד
„לעבן —
קאָן ניט פאַרניכטעט ווערן"
זיינען געווען אוריאלס לעצטע ווערטער דאַן,
ווען ער האָט ווידער געזען אַקערן די ערד ווייב און מאַן.

לויט ראָקערן מיינט לעווינס גלויבן אין אַ רענעסאַנס פון רעליגיעזן געדאַנק און געפיל, טאַקע רענעסאַנס ממש, משמע אַ ווידערגעבוירן פון אַ ירושה, דער ירושה פון זיין פאָלק, וואָס דאַרף און קען ווערן אַ נחלה פאַר אַלע פעלקער. עס איז אַ ירושה פון די עשרת הדיברות, פון דער נבואה, וואָס דער מענטש איז פון זיי אָפּגעקומען און מוז צו זיי צוריקקומען. וואָס ראָקער האָט געזען אינטענסיוו אין לעווינס פּאָעטישן פּרווו, זעט ער עקסטענסיוו אין זיין פּראָזאַישן פאַרמעסט — ער האָט פאַר זיך געהאַט איין טייל פון דער טרילאָגיע, און כאָטש ער ווייסט מסתמא אַז דער לייענער ווערט דאָ פאַראינטערעסירט מיט דער ברייטער קאַנווע פון סיפּור המעשה, דער פּאָליכראָמיע פון צענטראַלע און זייטיקע געשטאַלטן, וואָס זענען מכוון אויסצושעפּן דעם סאָציאַלן, מענטאַלן און פּסיכאָלאָגישן טיפּאַזש פון שטעטל, ווייזט ער אים אָן אויף דעם פאָדעם וואָס שלענגלט זיך, אַ מאָל געזען אַ מאָל אומגעזען, אין די שורות און צווישן זיי, עס איז דער פאָדעם פון גלויבן אין אַ שאָפערישער אוטאָפּיע, וואָס לאָזט זיך נישט פאַרלענדן אין לאָקערט אויף זיין שעה

פון אונטער דעם ווירקלעכקייט געוואָרענעם מיטאָס פון דעם מאָדערנעם צעשטע־רערישן תהו־ובהו.

אַודאי לאָזט זיך דער און יענער פונקט אין ראַקערס באַנעם פון די עשרת־הדיברות און דער נבואה־ירושה אָפּפרעגן, און מיר וועלן זיך באַנוגענען מיט אַ קריטישן באַמערק לגבי דעם עיקר־פונקט, ווו ער קומט זיך מיט לעווין צוזאַמען — די עשרת הדיברות בלייבן ביי זיי, בעצם, אָן אַ קאָפּ, דען דער פירוש זייער וועגן דעם אנוכי — איז אַ פרעפּאַראַציע, וואָס מאַכט גאָט פאַר אַ פּסעוודאָנים פון אַן אויסאידעאַליזירטן מענטשן, און עס איז אַ קשיא, אויב ביי אַזאַ פרעפּאַראַציע בלייבן נאָך די עשרת הדיברות — עשרת הדיברות, און די נבואה — נבואה, און אויב דער רענעסאַנס איז נישט אַ צופיל אַמפּוטירטער רענעסאַנס.

ג

מיר האָבן דאָס אָפּירגעשיקט, כדי אונטערצושטרייכן, וואָס מיר האָבן אָנהויבס געזאָגט, אַז לעווין האָט אין דער היים ווייט נישט געפונען אַזאַ פאַרשטאַנדעניש, ווי מיר זעען עס אָפּיר פון די צוויי געבראַכטע דאָקומענטן, און עס לאָזט זיך לייכט באַווייזן, אַז אויב מיר האָבן עפּעס ענלעכס אין דער היימישער ליטעראַטור־קריטיק, איז עס אַן עכאָ וואָס איז געקומען פון דער ווייט, און צומאָל אַ ממשדיק איבערחזרן פון ווערפלס אָדער ראַקערס צוגאַנג און אָפּשאַץ. אָבער כדי נישט איבערצוטרייבן, דאַרף מען דערמאָנען, אַז פאַראַן אויך אין אַנדערע ליטעראַטורן שרייבער מיט אַן ענלעכן גורל — דאָס קול וואָס גייט אַרויס פון זייערע ווערק דערוועקט גיכער אַ ווידערקול אין אַ ווייטערער, אַפילו פרעמדלעכער, פּעריפעריע, איידער אין נענטערן, היימישערן צענטער, און ערשט נאָך דעם ווי דאָס בת־קול קומט צוריק פון דער ווייטנס, פאַרשטאַרקט זיך אַ מיין אָדער מינדער פּאַסיק בת־קול פון דער נאָנט. די משלים דערצו אין דער יידישער ליטעראַטור זענען אפילו וויניקער, אָבער עס קען קיין ספק נישט זיין, אַז צו זיי געהער בפירוש שמואל לעווין. געבוירן אין אַ קליין יידיש שטעטל אין קאָנגרעס־פּוילן, קאָנסקי־וואָליע, אין די לובלינער קאַנטן (1890) האָט ער יאָרן־לאַנג, טאָג־טעגלעך פאַרזוכט דעם טעם פון דער טיפּיש יידישער אָרעמקייט און נויט, וואָס איז נאָך פרומער פון די פרומע חז״ל, און איז מקיים: אין קמח אָבער יש תורה. פון זיין דריטן ביז זיין זעכצענטן יאָר האָט ער געלערנט אין חדרים, אין בית המדרש („אליינען״), געפּרוווט העלפן דער אָרעמער שטוב און עפּעס פאַרלייכטערן דאָס דחקות, זיך אָנכאַפּנדיק אין כלערליי פּרנסות — געגאַנגען זיין אַ טערמינאַטאָר ביי בעלי־מלאכות, געפאָרן אין די באַנען צו פאַרקויפן עפּל די וואָיאַזשאָרן וכדומה, און פון דעם אַלעמען נישט געצויגן קיין חיונה, אָבער זיך צוגעצויגן אַ לונגען־פעלער, וואָס האָט אים שפּעטער, יאָרנלאַנג, געפּלאָגט. נישט זעענדיק פאַר זיך קיין תכלית אין דער היים, לאָזט ער זיך, אַ צוויי

און צוואַנציג יאָריקער יונגערמאַן, אַוועק אין דער פרעמד, וואַנדרעוועט אַרום אין כלערליי קאַנטן, קומט קיין בעסאַראַביע, פון וואַנעט עס גייט אַן עמיגראַנטישע כוואַליע קיין אַרגענטינע, און ער דערשלאָגט זיך אַהין, פּרוּווט זיך דאָרט באַזעצן ווי אַ קאָלאָניסט, אָבער דאָס מזל איז אים אויך דאָ נישט פריינטלעכער, און ער קומט צוריק קיין פּוילן. עס גייט נישט אַוועק קיין וואָך צייט, ברעכט אויס די ערשטע וועלט־מלחמה, דאָס ערשטע דערשיטערנדיקע, שווידערלעכע איבערלעבעניש זיינס, וואָס האָט איר חותם אויפגעדריקט אויף זיין גאַנצן לעבן, דען כאָטש ער האָט שפּעטער דורכגעלעבט אַ גרעסערן חורבן, וואָס האָט אָפּגעמעקט דעם יידישן קיום אין אייראָפּע, האָט די ערשטע מלחמה געסטימולירט זיין שרייבן, און די עיקר־טעמע זיינע, וועלכע ער באַהאַנדלט אויף אַלע דריי אויסדרוק־מיטלען — אין ליד, אין דראַמע, אין ראָמאַן.

זיינע ערשטע טריט אין דער ליטעראַטור האָט ער געמאַכט אין דער אָרטיקער פּרעסע, אין „לובלינער טאָגבלאַט" וואָס איר רעדאַקטער איז דעמאָלט געווען ש"י סטופּניצקי, אַ מענטש מיט אַ קאָלירקער ביאָגראַפיע, — פריער אַריינגעטאָן אין דער יידישער פּרעסע פון דער פּוילישער סאָצאַליסטישער פּאַרטיי, שפּעטער אויסגעקאָכט אין פּועלי ציון, נוסח מינסק, האָט געהאַט אונטער זיך עטלעכע יאָר מיטאַרבעט אין וואַרשעווער „היינט" אָבער, מחמת חילוקי דעות, אַוועק פון דאָרט, געקומען קיין לובלין און דאָ רעדאַקטירט דאָס דערמאָנטע בלאַט. מיר דערמאָנען דאָס, ווייל אַ רעדאַקטאָר מיט אַזאַ נסיון און סטאַזש איז מסוגל געווען פון איין זייט די רעגיאָנאַלע צייטונג אָפּצוהיטן פאַר דער סכנה פון אַ צו פּראָווינציאַלן טעם און נוסח, און פון אַנדערער זייט פאַרהעלפן די אָרומיקע כוחות, וואָס דער צווייטלנדיקער טאַלאַנט זייערער האָט זיך געריסן צו ליטעראַטור און פּרעסע. אַז ער האָט געהאַט לווינען אויפן אויג באַווייזט וואָס ער האָט דעם לייענער אויפמערקיק געמאַכט אויף דעם דאָזיקן שרייבער, וואָס האָט ערשט געמאַכט זיינע ערשטע טריט אין ברייטערן רשות־הרבים, פּונקט ווי עס האָט דעמאָלט געטאָן, אין דער יידיש־פּוילישער פּרעסע, מאַקס בינענשטאָק.

ד

אין עטלעכע יאָר אַרום זעען מיר אונדזער מחבר, וואָס האָט שוין אַרויסגעגעבן אַ פּאָר ביכלעך, אין בערלין, ווו ער באַזעצט זיך און וואַרפט זיך אויף כמה צווייגן פון ליטעראַטור — פּאָעזיע, פּראָזע, דראַמע, עסייאיסטיק, קריטיק, פּובליציסטיק, און כאָטש די זאַכן זיינע דרוקן זיך אין אַ סך בלעטער און זשורנאַלן, בלייבן די עיקר־כתבים זיינע אין די שיפלעדלעך, און אַ טייל פון זיי דערוואַרט זיך אַן אויסגאַב אין דייטשישן לבוש, און אַ קלענערער טייל פון זיי איז זוכה צו אַן אויסגאַב אין אָריגינאַלן יידישן לבוש. און ער איז אויסגעבונדן מיט שרייבער, די שטוב זיינע ווערט אַ מין בית ועד לסופרים — ווי עס דערציילט אונדז צבי האָרוויץ, האָט ער זיך דאָרט געטראָפן מיט דוד בערגלסאָן און זלמן שניאור, מיט ישכר ריבאַק און

מרדכי בראָנשטיין (אַרדאָן), מיט א. נ. שטענצל און שמואל סאַלאָמאָן, און אַנדערע שרייבער און קינסטלער, וואָס פלעגן זיך אָ דאָ צוזאַמענטרעפן. דאָ האָט זיך אויך פאַרוועבט די טיפע און לאַנג־יאָריקע פריינטשאַפט מיט רודאָלף ראָקער, און פונקט ווי די פריינטשאַפט האָט זיך געשטאַרקט מכוח דער אַפריאָרער אידעישער נאָנטקייט, אַזוי האָט זיך די אידעישע נאָנטקייט דורך דער פריינטשאַפט פאַסטעריאָר געשטאַרקט און אויסגעקלאָרט. איך גופא, האָב שמואל לעווין בלויז צוויי מאָל געזען, און דאָס אין בערלין און ביי ראָקערס צוויי לעקציעס — איינע איז פירגעקומען אין דער סינדיקאַליסטישער גרופּע אין נוי־קעלן, די אַנדערע אין ראָזנבערגס רעסטאַוראַציע אין דער קליינער פרעזידענטן־שטראַסע. איןביידע האָט ראָקער, כדרכו, געשטורעמט קעגן דער שטאַאַטלעכער אינסטיטוציע און אויף איר אָפּגעמשלט די מעשה־עגל, — און פאַרשטייט זיך, אַז וואָס עס איז געשען מיטן משל דאַרף צו געשען מיט נמשל, מען דאַרף אים צעמאָלן אויף אַש, עס זאָל קיין שריד און פליט נישט בלייבן. היינט, אַז איך דערמאָן מיך אין די לעקציעס, דוכט זיך מיר, אַז עפּעס האָט אין יענעם באַנוץ פון משל און נמשל געהינקען — דער משל איז מחייב צו געדענקען, אַז נאָכן צעמאָלן פון עגל אויף אַש און פאַרד, קערט זיך דער מענטש, וואָס האָט געמאַכט דעם עגל, צוריק צו גאָט וואָס האָט געמאַכט דעם מענטשן, און דאָס האָט ראָקער פאַרגעסן, אָדער געמוזט פאַרגעסן, — חזרט ער דאָך, און דווקא אין זיין לעקציע וועגן לעווין, איבער פויערבאַכס וואָרט, אַז דער מענטש מאַכט זיך זיין גאָט לויט זיין אייגן בילד, און דאָס וואָלט אים מחייב געווען צו אַ חילוק צווישן משה און אהרון, אַז ביידע זענען, בעצם, גאָטמאַכער, דער איינער האָט געמאַכט דעם גאָט פון אנכי, דער אַנדערער דעם גאָט פון גאָלד, אָבער ביידע געטער זענען מענטשלעכע קאָנסטרוקציעס. אָבער דעמאָלט, נאָך דער לעקציע, האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז עפּעס אַנדערש האָט אין דעם באַנוץ פון משל און נמשל געהינקען — בעיקר אין דער טאָפּעלער סימפּליפיקאַציע. אין משל — דער גלויבן אַז מיט איין לייטישן ברען און איין לייטישן צעמאָל פאַרשווינדט דער עגל־הזהב; אין נמשל — דער גלויבן אַז מיט איין דרייסטן שריט גייט מען איבער פון מלכות־הרשעה צו מלכות־שדי. ביים אָוונטמאָל האָב איך עס באַמערקט שמואל לעווין, און צום נמשל דערמאָנט אַ שמועס מיט יצחק נחמן שטיינבערג, וועלכער האָט געהאַט חרטה וואָס ער איז אויף אַ שטיקל צייט אָפּגעקומען פונעם גלויבן אין דער מעגלעכקייט און נויטווענדיקייט פון אַזאַ דרייסטן שריט, און זיך געלאָזט אויף אַ קורצלעביקער מיטאַרבעט מיט לענינען. און אַן עסיי פון חיים אַרלאָזאָראָוו וועגן קראָפּאָטקין, וואָס ער האָט מיט אַ פּאָר יאָר צוריק אָפּגעדרוקט אין „מעברות", און ווו ער האָט געטענהט, אַז דער סאָציאַליזם פון פרייהייט וועט נישט קומען פאַר דעם סאָציאַליזם פון דער מאַכט. ווייטער צום משל האָב איך דערמאָנט די סקעפּטיק פון אונדזערע חכמים און מקובלים, וואָס זענען רייכער געווען אין היסטאָרישע און אַקטואַלע נסיונות, ווי עס איז געווען דער חומש, און האָבן דעם עגל־הזהב דערנייוכעט אין כלערליי גלגולים פון דער סיטרא אחרא, און כדי ער זאָל זיך נישט

צעבריקעווען, האָבן זיי אים נייטראַליזירט, לאָזנדיק אים, אין דער פאָרעם פון אַן אַרויסשטאַרצנדיקער קאַלבס־האָר, אַ פיצל אָרט אין די תפילין. עס איז אַן ענין וואָס איך האָב, מיט אַ צוויי דריי יאָר שפּעטער אַ ביסל פּרטימדיקער באַהאַנדלט (אין אַ ויכוח מיט טעאָדאָר רייק אין „פּסיכאָאַנאַליטישע באַוועגונג"). לעווין האָט מיך אויסגעהערט און דער ענטפער זיינער, וואָס האָט זיך אויסגעוויזן שלא ממין הטענה, האָט געטראָפן אין פּינטל: נו, יאָ, אונדזערע חכמים האָבן כביכול געלאָזט לייגן ווייסע תפילין, אָבער אונדז, בשר ודם, האָבן זיי געהייסן לייגן שוואַרצע תפילין, אָבער, חס ושלום, נישט רויטע תפילין.

### ה

ווי עס ווייזט אויס, איז שמואל לעווין נישט געווען, נישט געקענט זיין, אינגאַנצן שווה־בשווה מיט רודאָלף ראָקער, די קשיא איז, ווי ווייט ער איז געווען באַוווּסט, אַז דאָ האָט אַן אַנטשיידנדיקע האַנט די עובדא, אַז ביי ראָקער פירט דער וועג פון תנכישן געראַנגל צווישן גאָט און מענטש צו דער עוואַנגעליע מיט איר לעגענדע פון אַ גאָטמענטש, און ביי לעווין פירט דער וועג פון תנכישן געראַנגל צווישן נביא און פאָלק, צו משניות און גמרא, וואָס זעט דעם אָפּשטאַנד צווישן גאָט און מענטש, וואָס נישט דער שטאָלצער און הויכער פּאַטאָס פון תוכחות, נאָר דער עניוותדיקער קיום המצוה פאַרוואַרפט איבער איר אַ בריק, וועלכע איז אַ יעדע שעה עלול זיך איינצוברעכן, דען נישט אַזוי לייכט האָט זיך דער מענטש אין די הענט, און בשגם בשר הוא איז אַ בפירושער פּסוק, און דאָס אויף דער שוועל פונעם מבול.

און שמואל לעווין איז, אויף זיין וועג אין לעבן און אין דער ליטעראַטור, נישט בלויז געשטאַנען אויף דער שוועל פון מבול, נאָר געפּיבערט אין סאַמע תוך פון מבול, וואָס דער מענטש האָט אויף זיך אַליין געבראַכט. שוין אין דער ערשטער מלחמה, ווען ער האָט דורכגעלעבט דעם חורבן פון זיין שטעטל, האָט ער דערינען געזען נישט בלויז אַן אָנזאָג פונעם מבול, נאָר דעם עצם מבול, אַזוי אַז דער גרעסערער חורבן, וואָס ער האָט דורכגעלעבט, חורבן אייראָפּע, איז פאַר אים אַ המשך פון דעמזעלבן מבול, וואָס צעקריגטע מלכים און זייערע יוצרי משרתים האָבן אים אָנגעהויבן און היטלער מיט זיינע ווייטע און נאָענטע שותפים האָבן אים ווילדער פונאַנדערגעפּלייצט, און אויב דער מענטש וועט נישט שטעלן אַ דאַמבע, וואָס וועט פון זיין אינגעווייד אַרויסטרייבן דעם פינצטערן יצר, וועלכער האָט אַרויפגעבראַכט די מלכים און די היטלערס, וועט דער המשך זיך נישט אָפּשטעלן, און וועט זיך פאַרענדיקן מיטן פאַרלענד פון מענטשלעכן מין, און עס וועט בלייבן בלויז דער מינימאַלסטער פונק לעבן, פון וועלכן עס וועט אויף די חורבות, מיט גרויס מי און מאַטערניש, נעמען שפּראָצן אַ פּאַריתומטער, עלנטער בראשית. און דאָס וווּנדערלעכע דערביי איז, וואָס לעווין האָט שוין אין די בלוטיקע טריט פון דער ערשטער מלחמה, אין איר גרוילעכן חורבן, אַנטיציפּירט דעם בלוטיקערן מאַרש פון דער צווייטער מלחמה און איר גרוילעכערן חורבן, און עס בעט זיך אַ פאַרגלייך צו ביאַליקן, וואָס האָט אין „על

השחיטה" און אין „שחיטה־שטאָט" וועגן קישענעווער פּאָגראָם אַנטיציפּירט דעם גרעסערן כוללדיקן פּאָגראָם, פּונקט ווי עס בעט זיך אַ פּאַרגלייך צווישן ביאַליקס חורבן־וויזיע, וואָס פאַרלענדט דעם מקדש, דאָס פאָלק, די וועלט, לאָזט אָבער בעל כרחו איבער אַ לעבעדיק פלעמל, אַ לעבעדיקע זערנע, וואָס איז ערב דעם אויפקום פון לעבן.

## ו

מיר האָבן שוין דערמאָנט, אַז שמואל לעווין האָט געוווינט אין דייטשלאַנד, ביז היטלער איז געקומען צו דער מאַכט, און ער איז קוים מיטן לעבן אַנטלאָפן, צומערשט זיך געוואַלגערט אין ענגלאַנד און שפּעטער אַריבער קיין אַמעריקע, ווו ער האָט וויזט אויס, זיך אַנגעשטויסן אויף אַ קעלט און אַ גלייכגילט מצד דער סביבה, בעיקר מצד דער יידיש־ליטעראַרישער סביבה, וועלכע האָט פאַרשטאַרקט זיין אָפּגע־שלאָסנקייט, וואָס איז נישט קיין מעלה אין לעבן פון אַ מחבר, אָבער אויך נישט קיין חסרון פאַרן פּראָצעס פון זיין חיבור. און געמיינט איז בעיקר דער גרויסער חיבור זיינער, די טרילאָגיע, ווו די ביאָגראַפיע פון אַ יחיד, דאָס וואָס ער האָט איבערגעלעבט און אָבסערווירט, ברייטערט זיך אויס צו דער ביאָגראַפיע פון אַ כלל, אַ דור. און אויב, זיצנדיק אין דייטשלאַנד, האָט ער פאַרט געזען זיינע כתבים ברשות הרבים, כאָטש לרוב אין פרעמדשפּראַכיקן לבוש, האָט ער דאָ, אין אַמעריקע, פאַר זיין טרילאָגיע קיין פאַרלעגער נישט געקריגן, אַפילו — ווי ער באַטאָנט אין דער הקדמה צום ערשטן באַנד — ווען ער איז גרייט געווען אַליין די הוצאות צו דעקן, ווייל זיין בוך איז נישט געווען אויף דער ליניע פון טעם און נוסח, וואָס איז אָנגעגאַנגען נאָכן גרויסן חורבן.

וואָס מיינט דאָס צו זאָגן — לעווין איז געווען אַ ממשיך פון רעאַליסטישן קוק, ווי ער האָט זיך נאַטוראַליסטיש אויסגעפורעמט, נאָך פאַר דער ערשטער מלחמה ביי א. מ. ווייסנבערג, און האָט זיך נאָך איר גאַר קאָנטיק פאַרשפּיצט ביי זיינע תלמידים, בעיקר אין זייערע ווערק וועגן דער ערשטער מלחמה און אירע נאָכווייען אין יידישן לעבן אין פּוילן, — עוזר וואַרשאַווסקי, פישל בימקאָ און שפּעטער ש. האָראָנטשיק. אָבער שמואל לעווין איז ענלעך צו זיי און אַנדערש פון זיי. ענלעך צו זיי — אויך ער האָט נישט געהאַלטן פון אַן איינזייטיקער ראָמאַנטיזאַציע, ווי זי האָט זיך אויסגעפּיעשטשעט, און האָט זיך קעגן איר מיט הענט און פיס געווערט אויך נאָך דער צווייטער מלחמה, ווען דער ווייטיק און צער פונעם חורבן, האָבן אין דער ליטעראַטור אויסגעבולט, אין אַ נאָסטאַלגישן שיין, דאָס ליכטיקע און העלע, און פאַרבויגן, אַפילו פאַרהילט, דאָס טונקעלע און שאָטנדיקע, און עס האָט זיך געשאַפן אַן אַטמאָספער פון כולם אהובים, כולם ברורים, ווייל כולם קדושים. אַנדערש פון זיי — פּונקט ווי ער האָט אָפּגעוואָרפן דעם כולו זכאי האָט ער אָפּגע־וואָרפן דעם כולו חייב, און ממילא זיך געהיט פאַר דער אַנדערער איינזייטיקייט, וואָס האָט דאָס יידישע לעבן אַנידערגעשטעלט ווי אַ טאָטאַלן ציניזם, און האָט

בפירוש געזען און זיך באַמיט ווייזן ביידע זייטן, און דאָס נישט אין אַן אויסבאַלאַנ־
סירטן חשבון, נאָר אין אַ געשפּאַנטקייט פון זיך באַקעמפנדיקע מענטשלעכע סתירות.
ער האָט אויך אויסגעמיטן אַן אַנדערע איינזייטיקייט, וואָס זעט בלויז די אינע־
ווייניקסטע ייִדישע וועלט אין נישט די אויסנווייניקסטע גוייִשע וועלט, אין וועלכער
מיר האָבן געלעבט. עס איז די וועלט פון דער אַרומיקער ווילדער שנאה, דער
פּוילשער אַנטיסעמיטיזם, וועלכן ער האָט באַטראַכט ווי אַ באַרבאַרישן עלעמענט,
וואָס וואָרצלט אין תהומישן יסוד, און איז אידענטיש מיט דעם דייטשישן אַנטי־
סעמיטיזם, און פאַרהאַלט זיך צו אים ווי אַן אימהדיקער אַנהויב פון אַ זאַווערוכע
צו איר דימענסאָנאַל ריזיקערן און יצרדיקן אימהדיקערן המשך, אָבער ביידע זענען,
אין זייער אַ־מענטשלעכקייט און אַנטי־מענטשלעכקייט, מכוון קעגן דעם גאַנצן מין
האנושי. אָבער פּונקט ווי ער האָט אין דער ייִדישערווירקלעכקייט, מחמת איר
שאָטן, — נישט פאַרזען איר ליכט, און מחמת איר ליכט, נישט פאַרזען איר שאָטן,
האָט ער אין דער כלל־ווירקלעכקייט פון אייראָפּע מחמת דעם אַנטי־מענטשלעכן
שאָטן נישט פאַרזען דאָס מענטשלעכע ליכט, וואָס איז געלעגן דערשטיקט און דער־
דריקט, אָבער נישט אויסגעלאָשן, ווייל דער משיחישער פונק, וואָס די נביאים האָבן
אָנגעצונדן, און וואָס טליעט קודם כל ביים פאָלק, וואָס די נבואה איז זיין אייגענע,
דירעקטע ירושה, טליעט אויך ביי אַלע פעלקער וואָס האָבן זי ווי אַן אומדירעקטע
נחלה איבערגענומען, און דאָס זענען אַלע פעלקער ממש, ווייל דאָס נבואישע, וואָס
האָט זיך תחילת ביים ייִדישן פאָלק אַנטפּלעקט, איז קודם כל דאָס מענטשלעכסטע
אין יעדן מענטשן, אַזוי אַז דאָס פּרי מאַניפעסטע ביי ייִדן איז לאַטענט ביי אַלץ
און אַלעמען, באשר הוא אדם.

ז

דער געדאַנקן־גאַנג, וואָס פלימערט שוין אין זיינע ערשטלינגען, האָט אים
געבראַכט צום סאָציאַליזם, ווי עס האָבן אים רעפּרעזענטירט — קורט אייזנער, און
בעיקר גוסטאַוו לאַנדויער (וועגן אים איז טאַקע לעווינס לעצטער אַרטיקל פאַר
זיין פּטירה), אָבער־אַמאָל אַ דירעקטע נבואה־ירושה — האָט דאָך אייזנער עגקלערט,
אַז ער פאַרווירקלעכט די תורה פון זיין רבין, הערמאַן כהן, און דער קאָנטאַקט פון
לאַנדויער און בובער איז אויך נישט קיין קאַטאַוועס. מען דאַרף אויך נישט פאַר־
טושן לעווינס נטייה צום קאָמוניזם און זיין טראַגישן פּרווו אָפּצושיידן צווישן תוך
פון מענטשלעכן אינטעגראַל און דער קליפּה פון אוממענטשלעכער פּאַסאַדע. מיר
זאָגן טראַגיש, ווייל ער האָט דאָך געזען, ווי ווייט און ווי שנעל די פּאַסאַדע האָט
אויפגעפרעסן דעם אינטעגראַל, און נישט אומזיסט האָט ער פאַראַנקערט אין אַ
געלייטערטן אוטאָפּישן אַנאַרכיזם. ער האָט נישט מורא געהאַט פאַרלאַכט צו ווערן
ווי אַן אוטאָפּיסט, אַ פאַנטאַזיאָר, פּונקט ווי ער האָט נישט מורא געהאַט קריטיקירט
צו ווערן, וואָס ער האַלט נישט פון מאַרקסיזם און נישט פון דיאַלעקטיק, און
באַליידיקט צו ווערן, ווייל ער האָט אָפּגעוואָרפן אַ יעדע עבודת אלילים, און דאַרונטער

אויך די וואָס באַטריבט מיטן פראָלעטאַריאַט. מעגלעך אַז ווען ער וואָלט דעם דאָזיקן זאָג ביזן סוף דערטראַכט, וואָלט ער זיך געפרעגט, אויב האַלטנדיק דעם מענטש בכלל פאַרן העכסטן ווערט, איז ער אויך נישט עובר אויף עבודת־אלילים, אָבער דאָ איז געווען די גרענעץ, וועלכע ער האָט נישט געוואָלט און נישט געקענט איבערטרעטן.

ווייזט אויס, אַז פונקט, ווי ער האָט זיך אין בערלין פולבלוטיקער אויסגעלעבט אין דער סינדיקאַליסטישער באַוועגונג, האָט ער זיך אין ניו־יאָרק אַ סך בלייכער אויסגעלעבט אין קרייז פון דעם רעשטל, בעיקר יידישע, אַנאַרכיסטן, און עס איז אפשר קיין צופאַל נישט, אַז אויף וויפל עס לאָזט זיך רעדן וועגן אַ ממשדיקן אָפּרוף אויף זיין גייסטיקער און קינסטלערישער מי — איז עס געווען די יידיש אַנאַרכיסטישע פרעסע. מיר האָבן געזאָגט: אויף וויפל עס לאָזט זיך רעדן וועגן אַ ממשדיקערן אָפּרוף, ווייל אין דער איבריקער פרעסע האָט זיך אַפילו, פון מאָל צו מאָל, געלאָזט הערן אַן אָפּשאַץ פון דעם אָבער יענעם ווערק, אָבער עס איז געווען ווייט פון דעם, וואָס אַזאַ קאַליידאָסקאָפּ און בפרט אין אַזאַ פאַרנעם, רופט געוויינט־לעך, סיי פּאָזיטיווע סיי נעגאַטיווע, אַרויס אין אַ ליטעראַטור. און יוסף לעפטוויטש איז גריילעך גערעכט, ווען ער זאָגט, אַז אים דוכט זיך, דאָס לעווינס ווערק זענען נישט, ווי עס קער צו זיין אָפּגעשאַצט געוואָרן אין דער יידישער ליטעראַטור.

## ח

אויב מיר ווילן זיך באַקאַנט מאַכן מיטן וועג, וואָס לעווין האָט דורכגעמאַכט ביז צו זיין אויסגעצייטיקסטן בוך, די טרילאָגיע זיינע, מוזן מיר אַ קוק דערלאַנגען אויף זיין כלל שאַפונג. עס ווייזט אויס, אַז אין אַנהויב האָט אים, ווי אויך אַנדערע בני דור, געצויגן צום דראַמאַטישן — צוויי דראַמעס האָט ער נאָך יונגערהייט אַרויס־געגעבן: „אַ שריפה", „פאַר זינד" (1919), שפּעטער איז געקומען דאָס פּאָעטישע, דאָס דערציילערישע און צום סוף די גרויסע דערציילערישע פּאַנאָראַמע. ווי מיר האָבן דערמאָנט זענען נישט ווייניק שאַפונגען זיינע אַרויס פריער אין דייטשישן איבערזעץ, אָדער זענען אַרויס אויך אין יידישן אָריגינאַל. אַזוי, אַ שטייגער, האָט זיך זיין ראָמאַן Und er kehrte heim וואָס איז אַרויס אין טאָוולען (1935), מיט ווערפלס הקדמה, פריער געדרוקט אין המשכים אין דייטשישן האַמבורגער יידישן פאַמיליען־בלאַט, אונטערן נאָמען Bumerang און איז ערשט שפּעטער (1936) אַרויס אין יידישן אָריגינאַל מיטן טיטל: „דער הויפזינגער". נאָך מער, זיין חסידישע נאָוועלע „קעגן הימל", וואָס פאַרמאָגט דעם גרונטיקן קערן פון זיין משיחישן אני מאמין (דריי רביים רייסן איין די הימלען אַז כביכול זאָל אַראָפּשיקן משיחן) איז אין העברעישן נוסח, אַריין אין דער „התקופה" (1923) אָבער איז שוין פריער אין בוך־פאָרעם אַרויס אין דייטשיש, גאָטיש געכתיבעט, אונטערן נאָמען Chasidische Legende, איבערגעזעצט פון אַרנאַ נאַדל, און מיט האָלצשניטן פון פלינצקער יוסף בודקא (בערלין 1921, שפּעטער ווידער אַמאָל אין פּאָטאָסקאָפּיע ציריך 1964), אָבער דער

יידישער אָריגינאַל איז אַרויס ערשט היפשע יאָר שפּעטער (1935). דעסגלייכן די דערמאָנטע מלחמה־פּאָעמע, וואָס מיר האָבן שוין ציטירט איר פינאַל, — זי האָט זיך אַפילו אָמערשט געדרוקט אין המשכים אין „פרייע אַרבעטער שטימע" (1924), אָבער אין בוך־טאָוולען איז זי קודם כל אַרויס דייטשיש אונטערן נאָמען: Daemonen des Blutes („בלוט־שדים") אין אַנאַרכיסטישן פאַרלאַג „דער סינדי־קאַליסט" (1925) און שפּעטער, אין אַן אַנדערער מעטרישער פאָרעם, ווידער אַמאָל צומערשט דייטשיש, אונטער דעם נאָמען Gesichte (דאָס בוך אין זיינע ביידע אויפ־לאַגעס איז פאַרברענט געוואָרן אין היטלערס שייטערהויפן), אָבער דער יידיש־אָרי־גינאַל, האָט דערלעבט אַריין צו קומען אין טאָוולען, אונטערן נאָמען „חזיונות", ערשט יאָרן שפּעטער (1940). אמת, היפּש איבערגעאַרבעט און מיט אילוסטראַציעס פון זיין זון, ישעיהו לעווין (גאָר באַקאַנט איז זיין בוך אַנטי־מלחמהשע צייכנונגען: The Parade, מיט אַן אַריינפיר פון אַלבערט איינשטיין). דוכט זיך, אַז די דוגמות קלעקן אויף אָפּצומשלען דעם דאָזיקן פּאַראַדאָקס, וואָס פאַרמינדערט זיך גישט מחמת דער עובדא, אַז געווען ביכער, וואָס זענען צומערשט אַרויס יידיש, ווי אַ שטייגער אין וואַרשע דער ראָמאַן „געזאַנג פון דורות" (1928), די דראַמע „אין גלות" (1935), וואָס די פּוילישע צענזור האָט זי געאַסרט און מחרים געווען, און אין ניו־יאָרק „געזאַנג פון דורות" (1936), און בעיקר די טרילאָגיע — די ערשטע צוויי בענד דורך דער יידישער ראַציאָנאַליסטישער געזעלשאַפט אין בוענאָס־איירעס: „צווישן צוויי תהומען" (1959), „שוואַרצע בערג און בלויע טאָלן" (1963) דער דריטער אין „המנורה" תל־אביב „וואָלקן־געדראַנג" (1971).

שמואל לעווין האָט נישט דערלעבט צו זען דאָס ווערק זיינס ברשות הרבים, איז עס דאָס פאַרדינסט פון זיין אלמנה, מרת מרים לעווין, אַן עסטרייכיש־שלעזיע געבוירענע אין דייטשיש דערצויגענע, וואָס האָט זיך דערנענטערט צו דער יידישער שפּראַך און ליטעראַטור און האָט נישט געשפּאָרט קיין מי און קיין מיטלען און נישט גערוט, ביז די טרילאָגיע איז אַרויס, סיי אין יידישן אָריגינאַל סיי אין העברעישן איבערזעץ פון דיכטער שמשון מעלצער. איך האָב מיך מיט מרת לעווין געטראָפן, סיי ביי אונדז אין לאַנד סיי אין ניו־יאָרק (ווו איך האָב געהאַט דעם כבוד זי צו האָבן פאַר אַ הערערין ביי די העכערע לימודים פון יידיש־ליטעראַטור ביים „ייוואָ") און איך בין מודה, אַז איך האָב געשטוינט צו זען, ווי ווייט מסירת נפש פאַר אַ גייסטיקער נחלה קען גרייכן. אין פלוג קען זיך דאַכטן אַז נאָך אַזאַ מי, מעג זיך מרת לעווין פאַרגינען אַ קאָפּ רו, דאַגהט זי זיך אָבער וועגן לעווינס עזבון, ווו עס געפונען זיך נאָך נישט אַרויסגעגעבענע דראַמעס, עסייען, לידער און זיין אויטאָביאָגראַפיע.

## ט

ווער עס וועט דורכאַקערן דעם גאַנצן, שוין אַרויסגעגעבענעם און נאָך נישט אַרויסגעגעבענעם מאַטעריאַל, וועט ערשט קענען קלאָר און פול אָפּשאַצן דעם

מענטש אין זיין אויפטו, אָבער אויך דאָס וואָס ליגט פאַר אונדז, און בעיקר די טרילאָגיע, זענען געגוג אויף צו כאַפּן די עיקר־עובדא — דעם פּאַרמעסט אויפצובויען אַ דינאַמיש גרויס־בילד פון אַ דור, וואָס האָט זיך צעווייטיקט געקאָרטשעט אונטערן גזר פון צוויי קאַטאַקליזמען, און בלויז אַ רעשטל האָט זיך פון אים אָפּגעראַטעוועט. און מען דאַרף געדענקען, אַז שמואל לעווין איז געקומען אין דער יידישער ליטעראַטור, ווען זי האָט נאָך קולטיווירט ווי דעם עיקר־אויסדרוק, אין פּראָזע, די נאָוועלע און אירע בעסטע דערציילער זענען געווען נאָוועליסטן, און האָבן זיך שווער אַרויסדערוועגט אויסער איר רעם, און אַ טייל פון זיי, וואָס האָבן זיך געלאָזט אויפן שליאַך פון ראָמאַן, האָבן אין אים נישט דעריאָגט זייער אייגענע מדרגה. און דער חילוק פון די צוויי דרכים איז אַ קאַרדינאַלער — דער זאָג, אַז אַ נאָוועלע איז אַ ראָמאַן־בזעיר־אַנפּין, פּונקט ווי דער פּאַרקערטער זאָג, אַז אַ ראָמאַן איז אַ נאָוועלע־באַנפּין־רברבין, איז אַ שיינער כאַפּ, אָבער פּאָרט נישט מער ווי אַ כאַפּ. נישט בעסער האַלט עס מיטן זאָג, אַז אַ נאָוועלע אַנטוויקלט איינעם פון די אַספּעקטן, וואָס דער ראָמאַן קען אָבער וויל אים נישט מאַכן פאַרן צענטער, און אַ פאַרגלייך צווישן דעם וואָס גאָבסעק שטעלט ברייט און טיף פיר אין באַלזאַקס נאָוועלע, וואָס רופט זיך אויף זיין נאָמען, און צווישן דעם עפּיזאָדאַלן ווינקל וואָס גאָבסעק קריגט אין ראָמאַן וועגן גוריאָ, זאָל דאָס באַשטעטיקן. דען דער חילוק שטעקט ערגעץ אַנדערש און איז עפּעס אַנדערש — אַ נאָוועלע, סיי ווען זי גלויבט, אַז איר טראָפּן קען אָפּשפּיגלען דעם גאַנצן ים, סיי ווען זי ווייסט, אַז זי איז אַ כוואַליעכל צווישן די כוואַליעס אַרום זיך און אונטער זיך, און ערשט מיט זיי איז דער טייך אַ טייך און דער ים אַ ים, ווערט אילוזאָריש, ווען זי רעדט זיך איין צו זיין אַ טאָטאַליטעט. און דאָ איז נישטאָ קיין חילוק צווישן דער קלאַסישער נאָוועלע, וואָס איז געווען אַ געשלאָסן געביי, און איז דעם עלטערן דור געווען נאָנט צום האַרצן — פלעגט דאָך מיין לערער הער פּאָגעל זיך דערמיט דעלעקטירן און זאָגן: אָט אַזוי קען מען טאַקע דורכפירן אַ קעמל דורך אַ לעכל פון אַ נאָדל, און צווישן דעם מאָדערנער נאָוועלע, וואָס איז זיך באַוווסט ווי אַן אין־דער־מיטן אָפּגעהאַקטער פראַגמענט, און איז דעם עלטערן דור געווען ווייט פון האַרצן — מלך ראַוויטש האָט מיר דערציילט אַז זיין מאַמע, מרת הינדע עליה השלום, פלעגט זיך קלאָגן אויף אַזעלכע נאָוועלן און זאָגן: איך ווייס נישט, צי בין איך איינגעשלאָפן אין דער מיט, אָדער דער מחבר איז אין דער מיטן איינגעשלאָפן. על כל פנים איז די נאָוועלע אַ מסופקדיקער אינסטרומענט אויסצושפּילן אַ טאָטאַליטעט סיי אין איר אויפּפראַל, ווי עס האָבן געטאָן די ראָמאַניסטן פון נייַנצענטן יאָרהונדערט, סיי אין איר פונאַנדערפּראַל, ווי עס האָבן געטאָן די ראָמאַניסטן פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, און אַזוי ווי אין דער יידישער טאָטאַליטעט, האָבן זיך אויפּפראַל און פונאַנדערפּראַל געפונען אין ענגסטן שכנות, האָט זיך אונדזער ליטעראַטור נישט געקענט, און במילא נישט געטאָרט באַנוגענען מיט דער נאָוועלע, אַפילו ווען זי האָט זיך אויסגעברייטערט ביז צו אַ כמו־ראָמאַן, ווי מיר האָבן עס אין קאָנטראַ־

ווערסאַל געזעענעם שטעטל פון אַש און ווייסנבערג, אַזוי אַז נאָך דער ערשטער מלחמה, לא כל שכן נאָך דער צווייטער מלחמה, האָט זי ממש געשריען נאָך אַ גרויסן, פילגלידעריקן ראָמאַן, און דער יידישער שרייבער, וואָס האָט דעם געשריי פון זיך אַרויס געהערט, האָט, בעצם, באַדאַרפט אויסטרעטן אַ נייעם וועג, ווי עס פאָדערט דער שוידערלעכער סוזשעט, וואָס האָט נישט זיינסגלייכן אין די אייראָ־פעישע ליטעראַטורן. אָבער אַזוי ווי ער האָט אין זכרון נאָך געהאַט טאָלסטאָי און ראָמען ראָלאַן און פאַר די אויגן שוין קאַפקאַ און דזשויס, האָט ער זיך, סיי לרצונו סיי לכרחו, געלאָזט אויפן וועג, וווּ דער קוק דערמאָנט דאָס ערשטע פּאָרל און די שטימונג דאָס צווייטע פאָרל, — פון דאַנעט דאָס געמיש פון אַ ראַאַליסטישן תוכן און סורעאַלסיטישע כלים, אָדער פאַרקערט. צווישן די סתירות וואַקלען זיך אונדזערע דערציילער — בולטע דוגמות דערצו דיביידע זינגערס, און עס וואַקלט זיך אויך שמואל לעווין.

מעגלעך אַז זיין וואַקל האָט אַ באַזונדערן טעם — ער טראָגט, ווי זיינע בני דור, אין זיך אַ סך פערמענטירנדיקן מאַטעריאַל, וואָס פאָדערט זיך דערציילט צו ווערן, קודם כל פון זיך אַרויס, וועגן אַ ים מענטשן אין געשעענישן, און דער סוסטראַט, די שפע פון איבערלעבונגען, געשעענישן, וויזיעס, רעפלעקסן, וועקט אַ טיפן קאָנ־פליקט — דער קינסטלערישער קאָדעקס פאָדערט אַ צוים, ווייל קונסט באַשטייט דאָך אין דעם וואָס מען קלויבט אָפּ, און לויט מאַקס ליבערמאַן איז קונסט בעיקר דאָס וואָס מען לאָזט אויס, — אָבער דער מאָראַלישער קאָדעקס פאָדערט אַלץ און יעדן, וואָס דער מבול האָט פאַרשווענקט און דערטרונקען, צו ראַטעווען אין וואָרט. און אויב מען מעג זיך באַנוצן מיט אַ משל, איז עס אַ גערעַנגל צווישן אַ מאַוזאָליי, ווו געקליבענע קריגן זייערער מאַסיווע סאַרקאָפאַגן און געטאָקטע רעליעפן, און צווישן אַ בית הקברות, וווּ יעדער קריגט זיין פּה נטמן און זיין מצבה־נוסח. פאַר אַזאַ מין גערעַנגל שטייט אַ יעדער באַשרייבער פון דער יידישער טאָטאַליטעט אין אונדזער דור — מיר האָבן דאָ נישט צו טאָן מיט קריזעס און איבערבראָך, וואָס פאַראַנדערשן די אַטריבוטן פון קיום, נאָר מיט אַ קאַטאַסטראָפע וואָס האָט אָפּגעמעקט די עצם סובסטאַנץ פון קיום, און די שארית הפליטה, וואָס האָט זיך אַרויסגעראַטעוועט צו אַ נייעם אויפקום, איז מחויב מקיים זיין דעם זכור את אשר עשה לך עמלק, צו דערהאַלטן אַלץ, פונעם גרעסטן ביזן קלענסטן, ווי אַ יש, וואָס פאָדערט זיין שאָטן און זיין שפיגל, אויף צו בלייבן אייביק אין זכרון און דמיון פון פאָלק. נאָר אין דעם ליכט מוז מען אָפּשאַצן לעווינס דערגרייכן און שטרויכלען, אין זיין גראַנדיאָזן פרווו אַרומצונעמען די שווי־דערלעכע וואָר פון נעכטן אין דעם נאָך גראַנדיאָזערן פרווו אין דער וואָר, איבער איר און אונטער איר, צו דערהאַלטן דעם טרייסטנדיקן חלום פון מאָרגן.

ירושלים, חשון תשל״א.

קאַפּיטל איינס

# די פאַרוואַנדלונג

## 1

פאַראַן יחידים, ביי וועלכע אַ גייסטיקע פאַרוואַנדלונג קומט אַ מאָל פאָר אַזוי פּלוצעם און די פאַרענדערונג איז אַזוי קלאָר, אַז נישט בלויז זיי אַליין זענען איבערראַשט, נאָר אַפילו זייערע נאָענטע פאַלט די פאַרענדערונג גלייך אויף און זיי זענען פאַרחידושט.

דאָס זעלבע איז געשען מיטן אַדוואָקאַט אַדאַם ווייס, ווען ער איז גייסטיק ניי געבוירן געוואָרן. געשען איז דאָס אין יענער נאַכט, ווען ער האָט נאָך אַלע געשפּרעכן מיט מאַגדאַ אינעם פּאַרק, זי צוגעבריינגט צום טויער פון איר היים און זיך מיט איר געזעגנט. ער האָט זיך דערנאָך אַרומגעשלעפּט איבער גאַסן, האָט אַרומגעהולטייעוועט: אין אַ באַר, אין דער אויסגעלאַסנקייט פון אַ מאַסקנ־באַל, אין אַ טאַנצזאַל און איז צולעצט אַוועק מיט אַ זונה אין אַ האָטעל אַריין. מיטן געבוירן ווערן פון אַ נייעם טאָג אָבער, איז ער געוועזן געבוירן אין אַ ניי גייסטיק לעבן.

דער באַנקיר איגנאַץ ווייס האָט אין אַ געשפּרעך דעמאָלט מיט זיין זון, אים נישט דערקענט. דער אויסגעשריי: „דו, אַדאַם — אַ סאָציאַליסט?! — דו — אַ רעוואָלוציאָנער?" — איז געוועזן נישט בלויז אַ פאַרצווייפלונג, נאָר מער נאָך פאַרוווּנדערונג. געוויס, דער באַנקיר איגנאַץ ווייס איז נישט געוועזן אַזוי נאַיִוו. ער האָט געוווּסט, אַז אַזעלכעס האָט שוין נישט איין מאָל געטראָפן; ס'האָט שוין נישט איין מאָל פּאַסירט, אַז אַ קינד פון נאָך רייכערע עלטערן, אַפילו פון קייסערלעכער משפּחה, איז געוואָרן אַ רעוואָלוציאָנער. נאָר אַז דאָס זאָל טרעפן אויך ביי אים, און געשען זאָל דאָס מיט אַדאַמען — דאָס האָט דער באַנקיר זיך גאָרנישט געקאָנט פאָרשטעלן.

אין באַנקירס הויז האָט דאַן עטלעכע טעג געהערשט אַ שווערע טרויעריקייט, ווי ס'וואָלט דאָרט ווער געשטאָרבן. חוץ דעם באַלעבאָס האָט דעמאָלט דערוויל

קיינער נישט געוווסט וואָס ס׳איז געשען. דאָך האָט נישט בלויז ראָזאַליאַ געזען, אַז פון נאָך דער פּייערונג אָן גייט איר מאַן אַרום אַ שטאַרק געדריקטער, נאָר דאָס גאַנצע הויזגעזינט, אַפילו די דינערשאַפט, האָט דאָס געמערקט. גלייך ווי די געסט זענען זיך צעגאַנגען האָט ראָזאַליאַ דערפילט, אַז איר מאַן איז עפּעס נישט אַזוי הייטער, אַז ער איז עפּעס נישט אין אַזאַ געהויבענער שטימונג, ווי ער פלעגט תמיד זיין נאָך אַ שמחה. איר איז אויסגעפאַלן אַ געוויסע פאַר־ענדערונג אין אים ווען ער איז פאַר דער שמחה נאָך — אַר־יסגעקומען פון אַדאַמס קאַבינעט. נאָר אַרויסקריגן פונעם מאַן וואָס מיט אים איז געשען, האָט זי נישט געקאָנט: ער האָט איר נישט געוואָלט זאָגן די סיבה פון זיין מצב, ער האָט פּשוט נישט געקאָנט אַרויסברענגען פון זיין מויל דאָס, וואָס מיט אַדאַמען איז געשען. ראָזאַליאַ האָט געפּרוווט טרעפן: „איז געשעפטלעך? — גרויסע געלטפאַרלוסטן?״ — אָדער: „איז עפּעס פאָרגעקומען אין דער פּאָ־ליטיק? — אינטריגירט מען הינטער דיר אין דער פּאַרטיי? — האָסטו, גאָט באַהיט, באַקומען אָן אויפפאָדערונג פון אויספאַרשונגס־אַמט?״... נאָר אויף דעם אַלעם האָט דער באַנקיר געענטפערט זיין פרוי: „ניין, ראָזאַליאַ טייערע״. ער איז יעדן טאָג געוואָרן בלאַסער, איינגעפאַלענער, ווייל פונקט ווי ער האָט מיט קיינעמען נישט געקאָנט רעדן וועגן דעם וואָס מיט זיין זון איז געשען, אַזוי האָט ער אויך נישט געקאָנט עסן. איז ראָזאַליאַן איינגעפאַלן: „אפשר גאָר אַן אומגליקלעכע ליבע״? דאָך, דער ווייבלעכער אינסטינקט האָט איר געזאָגט: „ניין״. און זי האָט — אויף איר ווייבלעכן אופן — זיך איבערצייגט, אַז איגנאַץ איז איר געטריי. זי האָט אָבער, אייגנטלעך, גלייך פון אָנהייב אָן זיך אָנגעהויבן משער זיין, אַז איר מאַנס איצטיקער צושטאַנד הענגט אפשר אויף אַ געוויסן אופן צוזאַמען מיט אַדאַמען. האָט זי זיך פאַרגענומען צו רעדן מיט איר זון; אָבער זי האָט אים כמעט נישט געזען: ער איז אַציגד אַהיימגעקומען שפּעט ביי נאַכט און אַוועקגעגאַנגען איז ער גאַנץ פרי. אַזוי יעדן טאָג. און האָט זי אים יאָ אַ מאָל געפּאַקט און געגומען אויספרעגן, געפּרוווט פאַרפירן מיט אים אַ געשפּרעך, האָט ער זיך יעדעס מאָל אַרויסגעדרייט פון איר און זי איז פונעם זון גאָרנישט געוואָר געוואָרן. אויף קיין לאַנגע געשפּרעכן האָט ער זיך מיט דער מוטער נישט געוואָלט אַריינלאָזן, ער האָט איר יעדעס מאָל געזאָגט, אַז ר׳האָט נישט קיין צייט און די ענטפערס, וואָס ער האָט איר געגעבן אויף אירע פראַגעס, זענען תמיד געווען שפּאַסיקע. האָט ראָזאַליאַ באַשלאָסן: איר זון איז אַוודאי אומגליקלעך פאַרליבט.

די איינציקע, וועלכע איז כמעט גלייך געקומען אויף די שפּורן פון דער טראַגעדיע אינעם הויז, איז געווען סוזאַנאַ. האָט זי דאָך אין יענעם פרימאָרגן, נאָך איידער דער פאָטער איז אַריינגעקומען צו אַדאַמען, דערקענט, אַז מיט איר ברודער איז עפּעס פאָרגעקומען. אָבער אויך זי, פונקט ווי די מוטער, האָט צוערשט געגלייבט, אַז אַדאַם איז אומגליקלעך פאַרליבט. זי איז אַפילו געווען אייפערזיכטיק. ס׳האָט אָבער נישט לאַנג געדויערט און זי האָט אָנגעהויבן

צווייפלען אין דעם וואָס זי האָט זיך משער געווען. זי האָט דאַן געטראַכט, אַז איר ברודער שטייט אַוודאי פאַר עפּעס אַ שווערער פראַגע און ער ווייסט נישט וואָס צו טאָן. דערקענענדיק אינעם פאָטער, אַז ער ווייסט וואָס מיט אַדאָמען קומט פאָר, האָט זי גענומען שפּיאָנירן ביי אים, אים מאַטערן מיט כלערליי פראַגעס — און מיט קושן און צערטלען דאַביי — ביז זי האָט כמעט אַרויס־באַקומען דעם סוד פון אים. נאַטירלעך, קלאָר האָט דער פאָטער זיין יונגער טאָכטער נישט געזאָגט, ער האָט בלויז געלאָזט פאַלן אַ מין אָנדייטונג דורך דעם משל מיט דער הון וואָס האָט אויפגעבריט ענטלעך... אָבער דאָס איז פאַר סוזאַנאַן געווען גענוג. זי האָט דאַן גענומען אָפּוואַרטן דעם ברודער, כדי מיט אים צו רעדן, פון אים אַרויסצוקריגן, וואָס זי האָט געוואָלט וויסן. זי איז אויפגעבליבן ביז שפּעט אין דער נאַכט, ביז זי איז איינגעשלאָפן און די גוּר־ווערנאַנטקע האָט זי יעדעס מאָל אַ שלאָפנדיקע אַריינגעלייגט אין בעט. צו מאָרגנס האָט סוזאַנאַ זיך אויפגעכאַפּט פרי, איז אַריינגעלאָפן צום ברודער, אָבער זי האָט אים נישט געטראָפן: ער איז שוין נישט געווען אין דער היים. נאָר איין מאָל האָט זי אים דאָך געכאַפּט. קלאַראַ האָט איר דאַרין געהאָלפן. זי האָט ביי דער גוווערנאַנטקע געפּועלט, זי אויפוועקן ווען דער ברודער וועט אויפשטיין. „אויב כ'וועל נישט וועלן — ווייל כ'וועל זיין פאַרשלאָפן — זאָלסטו מיר, קלאַראַ געליבטע", האָט זי איר געגעבן אַן עצה, „געבן 2 געזונטע פעטש, איין פּאַטש אין דער רעכטער און דעם צווייטן אין דער לינקער באַק! האָב קיין מורא נישט, איך אַליין הייס דיך דאָך... און אַז דאָס וועט אויך נישט העלפן — גיב אַ כליאָפּ אין מיין פּנים אַריין אַ גלאָז קאַלט וואַסער, אַ גאַנץ גלאָז, אַ טאָפּ!"

און סוזאַנאַ האָט פונעם ברודער כמעט אַלץ אַרויסבאַקומען. געוויס, ער האָט איר נישט געזאָגט, אַז ער איז געוואָרן אַ סאָציאַליסט; אָבער ער האָט געפּרוווט איר אָנצווייזן — גאַנץ פאַרזיכטיק און גאַנץ אויבנאויפיק — דערויף, אַז: „אַ סך, אַ סך מענטשן, די מייסטע — וואָס אַרבעטן שווער, זייער, זייער שווער — האָבן כמעט נישט קיין ברויט צו דער זעט, קיין טרוקן ברויט; זיי וווינען אין שרעקלעכע דירות, אין פינצטערע קעלערס. די קינדער פון די דאָזיקע אָרעמע מענטשן ווייסן אַפילו גאָרנישט פון דעם אַלעם שיינעם און גוטן, וואָס דו, סוזאַנאַ, האָסט. די דאָזיקע קינדער קריגן נישט קיין מילך, קיין איי, קיין פּוטער; זיי עסן אַ שטיקל שוואַרץ ברויט, אַ ביסעלע קאַרטאָפליע. דאָס איז פאַר זיי שוין אַ גליק. זיי האָבן נישט וואָס אָנצוטאָן. ווינטער איז זיי קאַלט. ער האָט איר אָנגעוויזן אויף דער דינסט: „זע ווי שווער זי אַרבעט! זי שטייט אויף גאַנץ באַגינען און גייט שלאָפן גאָר שפּעט. און די אַנדערע דינערשאַפט? — דער סטרוזש וווינט מיט דער פרוי און זייערע 6 קינדער בלויז אין 1 שטוב, אין קעלער".

סוזאַנאַ האָט באַקומען טרערן אין די אויגן. זי האָט געבעטן אַדאָמען, אַז ער זאָל זי פירן צו די דאָזיקע אָרעמע מענטשן: זי וועט מיטנעמען אַלע אירע זאַכן, אַלע אירע קליידער און די מאַנטלען און די שיך און די זאָקן און די

העמדער — אַלץ וועט זי אַוועקגעבן די אָרעמע קינדער. זי וועט ביים טאַטעשי נעמען געלט, ביי דער מאַמעשי, אויך איר געלט, וואָס זי האָט אין קאַסעלע — זי וועט עס עפענען און פון דאָרט אַרויסנעמען אַלץ — און אַוועקגעבן די אָרעמע מענטשן. „פון איצט אָן", האָט זי געזאָגט צום ברודער, „וועל איך קלאַראַן העלפן ביי דער אַרבעט. כ'וועל זאָגן דעם טאַטעשי, אַז ער זאָל דעם סטרוזש געבן אַן אַנדערע דירה. אַ בעסערע".

אַדאַמס אויגן האָבן גענומען שטאַרק גלאַנצן: זיי זענען אָנגעפילט געוואָרן מיט טרערן. ער האָט זיין קליינער שוועסטער געגעבן אַ הייסן קוש אויף איר שיינעם, קינדערישן שטערן.

2

אויף צומאָרגנס נאָך דער פייערונג (מאָנטיק) איז אַדאַמען געווען שווער צו גיין צו דער אַרבעט. דאָס געפיל אין אים האָט זיך געווערט, נישט אַזוי קעגן דער אַרבעט גופא, וואָס איז אים ביים אַדוואָקאַט אייגער געווען נישט צום האַרץ, נאָר מער קעגן דער אַטמאָספער אין דער קאַנצעלאַריע. אָבער אויך וועגן זיין פאַך איז אין אים פאָרגעקומען אַ געוויסע ענדערונג. יוריספּרודענץ איז אים קיין מאָל נישט געווען באַזונדערס ליב; ביים אויסוויילן אָבער וואָס צו שטודירן איז אים געבליבן בלויז דאָס איינע: צו ווערן אַן אַדוואָקאַט. מעדיצין? — די פאָרשטעלונג צו סעצירן אַ טויטן מענטש האָט אים אָפּגעשטויסן. אינזשענירעריי איז אים אַפילו נישט געקומען אויפן געדאַנק. פילאָזאָפיע האָט ער באַטראַכט פאַר בטלנות. אייגנטלעך האָט אים דעמאָלט קיין שום וויסנשאַפט נישט אינטערעסירט. אָבער ער האָט דאָך געמוזט עפּעס שטודירן — איז געבליבן יוריספּרודענץ.

נאָכן געווינען אָבער דעם ערשטן באַדייטנדיקן פּראָצעס — ער האָט כמעט געראַטעוועט זיין קליענט, יעקב ליכטענבערג פון טויט, און די פּרעסע האָט וועגן דעם געשריבן — האָט ער זיין פאַך אָנגעהויבן מער אַכטן. פון דעמאָלט אָן האָט זיין פאַרלאַנג צו העלפן מענטשן, זיי צו פאַרטיידיקן ביים געריכט, זיי צו ראַטעווען פון שטראָף — דער דאָזיקער ווונטש האָט אין זיין האַרץ אָנגעהויבן ווערן אַלץ שטאַרקער. אָבער ער האָט דאָס זייער שווער געקאָנט טאָן ביי זיין שעף, באַזונדערס שווער, אָדער כמעט לגמרי נישט, ווייל ער האָט געאַרבעט אונטער דער אַפּוטרופּסות פון דעם מיאוסן משומד און ביטערן רעאַקציאָנער פראַנץ קרזשעטשאַנאָווסקי, דעם שעפס זון. בכלל איז ביי דעם באַרימטן יאַנוש אייגער אַלץ געווען בלויז געשעפט, די קליענטעלע איז באַשטאַנען כמעט דורכויס פון סוחרים, פאַבריקאַנטן, אונטערנעמער, הייזערבאַזיצער.

נאָר געווען איז נאַטירלעך אַ צווייטע סיבה, פאַר וואָס אַדאַמען איז אַצינד געווען שווער צו גיין צו זיין אַרבעט: מאַגדאַ. נאָכן געזעגענען זיך מיט איר אין יענער נאַכט פאַרן טויער פון אירע עלטערן, האָט ער געטראַכט, האָט זיך

אפשר גאָרנישט געענדערט; ווען זי איז פון אים אַוועקגעגאַנגען האָט ער דער־פילט, אַז אַדרבא, אַז זיין ליבע צו איר איז אפשר גאָר נאָך שטאַרקער, ווי ער האָט די גאַנצע צייט פריִער געמיינט: ס׳איז אים געקומען צום באַוווסטזיין, ווי איינזאַם ער פילט זיך אָן איר. ער האָט זיך די גאַנצע נאַכט דעמאָלט אַמוזירט; אָבער ער האָט זיך אומעטום, אַפילו אינעם יידישן טאַנצזאַל, געפילט איינזאַם אָן מאַגדאַן. און ער האָט געפילט, אַז פונקט אַזוי שטאַרק ליבט זי אים. און דאָך האָט דער באַרג, וואָס האָט אָנגעהויבן אויסוואַקסן צווישן זיי אויפן שפּאַציר־גאַנג אינעם פּאַרק, אָנגעהויבן ווערן אַלץ העכער, אַ באַרג נישט אַרומצוגיין און נישט אַריבערצוקלעטערן. דער באַרג איז באַשטאַנען פון אָט־די 2 עלעמענטן: דאָס, וואָס מאַגדאַ האָט פאַרלאַנגט פון אים אַז ער זאָל זיך שמדן און דאָס מיאוסע געפיל, וואָס זי האָט אין אים אַרויסגערופן דורך דעם דערמאָנען דעם נאָמען פונעם גראַף קאַטאָווסקי. דער געדאַנק פון טוישן איין רעליגיע אויף אַ צווייטער האָט אים אָפּגעשטויסן. ווי אַ שמוציקע קרעמעריי מיט גאָט איז אים דאָס פאָרגעקומען, אַ קרעמעריי צוליב קאַריערע; ווי פון דעם גבֿזהדיקן קזשעטשאַנאָווסקי, וואָס האָט זיך געשמדט 2 מאָל; אָדער ס׳איז ווי אַן אַנטלויפן פונעם פאָלק, פון וועלכן ער שטאַמט, ווייל מ׳וויל זיך באַפרייען פון די ליידן, וואָס דאָס דאָזיקע פאָלק האָט אויסצושטיין צוליבן אַנטיסעמיטיזם. דאָס מיינט: פאַרראַטן דאָס אייגענע פאָלק, אַריבערגיין צום שונא. דאָס מיאוסע געפיל, וואָס דער נאָמען „קאַטאָווסקי" האָט ביי אים אַרויסגערופן, איז פאַר־שטאַרקט געוואָרן ווען מאַגדאַ האָט אים געזאָגט, אַז דער גראַף מיט זיין פאַמיליע קומען צו „קאָלאַציע". אין זיין האַרץ האָט ביסלעכווייז זיך גענומען אַריינגנבֿענען אַ חשד, אַז דער יונגער גראַף איז פאַרליבט אין מאַגדאַן און אַז דאָס קומען פון דער פאַמיליע קאַטאָווסקי צום אָוונטברויט איז וועגן שידוך. אַדאַם האָט דעם דאָזיקן חשד פון זיך געטריבן, אָבער דאָס געפיל פון אייפער־זוכט האָט גענומען פּיקן אין זיין האַרץ, ווי דער שוואַרצער פויגל, דער „פּיקהאָלץ", פּיקט מיט זיין שאַרפן שנאָבל אין אַ געזונטן בוים.

אַדאַם ווייס וואָלט אין יענעם טאָג נישט געוואָלט געגאַנגען צו דער אַרבעט, ער וואָלט טעלעפאָנירט דעם שעף און אים געזאָגט אַ תירוץ, אַז ער קאָן נישט קומען, כאָטש ער האָט נישט ליב געהאַט צו זאָגן קיין ליגנערישע תירוצים. אָבער דער שעף איז ביי דער פייערונג געווען באַזונדערס צוגעלאָזן צו אים און ביים אַוועקגיין, דריקנדיק מיט אַ מין פאָטערלעכע ליבע זיין האַנט, אים געזאָגט: „מיר זעען זיך מאָרגן ביי מיר אין קאַבינעט"... דער יונגער אַדוואָקאַט האָט זיך אָנגעשטויסן, אַז דער אַלטער וויל אפשר מיט אים רעדן וועגן מאַגדאַ — אַזוי האָט אים דאָס האַרץ געזאָגט...

3

זעלטן, חוץ ווען ס׳האָט שטאַרק גערעגנט, איז אַדאַם ווייס געפאָרן צו דער אַרבעט. ער איז שטענדיק געגאַנגען, הגם פון זיין היים ביז אין דער קאַנצעלאַריע

איז געווען אַ מהלך רב. אין יענעם טאָג איז דאַצו נאָך געווען שיין: דער ערשטער פראָסט, נישט קיין שטאַרקער, די לופט טרוקן, דער הימל בלוי. איבערן גאַנצן וועג האָט אים נישט אָפּגעלאָזט דער געדאַנק וועגן דער ענדערונג וואָס אין אים איז פאָרגעקומען. אַפילו פאַר אים אַליין איז עס געווען מערקווירדיק, וואָס ער איז אַזוי פּלוצעם, טאַקע ווי איבער נאַכט, געוואָרן אַ סאָציאַליסט. ער האָט געזוכט די סיבות פון דער דאַזיקער ענדערונג, געגריבלט אין זיך, איז ווידער בעגאַנגען צוריק צו זיין קינדהייט (אַזוי ווייט ווי ער האָט זיך נאָר געקאָנט דערמאָנען) און נישט געקאָנט געפינען גענוג אורזאַכן פאַר דער דאַזיקער ראַדיקאַלער ענדערונג אין זיך. אַלע סיבות וואָס ער האָט אין זיין געדאַנק צונויפגעזוכט, זענען נישט געווען גענוג צו דערקלערן די דאַזיקע געשעעניש. ער האָט געטראַכט וועגן זיינע עלטערן, וועגן דעם כאַראַקטער און די פּערזענלעכקייט פון זיין פאָטער און פון דער מוטער, פונעם ברודער און פון דער עלטערער שוועסטער; אָבער אויך זיי האָבן אים קיין שליסל צו זיין פאַרענדערונג נישט געגעבן. אינעם פאָטער איז דער חוש פאַר געשעפט, פאַרן גינסטיקן מאָמענט, געווען אויסגעבילדעט, ווי דער חוש ביי אַ חיה צו פלייש — ווי געווינלעך דער געלט־חוש ביי אַ באַנקיר. דער ציוניזם? — דאָס איז געווען נאַציאָנאַלער אידעאַליזם פון בחורווייז, פּשוטער נאַציאָנאַליזם, וואָס איז מייסטנס גוטער פּראָפיט פאַרן געשעפטסמאַן... ס׳איז אַ געוויסער פּיל, אויך אַ מיטל צו דער מאָנאָטאָנקייט און לאַנגווייליקייט וואָס קומט פון רייכטום. אַזוי האָט דער נאָר־וואָס געוואָרענער סאָציאַליסט געטראַכט.

נאָר אַדאַם ווייס האָט זיך נישט געקאָנט באַרויקן: „עפּעס ירושהדיקס מוז דאָך זיין די סיבה פון מיין דאַזיקער ענדערונג”. ס׳איז אים געווען קלאָר, אַז זיין אידעאַל איז נישט גלאַט עפּעס אַ קאַפּריז פון אַ מיליאָנערסקן יונגענמאַן, אַ צייטפאַרטרייב וואָס וועט באַלד פאַרשווינדן, אָדער אינטעלעקטועלע שפּעקולאַציע, צי אַ געוויסער סענטימענט. ניין, דאָס אַלץ נישט. ער האָט געפילט ווי שטאַרק ער איז באַהערשט פון דער סאָציאַליסטישער אידעע, ווי ליידנשאַפטלעך זי גליט אין אים. דאַביי האָט ער געמוזט דענקען וועגן דער קליינער סוזאַנאַ: ווי שטאַרק דער ציוניסטישער אידעאַל גליט אין איר, נאָך כמעט קינדערישן האַרץ! — — —

ער איז געקומען אויפן געדאַנק נאָכצוטראַכטן וועגן זיינע זיידעס און באָבעס, וועגן די נאָענטע און ווייטע קרובים פון די עלטערן. אויף אַ קאַשטאַנענבוים קאָנען דאָך נישט פּלוצעם אָנהייבן וואַקסן פּאָמעראַנצן... פון אַ היבערישן אייי קומט נישט אַרויס קיין אָדלער...

דער יונגער אַדוואָקאַט האָט זיך פאַרגענומען איבערצורעדן מיט די עלטערן וועגן זיינע און זייערע זיידעס און באָבעס, וועגן זייערע ברידער, שוועסטער, פעטערס, און מומעס און נאָך ווייטערע קרובים. מיטן דאַזיקן געדאַנק איז ער צוגעקומען צום הויז, אין וועלכן ס׳איז געווען די קאַנצעלאַריע, ווו ער האָט געאַרבעט. ער האָט אַ דריק געטאָן דאָס ווייסע קנעפּל ביי דער טיר און געוואַרט

אפשר אַ מינוט. ווי שטענדיק האָט אים דאָס זעלבע מיידל געעפנט און אים באַגריסט מיט אַ פריינדלעכן גוטמאָרגן.

אַדאַם ווייס איז געקומען גאַנץ פּינקטלעך. דאָס גרויסע וואַרטצימער איז אָבער שוין געווען פול מיט קליענטן. ער איז אַריינגעגאַנגען אין זאַל, וווּ ס׳האָבן זיך פאַרזאַמלט אַלע אַדוואָקאַטן, איידער זיי זענען זיך צעגאַנגען אין זייערע אַרבעטסצימערן, כדי דאָ צו זאָגן דעם שעף גוט מאָרגן און צו הערן פון אים דעם סדר־היום. דאָ האָט יעדער באַקומען זיין אַרבעט און אַלגעמיינע אָנ־ווייזונגען. די אַדוואָקאַטן האָבן געפלוידערט צווישן זיך, דערציילט וויצן, טשיקאַ־ווקייטן, נייעסן. אויך דער באַרימטער יאַנוש אייגער האָט דאָס ליב, ער האָט ליב אַ גוטן, שאַרפזיניקן וויץ, צו מאַכן אַ בייסנדיקע באַמערקונג וועגן אַ פּאָ־ליטיקער און זאָגן אַ טיפזיניקע מיינונג וועגן אַ נייער רעגירונגס־פאַראָרדענונג. ער רעדט שנעל און נישט הויך, מיט זיינע גאַרגלדיקע רישן חיתן, נאָר דער אַדוואָקאַט וואַכאַלדער האָט אַ טבע נישט צו וועלן פאַרשטיין דעם טיפערן זין פון זיין באַרימטן קאָלעגעס רייד און ווידערשפּרעכט אים אין אַלץ וואָס ער זאָגט. און ער זיגט, וועגן זיין קול וואָס שטעכט אַזש אין די אויערן, און ווייל דער שעף וויל מיט אים נישט פּאָלעמיזירן, נאָר וואַרפט אויף אים אַ קליין קוקעלע פון זיין פאַרזשמורעט אייגל און באַהאַלט דאָס איראָנישע שמייכעלע, וואָס האָט זיך פאַרגנבעט אינעם לינקן ווינקל פון זיין מויל. נאָר היינט האָט דער אַדוואָקאַט וואַכאַלדער גאָר באַזונדער נישט געוואָלט פאַרשטיין זיין שעף, ווייל ער האָט נעכטן, בעת דער פייערונג ביים באַנקיר און באַרימטן ציוניסט איגנאַץ ווייס, בייזוויליק (לויט זיין מיינונג) פאַרדרייט די יידישע געשיכטע. דער מיט האַרץ און נשמה איבערגעגעבענער ציוניסט און יורידישער בעל־יועץ אין דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע איז שוין געווען גרייט דעם אַסימילאַטאָר אצינד נאָך אַ מאָל צו באַווייזן זיין עם־הארצות אין יידישער געשיכטע. ער איז אָבער געשטערט געוואָרן, ווייל ס׳איז פּונקט אַריינגעקומען דער קאָלעגע ווייס. דער שעף האָט היינט זיין ליבלינג באַגריסט גאָר באַזונדערס פריינדלעך. ער האָט אים לאַנג און וואַרעם געדריקט די האַנט און דאַביי געעפנט דאָס שטענדיק פאַרזשמורעטע אויג. „טייערער ווייס געווען ביי אייך נעכטן!...״ האָט דער „פוקס״ דאַמיט געחוזקט פון זיין קאָלעגע וואַכאַלדער. „טייערן ווייס האָט פּאַלעסטינא!... און סאַרע פּאָמעראַנצן!... און די מאַנדלען... און די ראָזשינקעס... און די טייטלען״...

די עטלעכע מינוט פלוידערן און זיך וויצלען האָבן זיך געענדיקט. דער שעף האָט געגעבן זיינע אַסיסטענטן אָנווייזונגען, ווי אָפּצושלאָגן יורידיש די נייע פינאַנץ־פאַראָרדענונגען פון דעם אַנטיסעמיטישן פינאַנץ־מיניסטער, וועלכע זענען כמעט געווען אַלע געווענדט קעגן יידישע סוחרים און אונטערנעמער און געזאָגט: „מען מאַכט זיי אַלערליי שוועריקייטן ביים אַרויסגעבן האַנדלספּאַטענטן, מ׳קאַלקולירט זיי די שטייערן אַזוי, אַז זיי קומט אויס צו צאָלן 3־4 פאַך ווי די קריסטלעכע געשעפטסלייט. דמאָווסקיס אַנטיסעמיטישע צייטן, זיין מיאוסער

יידנהאַס האָט אויף ס'ניי זיך צעפלאַקערט אין אונדזער פויליש פּאַטערלאַנד". דאָס לעצטע האָט דער גרויסער פּאַטריאָט און פאַנאַטישער אַסימילאַטאָר געזאָגט מיט ווייטיק.

עטלעכע האָבן ווי געקרעכצט: דאָס אַנטיסעמיטישע לידל פון 1911, „סוואָי דאָ סוועגאָ" איז אויפגעשטאַנען תחית המתים אין די וואַרשעווער גאַסן: זיי האָבן אַרויסגענומען פון זייערע פּאַרטפעלן אַנטיסעמיטישע מאַרגנצייטונגען און געוויזן פאַרשידענע יידנהעצערישע אַרטיקלען. „און דאָס גראַד אין דער צייט", האָט איינער באַמערקט, „ווען דאָס לאַנד איז אַזוי אויסגעבלוטיקט נאָך דער לאַנגער קנעכטשאַפט אונטער די פרעמדע מלוכות און נאָך דער שרעקלעכער מלחמה. אַצינד אַנטיסעמיטיזם, נאָך דעם ווי מיר יידן האָבן פאַרגאָסן אונדזער בלוט פאַרן פּאַטערלאַנד און איצט ווילן מיר מיטהעלפן מיט אַלע אונדזערע כוחות ביים שטעלן דאָס לאַנד אויף די פיס". אַ צווייטער האָט אָנגעוויזן: „מ'האָט איינגעלאַדן יידישע פאַרשטייער אויף אַ קאָמערציעלער באַראַטונג. זיי האָבן דעם מיניסטער איבערגעגעבן אַן אויסגעאַרבעטן פּלאַן ווי צו אַנטוויקלען דעם האַנדל און די אינדוסטריע. און אָט איז דער דאַנק"...

דער אַדוואָקאַט וואַכאַלדער האָט טריאומפירט.

דעם אַלטן אייגערס פּלייצעס האָבן זיך איינגעבויגן. ער האָט געפרעגט אַדאַמען, צי ער וואָלט נישט געוואָלט בעסער זיך ספּעציאַליזירן אין פינאַנץ־ענינים: „איר וועט אַרבעטן זעלבסטשטענדיק, קריגן אַן אייגן צימער". דאָס לעצטע איז געווען אַ לעקעכל, וואָס דער „פוקס" האָט געלאָקט זיין ליבלינג. ער האָט געוווּסט, ווי שטאַרק דער יונגער אַסיסטענט וויל זיך באַפרייען פון זיין געשמדטן זונס אַפּוטרופּסות. נאָר דער יונגער אַדוואָקאַט האָט אָפּגעזאָגט: „ליידער נישט. פינאַנץ־ענינים אינטערעסירן מיך נישט. מיר וואָלטן שוין ליבער געווען צו פאַרטיידיקן אַ גנב, איינעם וואָס האָקט אויף אַ שלאָס פון אַ באַנק, ווי צו פאַרטיידיקן אַ באַנקיר, וואָס ער איז אָנגעקלאָגט פאַר פאַרברעכערישע מאַניפּולאַציעס. איבעריקנס — איך וויל מיך ספּעציאַליזירן אין פּאָליטישע פּראָצעסן".

דער אַדוואָקאַט וואַכאַלדער האָט אויסגערופן: „אַ־אַ־אַ"... ער האָט אין דעם „אַ־אַ־אַ" אַריינגעלייגט אַ סך באַדייטונג.

דער שעף האָט אָנגענומען זיין ליבלינג ביי אַ האַנט און אים מיטגענומען מיט זיך אין קאַבינעט.

4

ס'איז געקומען דאָס, אויף וואָס אַדאַם ווייס האָט זיך געריכט.

דער אַלטער האָט נישט אָפּגעלאָזט זיין ליבלינגס האַנט. ער האָט זי נאָך אַלץ געהאַלטן אין זיין קורצער, פליישיקער, וואַרעמער האַנט. די וואַרעמקייט האָט אַצינד וויברירט. אַדאַם האָט אַראָפּגעלאָזט זיינע גרויסע, בלויע, כמעט מיידלערישע אויגן.

דער גערייבענער יוריסט, וועלכער האָט כמעט קיין מאָל נישט געוווּסט פון קיין פאַרלעגנהייט אין די שווערסטע סיטואַציעס ביי זיין פאַך, וועלכער האָט שעהענלאַנג געקאָנט האַלטן פאַרטיידיקונגס־רעדעס פאַר ריכטער ווען דער געריכטסזאַל איז געווען פול מיט מענטשן, ער, דער „פוקס", וואָס האָט געקאָנט דעם קלוגסטן אַריינגאַרן אין אַ זאַק — ער האָט אַצינד נישט געקאָנט אַרויס־ברענגען די ווערטער, וואָס ער האָט געוואָלט זאָגן אַ יונגעמאַן. דאָס קליינע יידעלע איז אַצינד אויסגעקומען נאָך קלענער, זיינע פּלייצעס איינגעבויגן ווי אונטער אַ שווערע משׂא. דער גרויסער קאָפּ, כמעט אין גאַנצן גאָל און ראָזאַ־געל, גלאַנצנדיק ווי פּאָלירט, מיט דעם שוואַרץ־גרויען האָרקראַנץ פון איין אויער ביזן אַנדערן, ביים נידעריקן, ברייטן נאַקן — דער דאָזיקער הערלעכער, קלוגער קאָפּ איז אַצינד געווען איינגעזונקען צווישן די אַקסלען פון דעם זייער ברייטן, אַטלעטישן רוקן. נעבעכדיק האָט אַצינד אויסגעזען דאָס שפּיציקע בייכל פון דעם גרויסן עולם־הזהניק. דער געוואָלדיקער שטערן האָט זיך גערונצלט.

פאַן יאַנוש אייגער האָט אָוועקגעזעצט זיין אַסיסטענט אין אַ ברייטן פאָטעל און פאַררויכערט אַ גרויסן, דיקן, שוואַרצן ציגאַר. זיך איינהילנדיק אין אַ בלוי־גרויען וואָלקן רויך, האָט ער, מיט איינפאַך מענטשלעכע ווערטער, נאָר סקעפּ־טיש ווי אַ גרויסער חכם, גענומען רעדן וועגן די באַרירטע פּראָבלעמען דורך די קאָלעגן פּריזער. ער האָט גערעדט וועגן פּוילן, זיין געליבט פאָטערלאַנד, און אויסגעדריקט זיין וויטיק איבער דער פּאָליטיק פון דער רעגירונג: „זי פאַר־שטייט נישט, אַז ס'מוזן געמאַכט ווערן די ברייטסטע סאָציאַלע און פּאָליטישע רעפאָרמען. ס'טאָר נישט בלייבן קיין סימן פונעם פעאָדאַליזם. די ערד מוז צעטיילט ווערן צווישן די אָרעמע פּויערן. דאָמיט וואָלט אויף אַ גרויסן מאַסשטאַב דערגרייכט געוואָרן — מיט איין מאָל — צוויי פון די וויכטיקסטע פּונקטן, וואָס זענען בייטיק פאַר דער עקזיסטענץ־מעגלעכקייט און אַנטוויקלונגס־פעיקייט פונעם לאַנד: די גוטסבאַזיצער, דער שטאַרקסטער און רעאַקציאָנערסטער קלאַס, וואָלט פאַרלוירן זיין כוח, און דאָס פּויערנטום, 70% פון דער באַפעלקערונג — דער אייגנטלעכער פונדאַמענט פון פּוילנס עקאָנאָמיק — וואָלט באַקומען די מעג־לעכקייט אַריינצוגיסן פריש בלוט אין די אָדערן פונעם אויסגעבלוטיקטן פאָטער־לאַנד. שטאָט דעם טייערן לעבנסנייטיקן זאַפט אָבער גיסט זיך דער אַנטיסעמי־טיזם, דער סם, וואָס וועט צעפרעסן און טויטן דאָס לאַנד. און די סאָציאַליסטן...

דער פאַרהילטער אינעם רויכוואָלקן האָט פּלוצעם אָפּגעהאַקט. נישט וועגן פּאָליטיק האָט ער דאָך אַצינד געוואָלט רעדן, נישט וועגן דעם האָט ער מיט־געברענגט מיט זיך דעם ליבלינג זיינעם. אויך האָט ער געמערקט, אַז דער זיצנדיקער אינעם פאָטעל אים קעגנאיבער וואַרט דערויף, וואָס ער וויל אים זאָגן, ער אָנט, אַז דאָס געשפּרעך אַצינד דאַרף זיין וועגן אַן אינטימען ענין. דעריבער רויכערט ער זיינע דיגע פּאַפּיראָסלעך, אַזוי איינס נאָכן אַנדערן און שווייגט. נאָך אַ ווײַלע שטילקייט, בעת דער בלוי־גרויער רויכוואָלקן פון דער לאַנגן, דיקן, שוואַרצן ציגאַר איז געוואָרן אַלץ געדיכטער, האָט דער אַלטער

בענומען רעדן מיט וואַרעמען ציטער אינעם קול אומקלאָרע, אָפּגעריסענע ווער־טער, וואָס האָבן געהאַט אין זיך אומגעפּער דעם דאָזיקן באַדייט: דו קאָנסט ראַטעווען מיין איינציקע טאָכטער, מיין קינד, וואָס איז מיר טייערער ווי אַלץ וואָס איך פאַרמאָג, אַפילו פון מיין גרויסן נאָמען, מיין באַרימטקייט, און אַפילו די גרויסע און דערהויבענע גייסטיקייט מיינע, וואָס איך שעץ מער ווי מיין עשירות און אַפילו מער ווי אַלע עולם־הזהדיקע תענוגים, וואָס איך האָב אַזוי ליב. דו קאָנסט זי ראַטעווען פון אַזעלכעס, וואָס וועט פאַר איר זיין נאָך ערגער ווי דער טויט, ערגער ווי די שרעקלעכסטעליידן, קעגן וועלכע דער טויט איז דערלייזונג. דו ליבסט זי, איך ווייס דאָס, און זי ליבט דיך. נאָר עפּעס נאַרישעס לויערט ווי אַ מערדער אויף מיין קינד. און נישט בלויז זי וועט זיין אומגליק־לעך; אויך דו, אויך איך. און דו ביסט מיר נישט ווייניקער ליב ווי מאַגדאַ. ראַטעווע! ראַטעווע! גיך, איידער ס׳וועט צו שפּעט!

הגם אַדאַם ווייס האָט דערוואַרט כמעט דאָס וואָס מאַגדאַס פאָטער האָט מיט אים אַצינד גערעדט, ער האָט זיך דערויף געריכט נאָך איידער ער איז אַהערגעקומען, איז ער פון דעסטוועגן געווען איבערראַשט און דערשיטערט פון די ווערטער וואָס ער האָט געהערט. דאָס, וואָס ער האָט זיך בלויז משער געווען, איז אים אַצינד שוין געווען פולשטענדיק קלאָר: דער יונגער גראַף... הייסט עס, אַז מאַגדאַ קען אים שוין אַ לענגערע צייט, און איז פאַרליבט אין אים... זי שטייט, אַלזאָ, צווישן צוויי, אים און יענעם... איינס איז אים דערווייל נאָך נישט געווען גאַנץ קלאָר: ווי קאָן זי — מאַגדאַ — ליבן גלייכצייטיק צוויי אַזעלכע קאָנטראַסטן? — — —

דער אומגליקלעכער פאָטער האָט דערציילט אַלץ: וועגן דער „קאַלאַציע״, וועגן די גראַפישע געסט, און וואָס פאַר זיינע אויגן האָט זיך דערביי אַנטפּלעקט.

פון אַדאַמס האַרץ האָט זיך אַרויסגעריסן: „אָבער ווי איז דאָס מעגלעך?״ —

אַרויסהילנדיק זיך פונעם רויכוואָלקן, איז דער געבראָכענער פאָטער צוגע־קומען צו דעם, וועלכן ער האָט געליבט מער ווי אַ שווער ליבט אַן איידעם, וועלכער איז געווען דער איינציקער צו קענען ראַטעווען זיין טאָכטער, און אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויף זיין אַקסל: „מיין טייערער... דו פרעגסט ווי דאָס איז מעגלעך... אַ גוטער יוריסט — און דאָס ביסטו — ווייסט ווי קאָמפּליצירט, ווי אומבאַשטימט די נשמה פון אַ מענטשן איז, באַזונדערס די נשמה פון אַ פרוי, דווקא פון דער פיינער, צאַרטפילנדיקער, איידעלער פרוי. ליידער איז עס אַזוי, אַז עקסטרעמען ציִען זיך צו. פאַראַכט דעריבער נישט מיין טאָכטער. ליב זי און ראַטעווע זי. דער שרעקלעכער מענטש, דער גראַף איז בלויז אַ צופאַל; אָבער ער קאָן ווערן שיקזאַל, שרעקלעכער, טראַגישער שיקזאַל, מאַגדאַס און מיינער. ראַטעווע זי! ראַטעווע זי! דער באַכטיגאַל, וואָס זינגט אַזוי זיס און שוועבט אין דער בלויער לופט, ווערט פאַרכישופט פונעם שלאַנגס שטאַרן בליק און פאַלט אַריין אין זיין פּיסק״...

דער יונגער אַדוואָקאַט האָט געקוקט אין דער אַנגערויכערטער לופט און

געדעדט צו זיך אַליין: „צופאַל איז ראַנדעוווּ מיטן שיקזאַל... מאַגדאַ איז איבער־געגאַנגען צום קריסטנטום; דאָס איז געווען נישט קיין צופאַל... זי פאַרלאַנגט פון מיר איך זאָל מיך שמדן"...

ביידע האָבן געשוויגן. איינער דעם אַנדערן האָט מער נישט געהאַט וואָס צו זאָגן.

דער יונגער אַדוואָקאַט האָט פאַרלאָזט זיין שעפס קאַבינעט און איז אַוועק אין זיין שותּפותדיקן צימער אַרבעטן.

5

פאַן קרזשעטשאַנאָווסקי איז שוין לאַנג געזעסן ביי זיין אַרבעטסטיש. אין דעם זאַל, ווו די אַסיסטענטן קומען זיך יעדן אין דער פרי צוזאַמען פאַר דער אַרבעט — דאָרט האָט ער זיך קיין מאָל נישט באַוויזן. ערשטנס: ער האָט נישט גענומען קיין אָנווייזונגען פונעם פאָטער אין זיין אַרבעט, ווייל ער האָט געטאָן וואָס ער האָט געוואָלט און ווי ער האָט געהאַלטן פאַר ריכטיק; צווייטנס — און דאָס איז געווען דער עיקר: ער האָט נישט געוואָלט זען זיינע קאָלעגן, ווייל אַלע זענען געווען יידן און ער האָט זיי אַלע געהאַסט און פאַראַכטעט, אַריינגערעכנט אויך דעם פאָטער.

ווען זיין קאָלעגע אַדאַם ווייס איז אַריינגעקומען איז ער געזעסן איינגעבויגן איבער פאַפירן און מיט אַ בליישטיפט, ווי שטענדיק, געמאַכט זיינע אָנמערקונגען. זיין בליק האָט שנעל געשוועבט איבער די געדרוקטע און מיט דער שרייבמאַשין געשריבענע שורות און פלינק האָט זיין געדאַנק תופס געווען דעם דזשאַנגל פון דער יורידישער שפּראַך. ער האָט אַדאַמען נישט געענטפערט אויף דער באַ־גריסונג, אַפילו דעם בליק נישט אויפגעהויבן צו אים, כאָטש ער איז שוין געווען אומגעדולדיק וואַרטנדיק אויף אים: נישט אַלס פאַרגעזעצטער, נאָר ווייל ער האָט מיט אים געוואָלט רעדן וועגן דעם זעלבן, וועגן וואָס דער פאָטער זיינער האָט אָקאָרשט גערעדט מיט דעם אַריינגעקומענעם. האָט ער דאָך ביי דער „קאָלאַציע" געמערקט דאָס זעלבע וואָס דער פאָטער זיינער האָט געזען. אים האָט נאָך מאַטילדאַ, די פרוי זיינע געזאָגט ווי ס'האַלט מיט זיין שוועסטער: אַז מאַגדאַ איז שטאַרק פאַרליבט אינעם יונגן גראַף, וואָס איז קיין וווּנדער נישט. „אין אַזאַ מאַן; האָט זי מוסיף געווען, וועט יעדעס יונגע מיידל זיך פאַרליבן". דער „צוקונפטיקער פּראָקוראָר", ווי זיינע יידישע קאָלעגן האָבן וועגן אים גע־חוזקט, האָט דערקענט אין זיין פרוי ווי זי אַליין איז אַנטציקט פון דעם יונגן גראַף און דאַביי אַ ברום געטאָן: „און אויך דו"... מאַטילדאַ האָט זיך דאַן דיפּלאָמאַטיש אַרויסגעדרייט: „איך האָב געזאָגט, יעדעס יונגע מיידל"... דאָס איז פאַרגעקומען ערשט נעכטן, זונטיק, ביים פרישטיק.

אָבער ווי זיין יידישער פאָטער, האָט דער „קריסט" פאַן קרזשעטשאַנאָווסקי געהאַט אַ זייער שלעכטע מיינונג וועגן זיין „קריסטלעכן ברודער" דעם יונגען גראַף קאַטאָווסקי. ער האָט אָבער דאַביי נישט פאַרגעסן דעם חשבון וועגן

זיין קאַריערע, כאָטש ער האָט דעם דאָזיקן חשבון געטריבן פון זיך. (ווייל דער חשבון איז געווען אומווירדיק און ווייל ער האָט זיין שוועסטער ליב געהאַט). און ווי זיין יידישער פאָטער האָט דער „קריסט" ליב געהאַט דעם יידישן יונגע־מאַן אַדאַם ווייס און בעסער אים געוואָלט האָבן פאַר אַ שוואָגער ווי דעם קריסט און גראַפישן יחסן. פריִער אָבער מוז דער דאָזיקער יידישער קאָלעגע ווערן אויס ייִד, ער מוז זיך שמדן, כדי צו זיין ראוי צו זיין זיין „קריסטלעכער" שוועסטערס מאַן און דער שוואָגער פון אַ „קריסט". נאָר דער דאָזיקער ייִד האָט אים נאָך אַלץ נישט געגעבן קיין תשובה, אויב ער נעמט אָן זיינע און דער שוועסטערס באַ־דינג: זיך צו שמדן.

אַדאַם ווייס האָט זיך אָוועקגעזעצט ביי זיין שרייבטיש, געעפנט דאָס גרינע דעקל פון אַ געריכטאַקט, אַריינגעקוקט, אָבער ער האָט נישט געקאָנט אַרבעטן. ער איז געווען אַזוי צעשטרייט, אַז ר'האָט אַפילו קיין איין שורה נישט געקאָנט איבערלייענען.

ענדלעך האָט פאַן קרזשעטשאַנאָווסקי זיך געווענדט צו זיין פאָטערס אַסיס־טענט: „נו, קאָלעגע?" נאָר דער פאַרשטומטער ביים שרייבטיש האָט נישט געענטפערט. ער האָט זיין קאָפּ בלויז אויסגעדרייט צום פאָרגעזעצטן און שווייגנדיק געוואָרט דערויף, וואָס יענער וויל אים זאָגן אָדער פרעגן. נאָך אַ קליינער ווײַלע האָט דער משומד ווידער אָנגעהויבן: „ווייסט איר... איך באַמי זיך מיט אַלע כוחות צו זיין אָביעקטיוו; אָבער איך קאָן ביי מיין בעסטן ווילן נישט געפינען עפּעס אַנדערש, חוץ מיאוסקייט און באַרבאַרישקייט אין אייער יידישער רעליגיע. אייער גאָט איז אַן עגאָצענטרישער און אַ נוקם ונוטר, ווי ער האָט זיך אַליין באַצייכנט. און פערוועזרז איז ער. אַ סאַדיסט. האָט פאַרגעניגן פון לאָזן צעקאַלעטשען דאָס געשלעכטס־גליד פון קינדער, וואָס זענען אַלט ערשט איין וואָך. די יידן טוען דאָס מיט דעם זעלבן פערווערזן און סאַדיסטישן פאַרגעניגן ווי ס'איז זייער גאָט. איך האָב דאָס איין מאָל געזען. דער מוהל האָט דאָס בלוטנדיקע גליד פונעם וויינענדיקן און זיך רייסנדיקן קינד אַריינגענומען אין מויל און געזויגן דאָס בלוט". זיין פּנים האָט גענומען פלאַמען פון צאָרן, ס'איז צעקרימט געוואָרן פון האַס און פאַראַכטונג און ברענענדיקן דורשט נאָך נקמה. כמעט מיט הייזעריק קול האָט ער אַרויסגעצישעט: „איך פאַרפלוך דאָס הויז אין וועלכן איך בין געבוירן, אין וועלכן איך האָב פאַרבראַכט מיין קינד־הייט, וווּ איך בין אויפגעוואַקסן און גרויס געוואָרן! ווי איך קאָן נישט קוקן אויף מיין מוטער! איר פּנים: יידישע צעקראַכנקייט, סענטימענטאַל און נישט אויפריכטיק. מיין פאָטער: ווי גיריק נאָך געלט! סאַרע סוחרישע נשמה ער האָט! געלט!... געלט ... געלט!... ער פריידיקט ליבעראַליזם, דעמאָקראַטיע, וואָס מיינט באַלשעוויזם! כ'האַלט זיך פאַר אַ פּאַטריאָט; אָבער סאַרע פּאַטריאָטיזם איז דאָס, ווען ער פאַרטיידיקט יידישע סוחרים, יידן וואָס זענען אָנגעשטאָפּט מיט גאָלד, וואָס זענען רייך געוואָרן פון אויסזייגן דאָס פּוילישע פאָלק! זאָגט, אַז ר'האָט ליב פּוילן, האַלט זיך פאַר אַן ערלעכן און געטרייען בירגער, און

העלפט די זשידעס זיך אַרויסדריייען פון שטייערן, פאַרטיידיקט זיי אין געריכט, אַז מ׳זאָל זיי נישט באַשטראָפן פאַר זייערע פאַרברעכנס!״

דער משומד האָט זיינע עלטערן נישט געקאָנט מוחל זיין, וואָס זיי האָבן אים מל געווען, ווייל דאַדורך האָט ער זיך געשעמט חתונה צו האָבן מיט אַ קריסטין און געמוזט נעמען אַ געשמדטע יידישע און ביים באָדן זיך אין דער ווייסל האָט ער שטענדיק זיך געמוזט באַזונדערס היטן... ער האָט גערעדט ווייטער מיט שׂנאה: „די יידן מיט די לאַנגע קאַפּאָטעס און לאַנגע בערד און פאות האַלטן זיך פאַר פרום; אָבער דאָס אַלץ איז בלויז מאַסקעראַדע, העסלעכע אַזיאַטישקייט! איך בין עקסטראַ אַ מאָל געגאַנגען אין זייערס אַ שול, צו זעען ווי זיי בעטן. ס׳האָט דאָרט געשטונקען, ס׳איז געווען שמוציק, אָנגעכראַקעט אויף דער פּאָדלאָגע. די יידן האָבן געשריגן, געליאַרעמט, געמאַכט ווילדע הוויות, ווי זיי וואָלטן זיך געוואָרפן שלאָגן זייער גאָט, ער זאָל זיי געבן „פינאַסע״. דאָס איז געווען זייער בעטן. איך ווייס וואָס „פינאַסע״ איז: געלט. שבת איז ביי די יידן אַ הייליקער טאָג, זיי טאָרן נישט אַרבעטן און נישט האַנדלען. אָבער זיי האַנדלען. זיי האַלטן צו די טירן פון די געשעפטן און פאַרקויפן הינטן אַרום. איך האָב אַליין געזען, איך זע עס יעדעס מאָל ווען איך גיי שבת דורך יידישע גאַסן. און פּונקט אַזוי פאַרשווענכן די זשידעס אונדזער זונטיק און אַלע אונדזערע הייליקע פייערטעג. געשעפט!... געשעפט!... טעפּ פלייש... קוגל... געפילטע פיש״...

אַדאָם ווייס האָט געקוקט אויף זיין פאַרגעזעצטן און געשוויגן. ער האָט גאָרנישט געזאָגט, נישט געמאַכט אַפילו די קלענסטע באַמערקונג, נאָר בלויז אָבסערווירט דעם משומד. יענער האָט אָבער אַפנים פאַרשטאַנען וואָס זיין יידישער קאָלעגע טראַכט וועגן אים (יעדנפאַלס האָט ער געגלייבט, אַז ער ווייסט עס) און זיך דאַריבער געווענדט צו אים אין אַ מילדן טאָן: „מען מוז זיך באַפרייען פון דאַזיקן פאַלק, קאָלעגע, ווי איך האָבס געטאָן. כ׳האָב בלויז געמאַכט אַ קליי־נעם פעלער אין אָנהייב: כ׳האָב דעמאָלט נישט געוווסט קלאָר, אַז דאָס וואָרע קריסטנטום איז אינעם קאַטאָליציזם און נישט אין פּראַוואָסלאַוויע״. אַ באַרויִקטער האָט ער זיך אָנטשולדיקט: „כ׳האָב מיך אַ ביסל צו שטאַרק אויפגערעגט. אָבער אויך איר, קאָלעגע — אַ ייד — וועט צוגעבן: אַז נישט בלויז אייער רעליגיע איז אַ פאַלשע און די יידן נאַרן זייער גאָט מיט גראָבער חניפה, כדי ווייכער צו מאַכן זיין גרויזאַמקייט, נאָר זיי נאַרן זיך איינער דעם אַנדערן, באַשווינדלען זיך איינער דעם צווייטן. אַלץ איז ביי זיי נאָר געשעפט, געלט. שטייען פאַר די טירן פון די געשעפטן און רייסן צו זיך די קונים. פאַלשע וואָג, פאַלשע מאָס, ביליקע סחורה פאַר טייערע, פאַלשע וועקסלען, פאַלש געלט, מאַכערס פון פאַלשע דאָקומענטן, מעקלערס, אָן זין פאַר שיינקייט, פאַר ליבע, פאַר גערעכטיקייט, אָן רעספּעקט און אָן באַציִונג צום גייסטיקן, קיין אייגענע מיינונג. זאָגט איינער אַזוי — זאָגט דער צווייטער פאַרקערט און מע קריגט זיך, מע רייסט זיך, מע שרייט, מע געוואַלדעוועט. יעדער ייד וויל באַווייזן אַז נאָר ער איז גערעכט, אַז ער ווייסט בעסער ווי דער אַנדערער. אַזוי לאַנג ווי איינער איז נישט

באַרימט ביי די „גויים" — מעג ער זיין אַ זשעני — וועלן זיינע ייִדן אים נישט אָנערקענען. און ווי אַזוי מאַכט אַ ייִד זיך אַ נאָמען? — דורך אַלערליי הינטער־וועגן און געמיינע, נידעריקע מיטלען. דעם גרעסטן דרך־ארץ האָבן ייִדן פאַר רייכטום, ווייל דאָס איז מאַכט. און סאַרע מיאוסע מוסרים ייִדן זענען! ווען זיי זאָלן קאָנען וואָלטן זיי זיך אַליין אומגעברענגט איינער דעם צווייטן. האָבן זיי דאָס נישט געטאָן ווען זיי זענען געווען אין זייער לאַנד? אַן אַנאַרכיש פאָלק וואָס איז נישט פעיִק צו פירן אַ מלוכה, נישט פעיִק צו רעגירן, ווייל ס'האָט פיינט געזעץ און אָרדענונג. אמתע רעליגיאָזיטעט איז זיי פרעמד, זיי האָבן קיין זין נישט פאַר ריינעם און טיפֿן גלויבן, פאַר ליבע, מיטלייד און פאַר־געבונג. דעריבער האָבן זיי אומגעברענגט יעזוסן. ס'איז גוט וואָס די ייִדן האָבן אַצינד צוריקגעקראָגן זייער לאַנד: דאָרט וועלן זיי זיך אַליין אויסשחטן. ייִדן רייסן זיך צום אויבנאָן, צום סאַמע אויבנאָן. די ייִדישע טעכטער האַלטן זיך פאַר צניעות; אָבער זיי זענען פונקט אַזוי צניעותדיק ווי זייערע עלטערן זענען פרום. חתונה האָבן זיי, נאַטירלעך, מיט ייִדן, אויב מעגלעך מיט רייכע סוחרים; אָבער צו „גויים" קריכן זיי נאָך ליבע. ייִדן העלפֿן איינער דעם אַנדערן? — נישט אמת. זיי האָבן אַ סך הילפספאַראיינען, צדקה־חברות; אָבער דאָס אַלץ איז בלויז געשעפט און כבוד־זוכעריי. די אָרעמע קריגן גאָרנישט, זיי גייען אין די הייזער, שטייען אין די גאַסן און בעטלען, רייסן ביי די פּאָלעס די דורכגייער. צוזאַמען האַלטן זיך די ייִדן בלויז דעמאָלט ווען מ'שלאָגט זיי: דעמאָלט שטופּן זיי זיך צוזאַמען און שרייען אין איינעם: ‚געוואַלד'... ‚געוואַלד'... זיי לויפן צו די גויים", ס'געפעלט זיי ביי אונדז: אונדזער שפּראַך, אונדזער קולטור, אונ־דזערע זיטן. זיי אַסימילירן זיך, אָבער בלויז ווייל דאָס גיט געווינס".

אַדאַם ווייס האָט זיך נישט צוגעהערט צום משומדס רייד; אָבער אַרבעטן האָט ער נישט געקאָנט. ער האָט פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס, געקוקט אין די פּאַפּירן וואָס זענען געלעגן פאַר אים אויפן טיש, געפּרוּווט לייענען, אָבער ער האָט נישט פאַרשטאַנען קיין איין וואָרט. ער איז געוואָרן אַלץ נערוועזער און נערוועזער, ביים פייער פונעם האַלב אויסגערויכערטן פּאַפּיראָס פאַררויכערט אַ צווייטן. אָבער דער משומד האָט נישט אויפגעהערט צו רעדן און געפרעגט דעם ייִדישן קאָלעגע: „זענט איר נישט מיט דער זעלביקער מיינונג?"

אַדאַם ווייס האָט אויפגעברויזט: „דאָס קאָנט איר אייך אַליין פאַרשטעלן, פאַרערטער קאָלעגע! און איך וויל מיט אייך אַפילו נישט דיסקוטירן דעריבער! אָבער מערקווירדיק איז עס דאָך: אַ קריסט, פּריידיקט ליבע, מיטלייד און פאַר־געבונג, אויפצושטעלן די צווייטע באַק ווען מ'קריגט אַ פּאַטש אין דער ערשטער, און האַסט און פאַרלוימדעט אויף אַזאַ העסלעכן אופן אַ גאַנץ פאָלק, דאָס פאָלק, פון וועלכן ער שטאַמט, דאָס פאָלק וואָס האָט געבוירן יעזוסן, וועלכער האָט די מאָראַל און די לערע פון זיין ייִדיש פאָלק געברענגט צו די היידן, איז געוואָרן זייער גאָט און האָט זיי געגעבן אַ רעליגיע, די רעליגיע פון זיין ייִדיש פאָלק!" — — —

דער משומד איז אויף אַ מאָמענט שטיל געוואָרן. דאַן האָט ער געפרעגט: „אַלזאָ, וואָס האָט איר באַשלאָסן? מיין שוועסטער מוז היינט וויסן אייער ענטפער: נעמט איר אָן אונדזער קריסטלעכן גלויבן?" —

„דעם ענטפער וועל איך געבן אייער שוועסטער". דער יונגער אַדוואָקאַט האָט צוזאַמענגענומען אַלע כוחות אין זיך און ענערגיש אָנגעהויבן אַרבעטן.

קאַפּיטל צוויי

## ליידן

1

צוויי שעה איז אַדאַם שוין געלעגן אין בעט, אָבער ער האָט נישט געקאָנט איינשלאָפן. דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן אַז ס'איז אים איינגעפאַלן צו נעמען אַ שלאָפמיטל. אָבער ער האָט דעם געדאַנק גלייך אָוועקגעיאָגט פון זיך, ווי ער וואָלט אים אָנגערעדט צו אַ פאַרברעך. ער האָט טאַקע דאָס וועלן זיך באַטויבן, כדי נישט געפיניקט צו ווערן פון די געפילן און די געדאַנקען וואָס האָבן אים נישט אָפּגעלאָזט, באַטראַכט פאַר אַ פאַרברעך. די געדאַנקען און די געפילן זענען געווען ווענן מאַגדאַ. וואָס זאָל ער טוען? ער האָט געהאַט גרויס מיטלייד מיט זיין שעף, ער האָט דעם דאָזיקן גרויסן יוריסט, וועלכן ער האָט געהאַלטן פאַר אַ גרויסן חכם און גרויסע פערזענלעכקייט, שטאַרק ליב געהאַט. דאָך, מ'האָט נישט חתונה מיט קיין פרוי אויס ליבע און מיטלייד צו איר פאָטער. געוויס, ער האָט אויך געליבט מאַגדאַן אַליין; אַצינד אָבער, נאָך דעם וואָס ס'איז פאָרגעקומען, האָט ער געוואָלט קלאָר ווערן אין איר כאַראַקטער. איר קערפּערלעכע שיינקייט האָט אים באַצויבערט: די מיידלערישע שלאַנקע פיגור, די צניעותדיקייט און גוטסקייט אין דעם אויסדרוק פון איר איידל פּנים, אירע לייכטנדיקע, טונקל ברוינע אויגן, ווייסבלישטשענדיקע ציין, דער באמת הערלעכער האַלדז און די טונקל גאָלדענע האָר. זיין קריטישער גייסט איז אָבער געווען שטאַרק גענוג, באַזונדערס נאָך דער פאַרוואַנדלונג, וואָס איז אין אים פאָרגעקומען. ער האָט געפילט אַז ער קאָן באַהערשן זיינע געפילן, וואָס זענען געווען גענוג טיף און שטאַרק, ער האָט געפילט, אַז ער קאָן באַצווינגען זיין ליבע, זיך באַפרייען פונעם כישוף, אויב ער וועט איינזען, אַז ס'איז נייטיק. אים איז נישט געווען סימפּאַטיש מאַגדאַס צו שטאַרק צו איבערגעטריבן רעליגיעזע געפיל, דאָס וואָס זי איז געווען אַזוי באַהערשט פון דער קאַטוילישער קירכע, פונעם קאַטאָליציזם, וואָס זי, אַ ייִדישע טאָכטער, האָט אָנגענומען אַלס דערוואַקסן מיידל שוין. פרומקייט (יעדע מין פרומקייט) איז אים געווען מער

ווי פרעמד, ווייל ער האָט דאַרין געזען אַ געוויסע טעמפּקייט פון קריטישן דענקען און אַ בלינדע הכנעה פאַר אַ פעטיש. זיכער האָט פרומקייט אין זיך דערהויבענע מעלות, ווי עניוות, איבערגעגעבנקייט צום גלויבן און גרייטקייט אויף קרבנות; אָבער דער גייסטלאָזער פאַנאַטיזם פירט צו בלינדקייט, צו טויטן דאָגמאַטיזם, צו שקלאַפישער געהאָרכזאַמקייט, צו געפילסלאָזער ברוטאַלקייט, אַפילו צו מאָרדן אַנדערש גלייביקע. האָט דאָך די פרומקייט מאַגדאַן געבערענגט דערצו, אַז זי האָט אים, איר געליבטן געשטעלט דעם באַדינג: אויב ער וועט אָננעמען איר בייעם גלויבן — וועט זי מיט אים חתונה האָבן; אויב נישט — וועט זי אין זיך דערשטיקן איר ליבע צו אים און חתונה האָבן מיט אַן אַנדערן, מיט איינעם, וועגן וועלכן איר האַרץ זאָגט איר געוויס, אַז זי וועט זיין אומ־גליקלעך מיט אים. זי פילט געוויס אַז דער דאָזיקער גראַף איז אַ מאָנסטער, א בלוטדורשטיקע בעסטיע, קאַלט אין זיין גרויזאַמקייט. ער איז איר באַשטימט אָפּשטויסנדיק, זי שרעקט זיך געוויס פאַר אים. איז דאָך איר נשמה טיף, אירע געפילן זענען פיין, צאַרט. די פינצטערע געוואַלד אָבער פון דעם אומגעהויער האָט זי באַטויבט, און ווי דער פאָטער אירער האָט געזאָגט: „די נאַכטיגאַל, וואָס זינגט אַזוי זיס און שוועבט אין דער בלויער לופט, ווערט פאַרכישופט פונעם שלאַנגס שטאַרן בליק און פאַלט אַריין אין זיין פּיסק"... ווייל די פרומקייט האָט טעמפּ געמאַכט איר גייסטיק קריטישע קראַפט, געלעמט איר קלאָרקייט אין דער ליבע און באַטויבט אירע געפילן — די נאַקעטע זינלעכקייט, זי אַריינגעוואָרפן אין דער פינצטערניש פון נאַכט.

איינגעשלאָפן איז ער מיט דעם באַשלוס, מאָרגן זיך צו טרעפן מיט מאַגדאַן.

2

אַדאַם ווייס איז אויפגעשטאַנען אין שרעק וועגן דער מוטער. באַלד האָט ער זיך דערמאָנט, אַז ער האָט געהאַט אַ שלעכטן חלום וועגן איר: ער איז געווען גאַנץ ווייט אַוועק... פּלוצעם האָט ער דערזען ווי פון דער מוטער גיסן זיך רויטע שטראָמען בלוט... זי קוקט פאַרצווייפלט אויף אים ער זאָל איר העלפן, ער זאָל אָפּשטעלן דאָס גיסן זיך פונעם בלוט, אָבער ער איז ווייט, גאַנץ ווייט פון איר... ער וויל לויפן, נאָר ער קאָן נישט, ער איז געלעמט...

אויפגעוועקט האָט אים די זון, וואָס האָט אַריינגעשיינט דורך די פענצטער, ווייל ער האָט פאַרגעסן צו פאַרציִען די פאָרהאַנגען. אויך אַ לופטשיק האָט ער געלאָזט אָפן און נישט אויסגעדרייט דאָס עלעקטרישע ליכט.

זיך אָנטוענדיק, איז אַדאַמען קלאָר געוואָרן די באַדייטונג פון זיין חלום און באַשלאָסן, אַז ער מוז אַריינגיין צו דער מוטער.

ראַזאַליאַ האָט שוין געוווסט אַלץ וועגן איר זון: דער מאַן האָט איר סוף כל סוף דערציילט אַז אַדאַם איז געוואָרן אַ סאָציאַליסט. דאָס דאָזיקע אומגליק האָט זי געטראָפן אַ סך שטאַרקער ווי דעם באַנקיר. וואָלט זי דעם דאָזיקן זון

פאַרלוירן, ער וואָלט געשטאָרבן — וואָלט זי נאָך אים געטרויערט; אָבער דאָס וואָלט געווען אַ נאַטירלעכער פאַרלוסט: זי וואָלט נישט געליטן קיין שאַנדע און קיין האַרצווייטיק. (אַזוי לאַנג ווי זי וועט לעבן). ס׳איז דען אַ קלייניקייט? — דעם באַנקיר איגנאַץ ווייס אַ זון — אַ סאָציאַליסט, אַ בונטאָווש־טשיק! צו דער גרויסער פייערונג פון זיג האָט די רעגירונג איינגעלאַדן איר מאַן גלייך מיט די גרעסטע פונעם לאַנד! — דער פינאַנץ־מיניסטער האָט אים איינגעלאַדן צו אַ באַראַטונג וועגן אַ פּלאַן פּאַר פוילנס האַנדל און אויפבוי פונעם פאָטערלאַנד!... וואָס וועלן אַזעלכע קעפּ פון דער רעגירונג — מיניסטאָרן — דענקען וועגן אַזאַ הויז, ווו ס׳וואַקסן אויף בונטאָווש־טשיקעס קעגן דער רעגירונג?... אַזאַ שאַנד, אַזאַ שאַנד! וואָלט ער געווען געבוירן אַ קריפּל — דאָס איז אַ שאַנד און אַ ווייטיק פּאַר אַ מאַמע; אָבער אַ קריפּל קאָן מען באַהאַלטן, אַז חוץ די אייגענע זאָל קיין שום מענטש נישט וויסן דערפון. אַ זון אַ סאָציאַליסט אָבער...

מאַדאַם ראָזאַליאַ ווייס איז קיין צו וואַרעמע מאַמע נישט געווען, אַפילו נישט צו די ערשטע צוויי, צו העכּריקן דעם עלטערן זון און צו אַנאַ, די עלטערע טאָכטער. אַפילו ווען זיי זענען געווען קליין האָט זי זיך נישט צו פיל אָפּגעגעבן מיט זיי. נאָר מערקווירדיק; אַדאַמען און אויך די מוזינקע, סוזאַנאַן — האָט זי צו מאָל נישט געקאָנט ליידן פון דער ערשטער מינוט אָן ווען זיי זענען געבוירן געוואָרן. זי האָט זיי נישט געוואָלט האָבן. אייגנטלעך האָט זי אויך די ערשטע צוויי נישט געוואָלט. נאָר דער מאַן, אַלץ ער: אַ טוץ האָט ער געוואָלט. פאַרשטייט זיך, אַז זי האָט די קינדער נישט געזייגט. זי איז דאָך נישט די סטרוזשקע... בלויז ביים געדאַנק, אַ מיילעכל פון אַזאַ רויט נפשל זאָל נעמען די וואָרצל פון איר ברוסט און ציִען און זיך גראָד דאַביי נאָך באַמאַכן אין די ווינדלען — שרעקלעך... עקלהאַפט... מיט דער דערציִונג פון די קינדער האָט זי זיך אַבסאָלוט נישט אָפּגעגעבן, דאָס האָט זי איבערגעלאָזט פאַר דער גוווערנאַנטקע און פאַרן מאַן.

אָבער אויך די קינדער האָבן קיין צו הייסע געפילן צו דער מוטער נישט געהאַט. לויטן שפּריכוואָרט: „ווי מ׳הויכט אַריין אַזוי הויכט עס אַרויס". נאָר די עלטערע צוויי האָבן די מוטער געגאַרט ווען זיי זענען געווען קליין און נישט אויפגעהערט זי נאָרן: זיי האָבן זי „געטשאַקעט" מיט ליבע און איבערגעגעבנקייט און נישט אויפגעהערט זי ווייטער צו „טשאַקען".

נאָר אַדאַם לײדט דערפון, וואָס ער פאַרשאַפט זיינע עלטערן צער, באַזונדער טוט אים וויי דער מוטערס ליידן. ער האָט זיך שוין עטלעכע מאָל פאַרגענומען מיט איר צו רעדן, פּרוּוון איר צו דערקלערן, אויסצורעדן. אָבער ס׳איז אים געווען שווער אַריינצוגיין צו איר און מיט איר רעדן וועגן זיין ענדערונג. זי וועט אים נישט פאַרשטיין. סאָציאַליזם איז פאַר איר און פאַרן פאָטער — ווי פאַר אַלע אַזעלכע — „דאָס רויטע טוך פאַרן אָקס", ווי מ׳זאָגט. שפּילן אָבער אין באַהעלטעניש — נאָך לענגער — קאָן ער אויך נישט.

אַ געבאָדענער, אַ גלאַטיק ראַזירטער, די האָר פיין פאַרקעמט אין אַ לינקן

שרינט, אין אַ שיינעם אַנצוג, דער קראַוואַט ריכטיק געבונדן — אַז די מוטער זאָל נישט קאָנען מאַכן קיין שום באַמערקונגען וועגן זיין אָנטוען זיך — איז ער אַוועק אין עסצימער צום פרישטיק. ער האָט גערעכנט דאָרט אַצינד שוין צו טרעפן די מוטער אין איר נעגליזשע. זי איז אַ שיינקייט, טראַכט ער וועגן איר. אין סוף פערציקער, אָדער שוין אין אָנהייב פינפציקער — קיינער ווייסט נישט ווי אַלט זי איז באמת — איז זי נאָך אומגעהויער אָנציִענדיק אַלס פרוי, באַזונדערס אין אירע נעגליזשעס. אָבער ער האָט די מוטער נישט געטראָפן ביים טיש. דער פאָטער האָט גזאָגט דעם זון אַז די מוטער זיינע קאָן נישט אויפשטיין, זי ליידט פון מיגרענע.

נאָכן פרישטיק האָט פאַן איגנאַץ ווייס אַריינגערופן צו זיך אין קאַבינעט אַדאַמען און אים געזאָגט, אַז ער וואָלט געוואָלט האָבן מיט אים אַ לענגערן געשפרעך. „גוט", האָט אַדאַם געענטפערט „נאָר אַצינד מוז איך אַריינגיין צו דער מאַמעשי. פריער וויל איך רעדן מיט איר. דערנאָך וועל איך אַריינקומען צו דיר".

דערפון איז דער באַנקיר געוועזן זייער צופרידן. „באַרדזאָ דאָבזשע", זייער גוט. אַ דערפרייטער האָט ער אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויפן זונס אַקסל: „איך גיי אַריין צו מאַמושאַ איר מעלדן דיין וויזיט. זע, אַדאַם! העלף דיין מוטער, מיין זון! און אויך מיר דיין פאָטער! טו אונדז נישט אָן די דאָזיקע שאַנד און דעם דאָזיקן ווייטיק! מאַמושאַ איז שוין קראַנק פון וויינען! די מיגרענע הערט נישט אויף. פּראָפעסאָר ביעראַווסקי קומט יעדן טאָג; אָבער ער העלפט איר גאָר ווייניק. דו ביסט דער איינציקער וואָס קאָן איר העלפן. ביסט דאָך איר בלוט און פלייש"...

דער באַנקיר האָט זיך צעוויינט.

3

מאַדאַם ראָזאַליאַ ווייס האָט דעם זון אויפגענומען אין איר בודואַר. אַ גרויסע העלקייט האָט דאָרט נישט געהערשט. דאָס צימער איז געווען נישט צו קליין, נאָר בלויז איין פענצטער, פאַרהאָנגען מיט אַ טאָפּלטער גאַרדין: איינע פון טייערן פּיליע, גאָלדקרעם, דורכגעוואָרפן מיט בלויע ווענעציאַנישע שפּיצן; די צווייטע: טונקלגרינע סאַמעטפּליוש, בלויז ווי אַ ראַם פאַר דער ערשטער. די טונקלקייט איז אויך געקומען פון די ליליאַ טאַפּעטן און די טעפּיכער, וואָס זענען געווען געהאַלטן אין טונקעלע פאַרבן. דעם באַנקירס פרוי האָט נישט ליב געהאַט קיין העלע קאָלירן. זי האָט העלע, ווער שמועסט פריילעך־בונטע פאַרבן, נישט ליב געהאַט, ווייל נאָר געדעמפּטע, דיסקרעטע, זענען פאַר איר געווען אַ סימן פון עכטער אַריסטאָקראַטישקייט, פון אַדעל, וואָס ציט זיך פון דורות. זי האָט דאָס געזען אין שלעסער ביי כראַביעס און יחוסדיקע גוטבאַזיצער, אויך אין אויסלאַנד. בלויז אויפגעקומענע גבירים האָבן ליב שרייענדיקע קאָלירן. דאָס מעבל אין מאַדאַם ווייס בודואַר באַשטייט כמעט פון לויטער אַנטיקן. דאָס

רונדע טישל, די שטולן, די קאָמאָדעלעך און שענקעלעך, די שפּיגלען, דאָס בילד און די גראַוויורן, די סטאַטועטקעס, די אַטלאַסענע, פּלירשענע, סאַמעטענע און לעדערנע קישעלעך, דער קליינער שעסלאָן, די פלאַקאָנדלעך און די בערשט־לעך און קאַמען און שאַכטעלעך — אַלץ וואָס אַ דאַמע ברויך פאַר איר טואַלעט — דאָס אַלץ איז געווען קונסטפול, אַ סך זאַכן פון לואיס דעם 14טנס צייט. טייערע כינעזישע פאָרצעלאַן, העלפאַנטביין, מאַהאגאני, ראָזען און עבנהאָלץ מיט פּערל־מוטער און גאָלד באַצירט.

דעם באַנקירס פרוי האָט דערוואַרט איר זון אויפן קליינעם, צירלעכן שעסלאָן, וואָס האָט אין דער פאָרעם דערמאָנט אַן איידל מוזיקאַלישן אינסטרו־מענט: דער שעסלאָן, טאַפּעצירט מיט טונקל־ליליאַ סאַפיאַן־לעדער, האָט געהאַט אַ געוויסע ענלעכקייט צו אַ לירע. פאַרן שעסלאָן איז געלעגן אַ פעל פון אַ יונגן פאַנטער, וואָס האָט זיך, אייגנטלעך, גאַרנישט אַריינגעפּאַסט אַהער. מאַדאַם ווייס האָט דאָס געוווסט; אָבער דאָס איז געווען אירס אַ קאַפּריז. טייל מאָל פלעגט זי פאַרשליסן די טיר, זיך אַוועקזעצן אויף דער פעל און זי צערטלעך גלעטן. נישט זעלטן פלעגט עס טרעפן, אַז זי האָט זיך אויסגעצויגן אויף דער פעל, זי אומגעאַרמט און די פעל געדריקט צו איר בוזעם. אַפילו געקושט, ליידנ־שאַפטלעך געקושט האָט זי די פעל. דאַן אָבער האָט זי זיך שטאַרק געשעמט, פאַר זיך אַליין, פאַר די ווענט, פאַרן מעבל. זי איז אַרויסגעלאָפן פונעם צימער און זיך פאַרגענומען נישט מער דאָס צו טאָן. אין אַזאַ טאָג איז זי געווען אַ ביסל אַנדערש: פאַרן מאַן האָט זי זיך געשעמט, אָבער זי האָט געזוכט זיינע „לאַסקעס" און איז געווען צערטלעך צו אים ווי אין די ערשטע יאָרן נאָך דער חתונה. ער איז געווען גליקלעך אין אַזעלכע מאָמענטן, פאַרליבט ווי אַ יונגער בחור און זי גערופן: „מיין ראָזי... מיין מיידעלע... מיין שעמעוודיקע"...

דער זון האָט זיין שיינע מוטער געטראָפן אין אַ העל ליליאַ בעגליזשע מיט גאָלד פאַרצירונגען, וואָס האָט איר ווונדערלעך געפּאַסט. געל און ליליאַ האָט מאַדאַם ראָזאַליאַ ווייס באַזונדערס ליב געהאַט. זיי האָבן אין אַ געוויסן זין האַרמאָנירט מיט דער טונקל קופּערנער פאַרב איצט פון אירע האָר און מיט די ראָזע קיילעכדיקע בעקלעך, ווי ביי אַ יונג מיידל, אויך מיט די רויטע ליפּעלעך אירע און מיט די פאַמסרויטע נעגל. נישט בלויז נאָך יונג האָט די מאַמע פון דערוואַקסענע און אויסגעגעבענע קינדער אויסגעזען — און אַ באַבע שוין פון דריי אייניקלעך — נאָר זי האָט נאָך געהאַט אַ סך קינדערישעס אין איר וועזן. אירע אָרעמס זענען געווען קורצע, די הענטלעך גאַנץ קליינע, פולכענע, מיט חן־גריבעלעך, ווו די פינגער, חוץ די דאַמענס, הייבן זיך אָן. קליינע, גאָר קליינע פיסלעך אין ליליאַ סאַפיאַנע לעטשעלעך מיט רויטע פּאָמ־פּאָניקלעך. אַ קליין זיס מיילעכל, אַ קיילעכדיק נעזל, אַ דינס אָבער מיט גרויסע רונדע נאָזלעכער און סענסיטיווע, פלאַטערנדיקע פליגל; שעלמיש־נאַיווע, הימל־בלויע אויגן מיט בלישטשענדיקע פייערלעך אין זיי, און דאָס רעדן — ווי אַ קינד וואָס האָט אַן עטוואָס צוגעוואַקסן צינגל און אַ פול נעזל. בלויז די טאַליע

איז געווען עטוואָס צו פול, די אָרעמס אַ ביסעלע צו דיק און דער בוזעם אַ ביסל צו הויך. (פאַר אַזאַ קליינע, ווי מאַדאַם ראַזאַליאַ וויס, וואָלט זיך געפּאַסט אַז זי זאָל זיין שלאַנק). אָבער אויך אַזוי איז זי געווען גאַנץ אַנציִענדיק.

ביים עפענען די טיר איז אַדאַם שיִער באַטויבט געוואָרן פון דעם שטאַרקן פּאַרפיום און פּודערדופט. אין דער ערשטער רגע איז אים פאַרגעקומען, ווי נישט צו זיין מאַמען איז ער אַריינגעקומען, נאָר צו אַ יונגער, שיינער דאַמע אין איר אינטים צימער, ווו ס׳וואַרט אויף אים דאָס גליק פון ליבע... זיינע מענלעך סעקסועלע חושים זענען טאַקע וואַך געוואָרן... ער איז צוגעגאַנגען צו דער מוטער, האָט גענומען אירס אַ הענטעלע און אָפּגעדריקט דערויף אַ קוש. נאָר זי האָט איר קליין קעפּל געהאַלטן אוועקגעדרייט פונעם זון און איינגעקשנט, געקרענקט און צעווייטיקט געקוקט צום פענצטער. ער האָט מיט צער אין קול תחנונימדיק זיך געבעטן: „מאַמושאַ”... ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קניִען און אַרויפגעקוקט צו איר: „מאַמושאַ”... נאָר זי האָט דעם קאָפּ אַלץ געהאַלטן הויך און געקוקט צום פענצטער. ער האָט זי באַטראַכט, און דערזען אַז די מאַמע איז אַצינד נישט אַזוי שיין ווי שטענדיק, ווייל איר פּנים איז געווען אָנגעכמורעט און בייז. אַפילו שיינע פרויען זענען מיאוס און העסלעך ווען אינעם אויסדרוק פון זייער פּנים שיינט נישט דאָס ליכט פון גוטסקייט, ווען ס׳שוועבט נישט דאַרויף דער שמייכל פון מילדקייט, ווען ס׳שטראַלט נישט דאַרין דער חן פון ליבלעכקייט, ווען ס׳פעלט דאַרין דער רייץ פון גליקזעלישקייט.

דערפילנדיק אַ פאַרענדערונג אינעם זון — דורך דער האַנט וואָס ער האָט נאָך אַלץ געהאַלטן אין זיינער — האָט זי אויסגעדרייט צו אים דעם קאָפּ. דערקענענדיק אַן אַנטוישונג אין אַדאַמס בליק — האָט זי זיך צעשמייכלט. איר קליין, ווייך הענטל האָט גענומען גלעטן זיינע האָר און ווי פּיעטשטשענדיק זיך האָט זי געפרעגט דעם זון: „פאַרוואָס, פאַרוואָס טוסטו מיר אַזעלכעס?” — — —

דער יונגער אַדוואָקאַט האָט געוווּסט, אַז ס׳וואָלט געווען זייער נאַיִוו פון אים ווען ער זאָל מיט דער מוטער פאַרפירן אַ שמועס וועגן דעם וואָס ס׳האָט אים געפירט צו דער אידעע פון סאָציאַליזם, אַז ער זאָל מיט איר רעדן וועגן דער הימלשרייענדיקער אומגערעכטיקייט אין דער וועלט. ער האָט בלויז געפּרווט איר איבערגעבן געוויסע מאָמענטן פון זיינע ליידן אין דער לעצטער צייט, ווי ער איז פאַרפאָלגט געוואָרן פון שרעקלעכע בילדער וועגן די שוידערלעכקייטן פון דער מלחמה און אירע רעזולטאַטן. דערפון איז ראַזאַליאַס האַרץ געוואָרן אַ ביסל גערירט „מיין אָרעם יינגל!” האָט זי געזאָגט. „ס׳איז טאַקע געווען שוידערלעך”, האָט זי צוגעגעבן. „אַזוי פיל יונגע מענטשן זענען געהרגעט געוואָרן, אַזוי פיל קאַליקעס, צעשטערונג און פאַרוויסטונג, דערצו נאָך טיפוס, כאָליערע. דאַן — דער שרעק פאַר די באָלשעוויקעס — די רויבער, די מערדער, די שענדער, דאָס פעבל וואָס ווייסט נישט פון קיין שום מענטשלעכקייט — אַז זיי זאָלן נישט אַריינקומען קיין פּוילן, זיגן און פאַרכאַפּן אונדזער פאָטערלאַנד, פאַרנעמען עס, וואָס וואָלט געווען אַ סך, אַ סך ערגער ווי די מאָסקאַלישע

קנעכטשאַפט פריִער. און ס׳האָט שוין גאָר קיין סך נישט געפעלט דערצו. שטעל זיך פאָר, מיין קינד, וואָס פון אונדז וואָלט געוואָרן... אָבער דאַנקען גאָט! — מ׳האָט זיי צוריקגעטריבן און באַזיגט״. זי איז געוואָרן צערטלעך: „אָבער מיין זון... אין וואַרשע, יעדנפאַלס אין דעם טייל ווו מיר וווינען, האָט מען דאָך די שווידערלעכקייטן פון דער מלחמה כמעט גאָרנישט געזען. אָבער דו ביסט שוין אַזוי; דו גייסט דאָרט אַהין ווו דו זאָלסט בעסער נישט גיין. און אַזוי סענסיטיוו ביסטו, צו סענסיטיוו״. אַ צווייטע טענה האָט זי געהאַט צום זון: „פאַר וואָס האָסטו פון דעם אַלעם גאָרנישט געזאָגט דעם טאַטן, אָדער מיר, דער מאַמען? מיר וואָלטן גלייך געוווען גערופן אונדזער דאָקטער, דעם פּראָפעסאָר ביעראַווסקי. ער איז אַ גרויסער ספּעציאַליסט. ער וואָלט דיר געוווען פאַרשריבן אַ רעצעפּט, וואָס וואָלט פאַרטריבן פון דיר די שרעקלעכע בילדער, זיי אַוועקגענומען מיט דער האַנט. דאָס איז געוועזן פאַרפאַלגונג״, האָט מאַדאַם ראַזאַליאַ געשטעלט די דיאַגנאָזע און געדאַנקט גאָט וואָס ס׳איז שוין פאַריבער.

ס׳איז איר איינגעפאַלן אַ גליקלעכער געדאַנק. איר שיין פּנימל — שיִער ווי פון אַ גרויסער ליאַלקע — איז געוואָרן לעבעדיקער און קאָקעטיש, אירע באַוועגונגען לייכט, שפּילעווודיק און גראַציעז. מיט שעלמישן בליק אין די הימל־בלויע אויגן, מיט כמעט אַ פאַרפירעריש שמייכעלע אויף די שיינע ליפּעלעך פון דעם קליינעם זיסן מויל, האָט זי דעם זון געגעבן צו פאַרשטיין, אַז זי איז זיך משער פאַר וואָס ער איז געקומען אויף אַזעלכע אָפּשוילעכע געדאַנקען פון סאָציאַליזם. „ווי קומסט דו, מיין קינד״, האָט זי אים געפרעגט, „דעם באַנקיר איגנאַץ ווייס׳ אַ זון, אַ פּרינץ, דען אַזוי זעסטו אויס; ווי קומסטו, פרעג איך, אַ מענטש מיט אַזאַ געניאַלן קאָפּ — דיך צו ווענדן אַראָפּלאָזן צום פאַרברעכערישן פּעבל?! איך ווייס פאַר וואָס: ס׳איז צייט אַז דו זאָלסט חתונה האָבן... דיין טאַטעשי — אין דיינע יאָרן — האָט דיך, דאָס דריטע קינד, שוין געהאַלטן אויף די קני־ען... הענריק איז אין דיין עלטער שוין געווען פיר יאָר נאָך דער חתונה... דו ביסט אַ ביסל צו איבערקלויבעריש, כאָטש דו האָסט אַ רעכט דאַרויף. מאַגדאַ אָבער... פאַר וואָס ביסטו אַזוי רויט געוואָרן, ווי דו וואָלסט געווען אַ גימנאַ־זיסט?״... זי האָט אים אַ קוש געטאָן אין זיין שיינעם קאָפּ צוגעדריקט צו איר קיילעכדיקן בוזעם — אַזוי באַגייסטערט איז זי געווען פון זיין רויט ווערן.

די שיינע מאַדאַם ראַזאַליאַ ווייס האָט איצט גערעדט און גערעדט און איז געוואָרן אַלץ פריילעכער און פריילעכער.

אַדאַמען איז די מוטער אַציינד אויסגעקומען ווי אַ טשוויטשענדיק, אַרומ־לויפנדיק פייגעלע. ער האָט באַדויערט וואָס ער איז אַריינגעקומען צו איר רעדן וועגן אַן ערנסטן ענין. אָבער ער איז געווען צופרידן וואָס די גאַנצע זאַך איז אַזוי אויסגעגאַנגען. נאָר די מוטער האָט אים נישט אָפּגעלאָזט וועגן מאַגדאַ, און ער האָט איר געזאָגט: „זי איז געשמדט״.

„דאָס ווייס איך״, איז ראַזאַליאַ נישט געווען איבערראַשט. „איז וואָס? הענריקס שוועגערין איז אויך אַ געשמדטע. זי איז זייער אַ פיינע״.

אַדאַם האָט זיך פֿאַרטרויט פֿאַר דער מוטער: „מאַגדאַ וויל אַז איך זאָל מיך אויך שמדן”.

דאָס האָט אַ ביסל געטראָפֿן דעם באַנקירס פּרוי. אַ ביסל אַ העזה פֿון אַן אַדוואָקאַטס אַ טאָכטער צו שטעלן באַדינגונגען! דאָצו האָט ראָזאַליאַ געוווּסט, אַז פֿאַר איגנאַצן וואָלט דאָס געווען נישט גרינג, ביי דער שטעלע וואָס ער פֿאַרנעמט אין דער ציוניסטישער פּאַרטיי. זי האָט אַ ווײַלע געשוויגן. דאַן האָט זי זיך מודה געווען פֿאַרן זון: „איך וועל דיר אַצינד עפּעס זאָגן: מיר וואָלט געווען אַ סך ליבער ווען מיר וואָלטן אַלע איבערגעגאַנגען צום קריסטנטום, ווי דיין טאַטעשיס ציוניזם. מיר זענען רייך, אַ סך רייכער ווי וועלכער גוטסבאַזיצער, ווי וועלכער גראַף; און דאָך געהערן מיר צו אַ צווייטער קאַטעגאָריע אין לאַנד. און ס'וואָלט אונדז נישט געהאָלפֿן ווו מיר זאָלן נישט זיין. יידן זענען אומעטום די צוריקגעשטויסענע. זאָל דיין טאַטעשי וועלן ווערן פּרעזידענט”... פֿון גע־קרענקטקייט האָט זי זיך אַזש צעוויינט. און די טרערן זענען געווען עכטע טרערן.

דער יונגער אַדוואָקאַט האָט באַרויִקט זיין מוטער. ער האָט מיט איר נאָך אַ ביסל גערעדט און פֿאַרלאָזט דאָס צימער.

4

אַדאַם ווייס האָט אין זיין צימער זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ שטול. ער איז געווען אויסגעמאַטערט און ווי אויסגעהוילט פֿון דער לערער צייט וואָס ער האָט פֿאַרבראַכט אין זיין מוטערס בודואַר. אַ געשפּרעך מיט וועמען איבער גייסטיק שווערע פּראָבלעמען, שעהען לאַנג פֿאַרטיפֿט אין אַן ערנסט בוך — דאָס וואָלט אים דערפֿרישט; אָבער מוזן אויסהערן פּוסטע רייד, לאַנגווייליקע געזעל־שאַפֿטלעכע אונטערהאַלטונג — דאָס האָט אים פֿאַרמאַטערט. ער איז געזעסן מיט אַראָפּהענגענדיקן קאָפּ, מיט פֿאַרחלשטע הענט — מיד, אויסגעלאָשן.

און באַדאַרפֿט האָט דעמאָלט דער יונגער אַדוואָקאַט גייסטיקע שטיצע. זיין גאַנץ לעבן אין ווילטאָג און לוקסוס, געשיצט און באַהיט קעגן דרויסנדיקע ליידן — האָט ער פֿון נאָך דער פֿאַרוואַנדלונג אַן דערפֿילט אַז דער וועג פֿון זיין ביי לעבן וועט פֿאַר אים זיין נישט גרינג. דאָס איז אים אַלץ מער און מער געקומען צום באַוווּסטזיין. אַז אַ קינד ווערט געבוירן שניידט די האַנט פֿון דער הייבאַם מיט שאַרף שטאָל דורך די נאָפּלשנור וואָס האָט דאָס קינד פֿאַר־בונדן מיט דער מוטער; ס'איז אָבער נישטאָ קיין האַנט, וואָס זאָל מיט אַן אינסטרומענט דורכשניידן די זעליש גייסטיקע פֿאַרבינדונג, וואָס אַ מענטש האָט מער ווי אַ דריטל פֿון זיין לעבן מיט טאַטע־מאַמע, ברודער און שוועסטער, מיט אַלע זיינע נאָענטע און פֿריינד, ווען ער טיילט זיך פֿון זיי אָפּ. וואָלט כאָטש מאַגדאַ, די וועלכע ער האָט געליבט, געווען דער מענטש וואָס וואָלט אים געקאָנט העלפֿן אין זיין עת־צרה; וואָלט וויניקסטנס די ליבע אַליין נישט געווען פֿאַר־משפּט געוואָרן דורךביידע, געוואַלדזאַם איבערצורייסן און זי יעדער אין זיך צו דערשטיקן!

ער האָט דערהערט אַ קלאַפּ אין טיר און געענטפערט: „פּראָשען! אַריין!" ס'איז אַריינגעקומען דער פֿאָטער. אַ ווײַלע האָבן בײדע געשוויגן און זענען ווי אבלים געווען צעבראָכן. דער באַנקיר איז געקומען פֿון זײַן פֿרוי. זי האָט אים דערציילט וועגן דעם געשפּרעך, וואָס זי האָט געהאַט מיטן זון. „הייסט עס"... האָט דער טרויעריקער פֿאָטער אָנגעהויבן. ער האָט גערעדט שטיל און געלאַסן, צו ערשט האַלבע זאַצן, נישט גאַנץ צוזאַמענהענגענדיקע פֿראַזן, איינציקע ווערטער. נאָר ביסלעכווייז האָט ער זיך צוזאַמענגענומען און זיך באַהערשט. ער האָט דאַן מיטן זון גענומען רעדן אין אַ רויִקן טאָן. דאָס, וואָס דער באַנקיר איז אין יענעם זונטיק געוואָר געוואָרן פֿונעם זון, איז געווען אַ שטאַרקער קלאַפּ פֿאַר אים; ער האָט אָבער דעריבער אַ סך נאָכגעדענקט. נאָר געבליבן איז ביים באַנקיר דאָס געפֿיל, אַז זײַן קינד איז געוואָרן זײַן שונא. דאַן האָט ער אָבער גענומען זיך פֿאַר אַ בײַשפּיל. אויך זײַן פֿאָטער איז ביים לעבן געווען רײַך: ער האָט געפֿירט גרויסע געשעפֿטן מיט רוסלאַנד, מיט פּרייסן און עסטרײַך, און איז געווען זייער פֿרום, אַ גרויסער חסיד, פֿאַנאַטיש. זײַנע קינדער האָבן געמוזט זײַן פֿרום. און פּלוצעם איז ער געוואָר געוואָרן, אַז זײַן זון יהודה־יידל — איז געוואָרן אַ ציוניסט: אַ חובבֿ־ציון, וואָס האָט דעמאָלט געמיינט אַן אַפּיקורס. ס'האָט זיך צווישן אים, דעם הײַנטיקן באַנקיר איגנאַץ ווייס און דעם פֿרומען פֿאָטער, אָפּגעטאָן חושך: דער פֿאַנאַטישער חסיד איז געווען אומגליקלעך. אַוודאי איז ער געווען אומגערעכט; איז דאָך אָבער מעגלעך, אַז אויך ער, דער באַנקיר, איז אומגערעכט? — — —

דעריבער האָט דער פֿאָטער באַשלאָסן צו גיין מיטן גוטן, זעען אַז זײַן באַציִונג צום זון זאָל דערווייל בלייבן ווי געווען. האָט ער גענומען שפּאַסן: „וואָס זשע וועסטו טאָן מיט די מיליאָנען, וואָס וועלן אָנקומען אויף דײַן חלק ירושה?... וואָס וועסטו, אַ סאָציאַליסט, מאַכן מיט אַזוי פֿיל געלט?... וועסט עס צעטיילן די אָרעמע? — דאָס וועט זײַן זייער אומפּראַקטיש. דו ווייסט דאָך אַוודאי דעם ראָטשילדער אַנעקדאָט: אַ סאָציאַליסט האָט אים געזאָגט, אַז ער זאָל זײַן פֿאַרמעגן צעטיילן די אָרעמע. ראָטשילד האָט אַריינגערופֿן זײַנס אַ בוכהאַלטער און אים געהייסן אויסרעכענען, וויפֿל ס'וואָלט אויסגעקומען אויף יעדן אָרעמאַן, ווען ער, ראָטשילד, זאָל זיי אַוועקגעבן זײַן פֿאַרמעגן. ס'איז אויסגעקומען עפּעס עטלעכע גראָשן אויף אַן אָרעמאַן".

אַדאַם האָט געשמייכלט. צווישן פֿאָטער און זון האָט זיך אָנגעהויבן אַ האַרציק געשפּרעך. צו פֿיל וויסן וועגן סאָציאַליזם, וועגן דער טעאָריע און די צילן פֿון דער דאָזיקער באַוועגונג, האָט דער באַנקיר נישט געהאַט. אַלץ וואָס ער האָט געוווּסט דעריבער און איבער גרויסע באַרימט געוואָרענע רעוואָלוציעס, איז געווען זייער אויבערפֿלעכלעך. האָט ער דעם זון זײַנעם גענומען באַווײַזן, אַז דער בעסטער סיסטעם פֿאַר די אַרבעטער איז דער קאַפּיטאַליסטישער. ער האָט געבראַכט די אויסגעדראָשענע באַווײַזן וועגן דעם וואָס דער קאַפּיטאַליזם האָט אין דער קורצער צײַט פֿון זײַן עקזיסטענץ שוין אַלץ אויפֿגעטאָן:

די שטורעמדיקע אַנטוויקלונג אין דער טעכניק, טראַנספּאָרטאַציע, אויף יעדן געביט פון דער וויסנשאַפט און הומאַניטעט, און גאָר באַזונדערס טאַקע פאַר די אָרעמע מענטשן. „ווי האָבן זיי געלעבט פריִער", האָט דער באַנקיר גע־פרעגט, „ווען דער קאַפּיטאַליזם האָט נאָך נישט עקזיסטירט? קעגן דעמאָלט לעבן זיי דאָך היינט ווי די גראַפן".

נאָר דער סאָציאַליסט האָט זיך נישט געוואָלט אַריינלאָזן אין אַ דיסקוסיע מיטן פאָטער וועגן דער דאָזיקער טעמע. ער האָט בלויז קורץ באַמערקט: „דער קאַפּיטאַליזם האָט באַשטימט בייגעטראָגן זייער אַ סך צו דער אַנטוויקלונג פון פּראָגרעס, ציוויליזאַציע און קולטור; אַצינד אָבער, האָבנדיק דערפילט זיין היס־טאָרישע ראָלע, מוז ער אָפּטרעטן דעם פּלאַץ פאַר אַ נייעם סיסטעם — דעם סאָציאַליסטישן. אין זיין עצם און תוך קאָן דער קאַפּיטאַליזם נישט דורכפירן די היסטאָרישע מיסיע, וואָס דער מענטש האָט אויף זיך גענומען: יושר. פון מאָמענט אָן, ווען דער מענטש האָט אָנגעהויבן דענקען, איז ער בהדרגה גע־קומען דערצו, אַז ס'דאַרף הערשן גערעכטיקייט און ברידערלעכקייט. ס'טאָרן נישט זיין קיין רייכע און קיין אָרעמע, אַזעלכע, וואָס לעבן אין דעם פאַרשווענ־דערישסטן לוקסוס און זאַמלען אָן פאַנטאַסטישע פאַרמעגנס פון דער פּראַצע און שווייס פון די מיליאָנען, וועלכע הונגערן און ליידן נויט און די אַלע פּלאָגן פון נויט און הונגער. אָבער דאָס איז נאָך נישט אַלץ. דער מענטש זינקט אין מאָראַלישן פאַרברעך, פוילט אין מאָראַלישן שמוץ. מלחמה נאָך מלחמה. אויס־שלאַכטונג פון מיליאָנען מענטשן און פאַרוויסטונג פון שטעט און דערפער, פון גאַנצע לענדער, פון מענטשנס מי און מאַטער — צוליב נאָך מער פּראָפיט פאַר די רייכע. אַרבעטסלאָזיקייט, פאַרניכטונג פון די לעבנסנויטווענדיקסטע פּראָ־דוקטן פאַרן מענטש: ווי תבואה, פלייש, מילכיקס, בוימוואָל און אַנדערע פּראָ־דוקטן — צוליב שפּעקולאַציע, אַז די פּרייזן זאָלן שטייגן. דאָס אַלץ טוט איצט דער קאַפּיטאַליזם. און דאָס לעבן קאָן איצט זיין אַ גן־עדן פאַר אַלע מענטשן. דער קאַפּיטאַליזם וויל אָבער נישט וויסן פון אַלע מענטשן, נאָר פון אַ גאָר קליינער צאָל מענטשן, פון אַלע מאָל אַ קלענערער: פון די, וועלכע באַווייזן אַריינצוקריגן אין זייערע הענט דער וועלטס רייכטום וואָס די אַרבעטער באַשאַפן. אָן דער פאַרווירקלעכונג פון מענטשנס חלום וועגן אַ שיינער, אַ גערעכטער און פאַרברידערטער וועלט — וועט די מענטשהייט אונטערגיין. פאַרווירקלעכן דעם דאָזיקן חלום וועט דער סאָציאַליזם".

„דעם סאָציאַליזם גייט, אַלזאָ, אין יושר", האָט דער באַנקיר גענומען חוזקן. „און דו גלייבסט טאַקע, אַז די באָלשעוויקעס אין רוסלאַנד און די קאָמוניסטן דאָ מיינען גערעכטיקייט? — זיי ווילן אָבער בלויז קריגן דאָס וואָס מיר מיאוסע קאַפּיטאַליסטן — רויבער און מערדער, לויט דיינע רייד, מיין זון — האָבן; זיי ווילן זיין די רייכע, לעבן אַ גוטן טאָג און האָבן די מאַכט..."

אַדאַם ווייס האָט שטייף געשוויגן. ערשט נאָך אַ ווײַלע האָט ער זיך געווענדט צום פאָטער מיט אַ בקשה: איך וואָלט געוואָלט וויסן מער וועגן אונדזער גע־

נעאַלאָגיע. ס׳אינטערעסירט מיך. וועגן דיינע עלטערן ווייס איך. די באָבע געדענק איך נאָך גוט. זי האָט מיך גערופן אוריאל און נישט אַדאַם. טייל מאָל האָט זי מיך גערופן „שגצל״. „דו ביסט אַ קליין שגצל״, פלעגט זי מיר זאָגן. „דיין ברודער איז אַ גרויסער שגץ און דיין שוועסטער איז אַ שיקסע״. זי האָט מיך זייער ליב געהאַט. דיינע ברידער און שוועסטער, וואָס וווינען הי׳, קען איך. דעם פעטער גדליה האָב איך זייער ליב.

„דווקא אים?״ האָט דער פאָטער זיך געחידושט. „אַזאַ פרומען, אַזאַ פאַ־נאַטיקער? — צוליב זיין משוגענער פרומקייט האָט ער היזק שווערע טויזנטער אין האַנדל״.

„טאַקע דעריבער האָב איך אים ליב״, האָט אַדאַם באַטאַנט זיין ענטפער. „ווייל זיין גלויבן שטייט ביי אים העכער ווי געלט. לויט ווי דו האָסט מיר דערציילט וועגן זיידן, גראָט ער שטאַרק אַריין אין אים״.

„ניין״, האָט דער פאָטער אויסגעבעסערט דעם זון, „ער גראָט אַריין אין זיינס אַ פעטער, אין דיין זיידנס אַ ברודער. יענער איז צו זיין פרומקייט נאָך געווען אַ גרויסער עקשן, אַן אייזערנער כאַראַקטער. נאָכן דורכגעפאַלענעם אויפשטאַנד פון 1863 האָט ער אין געהיים ווייטער געאַרבעט קעגן דער רוסישער רעגירונג, ביז מ׳האָט אים געכאַפּט און אויפגעהאַנגען״.

דער יונגער אַדוואָקאַט האָט אויפגעריסן די אויגן: „דאָס האָסטו מיר קיין מאָל נישט דערציילט! — — —

דער באַנקיר האָט זיך פאַרענטפערט: „מאַמושאַ האָט נישט געוואָלט, אַז די קינדער זאָלן דאָס וויסן״. זעענדיק ווי שטאַרק דאָס האָט געווירקט אויפן זון, האָט פאַן איגנאַץ ווייס זיך געמאַכט פאַרוואָרף פאַר וואָס ער האָט דאָס דער־ציילט. ער האָט איינגעזעען אַז זיין פרוי איז געווען גערעכט. „זי איז אַ חכמה!״ האָט ער ביי זיך געטראַכט.

אַ שטאַרק באַזאָרגטער האָט אַדאַם געשפּרייזט הין און צוריק איבערן צימער. שטיין בלייבנדיק פאַרן פאָטער האָט ער אים אויף ס׳ביי גענומען אויס־פרעגן וועגן דער משפחה: „און פון דער מאַמעשיס צד? — וועגן אירע עלטערן ווייס איך: איר פאָטער האָט זיך אַליין אַרויפגעאַרבעט, איז פון אַ מעקלער ביי הייזער געוואָרן רייך. נישט זייער. וועגן אירע זיידעס און באָבעס ווייס איך גאָרנישט, מאַמושאַ וויל וועגן זיי נישט רעדן; זי וויל איבערהויפּט נישט רעדן וועגן אירע קרובים, אַפילו נישט וועגן אירע שוועסטער און ברידער, ווי זי וואָלט זיך מיט זיי געשעמט. זי וויל מיט זיי נישט האָבן צו טאָן: נישט זי גייט וועגן צו וועמען פון איר משפחה, און נישט ס׳קומט ווער פון אירע קרובים צו איר. איין פעטער אירער — איך קען אים — איז דאָך גאַנץ רייך, אַפילו אַן אַנגעזעענער: איך מיין פאַניע שוואַרץ, דער וואָס האָט דאָס באַרימטע מאַניפאַקטור־געשעפט אויף די נאַלעווקעס. ער איז אַ פרומער, האָט מען מיר געזאָגט. ר׳האָט אַ טאָכטער, אַ שיין מיידל״, האָט אַדאַם גענומען שפּאַסן.

אָבער דער באַנקיר האָט נישט געוואָלט רעדן וועגן זיין פּרויס משפּחה. די גענעאַלאָגיע, גראָד אַצינד, האָט אים געגומען דענערווירן. ס'איז אויך שוין געווען די העכסטע צייט פאַר אים צו פאָרן אין באַנק אַריין.

קאַפּיטל דריי

## עפּעס וואָס איז שטאַרקער נאָך ווי ליבע

1

דער יונגער אַדוואָקאַט האָט זיך דאַן אָפּגערעדט מיט מאַגדאַ, זיך מיט איר צו טרעפן אין זעלבן פּאַרק און אין דער זעלבער אַלעע, ווו ער האָט זיך מיט איר געטראָפן דאָס לעצטע מאָל. ס'איז געווען אַ שטאַרקע פראָסט, דער הימל פאַרוואָלקנט. אָבער אין אַ סויבלפּעלץ מיט אַ ברייטן שאַלאָווע קאָלנער פון קראַקול און אַ קראַקולן היטל, געפוטערטע זאַמשענע הענטשקעס און אין קאַלאָשן — איז אַדאַמען נישט געווען קאַלט. ווי אַנדערש די ביימער האָבן אויסגעזען אַצינד קעגן דעמאָלט, ווען ער האָט זיי געזען, שפּאַצירנדיק דאָ מיט מאַגדאַ! — דעמאָלט זענען אַ סך פון זיי נאָך געווען ווי אָפּגעטונקען אין גאָלד און אין בראָנדז און די מייסטע האָבן אויף זיך כמעט קיין איין בלעטל שוין נישט געהאַט, זענען געווען גאָל און אויסגעזען ווי סקעלעטן. אויף דער ערד זענען דעמאָלט געלעגן די אַראָפּגעפאַלענע געלע און ברוינע בלעטער; אַצינד אָבער זענען אַלע ביימער געווען ווי אָפּגעטונקט אין זילבער און די ערד האָט ווייס געשימערט.

אַ סך געדאַנקען זענען דעם יונגן אַדוואָקאַט, וואַרטנדיק אויף מאַגדאַ, דורכגעגאַנגען דורכן מוח. די מייסטע, נאַטירלעך, וועגן איר. ער האָט זיך געפילט ווי געפלעפט דערפון, וואָס ער האָט זי אַזוי ווייניק געקענט. זי איז אים שטענדיק אויסגעקומען אַ גאַנץ אַנדערע, ווי זי איז באמת געווען. הייסט עס, אַז אין זיין ליבע האָט ער אין איר געזען אַזעלכעס, וואָס איז אין איר לגמרי נישט געווען. „ליב איך זי איצט שוין נישט מער?" האָט ער זיך פלוצעם געפרעגט. ער האָט אָבער געפילט ווי דאָס האַרץ קלאַפּט אין אים שטאַרקער בלויז ביים דענקען וועגן איר. אין זיין נשמה האָט געקלונגען איר שיינע אַלטשטימע. ביים רעדן מיט איר היינט, דורכן טעלעפאָן, האָט איר שטימע געציטערט, וויברירט מיט אַזוי פיל צערטלעכער וואַרעמקייט... ס'איז אָבער אין איר שטימע היינט געווען אויך אַ באַהאַלטענער, פאַרצווייפלטער טאָן, באַזונדערס אין געוויסע מאָמענטן ביים רעדן...

שפּאַצירנדיק הין און צוריק אין דער אַלעע, שטאַרק פאַרטיפט אין די מחשבות זיינע — אַז ער האָט אַפילו נישט געהערט דאָס סקריפּען פונעם שניי

אונטער זיינע טריט — איז ער פלוצעם שטיין געבליבן פאַר אַ ברייטן קאַשטאַנבוים. אין דאַזיקן מאָמענט האָט ער זיך דערמאָנט, און בילדלעך דערזען פאַר זיך, ווי מאַגדאַ האָט אויף איר ווייסער האַנט געהאַלטן דעמאָלט אַ גוססדיקן, שוואַרצן מאַלוואָרם. זי האָט אים געפונען צווישן בלעטער (ביים שיער אַנידערפאַלן) און אים קובר געווען צווישן צוויי אַרויסשטאַרצענדיקע וואָרצלען פון אַ בוים. כמעט אינסטינקטיוו האָט דער יונגער אַדוואָקאַט מיט אַ פוס אַוועקגעשאַרט דעם שניי פון דעם אָרט ווו ער איז פלוצעם שטיין געבליבן, און — מערקווירדיק! — ס׳איז געלעגן דער מאַלוואָרם. דאָס חיהלע איז אַצינד געווען אַ סך קלענער ווי דעמאָלט, איינגעשרומפן; אָבער די בלויליכע שוואַרצקייט פונעם פעלעכל האָט כמעט נאָך גענוי אַזוי געגלאַנצט ווי דעמאָלט.

אַ סך פון דעם, וואָס ער האָט אויף יענעם שפּאַציר גערעדט מיט מאַגדאַ — און זי מיט אים — איז אַצינד אַרויסגעשווומען אין זיין זכרון. ער האָט אין דער מחשבה זיך געפרעגט: „האָט זי די באַדינגונג, איך זאָל מיך שמדן, מיר געשטעלט, ווייל זי ליבט דעם גראַף מער ווי מיך?... מעגלעך, אַז דאַדורך האָט זי געוואָלט אויסגעפונען ווער ס׳ליבט זי מער, איך, אָדער יענער; דורך דער גרייטשאַפט פון מיר צו ברענגען אַזאַ קרבן — וואָלט זי געוווסט, אַז איך ליב זי שטאַרקער ווי דער גראַף״... ביים דאַזיקן געדאַנק האָט ער דערזען מאַגדאַ אַנקומען. ער האָט אויפגעציטערט. איר אַקעגנגייענדיק האָט ער אַראָפּגענומען ס׳היטל פון קאָפּ און אַראָפּגעצויגן די הענטשקע פון דער רעכטער האַנט. זי האָט אים דערלאַנגט איר שמאָלע האַנט, אַ וואַרעמע (ווייל זי האָט זי אָקאָרשט אַרויסגענומען פון דער מופטקע) און ער האָט געקושט דאָס אָרט וואָס איז געווען נישט צוגעדעקט פון דער הענטשקע, דעם פיינעם געלענק.

ער איז געווען איבערגעוועלטיקט פון איר. אין איר טייערן הערמאַלינמאַנטל, אין וועלכן איר טאַליע איז אויסגעקומען נאָך דינער צוליב דער קלאָשאַווער ברייטקייט אונטן, דאָס הערמאַלינשאַליקל אַרום איר האַלדז און קאָקעטיש פאַרוואָרפן איין עק איבערן אַקסל הינטן און דעם צווייטן ביז איבער דער ברוסט פון פאָרנט, אינעם הערמאַלינהיטעלע און אויך די מופטקע פון הערמאַלין — אַ ווייסער מלאך אָן פליגל, אָבער מיט רויטע באַקן און לייכטנדיקע אויגן. אַזוי פיל פרייד און גליקזעלישקייט אין איר פנים אַצינד, אַזוי פיל שטראַלנדיקע ליבע אין איר בליק!... ער האָט חרטה געהאַט אויף זיינע געדאַנקען פריער. ס׳האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער זעט אויך געפייניקטקייט פון חרטה אין איר אויסדרוק אַצינד. ווי שיין זי איז!... ווי ס׳לייכט איר איידעלע נשמה!... אין איר שמייכל איז אַצינד געווען באַהאַלטענער ווייטיק און אירע ליפּן האָבן זיך עטוואָס געקרימט, ווי זי וואָלט זיך באַהערשט נישט צו וויינען. דאָס האָט דער פיינקייט פון איר אויסדרוק צוגעגעבן אַ באַזונדערן חן, אַ באַזונדערן כישוף.

„כ׳האָב געמיינט, אַז כ׳וועל אייך נישט טרעפן״, האָט זי געזאָגט אין פאַרלעגנהייט.

ער האָט זיך געחידושט: „פאַר וואָס דען? איך האָב דאָך שטענדיק גע־האַלטן מיינע ראַנדעוווּס".

„יאָ", האָט זי מיט פרייד באַשטעטיקט און געהיימנישפול געשמייכלט: „איך בין אָבער אַצינד געקומען אַ גאַנצע שעה פריִער לויט דער אָפּרעדונג"...

ער האָט אַרויסגעראַבלט זיין קליינטשיק זייגערל פונעם לינקן וועסטל־קעשענקעלע און זיך אויך צעשמייכלט: „און איך בין געווען נאָך פריִער... הייסט דאָס"...

2

נאָך אַ ווײַלע שפּאַצירן, ווען די פרייד פון טרעפן זיך, איז שוין געווען פאַר־שוווּנדן האָט אַדאַם דערזען פאַר זיך אַ גאַנץ אַנדערע מאַגדאַ, ווי זי איז געווען ביים אַנקומען. אין איר פּנים האָט ער געלייענט די צעריסנקייט פון איר נשמה, דעם קאַמף וואָס זי מאַכט דורך. אָבער אויך זי האָט דערקענט די ענדערונג וואָס איז פאָרגעקומען אין דער נשמה פונעם יונגן אַדוואָקאַט: ס'איז געווען געשריבן אויף זיין פּנים. נאָר די ענדערונג אין אים איז געווען אַ גאַנץ אַנדערע ווי אין איר. זי — צעריסן און פאַרווירט. ער — פאַרטיפטער, איידעלער, זיין גייסט קלאָרער. שיִער האָט זיך פון איר אַרויסגעריסן דער אויסרוף, וואָס האָט געשריגן אין איר האַרץ: „אַ, וואָס פאַר אַ חילוק! — ווי צווישן הימל און ערד, ווי צווישן גאָט און סאַטאַן" — — —

דער יונגער אַדוואָקאַט האָט געפרעגט זיין שעפס טאָכטער: „האָט אייער פאָטער אייך איבערגעגעבן, אַז ער האָט מיט מיר גערעדט וועגן אייך?"

זי האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן און שטיל באַשטעטיקט: „יאָ". זי האָט זיך שטאַרק געשעמט, און מוסיף געווען: „איך האָב מיך פאַרן טאַטעשי פולשטענדיק פאַרטרויט".

מיט ווייטיק האָט דאַן אַדאַם געפרעגט: „הייסט עס, אַז איר ליבט נאָך אַן אַנדערן?" — — —

זי האָט זיך מודה געווען.

„דעם גראַף קאַטאָווסקי?" — — —

זי האָט נישט געענטפערט.

ביידע האָבן געשוויגן.

נאָך אַ ווײַלע האָט דער יונגער אַדוואָקאַט געפאָרשט: „ווען איך וואָלט געווען אַ קריסט, וואָלט אייער ליבע געהערט מיר?"...

מאַגדאַס פּנים איז געוואָרן פורפעררויט, ס'האָט גענומען פלאַמען.

ער איז געוואָרן ביטער: „דער אונטערשיד צווישן מיר און דעם גראַף איז הייסט עס בלויז דער גלויבן?" — — —

פון איר צעווייטיקט האַרץ האָט זיך אַרויסגעריסן אַ געשריי: „ניין!" זי איז בלאַס געוואָרן. ווידער איז זי אַריינגעפאַלן אין דעם זעלבן פלאָנטער פון געפילן, אין וועלכן זי האָט זיך געפונען אין יענער נאַכט נאָך דער קאָלאַציע

ווען זי האָט זיך אין איר צימער געוואָרפן אויף די קני׳ען און הייס תפילה געטאָן צו דער „הייליקער מוטער״ און צו „גאָטס זון״. איר נשמה האָט זיך געצויגן צו אַדאַמען, אָבער איר גוף האָט געפלאַקערט צום גראַף טאַדעאוש, וועלכער האָט זי דערמאָנט אין „קמיטשעצן״, דעם העלד פונעם ראָמאַן „אַגניעם אי מיע־טשעם״. זי האָט זיך פאַרשטעלט דאָס פּנים מיט דער ווייסער מופּטקע. אַדאָם האָט זי גענומען אונטערן אָרעם, האָט זי צוגעפירט צו אַ באַנק און זי אַנידערגעזעצט אויף איר, פריִער אַפּווישנדיק דעם שניי. ער האָט זיך געזעצט לעבן איר. ס׳האַרץ איז אין אים געווען פול מיט רחמנות צו דער ליידנדער. ער האָט פאַרשטאַנען איר לאַגע און זיך דערמאָנט ווי איר פאָטער האָט זיך געבעטן ביי אים: „ראַ־טעווע מיין קינד״...

אָבער וואָס הייסט אין אַזאַ ענין ראַטעווען? — — —

ווידער זיך באַהערשנדיק, האָט מאַגדאַ גענומען רעדן דעריבער, וואָס זי האָט זיך פאַרגענומען צו רעדן מיט דעם, וועלכן זי האָט נישט אויפגעהערט צו ליבן: „איך קאָן אָן אַ העכערן אידעאַל נישט לעבן. אין הויז פון מיינע עלטערן האָב איך געזען בלויז צוויי זאַכן: דעם טאַטעשי — אָ, ווי ליב איך האָב אים! — שטענדיק אַ פאַרנומענעם פון זיין פראָפעסיע צוליב געלט, און די מאַמעשי — איך באַמי מיך זי ליב צו האָבן און קאָן נישט — שטענדיק פאַרנומען מיט אַרומגיין אין געשעפטן און קויפן, שאַפן זיך מיט דער דינסט און רעדן מיט ווייבער. ס׳קומען כסדר געסט. די דינסט באַקט, קאָכט און בראָט. צום עסן האַלט זי אין איין ברענגען: פולמיסקעס פיש, וואַזעס מיט זופּ, שיסלען מיט פליש, אַלערליי „יאַזשינעס״, קאָמפּאָטן, טאָרטן, איינגעמאַכצן, ווײַנען און ליקערן און קאָניאַקן און קאַווע און אויבסן און נאַשוואַרג. אַלץ ווערט אויפ־געגעסן, אויסגעטרונקען. די געסט — כמעט שטענדיק יידן — עסן אַ סך. זיי עסן גיריק, אָן מאַנירן ביים טיש. דערנאָך ציגאַרן, פּאַפּיראָסן. אַ פולע שטוב מיט רויך און מיט רייד. אַלע רעדן אין איינעם. איך אַנטלויף אין מיין צימער אַריין, מאַך צו די טיר, וויל לייענען; אָבער איך קאָן נישט: דער טומל, דער ליאַרם דרינגט דורך די ווענט. ניין, איך האָב אין דעם הויז, אין וועלכן איך בין געבוירן געוואָרן, קיין מאָל נישט געזען עפּעס אַנדערש ווי נאָר גראָבן מאַטעריאַליזם. דער טאַטעשי איז אַן אַטעיִסט, ער האַלט נישט פון קיין שום רעליגיע. ער גלייבט אין פּראָגרעס. איך זע אָבער דעם פּראָגרעס פון אונדזער היינטיקער צייט. ניין, איך האָב אַזוי נישט געקאָנט לעבן! מיין נשמה האָט געווייטיקט, געשמאַכטעט נאָך עפּעס וואָס איז נישט ערדיש! אַציינד בין איך גליקלעך. ווי הערלעך, ווי טיף און האַרציק איז די קריסטלעכע רעליגיע. פול מיט ליבע און מיטלייד צום נאָענטסטן, — צו אַלץ וואָס גאָט האָט געשאַפן, צו יעדן באַשעפעניש!... ריין און הימליש איז דאָס קריסטנטום! ווי ווערט אין דער קירכע מיין נשמה דערהויבן! ווי דערהויבן די תפילות זענען! אין געטלעכער שטילקייט איז מען, פול פון הייליקייט, ערפורכט און סודותדיקייט... דורך די שמאָלע, לאַנגע פענצטער מיט קאָלירטע שויבן קומט אַריין געדעמפט

ליכט... פול מיט געהיימנישקייט זענען די פלעמלעך פון די ברענענדיקע ליכט אין דער שאָטנדיקער טונקלקייט... אויף די ווענט הייליקע בילדער... דער אַל־טאַר... דער געקרייציקטער אויפן צלם מיט אויסגעשפּרייטע הענט יעדן אַרומ־צונעמען... ווי ווערט דאָס האַרץ צעריסן אין שמערץ און לייד!"...

טרערן האָבן זיך געגומען קאַליערן איבער אירע באַקן.

דער יונגער אַדוואָקאַט האָט אַ מיטפילנדיקער אויסגעהערט וואָס זיין שעפס טאָכטער האָט נאָך ווייטער גערעדט: וועגן אָרגל און דעם קינדער־כאָר פון בלויז יינגלעך, וועגן פאַרשידענע צערעמאָניעס, וועגן גלחס פריידיקן, וועגן דעם נוי ריין און דערלייזט זי פילט זיך יעדעס מאָל נאָך קאָמוניאָן. ער האָט זי געלאָזט רעדן. דאַן, ווען זי איז שטיל געוואָרן, ווייל זי האָט אים שוין מער נישט געהאַט וואָס צו זאָגן, האָט ער זי געמאַכט אויפמערקזאַם דערויף, אַז די מייסטע יידן זענען פרום, אַז די יידישע תפילות — גאָר, גאָר אַ סך — זענען זייער, זייער האַרציק און אומגעווייינלעך טיף. די מייסטע קריסטלעכע תפילות, האָט ער איר אָנגעוויזן, זענען גענומען פון די יידישע. איז דאָך תהלים, אין וועלכן ס׳זענען דאָ די טיפסטע אויסגוסן פון דער מענטשלעכער נשמה, געשאַפן פון יידן. יידן בעטן זייער אַ סך, אין זייערע שולן און אין דער היים.

זי האָט אים איבערגעריסן: „ווען איך בין געווען אַ קליין מיידל האָט מאַמושאַ מיך אַ מאָל מיטגענומען אין אַ יידישער „בוזשניצע", ס׳איז דעמאָלט געווען דער יידישער יום־כיפור. (זי גייט נאָך היינט אין דאָזיקן טאָג בעטן). באָזשע מוי! סאָרע בעטן איז דאָס געווען! — אַלע האָבן געשריגן ווי אויף אַ יאַריד. איך קען נישט די יידישע געבעטן. אפשר זענען זיי טאַקע שיין און טיף; אָבער די יידן"...

אַדאַם איז געווען איבערראַשט: ער האָט דערזען, אַז זיין שעפס טאָכטער איז נישט קיין סך ווייניקער אַנטיסעמיטיש ווי איר ברודער, דער מיאוסער משומד, הגם מ׳קאָן זיי איינער מיטן צווייטן נישט פאַרגלייכן. „אַנטשולדיקט מיר", האָט ער איבערגעריסן אירע אַנטיסעמיטישע רייד. „איך וויל פאַר אייך נישט פאַרטיידיקן די יידן, מיין פאָלק, פון וועלכן אויך איר שטאַמט. אָבער איר האָט פריער געזאָגט, אַז אָן אַ העכערן אידעאַל קאָנט איר נישט לעבן. איז די ליבע נישט קיין גענוג הויכער אידעאַל?" — — —

זי האָט געענטפערט היציק: „ניין, דאָס איז צו פּערזענלעך".

„הם"... ער האָט געשוויגן אַ מאָמענט, נאָכגעטראַכט, און מסכים געווען: „איר זענט גערעכט. און דער סאָציאַליזם?"

זי איז אויפגעשפּרונגען און נישט געלאָזט ווייטער רעדן: „דאָס איז גראָבער יידישער מאַטעריאַליזם! גליק און גליקזעליקייט איז אינעם מלכות השמים, אין דער גלאָריע פון יעזוס קריסטוס!"

דער יונגער אַדוואָקאַט איז אויפגעשטאַנען.

זיי זענען זיך צעגאַנגען. זייערע וועגן זענען געווען אַנטקעגנגעזעצטע, האָבן געפירט אין אַנטקעגנגעזעצטע ריכטונגען.

קאַפּיטל פיר

## דעם יצר־הרעס אַ זיסער ביסן

1

אינעם געקאָך פונעם יידישן פערטל פאַרנעמט די גאַלעווקי גאַס דעם בכבודיקסטן און יחוסדיקסטן אויבנאָן אין מסחר. די הייזער זענען דאָרט רחבות־דיקערע, די געשעפטן גרעסערע און שענערע. די ברייטע אויסגעפּוצטע וויס־טאַוועס פון שניט, פון פּוץ און לוקסוס אַרטיקלען, פון קאָלאָניאַל און אַנדערע סחורות, גיבן דער דאָזיקער גאַס דאָס אויסזען פון גרויסשטאָטישקייט, פון ברייטן פאַרנעם און ציוויליזירטן שטייגער. באַזונדערס ווען מ'קוקט אויף פּאַניע שוואַרצס געשעפט. די נאַלעווקעס האָט אַפילו אַ פּאַרק און גרענעצט מיט דער באַנק געגנט. אין דער דאָזיקער גאַס איז אַ פאַרזעצונג פון דער שוואַרצער בערזע, וואָס הייבט זיך אָן אויפן „פּלאַץ באַנקאָווי". וואַלוטשאַזשעס און שפּעקולאַנטן דרייען זיך דאָ איבער דער גאַס הין און צוריק, צעקאָכטע און צעטומלטע. זיי שמועסן און רעדן. איינער ביים אַנדערן טאַפּט, שמעקט, וויל אַרויסקריגן וואָס יענער האָט צו פאַרהאַנדלען אָדער וויל קויפן, ציט ביי דער צונג און קריכט אין האַרץ אַריין. פאַרמוחטע, די קליינע היטעלעך אַרויפגערוקט, פאַרדאגהט. כמעט יעדן דורכגייער לויפט נאָך אַ גאַנצע כאַפּטע און איינער ביים אַנדערן וויל אויסכאַפּן: „פּעטערשי... פּאַניע שאַנאַווני... פּריץ־לעבן... איר האָט עפּעס אויסצוטוישן ?... דאָלאַרן... פונטן... יאָך צאָל אַ גוטן מקח... יאָך צאָל מער... יאָך — דעם העכסטן פּרייז"... כמעט ביי אַלע זענען די אויגן צעשראָקענע, ווילד אַרומלויפנדיקע בליקן, וואָס קוקן אין אַלע זייטן אויב ס'קומט נישט קיין מיליציאַנט... אין קאָפּ הוזשען ציפערס: הונדערט טויזנט... אַ מיליאָן... הונדערט מיליאָן... דער המשך פון „פּלאַץ באַנקאָווי".

פּאַניע שוואַרצס שניטגעשעפט אויף די נאַלעווקעס איז דאָס גרויסאַרטיקסטע. פון דעסטוועגן רופן אַ סך מענטשן דעם באַלעבאָס פונעם דאָזיקן געשעפט נאָך אַלץ ר' מנשהלע, ווי זיי האָבן אים גערופן ווען ער איז נאָך געווען אַן אָרעמער, קליינער קרעמער. זיינע ידידים, וואָס פאָרן צום זעלבן רבין, זאָגן אים „דו" און רופן אים פּשוט „מנשה". אָנגעטאָן — ווי פאַר דרייסיק יאָר נאָך: אין אַ סאַ־מעטן היטל, אין אַ לאַנגער, געהאַקטער קאַפּאָטע. פון דער שיטערער, רויטער באָרד איז גאָרנישט געווירט. אַדרבא, אים אַרט וואָס זי איז נישט גרעסער. ער געהערט צום אַלטן שניט, צו די נישט געפּעלשטע חסידים, ער פּערזענלעך האָט זיך גאָרנישט געענדערט, געענדערט האָט זיך בלויז זיין געשעפט. ס'זענען אָבער געווען צייטן ווען ער האָט אַפילו זיין געשעפט, אַ קליין קרעמל דעמאָלט, נישט געוואָלט ענדערן. ער האָט נישט געהאַלטן פון קיין גרויסע, שיינע וויס־טאַוועס, פון האָבן אַ סך אָנגעשטעלטע. „דאָס קאָסט דאָך געלט" האָט ער גע־

טענהט צו זיין פרוי און געחוזקט: „אפשר קויפן אויך אַ קאַסע, אַ גלאַנצנדיקע פון ניקל, זי אַוועקשטעלן אין אַ ,גלעזערנער שטייג׳ מיט אַן אָפן פענצטערל און אַוועקזעצן דאָרט אַ קאַסירערין, אַ יפהפיה מיט אָפּגעמאַלעוועטע בעקלעך, אַ יצר־הרעניצע, וואָס זאָל ציִען קונים?... און שיינע משרתים, אויסגעפּוצטע פּאַצעטלעך פאַר די דאַמעלעך, וואָס קויפן טוען זיי נישט, אָבער הייסן זיך ווייזן נאָך און נאָך אויסלענדישע סחורות?... דאָס ווילסטו, שרהלע, הע?... מוחל, מוחל!״

אַזוי האָט מנשהלע געטענהט אַ מאָל צו זיין יונג ווייבל. ער האָט דעמאָלט געוואָלט, אַז די שניטקראָם, וואָס ער האָט געירשנט פונעם פאָטער, זאָל בלייבן ווי געווען. ס׳איז געווען נישט לאַנג נאָך דער חתונה. געוווינט האָט ער אין דער הינטערשטער שטוב פונעם געוועלב. דאָרט איז ער געזעסן ביים טיש איבער אַ הייליק ספר, אַריינגעקוקט דערין, אָדער געלערנט אויפן קול. אין געוועלב איז געשטאַנען שרהלע. ווען זי האָט געהאַט אין שטוב צו טאָן: צו רוימען אָדער קאָכן — איז ער, דער מאַן, געזעסן אין געוועלב. אויך דאָ האָט ער אַריינגעקוקט אין אַ ספר. אַז ס׳איז אַריינגעקומען אַ קונה — האָט ער אים באַדינט. נאָר שרהלען האָט דאָס נישט געפעלן. איר פאָטער איז געווען אַ גרעסערער סוחר ווי דעם מאַנס פאָטער, דער שווער אירער. ביי אירע עלטערן איז זי געוווינט געווען צו אַ ברייטער לעבן. נאָר פאַרקוקט האָט זי זיך מער אויף דעם באַנקיר איגנאַץ שוואַרץ, וועלכער האָט זיך פון זיין פרויס צד אָנגעהערט אַ קרוב, אָבער נישט געוואָלט וויסן פון איר און איר מאַן, ווייל זיי האָבן געהאַט אַ קליין שניט־געוועלבל און זענען געווען אָרעם. דאָס האָט שרהלען געקרענקט און זי האָט זיך פאַרגענומען אויך רייך צו ווערן. האָט זי גענומען איינטענהן מיט איר מאַן, אַז ער זאָל דינגען אַ גרעסער געשעפט און אַן אַנדערע דירה. זי האָט אים געשטופּט און געשטויסן צו באָרגן געלט, איז אַליין געגאַנגען צו איר פאָטער (ר׳האָט נאָך דעמאָלט געלעבט) נאָך אַ הלוואה, גענומען אַ הלוואה אויך אין אַ באַנק, געבאָרגט געלט ביי די קרובים אירע, וועלכע ס׳איז געגאַנגען נישט שלעכט און האָבן איר געוואָלט העלפן. ביסלעכווייז האָט שרהלע גענומען אויס־פירן וואָס זי האָט געוואָלט. דער מאַן האָט זיך געווערט, אָבער ער האָט זי גע־ליבט און דעריבער געפאָלגט איר שטאַרקן ווילן. און שרהלע איז געגאַנגען אַלץ ווייטער, זי האָט גענומען שטייגן אַלץ העכער און געצויגן נאָך זיך דעם מאַן, ביז זי האָט דערגרייכט דאָס איריקע: דאָס גרעסטע און שענסטע שניט־געשעפט אויף די נאַלעווקעס, דאָס מאָדערנסטע, מיט אַ סך גרויסע וויסטאַוועס אַלאַ פאַריז. מענטשן בלייבן שטיין און גאַפן. און די באַדינונג? — טאָקע שיינע מיידלעך און עלעגאַנטע יונגעלייט, די קאַסע איז אַ ניקלנע און בלישטשעט אין אַ „גלעזערנער שטייג״ און הינטער איר זיצט אַ יפהפיה, נישט בלויז מיט געמאַלעוועטע בעקלעך, נאָר מיט רויט־געפאַרבטע ליפן און רויטגעפאַרבטע לאַנגע נעגל. שרהלע האָט נאָך געוואָלט, אַז נישט אין דער ייִדישער, נאָר אין דער קריסטלעכער געגנט, אויף מאַרשאַלקאָווסקאַ גאַס זאָל זי האָבן דאָס גע־שעפט; אָבער דאָס האָט זי ביים מאַן שוין נישט געקאָנט פועלן.

וועגן זיין פרוי טראַכט ר׳ מנשהלע דער חסיד אַזוי: „זי איז דער ווינט, וואָס דרייט די פליגל פון דער מיל... זאָל זי זיין געזונט״. ער האָט זי ליב ווי אין די יונגע יאָרן נאָך דער חתונה. ווען ער האָט בעת דער מלחמה אָנגעהויבן ווערן נאָך רייכער, אַלץ רייכער און רייכער און גענומען ווערן באַלעבאָס פון אַלץ מער הייזער, האָט ער דאַן וועגן זיין שרהלען געטראַכט: „נישט קיין ווינט, וואָס טרייבט די פליגל פון דער מיל איז זי, נאָר אַ שטורעם, וואָס טראָגט אין אַ ווילדן גאַלאָפּ אַ שיף אויפן ים הגדול״... ער האָט דעמאָלט אָנגעהויבן שוין אַ ביסל מבולבל צו ווערן און געזאָגט צו זיך: „אַזאַ שטורעם קאָן די שיף — גאָט זאָל שומר ומציל זיין — נאָך פאַרטראָגן ווער ווייסט וווהין״... און ער האָט זיך פאַרגענומען: „כ׳מוז, ווי אַ קאַפּיטאַן, שטיין אויפן ‚גאַניקל׳ און אַכטונג געבן״... דעמאָלט האָט שרהלע געוואָלט זיך אַרויסציִען פון דער אָרעמער יידישער געגנט. זי האָט געטענהט צום מאַן: „מיינע נערוון... כ׳האַלט עס נישט אויס אין דעם טומל און געקאָך, אין דעם רעש און געפּילדער. אין דער געגנט פון די „לאַזשענקעס״ איז שטילער, לופטיקער״. אָבער אויך אין דעם פּונקט האָט דער פרומער ר׳ מנשהלע נישט נאָכגעגעבן זיין פרוי. ער איז דעמאָלט באַשטאַנען אויף ס׳זייניקע: צו בלייבן וווינען אין דעם גרויסן הויף אין דער סאַמע געדיכטעניש פון יידן. שבת האָט ער גענומען אָפּהיטן מיט נאָך גרעסערער שטרענגקייט ווי פריִער: פּרייטיק האָט ער דאָס געשעפט געשלאָסן אַ האַלבע שעה פריִער ווי ער האָט שטענדיק געשלאָסן, ער איז געוואָרן זהיר אין דער קלענסטער עבירה.

און דאָך איז דער פרומער גביר — שוין אַ מיליאָנער דעמאָלט — געוואָרן נאָך אַלץ רייכער. אַפילו די הייזער, אין וועלכע ס׳האָבן צום גרעסטן טייל געוווינט אָרעמע לייט, אביונים, ווי אין יענעם גרויסן הויף מיט די דריי טייל־ונגען, האָבן אים אַריינגעבראַכט גענוג געלט. אָבער ער האָט מיט די עסקים פון די הייזער: ווי פאַרדינגען די דירות, איינקאַסירן דאָס דירה־געלט וכדומה — נישט געוואָלט האָבן צו טאָן. דאָס אַלץ האָט געהערט צו די פאַרוואַלטערס פון די הייזער, קריסטלעכע און נישט קיין יידישע, ווייל אַזוי האָט שרהלע געוואָלט, און זי האָט מיט זיי געפירט די חשבונות. ער האָט אָנגעהויבן געבן מער צדקה, אַ גרעסערן פדיון דעם רבין. ער האָט פאַר דער שטוב — אַ גאַר גרויסע, וואָס ער האָט אָפּגעגעבן פאַר אַ ‚שטיבל׳ — נישט גענומען קיין דירה־געלט. מ׳דאַוונט דאָרט יעדן טאָג, יידן זיצן און לערנען, זאָגן תהילים. פאַר די צוויי שטיבן, וואָס ער האָט פאַרדינגען אויף אַ „תלמוד תורה״, נעמט ער די העלפט פונעם פּרייז. פאַר אַ וועלטלעכער יידישער שולע האָט ער קיין שטיבן נישט געוואָלט פאַר־דינגען; אָבער די טאָכטער: זי האָט ביי דער מוטער געפּועלט צו פאַרדינגען שטיבן אויף אַן „אַפּיקורסישער״ שולע.

## 2

פון נאָך דער מלחמה אָן האָט אָבער ר׳ מנשהלע שוואַרץ דאָך אָנגעהויבן

פילן אַלץ שטאַרקער, אַז זיין לעבן איז נישט מער דאָס זעלבע פון אַמאָל. ס׳ייִדישקייט אין זיין הויז איז אויסגעוועפּט געוואָרן. די טאָכטער איז לויט זיין מיינונג אַוועק לתרבות רעה. מיטן זון איז ער אויך נישט געווען צופרידן. געהאַט האָט ער בלויז די צוויי קינדער, מער האָט אים שרהלע נישט געבוירן. (ער זאָגט נישט. אַז גאָט האָט אים נישט געגעבן, ווייל ער ווייסט, אַז גאָט וואָלט אים געווען געגעבן מער קינדער ווען זיין פרוי וואָלט געוועין געוואָלט).

דעם פרומען עושר איז שלעכט. ער ליידט. אין זיין גרויס געשעפט מוז ער זיין פון פרימאָרגן ביז ער שליסט עס. אָבער ער האַלט זיך צו מייסט אויף אינעם הינטערגרונט: פאַרשטופּט ער זיך ערגעץ אין אַ ווינקל. ער איז אַ קליין יידל, מיט קליינע קורצע פיס און קליינע קורצע הענט. ער וויל קיינעמען נישט זען און וויל נישט געזען ווערן. שוין אַ שטיקל צייט אַזוי. ס׳זענען דאָ גענוג אָנגעשטעלטע, פאַרקויפערס און פאַרקויפערינס צו באַדינען די קונים, אַ קאַ־סירערין ביי אַ קאַסע, בוכהאַלטערס, וואָס פירן די ביכער. פאַניע שוואַרץ, דער באַלעבאָס פונעם געשעפט און פון אַ סך, אַ סך הייזער, ווערט געפייניקט פון שרעקלעכע געדאַנקען. די אָנגעשטעלטע ווייסן וועגן וואָס ס׳ליידט זייער פּרינציפּאַל. טייל פון זיי, באַזונדערס קאַנאַריק און טעריק, רעדן צווישן זיך אָפט מאָל מיאוסע רייד דעריבער, ווינקען זיך איבער מיט „ממזרישע״ בליקן און כיכיקען.

„ס׳שטייען שוין ווידער צוויי שגצים פאַר דער טיר!״ רופט די קאַסירערין. „ביידע זענען סטודענטן פון דער ,שקאָלאַ האַנדלאָוואַ׳! זיי האַלטן פלאַקאַטן מיט דער אויפשריפט, ,סוואָי דאָ סוואָגאָ׳ און לאָזן נישט אַריין קיין קונים! מ׳מוז אַרויסגיין צו זיי!״

פאַננאַ סאַלטשאַ שיינבלום איז די ערשטע ביי דער טיר. נאָך איידער זי האָט די טיר געעפנט זענען די שגצים אַנטלאָפן. זי איז באַזונדערס אויסער זיך וועגן דעם בויקאָט, וואָס די אַנטיסעמיטן פירן קעגן יידישן האַנדל. יעדעס מאָל, ווען פאַר דער טיר שטעלן זיך אַוועק שגצים (אַ מאָל אויך שיקסעס) מיט פלאַקאַטן, ווערט זי אויפגעקאָכט. די מיינסטע פון די אָנגעשטעלטע, וואָס רופן זי איראָניש „חברטע״, פאַרשטייען נישט פאַר וואָס אַ סאָציאַליסטקע זאָל זיך אָננעמען פאַר די בורזשויעס: גיט זיי די חברטע שיינבלום אַ לעקציע: „מיר קעמפן קעגן אַנטיסעמיטיזם, פונקט ווי מיר קעמפן קעגן קאַפּיטאַליזם און רע־אַקציע!״.

נאָר דער באַלעבאָס פונעם געשעפט ווייסט אַפילו נישט אַצינד וואָס דאָרט קומט פאָר. ס׳הערן נישט אויף אים צו פייניקן די געדאַנקען וועגן שרהלען. ווען די דייטשע אַרמייען זענען אַריינגעקומען קיין פוילן האָט דאָס געשעפט אָנגע־הויבן גיין שלעכט, וועגן דעם „מאַראַטאָריום״ און די ענדערונג אינעם געלט — די פאַפּירענע מאַרקן האָבן בכלל קיין גרויסן ווערט נישט געהאַט — האָט ער צו די הייזער נאָך דערלייגט. דער דייטש האָט דאָס לאַנד געוומען רויִנירן, אויסליידיקן, שטעלן בדיל הדל יעדן איינעם. איז שרהלע אַוועק צום קאָמענדאַנט.

ר׳ מנשהלע פאַרמאַכט די אויגן און טרייבט פון זיך די בייזע מחשבות. ער פאַרריכט די שוואַרצע ברילן אויף דער נאָז, ווייל ס׳דוכט זיך אים, אַז די ברילן פאַלן אים אַראָפּ. אייגנטלעך דאַרף ער זיי גאָרנישט. זיינע אויגן זענען געזונט. ער האָט זיי אָנגעטאָן — שוין עטלעכע יאָר — ווייל ער וויל נישט, אַז מענטשן זאָלן אים קוקן אין די אויגן אַריין. אויף די נאָז זיינע איז אַ קליינע, גאָר אַ פּיצל נעזל. וועגן שרהלען קאָן ער גאָרנישט אויפהערן טראַכטן. ווידער זאָגט ער זיך: „אפשר איזס פאָרט נישט געווען אַזוי?״... פּלוצעם האָט ער זיך צעלאַכט אַזוי הויך, אַז די אָנגעשטעלטע האָבן זיך אַזש גענומען אָנקוקן איינער דעם אַנדערן. קאַנאַריק האָט אַ ווונק געטאָן מיט די ממזרישע אויגן צו טעריקן און ביידע האָבן גענומען כיכיקען. שרייט דער פּרינציפּאַל פון זיין טונקעלן ווינקל אין הינטערגרונט צו זיינע „סוביעקטן״: „וואָס לאַכט מע דאָרט, האַ?!״ ער פאַררוקט די קליינע הענטלעך אונטער די פּאַכוועס און וואַרעמט זיי דאָרט. ס׳איז אים קאַלט, הגם אינעם געשעפט בריַענען גרויסע גאַזאויוונס און ס׳איז גענוג וואַרעם. ער צווינגט זיך צו טראַכטן וועגן געשעפט, אַזויערנאָך צו פאַרטרייבן די געדאַנקען וועגן שרהלען, וואָס עסן אים פּשוט אויף, ווי ער עסט אויף די נעגל פון די פינגערביים כסדרדיקן בייסן זיי.

אין געשעפט גייט אויך נישט גוט. פון צייט די מלחמה האָט זיך געענדיקט האָט אינעם געשעפט אָנגעהויבן גיין אַלע מאָל ערגער. די פאַרקויפערס און פאַרקויפערינס האָבן שוין כמעט גאָרנישט מער וואָס צו טאָן. די אויסגעפּוצטע יפהפיה אין דער „גלעזערנער שטייג״ ביי דער קאַסע מאַניקירט זיך ווידער די נעגל, פּודערט זיך ס׳שיינע נעזל, הערט נישט אויף זיך צו שפּיגלען, פאַרבן די ליפּלעך. כדי דאָך עפּעס צו טאָן, ציילט זי פון צייט צו צייט ס׳געלט און מאַכט זיך כלומרש חשבונען אינעם בוך. דאָס אייגענע טוט דער גלאַווונער בוכאַלטער אין זיין קאָנטראָל: ער מישט די גרויסע ביכער אַהין און אַהער, הייסט דעם געהילף זיינעם דערלאַנגען פאַרשידענע קוויטונגען, חשבונות, וועקסלען. די פאַרקויפערס און די פאַרקויפערינס נעמען אַראָפּ פון די פּאַליצעס שטיקער סחורה וויקלען זיי אויף, גלעטן די פיינע ווייכקייט פונעם סאַמעט. פונעם קרעפּטאַשין, פונעם בראָקאַט און פון די אַנדערע טייערע סחורות. טייל פילן דערביי אַ געוויסן תענוג, ווי זיי וואָלטן באַרירט יונג לעבעדיק לייב. דאַן וויקלען זיי די שטיקער סחורה צוזאַמען און לייגן זיי צוריק אַרויף אויף זייערע ערטער. זיי ווילן נישט שטיין ליידיק און זוכן זיך אויס אַרבעט. מ׳לייגט איבער און מען הענגט איבער די מוסטערס אין די וויסטאַוועס. ס׳איז דאָ גענוג ליידיקע צייט פאַר די שיינע פאַרקויפערינס צו חנדלען זיך און צו וואַרפן צניעהדיק־שמאַכטנדיקע בליקן צו די פּאַצעטיש אויסגעפּוצטע „סוביעקטן״ און צו קריגן פון זייערע עזותדיקע אויגן פייערדיקע ליבע־פאַרשפּרעכונגען...

3

די טיר האָט זיך געעפנט און ס׳זענען אַריינגעקומען צוויי קונים, צוויי

יונגע, אויסגעפוצטע דאַמען. הינטער די דאַמען איז נאָכגעקומען אַן אַלטער, אָבער קרעפּטיקער און ריין געקליידטער מאַן. קאַנאַריק און טעריק זענען צו־געגאַנגען צו די דאַמען און סאַלטשאַ צום מאַן. אַלע דריי האָבן זיך פאַרנייגט פאַר די קונים און געפרעגט מיט וואָס זיי קאָנען דינען. נאָר דער אַלטער, אין אַ האַרטן קאַפּעלוש און מיט אַ גרוי צוגעשוירן בערדל, האָט געפרעגט פאַר־חידושט: „וואָס, נישט דערקענט?" „אַך, פּאַניע לישיי!" האָט זיך סאַלטשאַ אַנטשולדיקט און אים געוויזן צום הינטערגרונט ווו דער באַלעבאָס איז געווען.

קאַנאַריק און טעריק, ביידע מיט עלעגאַנטע צוגעשוירענע וואָנסעלעך, שיינע יונגען, ממש האַרצצעברעכער, פאַרפירער, בלויז מיט אַ בליק און געריסענע פאַרקויפערס, האָבן אויפן שאַרמאַנטעסטן אופן באַדינט די צוויי דאַמען. אַלערליי סחורות האָבן זיי געוויזן: שעוויאָט, גאַרבאַדין, קרעפּטאָשין. זיי האָבן גע־אַרבעט מיט די געשליפענע צינגלעך. כישוף־מאַכער. די צוויי דאַמען האָבן זיך געהייסן ווייזן אַנדערע סחורות, נאָך אַנדערע. זיי האָבן געטאַפּט די שטאָפן, זיך פאָסמאַקעוועט מיט די קאָמפּלימענטן, וואָס די צוויי שיינע יונגעלייט האָבן נישט געזשאַלעוועט, אָבער געקויפט האָבן די דאַמען נאָך אַלץ נישט.

פּאַניע שוואַרץ האָט פון זיין באַהעלטעניש געכאַפּט אַלע מאָל אַ בליק צו די צוויי קונים. ער האָט פון דער ערשטער רגע אָן געזען, אַז זיי וועלן נישט קויפן. נישט קאָנענדיק זיך לענגער באַהערשן, איז ער אַן אויפגערעגטער צו־געקומען צום בופעט און שנעל אָפּגעפּאַרטיקט די צוויי דאַמען „זאָלן זיי גיין!" האָט ער געשריגן נאָך איידער די טיר האָט זיך צוגעמאַכט און זיך גענומען צו די צוויי „סוביעקטן", וועלכע ער האָט פיינט געהאַט: „איר דער־קענט נישט ווער ס'איז אַ קונה און ווער נישט? צוויי ‚לאַטערקעס' זענען דאָס געווען! גייען אַרום פון געשעפט צו געשעפט, ווייל זיי ווייסן נישט וואָס צו טאָן מיט דער צייט. און איר — ביידע זענט איר דאָך די אמתע העגער — האָט איר נישט גלייך געזען, אַז די צוויי נקבות האָבן בלויז געוואָלט, אַז איר זאָלט זיי טאַפּן די ווייכע, אויסגעכאַליעטע הענטלעך ביים ווייזן די סחורה!"...

דער חסיד האָט זיך צעלאַכט ווי פריִער אין זיין באַהעלטעניש אינעם הינטער־גרונט.

טייל פון די פאַרקויפערינס האָבן זיך פאַרשעמט און זיך אַוועקגעדרייט. אַנדערע האָבן זיך צעכיכיקעט, ווי פריִער, ווען זיי האָבן פונעם הינטערגרונט דערהערט דעם באַלעבאָס לאַכן.

„וואָס לאַכט איר?" האָט דער „פּרינציפּאַל" זיך ווידער געבייזערט אויף זיינע „סוביעקטן". „ס'איז אפשר נישט אַזוי ווי כ'האָב געזאָגט? וואָס מיינט איר, קאַנאַריק? און איר, טעריק? — זענען נישט אַלע ווייבער?"...

דער באַלעבאָס פונעם גרויסן געשעפט און פון אַ סך הייזער איז צוריק אַוועק אין זיין באַהעלטעניש, אינעם טונקלען ווינקל פונעם הינטערגרונט. דאָרט האָט אים דער אַלטער לישיי באַגעגנט מיט געמאַכטער זאָרג און מיט־פילנדיקייט: „וואָס איז מיט אייך, פּאַניע שוואַרץ? אַזעלכע רייד... כע־כע־כע"...

מיט באַהאַלטענער נקמה האָט ער גענומען אים אויסרעדן און טרייסטן: „נאַ־רישקייטן, פּאַניע שוואַרץ"...

ר' מנשהלע האָט איבערגעפּרעגט, ווי ער וואָלט נישט פאַרשטאַנען: „נאַ־רישקייטן — וואָס מיינט איר?" — — —

„ס'לוינט זיך נישט אָפּצועסן זיך ס'האַרץ דעריבער", האָט דער אַלטער מיטן ווייסן בערדל, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ ווייסער שקאָרמעץ, איבער־געחזרט. „איר זענט אין דער דאָזיקער זאַך נישט איינער... ס'איז געווען מלחמה... ס'זענען געקומען די דייטשן... ס'איז געוואָרן כמעט אין גאַנצן אויס האַנדל... די זשאַנדאַרן האָבן רעקווירירט אַלץ וואָס ס'האָט געהאַט אַ ווערט... פאַר יעדן פּיצל מסחר האָט מען געמוזט קריגן אַ דערלויבעניש פונעם קאָמענדאַנט... ווער ס'האָט געהאַט אַ שיינע יונגע פרוי אָדער אַ שיינע טאָכטער... ס'איז נאַריש־קייטן... ס'לוינט זיך נישט דעריבער צו ליידן... ווי זאָגט דער קלוגער שלמה המלך? — ,הבל הבלים, הכל הבל'... אַזוי דוכט זיך שטייט געשריבן. אין די קליינע פּינטעלעך, ר' מנשה"...

דער רייכער חסיד האָט נישט ליב געהאַט קיין חניפה און אָפּגעשטעלט דעם אַלטן, דעם אַ מאָל געוועזענעם בעקעריונג, אָבער אַצינד שטיינרייכער גביר. נאָר זעענדיק, אַז יענער ווייסט עפּעס וועגן זיין טראַגעדיע, האָט ער גענומען פאָרשן ביי אים: „וואָס מיינט איר מיט ,הבל הבלים'?" —

„איך מיין"... דער קרעפּטיקער זקן און גרויסער בעל־עבירהניק האָט זיך גענומען קראַצן הינטערן אויער. ער האָט ר' מנשהלען אָנגענומען ביי אַן אַרבל און אים געצויגן: „קומט אַ ביסל ווייטער, יענע דאָרט זאָלן נישט הערן... יאָך וויל מיר טאַקע פאַר אייך אַ ביסל אַראָפּרעדן פון האַרץ... יאָך האָב שוין עטלעכע מאָל געקלערט מיאָך אַריינצוכאַפּן צו אייך און מיט אייך טאַקע... נישט שטענדיק קאָן מען אַלץ אַרומטראָגן אין האַרץ... נאָר גאַי זיך אַ מענטש צו דערציילן אַזעלכע זאַכן... פאַר אייך אָבער... נאָר מ'דאַרף זיך היטן פאַר אייערע סוביעקטן: זיי דערלעבן בלויז אַ נקמה און חוזקן... מיאָר הייסן דאָך ביי זיי ,בלוטזויגער'"... זיך צוריקציענדיק מיט ר' מנשהלען נאָך טיפער, אינעם הינטערגרונט האָט דער אַלטער גענומען דערציילן: „וועגן מיין ליובע איזס... יאָך האָב זי נאָך אַלץ ליב, ווי יאָך וואָלט ערשט נאַכטן מיט איר חתונה געהאַט... וויל"... דער בעל־עבירה האָט זיך צעהירזשעט: „זי איז ווערט מ'זאָל זי ליב האָבן... שיין ווי דער טאָג און יונג; פריש ווי גוט אויסגעבאַקן ברויט ערשט פון אויוון אַרויס... איאָר קענט זי דאָך. ווי אַלט איז זי געווען ווען איאָר — כ'מיין אייאָר שרהלע — האָט זי צוגענומען פאַר אַ דינסט? — אַ קינד נאָך געווען, אַ יתומה אפשר פון צוועלף יאָר. פונקט אַזוי לאַנג איז, אַז יאָך האָב מיט איאָר חתונה געהאַט. קיין יונגערמאַנטשיק בין יאָך דעמאָלט שוין טאַקע נישט געווען, איאָר ווייסט עס דאָך, פּאַניע שוואַרץ. אָבער וואָס איז די נפקא מינה? — מ'קאָן ביי זיבעציק זיין יונג און ביי פערציק, אַפילו ביי דרייסיק שוין זיין עובר לפוציק... אַנטשולדיקט, ר' מנשה; ס'האָט זאָך מיאָר אַרויסגעכאַפּט

פון מויל. ס׳שטעקט נאָך אין מיאָר דער געוועזענער בעקעריונג. נאָר צוריק־צוקומען אויף ליובא. ווען איך האָב זי געזעגענט — פאַר צוועלף יאָר — איז זי ביי אייך געווען אַ דינסט און יאָך האָב דעמאָלט שוין געהאַט אַן אייגענע בעקעריי. דערביי איז זי נאָך געווען אַ באַרעדטע און שוין נישט קיין אַכצן יעריקע... ביי מיאָר האָט זי אויפגעבליט... יאָך זאָג אייך — אַ געטין, ווי מע זעט אין טעאַטער... און אַ קאָפּ האָט זי פון אַ מיניסטער... און אַ צינג — אַ שאַרף מעסער... אַ מויל אויף שרויפן... מיין פאַרמעגן אַצינדאָ: די גרויסע דאַמפבעקעריי מיט אַן אייגענער מיל, די הייזאָר, אַלץ אַ דאַנק ליובא״...

„וויפל הייזער, אַלטער בעל־עבירה? — מ׳זאָגט אַ פערטל מאה״.

„אַ חיליק, איינס מער, איינס ווייניקער. נאָר דאָ הויבט זאַך אַן די מעשׂה. ליובא איז, ווי אַ סך אַנדערע, געגאַנגען צום קאָמענדאַט — ווי איר ווייסט — וועגן אַ קאָנצעסיע, ווייטער צו פירן די בעקעריי. די קאָנצעסיע האָט זי נישט באַקומען, אָבער אַן אַנדערע קאָנצעסיע, צוצושטעלן מעל פאַרן מיליטער. דערנאָך האָט זי געקריגן אַ צווייטע קאָנצעסיע. ליובא האָט ליב צו שטייגן: זי האָט זאַך דערשלאָגן צום סאַמע ראש, צו לודענדאָרפן אַליין. ער פלעגט דערנאָך קומען מיט דער סוויטע זיינער צו אונדז עסן געפילטע פיש. איי, ווי ער האָט געסמאַקעוועט!... ליובא קאָן קאָכן אַפילו פאַרן קייסער!... דאָס ווייסט איר דאָך, פאַניע שוואַרץ; אייך ליגט באָך אַוודאי דער טעם אין מויל פון אירע מאכלים ווען זי האָט ביי אייך געקאָכט. ליובא האָט אַליין באַדינט די געסט... סאַרע טייערע וויינען־שאַמפּאַניער — זי האָט צוגעגרייט פאַר זיי!... אַ קלייניקייט: דער ,סאַמעראַדנער׳ מיט אַ סוויטע גענעראַלן!... זי איז אַלע מאָל געפאָרן קיין בערלין... נו, יאָ... אָבער... ווי יאָך האָב שוין געזאָגט: נאַ־רישקייטן... אַזוי זאָגט טאַקע ליובא אַליין... זי האָט מיאָר דערציילט, אַז אייאָר שרהלע, איאָר געוועזענע מאַדאַם״...

נאָר דאָ האָט ר׳ מנשהלע אָפּגעשטעלט דעם אַמאָליקן בעקעריונג: „וועגן שרהלען זאָלט איר אייך נישט דערוועגן צו רעדן!״

דער אַלטער האָט זיך גענומען פאַרענטפערן. ווי אַן אויסגעפּאַטשטער האָט דער אויפגעקומענער עושר זיך אָנגעהויבן צו באַקלאָגן אויף דער שלעכטער צייט: „די פאָגראָמען האָבן יאַקאַש אויפגעהערט; אָבער שלאָגן אַ ייִד אין גאַס, אַפילו דערהרגענען צום טויט — אויף דער פּראָווינץ — טרעפט זיך נאָך געזנוג. נאָר דער באַיקאָט איז ערגער ווי פּאָגראָם. אַ סך פּריצים, און אַפילו פּויערן, ווילן מיאָר נישט פאַרקויפן קיין תבואה. אַ סך קריסטלעכע געשעפטן האָבן אויפגעהערט צו נעמען ביי מיאָר געבעקס. די מאַכט מאַכט אַלערליי שוועריקייטן ביי געבן ייִדן פּאַטענטן. די שטייערן רויִנירן גאַנץ פּשוט״.

נאָר צו ר׳ מנשהלען איז געקומען זיין ידיד ר׳ אפרים גאָטליב און דער אַלטער פאַן לישיי איז אַוועקגעגאַנגען.

4.

מיט זײַן איצטיקן גאַסט האָט דער חסיד זיך דערפרייט: „וואָס מאַכסטו, אפרים"? האָט ער ביים דערזען אים אויסגערופן „וואָס זאָגסטו גוטס?"

ר' אפרים גאָטליב האָט איבערגעפרעגט מיט אַ טאָן פון פאַרוווּנדערונג: „גוטס? — געלויבט השם יתברך דערפאַר"...

„יאָ, שווער, שווער", האָט ר' מנשהלע געקרעכצט. ער האָט אויסגעטאָן די שוואַרצע ברילן און אַ לענגערע ווײַלע געקוקט אויפן גאַסט. דאַן האָט ער די ברילן צוריק אָנגעטאָן און גענומען רעדן: „מיר זענען שטענדיק געווען און מיר זענען אויך היינט דער ציל פאַר די גיפטיקע פיילן פונעם רשעס בויגן. ווילדע חיות, דורשטן נאָך בלוט. אָבער ס'זענען נישט בלויז זיי. אויך מיר. נאָך בלוט לעכצן מיר נישט; דאָך זענען מיר שוין געגנוג געזונקען. אונדזער יאָגן זיך נאָך עשירות ווייסט מער נישט פון קיין גרענעץ און מיר שטעלן זיך פאַר גאָרנישט מער אָפּ".

ר' אפרים גאָטליב האָט דערקענט, אַז זײַן ידיד איז שטאַרק פאַרביטערט, אַז ער ליידט גרויסע יסורי הנפש. ער האָט זיך משער געווען וועגן וואָס, ווייל אויך צווישן די חסידים האָבן זיך אַרומגעטראָגן פאַרשידענע קלאַנגען וועגן שרהלען, ר' מנשהלעס פרוי. אויסרעדן אים די עגמת נפש, האָט ר' אפרים געטראַכט, אים זאָגן, אַז מ'טאָר נישט געבן אויף רכילות, אַז אַ מאַן טאָר נישט חושד זיין זיין פרוי סיידן ער אַליין האָט זי געטראָפן ביי דער עבירה, אָדער ס'זענען דאָ עדות, וואָס האָבן געזען — דאָס טויג נישט. האָט ער גענומען רעדן בלשון רבים, ווי זיין ידיד האָט פריער גערעדט: „דאָס, וואָס דו זאָגסט, מנשה... אפשר ביסטו אויף אַ געוויסן אופן גערעכט; אָבער... דער חורבן איז גרויס, ווי ס'איז נאָך אַ שטורעם.. דער שטורעם האָט פון אונדזער בוים אָפּ־געפליקט בלעטער, אַפילו אָפּגעבראָכן צווייגן... מיטן יונגן דור איז גאָר שלעכט: איין טייל, די סאָציאַליסטן, האָבן רחמנא לצלן אין גאַנצן פאַרלאָזט דעם יידישן דרך". ער האָט אַ שווערן זיפץ געטאָן: „מיין טאָכטער, די בת־יחידה... דער צווייטער טייל, די ציוניסטן, לייקענען אין משיחן".

„ווי מיין זינדל, ווי דער בן יחיד מיינער", האָט ר' מנשהלע געזאָגט מיט צאָרן. ער האָט זיך צעלאַכט בייז און שטעכיק: „זיי גייען קיין פאַלעסטינע... דאָס, אפרים, איז גאָר עפּעס אַנדערש: זיי גייען קיין פאַלעסטינע, נישט קיין ארץ־ישראל... זיי פאָרן; מיט דער באַן, מיט דער שיף — ווי קיין אַמעריקע"... אָפּגעזאָגט — האָט ער פעסט צוזאַמענגעשלאָסן די ליפּן און געשוויגן.

ר' אפרים גאָטליב האָט מיט זיינע שוואַרצע, סאַמעטווייסע אויגן געקוקט פול מיט רחמנות אויף זיין ידיד, וועלכער איז געווען פאַרגעלט פון ווייטיק, וואָס ער האָט נישט געקאָנט אַרויסרעדן. ער האָט געשוויגן, געהאַט שברות הלב. אַ גלעט טוענדיק זיין שיינע, שוואַרצע באָרד, האָט ער גענומען ממשיך זיין: „נישט בלויז דער יונגער דור. צו די ציוניסטן שטייען איצט שוין צו אַלץ מער אנשי שלומנו, אַפילו רביים".

דער פאַרביטערטער האָט פּלוצעם אָנגעהויבן שרייען: „ד״ר הערצל; אַ נייער שבתי צבי, ימח שמו! און דער גויִישער אונטערפירער: באַלד־פאָר״... ער האָט זיך ווידער צעלאַכט, ווי צוויי מאָל שוין היינט, וואָס איז געווען ווי שניידן מיט אַ מעסער גלאָז... ער האָט געלאַכט און געלאַכט און נישט געהערט ווי דער זון איז אַריינגעקומען, ווי ער איז צוגעקומען צו אים און אים גערופן: „טאַטעשי! טאַטעשי!״

עזרא — די מוטער און די שוועסטער האָבן אים גערופן עזראַשען — איז געגאַנגען פון גימנאַזיום און האָט אָפּגעטרעטן אינעם געשעפט, כדי אַהיימ־צורופן דעם פאָטער צו מיטאָג. ער איז געווען אַ חסידיש־נגידיש בחורל פון אַ יאָר פופצן. אַצינד איז ער געווען אָנגעטאָן אין דעם אוניפאָרם פון אַ גימ־נאַזיסט, וואָס לערנט אין אַ העברעיִשער גימנאַזיע. דאָס איז געווען דער מוטערס ווילן, זי האָט געוואָלט אויזשען זאָל באַקומען אַ וועלטלעכע בילדונג; דעם פאָטערס ווונטש איז אָבער געווען, אַז זיין בן־יחיד, זיין עזרא, זאָל גיין אין זיין דרך: ער זאָל זיין פרום, ער זאָל לערנען אין אַ ישיבה. אָבער קעגן שרהלעס ווילן האָט ר׳ מנשהלע נישט געקאָנט צו פיל אויספירן. זענען מאַן און פרוי איינגעגאַנגען (אויך אין גידול בנים) אויף אַ פשרה: אַ האַלבן טאָג וועלטלעכע בילדונג אין גימנאַזיע־אוניפאָרם און דעם צווייטן האַלבן טאָג אַ גע־האַקט קאַפּאָטקעלע, נישט צו לאַנג, עלעגאַנט געמאַכט, אַ סאַמעטן היטעלע מיט אַ נידעריק דענקעלע, און אַ מלמד איז געקומען מיט אים לערנען גמרא. אויך האָט ער דעם בלאָנדן פוך פון די ראָזע בעקלעך נישט געטאָרט טשעפּען, נישט מיט קיין גאָלמעסער און נישט מיט קיין שער. ער האָט אַפילו געמוזט טראָגן צוויי קליינע פּאהלעך, וועלכע ער האָט באַהאַלטן הינטער די אויערן, הינטער דעם היטל, ווען ער האָט זיך געפילט זיכער קעגן פאָטערס אויגן...

„וואָס שרייסטו אַזוי, טאַטעשי?״ האָט עזרא־אויזשען געפרעגט. נאָך דער פאָטער האָט אים נישט געענטפערט, ער האָט בייז אַ ווייז געטאָן דעם גאַסט זיינעם: „אָט זעסטו, אפרים! דאָס זענען זיי, די וואָס ווילן נישט וואַרטן אויף משיח בן דוד, אַז ער זאָל קומען און אונדז אויסלייזן פונעם גלות און צוריק־ברענגען אונדז אין אונדזער הייליק לאַנד. אינעם לאַנד פון אונדזערע אָבות! זיי ווילן זיך אַליין דערלייזן! ענגלאַנד איז זייער משיח!... ענגלאַנד גיט זיי פּאַלעסטינע!... פּאַלעסטינע — אפשר יאָ; אָבער נישט ארץ־ישראל... און שול־דיק אין דעם, וואָס ער — מיין זון, אַז אַך און וויי איז צו מיר — איז גע־וואָרן אַ ציוניסט, איז שרהלעס קרוב, דער באַנקיר איגנאַץ (נישט יהודה) ווייס!״ ער האָט אַ מאַך געטאָן מיט אַ האַנט. אין דעם מאָמענט זענען אַריינ־געקומען אינעם געשעפט די פרוי און די טאָכטער און צוזאַמען מיט זיי סור־זאַנאַ, די מוזינקע פונעם באַנקיר ווייס, ווענענס נאָמען דער פאַרביטערטער ר׳ מנשהלע האָט אָקאָרשט דערמאָנט.

עזרא־אויזשען איז רויט געוואָרן דערזעענדיק סוזאַנאַן, וועלכע ער האָט גערופן (ווי ס׳איז געווען איר ווילן) שושנה. אויך זי איז געגאַנגען פונעם

גימנאַזיום אַצינד (נישט פונעם זעלבן אין וועלכן איר פלימעניק האָט געלערנט) און געטראָפן די „טשאַטשע" (אַזוי האָט זי שרהלען גערופן, פונקט ווי זי האָט גערופן מנשהלען „וויאַשעק", הגם קיין מומע און קיין פעטער זענען זיי איר נישט געווען) מיט געניאַן און איז מיט זיי מיטגעגאַנגען. אַלע דריי זענען דערשינען אינעם הינטערגרונט. סוזאַנאַ איז צוגעלאָפן צום „פעטער" מיט אַ פריילעכן און קלינגענדיקן „שאַלאָם" און אַ קוש געטאָן זיין האַנט, כאָטש ער האָט איר שוין אַ מאָל געהאָט געזאָגט, אַז ער איז נישט קיין גלח און זי זאָל אים נישט קושן די האַנט. ביים זאָגן עזראַן „שאַלאָם" איז זי — ווי ער — רויט געוואָרן (דאָס טרעפן אים דאָ איז געווען אומגעריכט. באַטירלעך האָט די מוטער איר פאַרבאָטן צו קומען צו די שוואַרצס; אָבער זי האָט זיך מיט אַ סך פאַרבאָטן פון דער מוטער נישט גערעכנט. דאָס פאַרבאָטענע האָט זי געטאָן בסוד, ווי געוויינלעך).

„מיר גייען פונעם שפאַציר", האָט סאַבינאַ (שרהלע) געזאָגט צו איר מאַן, „האָבן מיר אָפּגעטרעטן נאָך דיר, אַז דו זאָלסט מיט אונדז גיין אַהיים צום מיטאָג".

קאַפּיטל פינף

## ס'איז געקומען ווי ס'האָט געמוזט קומען

### 1

ס'איז אַוועק נישט קיין גאָר לאַנגע צייט פון דעמאָלט, ווען דער באַנקיר און זיין פרוי האָבן זיך דערוווסט, אַז זייער גרעסטער זון איז פאַר זיי ווי געשטאָרבן (אָדער נאָך ערגער) און שוין אַ נייע צרה: סוזאַנאַ. ניין, זייערע צוויי לעצטע קינדער זענען זיי נישט געראָטן. (צום גרויסן אונטערשייד פון די ערשטע צוויי). דער ערשטער זון און די ערשטע טאָכטער זענען געגאַנגען אויפן פאָטערס וועג. אַדאַם אָבער, און אַצינד אויך שוין סוזאַנאַ, האָבן זיך פונעם פאָטערס וועג אָפּגעקערט. אמת, סוזאַנאַ, נישט אַזוי פיל, אָדער ריכ־טיקער: זי גייט, אַדרבא, אויפן פאָטערס וועג; אָבער מיט איר „קינדערישן שכל" און אין איר „קינדערישן ענטוזיאַזם" פאַרשטייט זי דעם פאָטער פשוטו כמשמעו, אַ ביסל צו איינפאַך, וואָס מיינט קינדעריש, אָדער נאַריש. דער פאָטער פרעדיקט ציוניזם — איז זי געוואָרן אַ ציוניסטקע; דער פאָטער פרעדיקט, אַז דאָס יידישע פאָלק זאָל פאָרן קיין פאַלעסטינע, זאָל זיך אומקערן אינעם הייליקן לאַנד, — אינעם לאַנד פון די אָבות און עס צוריק אויפבויען — וויל זי פאָרן קיין פאַלעסטינע, זיך אומקערן מיט איר פאָלק אינעם הייליקן לאַנד פון די אָבות און עס

העלפן, צוזאַמען מיט אַלע, צוריק אויפבויען. זי טענהט: „איך בין אַ קינד פון מיין ייִדיש פאָלק!" דער באַנקיר, איגנאַץ ווייס, דער אָנגעזעענער ציוניסט, האַלט, אַז גורם געווען זיין סוזאַנאַס באַשלוס צו ווערן אַ חלוצה, זיך איינצוזעקשנען מ'זאָל זי שיקן אויף „הכשרה", כדי צו קאָנען עולה זיין קיין ארץ, איז שולדיק די פּראָוואָקאַטאָרישע פּראַגע פּונעם מיאוסן אַסימילאַטאָר יאַנוש אייגער דעמאָלט ביי דער פייערונג. וואָלט ער נישט געווען געפרעגט: „ווער איר, זייער פאַרער־טער פאָן ווייס, פאָרן קיין פּאַלעסטינע?" וואָלט די היציקע סוזאַנאַ נישט געווען פייערלעך אויסגערופן: „אני!" און ס'וואָלטן אַצינד נישט געווען מיט איר אַזעלכע צרות.

פון דעמאָלט אָן (נאָך יענער פייערונג) האָט סוזאַנאַ גענומען אַרבעטן מעשים, אַז מ'זאָל זי שוין שיקן אויף „הכשרה". זי האָט געליאַרעמט און גע־וואַלדעוועט: „דו, טאַטוש, פּריידיקסט ציוניזם, אַז דאָס ייִדישע פאָלק זאָל זיך אומקערן אין לאַנד פון די אָבות און עס צוריק אויפבויען, און אַליין ווילסטו בלייבן אין גלות!" נאָר שולדיק געווען אין איר איינגעשפּאַרטקייט — אויב עפּעס דרויסנדיקס, זייטיקס איז בכלל שולדיק געווען — איז נישט געווען די פּראָוואָקאַטאָרישע פּראַגע פון יאַנוש אייגער, ווי ס'האָט געמיינט דער באַנ־קיר, נאָר ענדער ר' מנשהלע שוואַרצס בן יחיד, עזרא־אויזשען, וועגן וואָס ער האָט אַפילו נישט געוווּסט. (וואָלט דער באַנקיר דאָס יאָ געווען געוווּסט, וואָלט ער ערשט אמתדיק געווען פאַרשטאַנען פאַר וואָס זיין פּרוּי האָט נישט געוואָלט וויסן פון די שוואַרצס, פון איר פרומען פעטער מנשה און די מומע סאַבינאַ, וואָס האָט פאַר קאָנצעסיעס פאַרראַטן איר מאַן מיט דייטשע אַפּיצירן).

2

און ס'איז געקומען דער מאָמענט, ווען סוזאַנאַ האָט אירע עלטערן מודיע געווען, אַז זי גייט פאָרן אויף „הכשרה". זי האָט גלייכצייטיק אויך אויסגעזאָגט, אַז זי גייט אַלע מאָל אַהין צום „פעטער" מנשה און צו דער „מומע" סאַבינאַ, און אַז זייער זון עזרא, איר פלימעניק, פאָרט אויך אויף „הכשרה". אין דעם באַנקירס הויז איז געוואָרן חושך, שיִער ווי דעמאָלט ווען די עלטערן זענען געוואָר געוואָרן, אַז זייער זון איז געוואָרן אַ סאָציאַליסט. פאַר ראָזאַליאַ איז אויך געווען אַן אומגליק דאָס, וואָס דאָס דאָזיקע טעכטערל איז דאָך געוואָר געוואָרן פון די שוואַרצס, זיך אַפילו דערוווּסט זייער אַדרעס און איז בגנבה אַהינגעגאַנגען צו זיי — ווער ווייסט ווי לאַנג שוין. ווי אַ בייזע חיה, ווי אַ יונגע פאַנטערין איז די שיינע ראָזאַליאַ געוואָרן, ווען די „פּיסקאָוואַטאַ" האָט מגלה געווען איר סוד און זיך נאָך גערייצט דערביי: „כ'האָב זיי ליב, דעם „פעטער" מנשה און די „מומע" סאַבינאַ! נאָר דעם „פעטער" האָב איך מער ליב ווי די „מומען", כאָטש ער איז קעגן ציוניזם, ווי די מיינסטע חסידים, וואָס זאָגן, אַז מע דאַרף וואַרטן אויף משיחן". דער באַנקירשעס אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן פון צאָרן, ס'האָט געפלאַקערט אין זיי שיִער דאָס זעלבע פייער ווי

אין די פאַספּאָר־אויגן פון יענער ווילדער חיה, פון וועלכער זי האָט די פעל אין איר בודואַר אַזוי משונה ליב געהאַט. „דיין ציוניזם!" האָט זי דעם מאַן אַ שמייך געטאָן אין פּנים אַריין. אין איר קעפּל איז גלייך געבוירן געוואָרן דער געדאַנק, אַז דאָס „פּאַסקודסטוואָ", ווי זי האָט אין אַזאַ אויפרעגונג גערופן די מוזינקע, איז פאַרליבט אין איר „פעטערס" זון און דאָס איז די סיבה וואָס זי רייסט זיך אַזוי אַצינד אין אַ „הכשרה": זי וויל דאָרט זיין מיט דעם בחור. די מאַמע האָט אָפּגעמאָסטן דאָס „טעכטערל" מיט אַ דורכדרינגלעכן בליק און ס׳איז איר אַצינד באַזונדערס אויפגעפאַלן סוזאַנאַס שוין שטאַרק אַנטוויקלטער בוזעם. (דער געדאַנק, וואָס איז איינגעפאַלן דער מוטער, איז געווען ריכטיק: סוזאַנאַ איז טאַקע געווען פאַרליבט אין עזראַן, ווי ער אין איר).

אָבער קעגן דעם נייעם אומגליק האָט דער באַנקיר זיך פאַרגענומען צו קעמפן. סוזאַנאַס ווילן האָט ער געהאַט דעם כוח זיך אַקעגנצושטעלן: ער האָט בלויז באַדאַרפט רופן צו זיך זיין פּערזענלעכן סעקרעטאַר מר. אָדער פאַניע גאָרדען און אים זאָגן אַזוי און אַזוי, ער זאָל מודיע זיין אין „החלוץ"־ביוראָ, אַז מ׳זאָל זיין טאָכטער סוזאַנאַן... אאַז"ו און ער האָט טאַקע אַזוי געטאָן.

ס׳איז אָבער אונטערגעקומען נאָך אַן אומגליק, אַ דריטס, וואָס האָט געהערט צום ערשטן, ווייל ס׳איז געווען בלויז אַ לאָגישער פּועל־יוצא. אַדאָם האָט דעם פאָטער (נאָך אַ געוויסער צייט) צווויסן געטאָן, אַז ער גייט חתונה האָבן מיט אַ מיידל, וואָס הייסט אַדאַ.

„אַדאַ? — ווער איז זי?" האָט דער פאָטער געפרעגט.

„איר פאָטער האָט אַ טריקאָטאַזש־פאַבריק", האָט אַדאָם געענטפערט, „אַ פרומער ייִד, אַ גרויסער חסיד".

„אַ גרויסע פאַבריק?" האָט דער באַנקיר געפאָרשט.

„ניין", האָט דער סאָציאַליסט געענטפערט, „ענדער אַ ווערקשטאַט".

„אַזוי... און ווי הייסט דער דאָזיקער פאַב־רי־קאַנט?"

„גאָטליב".

„אפרים גאָטליב?"

„יאָ".

דער באַנקיר האָט שאַדנפריידיק געלאַכט: „ער קאָן קיין מאָל נישט באַצאָלן פינקטלעך קיין וועקסל: כמעט שטענדיק דעקט ער די אַלטע מיט נייע וועקסלען. נדן וועט ער אַוודאי אויך געבן אַ וועקסל"...

„כ׳וועל נישט נעמען", האָט אַדאָם געשפּאַסט. און זעענדיק אַז דער פאָטער פאַרשטייט נישט: „אַדאַ האָט דעם נדן אין זיך"...

„כ׳פאַרשטיי", האָט דער פאָטער אַ שמייכל געטאָן. „די ליבע"... און נאָך אַ מאָמענט שווייגן: „אַ סאָציאַליסטקע אַוודאי, פון דער חברה"...

דער זון האָט שטאָלץ באַשטעטיקט: „יאָ".

„און ווען קלייבסטו דיך חתונה צו האָבן מיט איר?"

דער אַדוואָקאַט האָט געענטפערט צווײדײטיק: „מיר װעלן אַװדאי די טעג דינגען אַ דירה״...

דער פּאַטער האָט איבערגעלאָזט דעם זון און איז אַרויס פונעם צימער.

3

דער באַנקיר האָט באַשלאָסן וועגן דעם נייעם אומגליק דערווייל נישט צו זאָגן זיין פרוי, איר דאָס צו פאַרשוויגן אַזוי לאַנג ווי מעגלעך, ווי ער האָט געטאָן, ווען ער איז געוואָר געוואָרן פונעם זון, אַז ר'איז געוואָרן אַ סאָציאַליסט. אָבער ווי דעמאָלט, האָט אויך אַצינד נישט געדויערט זייער לאַנג און ראָזאַליאַ איז געוואָר געוואָרן, אַז אויך די צוקונפטיקע שנור אירע איז אַ סאָציאַליסטקע. ווי טריומפירנדיק האָט זי געזאָגט צום מאַן: „כ'האָב מיך דערויף געריכט. אויך דו, איגנאַץ, האָסט דיך באַדאַרפן דערויף ריכטן. ס'איז דאָ אַ שפּריכוואָרט: ,סאָרע טעפל אַזאַ שטערצל'. האָסטו דען געקאָנט האָפן, אַז ער וועט נעמען אַן אַנדערע ווי ער אַליין איז? מאַגדאַ, זיין שעפס טאָכטער — אַזאַ שיינע, אַ גע־בילדעטע, אַן איידעלע — זי האָט אים פּשוט פאַרגעטערט, אַזוי האָט זי אים געליבט. איך ווייס דאָס און איך ווייס, אַז אַדאַם האָט אויך זי שטאַרק געליבט, געוועזן פאַרליבט אין איר. ער האָט אָבער אַוודאי פאַרלאַנגט פון איר, אַז זי זאָל ווערן אַ סאָציאַליסטקע, ווי ער איז געוואָרן אַ סאָציאַליסט. זי האָט נישט גע־וואָלט. אַצינד איז זי שרעקלעך אומגליקלעך. און שולדיק אין איר אומגליק איז טאַקע ער, אונדזער זינדל. ווייל ער האָט געוווּסט, אַז ס'שדכנט זיך צו איר דער גראַף קאַטאָווסקיס זון, דער וויסטער שאַרלאַטאַן, און אַז זי — אַזאַ פיינע — וועט אַריינפאַלן אין זיינע ברוטאַלע הענט. אָבער דאָס האָט אים נישט געאַרט; אַז זי האָט נישט געוואָלט ווערן דאָס, וואָס ער איז געוואָרן, איז זי פאַר אים געוועזן אַ בורזשויקע. מיר זענען פאַר אים קאַפּיטאַליסטן. דעריבער האָט אים נישט געאַרט אַז מיר וועלן ליידן דאַדורך, וואָס ער וועט ווערן אַ סאָציאַליסט און ס'אַרט אים נישט, אַז ער האָט אויף אונדז — אויף זיינע עלטערן און אויף זיין גאַנצער משפחה — געבערענגט אַזאַ אומגליק. ער האָט אַ שטיינערן האַרץ, ווי אַלע סאָציאַליסטן״.

פאַן איגנאַץ ווייס האָט אַרומגענומען זיין פרוי און ביידע האָבן געוויינט.

4

און געשען איז דאָס אַלץ גראַד אין דער צייט ווען דער באַנקיר איגנאַץ ווייס איז אַרויפגעשטיגן ביז גאָר הויך אויף דער לייטער פון עשירות, רום און גליק. זיינע באַנק־געשעפטן זענען פון נאָך דער מלחמה אַן געוואַקסן, ווי ס'וואַקסט אַ לאַווינע... פאַנטאַסטישע רווחים — גראַד ווען דאָס לאַנד איז עקאָנאָמיש גע־זונקען אַלץ טיפער און טיפער. אָבער נישט בלויז רייכטום און פערזענלעך גליק האָט דער באַנקיר דערגרייכט, נאָר אַפילו דאָס נישט פערזענלעכע, זיין חלום, זיין אידעאַל, איז געקרוינט געוואָרן מיט דערפאָלג: דער ציוניזם האָט אָנגעהויבן

פֿאַרווירקלעכט צו ווערן און גראָד אין דער דאָזיקער צייט האָט אויף זיין הויז זיך אַראָפּגעלאָזט איין אומגליק נאָכן צווייטן.

שושנה, געוואָר ווערנדיק אין פּאַלעסטינע־קאָמיטעט פֿאַר חלוצים און הכשרה, אַז דער פֿאָטער דערלויבט נישט זי צו שיקן אין אַ הכשרה, איז אַוועק צום פֿאָטער און אים געשטעלט דעם דאָזיקן אולטימאַטום: „אויב דו ציסט נישט צוריק דיין פֿאַראָרדענונג — וועסטו נישט וויסן ווו איך בין אַהינגעקומען! איך גיב דיר דריי טעג צייט!"

די דאָזיקע דראָונג האָט דער פֿאַרליבטער פֿאָטער גענומען גאַנץ ערנסט. ער האָט גוט געקענט זיין מוזינקע, זיין ליבלינג, געוווּסט וואָס פֿאַר אַ טעמ־פּעראַמענט זי האָט, סאַרע שטאַרקער כאַראַקטער זי איז. ס'איז שווער קעגן איר צו קעמפֿן. אויב זי נעמט זיך עפּעס פֿאַר — איז שווער זי אָפּצוהאַלטן דערפֿון. וואָס דאָס טעכטערל וועט טוען נאָך די דריי טעג, אויב ער וועט איר נישט נאָכגעבן — דאָס האָט דער פֿאָטער נישט געוווּסט; אָבער ער האָט זיך געשראָקן פֿאַר איר דראָונג: זי קאָן אָפּטאָן דאָס ערגסטע.

און סוזאַנאַ איז מער נישט געקומען צום טיש עסן. ס'האָט נישט געהאָלפֿן קיין שיקן נאָך איר, דעם פֿאָטערס פּערזענלעך קומען אין איר צימער און זיך בעטן ביי איר; זי איז געבליבן איינגעשפּאַרט: זי וועט נישט עסן. האָט דאָס עסן איר געברענגט קלאַראַ; אָבער סוזאַנאַ האָט זיך נישט צוגערירט דערצו. אַזוי איז אַוועק דער ערשטער טאָג. זי איז נישט געגאַנגען אין גימנאַזיום און נישט אַריינגעלאָזט אין איר צימער דעם לערער, וואָס האָט איר געגעבן פּיאַנאָ־לעקציעס. אינעם צווייטן טאָג איז זי פֿון דער היים אַוועק גאַנץ פֿרי און קיינער האָט נישט געוווּסט וווּהין. די זון האָט זיך שוין אָנגעהויבן זעצן און סוזאַנאַ איז נאָך אַלץ נישט געווען צוריק אין דער היים. דער צעשראָקענער פֿאָטער האָט גענומען זען די ווייסל פֿאַר זיך...

נאָר אין דעם מאָמענט איז קלאַראַ אַריינגעקומען און געמאָלדן, אַז דאָס קינד איז שוין געקומען און געזאָגט: „אָבער עסן וויל זי ווייטער נישט; זי איז זייער בלאַס און שטאַרק אָפּגעשוואַכט".

די שיינע ראָזאַליאַ ווייס האָט באַקומען מיגרענע. זי האָט געשריגן, אַז מ'זאָל ביידע אַרויסטרייבן פֿון הויז: דעם „רוסישן באַלשעוויק", וועלכער וועט האָבן אַ מיאוסן סוף, און זי ווינטשט אים דעם דאָזיקן מיאוסן סוף: אַז מ'זאָל אים אַרעסטירן און ער זאָל אין דער תּפֿיסה פֿאַרפֿוילט ווערן, אָדער מ'זאָל אים אויפֿ־הענגען. און דאָס „פֿאַרשאָלטענע פּאַסקודטססטוואָ", די „חצופֿה": „זאָל זי גיין! זאָל זי טוען וואָס זי וויל!"

איז די גאַנצע שווערקייט געפֿאַלן אויף פּאַן איגנאַץ ווייס פּלייצעס. ער האָט גענומען פֿירן אונטערהאַנדלונגען מיטן ליבלינג, מיט דעם „טייערן מזיק", זיך געבעטן ביי איר: „קאָכאַנאַ זוזאַנאַ... געליבטע טאָכטער"... אָבער זי האָט זיך געמאַכט נישט הערנדיק. איז דער פֿאָטער איבערגעגאַנגען פֿון פּויליש אויף העברעיִש, אויף דער שפּראַך, אין וועלכער ער האָט ביי איר ענדער געקאָנט

עפּעס דערגרייכן. נאָר אַצינד האָט אים אויך דאָס נישט געהאָלפן. סוזאַנאַ איז געבליבן פעסט ביי איר באַשלוס: „אויב דו לאָזט מיך נישט אויף הכשרה, כדי כ'זאָל דערנאָך קאָנען פאָרן קיין פּאַלעסטינע"...

און געבליבן איז אין גאַנצן נאָך איין טאָג.

דער פּאַרצווייפלטער פאָטער האָט דערפילט ווי ס'ווערט אים קאַלט. די אויגן זענען אים געקראָכן פון די לעכער אַרויס... פּלוצעם אַ גליקלעכער געדאַנק: „אַ פּשרה!" —

„סאָרע?"

„ענדיק די גימנאַזיע"

„און דאַן?" —

„דאַן"...

סוזאַנאַ האָט פאַרלאַנגט שוואַרץ אויף ווייס: אַז ווען זי וועט ענדיקן די גימ־נאַזיע דערלויבט ער איר פאָרן אויף הכשרה און דאַן (גלייך) קיין ארץ־ישראל. דאָס זעלבע זאָל ער שוואַרץ אויף ווייס געבן דעם פּאַלעסטינע־קאָמיטעט. דערויף האָט דער באַנקיר נישט געוואָלט איינגיין. ער האָט זיך באַליידיקט: „געטרויסט מיר נישט אויפן וואָרט?"

דער „מזיק" האָט געענטפערט (יידישלעך) מיט אַ פראַגע: „געטרויסטו געלט — אַז ס'קומט ווער אין דער באַנק באָרגן — אויפן וואָרט? — דו פאַר־לאַנגסט זיכערונג".

דער באַנקיר האָט געענטפערט: „געלט איז עפּעס אַנדערש".

סוזאַנאַס קיילעכדיקע, שוואַרצע גרויסע קאַרשנאויגן האָבן זיך צעפלאַקערט: „פאַר מיר איז ארץ־ישראל מער ווי דיין גאַנץ געלט אין דער באַנק, מער ווי דיין גאַנץ עשירות!"

זיך איבערצייגנדיק, אַז ער וועט ביים טעכטערל גאָרנישט קאָנען דערגרייכן, האָט פאַן איגנאַץ ווייס באַשלאָסן אַריינצוציען צו אַדאַמען: די צוויי האַלטן צו־זאַמען, ווייל זיי זענען ענלעך אין זייער כאַראַקטער. אפשר וועט דער ברודער ביי איר פּועלן. אַ געבראָכענער אין זיין שטאָלץ איז דער באַנקיר אַוועק צו זיין קלאַסן־שׂונא פון אייגן בלוט און פלייש, כדי ביי אים צו זוכן הילף.

5

דערזעענדיק דעם פאָטער — נאָך אין דער טיר — האָט דער זון דערקענט זיין זעלישע געפאַלנקייט. ער איז אויפגעשפּרונגען פון דער סאָפע, האָט אַוועקגע־לייגט ס'בוך וואָס ער האָט געלייענט און געמאַכט עטלעכע פלינקע שפּרייזן צום אַריינגעקומענעם פאָטער. מיט ליבע און צערטלעכקייט האָט ער אים אַנידער־געזעצט אויף זיין פּריוועדיקן פּלאַץ און אים געפרעגט: „וואָס איז געשען?"

דער פאָטער האָט דערציילט דעם זון די גאַנצע מעשׂה וועגן סוזאַנאַ. דער־ביי — באַקלאָגנדיק זיך אויף דער טאָכטער — האָט ער אויף ס'ניי אָנגעהויבן מיט זיינע טענות אויך צו אים אַליין, צום סורר ומורה און אים ווידער אויפווייזן

זיין אומרעכט, וואָס ער באַגייט קעגן די עלטערן. אַדאַם האָט נישט געענטפערט דעם פּאָטער אויף זיינע נייע פאָרוואורפן אַצינד, ווייל דאָס וואָלט באַדייט אויף ס׳ניי אָנהייבן מיט אים איינע פון יענע דיסקוסיעס וואָס זענען געווען אין גאַנצן פּרוכטלאָז. בלויז פון איין געדאַנק, וואָס איז אים אַצינד געקומען אין קאָפּ אַריין, האָט ער זיך נישט געקאָנט צוריקהאַלטן און געזאָגט: „טאַטוש! ווי אַ ייִד, וואָס דו באַטאָנסט דורך דיין ציוניזם, אָנערקענסטו דאָך געוויס די אייגנאַרטיקייט פונעם ייִדישן פאָלק. איך בין נישט קיין נאַציאָנאַליסט; אָבער די צוויי באַזונדערס גרויסע פאַרדינסטן פון מיין פאָלק פאַר דער גייסטיקער אַנטוויקלונג פון אַלע ציוויליזירטע פעלקער זענען מיר טייער: איך מיין דעם מאָנאָטעיִזם און די אידעע פון סאָציאַלער גערעכטיקייט. דאָס ערשטע, פאַר וואָס אונדזער פאָלק האָט אויף פּיאָנערישן אופן געקעמפט, העלדיש געקעמפט, זיך נישט אָפּשטעלנדיק פאַר די שווערסטע און מוראדיקסטע קרבנות, פאַר אכזריותדיקסטן פאַלטער און מאַרטער און אַלערליי מיתה משונות, ביז אַלע געצנדינערישע פעלקער, אָדער די מייסטע, האָבן אָנערקענט איין איינציקן גאָט”.

„אָבער דו ביסט דאָך נישט פרום”, האָט דער פּאָטער, אַ דערשטוינטער, איבערגעריסן זיין זון. „דו ביסט דאָך אַ סאָציאַליסט, דו קעמפסט דאָך קעגן רעליגיע”.

„די אידעע פון אַן איינציקן גאָט”, האָט אַדאַם אַ רויִקער געענטפערט דעם פּאָטער „האָט דעמאָלט, נאַטירלעך, געהאַט צו טאָן מיט רעליגיע, ווי אַלץ אינעם דעמאָלטיקן מענטשלעכן לעבן. גלייכצייטיק איז אָבער דער מאָנאָטעיִזם געווען דאָס גרעסטע געשעעניש, דער ווענדפּונקט אינעם גייסטיקן, אָדער נאָך ריכטיקער, לויט מיין מיינונג: דער מאָמענט ווען דער גייסט איז געבוירן געוואָרן. די צווייטע אידעע, וואָס האָט געהערט צום זעלבן יסוד פון אונדזער פאָלקס רעליגיע — און געהערט ביז אויפן הייַנטיקן טאָג — איז די סאָציאַלע גערעכטיקייט. דער ייִדישער גאָט, דער איינציקער, וואָס האָט געשאַפן די וועלט, איז דער גאָט פון גערעכטיקייט. דאָס ערשטע איז דערגרייכט געוואָרן. דאָס צווייטע נאָך נישט. איך בין נישט קיין מיסטיקער און נישט קיין מעטאַפיזיקער. ווי אַ סאָציאַליסט בין איך אַ היסטאָרישער מאַטעריאַליסט. נאָר איך וועל מיך נישט אַריינלאָזן אין קיין אויסטייטשונג. דער פאַקט איז: אינעם קאַמף פאַר סאָציאַלער גערעכטיקייט שטייט אונדזער פאָלק אויף דער היסטאָרישער אַרענע אין דער ערשטער ריי. דאָס ייִדישע פאָלק איז געוואָרן דער אַפּאָסטאָל פון סאָציאַלער גערעכטיקייט. איך בין אַ זון פון דאָזיקן פאָלק און האָב — ווען איך האָב די מיסיע אין מיר דערפילט — זי אויף מיר גענומען. דיין טאַטע איז געווען פרום, אַ פרומער ייִד. איך טראָג אין מיר דעם זיידנס ירושה. געבוירן געוואָרן איז אונדזער פאָלק אינעם אָריענט. די ייִדישע מלוכה איז געשאַפן געוואָרן אין פּאַלעסטינע. די צווייטע העלפט פונעם ייִדישן פאָלקסטום איז דער נאַציאָנאַליזם: די סעקונדערע העלפט, ווייל די פּרימערע איז די גייסטיקע”.

ווידער האָט דער פּאָטער איבערגעריסן דעם זון: „אין קערפּער איז נישטאָ

קיין גייסט. דער גייסט האַלט זיך אויף אינעם קערפּער. אַז מ׳פאַרניכטעט דעם קערפּער, פאַרניכטעט מען אויך דעם גייסט. אַ סאָציאַליסט, אַ היסטאָרישער מאַ־טעריאַליסט — ווי דו האָסט דיך פריִער באַצייכנט — ווייסט דאָס״.

אַדאַם האָט אַ שמייכל געטאָן: „דו מישסט צוזאַמען צוויי באַגריפן, טאַטעשי, אויך איז דיין באַהויפּטונג פון קערפּער און גייסט נישט גאַנץ ריכטיק. אָבער איך בין נישט קיין מעטאַפיזיקער, ווי איך האָב שוין געזאָגט, אויך נישט קיין פיזיקער און וועל דאָס לאָזן צו די באַרופענע. יעדנפאַלס: דו טראָגסט אין דיר די ירושה פון דער צווייטער העלפט, די נאַציאָנאַליסטישע, ביסט איר אָנהענ־גער — אַ ציוניסט. דיין אידעע איז דאָס ייִדישע לאַנד, די ייִדישע מלוכה. גוט. אָבער צו אַן אידעע מוז מען זיין איבערגעגעבן מיט לייב און לעבן, מ׳דאַרף זיין גרייט צו ברענגען פאַר איר יעדן קרבן. מיט אידעען טרייבט מען נישט קיין מסחר, מען מאַכט נישט קיין פּשרות. אַן אידעע איז זיך נוקם, אויב מ׳שאַכערט מיט איר, אויב מ׳פאַרשוועכט זי. לויט מיין מיינונג זאָלסטו סוזאַנאַן נאָכגעבן״.

„אָבער פריִער זאָל זי ענדיקן די גימנאַזיע״, האָט דער פאָטער זיך געהאַלטן ביי ס׳זייניקע. „זי איז דאָך נאָך צו יונג״.

„גוט״, האָט אַדאַם מסכים געווען. „איך וועל פּרוּוון ביי איר פּועלן, אַז זי זאָל איינגיין אויף דיין פאָרשלאָג״.

„און נישט באַשטיין אויף איר באַדינגונג, כ׳זאָל איר געבן שוואַרץ אויף ווייס״.

אַדאַם האָט זיך צעלאַכט: „אַזאַ באַדינג האָט זי דיר געשטעלט?״

„יאָ״.

דער אַדוואָקאַט האָט געלאַכט נאָך העכער און נאָך האַרציקער.

6

ווען דער ברודער האָט אָנגעקלאַפּט איז סוזאַנאַ געשטאַנען ביים שפּיגל אין איר צימער און זיך צורעכט געמאַכט די בלויע שלייף אין דער ווייסער בלוזע. אין דער שלייף האָט זי אַריינגעשטעקט דאָס גאָלדענע מגן־דוִדל, איינגעצויגן דאָס רויטע פאַסיקל אַרום דער טאַליע, אָבער נישט צו פיל, כדי די היפּטן זאָלן נישט אָפּשטיין צו ווייט. עטלעכע מאָל איז זי מיטן קעמל דורכגעגאַנגען די גע־דיכטע, קוילשוואַרצע האָר, צוגעשוירענע ביזן נאַקן, און דאַן זיך באַקוקט פון אַלע זייטן. דער גלאַנץ אין אירע גרויסע, שוואַרצע, קיילעכדיקע קאַרשנאויגן, איז וועגן איר צוויי־טאָגיקן פאַסטן געווען שוין מאַט, די פולע רויטע ליפּן בלאַס און די קיילעכדיקע ראָזע באַקן בלייך. דאָך, ביים זעען אינעם שפּיגל אירע צעבליטע מיידלערישע פאָרמען און זיך פרייענדיק מיט איר שיינקייט — דענ־קענדיק דערביי וועגן איר געליבטן — איז אַ רויטלעכע פאַרב געקומען אין איר פּנים אַריין און אירע אויגן האָבן זיך צעשיינט. דער אויסדרוק פון איר פּנים איז געוואָרן ליבלעכער, די חנעוודיקייט גליקזעליש. אָבער די קניִען אירע — שטאַרקע — האָבן זיך אַצינד געבויגן, אונטערגעבראָכן. זי האָט אַצינד געהאַט

ווייניק כוח אין אירע פיס מיט די פעסטע, שטאַרקע אַנטוויקלטע לידקעס. נאָר זי איז געווען זיכער ביי זיך, אַז דער פאָטער וועט נאָכגעבן און קונדייסיש גע־שמייכלט, בעת ביים האַרץ האָט געגאַגט דער הונגער.

ביים דאַזיקן שמייכלען האָט אַדאַם געטראָפן די שוועסטער. אפשר אַ גאַנצע מינוט האָט ער זי באַטראַכט אין אַנטציקונג. „דו ביסט שיין, סוזאַנאַ!״ האָט ער באַגייסטערט אויסגערופן. „ביסט פּרעכטיק, מיין שוועסטער! אַ דערוואַקסענע פרוי, יעדנפאַלס אַ דערוואַקסן מיידל! עפּעס ווי איבער נאַכט האָסטו דיך צע־וואַקסן, ווי מ׳זאָגט״...

פון פרייד און אויס דאַנקבאַרקייט פאַר אַזעלכע קאָמפּלימענטן האָט זי פאַר־הערט דעם ברודערס רופן זי סוזאַנאַ און נישט שושנה. ער האָט איר געזאָגט וועגן וואָס ער איז צו איר אַריינגעקומען, און דערגרייכט, אַז זי זאָל ביים פאָטער נישט פאַרלאַנגען קיין כתב. „ער מיינט טאַקע״, האָט אַדאַם מוסיף געווען, „דערווייל דעם ענין אָפּצולייגן און האָפט, אַז דאַן וועסטו דיין באַשלוס אַליין אָיפגעבן. אויב דו וועסט אָבער ווייטער באַשטיין דערויף וואָס דו ווילסט — און מיט דער זעלבער קראַפט ווי איצט — וועט ער זיך דיר מער נישט שטעלן אין וועג״.

„דיר גלייב איך״. זי האָט אַרומגעכאַפּט דעם ברודער און אים געקושט.

ווי אַ קאַוואַליר צו זיין דאַמע האָט ער אויסגעבויגן דעם אָרעם זי זאָל אים נעמען און מיט עלעגאַנטער פאַרנייגונג געזאָגט: „און אַצינד קום עסן!״

קאַפּיטל זעקס

# ביי אַ שרייבער אין רעדאַקציע־צימער

1

„מיט דער שחיטה, אין וואָס די רעאַקציע האָט פאַרוואַנדלט דעם אַרבעטער יום־טוב פון ערשטן מאַי, האָט זי דערגרייכט דאָס, וואָס ס׳ליגט אין איר באַטור: צו טרייבן דאָס סאָציאַלע לעבן אַלץ מער — און מיט אַלץ אַ גרעסערער טעמפּאָ — צו אַ קאַטאַסטראָפע". אַזוי האָט דער חבר ליכטענבערג געטענהט צו זיין שוואָגער דעם באַרימטן שרייבער אין צימער פון דער רעדאַקציע ווו ער האָט געאַרבעט. יעקב איז צו אים געקומען, אַז ער זאָל אויך (מיטן כוח פון דער צייטונג) העלפן ראַטעווען דעם ברודער פון דער פּאָליציייס הענט. „דו וועסט עס קאָנען טאָן", האָט ער געזאָגט, „דורך באַאיינפלוסן די עפנטלעכקייט לטובת דעם אַרעסטירטן. די רעאַקציע", האָט ער אַרגומענטירט, „שטעלט זיך אינעם וועג פונעם פּראָגרעס פון דער צייט, אַזויערנאָך פאַרוואַנדלט זי (שטענדיק) דעם נאַטירלעכן גאַנג פון דער געשיכטע, די עוואָלוציע — אין אַ רעוואָלוציע".

פאַן ווויסלאָווסקי האָט זיך צעלאַכט: „ס׳קומט אויס אַז מיר — און נישט איר — מאַכן די רעוואָלוציע. דאָס איז גאָר פיין פון דיין זייט, מיין ליבער שוואָגער"...

יעקב האָט זיך אַנטשולדיקט: „דיך פערזענלעך"...

דער שרייבער האָט דעם שוואָגער נישט געלאָזט אויסרעדן: „דו האָסט מיך נישט באַליידיקט, מיין ליבער. איך געהער צו די, וועלכע דו האַלטסט פאַר דער רעאַקציע, פונקט ווי דו געהערסט צו די, וועלכע מיר האַלטן פאַר פאַרברעכער. אַנטשולדיק פאַר מיין רעדן מיט דיר אויפריכטיק, מיט פשוטע און אָפענע דיבורים. וועגן עוואָלוציע און רעוואָלוציע וועלן מיר ליבערשט נישט שמועסן, ווייל... מיר שיינט, אַז דו פאַרשטייסט נישט די וויסנשאַפטלעכע טערמינאָלאָגיע און דעריבער ביסטו נישט תופס די באַגריפן פון די צוויי ווערטער: עוואָלוציע און רעוואָלוציע". ער האָט געענדערט זיין טאָן, איז געוואָרן פריינדלעכער (העפּ־

לעכער) צום שוואָגער, וועלכער איז איצט געווען זיין גאַסט. בכלל האָט ער זיך באַמיט צו רעדן העכסט קולטורעל, ווי ס'פּאַסט פאַר אַ דיכטער און שרייבער אין אַ צייטונג. „אַדרבא", האָט ער זיך געבעטן, „זאָג דו אַליין: ווי זאָל מען אָנרופן די מעשׂים פון די יאַקאָבינער אין פראַנקרייך 1789—1793 און די מעשׂים אין רוסלאַנד פון די באָלשעוויקעס זינט 1917? קאָן מען עס אָנרופן אַנדערש ווי רויב און מאָרד?"

דער חבר ליכטענבערג האָט מודה געווען: „יאָ, רויב און מאָרד, איך גיב צו. אָבער די באַרויבער נעמען בלויז צוריק דאָס, וואָס געהערט זיי, דאָס פאַר־מעגן, וואָס זיי האָבן געשאַפן מיט זייער בלוט און שווייס, און טויטן זייערע מערדער. די שולד פאַרן בלוט פאַרגיסן פאַלט לכן אויף יענע, וועלכע ברענגען דערצו די אַרבעטער. דו מעגסט סאַרקאַסטיש לאַכן. ווי רעאַגירסט דו ווען אַ פּאַראַזיט נעמט זייגן דיין בלוט? אַך, יאָ; דאָס איז דעמאַגאָגיע, דערצו נאָך ווולגאַרע דעמאַגאָגיע, און שוין אויסגעדראָשענע. דאָס בילד אָבער, געשאַפן פונעם פאָלק, איז זייער טרעפלעך. נאָר לאָמיר דאָס דאָזיקע געשפּרעך לאָזן. מיר האָבן וועגן דער טעמע שוין נישט איין מאָל גערעדט, און מיר ווייסן ביידע, אַז איינער דעם אַנדערן וועט נישט ענדערן און נישט איבערצייגן. דערביי ביסטו, אייגנטלעך, אויך אַ פּראָלעטאַריער, ווי איך בין".

„איך בעט דיך", האָט דער צייטונג־מיטאַרבעטער, אַ באַליידיקטער, שאַרף אָנגעקוקט זיין שוואָגער, „מיך נישט אַריינצונעמען אין דער דאָזיקער קאַטע־גאָריע. נישט די קליינע סומע, און אויך נישט דאָס, וואָס מ'אַרבעט פאַר אַ לוין, מאַכט איינעם פאַר אַ פּראָלעטאַריער. בלויז דאָס באַוווסטזיין באַשטימט דעם מענטש. איך געהער נישט צו קיין שום קלאַס. איך וויל אַפילו נישט באַצייכנט ווערן אַלס אינדיווידואַליסט".

יעקב האָט אונטערדריקט אַן איראָנישן שמייכל און בלויז געזאָגט: „איך פאַרשטיי. ס'זענען דאָ געוויס פּראָלעטאַריער, פון די אָרעמסטע און עקספּלואַטירטע קלאַסן, וואָס פאַרטיידיקן דעם איצטיקן סדר. באַזונדערס טוט דאָס דער לומפּן־פּראָלעטאַריאַט. דער אַדוואָקאַט, וואָס האָט מיך פאַרטיידיקט — אַ ציניקער אַ סאָ־ציאַליסט, אַ גוטער חבר — זאָגט אויך, אַז דאָס באַוווסטזיין באַשטימט, און נישט די קלאַסנאָנגעהעריקייט. אין אַ העכערן (אָדער טיפערן) זין איז ער — און אויך דו — גערעכט. אין אַלגעמיין אָבער איז מאַרקס געווען גערעכט". און ווי ער וואָלט זיך פּלוצעם דערמאָנט: „אַנטשולדיק. וואָס האָסטו געמיינט פריִער, ווען דו האָסט געזאָגט, אַז איך פאַרשטיי נישט די וויסנשאַפטלעכע טערמינאָלאָגיע און דעריבער בין איך נישט תופס די באַגריפן פון די צוויי ווערטער: עוואָלוציע און רעוואָלוציע?"

„ווייל דו, מיין טייערער, מישסט צוזאַמען נאַטורוויסנשאַפט מיט סאָציאָ־לאָגיע".

דער חבר ליכטענבערג האָט זיך געכאַפּט: „אַ"... און אַראָפּלאָזנדיק די

אויגן: „איך האָב נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו שטודירן. אָבער... איז דער מענטש דען נישט קיין פּראָדוקט פון דער נאַטור?"

„געוויס".

„אויב אַזוי"...

דער שרייבער — אַ געבילדעטער — האָט נישט געלאָזט ווייטער רעדן זיין שוואָגער, אַ פּשוטער בעל־מלאכה: „ביים מענטש רעאַגירט דער אינטעלעקט, זיין באַוווסטזיין".

„אָבער אינטעלעקט און באַוווסטזיין", האָט דער נישט־געבילדעטער, דער פּשוטער בעל־מלאכה, חבר ליכטענבערג נישט געקאָנט באַגרייפן, „איז דאָך אויך אַ פּראָדוקט פון דער נאַטור... ר' איסר דער פרוש זאָגט נאַטירלעך — ווי ס'האָט געזאָגט מיין טאַטע ע"ה, ווי יעדער פרומער ייד זאָגט און ווי איך אַליין האָב געזאָגט ווען כ'בין געווען פרום — אַז דאָס איז רוח־הקודש. נאָר לאָמיר זיך צוריקקערן צו אונדזער געשפּרעך. אַזאַ אָרעמקייט, אין וועלכער דער אַרבעטער, דער פּראָדוצירנדער מענטש לעבט, האָט מען געקאָנט באַגרייפן, ביז דער צייט פון דער מאָדערנער טעכניק און אינדוסטריע; אַצינד אָבער, אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט" — — —

„וואָס אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט?"

„אַצינד איז אָרעמקייט אין קיין פאַל נישט באַרעכטיקט!" האָט דער חבר ליכטענבערג אויסגערופן. אַצינד קאָן יעדער מענטש, יעדער איינער, לעבן אין לוקסוס, יאָ, ממש אין לוקסוס. די קאַפּיטאַליסטן אַליין, די אונטערנעמער, דאַרפן זיין דערין אינטערעסירט, צוליב זייערע אייגענע אינטערעסן. זיי דאַרפן זיין פאַר־אינטערעסירט אין נישט דערלאָזן צו קיין אַרבעטסלאָזיקייט, אין צאָלן די אַר־בעטער וואָס העכערע לוינען, כדי זיי, די ברייטע מאַסן, זאָלן קאָנען קויפן וואָס זיי פּראָדוצירן. אָבער די פאַבריקאַנטן שטעלן אָפּ זייערע פאַבריקן, די גוט־באַזיצער פאַרניכטן גרויסע קוואַנטיטעטן פון זייערע פּראָדוקטן. וואָס בלייבט דאַן דעם אַרבעטסלאָזן און דעם פּראָלעטאַריער, וועלכער ווערט געצוווּנגען צו אַרבעטן פאַר אַ הונגערלוין, צו טאָן? — זיי שטעלן זיך אַקעגן דעם דאָזיקן וואַנזין פון פאַרברעכער, אָדער פאַרברעכערישן וואַנזין. וואָס ס'געשעט דערביי ווייסטו... און עפּעס ווי דאָס וואָלט געווען אַ מין בלוטיקער שפּאַס, פון וואָס די בורזשואַזיע האָט אַ סאַדיסטיש פאַרגעניגן, טרייבט זי כסדר צו מלחמה. צוליב מערק, נאַטירלעך; אָבער מערק וואָלטן געווען גענוג אין יעדן אייגענעם לאַנד, ווען — ווי איך האָב שוין געזאָגט — דער אַרבעטער זאָל קריגן העכערן לוין און ס'זאָל נישט הערשן קיין אַרבעטסלאָזיקייט. נישט אַנדערש, נאָר דער קאַ־פּיטאַליזם איז אַריין אין אַ סטאַדיום פון וואַנזין, אַ וואַנזין פון בלוט און פאַר־וויסטונג".

נאָר פּלוצעם האָט זיך דער חבר ליכטענבערג געכאַפּט, אַז נישט צו דיס־קוטירן מיט זיין שוואָגער איבער אַזעלכע פּראָבלעמען איז ער געקומען צו אים

אין רעדאַקציע, נאָר צו דערגרייכן ביי אים הילף פאַר זיין אין תפיסה שמאַכ־טנדיקן ברודער.

2

נאָר דערגרייכט ביי זיין שוואָגער האָט יעקב גאָרנישט. דער דיכטער פון צאַרטע געפילן און הייליקער, הימלישער ליבע, האָט זיך אַנטשולדיקט פאַר זיין שוועסטערס מאַן און אים דערקלערט, אַז זיין צייטונג קאָן גאָרנישט טאָן, אַפילו קיין איין מיטפילנדיקע שורה נישט דרוקן פאַר אַזאַ איינעם, וואָס די פּאָליציי האָט ביי אַ דעמאָנסטראַציע אַרעסטירט מיט אַ רעוואָלווער אין קעשענע. דערצו זענען נאָך געווען אַזוי פיל פאַרוווּנדעטע און טויטע ביי דער דאָזיקער דעמאָנ־סטראַציע. „איך פערזענלעך", האָט פּאַן וויסלאָווסקי, מאָראַליש אויפגערעגט, אויסגערופן, „האָב קיין שום מיטגעפיל נישט מיט אַזעלכע פאַרשוינען! ס'טוט מיר לייד וואָס איך מוז דיר — מיין שוואָגער — אָפּזאָגן אין דיין בקשה". ער האָט דעם געקומענעם אויסגעשטרעקט די האַנט, זיך אַנטשולדיקט, וואָס ער קאָן נישט נאָך לענגער פאַרברענגען מיט אים אין געשפּרעך. ער האָט געעפנט די טיר און אים געוויזן: „זעסט וויפל מענטשן ס'וואַרטן".

ס'האָבן באמת געוואַרט אַ סך מענטשן, מענער און פרויען פון פאַרשידענעם עלטער און אויסזען. די מיינסטע זענען געקומען אויסגיסן זייער האַרץ אין דער צייטונג, כדי די וועלט זאָל זיך דערוויסן פון זייערע ליידן און פון די עוולות וואָס ס'ווערן קעגן זיי באַגאַנגען. זיי האָבן דערוואַרט, אַז אויף דעם אופן וועט אָפּגעווענדט ווערן דער ביטערער גורל, וואָס האָט איבער יעדן פון זיי געהאָנגען. אַז די עפנטלעכקייט וועט געוואָר ווערן וועגן דעם הימלשרייענדיקן, וואָס ווערט אָפּגעטאָן מצד די רייכע און מעכטיקע — די אַלע אומגערעכטיקייטן קעגן זיי — וועט זי, די עפנטלעכקייט, נישט דערלאָזן. אַ סך האָבן אויך דערוואַרט אַן עצה, וואָס צו טאָן, ווי אַזוי צו האַנדלען אין דער אָדער יענער באַדרענגעניש. די מענטשן, וואָס שרייבן אין די בלעטער זענען דאָך געבילדעטע, גרויסע חכמים — זיי ווייסן אַלץ. אַ סך צווישן די וואַרטנדיקע זענען געקומען איבערגעבן פאַר־שידענע נייעס, טשיקאַווע פּאַסירונגען, געוויסע סקאַנדאַלעכלעך, פאַר וואָס די צייטונגען באַצאָלן גאַנץ גוט: מען כאַפּט אויף אַזאַ אופן אַ גרינג פאַרדינסטל.

אַ קליינע, דאַרע ייִדענע, אויסגעפּוצט אין דאָס שענסטע וואָס זי האָט נאָך פאַרמאָגט: אַ טערקישע שאַל; נאָך אַ יונגע פרוי, אָבער דאָס פּנים פאַרוועלקט שוין. רוקנדיק די טערקישע שאַל אַרויף און אַראָפּ איבער אירע שמאָלע אַקסלען, האָט זי היציק גערעדט: „אַן אָרעמע אלמנה בין יאָך. עני חשוב כמת. אָבער יאָך בין נאָך נישט קאַ מת, און מיינע פיר קינדער, געזונט און שטאַרק זאָלן זיין, וועלן חס ושלום נישט ווערן קיין מתים. זעקס זלאָטעס מוז יאָך באַצאָלן דעם רוצח, דעם עקזעקוטאָר. אויב יאָך וועל אים דאָס געלט נישט געבן ביז פרייטיק, שרייבט מע מיאָר אָפּ אַלץ וואָס יאָך האָב נאָך אין געוועלבל, מעשטיינס־

געזאָגט. די גאַנצע סחורה — זאָל יאָך אַזוי זיין אַ מאַמע צו מיינע יתומים — באַטרעפט נישט קיין פופציק זלאָטעס".

נאָך דער דאָזיקער פּרוּוו איז צו פּאַן וויסלאָווסקין צוגעגאַנגען אַ הויכער, דאַרער יונגערמאַן. דאָס אַלפּאַגענע, ריין און ציכטיק אויסגעפּוצטע קאַפּאָטקעלע פּאַצעטיש ביז עטוואָס איבער די קני׳ען, אין געמזענע שטיבלעטן, גאַר שטאַרק אָפּגעטראָגענע און מיט שיין געלייגטע לאַטקעלעך און גלאַנציקע, אַז מ׳האָט זיך געקאָנט שפּיגלען אין זיי; אין אַ זייער נידעריק טוכן־היטעלע מיט אַ טאַ־פּלט טאַשמעלע איבערן דאַשיק, אַרום דעם דאַרן געלבלעכן האַלדז אַ ווייס פּאַפּירן קעלנערל און אַ שוואַרץ מושקעלע דאַרין. דאָס אָפּגעצערטע פּנים איז געווען בלאַס. דער יונגערמאַן האָט דערציילט, אַז ער האָט מיט אַ יאָר צוריק נאָך געהאַט אַ שיין שניטגעשעפט. אַצינד אָבער... ער האָט געשוויגן, ווייל ער האָט זיך נאָך געשעמט צו דערציילן וועגן זיין טרויעריקן מצב. „צו דער דאָ־זיקער לאַגע", האָט ער, מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, געענדיקט, „האָט מיך גע־ברענגט דאָס שטייעראַמט. מיין געשעפט איז געגאַנגען גאַנץ גוט. אָבער די שטייערן האָבן מיך רוי׳נירט. די ביכער האָב איך געפירט גאַנץ גענוי. נאָר דער שטייער־באַאַמטער רעכנט זיך נישט מיט די ביכער, נישט מיט די חשבונות פון די פירמעס, ביי וועלכע מ׳קויפט די סחורה. ער שאַצט אָפּ וויפל צו צאָלן. דאָס איז די אַנטיסעמיטישע שטייער־פּאָליטיק צו רוי׳נירן די ייִדן און אַזוי־ערנאָך זיי אַרויסשטופּן פון האַנדל". וואָס ער האָט ביי פּאַן וויסלאָווסקי געבעטן, איז געווען: עטלעכע שורות אין דער צייטונג, אַ נאָטיץ. „כ׳בין אַן אינטעליגענטער מענטש", האָט ער געזאָגט, „כ׳האָב אַ ביסל בילדונג. כ׳קאָן אָבער נישט קריגן קיין שטעלע. אפשר... ווען פּאַן שאַנאָווני וועט שרייבן וועגן מיר עטלעכע וואָ־רעמע ווערטער — וועלן מענטשן מיט אַ וואַרעם האַרץ"...

אַזעלכע קרבנות פון דעם גראַף קאַטאָווסקיס שטייער־פּאָליטיק זענען יעדן טאָג געקומען אין די רעדאַקציעס געגנוג.

מיט קליינע טריטעלעך איז צום פּאַן וויסלאָווסקי צוגעקומען אַן אַלטיטשקער און געבעטן: „פּאַני׳לעבע... זאָגט מיר נישט אָפּ... יאָך ווויין אויף ניזקע. מיאָר אַליין פּעלט גאָרנישט, ברוך השם. יאָך קאָן אָבער נישט צוזעען די גרויסע נויט פון אַ גאַנצער פּאַמיליע. דער מאַן האָט נישט קיין אַרבעט שוין חדשים־לאַנג. ווען ס׳זענען געווען די שטאַרקע פרעסט דעם ווינטער האָט אַ קינד זיך פּאַרקילט, באַקומען „זאַפּאַלעניע", און איז געשטאָרבן; ס׳איז נישט געווען פּאַר וואָס צו ראַטעווען און די „ביקור חולים" און אַנדערע חברות — גלייכער נישט רעדן... אַן עופּהלע פון דריי חדשים איז פשוט, אָבער טאַקע גאַנץ פשוט פּאַרפרוירן געוואָרן צום טויט. די מוטער איז אַראָפּ פון זינען, ווייל זי האָט מער נישט געקאָנט אויסהאַלטן די צרות. מען מוז עפּעס טאָן. וואָלט יאָך געווען רייך... כ׳בין געווען אין דער ייִדישער גמינע. נאָך וואָס רעדן?... דאָרט שטייען הונ־דערטער, הונדערטער מענטשן און וואַרטן, וואַרטן און וואַרטן און וואַרטן... רעדן, וויינען, קלאָגן... און וואָס? — גאָרנישט".

באַלמעלאַכעס, פּרומע ייִדן, וואָס האָבן אַפילו צו קיין האַנטווערקער־פּאַראיין נישט געוואָלט געהערן — ווייל דאָס וואָרט „אַרבעטער־פּאַרטיי" האָט פאַר זיי באַדייט אַפּיקורסות — זענען געקומען איבערגעבן דער צייטונג וועגן די סקאַנ־דאַליעזע פּירונגען אין די שטאָטישע קראַנקען־קאַסעס: „וואָכנלאַנג שטייט מען יעדן טאָג אין ,אָגאָנעק' ביז ס'ווערן אויסגעשטעלט די פּאַפּירן. דערנאָך וואַרט מען און מען וואַרט ביים דאָקטער. דער דאָקטער — אַז מען איז שוין מיט מזל דאָ ביי אים אין צימער — טוט אַ טאַפּ דעם דופק, הייסט זיך ווייזן די צונג — פאַרטיק. אַז ער מיאוסט זיך צו איינעם נאָענט צוצוגיין. ,געזונט!' טוט ער אַ געשריי און הייסט גיין. ,ווינאָשעו!' אַ שווינדזיכטיקן, אַ חולה וואָס פאַלט שוין פון די פיס, וואָס איז שוין נוטה למות — גיט ער אַ קוויטל אין אַ שפּיטאָל אַריין. וואָס קומט אָבער אַרויס פונעם קוויטל, אַז ווען מ'קומט דערמיט אין שפּיטאָל אַריין, קריגט מען תמיד איין ענטפער: „נישטאָ קיין פּלאַץ".

„בלאָטע!" האָט אַ כיטרע פאַרשווינדל אָוועקגעשאַרט מיט זיינע עלנבויגנס די דאָזיקע פּראָסטע מענטשן און זיך צוגעשטופּט צו פאַן וויסלאָווסקי: „יאַך האָב פאַר אינען בעסערע זאַכן, פריצלעך, אמת הארצרייסנדיקע, טראַגישע גע־שעענישן"... אַ גלאַנץ טוענדיק מיט די פלינקע אייגעלעך, האָט דאָס פאַרשווינדל געגומען אויספּאַקן: „פּיערשע סאָרט פאַר דער צייטונג! פונקט אין ריכטיקן מאָמענט בין יאַך אָנגעקומען. גאַנץ טוואַרדע קאָכט אַצינד וועגן דעם. בערל וואָלפשטיין הייסט עאַר; האָט עאַר געהייסן מיין יאַך. אַ חסידישער ייִד, אַ בכבור־דיקער, געהאַט אַ גאַרקעך און מעבלירטע צימערן. רביים זענען ביי אים איינגע־שטאַנען און געגעסן ביי אים. אַראָפּגעשפּרונגען פון דריטן שטאָק און טויט אויפן אָרט. דאָס איז איין זאַך. אַ צווייטע: אויף דלוגע 18 האָט פּאָליציי, לויט אַ באַקומענער ידיעה, געטראָפן אַ 17 יעריק מיידל פאַרשפּאַרט אין אַ פינצ־טאַרע קאַמער, ווו מ'האָט זי געשלאָגן און געפּייניקט, זי זאָל זיך אָפּגעבן מיט זנות. אַ לאָדזשער מיידל. מ'האָט זי צוגעשטעלט צו דער מאַדאַם לואיזע, אַ סר חרטע מיט לעבעדיקע סחורה. נומער דריי: אין האָטעל קריסטאַל האָט אָקאַרשט אַ רייכער סוחר זיך גענומען דאָס לעבן: געשטאַנען פאַר באַנקראָט. נומער פיר: אַ צווייטער סוחר"...

פאַן וויסלאָווסקי האָט דאָס פאַרשווינדל אָפּגעשטעלט: „פאַר זעלבסטמאָרד־נייעס צאָלט די צייטונג נישט מער. מיר קריגן די נייעס פון דער פּאָליציי אַן געלט. אָבער מיר דריקן דאָס אַפילו נישט: צו פיל זעלבסטמאָרדן יעדן טאָג".

אַ גאַסן־הענדלערין מיט צוויי קוישן אין די הענט האָט זיך געבעטן: „פּראָ־שען פּאַנאָ! יאַך וויל נישט קאָ בעצאָלטץ, יאַך וויל נישט קאָ פּאַרדינסט פון מענטשס אומגליק. דאַריבער מוזט איאַר מיאַך אויסהערן. יאַך שטיי מיט מאַאַן סחורה אויף פּראַנציסקאַנאַר 25. אין זעלבן טויאַר האָט אַ יונגערמאַן געהאַנדלט מיט באַרשטן. אַ מענטש אַן אַ גאַל, געהאַט אַ ווילע פּרוי און קינדערלעך. פּירט אים אַ מיליציאַנט אָפּ אין קאָמיסאַריאַט. דאָרט האָטמע אים צוגענומען דאָס ביסל סחורה: זיין גאַנץ פאַרמעגן. וואָס זאָל יאַך לאַנג ברייען? — עאַר האָט זאַך

געסמט". זי האָט זיך גענומען ווישן מיטן ברייטן פאַרטוך די טרערן פון די אויגן.

אַ צווייטע פרוי האָט זיך גענומען שטופן: „יאָך האָב אַ סך אַ שענערע מעשׂה צו דערציילן!"

„נישט אַזאַ שיינע ווי מיינע!" האָט אַ דריטע געשריגן.

„מאַאַן מעשׂה איז נישט קיין שיינע, אָבער אַ זייער טרויעריקע!" איז אַ פירטע אַריינגעפאַלן אין די רייד: „אַ זעלבסטמערדערין איז פון פינפטן שטאָק געפאַלן אויף צוויי קינדער, וואָס האָבן זיך געשפילט אין הויף און ביידע דער־הרגעט". ס'האָבן זיך געמישט און געפּלאָנטערט די נייעסן, וואָס אַ סך מיט אַ מאָל האָבן גענומען דערציילן: אַז אַ מוטער האָט אין אַ הויף אונטערגעוואָרפן אַ קינד מיט אַ בריוול צוגעבונדן צו אַ הענטל, אַז גוטע מענטשן זאָלן זיך דערבאַרמען דעריבער; זי איז אָרעם, דער מאַן קראַנק און קיין הילף האָט זי נישט געקאָנט קריגן. אַז ס'האָט ווער געברענגט פון דער פּראָווינץ אַ קראַנקע זקנה אין אַ שפּיטאָל אַריין, אָבער מ'האָט זי נישט צוגענומען — האָט דער מענטש, וואָס האָט זי געברענגט, אָוועקגעזעצט זי אויף אַ באַנק אין אַ וואָקזאַל און איז פאַר־שוווּנדן. אַז אַ פויער פון אַ דאָרף האָט אויף דער „וואָלוּוקע" געברענגט פיר קינדער צו פאַרקויפן און זיי פאַרקויפט צו אַכציק גראָשן אַ שטיק.

אַ סך זענען געקומען זיך באַקלאָגן אויף פאַרשידנערליי געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, ווו מ'האָט זיי באַשווינדלט.

קאַפּיטל זיבן

## דורכן גיהנום פון שטאָט

1

אין דרויסן איז די נאָכמיטאָג־היץ פון סוף תמוז געווען אַ ברענענדיקע און שטיקנדיקע. אין די ענגע און שמאָלע גאַסן האָט ווי שטענדיק זיך געטראָגן אַ געפּילדער, אַ ליאַרם און האַרמידער, וואָס איז געקומען נישט בלויז פון די לויפנדיקע דראָשקעס, טראַמווייען און באַלאָדענע פּלאַטפאָרמעס מיט טינען הע־רינג, מיט וואַנטיכער פאַרשידענע סחורות, מיט קאַסטנס צוקער, מיט זעקלעך זאַלץ און זעק מעל, פּלאַטפאָרמעס מיט באַלן פּאַפּיר, מיט אייזן; פורגאָנען מיט געבעקס און פורגאָנען מיט פלייש — ניין, נישט בלויז פון די טראַסקנדיקע רעדער איבערן שלעכטן ברוק, נאָר אויך פון די מענטשן, וואָס האָבן זיך געשטופּט און געפּאַקט. די אָן אַ שיעור גאַסנהענדלער האָבן אויף קולי־קולות אויסגעריפן זייערע סחורות, זיי געלויבט און איינגערעדט די דורכגייענדיקע מענטשן צו קויפן. דער גאַסן־האַנדל האָט פון נאָך דער מלחמה אָן זיך געהאַלטן אין איין

פאַרגרעסערן. חוץ אַרום דעם „אייזערנעם טויער״ און צווישן די „האַלעס״ און פאַר די „האַלעס״, ווו הונדערטער און הונדערטער שטייען מיט שטעלעכלעך און מיט קוישן, האָט דער האַנדל אונטערן פרייען הימל זיך צעגאָסן און צעשפּרייט כמעט איבער אַלע גאַסן. שוין נישט בלויז אין הייף, אין טויערן, ביי די ווענט פון די הייזער, נאָר אַפילו אין די רינשטאָקן פון די גאַסן שטייען די הענדלער מיט קוישלעך סחורה, מיט טישלעך, אויף וועלכע ס׳זענען צעלייגט די סחורות, אָדער מיט אויסגעשפּרייטע ראַגאָזשעס אויף דער ערד, אויף וועלכע ס׳ליגן די סחורות.

די פּרעסע האָט גענומען שרייבן וועגן דער דאָזיקער דערשיינונג. די סאָ־ציאַליסטישע צייטונגען האָבן אָנגעוויזן, אַז די סיבה פונעם כסדרדיקן וואַקסן פונעם גאַסן־האַנדל איז די שטייגנדיקע אַרבעטסלאָזיקייט. די בירגערלעכע בלע־טער אָבער האָבן אָנגעוויזן אויף דער פאַרגרעסערטער באַפעלקערונג אין וואַרשע און מאַנגל אין געוועלבער. נאָר די אַנטיסעמיטישע גאַזעטן זענען אַרויס מיט זייער פזמון: „די זשידעס ווילן נישט אַרבעטן! דאָס איז אַ פאָלק פון קרעמער, פון „האַנדלאַרזשעס!״ זיי האָבן דערביי געהעצט די קריסטלעכע באַפעלקערונג אַרויסצורייסן אויך דעם גאַסן־האַנדל פון די יידישע הענט.

די פּאָליציי האָט פאַרשטאַרקט דעם קאַמף קעגן דעם גאַסן־האַנדל. באַ־זונדערס האָט זי נישט צוגעלאָזט, אַז דער גאַסן־האַנדל זאָל אַריבער די גרענעץ פונעם יידישן פערטל. ס׳איז איר געגאַנגען אין דעם, אַז דער פּאַראַדנער טייל פון דער רעזידענץ זאָל בלייבן פאַרשוינט פון דער דאָזיקער שאַנדע פּוילנס. דער גאַסן־האַנדל וואָלט פאַרשענדט די אויסגעפּוצטע גאַסן, אין וועלכע ס׳געפינט זיך דער שטאָלץ פונעם לאַנד: די גרויסאַרטיקע מלוכה־אינסטיטוציעס, די שיינע פּאַרקן, קעניגלעכע שלעסער, זעונגסווירדיקע אַלטערטימלעכקייטן, דער מוזיי, די אוניווערסיטעט, די גרויסע און שיינע קירכן, דענקמעלער, און די הערלעך אַרכיטעקטאָנישע הייזער, אין וועלכע די רייכע און די אַדעליקע וווינען. ס׳איז דאָס „שײַנדל״ פון דער קרוינשטאָט וואַרשע, וואָס ווערט געוואַשן און געפּוצט. די טראָטואַרן פון די גאַסן זענען דאָ פון קליינע, געקאַרבטע שטיינערנע טע־וועלעך, געלע, רויטע און ברוינע. דער אַספאַלט שפּיגלט. אַ סך גאַסן דאָ זענען געפלאַסטערט מיט האָלצערנע קלעצלעך, כדי מ׳זאָל נישט הערן דעם שטילסטן גערויש פון די גומענע רעדער פון די קאַרעטעס און לוקסוס־אויטאָמאָבילן. צוליב די גרינע ביימער פון ביידע זייטן טראָטואַרן דאָ, און ווייל די גאַסן ווערן אַלע מאָל געשפּריצט מיט קאַלט וואַסער, פילט מען כמעט נישט די היץ. די רעגירונג קאַרגט נישט קיין געלט פאַרן דאָזיקן טייל שטאָט, זי וויל, אַז ער זאָל אויס־זעען וואָס שענער און זיך קאָנען פאַרגלייכן אין פּראַכט מיט אַנדערע אייראָפּעישע הויפּטשטעט. באַזונדערס מיט פּאַריז. די רעגירונג האָט דערביי אויך אין זינען די געהויבענע אויסלענדישע געסט, ווי דיפּלאָמאַטן, מיליטערישע און האַנדלס־מיסיעס, קאָרעספּאָנדענטן און אַנדערע וויכטיקע פּערזענלעכקייטן.

דעריבער טרייבט די פּאָליציי די גאַסן־הענדלער, וואָס וואָגן איבערצוטרעטן

די גרענעץ צו דער מעטראָפּאָליע פון דער רעזידענץ. זי שלאָגט, אַרעסטירט; אָבער ס׳העלפט נישט צו פיל. נאָר אַ סך זענען דערין שולדיק די מלוכהשע האַנדלס־אַמטן, וואָס געבן כמעט יעדן וועד ס׳באַצאָלט, אַ דערלויבעניש צו האַנדלען אין גאַס. די רעגירונג איז געצוווּנגען דאָס צו טאָן צוליב צוויי טעמים: ווייל זי ברויך אַ סך געלט און יעדער קוואַל פון הכנסה איז איר געווונטשן, און פון דער אַנדערער זייט האָט זי דאָ ווייניקער אָרעמע צו שטיצן, באַזונדערס די, וועלכע זי מוז שטיצן, ווי די מלחמה־אינוואַלידן און די מלחמה־אלמנות. די מחנות אַרבעטסלאָזע און דאָס גלייכן. אויף אַזאַ אופן איז די רעגירונג פטור פון זיי. אמת, די דערלויבענישן ווערן אַרויסגעגעבן צו האַנדלען בלויז אין געוויסע געגנטן; אָבער יענע געגנטן זענען שוין פון לאַנג איבער־געפּאַקט מיט גאַסן־הענדלער. נישטאָ מער קיין פּלאַץ פאַר גייע. ס׳איז שוין באַלד מער נישטאָ קיין פּלאַץ פאַר די דורכגייער. די הענדלער אַליין האָבן זיך געוויצלט: „אויף צען סוחרים קומט אויס איין קונה״. נישט זעלטן האָבן די הענדלער זיך טאַקע געשלאָגן איבער אַ קונה. האָבן זיי גענומען זיך רוקן מיט זייערע שטעלעכלעך און קיישלעך אַלץ ווייטער. פאַרשטייט זיך, זיי האָבן פאַר דער פּאָליציי זיך געהיטן, געגעבן שוחד און בכלל; די פּאָליציי האָט שווער געקאָנט קעמפן קעגן די גאַסן־הענדלער. פשוט: ס׳איז נישט געווען גענוג פּאָליציי פאַר די מחנות הענדלער, וואָס האָבן פאַרפלייצט די גאַסן אין יעדער געגנט פון דער שטאָט, ווי הײשעריקן פאַרפלייצן פעלדער. געהאַנדלט האָבן נישט בלויז טויזנטער מלחמה־אינוואַלידן און מלחמה־אלמנות, אַרבעטסלאָזע פון די געשלאָסענע פאַבריקן און ווערקשטאַטן, נאָר אויך סוחרים און אָנגעשטעלטע און קרעמער פון באַנקראָטירטע און צוגעמאַכטע געשעפטן און קראָמען. אַ גרויסער טייל פון די הענדלער זענען געווען קינדער, פון 7־8 יאָר און עלטער.

סאָציאָליסטישע צייטונגען האָבן אַרויסגעשיקט זשורנאַליסטן איבער די גאַסן אויסצופאָרשן דעם גאַסנהאַנדל, כדי דעם לייענער צו געבן אַ באַגריף וועגן דעם.

„מיט וואָס האַנדלט איר״? האָט אַ זשורנאַליסט געפרעגט אַ גאַסן־הענדלער.

„איאָר זעט דאָך, מיט בייגל״! — האָט דער הענדלער געענטפערט.

„די גאַסן זענען פול מיט בייגל־הענדלער. וויפל דענקט איר קאָנען זיך געפינען בלויז בייגל־הענדלער״?

„בלויז אין דער גאַס?״

„יאָ״.

„הונדערטער״.

„וויפל פאַרדינט איר אַ טאָג?״

„וואָס גייט דאָס אייך אָן?״

„איך דאַרף עס וויסן״.

„זיי ווילן אויך אָנהייבן האַנדלען מיט בייגל? אפשר ווילן זיי ווערן אַ שותף?״ דער אויספרעגער האָט זיך צעלאַכט: „ביין, מיין ליבער״.

„וואָס זשע אינטערעסירט דאָס אײַנעך?"

„דאָס איז פּאַר אַ צייטונג".

דער הענדלער האָט צו ערשט גוט אָפּגעמאָסטן דעם אויספּרעגער פון אונטן אַרויף און פון אויבן אַראָפּ, זיך איבערגעצייגט, אַז ער האָט צו טאָן טאַקע מיט אַ וואַזשנע פּאַרשוין און באַקומען אַ ביסל דרך־ארץ פאַר דעם אויספּרעגער: „אַזוי איז עפּעס אַנדערש".

די אויסגעפרעגטע בייגלהענדלער האָבן אָנגעגעבן פאַרשידענע סומעס, וואָס זיי פאַרדינען. טייל האָבן ביטער זיך געוויצלט. „ס'זענען דאָ טעג", האָט איינער געענטפערט, „אַז כ'פאַרדין די לעכער פון די בייגל"... אַ מיידל האָט געענטפערט: „יאָך פאַרדין אין טייל טעג דעם ווינט, אַ מאָל רעגן, ווינטער — קעלט, שניי, אַ מאָל אַ גוטע פאַרקילונג". אַ צווייטע האָט געענטפערט: „מ'פאַרדינט קדחת מיט רביעית און כשרן פּאָדעם. מ'רייסט זאָך אויס דעם גאָרגל, מ'קריגט גע־שוואָלענע פיס פון שטיין פון פאַרטאָג ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין, האָרצ־קלאַפּן פון מורא פאַר יעדן פּאָליציאַנט".

„וואָס זשע טויג אײַך צו האַנדלען?" — האָט דער זשורנאַליסט געפרעגט.

דער ענטפער איז געווען: „וואָס דען זאָל יאָך טאָן? זיי האָבן אפשר פאַר מיאָר אַ באַשעפטיקונג? זאָל זיין וואָס עס איז. וויפל זיי ווערלן מיאָר צאָלן וועל יאָך נעמען".

די זשורנאַליסטן האָבן אויסגעפרעגט הענדלער פון אַלערליי סחורות. „וויפל באַטרעפט אײַער סחורה?" האָט איינער געפרעגט אַ הענדלערקע מיט צעלניק. „מיינע שונאים זאָלן דאָס האָבן אויף אַ וואָך פרנסה".

דער זשורנאַליסט האָט געשפּאַסט: „האָט איר דען שונאים?"

די פרוי האָט באַטראַכט דעם יאָלד: „כע!"... זי איז געוואָרן פילאָזאָפיש: „אַ מענטש — אַזוי לאַנג ער זשיפּעט — האָט שונאים"...

די צייטונגען האָבן דאַן געבראַכט שילדערונגען פונעם גאַסן־האַנדל: אַז אַ סך הענדלער פאַרדינען נישט מער ווי אַ זלאָטע אַ טאָג אין דורכשניט, די קינדער און אויך זקנים, וואָס האַנדלען צומייסט מיט צוקערלעך און מ'קויפט בײַ זיי מער אויס רחמנות — ווי מ'וואָלט זיי געגעבן אַ נדבה — פאַרדינען 20, 30, 40, העכסטנס 50 גראָשן אַ טאָג. די קינדער ווילן אַזוי־ערנאָך העלפן זייערע אָרעמע עלטערן. אַ סך זענען יתומים, האָבן נישט קיין פאָטער און העלפן מיט די עטלעכע גראָשן זייערע מוטערס. די אַלטע לייט וואַלגערן זיך אַרום, טייל בײַ זייערע אָרעמע קינדער, וועלכע זיי ווילן נישט פאַלן אין גאַנצן צו לאַסט, טייל אין הקדשים, ווו זיי מוזן באַצאָלן, זאָל זיין אַ שיבוש, אַז מ'זאָל זיי אַרײַנ־לאָזן איבערנעכטיקן. ס'זענען נישטאָ אַזוי פיל זקנים־הייזער פאַר די אומגליקלעכע אַלטע מענטשן. איין צייטונג האָט רירנדיק געשריבן, ווי די קינדער, וואָס האַנדלען מיט צוקערלעך — אין אַן אָפן קעסטעלע, מיט אַ שטריקל באַפעסטיקט איבערן האַלדז, הענגט עס ביי דער ברוסט — פאַרגינען זיך נישט צו נאַשן

אַ צוקערל, ווי די דאָזיקע קליינע קינדער קעמפן העלדיש מיטן יצר הרע, וועל־
כער רעדט זיי אָן צו נעמען אַ צוקערל און זיי גיבן זיך נישט אונטער...

„אַ סך הענדלער", האָבן טייל צייטונגען געשלאָסן זייערע באַריכטן, „גיבן
פריער אָדער שפּעטער אויף דאָס האַנדלען; ריכטיקער: דאָס האַנדלען גיט זיי
אויף, זיי גייען איבער אין די רייען פון די גאַסן־בעטלער, פאַרטווישן דאָס רופן
„קויפט" אויפן בעטן ,שענקט'".

אויף דער פּראָווינץ איז די אָרעמקייט געווען נאָך אַ סך ערגער.

2

צו דעם געטראַסק, געבראַזג, געקלינגעריי און געטראַמיײַטעריי פונעם פאַרקער
אין די גאַסן — פון די דראָשקעס, וועגענער, טראַמווייען און אויטאָמאָבילן — איז
צוגעקומען דאָס רוישן פון צייט צו צייט פון די עראָפּלאַנען, וואָס זענען גע־
פלויגן נידעריק איבער דער שטאָט, כדי צו ווייזן דעם שטאָלץ פון דער העלדישער
אַרמיי. צו די געשרייען און געוואַלדן, צו די קולות און דעם געפּילדער, געקאָך
און גערויש און געטומל פון די מאַסן מענטשן, וואָס האָבן זיך געאײַלט דורך די
ענגע און שמאָלע גאַסן, האָבן זיך געשטופּט און געפּאַקט, זענען כמעט ווי געלאָפן
און דאָך זענען די טראָטואַרן געבליבן שוואַרץ פון מענטשן — צום דאָזיקן
האַרמידער, ווי דער געציש פון קעסלען אָדער אַן אויפגעברויזטן ים, זענען צו־
געקומען די באַטויבנדיקע קוויטשערייען פון די צייטונגס־פאַרקויפער, דאָס אויס־
רופן פון די גאַסן־הענדלער מיט הייזעריקן זינג־געגאַרגל: „בייגל... הייסע בייגל...
פרישע בייגל"... יעדער הענדלער האָט אויסגערופן זיין סחורה, זי געלויבט, זיך
געקריגט מיטן קאָנקורענט, געשאָלטן און געזידלט. דערביי זענען אַרבעטסלאָזע,
סטרייקנדיקע אַרבעטער און אַרבעטערינס געגאַנגען הין און צוריק און געפירט
צווישן זיך דיסקוסיעס. צו דעם בעטלען פון די שנאָרערס: „שענקט, פעטערשי...
מאַדאַמעשי... אַ נדבה... שענקט... שענקט"... איז אָפט צוגעקומען דאָס פאַרגלישנ־
דיקע קלאַפּן מיט די בלעכענע צדקה־פושקעס, וואָס אויסגעפּוצטע יונגע פאַרלעך
האַלטן אין זייערע הענט און לאָזן כמעט קיינעם נישט דורכגיין: יעדער מוז
אַריינלייגן אַ מטבע. אויף די פושקעס זענען דאָ פאַרשידענע אויפשריפטן:
„אגודת אחים", „אהבת חסד", „אהבת צדק", „בית ישראל", „בית תפילה", „גומלי
חסד", „ביקור חולים", „חזוק אמונה", „לינת הצדק", „עוזר דלים", „עזרת נשים",
„רופא חולים", „שומרי שבת", „שומרי הדת", „תלמוד תורה". און נאָך אַ סך
אַנדערע. אויף די בלוי־ווייסע פושקעס זענען געווען אויפשריפטן: „קרן קימת",
„קרן היסוד", „קרן ישראל", „שיבת ציון" וכדומה. פלינק און געשיקט האָבן
די פאַרלעך צוגעשפּילעט די דורכגייער געוויסע אָפּצייכנס: שלייפעלעך אָדער
בלימעלעך און דערביי אַ קלינג געטאָן מיט דער פושקע, אַז מ'זאָל אַריינלייגן
געלט. און פּסיכאָלאָגיש אַרבעטן די פאַרלעך: צו אַ מאַנס לאַץ שפּילעט דאָס
מיידל צו דאָס שלייפעלע אָדער בלימעלע און דער בחור האַלט די פושקע פאַר
יענעמס פּנים; צו אַ פרויס אָדער מיידלס בלוזקע שפּילעט דער בחור צו דעם

אָפּצייכן און זי קלינגט מיט דער פּושקע. מיט די ווייסבלויע פּושקעס גייען חלוצים און חלוצות, אָנגעטאָן אין נאַציאָנאַלער הלבשה: בלויווייס. אָבער אויך פון די פאַרשיידענע אַרבעטער־פּאַרטייען גייען אַרום פּאַרלעך מיט צדקה־פּושקעס: פאַר פּאָליטישע אַרעסטירטע, פאַר אַרבעטסלאָזע, שטרייקנדיקע, פאַר די אַרבעטער־קיכן און אַנדערע צוועקן.

ס׳שנאָרעט אויך די רעגירונג: פאַר אירע וועלטלעכע אינסטיטוציעס, אָבער אויך פאַר דער אַרמיי; אויף צו בויען אַ שטאַרקן קריגס־פלאָט אויפן וואַסער און אַ גרויסן לופט־פלאָט.

אין וואַרשע — און אויך אויף דער פּראָווינץ — האָט די רעגירונג אויף אַ בילדלעכן אופן, געוויזן די בירגער ווי ס׳וועט אויסזען די צווייטע וועלט־מלחמה, וואָס וועט געפירט ווערן צומייסטן אין דער לופט. די באָמבעס וועלן געוואָרפן ווערן נישט בלויז אויף די שלאַכטפעלדער, נאָר אויף די שטעט — אויף די שטעט אפשר נאָך מער. די צייטונגען האָבן וועגן דעם אַ סך געשריבן. דאָך, די מענטשן האָבן ווייניק געגלייבט אין דעם: זיי האָבן אַלץ, וואָס זיי האָבן געלייענט, סקעפּטיש אָוועקגעמאַכט מיט דער האַנט: „פּראָפּאַגאַנדע״. די גאָר גרויסע „פּאָליטיקער״, באַזונדערס אין די קליינע שטעטלעך, האָבן געשטעלט קשיות: „ווו וועט די רעגירונג נעמען געלט אויף צו פירן אַזאַ מלחמה, אַז ס׳לאַנד איז אַזוי אָרעם? והשנית: ווי קאָן מען אַזעלכעס אָנרופן מלחמה? אַ מלחמה מיינט, אַז סאָלדאַטן שלאָגן זיך. וועלכע אַרמיי ס׳איז שטאַרקער — זיגט. באַפאַלן אָבער אַ שטאָט מיט ציווילע מענטשן, וואָס ווייסן אַפילו נישט ווי כלי זין זעט אויס, פרידלעכע מענטשן: באַלמעלאָכעס, אַרבעטער, סוחרים וכדומה; פרויען און קינדער — וועלן עראָפּלאַנען נעמען אַראָפּוואַרפן אויף זיי באָמבעס? אויך ביי נאַכט, ווען די אומשולדיקע מענטשן שלאָפן? באָמבעס, אָנגעפּילטע מיט גאַז? מען וועט אויסקוילן די מענטשן? די מענטשן ביי זייער באַשעפטיקונג? די מענטשן אין די בעטן? נישט מעגלעך! אַזעלכעס טוען גזלנים, רוצחים. וועלכע מלוכה וועט אַזעלכעס טוען? איז אַ רעגירונג דען אַ רויבער־באַנדע? און דריטנס — און דאָס איז דאָס וויכטיקסטע: אַזעלכעס קאָן דאָך טוען יעדע רעגירונג. אַזאַ גרויסע קונץ איז אויף אַ שטאָט אַראָפּצוּוואַרפן באָמבעס? די מעשה איז דאָך: וואָס וועט דערפון אַרויסקומען? בלויז איינס: די לענדער וועלן זיך צעשטערן איינס ס׳אַנדערע און אויסהרגענען איינער דעם צווייטן די באַפעל־קערונג. דאָס וועט זיין אַלץ. געווינען וועט קיינער נישט״. האָבן די דאָזיקע „פּאָליטיקער״ זיך געהאַלטן דערביי, אַז זיי גלייבן נישט וואָס די בלעטער שרייבן, זיי גלייבן נישט וואָס מ׳זאָגט און מ׳רעדט.

זענען דעריבער אין גרויסע זאַלן פון מלוכהשע הייזער געוויזן געוואָרן בילדער פון קומענדיקן קריג. פאַרן אַריינגאַנג פון אַזאַ געביידע איז געשטאַנען אַ זעלנער אין פולער אוניפאָרם, ווי ער וואָלט געווען אויפן שלאַכטפעלד: אויפן קאָפּ אַ גרינלעכגרויע שטאָלענע קאַסקע, אַרומגעגאַרטלט מיט אַ פּאַסיק קוילן, באַהאָנגען מיט האַנטגראַנאַטן און אַ מאַשינביקס איבער אַן אַקסל. די צורה

שטרענג, קאַלט און האַרט, דער בליק ווי ביי אַ גזלן. נישט ווי ער וואָלט געווען אַ לעבעדיקער מענטש, נאָר אַ גולם פון אייזן.

דער עולם שטראָמט ווי צו אַ טשיקאַווער אויסשטעלונג, ווי אין אַ צירק, וווּ מ׳ווייזט צויבער־קונצן.

דעם חשובסטן פּלאַץ פאַרנעמט אַן עראָפּלאַן. טאַקע פון קליינעם פאָרמאַט, אָבער מיט זיינע אויסגעשפּרייטע פליגל, מיט זיין מעטאַלענעם, גלאַנציקן גוף, מיטן אויסטערלישן קאָפּ און די צוויי שטייפע „וואָנסעס" — זעט ער אויס ווי מאָוימדיקער מאָנסטער. אַרום אים שטייען אויסגעפּוצטע דאַמען מיט ערנסטע פּנימער, אַ סך יונגע, טייל שיינע. עטלעכע פון זיי זענען געקומען אין באַגלייטונג פון מענער. די מייסטע באַשויער קוקן מיט באַהאַלטענעם, אינסטינקטיוון שרעק אין די אויגן... די יוגנט אָבער קוקט מיט שטאָלץ און פריידי. אָפּיצירן באַרימען זיך דערביי פאַר די פרויען מיט וועלכע זיי זענען געקומען. אַן אינזשעניר דערקלערט די קאָנסטרוקציע פונעם עראָפּלאַן, זיינע גרויסע מעלות, ווי הויך און שנעל ער קאָן פליִען, וויפל אַזאַ „וואַזשנע זאַך" קאָסט און וואָס דאָס קאָן אַלץ אויפטאָן.

אין אַ צווייטן זאַל ווערט געוויזן וואָס ס׳געשעעט אין אַ שטאָט ווען זי ווערט באָמבאַרדירט פון דער לופט. ס׳ליגן צעלייגט און צעוואָרפן איבער די גאַסן מענטשן (וואַקסענע) פון פאַרשידענעם עלטער. ביי טייל זענען אָפּגעריסן אברים: הענט, פיס. ביי אַנדערע זענען אויפגעריסן די לייבער, ביי נאָך אַנדערע זענען דאָ בלויז ווונדן, שווידערלעכע, אָדער לייכטע. ווידער אַנדערע זענען פאַרקוילט, טייל האָבן בלויז בראַנדבלאָזן, אָפּגעסמאַלעטע ערטער. (ס׳ליגן אויך אַזעלכע, ביי וועלכע אויף דער הויט האָבן זיך געבילדעט וויספּן רויטע בלעטער־לעך ווי ווײַמפּערלעך, ביי אַנדערע זענען די אויגן אין גאַנצן אַרויסגעזעצט און זעען אויס ווי גאָמעלקעס פון ווייסן קעז). ביי טייל געפאַלענע זעט מען גאָרנישט, חוץ דאָס, וואָס זייערע פּנימער זענען וויאָלעט רויט, מיט אַ ביסעלע ווייסן שוים אין די ווינקלען פון מויל. זיי זענען אָבער טויט. ביי יעדער פיגור איז אויפגע־שריבן מיט גרויסע, שיינע, קאַליגראַפישע אותיות דער אופן און מין פון דער פאַרווונדונג, וואָס מ׳דאַרף טאָן ביים ראַטעווען אַזאַ פאַרווונדעטן מענטש. ווי אַזוי מ׳דאַרף אים אַרויפלייגן אויפן טראָגבעטל, ווי אַזוי מ׳דאַרף אים טראָגן. ס׳זענען געווען אויסגערעכנט סאָרטן גאַזן ס׳וועלן אַלץ באַנוצט ווערן אין דער קומענדיקער מלחמה, ס׳זענען געוויזן געוואָרן די קאָלירן פון די גאַזן, באַשריבן פון וואָס זיי ווערן געמאַכט און די ווירקונג פון יעדן מין גאַז.

די וואַקספיגורן און די געצייכנטע און געמאָלטע שטעט — פאַרן און נאָכן באָמבאַרדירן — זענען געווען געמאַכט פון קינסטלער, וואָס האָבן זיך געגעבן אַ סך מי ביי דער אַרבעט, זיך געפלייסט, אַז אַלץ זאָל אַרויסקומען נאַטוראַליסטיש קלאָר און דייטלעך. שיינע הייזער זענען עס געווען פאַר דער באָמבאַרדירונג, 1 שטאָקיקע, 2, 3, 4 און אויך 5 שטאָקיקע, מיט שינדלדעכער און מיט גרינע און בלויע לאָדנס ביי די פענצטער, ווייס־געקאַלעכטע, אויך געל־געפאַרבטע, און

אַפילו ראָזע. פרידלעכע דערפער, מיט סטאַדאָלעס און שטאַלן, די דעכער שטרויענע, סטאַדעס קי און שעפסן, פערד, עופות, חזרים, סעדער מיט אויבסט און צופרידענע פויערים מיט זייערע ווייבער און קינדער. אין די גרעסערע שטעט זענען די דעכער פון בלעך און רויט־געפאַרבט, די קאַמעניצעס מיט באַלקאָנען, די שיינע, גרויסע געשעפטן מיט שויפענצטער און שילדן, פיינע טראָטואַרן, איינגעזוימט צווישן גרינע ביימער, סקווערן און פאַרקן, אין וועלכע ס'שפּילן זיך קינדער, קירכן אומעטום, אין יעדער שטאָט, און אויך פאַבריקן מיט לאַנגע קוימענס, טעלעגראַף־סלופּעס, איבער וועלכע ס'ציען זיך דראָטן. נאָך דער באָמבאַרדירונג זענען די אַלע שטעט און דערפער חרוב, די הייזער איינגעשטירצט, טייל גאַנץ און ביי טייל זענען בלויז ווענט איינגעפאַלן, טייל שטעט ברענען און די מענטשן לויפן פאַרצווייפלטע, מיט פעקלעך, מיט קינדער ביי די הענט.

אויף די ריזנפּלאַקאַטן אין יעדן זאַל: רויטע, געלע און אָראַנזשענע פּלאַקאַטן מיט שרייענדיק גרויסע אותיות באַדריקט, איז געווען צו לייענען: „בירגער! זאָרג דערפאַר, אַז אין דיין לאַנד זאָל אַזעלכעס נישט קאָנען געשען! זאָל יעדער זיך באַשטייערן און געבן וואָס מער אויף אויפצובויען אַ גרויסן לופטפלאָט צו באַשיצן דיין פאָטערלאַנד, דיך און דיין פאַמיליע! זאָל יעדער יונגערמאַן אַריינ־טרעטן אַלס פרייוויליקער אין לופטדינסט! דאָס פאָטערלאַנד מוז האָבן אַ גרויסע און שטאַרקע אַרמיי, באַוואָרנט מיט די מאָדערנסטע טעכנישע וואָפן, זיך צו קאָנען אַקעגנשטעלן דעם שטאַרקסטן שונא!״

3

אין דרויסן איז די חמימה געוואָרן נאָך שטיקנדיקער, באַזונדערס אין די שמאָלע און ענגע גאַסן פונעם יידישן פערטל. ווידער האָט די פּאָליציי געמאַכט אַן אָבלאַווע אויף די גאַסן־הענדלער און די בעטלערס. צווישן די הענדלערס האָט אויסגעבראָכן אַ פּאַניק, באַזונדערס צווישן די, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין דערלויבענישן צו האַנדלען אין די גאַסן; זיי האָבן גענומען לויפן מיט די שטעי־לעכלעך און מיט די קיישלעך סחורה, איבערגעבנדיק איינער דעם אַנדערן: „אַנטלויפט!... בלויע!... ראַטעוועטץ ענק!״... די פלינקערע, די יינגערע און געזונטערע, אַנטרינען. די מייסטע אָבער, די שוואַכערע, וואָס קאָנען נישט גענוג גיך לויפן, די וואָס פאַרשטייען נישט שנעל זיך אַרויסצודרייען — צו מייסט זענען עס פרויען, קינדער און אַלטע לייט — פאַלן אונטער די קלעפּ פון די גומענע שטעקנס. צעיושעטע ווי ווילדע חיות — וואַרפן די פּאָליציאַנטן די קייש־לעך סחורה איבער די קעפּ פון די דורכגייער, אונטער די רעדער פון די פאַר־ביילויפנדיקע דראָשקעס און וועגענער, אונטער די פיס פון די פערד. די צע־יאַכמעטע פּאָליציאַנטן בריקן מיט זייערע שווערע שטיוול די אומגליקלעכע, וועלכע זיי יאָגן נאָך. אויפן דאָזיקן אופן רייניקט די פּאָליציי אָפּ די גאַסן. די, וועלכע זענען אַריינגעפאַלן אין זייערע הענט, פירן זיי צעביילטע און צעבלו־טיקטע אין קאָמיסאַריאַט.

נאָרביים איצטיקן איבערפֿאַל איז געשען אַן אומגליק: אַ קליין ייִנגל איז ביים אַנטלויפֿן מיטן קעסטעלע צוקערלעך איבערגעפֿאָרן געוואָרן פֿון אַ טראַמוויי. ס'דאַרע קינדערישע גופֿל איז ליגן געבליבן אויף דער שינע אין מיטן גאַס מיט אַ צעקוועטשט קעפּל און אַן אָפּגעשניטענעם אָרעם ביזן אַקסל. עטלעכע שטיינער זענען באַשפּריצט געוואָרן מיט געהירן און אין דער רינווע פֿון דער שינע ציט זיך אַ גערינען ריטשקעלע בלוט. אַ ביסל ווייטער פֿונעם טויטן קינד ליגט דאָס קעסטעלע. די צוקערלעך זענען צעשאָטן. איין אויג פֿונעם צעקוועטשטן קעפּל איז געבליבן אָפֿן און קוקט פֿאַרגלייזט אויף דער צעוואָרפֿענער סחורה. אַן אַנגעלויף פֿון מענטשן. געשרייען, געוואַלדן, היסטערישע קוויטשערייען. דער פֿאַרקער איז שטיין געבליבן. די פּאָליציי קאָן זיך קיין עצה נישט געבן.

צו דער דאָזיקער בהלה און וויסטן ליאַרם איז צוגעקומען נאָך אַ געשעעניש, וואָס טרעפֿט איצט שוין כמעט יעדן טאָג, און אַ מאָל מער ווי איין מאָל אין טאָג. (ס'טרעפֿט אַלע מאָל אין אַן אַנדערער גאַס פֿון דאָזיקן פֿערטל, אַ מאָל אין עטלעכע גאַסן מיט אַ מאָל). ס'זענען די געשלעגן וואָס ברעכן אויס אינעם קאַמף וואָס די ייִדישע סוחרים און קרעמער פֿירן מיט די שגצים און שיקסעס (צו מייסט שטודירנדיקע) וואָס ווערן געשיקט פֿון די אַנטיסעמיטישע אָרגאַ־ ניזאַציעס מיט די פּלאַקאַטן „סוואי דאָ סוועגאָ" זיך אַוועקצושטעלן פֿאַר די ייִדישע געשעפֿטן און נישט אַריינלאָזן קיין קריסטלעכע קונים. די געשלעגן פֿאַרפֿירן צו מייסטנס ייִדישע אַרבעטער, דער עיקר פֿון דער טראַנספּאָרט־בראַנזשע, ווי טרעגערס און באַלעגאָלעס, און נישט די צעשראָקענע סוחרים און קרעמער, די לעמישקעוואַטע און פּיזיש שוואַכע. די געשלעגן צעוואַקסן זיך טייל מאָל און נעמען אַן גאַנץ דראָענדיקע פֿאָרמען און די פּאָליציי מישט זיך דאַן אַריין.

נאָר קוים ווי אַלץ האָט זיך באַרויִקט, און שוין שטופּן זיך מענטשן דורך אַ טויער אין אַ הויף אַריין. דאָרט ליגט אָנגעוואָרפֿן אַ קופּע מיט זאַכן: צע־ ריסענע שעניקעס, עטלעכע מאָגערע קישנס און שיטערע איבערבעטן. איבערן גאַנצן הויף פֿליען אַרום פֿעדערן. ס'וואַלגערן זיך צעבראָכענע בענקלעך, אַ טיש, פֿון וועלכן ס'פֿעלט אַ פֿוס, אַן אַלמער אָן טירן, אַ שענקל מיט צעבראָכענע שויבן, אַ קאַנאַפּע מיט די קאַנאַפּיעס אין דרויסן, טעפּלעך, שיסעלעך, ספֿרים, קאַיעטן און לערנביכלעך, אַ ביסל וועש און מלבושים — דאָס גאַנצע ביסל בעבעכעס פֿון אַן אביון. ס'ליגט אַ צעשיטע באַליע מיט נאַסע וועש צווישן די קלעפּקעס. לעבן דעם חורבן שטייט אַ צעחושטע ייִדענע מיט אַ פֿאַרפּלאָמט פּנים פֿון בושה און פֿון ביידע זייטן קליינע קינדער. זי ברעכט זיך די הענט און קלאָגט: „ווײַ איז מיר! — וווהין וועלן מיר גיין? — אויף דער גאַס וועלעך מיך אַצינד וואַלגערן מיט מײַנע פּיצלעך קינדער! — יאָסעלע, מײַן קראַנק קינד"... זי ווײַזט די אָנגעלאָפֿענע אויף אַ בלאַס ייִנגל אין בלויזן העמד; ס'ליגט אויפֿן צעריסענעם בעטגעוואַנט. דער מאַן פֿון דער מבולבלדיקער פֿרוי און דער טאַטע פֿון די טרויעריק־צעשראָקענע קינדער אָן אַ היים שוין, דערציילט די מענטשן אַרום אים: „כ'האָב נאָך אַפֿילו נישט אָפּגעווינט די קויציע, וואָס כ'האָב באַצאָלט

פּאַר דריי חדשים פּאַרויס. ביז פּאַר קורצן האָבעך געצאָלט פּינקטלעך יעדן חודש. דער באַלעבאָס — אַ גרויסער גביר און אַ פרומער ייד — האָט מיר אויף דער קוויטיע נישט געגעבן קיין קוויטונג; ער האָט מיר געזאָגט: „כ׳וועל אייערס נישט נעמען״. האָבעך אים געגלויבט״.

נאָר די מענטשן, וואָס זענען זיך אַנגעלאָפן פון דער גאַס, האָבן זיך שווייגנ־דיקע גענומען צעגיין. טייל האָבן געשיקט עטלעכע קללות און דראָונגען אויפן באַלעבאָס אַדרעס: „וואַרפן זאָל אים — צוזאַמען מיט אַלע באַלעבאַטים — דאָס קדחת הייזערן הויך! אַ פייער אין זייערע גראָבע בייכער אַריין! אַ בראַנד אין זייערע געדערים, אין זייערע ביינער! ס׳וועט קומען זייער צייט!״ טייל אַנגעלאָפענע זענען געווען אַנטוישט; דאָס, וואָס זיי האָבן געזען אין דאַזיקן הויף, איז שוין לאַנג נישט געווען קיין נאָווינע: ס׳איז געווען אַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג, נישט אין איינעם, נאָר אָפט אין עטלעכע הייף אַ טאָג. ס׳איז שוין געווען נאַטירלעך, ווי ס׳איז נאַטירלעך, אַז אין אַ מגפה שטאַרבן אַ סך מענטשן, ווי אויף אַ שלאַכטפעלד פאַלן סאָלדאַטן. דאָס אַרויסוואַרפן פון דירות פּאַר נישט צאָלן קיין דירה־געלט צוליב דער נויט — וועגן דעם שרעקלעכן קריזיס אַזוי לאַנג שוין — איז געווען נאַטירלעך פונקט ווי ס׳זענען געוואָרן די באַנק־ראָטן צווישן די סוחרים, ווי ס׳האָט זיך גענומען פאַרשפּרייטן אַלץ מער און מער די עפּידעמיע פון זעלבסטמאָרדן. אויך די מענטשן פונעם זעלבן הויף זענען זיך צעגאַנגען, ווייל ס׳איז אַריינגעקומען אַ גאַנצע קאַפּעליע מוזיקאַנטן און האָבן גענומען שפּילן: איינער אויף אַ קאַטערינקע, אַ צווייטער אויף אַ פידל און אַ דריטער אויף אַ פלייט. די נייגעריקע מענטשן — די שכנים פון דאַזיקן הויף און עטלעכע נאָך איבערגעבליבענע פרעמדע — האָבן נישט געוואָלט נאָך לענ־גער בלייבן, כדי נישט צו מוזן געבן קיין געלט פאַרן שפּילן. איינער פון די מוזיקאַנטן גייט דערנאָך אַרום מיטן היטל אין האַנט און ס׳איז שווער זיך אָפּ־צוטשעפּען פון אים. נאָר די מוזיקאַנטן, געבליבענע אַליין אינעם הויף, האָבן נישט אויפגעהערט צו קוקן אויף דער אַרויסגעוואָרפענער פאַמיליע און דאָס ביסל אָרעמע האָב און גוטס. זיי האָבן ווייטער געשפּילט, וועלנדיק פאַרטרייבן די שווערע זאָרג פון די אומגליקלעכע מענטשן. שפּעטער האָט דער, וואָס האָט גע־האַלטן די קאַסע צוגעטראָגן דעם צעבראָכענעם ייד אַ ביסל מטבעות: „נעמט, פעטער! גאָט וועט העלפן״.

נישט ווייט פון דאַזיקן הויף האָט זיך אויף ס׳ניי פאַרזאַמלט אַ געזעמל ניי־געריקע. פאַרן טויער שטייט די „פּאַגאָטאָוויע״, די „גיכע הילף״.

„וואָס איז דאָ?״

„גאַרנישט״, ענטפערן טייל פונעם געזעמל. „ס׳האָט זיך עמעץ גענומען ס׳לעבן״.

פונעם טויער קומען אַרויס צוויי מענער אין ווייסע קיטלען מיט אַ טראָג־בעטל, וואָס איז איבערגעדעקט מיט אַ שוואַרץ טוך. פון הינטן גייט נאָך אַ דאָק־טער און אַ מלוכה־באַאַמטער און עטלעכע וויינענדיקע מענטשן.

אַ פרוי האָט זיך אָוועקגעשטעלט און דערציילט דעם רעדל מענטשן: „אויף דער נאָוואָליפקע 13 האָט מע אינעם מיסטקאַסטן — ערשט נישט לאַנג — געפונען אַ טויט עופהלע. מ'ווייסט שוין ווער די מאַמע איז. אַן אויסגעלאַסענע מויד".

4

אַלץ איז שוין ווידער געוועןן נאָרמאַל: די הענדלער זענען צוריק געשטאַנען אויף זייערע ערטער און אויסגערופן זייער סחורה און די בעטלערס האָבן ווידער געבעטלט: „שענקט, יידן, בני רחמנים!" אַלץ איז ווייטער געגאַנגען, ווי שטענ־דיק. פּלוצעם אָבער אַ דעמאָנסטראַציע פון אַרבעטסלאָזע. נאָר מילא, דאָס האָט אויך שוין געהערט צו דער טאָג־טעגלעכקייט. פון אַן אַנדערער ריכטונג איז גע־גאַנגען אַ צווייטע דעמאָנסטראַציע: פון סטרייקערס. נאָר צוויי דעמאָנסטראַציעס אין דער זעלבער צייט אויף איין גאַס — דאָס איז שוין נישט געוועןן אַזוי גע־וויינלעך. איז טאַקע דער פאַרקער, כמעט אין דער גאַנצער געגנט דאָ, פאַר־שטאָפּט געוואָרן. די אַרבעטסלאָזע האָבן מאַרשירט צום מאַגיסטראַט און פון דאָרט צו אַ הויז, אין וועלכן די רעגירונג האָט אָוועקגעזעצט אַ קאָמיסיע פון אַ סך באַאַמטע צו באַקעמפן די אַרבעטסלאָזיקייט, ד. ה. צו שאַפן אַרבעט.

ספּאָנטאַן זענען די פריער צעטריבענע גאַסנהענדלער, ביי וועלכע די פּאָליציי האָט קאָנפיסקירט די סחורה און זיי האָבן מער נישט געהאַט מיט וואָס צו האַנדלען, צוגעשטאַנען צו דער דעמאָנסטראַציע פון די אַרבעטסלאָזע. אויך בעט־לער זענען צוגעשטאַנען. די פּאָליציאַנטן אויף זייערע פאָסטנס האָבן זיך געפילט מאַכטלאָז אויפצולייזן די צוויי דעמאָנסטראַציעס, נישט אַכטנדיק דערויף וואָס זיי זענען געוועןן לעגאַל. (די פּאָליציאַנטן האָבן געקאָנט געפונען אַן אויסרייד. זייערע עלטסטע וואָלטן געגלייבט אַלץ וואָס זיי וואָלטן געזאָגט און באַקומען אַ לויב). די דעמאָנסטראַנטן זענען אָבער געוועןן זייער אַ סך און זייערע רייען זענען געוואַקסן פון רגע צו רגע. צו פיל פאַרביטערונג איז געוועןן צווישן די מענטשן. דאָס אומגליק וואָס האָט געטראָפן פריער מיטן יינגל האָט זיך שנעל פאַרשפּרייט און די איינוווינער פון דאַנעט, כמעט בלויז אביונים און דליתים, זענען אויפגעשווידערט און אויפגעקאָכט געוואָרן. אויפגעבראַכט זענען די מאַסן. פון אַ סך מיילער רייסט זיך אויפן אַדרעס פון דער מאַכט: „מערדערס".

פאַרן הויז אין וועלכן אַ מחנה באַאַמטע פון דער קאָמיסיע צו שאַפן אַרבעט האָבן פאַר גאָרנישט טוען באַקומען גוטע געהאַלטן, האָבן זיך אָפּגעשטעלט די לאַנגע רייען פון דער אַרבעטסלאָזער דעמאָנסטראַציע. נאָר דאָ האָט אַ גרויסער סקוואַד פּאָליציי, באַוואָפנטע פון קאָפּ ביז די פיס, אָפּגעוואָרט דעם צוג. די אַרבעטסלאָזע, הונגעריקע און פאַרצווייפלטע, האָבן געפאָדערט אַרבעט: נישט קיין פאַרגעניגנס, בלויז אַרבעט, נישט קיין נפקא מינה סאָרט אַרבעט, מעג זיין די שווערסטע, אַבי צו פאַרדינען אויף אַ שטיקל ברויט, פאַר זיך און פאַר דער פרוי און די קינדער; אַרבעט, כדי נישט געטריבן צו ווערן צו משוגעת און

פאַרבראַך פון אַרומגיין ליידיק. די טויזנטער ווילן אַרבעטן: בויען הייזער, שאַפן פאַר מענטשן וואָס זיי ברויכן, גענוג פאַר יעדן מענטש. איזס נישט דער חוב פון דער געזעלשאַפט, פון וועלכער זיי זענען אַ טייל, זיי צו באַזאָרגן מיט אַרבעט? מיט וואָס האָט זיך ווער פון זיי פאַרזינדיקט, אַז מ'זאָל אים אָדער איר, נישט געבן קיין אַרבעט? ס'איז נישטאָ קיין אַרבעט. אָבער וואָס מיינט מען: ס'איז נישטאָ קיין אַרבעט? גייען זיי נישט — און מיליאָנען אַנדערע — כמעט באָרוועס און נאַקעט? זיי וווינען אין קעלערס, צו 6—12 מענטשן אין אַ קליין שטיבל! אַן דאָס נייטיקסטע מעבל כמעט! די פאַבריקן און די וועראַקשטאַטן אָבער זענען געשלאָסן! זאָל מען עפענען די פאַבריקן און די וועראַקשטאַטן! זאָל מען זיי און די מיליאָנען געבן אַרבעט, באַשעפטיקונג! זיי וועלן אויסגעבן דאָס פאַרדינטע געלט, קויפן וואָס זיי דאַרפן, און אויך די סוחרים און די קרעמער וועלן פאַרדינען, וועלן מאַכן געשעפטן! די, וועלכע האָבן יאָ אַרבעט, פּראַצעווען שווער פון פרי ביז שפּעט ביי נאַכט און פאַרדינען נישט אַפילו אויף דאָס נייטיקסטע! ס'אַרבעטן קינדער, וואָס וואָלטן גאָר באַדאַרפט לערנען! ס'אַרבעטן קראַנקע, וואָס וואָלטן באַדאַרפט רוען און זיך היילן! ס'אַרבעטן אַלטע, וואָס האָבן שוין לאַנג באַדאַרפט אויפהערן! אין די דערפער האָרעווען שווער די פּויערן, זייערע פרויען און קינדער; זיי פּראַצעווען פון זונאויפגאַנג ביז אונטערגאַנג און האָבן אַפילו נישט קיין פּאַסנע קאַרטאָפליע צו דער זעט! צו עסן איז דאָ אינעם לאַנד גענוג פאַר יעדן; אָבער בלויז אַ קליינע טייל פון דער באַפעלקערונג קאָן קויפן! ווערט אַלץ אַרויסגעפירט קיין אויסלאַנד און דאָרט פאַרקויפט! אַ סך פּראָדוקטן ווערן פאַרדאָרבן! די רעגירונג דערלאָזט דאָס אַלץ!

דאָס האָבן אין זייערע רעדעס געזאָגט די פירער פון דער דעמאָנסטראַציע. דאָס זעלבע האָבן געזאָגט רעדנער פון אַ סך טריבונעס ביי אַלערליי דעמאָנסטראַציעס און ביי פאַרזאַמלונגען אין אַרבעטער־פאַראיינען, דאָס זעלבע האָבן כסדר געדרוקט די סאָציאַליסטישע צייטונגען און אין די פאַרלאַמענטן האָבן דאָס געטענהט די ראַדיקאַלע פאַרשטייער פון די אַרבעטער. די אויערן אָבער פון די, צו וועלכע די דאָזיקע רייד זענען געווען געווענדט, זענען געווען ווי טויב. יעדן טאָג האָבן טעלעכע צענדליק אַרבעטסלאָזע באַקומען פון דאַנען אַרבעט, צומייסט צייטווייליקע, בלויז אויף עטלעכע טעג, אָדער נאָר אויף איין טאָג, און אַפילו גאָר אויף עטלעכע שעה. ווינטער, אַז ס'איז אָנגעפאַלן אַ גרויסער שניי, האָבן עטלעכע הונדערט באַקומען אַרבעט. די באַאַמטע פון דער אַרבעטסלאָזער קאָמיסיע דאָ זענען די מייסטע געווען סאָציאַליסטן, וואָס זענען געווען לאָיאַל צו דער רעגירונג.

אַ דעלעגאַציע פון דער אַרבעטסלאָזע־דעמאָנסטראַציע האָט געוואָלט אַריינגיין צו דער קאָמיסיע, איר איבערצוגעבן די פאָדערונגען פון די טויזנטער. אָבער פּאָליציאַנטן פון העכערן ראַנג ביים טויער פונעם הויז האָבן די דעלעגירטע נישט אַריינגעלאָזט. די דעמאָנסטראַנטן האָבן גענומען שרייען אין ווילדער אויפרעגונג פון העכסטער פאַרביטערונג. אַז אויך דאָס האָט נישט געהאָלפן —

די פּאָליציאַנטן האָבן אַלץ נישט געוואָלט אַדורכלאָזן די דעלעגאַטן — האָבן גענומען פליען שטיינער. די פאַרצווייפלטע, געטריבן ביז וואַנזין, האָבן פונעם ברוק, אונטער זייערע פיס, געריסן די שטיינער און געוואָרפן אין די פענצטער פונעם הויז, אין די פּאָליציאַנטן. אַ געבראַזג פון שויבן, געשרייען, אַ טומל. די הונגעריקע און וואַנזיניק געוואָרענע פון פאַרביטערונג און פאַרצווייפלונג האָבן באַקומען פון דער פּאָליציי אַן ענטפער אויף זייער פאָדערונג, פון ברויט און אַרבעט; דער ענטפער איז געווען אַ ברוטאַל ציניש באַפעל פונעם אָפּיציר: „פונאַנדערגיין!" באַלד דערויף — די מאַסע האָט נישט געפאָלגט — אַ באַפעל צו די באַוואָפנטע פון קאָפּ ביז פיס, אַ באַפעל, אויף וועלכן זיי האָבן בלויז געוואַרט. מיט ווילדער רציחה האָבן די פּאָליציאַנטן זיך אַ לאָז געטאָן אויף די אומבאַוואָפנטע אַרבעטער. צעיושעטע — האָבן זיי מיט זייער גאַנצער קראַפט געשלאָגן מיט די גומענע שטעקנס און מיט די קאָלבעס פון די ביקסן. דאָס האָט אָבער נישט געבראַכט דעם געהעריקן דערפאָלג, פאַרקערט, די פאַרביטערטע און פאַרצווייפלטע זענען נאָך וואַנזיניקער געוואָרן און געענטפערט מיט אַ האָגל שטיינער, מיט פויסטן — מיט דער ווילדער קראַפט פון וואַנזין. דער אָפיציר האָט געגעבן דעם באַפעל: „פייער!" פון אַ באַהעלטעניש האָט געלאָפירט אַן אָפּטייל רייטער־פּאָליציי. דער קאָמאַנדיר פאָרויס, דאָס פערד אונטער אים איז געוואָרן אַזוי גדלותדיק ביי זיך, אַז ס'האָט זיך צו ערשט אַ שטעל געטאָן אויף די צוויי הינטערשטע פיס, באַווייזנדיק סאַרע מעכטיקע ברוסט ס'האָט און וואָס פאַר אַ ריין ס'איז. ס'האָט אַרויסגעלאָזט אַ הירזשנדיק פרייד־געשריי, צוריק אַראָפּלאָזנדיק זיך אויף אַלע פיר, גליענדיק מיט די שרפנדיקע, שוואַרצע, קייַלעכדיקע אויגן, שטשירנדיק די גרויסע ציין און בלאָזנדיק מיט די רויטצעשפּרייטע נאָזדרעס האָט עס זיך אַ ריס געטאָן אין דער מאַסע אַריין.

ס'זענען ליגן געבליבן אַ סך פאַרוווּנדעטע, אויך עטלעכע טויטע. צווישן די אַנטלויפנדיקע זענען געווען דער חבר ליכטענבערג און זיין בן־עיר, דער חבר לאָזער אייבערשוץ מיט אַ ברודער. יעקב האָט די גאַנצע צייט זיך געהאַלטן לעבן דעם קריפּל, רעכענענדיק, אַז ס'וועט עפּעס געשען. ביים אַנטלויפן האָט לאָזער גענומען האַרצקען אויף דעם איינעם פוס זיינעם און די קוליע אונטערן איינעם אָרעם. האָבן ביידע, דער ברודער פון איין זייט און דער חבר ליכטענבערג פון דער צווייטער זייט, אַ כאַפּ געטאָן דעם קריפּל און אים כמעט געטראָגן.

## קאַפּיטל אַכט

# נויט דעמאָראַליזירט

1

לאָזער, דער מלחמה־אינוואַליד, האָט אין וואַרשע — די גאַנצע צייט פון נאָך דער מלחמה אָן — געוווינט צוזאַמען מיט זיינע דריי ברידער: מאַניס, דער יינגסטער, איז געווען אַ בעקער; זיינוול, דער עלטסטער, האָט פריער געאַרבעט אין אַ גרויסער פּאַפּיראָסן־פאַבריק, נאָר פון צייט די רעגירונג האָט זי אָוועקגענומען פון איר יידישן באַזיצער — ס'האָט געהייסן אָפּגעקויפט, אָבער אין דער אמתן איז דער יידישער פאַבריקאַנט געצוווּנגען געוואָרן דורך דער אַנטיסעמיטישער שטייער־פּאָליטיק די פאַבריק איבערצוגעבן דער רעגירונג — פון דעמאָלט אָן איז זיינוול געוואָרן אַרבעטסלאָז, ווייל מ'האָט די יידישע אַרבעטער אַרויסגעוואָרפן פון דער פאַבריק; דער דריטער ברודער האָט געאַרבעט ביי ר' אפרים גאָטליב אין דער טריקאָטאַזש־פאַבריק און געהייסן פנחס.

פאַרן קריזיס האָבן דעם קריפּלס אַלע דריי ברידער געהאַט אַרבעט. האַלטנדיק צוזאַמען, האָבן זיי — אַלע נאָך בחורים דעמאָלט — געהאַט אַ גאַנץ פיינע דירה פון צוויי שטיבלעך מיט אַ קעכל און נישט געמוזט וווינען מעבלירט ביי פרעמדע מענטשן. זיינוול האָט זיך דאַן פאַרנומען חתונה צו האָבן מיט דעם מיידל, וואָס ער האָט געליבט. די דריי ברידער האָבן אַריינגענומען צו זיך דעם אַמאָליקן קריפּל, ווען ער איז, ווי טויזנטער אַנדערע פּליטים, געקומען קיין וואַרשע. פּלאַץ איז געווען. מ'האָט בלויז באַדאַרפט קויפן נאָך אַן אייזערן בעטל. די ברידער זענען געשלאָפן צו צוויי אין אַ שטוב, די בעטן אָפּגעטיילט דורך אַ שפּאַניש ווענטל, אַז יעדער פון זיי זאָל האָבן זיין פּריוואַטע פרייהייט. לאָזערן האָבן זיי ליב געהאַט צוליב זיין „אויפגעקלערטקייט" און ווייל ער איז געווען אַ גוטער און אַן איידעלער. זיין עסן — כאָטש די ברידער וואָלטן אים געווען אויסגעהאַלטן בסבר פנים יפות — האָט ער זיך פאַרדינט ביי פאַרקויפן צייטונגען אין גאַס. ער האָט אויך געררוימט, איינגעקויפט פאַר אַלע, און אַפילו געקאָכט. די „בראַטשקעס" האָבן זיך געחידושט און אים געפרעגט: „ווו האָסטו זיך אויסגעלערנט דאָס אַלץ צו מאַכן אַזוי פיין און אַזוי גוט צו מאַכן, לאָזער?" „ביים אומגליק", האָט ער שמייכלענדיק געענטפערט.

נאָר זיינוול האָט נאָך דער חתונה באַקומען דאָס לעצטע צימער. לאָזער האָט זיין בעטל געוואָלט אַריבערטראָגן אין קעכל אַריין. האָט זיך אָנגעהויבן אַן איידעלער קאַמף: יעדער פון די צוויי אַנדערע ברידער האָט געוואָלט טוען דאָס זעלבע. איז פנחס, דער ברודער צווישן מאַניס און זיינוול, געפאַלן אויף אַן המצאה: „איך וועל וווינען אין קעכל מיט מיין פריינדין". דאָס איז געווען

די בלאָסע דבורה, וועלכע האָט געאַרבעט אין דער זעלבער פֿאַבריק ווו ער האָט געאַרבעט: ביי ר׳ אפרים גאָטליב.

אָבער די „גוטע צייט״ איז פֿאַרשוווּנדן ווען דער עקאָנאָמישער קריזיס אינעם לאַנד האָט זיך אָנגעהויבן. צו ערשט האָט פּנחס אָנגעהויבן פֿאַרדינען אַלץ ווייניקער און ווייניקער, ווייל די אַרבעט אין דער טריקאָטאַזש בראַנזשע איז געוואָרן אַלץ קנאַפּער, די פֿאַבריקאַנטן האָבן גענומען אָראָפּדריקן די לוינען, בעת דער יקרות האָט געהאַלטן אין איין שטייגן. ס׳איז אָפּט אויסגעקומען, אַז די אַרבעטנדיקע האָבן אויסגעהאַלטן דעם וואָס האָט נישט געאַרבעט, אָדער פֿאַרן פֿאַרדינסט פֿון איינעם האָבן געלעבט די רעשט, וועלכע זענען אַרומגעגאַנגען ליידיק. נאָר באַזונדערס שווער איז געוואָרן ווען זיינוול איז שוין געווען אַ באַווייבטער, און נאָך שווערער — ווען ס׳איז געבוירן געוואָרן אַ קינד. אַ ביסל שפּעטער, איז צוגעקומען אַלע מאָל אַן אַנדער אומגליק, ווי געוויינלעך אין אַן אָרעמער פֿאַמיליע. חוהלע, זיינוולס פֿרוי, איז געווען אַ שוואַכלעכע, אַ צאַרטע, און נאָך דער חתונה איז זי געוואָרן נאָך שוואַכער. דערביי איז זי געווען אַ גוטע קינדלערקע. „דער מאַן דאַרף זיך צו דיר בלויז צורירן״, האָט מאַניס דער בעקעריונג געשפּאַסט, „אָדער נאָר אַ קוק טאָן אויף דיר, מיין שוועגערין, און דו טראָגסט שוין״... זיינוול האָט זיך כסדר געפּילט ווי שולדיק קעגן זיינע ברידער, באַזונדערס אָבער קעגן דעם בעקער, און אויך קעגן פּנחסן, ווייל זיי האָבן אים גענומען זאָגן מוסר: „ווייסט נישט ווי דיך צו היטן?... פֿאַר דער חתונה ביסטו דאָך גאָרנישט געווען אַזאַ שמייגער״... „איך״, האָט אַ צווייטער מוסיף געווען, „לאָז מיר אויך דאָס האַרץ נישט אַנטגיין, און פֿון דעסטוועגן״... נאָר פּנחסן האָט זיינוול געענטפֿערט: „וויפֿל מאָל איז דבורה שוין אַריינגעפֿאַלן און זיך געלאָזט אָפּטרייבן? — חוהלע איז פֿאַר דער חתונה אויך אַריינגעפֿאַלן און נישט איין מאָל... מ׳היט זיך און דאָך״...

ס׳גליק איז געווען, וואָס חוהלע האָט דאָס צווייטע קינד נישט אויסגעשוואַנגערט; זי האָט עס געמפּלט. דאָס דריטע קינד האָט געלעבט בלויז איין יאָר און ס׳פֿערטע האָט זי ווידער געמפּלט. נאָר ביידע מאָל מפּלען האָבן געקאָסט מער ווי ס׳וואָלטן געווען געקאָסט די קימפּעטן, ווייל חוהלע איז נאָך יעדן מאָל מפּלען געלעגן קראַנק אין בעט. דאַן איז געקומען דאָס ערגסטע: ווען זיינוול האָט פֿאַרלוירן די אַרבעט. נאַטירלעך, ער האָט דאַן נישט אָפּגעלייגט זיך אויף די ברידערס קאַרק; ער האָט צו ערשט אַרומגעזוכט אַרבעט אין אַנדערע פֿאַבריקן און ווערקשטאַטן, און אַז ר׳האָט נישט באַקומען — האָט ער געקויפֿט טאַבאַק און גילזן און אין דער היים געשטאָפּט פּאַפּיראָסן. די פֿרוי האָט אים דערביי צוגעהאָלפֿן, די פּאַפּיראָסן געפּאַקט אין קליינע פּעקלעך פֿון פֿאַרשידנפֿאַרביק פּאַפּיר און אין פֿאַרשידענער גרויס און פֿאַרקויפֿט אין געוועלבער (הורטאָוונע) און אויך לאַחדים. אויך לאָזער האָט דערביי געהאָלפֿן און דאָס פֿאַרדינסט איז געווען אַ סך מער, ווי ווען זיינוול וואָלט געאַרבעט אין אַ פֿאַבריק. אָבער ער איז אַריינגעפֿאַלן: געהיים־אַגענטן זענען געקומען און אים געכאַפּט ביי דער האַנט.

געמסרט? — אויף זיכער האָט קיינער נישט געוווּסט, ווייל פּאָליציי האָט כמעט ביי אַלע אָפּגעזאָגטע יידישע אַרבעטער פון דער פּאַפּיראָסנפאַבריק געמאַכט רעוויזיעס און ביי טייל, ווי ביי זיינוולען, געטראָפן „פאַבריקלעך" פון „טריפהנע" פּאַפּיראָסן. פאַרשטייט זיך, אַז אַלץ, די אויסגעאַרבעטע און נאָך נישט אויסגע־אַרבעטע סחורה, איז קאָנפיסקירט געוואָרן. דאַצו עטלעכע מאָל. יעדעס מאָל איז די שטראָף געווען שווערער, ביז זיינוול האָט איינגעזען, אַז פּאָליציי האַלט אויף אים אַן אויג און זיך איבערצייגט, אַז קלוגער פון געהיימאַגענטן איז ער נישט. האָט ער זיך געלאָזט אויפן וועג פון טויזנטער אַנדערע אַרבעטסלאָזע: ר'איז געוואָרן אַ גאַסנהענדלער. געהאַנדלט האָט ער מיט וואָס ס'האָט זיך נאָר געלאָזט, אַפילו מיט ביכער־ראַמשן. אויף דערביי האָט אים לאָזער געהאָלפן: ער האָט אויסגערופן די טשיקאַוועקייטן פון די מעשה־ביכלעך און אַכטונג גע־געבן מ'זאָל נישט גנבענען.

אָבער נאָך אָפּפלאָגן זיך אַ שטיקל צייט ביי דער דאָזיקער וויסטער פּרנסה און פאַרדינט „וואַסער אויף קאַשע", ווי מ'זאָגט, האָט זיינוול אויפגעגעבן דעם גאַסנהאַנדל, אָדער דער האַנדל האָט אים אויפגעגעבן, און ווי איינער פון דער מחנה אַרבעטסלאָזע מאַרשירט אין די רייען פון זייערע דעמאָנסטראַציעס. דער ברודער איז שטענדיק מיט אים מיטגעגאַנגען: געהאָצקעט לעבן אים אויף דעם איינעם פוס, וואָס ער האָט נאָך געהאַט און מיט דער קוליע אונטער דעם איינעם איבערגעבליבענעם אָרעם.

2

פון דער הריגה, וואָס די פּאָליציי האָט געמאַכט אויף דער אַרבעטסלאָזער דעמאָנסטראַציע, האָבן אַלע דריי זיך געראַטעוועט: דער חבר ליכטענבערג, זיינוול און דער קריפּל. זיי זענען אָפּגעקומען מיט לייכטע ווונדן. באַלד איז אויך אַהיימ־געקומען מאַנעס און דערציילט, אַז אויך זייער דעמאָנסטראַציע (פון די סטרייקנ־דיקע בעקערס און אַרבעטער פון אַנדערע בראַנזשעס) איז פון דער פּאָליציי באַפאַלן געוואָרן: „צוויי טויטע, אַ סך פאַרוווּנדעטע און אַרעסטירטע". חוהלע איז שעהנענלאַנג געווען אין גרויס שרעק, ווייל זי איז געוואָר געוואָרן (ס'האָבן זיך באַלד פאַרשפּרייט ידיעות), אַז די פּאָליציי האָט געמאַכט „אַ שחיטה" אויףביידע דעמאָנסטראַציעס. אַ פּאָר שעה שפּעטער איז געקומען צו לויפן פאַניע, אַ שוועסטער פון די פיר „בראַטשקעס". זי האָט געדינט ביי דעם רייכן בעקער פאַן לישיי, ביי דעם באַזיצער פון דער גרויסער דאַמף־בעקעריי און אַ סך הייזער, ביי וועלכן מאַניס האָט געאַרבעט און אַציינד האָט מען דאָרט געסטרייקט. אויפפּראַלנדיק די טיר איז פאַניע אַריינגעפאַלן מיט אַ געוויין: „אַ בראָך האָט מאָך געטראָפן!... וואַי איז מיאָר!... ווינד און וואַי איז צו מ'ינע יאָרן!".. דערזעענדיק אַלע פיר ברידער האָט זי צוזאַמענגעפּאַטשט ביידע הענט און פאַרגלאָצט די אויגן צום סופיט: „גאָטצעדאַנק!"... זי האָט יעדן פון די „בראַטשקעס" אַרומגעכאַפּט און געקושט און געוויינט און געלאַכט: „גאָרנישט

געשעען? — און דו, מאַין אַרימער קאַליקאַ! — די מאַדאַם מיינאַ — אַ בראַך אין אירע יאָרן! אַ פייער אין אירע קישקעס! אַ בראַנד אין אירע טריפהנע געדערים, אין אירע ביינער, גאַטעניו אין הימל! — זי איז געקומען אַריינצולויפן צו מיאַר אין קאַך און מיט פרייד מיאַר געזאָגט, אַז איצטאַר האָט די פּאַליציי אויף אירע פערדלאַך — אַז איינגעזונקען, רבונו של עולם, זאָלן זיי ווערן אין דער ערד! — האָבן די סטרייקאַרס צעטרייבאַרט... האָב יאַך, פאַרשטייט־אַך, איבערגעלאָזט די קאַך מיט דער מאַדאַם — אַ כאָליעראַ איאַר! — און בין אַהער־געפלויגן"...

ביים אַריינפאַלן אַ צערודערטע אין אַ לייכט טיכל, אַנגעהאַנגען איבער די אַקסלען און צעווינטיקט אין צוויי פליגל ווי ביי אַ פליענדיקן פויגל, איז פאַניע באַגאַנגען אַ פעלער וואָס האָט ביי איר קיין מאָל נישט געטראָפן. ווען ס׳האָט זיך דאָ אָנגעהויבן דער גרויסער דלות, האָט זי כמעט שטענדיק, ווען זי איז אַהערגעקומען, מיטגעבערנגט אין אַ צוגעלייגט, געפלאָכטן קייבערל פון שילף, וואָס זי האָט נאָר געקאָנט און טאַקע פון שענסטן און בעסטן: שטיקער געקאָכט פלייש, פולקעס פון הינער, ביייליקס פון קאַטשקעס און גענדז, טיילן פון אינ־דיקעס, די פעטסטע יויך מיט לאָקשן, אָדער מיט פערפל און צוקערבאַבעס, צי מיט רייז, אָדער האָלישך מיט אייער אונטערגעשלאָגן, יאַזשינעס און אַפילו קאָמפּאָט, חוץ ביײטלען מיט שפּייז, שקאָרמעצן מיט צוקער, טיי, ראָזשינקעס. אַפילו פוטער און קעז און ווורשט און סאַרדינען — פון אַלעם גוטן. אָבער זי פלעגט תמיד, גלייך ביים איבערטרעטן די שוועל פאַרשווינדן אין קעכל אַריין און דאָרט — זומער פון אונטערן טיכל און ווינטער פון אונטער דער גרויסער וואַרעמער פאַטשיילע — אַפירנעמען דאָס קייבערל און אויספאַקן דערפון אַלץ וואָס זי האָט מיטגעבראַכט. חוהלע האָט דאָס שפּעטער שוין אַוועקגערוימט. לכתחילה האָט זי דאָס נישט געוואָלט. גנבה... אָבער זי האָט זיך נישט צו לאַנג געוועדט. אַ שוואַכע, אַ צאַרטע — האָט זי אין דער שוואַנגערשאַפט אָנגעהויבן פאַלן פון די פיס. זי האָט זיך געמוזט „צופילנעווען", באַזונדערס אין דער קימ־פעט, אַז זי זאָל זיך קאָנען צוריק שטעלן אויף די פיס. ווען זי האָט געמפּלט און איז קראַנק געוואָרן, האָט זי אַוודאי געמוזט קריגן גוטע און פעטע נאַרונג.

די „בראַטשקעס" האָבן זיך געחידושט: „אַזאַ גוטע יויך?... עופות־פלייש?... מעדני מלך"... חוהלע איז רויט געוואָרן. זי האָט צו ערשט געפּרוווט דערציילן פאַנטאַסטישע מעשיות, דאַן האָט זי מודה געווען: אויסגעזאָגט דעם אמת פון וואַנען די גוטע זאַכן קומען. לאָזער איז אויפגעקאָכט געוואָרן. ער האָט אַפילו אויסגעשפּיגן דעם ביסן פון מויל, ווי אַ פרומער ייִד, ווען ער ווערט פּלוצעם געוואָר, אַז מ׳האָט אים געגעבן טריפות. זיינוויל איז געבליבן אַ דערשלאָגענער. פנחסן איז עס אין ערשטן אויגנבליק געווען פריקרע; אָבער ער האָט דערין נישט געזען אַזאַ גרויס פאַרברעך ווי לאָזער האָט געזען. ער האָט געזאָגט: „כ׳געדענק, אַז דער רבי האָט מיט מיר אַ מאָל געלערנט: „הגונב מן הגנב פטור". לעניך האָט געזאָגט: „גריאַב נאַגראַביענע". מאַניסן האָט עס לגמרי נישט געאַרט.

נאָר פאַניע — ווען לאָזער, אַלס ראש המדברים, האָט איר גענומען האַלטן אַ מאָראַלישע פרעדיק — האָט געעפנט איר מויל: „סי גנבה?.. אַ שיינאָר סי־צאַליסט ביסט דו מיאָר!... יאַך פראַצעווע ביי דעם אַלטן קאָטאָר כמעט פאַר גאָרנישט! יאַך קאָמאָר אַפילו אַ קלייד נישט קויפן! שטענדיק גייאַך אין אַלטע, פאַרלאַטעטאָ שיאָך! ווי לאַנג בין יאַך שוין אַ דינסט? — פון מאַ צוועלפטן יאָר אָן! און וואָס האָב יאַך? סאַראַ לעבן האָט אָבאָר מאַ מאַדאַם?... און וואָס איז זי געווען? — אַ דינסט גלאַך מיט מיאָר! זי האָט זאָך אַרומגעטליקעט מיט זעלנאָר, מיט גנבים. אָבאָר דער רבונו של עולם האָט איאָר געהאָלפן, איאָר צוגעשיקט דעם אַלטן תרח, משה בעקאָר! דער הירנייזנג האָט געוואָלט האָבן אַ ייִנג וואַב, אַ שיינאָ — האָט אים נישט געאַרט, וואָס זי איז געווען אַ טליק. דאַנאָך איז געקומען די מלחמה, דאָס גליק פאַר די גבירים, און ליובא — מאַ מאַדאַם — האָט צעשפרייט די פיס פאַר די דייטשאָ אָפיצירן און אַצינדאָ האָבן זיי הייזאָר און אַ פאַראָווע בעקעראַ מיט אַ מיל און אַרבעטאָר פראַצאָווען באַ זיי באַטאָג און באַנאַכט! משה בעקאָר — אַצינדאָ פאַניע לישיי — זויגט אויס זייאָר בלוט, אַ בראַנד אים אין די געהירן און איאָר אין בויך! יאַך גנבא זאָגט ער מיאָר, מיין טייעראָר בראַטשיק! אַשיינאָר סיצאַליסט!... זאַלמאָ מיאָר באַצאַלן לויט מאַ אַרבעט!”.

מאַניס, און אויך פנחס, האָבןביידע געפאַטשט בראַוואָ זייער שוועסטער. חוהלע האָט געקוקט אויף איר מאַן, צו הערן זיין מיינונג, אָדער צו זעען אין זיינע אויגן וואָס ער מיינט אַצינד. אָבער ער האָט געהאַלטן אַראָפּגעלאָזט דאָס פּנים. לאָזער איז געבליבן ביי ס׳זייניקע און נישט געגעסן פון דעם, וואָס פאַניע האָט געברענגט. ער האָט געהונגערט, געגעסן איין מאָל אין טאָג אין דער אַר־בעטערקיך.

דאָס צוגעלייגטע קויבערל מיט עסנוואַרג, וואָס פאַניע האָט צוליב איר צעקאָכטקייט אַצינד אַ שטעל אַוועק געטאָן פאַר אַלעמען אין די אויגן, האָט חוהלע שנעל אַ כאַפּ געטאָן און אַוועקגעטראָגן אין קעכל אַריין. שפּעטער האָט זי געפרעגט דער שוועגערין: „אַז דו ביסט געלאָפן אַזוי הענדאָם־פענדאָם — ווי דו האָסט פריִער דערציילט — ווי האָסטו געקאָנט?”...

פאַניע האָט גענומען הויך לאַכן: „אוי, ביסטו, מאַ שוועגערין... יאַך גראַיט אַלץ צו פריאָר אויף אַ גוט אָרט”...

און אָט איז אַריינגעקומען בראָניאַ, די צווייטע שוועסטער, וועלכע פלעגט קומען גאַנץ זעלטן און שטענדיק זיך אַריינגנבענען שטילערהייט. אַצינד אָבער האָט זי, ווי פריִער פאַניע, געטאָן אַ פראַל אויף די טיר און איז אַריינגעפאַלן מיט אַ יללה: „וואָס טויג מיאָר שוין מאַ גאַנץ לעבן!”...

די שוועסטער האָט זי אָנגעכאַפּט: „וואָס איז דיאָר געשען, בראָניאַ?”

בראָניאַ האָט געכליפּעט: „די ,בלוע׳ האָבן דאָך צעהאַקט אויף קרעפּל־פלייש אַלאָ וואָס זענען געגאַנגאָן מיט די פענאָר!”.

„אַלע”... האָט מאַניס זיך צעלאַכט: „אויף קרעפּלפלייש”...

„אַלע אָרעמעלייט אין וואַרשע וועלן אַצינד עסן קרעפּלעך פון מענטשן־פלייש", האָט פּנחס זיך געוויצלט.

„ביסט אַ גרויס נאַרעלע", האָט פאַניע באַרויִקט די שוועסטער.

די ברידער האָבן זיך אַלע געשעמט וועגן בראָניאַס אָנוועזנהייט. זי אָבער, זעענדיק אַלע אירע ברידער פאַר זיך — אַז ס'איז זיי גאָרנישט געשען — האָט זיך שטאַרק געפרייט און ווי איר שוועסטער פריִער, פאַרדרייט די אויגן צום סופיט: „דאַנק יאָך דיאָר, זיסאָר טאַטע אין הימל. פאַר דעם גרויסן נס וואָס דו האָסט מיאָר באַוויזן, כאָטש יאָך, אַ „נקבה" פון דער גאַס, בינס גאָרנישט ווערט". די בראַטשקעס האָבן ביים וואָרט „נקבה" אַראָפּגעלאָזט די אויגן. שטענ־דיק, ווען די דאָזיקע שוועסטער פלעגט צו זיי קומען, האָבן זיי נישט געוווּסט ווו זיך אַהינצוטאָן פון חרפּה.

בראָניאַ האָט זיך אַנטשולדיקט: „נעמטץ מיאָר נישט פאַריבל, וואָס יאָך בין געקומען. אָבער ווען יאָך האָב אין גאַס געהעאָרט, וואָס די ,בלוע' האָבן געטאָן — האָטס מיאָך אַהערגעטראָגן"...

פאַניע האָט פּלוצעם גענומען שעלטן די שוועסטער מיט טויטע קללות: „זאָל דיאָך טרעפן אַ וויסטאַ כאָליערע! גראָשנדיקע"...

בראָניאַ האָט זיך צעלאַכט מיט גאַל און שפּילקעס: „אַ גראָשנדיקע בין יאָך? — יאָך פאַרדין טאָלמאָל אין איין נאַכט מער ווי דו פאַרדינסט אַ גאַנצן זמן!... אַז גאָט העלפט און שיקט מיאָר צו אַ רייכן יאָלד וואָס איז שיכור... זאָל יאָך אפשר גיין אַרבעטן אין אַ פאַבריק אַריין, האָרעווען מיט ביטאָרן שוויס און נישט וויסן פון קאַ לעבן? — נישט זעען דעם לעכטיקן טאָג און פאַרדינען אויפן ביסל פרעס און אַ געלעגאָר ביי עמיצן אין אַ קעלאָרשטוב און נישט האָבן קאַ קלייד אָנצוטואָן? און דאָס איז שוין אַ גליק, וואַיל מ'קריגט דאָך גאָרנישט קאַ אַרבעט! אָדער ווילסטו, פאַניע, אַז יאָך זאָל ווערן אַ דינסט ווי דו? — אַז יאָך זאָל קאָכן, רוימען, וואַשן פאָדלאָגעס, שלעפּן קוישן פון גאַס, אַראָפּבייגן דעם קאָפּ פאַר דער מאַדאַם און פאָרן באַלעבאָס, יעדן באַדינאָן, נישט טאָרן גיין ערגיץ, נישט האָבן קאַ רו, חוץ די פאָר שעה, וואָס מ'שלאָפט אין דער קאָך! — טיילמאָל ווערט מע נאָך אויפגעוועקט פונעם באַלעבאָס, צי פון זיינס אַ זינדל, אַז ס'פאַרגלוסט זאָך זיי צו קריכן צו דער דינסט אין בעט אַריין"...

„פאַרדאָס פיר יאָך אָן ערלאָך לעבן!" האָט פאַניע געענטפערט. „יאָך ברויך מיאָך פאַר קיינעמען נישט צו שעמען! יאָך בין אַ מיטגליד אין דער פאַרטיי, אַ באַוווסטזיניקאַ, אַ פּראָלעטאַרקאַ, אַ ,סיצאַליסטקאַ', אַ קעמפערין פאַר דער מענטשהייט! דו אָבאָר"...

האָט זיך בראָניאַ אָנגעצונדן: „יאָך פייף אויף דער גאַנצער מענטשהייט! און אַפילו אויף ענק אַלע", האָט זי זיך געווענדט צו די ברידער, „פייף יאָך! זיצן ווי די שטומע, ווי די בלינדע; האָבן קאַ וואָרט נישט פאָר מיאָר, זעאָן מיאָך נישט!... יאָך בין געלאָפן אַהעאָר, האָב שיאָר די פיס צעבראָכן און זיי שעמאָן זיאָך מיט מיאָר!... ערלאָך לעבן... ווער אָבער קוקט זיאָך אויף ענק אום? — צ'זענט פּענ־

טאַקעס! ווער אָבער זענען די אַלאָ, פאַר וועלכן מ׳האָט דעם גרעסטן דרך־ארץ און מ׳טיילט זיי אָפּ דעם גרעסטן כבוד, וועלכאָ האָבן איבאַר אַלץ צו שאַפן און מ׳בויגט זיאַך פאַר זיי אין דרייען? — פירן זיי אַן ערלאַך לעבן?... פון אַן ערלאַך לעבן ווערטמאָ נישט רייד!״ אַז זי האָט זיך שוין געהאַט אַראָפּגערעדט פון האַרץ, האָט זי אַרויסגעפּלאַצט אין אַ ביטער געוויין. זי האָט געכליפּעט: „צ׳פאַרשטויסט מיאַך, צ׳לאָזט מיאַך נישט איבאַר ענקאַר שוועל! ערלאַך לעבן... מיט וואָס פיר יאַך נישט קאַ ערלאַך לעבן? — יאַך נאַר קיינאָמען נישט אָפּ, באַשווינדל קיינאָמען נישט; יאַך גיב נישט קאַ פאַלשאָ מאָס, קאַ פאַלשאָ וואָג, קאַ שלעכטאָ סחורה פאַר גוטע... יעדאַר זעט וואָס עאַר קויפט ביי מיאַר... יאַך האָב אַ גוט האַרץ, אַז ערלאַכס. יאַך העלף מענטשן, גיב צדקה. יאַך בין אַ הור. צו מיאַר אָבער קומען פרומע יידן, מיט לאַנגע בערד און לאַנגע פיאות, שאַרן זיאַך דאַבאַ אַוועק די לאַנגע טלית קטנס מיט די לאַנגע ציצית... ס׳קומען, להבדיל, גלחים אין זייראָ לאַנגע שוואַרצע סערמענגעס, צוגעקנעפּלט ביז אַראָפּ אין לאַנגאָ צלמים... ס׳קומען צו מיאַר סוחרים, גרויסע לאַיט... פאַרשטיי יאַך נישט: יאַך בין אַ הור, און זיי... און ווי פיל וויטישע ווייבאַר טוען דאָ סזעלבע וואָס יאַך טו? — זיי נעמען נישט קאַ געלט, נאַר מתנות. פאַר זיי שטייען אומעטום אָפן די טירן, און מיאַך ווילן מיינאָ אייגענע ברידאַר נישט אַריינלאָזן!״ זי האָט זיך ווידער צעוויינט: „יאַך בין אַזוי עלנט! — קאַ איין פריינד האָב יאַך נישט אין דער גאַנצער וועלט״.

זי איז אַוועקגעגאַנגען מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ.

ביי נאַכט אָבער, ווען חוהלע האָט געבעטט איר בעט, האָט זי געפונען דאַרין עטלעכע צוזאַמענגעקנוילטע צענער און צוואַנציקער זלאָטעס, ווי שטענדיק ווען בראָניאַ איז געקומען.

3

צומאָרגנס, ווען די ברידער האָבן געהאַלטן ביים ענדיקן ס׳פרישטיק, איז דער חבר ליכטענבערג געקומען געוואָר ווערן וואָס לאָזער מאַכט: אויב פון דעם לויפן און די לייכטע ווונדן — ביי אַזאַ קריפּל — איז נישט געוואָרן עפעס ערנסטעס. ער זעלבסט האָט זיך געפילט ווי ס׳וואָלט נעכטן מיט אים גאָרנישט פאָרגעקומען. נאָר אַרבעט האָט ער נישט געהאַט, נישט בלויז ווייל ס׳איז נישט געווען, באַזונדערס אין דער נישט סעזאָנצייט, נאָר ווייל די אַרבעטסגעבער האָבן אַ קאָמוניסט נישט געלאָזט איבער דער שוועל פון זייערע פאַבריקן און ווערק־שטאַטן. זיי האָבן שוין געוווּסט ווער ס׳איז אַ „רויטער״.

„גיב דעם חבר ליכטענבערג אַ גלאָז טיי!״ האָט פנחס געבעטן זיין שוועגערין. „און נאָך איינס פאַר מיר, אַז דו ווילסט זיין אַזוי גוט״.

ס׳איז געווען נאָך אַ סיבה, וועלכע האָט יעקבן אַהערגעבראַכט אַזוי פרי. זעענדיק אויפן טיש „קייזערקעס״ און „פאַרקעס״ און בייגל און פלעצלעך און פּוטער און קעז, האָט ער געטראַכט, אַז דאָס וואָס דער חבר טוביה האָט אים

געזאָגט, איז אַוודאי אמת. יעקב האָט דאָס נישט געוואָלט גלייבן, אַפילו ווען אַ חבר פונעם שטרייק־קאָמיטעט האָט אים דאָס געזאָגט. נו, האָט ער אויך געטראָפן — אַזוי פרי — די חברטע דבורה. דאָס האָט נאַטירלעך נישט געקאָנט זיין קיין צו גרויסער באַווייז, ווייל זי איז געווען דעם חבר פנחס אינטימע פריינדין און איז דאָ געשלאָפן. אָבער ער האָט דערקענט אין איר פּנים, אַז געגנעכטיקט האָט זי דאָ, אָבער געשלאָפן איז זי נישט. דאָס זעלבע האָט ער געזען אין פנחס אויסזען. ביידע בלאַס, די אויגן רויט, מיד. ער האָט אויך דערזען עטלעכע גרינע און ברוינע וואָל פעדים אויף זיי, פעדים פון וועלכע מען מאַכט סוועטערס...

דער חבר ליכטענבערג האָט געזאָגט אַבסטראַקט: „אַוודאי איז נישט קיין פאַרגעניגן צו סטרייקן; אָבער דאָס איז דאָס איינציקע געווער וואָס דער אַרבעטער האָט אין זיין עקאָנאָמישן קאַמף קעגן די קאַפּיטאַליסטן".

„געוויס!" האָט דער חבר פנחס באַשטעטיקט מיט איבערגעטריבענער היציקייט. „אָבער", האָט ער, אויפּעסנדיק דעם לעצטן ביסן און אויסטרינקענדיק דאָס לעצטע ביסל טיי פונעם גלאָז, געגומען דיסקוטירן: „איך האַלט נישט פון עקאָנאָמישן קאַמף".

„נאָר פון רעוואָלוציע", האָט מאַניס איבערגעשלאָגן דעם ברודער מיט זיין שטענדיקן חוזקן פון אים. „איבערנעמען די מאַכט און... דו וועסט ווערן אַ קאָמיסאַר און מיך הייסן דערשיסן אַלס קאָנטררעוואָלוציאָנער... ווייל כ׳בין נישט קיין קאָמוניסט, נאָר אַ רעכטער סאָציאַליסט"...

די צוויי ברידער האָבן פאַרפירט אַ „מלחמה" מיט פראַזן, נישט מיינענדיק ערנסט וואָס איינער דעם אַנדערן האָט געזאָגט, נאָר זיך קיבעצנדיק בלויז. חוהלע האָט אָפּגערוימט דעם טיש און איז אַוועק אין קיך, זאָגנדיק, אַז זי האָט דאָרט אַ סך צו טאָן, וואָס ס׳איז אויך געווען אמת. זיינוול ווידער, נישט קיין אויפגעקלערטער און דעריבער האָט אים נישט אינטערעסירט קיין שום פּאָליטיש געשפּרעך, האָט זיך אַנטשולדיקט, געזאָגט אַז ער מוז אַוועקגיין און אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ: „אַ גוטן"...

דעם חבר ליכטענבערגס פּנים איז געווען אויסגעדאַרט פון הונגער און פאַרוואָלקנט, פינצטער פון שווערע, פּערזענלעכע צרות. פון זיינע שוואַרצע אויגן האָט שטענדיק אַרויסגעשטראַלט זיכערקייט אינעם נצחון פון זיין אידעאַל; אַצינד אָבער האָט פון זיי אַרויסגעקוקט טרויער און יאוש. די אויבערשטע לאַנגע ליפּ האָט אויסגעזען נאָך לענגער, אויסגעצויגענער. די אונטערשטע האָט נאָך מער אַראָפּגעהאָנגען. ער איז נאָך מיאוסער געוואָרן. בנימינס אַרעסט האָט אים אין גאַנצן דערשלאָגן. דאָך, מער ווי דאָס פּערזענלעכע, האָט אים דערשלאָגן די דעמאָראַליזאַציע, וואָס האָט דעמאָלט געהערשט צווישן די מאַסן. אַ סך פון די אָרגאַניזירטע אַרבעטער זענען דעמאָלט געלאָפן פון איין פּאַרטיי אין דער צווייטער, פון רעכטס צו לינקס, פון לינקס צו רעכטס. טייל פון זיינע חברים

האָבן אָפּט איצט האָפּערדיקע געזאָגט, אַז די קאָמוניסטישע פּאַרטיי האַלט אין איין וואַקסן. ער האָט אָבער נישט געזען קיין גרויס געווינס אין דעם. לויט זיין מיינונג זענען די רעכטע געלאָפן דעמאָלט אין די לינקע רייען, ווייל זיי האָבן געזען, אַז די קאָמוניסטישע פּאַרטיי פירט אָן מער סטרייקן. פאַר זיי איז אַלזאָ געווען בלויז אַ פראַגע פון עקאָנאָמישער אויסבעסערונג. אַז אַזוי איז טאַקע, האָט באַשטעטיקט דער פאַקט, וואָס נאָך אַ פאַרלוירענעם סטרייק — און די מיינסטע סטרייקן זענען דעמאָלט אָנגעווירן געוואָרן — זענען אַ סך צוגעקומענע אָפּגעפאַלן. טייל פון די אָפּגעפאַלענע האָבן זיך צוריקגעקערט אין די רייען פון די רעכטע פאַרטייען, די מיינסטע אָבער זענען געוואָרן אין גאַנצן פּאַרטיילאָז, האָבן פאַרגרעסערט די מחנה פונעם לומפּן־פּראָלעטאַריאַט. דאָס האָט געמיינט אַ געווין פאַר דער בורזשואַזיע: זיי האָבן צוגעקראָגן נאָך סטרייקברעכער.

די לאַגע פון קעמפערישן פּראָלעטאַריאַט איז געוואָרן אַלץ פאַטאַלער.

4

ביים טיש זענען געזעסן פינף אַרבעטער. מאַניס איז שוין געלאָפן דריי מאָל: פון זיין פאַרטיי צו די קאָמוניסטן, דאַן ווידער אין אַן אַנדערער באַוועגונג און זיך צוריק אומגעקערט צו זיין ערשטער פּאַרטיי. די חברטע דבורה איז עטלעכע יאָר שוין אַ קאָמוניסטקע. פריִער האָט זי געהערט צו אַן אַנדערער פּאַרטיי. פּנחס איז פון אַ „רעכטן" געוואָרן אַ „לינקער". „איך אַליין", איז יעקבן דורכגעלאָפן אין קאָפּ, „בין אַ געוועזענער" און אַ „געוואָרענער". דער איינציקער, וועלכער האָט זיין פּאַרטיי נישט געטוישט, איז געווען לאָזער, דער מלחמה־אינוואַליד מיט איין פוס און איין אָרעם.

דער קריפּל איז היינט געווען שטאַרק גערייצט. ער האָט קיין פרישטיק נישט געגעסן, ווייל ער האָט פאַרשטאַנען, אַז די אַלע גוטע זאַכן פריִער אויפן טיש האָט פּאַניע נעכטן געבראַכט. פאַר אים איז עס געווען גנבה. דאָס, וואָס די שוועסטער האָט געזאָגט — און פּנחס האָט באַשטעטיקט — האָט פאַר אים קיין ווערט נישט געהאַט. „הגונב מן הגנב"... „גריאַב נאַגרעביאַנע"... „ער באַצאָלט מיר נישט וויפל איך וואָלט באַדאַרפן קריגן און דעריבער איז דאָס וואָס איך נעם מיין אייגנס"... דאָס זענען געמיינע פראַזן פאַר אַ נידעריקן צוועק. לאָזער האָט זיך אויך משער געווען, אַז די אַנדערע שוועסטער, די פּראָסטיטוטקע, לאָזט אַוודאי איבער געלט ווען זי קומט. ער האָט געוווּסט, אַז זיין שוועגערין איז אַ שוואַכער כאַראַקטער (ווי זי איז פיזיש אַ שוואַכע) און אויך זיינוול גע־הערט נישט צו די מאָראַליש שטאַרקע. ער אָבער האָט פון דעם געלט, וואָס די שוועסטער פאַרדינט אויף אַזאַ שענדלעכן אופן — און פון גנבה — נישט געוואָלט נהנה זיין. אָבער גערייצט איז ער געווען אויך דורך פּנחסן. „ביסט אַ פאַרברע־כער!" האָט ער אים אַ מאָל געוואָרפן אין פּנים אַריין און אים פאַר אַזעלכן געהאַלטן. ס'האָט אים געפּייניקט דאָס געוויסן, פאַר וואָס ער שווייגט, פאַר וואָס ער דעקט נישט אויף זיין ברודערס פאַרברעכערײַ. ער האָט ביים טיש שוין

אויסגערויכערט דריי פּאַפּיראָסן, כּדי זיך צו באַרויקן און אויך, כּדי צו שטילן אַ ביסל דעם הונגער. די פּאַפּיראָסן האָט ער געגומען ביי מאַניסן.

„יאָך מוז גיין!" האָט מאַניס זיך געכאַפּט, אַז ס'איז שוין שפּעט און איז אויפגעשפּרונגען פון זיין שטול. „יאָך מוז, מיט נאָך פיר חברים, גיין טוישן די וואָך באַ דער בעקעריי. מיין ברויטגעבער — משה לישיי — מוז מאַ גוט היטן, אַז עאָר זאָל נישט צונעמען קאַ סטרייק־ברעכאַר. דאָס איז אַ מיאוסער פאַרשוין".

„לאָז מיר איבער עטלעכע פּאַפּיראָסן", האָט לאָזער געבעטן.

„יאָך האָב נישט מער", האָט מאַניס געענטפערט און איז אַוועקגעגאַנגען.

דער קריפּל האָט אַרומגעזוכט אין אַלע זיינע קעשענעס כאָטש אַ פּיצל פון אַ פּאַפּיראָס, אַ פּאָר קרישקעס מאַכאָרקע, אָבער ער האָט נישט געפונען. פנחס האָט שנעל אַרויסגעכאַפּט זיין פּעקל פּאַפּיראָסן פון דער הויזנקעשענע און זיי אָנגעבאָטן דעם ברודער. נאָר לאָזער האָט נישט געוואָלט נעמען. ער איז אויפ־געשטאַנען, גענומען די קוליע אונטערן אָרעם און האָט אַרומגעהאָצקעט פון איין שטוב אין דער אַנדערער, אין דער קיך אַריין, און איז דאַן צוריקגעקומען. ער האָט אַרומגעהאָצקעט אַרום טיש, פון איין ווינקל אין אַנדערן, געזוכט עפּעס און נישט געוווּסט וואָס ער זוכט. ער האָט זיך קיין אָרט נישט געקאָנט געפינען. ביים טיש האָט דער חבר ליכטענבערג געפירט אַ דיסקוסיע מיט פנחסן און דבורהן. דער חבר לאָזער האָט יאָ געוואָלט און נישט געוואָלט אָנטייל נעמען אין דער דיסקוסיע. בכלל האָט ער נישט געוווּסט וואָס ס'טוט זיך מיט אים: ער איז געווען ווי אין אַ צושטאַנד פון שטאַרקן פיבער. נישט קאָנענדיק אָבער מער הערן און שווייגן, האָט ער אַ פּאַך געטאָן אין דער לופט מיטן ליידיקן אַרבל און זיך געגומען היצן: „סטרייק מוז באַטראַכט ווערן פאַר הייליק, אַלץ איינס צי ער איז פּראָקלאַמירט געוואָרן פון מיין פּאַרטיי אָדער פון אַ קעגנערישער. איך בין מיין פּאַרטיי איבערגעגעבן מיטן גאַנצן האַרץ; אָבער איך בין נישט מסכּים מיט איר דערין, אַז פּאַר אירע מיטגלידער איז גילטיק בלויז דער סטרייק, וואָס זי דערקלערט. אַ סטרייק־ברעכער איז ווערט מ'זאָל אים דערשיסן, ווייל ער איז אַ פאַררעטער. נישטאָ קיין שום תּירוץ! הונגער? — איז וואָס?" — — —

פנחס און דבורה — זי מער ווי ער — זענען געוואָרן נערוועז. זיי האָבן ביידע געפּרוּווט צו באַהערשן זייער נערוועזיטעט, אָבער זיי האָבן נישט געקאָנט. יעקבן איז דאָס אויפגעפאַלן.

פּלוצעם זענען אַלע אויפגעשפּרונגען דערשראָקענע: זיי האָבן דערהערט שטאַרקע, האַסטיקע טריט פון עטלעכע מענטשן. דער ערשטער געדאַנק, וואָס איז אַלע דורכגעלאָפן אין קאָפּ, איז געווען: „אַ רעוויזיע!... געהיים־פּאָליציי פון דער דעפענזיווע!"... לאָזערן איז נאָך געקומען אַ צווייטער געדאַנק אין קאָפּ אַריין: „פון שטייראַמט!"...

נאָר געקומען זענען גאָר דער חבר טוביה מיט דער חברטע ליאַליאַ. (די „פּייערדיקע ליאַליאַ", ווי מ'האָט זי גערופן). פנחס און דבורה זענען ווייס גע־וואָרן און געגומען ציטערן. דעם קריפּל איז די קוליע אַרויסגעפאַלן פון דער

האַנט. ער האָט זיך דערביי אויסגעצויגן אויפן דיל. די אַריינגעקומענע האָבן נישט באַוויזן אים צו דערכאַפּן. זיי האָבן אים אויפגעהויבן, אויך די קוליע, און אים צוגעפירט צו אַ שטול.

דער חבר טוביה האָט יעקבן געגעבן די האַנט און שמייכלענדיק געזאָגט: „כ'האָב מיך געריכט דערויף, אייך דאָ צו טרעפן, חבר ליכטענבערג"...

יעקב האָט געענטפערט מיטן זעלבן שמייכל: „נו, יאָ"...

ביידע, פנחס און דבורה, האָבן אויסגעשטרעקט די הענט צו די געקומענע חברים; יענע האָבן זיך געמאַכט נישט זעענדיק, דאַן האָט די חברטע ליאַליאַ געזאָגט: „שטרייק־ברעכער, פאַררעטער — גיבן מיר נישט די האַנט. און אייך, חבר ליכטענבערג, וויל איך זאָגן: איך וועל מעלדן, אַז איר זענט געגאַנגען צו סטרייקברעכער, זיי צו וואָרענען, אַז מיר וועלן קומען!"

נאָך איידער דער חבר ליכטענבערג האָט געקאָנט ענטפערן דער חברטע ליאַליאַ, האָט זיך דער חבר טוביה שנעל אַ רוק געטאָן צווישן ביידע און שטרענג געזאָגט: „חברטע ליאַליאַ! דערלויבט אייך נישט צו חבר ליכטענבערג אַזוי צו רעדן! ער איז נישט אַהערגעגאַנגען וואָרענען! איך קען דעם חבר ליכטענבערג". ער האָט זיך געווענדט צו לאַזערן: „חבר אייבערשויץ! איר זענט אַן ערלעכער מענטש, איר וועט זאָגן דעם אמת. האָט דער חבר ליכטענבערג געוואָרנט אייער ברודער און זיין פריינדין?"

לאַזער האָט געענטפערט: „אַפילו נישט מיט קיין צייכן".

דער חבר טוביה האָט טריומפירט: „נו, שטיק פייער?... אַנטשולדיק דיך פאַרן חבר ליכטענבערג! וועגן וואָס ער איז אַהערגעקומען — ווייס איך; דו וועסט עס שפּעטער זען"... ער האָט זיך געגומען צו די צוויי סטרייקברעכער: „לייקנט נישט!" האָט ער זיי שטרענג באַפוילן. „איר נעמט אַהיים אַרבעט פון דער פאַבריק אין וועלכער מיר אַרבעטן און ווו ס'ווערט אַצינד געפירט אַ סטרייק! מיר ווייסן אַפילו, וויפל אַרבעט איר האָט שוין אָפּגעליפערט, וויפל געלט איר האָט שוין פאַרדינט! מיר זענען געקומען נאָך דער מאַשין און נאָך דער סחורה, די פאַרטיקע און די רויע. וואָס איר האָט! ווו איז דאָס אַלץ?" נישט באַקומענדיק קיין ענטפער: „מיר וועלן געפינען"...

פנחס האָט זיך אַוועקגעשטעלט ביי דער טיר פון דער קיך און געזאָגט: „בלויז דער פאָליציי בין איך געצוווּנגען צו לאָזן ביי מיר זוכן".

טוביה האָט אַרויסגענומען אַ רעוואָלווער פון אַ קעשענע און געוויזן: „אַלזאָ"...

דער חבר ליכטענבערג האָט זיך אַוועקגעשטעלט צווישן די צוויי געקומענע חברים און די צוויי סטרייקברעכער און געזאָגט: „וועגן דעם בין איך אַהער־געקומען"... ער האָט זיך געווענדט צו דבורהן און איר שטרענג באַפוילן: „נעמט די סחורה און די מאַשין און פירט עס צוריק אין דער פאַבריק אַריין! איר, פנחס, קומט מיט אונדז!"

אַ ווײַלע איז געווען שטיל. דאַן איז אַלץ אויסגעפירט געוואָרן ווי דער חבר ליכטענבערג האָט באַפוילן.

## 5

דער קריפּל איז געבליבן אַליין. ער איז געזעסן מיט אַ געזונקענעם קאָפּ אויף דער שטול, אויף וועלכן דער חבר טוביה און די חברטע ליאַליאַ האָבן אים פריִער אַנידערגעזעצט. די קוליע איז ווידער אומגעפאַלן און איז געלעגן לעבן זיין האַלצערנעם פוס, וועלכן ער האָט אין וואַרשע זיך געלאָזט מאַכן מיט דער הילף פון די ברידער. אפשר אַ פירטל שעה שפּעטער האָט אַ קלאַפּן אין דער דרויסנדיקער טיר, לאָזערן אַרויסגעריסן פון זיין כמעט געלעמטן צושטאַנד וועגן די טרויעריק דערדריקנדיקע טראַכטונגען, וואָס האָבן געעגבערט אין אים, ס׳איז אַריינגעקומען דער סעקוועסטער מיט צוויי געהילפן. אָבער דער קריפּל האָט זיי צוערשט אָנגעקוקט מיט אַ נישט דאָיִקן בליק און דאַן איז ער צוריק אַריינגעפאַלן אין דעם צושטאַנד, אין וועלכן ער האָט זיך אָקאָרשט געפונען.

דער סעקוועסטער האָט אים געוועקט: „העי, פאַניע! איר שלאָפט?" אַז ער האָט נישט באַקומען קיין ענטפער איז זיין חוזקן געוואָרן אָפענער און גרעבער: „העי... פאַניע שאַנאָווני... וויעלמאָזשני פאַן"... אַז לאָזער האָט אַלץ נישט געענטפערט האָט דער באַאַמטער זיך גענומען בייזערן: „איר מאַכט זיך שלאָפן!" און ווידער איז ער איבערגעגאַנגען צו גראָבן שפּאַס: „וואָס האָט איר געטאָן אַ גאַנצע נאַכט? מיט איין פוס קאָן מען דאָך נישט קיין ווייב"...

די צוויי געהילפן האָבן זיך צעהירזשעט.

„ווו זענען די דריי ברידער און די שוועגערין?" האָט דער סעקוועסטער געפרעגט.

לאָזער האָט געענטפערט: „זענען אַוועקגעגאַנגען".

„וווהין?"

„איך ווייס נישט".

„ווען וועלן זיי, אָדער ווער פון זיי צוריקקומען?"

„ווייס נישט".

דער סעקוועסטער האָט זיך בעסער איינגעקוקט אינעם קריפּל, ווייל ר׳איז אים פאָרגעקומען שיכור. עטלעכע מאָל האָט דער באַאַמטער אַ צי געטאָן מיט דער נאָז, אָבער ער האָט קיין אַלקאָהאָל נישט געפילט. האָט ער באַשלאָסן ביי זיך: אַוודאי קראַנק. אָבער וואָס גייט דאָס אים אָן? ער האָט צו טאָן זיין פליכט און געמאָנט אויף אַ הויך קול: „באַצאָלט די דריי זלאָטעס שטייער! לענגער וועט נישט געוואַרט ווערן!"

דער קריפּל האָט געפרעגט מיט אַן אויסגעלאָשן קול און גלייכגילטיק: „ווו זאָל איך נעמען געלט, אַז איך פאַרדין נישט, אַז אַרבעטן קאָן איך נישט און מ׳גיט מיר נישט מער קיין ציי‏טונגען צו פאַרקויפן?"

„פונדעסטוועגן עסטו!" האָבן די אַנדערע צוויי אַ הוק געטון.

„אַז איר האָט אויף עסן", האָט דער סעקוועסטער געברענגט אַ לאָגישן אַרגומענט, „מוזט איר האָבן אויך צום באַצאָלן שטייער".

לאָזער האָט געזאָגט: „די ברידער גיבן מיר צו עסן".

„זאָלן זיי באַצאָלן די שטייערן!״ האָבן די צוויי געהילפן געצויגן אַ לאָגישן פועל יוצא. איינער פון זיי האָט זיך צעגעוואָלדעוועט: „פּשאַקריעוו! אויף אַלץ איז דאָ, אָבער נישט צו באַצאָלן קיין שטייער! זשידזשי, כאָליעראַ!״

אויף די ווייטערע פראַגעס האָט לאַזער נישט געענטפערט.

דער סעקוועסטער האָט דאַן געזאָגט העפלעך: „גוט. איר ווילט נישט ענט־פערן — נישט״. ער האָט זיך אַראָפּגעבויגן, אויפגעהויבן די קוליע פון דיל און זי געגעבן איינעם פון די געהילפן. דעם אַנדערן האָט ער באַפוילן: „שנאָל אים אָפּ דעם האָלצערנעם פוס. זיינס אַ ברודער וועט שוין קומען און באַצאָלן דעם חוב״.

די 3 באַאַמטע זענען אַוועקגעגאַנגען מיט דער קוליע און מיט דעם האָלצער־נעם פוס.

דער באַשלוס אין לאַזערס האַרץ איז פאַרחתמעט געוואָרן. דערביי האָט ער געשמייכלט: „מ׳האָט מיר צוגענומען די קוליע און דעם האָלצערנעם פוס פּונקט אין ריכטיקן מאָמענט״... אַנהאַלטנדיק זיך אינעם אָנלען פון דער שטיל איז ער אויפגעשטאַנען. מיט דעם אָנלען אונטערן אָרעם האָט ער צוגעהאָצקעט צו דער טיר, האָט זי פאַרשלאָסן און זיך אַראָפּגענומען דעם לעדערנעם פּאַסיק פון די הויזן. ער האָט דעם פּאַסיק גוט דורכגעקוקט, אויב ס׳איז נישטאָ קיין אָרט ווו ר׳קאָן זיך איבעררייסן, האָט דעם עק דורכגעצויגן דורך דעם שנאָל און ס׳האָט זיך באַקומען אַ פּעטליע. אַצינד מוז ער דעם עק פונעם פּאַסיק פאַרבינדן אין אַ פעסטן שלייף און אים פאַרלייגן איבער דער זאַוויסע אויבן. מאַכן דעם שלייף מיט איין האַנט איז דעם קריפּל שוין נישט אָנגעקומען אַזוי גרינג. ער האָט דערביי געמוזט באַנוצן אויך די ציין. ער האָט גענומען שוויצן און ציטערן, דערפילט אַז דאָס רחמנות צו די ברידער, צו ביידע שוועסטער (אַצינד האָט ער פאַרגעסן אַז בראָניע איז אַ פּראָסטיטוטקע, פּינחס אַ סטרייקברעכער און פאַניע גנבעט עסנוואַרג ביי איר באַלעבאָס) און צו דער שוועגערין מאַכן אים ווייך און ער הייבט אָן חרטה האָבן דאַרויף וואָס ער גייט טאָן. ער איז בייז געוואָרן און אַן אויפּ־גערעגטער איז ער אַרויפגעקראָכן אויפן שטול. די קני פון דעם איינעם פוס האָט אים דערביי שטאַרק געציטערט און ער האָט מורא געקראָגן אַז ער וועט אַראָפּפאַלן. דעריבער האָט ער שנעל אַריינגעשטעקט דעם קאָפּ אין דער פּעטליע און מיט דעם ציטערדיקן פוס אומגעוואָרפן דעם שטול.

# די אויפגעקומענע

## 1

דער אַמאַליקער בעקער משה און איצט פאַן לישיי, האָט זיין גרויסע דאַמפּ־בעקעריי אויף דער גרענעץ פון דער שטאָט און פאָרשטאָט. גאווהדיק האָט דער הויכער, רויטער קוימען זיך געריסן צום הימל און ווי אַן אויפגעקומענער, חוצפּה־דיקער גביר, געשפיגן זיין שוואַרצן רויך איבער די הייזערקעפּ פון דער געגנט. אַרום דער ברויטפאַבריק איז געווען אַ רויטע, געמויערטע צוים. אינעווייניק, ווי אין אַן אָפענעם פירעקעדיקן ריזנקאַסטן, זענען געשטאַנען פאַרשידענע קליינע געביידעס און שפּייכלערס — אַלע גרוי געפאַרבט און נידעריק. אין פראָנט אָבער איז געווען אַ דריישטאָקיקע ווייסע קאַמעניצע מיט באַלקאָנען און רייען פענצטער, אַלע אינעווייניק פאַרהאָנגען מיט טייערע גאַרדינען. די שויבן האָבן געפינקלט. אין דאָזיקן הויז האָט געוווינט דער באַלעבאָס, דער אַלטער תרח מיט זיין ליובאַ — בלויז צוויי מענטשן.

אַריינקומען אַהער אָן דער דערלויבעניש פונעם וועכטער האָט קיינער נישט געקאָנט. די געמויערטע צוים אַרום איז געווען גאַנץ הויך און גענוג דיק. חוץ דעם האָבן זיך איבערן צוים געצויגן עטלעכע רייען שטעכלדראָט. אין פראָנט איז געווען אַ גרויס אייזערן טויער, פּעסט פאַרשלאָסן. אויף דער אַנדערער זייט טויער איז צו דעם צוים געווען צוגעבויט אַ הייזקעלע פון איין שטוב — שיער ווי אַ גרויסע בודע פאַר הינט. דאָרט האָט געוווינט וואָוושעק, דער סטרוזש, אָן אַ ווייב און אָן אַ קינד. ער איז כמעט קיינמאָל אין ערגעץ נישט געגאַנגען און קיינער איז צו אים נישט געקומען. אַ שטיין, אַן איינזאַמער און עלנדער שטיין. אַ צען שפּאַן ווייטער פונעם גרויסן אייזערנעם טויער איז געווען אַ אייזערנע טיר, נאָר אַ שיינע, מיט באַצירונגען, אָבער אַ שמאָלע, בלויז פאַר איין מענטש דורכצוגיין, און אויך שטענדיק פאַרשלאָסן. דעם וועכטערס הייזל, אָדער בודע, איז אויף יענער זייט צוים געשטאַנען צווישן דעם טויער און דער טיר. האָט ווער געוואָלט אַריינגיין אינעווייניק, אָדער אַ וואָגן האָט געוואָלט אַרויספאָרן, האָט מען געמוזט אָנקלינגען צום וועכטער. ער איז אַרויסגעקומען פון זיין בודע, האָט אַרויסגעקוקט דורכן קיילעכדיקן לעכל מיט אַן אייזערן קלאַפּקעלע אין דער אייזערנער טיר, וואָס איז שטענדיק געווען צו. פאַר אייגענע האָט ער גלייך אויפגעשלאָסן און געעפנט. פרעמדע האָט ער אויסגעפרעגט און דאַן געעפנט, אָדער נישט. דורכן פענצטער אין דער בודע האָט וואָוושעק געזען וואָס אינעם הויף טוט זיך. פאַר זיין אויג האָט קיין שום זאַך נישט געקאָנט בלייבן פאַרבאָרגן: נישט די פאַרמאַכטע פורגאָנען, וואָס האָבן, ביי שאַריען אויף טאָג, אָנגעהויבן אַרויספאָרן

מיט געבעקס עס פונאַנדערצופירן איבער וואַרשע און די פאַרשטעט, און נישט די פויערישע וועגעלעך, וואָס האָבן געבראַכט זעק ווייץ און קאָרן.

דאָס אַריין־און אַרויספאָרן קומט אָבער פאַר נאָר דעמאָלט, ווען דער רויטער, הויכער, צום הימל פאַרריסענער קוימען, בלאָזט אין דער בלויקייט פון דער לופט זיין שוואַרצן, פעטן רויך, און אין דער מיל און בעקעריי איז אַ געקלאַפּעריי און גערודעריי. דער הויף לעבט דעמאָלט, איז פול מיט געקאָך און גערויש, מיט געשריי און ליאַרעם און פון זיין אָטעם טראָגט זיך איבערן צוים אין אַלע פיר זייטן אַ מחיהדיקער ריח פון פריש געבאַקן געבעקס: פון ברוין קאָרנברויט מיט קאָפער באַשיט, פון העלגאָלדענע ווייצנזעמל מיט מאָן און טשאָרניכע באַשיט. דורך די רייען פענצטער פון דער בעקעריי גיסט זיך אַ גאַנצע נאַכט עלעקטריש ליכט. אַזוי האָט עס וואָוזשעק ליב. אַצינד אָבער איז אינעם גרויסן הויף אַלץ טויט. דער הויכער, רויטער קוימען רויכערט נישט, שטיל איז די מיל, אָנגעכמורעט שווייגט די ברויטפאַבריק, די קליינע, גרויע געביידעס און די שפייכלערס האָבן זיך ווי איינגעקולעט און צוזאַמענגעשטופּט דערשראָקענע, און מיט גרויס מרה־שחורה געגנעצט די לערקייט. אין דרויסן אַרום דער מויער גייען הין און צוריק, שוין מער ווי צוויי וואָכן, עטלעכע פון די בעקערס וואָס האָבן דאָ געאַרבעט. וואָוזשעק בורטשעט: „הינטישע זין! ממזרים! אין זייערע מאַמעס, די זונות! ווילן נישט אַרבעטן! ווייניק פאַר זיי, די הולטייעס, וואָס זיי פאַרדינען! פּגרן זאָלן זיי די כאָליערעס! לאָזן נישט קיין אַנדערע אַרבעטן אויף זייער אָרט!״

אויף מאַניסן האָט וואָוזשעק געהאַלטן אַ שטאַרק אויג. אים האָט ער באַזונדערס נישט ליב געהאַט. פאַר וואָס? — דאָס האָט ער נישט געוווּסט. פאַניען אָבער, מאַניסעס שוועסטער, די דינסט ביי די הערשאַפטן זיינע, האָט דער וועכטער דווקא יאָ האלד געהאַט. זי ברענגט אים וואָס עס בלייבט איבער פונעם עסן: טייערע מאכלים. אפילו געפילטע פיש ברענגט זי אים טיילמאָל שבת. איר ברודער אָבער איז פאַר אים אַ ליידאַק, אַ פּסובראַט, אַ הינטישע לעבער!

## 2

די טויטקייט אין דער בעקעריי, אין דער מיל און אינעם הויף, האָט גענומען אַריינדרינגען אינעם ווייסן דריישטאָקיקן הויז. באַלד אויפן צווייטן טאָג פונעם סטרייק האָט ליובאַ דערפילט אַ שרעק אין אירע שטיבן: די פוסטע שטילקייט. פריער איז איר קיינמאָל נישט אויסגעקומען צו טראַכטן אַז זי האָט אַסך שטיבן. איצט אָבער האָט איר אָנגעהויבן ווערן אַלץ אומהיימלעכער צו זיין בלויז מיט אַן אַלטן מאַן און אַ דינסט אין אַ הויז פון דריי שטאָק. אין דרויסן איז געווען הייס, די זון האָט געשרפעט און געפלייצט מיט ליכט פונעם בלויען הימל אַז ס'האָט אַזש געבלענדט פאַר די אויגן. ליובאַן אָבער איז אויסגעקומען אַז אינעם הויז איז קאַלט און טונקל ווי אין אַ קעלער. די שטילקייט האָט שטאַרק געווירקט אויף אירע נערוון. ס'איז איר אויסגעקומען ווי זי וואָלט פאַרבלאָנדזשעט אין אַ לאַבירינט פון שטיבן, וואָס ציען זיך אָן אַ סוף...

ווען אין דער מיל און אין דער בעקערײַ האָט געקרויִשט ביי טאָג און ביי נאַכט און דער הויף איז געווען פֿול מיט געטראַסק פֿון די גרויסע וועגענער און קליינע פֿויערישע פֿירלעך און מיט ליאַרם און געשריי, איז ליובאַן געווען פֿריילעך: זי איז דאַן געזעסן מיט איר מאַן אין קאָנטאָר פֿון פֿרי ביז אָוונט. ווי אַ קעניגין לעם איר קעניג איז ליובאַ געזעסן לעם איר משהן ביי אַ טיש און געציילט געלט. די „מענטשן״: דער בוכהאַלטער און דער געהילף זיינער, די, וואָס האָבן געוויגן די זעק תבואה, פֿאַרשריבן און די פֿויערים געגעבן צעטעלעך; די, וועלכע האָבן געציילט דאָס געבעקס ביים אַריינלאָדן עס אין די פֿורגאָנען וואָס האָבן אויסגעזעען ווי פֿראַכטוואָגאָנען — זיי אַלע האָבן, פֿאַרשטייט זיך, געטאָן אַלץ וואָס מען האָט באַדאַרפֿט טוען. זי אָבער, מאַדאַם לישיי, איז געזעסן מיט איר מאַן פֿאַן לישיי און אַכטונג געגעבן אַז דאָס געשעפֿט זאָל גיין, פּונקט ווי דער מאַשיניסט איז זיך געזעסן אין דער קעסלשטוב און אַכטונג געגעבן אויף די אַלערליי זייגערס פֿון די מאַשינען. וואָלט ער דאָרט נישט געווען און נישט געקוקט אויף די זייגערס — וואָלט זיך אַלץ אָפּגעשטעלט: ס'וואָלטן שטיין געבליבן די מאַשינען, די אויוונס וואָלטן אויסגעגאַנגען, דאָס עלעקטרישע ליכט וואָלט נישט געברענט. זי, ליובאַ, איז אָבער דער מאַשיניסט פֿאַר אַלץ, דער מאַשיניסט איבערן מאַשיניסט, איבער אַלע מענטשן: איבער די, וועלכע אַרבעטן אין דער מיל, איבער די בעקערס אין דער בעקערײַ, איבער די פֿורמאַנעס, איבר דעם בוכהאַלטער און דעם געהילף און די אָנגעשטעלטע — זי פֿירט דאָס געשעפֿט, זי, און נישט דער מאַן. זי האָט געהאַט אַ באַוויזן דערפֿאַר: אַז זי פֿלעגט איר משהן אַמאָל שיקן צו וועלכן ס'איז דייטשן אָפֿיציר — האָט ער גאָרנישט דערגרייכט; זי האָט געמוזט גיין אַליין.

אַ קאַסירערין האָט ליובאַ נישט געוואָלט צונעמען. ווען דער מאַן האָט זי וועגן דעם אַמאָל געפֿרעגט און איר דערביי געזאָגט: „כדי דו, מיין ליובאַ, זאָלסט נישט מוזן אויפֿשטיין אַזוי פֿרי און זיצן אַ גאַנצן טאָג אין קאָנטאָר״. דאַרויף האָט זי אים געענטפֿערט: „מיין טייערער מאַן. געלט געטרוי יאָך קיינעמען נישט, חוץ מיאָר און דיאָר. יאָך קאָן גאַנץ גוט ציילן, קאָנסט דיאָך אויף מיאָר פֿאַרלאָזן. יאָך האָב מיאָך אויסגעלערנט ציילן. רעכאַנען און איינטראָגן אין די ביכאָר — דאַרויף האָמיאָר אַ בוכהאַלטאָר מיט אַ פֿאָדבוכהאַלטאָר. סיידין דו ברויכסט אַ קאָכאַנקע. ווייסטו אָבער אַליין, אַז יאָך בין נאָך טויזנט מאָל מער ווי אַפֿילו אַן אַכצן יעריקע״... זי האָט דאַן אויסגעדרייט צום מאַן איר גרויסן קאָפּ מיט די געקרייזלטע פּעכשוואַרצע האָר, פֿאַרקעמט אַרויף אין אַ הויכן קאָקס, אַרומגע־שטעקט פֿון אַלע זייטן מיט גרויסע קאַמען, פֿול מיט בליצנדיקע בריליאַנטן, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ קרוין. חוץ מזה זענען פֿוןביידע זייטן קאָקס געזעסן ברייטע קרימלעך געשניטענע שפּילקעס, וואָס זענען אויך געווען אָנגעפּיקעוועט מיט בריליאַנטן. פֿאַרנט אַ גזשיוווקעלע מיט לעקעלעך, אין ביידע זייטן צו איינציקע לאַנגע לאָקן, ווי געקרייזלטע פּאות, און הינטן אַ גאָר גרויסע קאָם, אויך מיט בריליאַנטן באַזעצט. אין די זייער דיקע און לאַנגע אויערלעפּלעך האָבן געהאָנגען

שוו̇ערע בריליאַנטענע אוירינגו, וואָס האָבן שיער דערגרייכט די אַקסלען. (דאָס מוסטער האָט זי אַליין אויסגעטראַכט און באַשטעלט ביי אַ גאָלדשמיד: דריי רינגען, ווי אַ קייט, נאָר דער ערשטער רינג גאָר גרויס, דער צווייטער קלענער, און דער דריטער נאָך קלענער. יעדע רינג אַרום און אַרום מיט בריליאַנטן). דאָס פּנים — אַ לאַנגס. מערקווערדיק גרויסע מאַנדלאויגן, שוואַרצע און געהיימנישפֿולע ווי פּינצטערע, אומהיימלעכע נעכט אין אַ מדבר... דאָס מויל ברייט, די ליפּן פול, רויט און פֿאַרפּירעריש. פֿאַרפּירעריש האָט זי דעם מאַן געקוקט אין די אויגן אַריין און שמייכלענדיק (מיט באַהאַלטענעם חוזק) אים געפֿרעגט: „נו, משה?"...

ער האָט זי דעמאָלט אַרומגענומען: „מיין מלכה שבא"... זיין צוגעשוירן בערדל, ווי אַ ווייסער שקאַרמוץ, האָט זיך געטרייסלט. ער האָט פּאַר איר געהאַט די נכפּה, אַזוי פֿאַרליבט איז ער געווען אין איר. וואָס... וואָס רעדסטו, ליובעשי... וועאָר דאַרף אַ קאָכאַנקע?... וואָס פֿאַלט דיאָר אַאַן?... ניט טויזנט מאָל מעאָר ביסטו, נאָר צענטויזנט מאָל מעאָר... און קאַ שענאָרס ווי דו איז דאָך גאָרנישטאָ אין גאַנץ קרוין פּוילן, אין דער גאַנצער וועלט נישט... דו ביסט דאָך אַ קעניגין"... ער האָט אויסגעשטרעקט דעם האַלדז און איר אַ קוש געטאָן מיט די כמעט שוין קאַלטע, עטוואָס בלוילעכע און טרוקענע ליפּן.

נאָר פֿון צייט דער סטרייק האָט זיך אָנגעהויבן איז דאָ אַלץ טויט: אַפֿילו דעם אַלטן בעל עבירהניקס תאווה. ליובאַ גייט פֿון איין צימער אין צווייטן אין איר דריישטאָקיק הויז. זי קאָן נישט אויסהאַלטן די שרעקלעכע פּוסטקייט אין אַזוי פֿיל שטיבן. אָט קומט איר אויס, אַז ס'שטייען צופֿיל זאַכן און אָט דוכט זיך איר, אַז ס'איז אַ לערקייט אין אַלע צימערן. אַלץ זעט איר אויס אָפּגעלאָזט, פֿאַרלאָזט, נישט צוגערוימט. זי רופֿט די דינסט: „פֿאַניע! ווי זעטס אויס ביי מיאָר!"

פֿאַניע פֿאַרשטייט נישט און פֿרעגט: „וואָס מיינט די מאַדאַם?"

מאַדאַם לישיי שרייט נאָך העכער: „ס'גאַנצע הויז איז פֿאַרוואָרלאָזט!"

די דינסט דערשרעקט זיך נישט און זאָגט גאַנץ קיל: „זאָל מיאָר די מאַדאַם דאָס ווייזן! זאָל מיאָר די מאַדאַם ווייזן איין שטויבעלע ערגעץ!" כדי איבערצוצייגן די באַלעבאָסטע טוט זי מיט אַ פֿינגער אַ וויש איבער אַ שטול, איבער אַן אַנדער מעבלשטיק און טראָגט אונטער דעם פֿינגער דער מאַדאַם אונטער די אויגן: „נו?" אַז ליובאַ האָט איר נישט וואָס צו ענטפֿערן, זאָגט זי וואָרנענדיק: „די מאַדאַם זאָל אויף מיר אַזוי נישט שרייען!" און זי גייט אַוועק.

ליובא האָט זיך אַוועקגעשטעלט ביי אַ פֿענצטער, געזעען ווי ליכטיק אינ־דרויסן איז. איר אָבער איז אַלץ אויסגעקומען אַז ס'איז האַרבסטיק, וואָלקנדיק, פֿאַרנאַכטיק. ס'האָט זי אַרומגעכאַפּט אַ שרעק: ס'האָט זי געשראָקן די שטילקייט אין הויף, אַמשטאַרקסטן אָבער האָט אויף איר אָנגעוואָרפֿן אַ מורא דער לאַנגער שאָטן פֿונעם הויכן, רויטן קוימען, פֿון וועלכן ס'איז נישט געגאַנגען קיין רויך.

3

ווען ס'איז דעם באַלעבאָס צוגעשטעלט געוואָרן די באַדינגונגען פֿונעם בעקער

פאַריין, האָט ער זיי געוויזן ליובאַן און זי געפרעגט: „וואָס זאָגסטו, מאַאַן וואַב? זאָל יאַך נאָכגעבן?"

„אַ זאַשע!" האָט זי געענטפערט".

ער האָט אַפּעלירט: „כ'מיין נישט אַלץ; אָבער אַ טייל" — — — —

זי האָט זיך צעקאָכט: „זיי פאַרדינען געגנוג!"

ער האָט זיך געבעטן: „ס'איז אַ יקרות, ליובאַ־קרוין".

ליובאַ האָט נאָכגעקרומט דעם אַלטן: „אַ יקרות"...

משה לישיי האָט נישט געקאָנט איינגאַנצן פאַרגעסן אַז ער איז אַמאָל אַליין געווען אַ בעקעריונג און געאַרבעט ביי אַ באַלעבאָס. ס'איז אים דעמאָלט געווען געגנוג ביטער. ער האָט געהאָרעוועט זעקס נעכט אַ וואָך. געשלאָפן איז ער ביי טאָג. וואָס האָט ער דעמאָלט געהאַט פון זיין לעבן? האָט ער דעריבער אַצינד זיך איינגעשטעלט אַביסל פאַר זיינע אַרבעטער.

ליובאַ האָט אַ וואָרף געטאָן אויף איר אַלטן מאַן אַ פאַראַכטנדיקן בליק פון אירע גרויסע מאַנדל־אויגן, וואָס האָבן פון זייער פינצטערער טיפקייט געשאָסן מיט שוואַרץ פייער. זי האָט גאַנץ גוט פאַרשטאַנען אַז איר משה האָט זיך איצט דערמאָנט אָן די יאָרן ווען ער איז געווען אַן אָרימער בעקעריונג און דאָס האָט זי אַמשטאַרקסטן באַליידיקט. ווייל אַזוי באַך — ווי איר איז אויסגעקומען — האָט ער דאָך נישט פאַרגעסן אַז זי איז געווען אַן אָרעמע יתומה, אַז זי האָט געדינט ביי מנשהלע שוואַרץ, אַז... נו, איר גאַנצע פאַרגאַנגענהייט. דאָס בלוט האָט איר אַ שאָס געטאָן אינעם לאַנגען, אַליווטונקלען פּנים אַריין, וואָס האָט שוין אָנגעהויבן ווערן רונדיק און מיט אַ גוידער אונטערן ברייטן קין. אָבער זי איז נאָך אַלץ געווען שיין, און ווען זי איז אַריינגעקומען אין צאָרן האָט דער אַלטער תרח — נאָך שטאַרקער אפשר פאַרליבט אין זיין ליובאַן ווי פאַר דער חתונה — געזען אין איר טאַקע לילית, די מלכה שבא, וועלכע שלמה המלך האָט געגנומען פאַר אַ ווייב, ווייל זי איז געווען אַזוי שיין. נאָר ליובאַן איז אַצינד איר אַלטער מאַן געווען אָפּשטויסנדיק, ווי שטענדיק ווען ער האָט זי אַריינגע־ברענגט אין כעס. (וואָס איז אַלץ אָפטער פאָרגעקומען, טייל מאָל צוליב אַ קליי־ניקייט). אין אַזאַ מאָמענט האָט זי זיין אַלטקייט נאָך שטאַרקער דערזען. ס'איז איר פּלוצים קלאָר געוואָרן אַז ער איז אַ זקן. איר זענען דאַן געקומען אויפן זכרון אַ סך פון די „ליובאָווניקעס" וואָס זי האָט אין איר לעבן געהאַט, באַזונדערס: זעלנער, אַ „דענשטשיק", וועלכן זי האָט באמת געליבט, גאָר שטאַרק: ער איז געווען איר חתן. ער האָט איר צוגעזאָגט מיט איר חתונה צו האָבן גלייך נאָך דער „סלוזשבע"; אָבער ער איז דאַן — ווען ער האָט באַדאַרפט מיט איר חתונה האָבן — פאַרשוווּנדן. ס'זענען איר געקומען אויף דער מחשבה אפילו דייטשע אָפיצירן, וועלכע זי האָט נאָך דער חתונה זיך אָפּגעגעבן צוליב געשעפט און זי האָט זיך פאַרליבט אין זיי, ווייל זיי זענען געווען יונגע, שיינע.

נאָר ליובאַ האָט די אַלע זכרונות גלייך פאַרטריבן פון זיך און אין געדאַנק צו זיך געזאָגט: „דאָס אַלץ איז שמאָנצעס, נאַרישקייטן! ווען נישט משה וואָלט

יאָך אַצינד נישט געווען מאַדאַם לישיי!" זי האָט ליב געהאַט גערעכטיקייט און נישט איין מאָל זיך מודה געווען פאַר זיך אַליין: אַז משה האָט זי גענומען, אַן אָרעמע דינסט, אַ באַרעדטע און נישט קיין יונגע; און ער איז דעמאָלט שוין געווען אַ שטיקל נגיד, אַ באַלעבאָס פון אַ בעקעריי און וואָלט געווען געקאָנט קריגן אַ בעסערן שידוך. אָבער ער האָט זיך פאַרליבט אין איר, באמת פאַרליבט, און אַזוי ליבט ער זי ביז אויפן היינטיקן טאָג. וואָס וואָלט פון איר געווען געוואָרן אָן משהן? — אַן אַלטע, פאַרזעסענע מויד, אַן אויסגענוצטע פון אַסך מענער, אַלערליי יינגען און זעלנער, און דערנאָך אַוועקגעוואָרפן. זי וואָלט נאָך היינט געווען אַ דינסט, אָדער זי וואָלט געווען חתונה געהאַט מיט עפּעס אַן אַלמן, ציי מיט אַ גרויש," אַ קבצן מיט אַ טוץ קינדער, און זי וואָלט געפּגרט צוזאַמען מיט אים פאַר אַ שטיקל ברויט. דאָס גרעסטע גליק, וואָס וואָלט זי געווען געקאָנט טרעפן, וואָלט געווען אַן אָרעמער אַרבעטער, אַ טרעגער, ציי אַן אַנדערער אַזאַ שטייגער שלימזל. ביי משהן אָבער איז זי מאַדאַם לישיי, אַ באַלעבאָסטע פון אַזאַ פאַרמעגן: פון אַ דאַמפּבעקעריי און אַ מיל און הייזער און ווינט אייגנע אַליין אין אַ גאַנצער קאָמעניצע און האָט אַן אייגענע קאַרעטע! עס קען זי גאַנץ וואַרשע, וואוהין זי קומט: אין די גרעסטע געשעפטן, אין די בענק, אין הילפס־אינסטיטוציעס, ציי צדקה־חברות; אומעטום איז זי אַ מיטגלידערין, אַן ערנמיט־גלידערין, און אומעטום: „מאַדאַם לישיי... וויעלמאַזשנאַ פּאַני"... ווי זי וואָלט געווען אַ כראַביניע.

ווערט זי ווידער צוריק גוט צו איר מאַן, טוט אים אַ גלעט איבער אַ באַק און גיט אים צו פאַרשטיין: „דו קאָנסט נישט, משה. די אַרבעטער אין אונדזאָר בעקעריי פאַרגלייכן צו דיאר. אמת, דו ביסט טאַקע אַמאָל אויך געווען אַ בעקער־יונג און געאַרבעט ביי יענעם און יאָך בין געווען אַ דינסט; היינט אָבאָר... נישט וואָס מ'איז געווען, נאָר וואָס מ'איז... מ'ווערט נישט גלאַט אַזוי אַ מיליאָנעאָר, אַ פּרינציפּאַל פון קאָמעניצעס — פון דעם אַלעם וואָס מיאָר פאַרמאָגן. ווען דאָס וואָלט געווען אַזוי פּשוט — וואָלט יעדער „סטרוזש" געוואָרן אַ מיליאָנעאָר. וועאָר האָט נישט געלאָזט אַלע אַרבעטאָראָר ביי אונדז רייך ווערן? יעדער איינער האָט געקאָנט שיקן זיין וואָב צום דייטשן קאָמענדאַנט נאָך קאָנצעסיאָס און ווערן אַ גביר. דאָס איז אָבאָר גאָרנישט אַזוי איינפאַך. רעדן מיט אַ ‚יענעראַל‘, מיט אַ ‚שיינאָרלעמיילאַך‘... נישט אַ קליינאָקייט... ס'מוז זיין געהירן אין קאָפּ, נישט קאָ ‚גראָכעווינעס‘... מע מוז טאַקאָ אויך געפעלן, זאַן שיין, וואָס איז אַ גאָטזאַך, ווי שכל... מע מוז האָבן מזל; אָבאָר דאָס איז אין גאָטס האַנט... עאָר גיטס נישט יעדן, בלויז די אויסדערוויילטע... אונדז, האָט עאָר אויסדערוויילט"...

אירע מאַנדלאויגן — די גרויסע שוואַרצאַפּלען אין די גרויסע געלבלעכע ווייסלען — האָבן גענומען אַרומשווימען אַהין און אַהער אונטער די אומגעוויינלעך לאַנגע און עטוואָס געבויגענע שוואַרצזיידענע וויעס, און איבער וועלכע ס'זענען געווען געדיכטע שוואַרצע ברעמען, וואָס זענען זיך צוזאַמענגעקומען דאָרט ווו ס'הויבט זיך אָן די נאָז. אָנבויגנדיק זייטיק דעם קאָפּ און שמייכלענדיק אויף

אַלערליי פאַרפּירערישע אופנים, באַוועגנדיק דערביי פאַרשידנאַרטיק די פולע ליפּן פון איר זייער ברייטן מויל, פולע און שטאַרק רויטע אויך נאָך איצט, האָט זי געפרעגט: „האַ, משה?״... אויף איר אויבערשטער ליפּ זענען די שוואַרצע הערע־לעך געווען שטאַרק קענטיק. די נאָז — אַ קלאַסיש גריכישע — האָט זיך אָנגעהויבן פון שטערן און זיך געצויגן אין אַ גלייכער ליניע און זיך פאַרענדיקט מיט גרויסע נאָזלעכער. אין געוויסע מאָמענטן האָבן די מעכטיקע נאָזפליגל זיך געצאַפּלט. זי האָט אָפּגעשטעלט דאָס דרייען מיט די אויגן, נאָר זיי אַראָפּגעלאָזט, ווי אַ צנועה, פאַרציענדיק דערביי אַ מינע פון שטאָלץ, פון באַליידיקט זיין. דאַן האָבן זיי ווידער אויפגעלויכטן אין ליבע, אויפגעפלאַמט פון ליידנשאַפט, אויפגעבליצט אין באַגער. באַלד ווידער האָט זיך איבער איר פּנים צעגאָסן חנעוודיקייט, האַר־ציקייט, נאָכגעבנדיקייט, אונטערטעניקייט. זי האָט ווי אַ גרויסע קינסטלערין געשפּילט מיט אירע אומדערשעפּלעכע ווייבערישע אוצרות.

דער אַלטער בעל־עבירהניק האָט נישט געוווּסט וואָס צו טאָן אין זיין ליבע און באַגייסטערונג, ער איז נאַריש געוואָרן און זיך אַראָפּגעלאָזט פאַר זיין ליובאַ אויף די קניען. ער האָט אַרומגעכאַפּט די געוואַלדיקע לידקעס פון אירע לאַנגע פיס און זיי גענומען קושן און מטורף פּלאַפּלען: „מיין קעניגין... מלכה שבא... לילית״... זיינע ציטערנדיקע, קאַלטע פינגער האָבן זיך גענומען רוקן אַלץ העכער אַרויף ביז אירע ברייטע פולקעס. ער האָט זי אַרומגענומען, געוואָלט מיט זיינע אָרעמס זי אַרומשליסן ביי די היפטן; אָבער די אָרעמס זיינע — געווען צו קורץ...

ליובאַ האָט טריומפירט: „נו?... גערעדנקסט ווי לודענדאָרף, דער ,סאַסע־ראַדנער׳, האָט מיאר געמאַכט קאָמפּלימענטן ביים טיש?... די כפרה איז עאר פאַר מיאר געווען... יאַך אַליין זאָל אים באַדינען... ווי עאר האָט געסמאַקעוועט די געפילטע פיש... און די אַנדראָ אָפּיצירן פון זיין שטאַב... אַן אייגענעם וואַגאָן, אַ סאַלאָן האָט מע מיאר אָפּגעגעבן ווען כ׳האָב באַדאַרפט פאָרן קאַ בערלין... אַן אַדיוטאַנט איז מיט מיאר מיטגעפאָרן״... זעענדיק, ווי דעם אַלטנס קליינע (און אין דער לעצטער צייט כמעט שוין אויסגעלאָשענע) אויגן, תמיד מידע און ווי בלינדע, האָבן גענומען גלאַנצן ווי נאַס גרין גלאָז און ווילן זי איינשלונגען, האָט זי אים ווידער געפרעגט: „וואָס זשע זאָגסטו, משה? בין יאַך גראַכט?... זאָלן מיאר אפשר נעמען אונדזער פאַרמעגן און סזיי אַוועקגעבן? — אַ בראָך אין ויירא ביינאר אַריין! גאָרנישט נאָכגעבן!״

4

דער געוועזענער בעקעריונג און שפּעטער מיליאָנער האָט געגלויבט זיין „מלכה שבא״ אַז ער איז טאַקע גאָר עפּעס אַנדערש, ווי ס׳זענען די אַלע, וועלכע זענען געווען און געבליבן פענטאַקעס. ער האָט שטענדיק געהאַט אויף זיך אַ קאָפּ און נישט אַ דייזשע טייג. והא ראיה: ער האָט געוווּסט אין ווען זיך צו פאַרליבן... ער איז דאָך, אייגענטלעך, שוין געווען דעמאָלט אַ שטיקל נגיד, געהאַט אַן אייגענע

בעקערײַ, און ליובאַ איז געװען אַ באַרעדטע דינסט; אָבער ער האָט דעמאָלט געזען װאָס אין איר שטעקט: אַ חכמה... אַ מיניסטערקאָפּ...

האָט פּאַן לישײַ אָפּגעװאָרפן אַלע פאָדערונגען פון בעקערפאַרײַן. אַז דער סטרײַק האָט זיך אָבער פאַרצױגן און דערצו האָט ער נאָך געזען װי זײַן ליובאַ לײַדט דאַדורך, װװ זי גײט אַרום אַ פאַרמרה־שחורהטע, האָט ער װידער גענומען אײַנטענהן מיט איר: „אפשר דאָך נאָכגעבן?"

זי האָט װידער געענטפערט: אַ זאַשע!"

„דו זעסט דאָך, ליובאַ טײַערע", האָט ער געפּרוּװט אײַנרעדן, „ס'װילט דיאָך אַצינד נישט דאָס פאַרן שפּאַצירן אין דער קאַרעטע, נישט קאַ ‚טריאַטאָר', נישט קאַ פרײַנד, קאַ קערטל; דיאַר פעלט דאָס לעבן פון דער בעקערײַ: אַז מיאַר זאָלן זיצן אין קאָנטאָר און די זאָלסט ציילן געלט, צוזאַמענלײגן אין הונדערטאָרס, אין טױזנטאָרס. דער סטרײַק ברענגט דיאָך אַראָפּ, מאַאַן קאָכאַני סערצע"...

„מיאָך", האָט זי געטרײסט דעם מאַן, ברענגט דער סטרײַק אַראָפּ אַ טראָפּעלע; זײ אָבאָר װעטאָר ברענגען אין דער ערד אַרײַן!"

דער אַלטער האָט דורך אַ װוּנק געגעבן אָנצוהערן זײַן חכמה: „דאָס װאָס יאַך װעל זײ דערלײגן װעט נישט זײַן אונדזער געלט"...

„װעמאָס דען?"

„זײאַר אײגנס", האָט ער אַ פינטל געטאָן מיט אַן אױג. „יאַך מײן נישט בלױז די, װעלכע אַרבעטן בײַ אונדז; יאַך מײן אַלע װאָס עסן ברױט און זעמל. װאָס יאַך װעל נאָכגעבן עלן זײ בעצאָלן מיט אַ שמיצעק דאַריבער"...

ליובאַ האָט זיך אָנגעשטױסן: „יאַך פאַרשטײ. אָבער מיאַר גײט נישט אין געלט; מיאַר גײט דאַרין, אַז אַזאַלכע לאַכודראָס זאָלן נישט אויספּירן בײַ מיאַר! אַ העזה אַ ביסל! זײ פאָדאָרן!.... װי האָבן די פענטאַקעס געזאָגט? — ‚מיאַר פאָדאָרן'"...

„מיאַר דערלײגן אָבאָר יעדן טאָג אַ סך געלט", האָט דער גביר געבראַנגט דעם שטאַרקסטן אַרגומענט.

„איז װאָס?" האָט די אַמאָליקע דינסט געפּרעגט װי אַ שטאָלצע קעניגן. „מיאַר האָבן, ‚בוכאַשעם', צו דאַלײגן. מיאַר עמאָר נישט הינגאָרן, אַפילו װען דער סטרײַק זאָל געדױאָרן הונדאָרט יאָר, אַפילו טױזנט, אַפילו אַ מיליאָן יאָרן! זײ אָבאָר, די שנאָראָרס, האָבן שױן לאַנג נישט װאָס צו פרעסן, ס'העננגען זײ שױן אַרויס די צונגאָן פון די מאַלאָר! באַלד װעלן די בײַכאָר זײ געשװאָלן װערן פון הונגאָר, אויפלױפן װי דײַזשאָס טײג! זײ װעלן שױן פילן אַז מיאַר גיבן זײ צו פרעסן! זײ פאָדערן... באַלד עלן זײ קריקקומען צו דער אַרבעט, מיטן היטל אין האַנט עלן זײ קריקקומען"... זי האָט גענומען שרײַען: „יאַך, יאַך ליובאַ לישײַ — זאָל זײ נאָכגעבן? — קראַפּירן זאָלן זײ! יאַך על זײ אויסלערבען אַראָפּנעמען ס'היטל פון קאָפּ װען זײ זעען מיאָך! ס'היטל זאָלן זײ אַראָפּנעמען פאַר מיאַר! און פאַר דיאַר! מיאַר גיבן זײ צו פרעסן! זאָלן זײ סטרײַקן און שלינגען ס'שפּײאָכץ! מיאַר אָבאָר... קום, משה! יאַך על דיאַר װײַזן װאָס מיאַר

האָבן היינט צום ,אַביאַד׳״. זי האָט דעם אַלטן גענומען ביי אַ האַנט און אים געצויגן מיט זיך אין קיך אַריין. „זעסט דעם סענדיק?״ זי האָט אַרויסגעשלעפּט אַ פיש ביים קאָפּ פון אַ גרויסער שיסל וואַסער און אים פעסט געהאַלטן: „ווי ער וואַרפט זאַך!... ווי פיל פונט וועגטאַר, פאַניע? זעקס פונט! און סאַראַ פליישׁ האָסטו, פאַניע? אַ פעטע קאַטשקע און דריי פונט ברוסט! און וואָס מאַכסטו צו דער יויך? מאַך שילגאַלאַך! ניין, בעסאַר קרעפּלאַך! ווי אַזוי ענטפאַרסטו מיאַר? ווען מ׳ענטפאַרט, אַדער ווען מ׳פרעגט עפּעס, זאָגטמע יעדעס מאָל „מאַדאַם״, אַדאַר פראַשן פאַני! און אַז ס׳געפעלט דיאַר נישט — קאָנסטו גיין! אפשר ווערסטו גאַר סטרייקן ווי דיין ברודאַר?״ זי האָט זיך אַ שטעל געטאָן מיט ביידע הענט אויף די באַקעס, אַנגעבויגן דעם קאָפּ אַן אַ זייט און קוקנדיק מיט שפּאָט אפשר אַ גאַנצע מינוט אויף דער דינסט, צו איר געזאָגט ווי מיט באַדויערן: „אַ בראַך איז צו דיינע יאָרן!״...

פאַניע האָט נישט געענטפערט.

ליובא האָט גענומען דעם אַלטן אונטערן אָרעם און איז צוריק מיט אים אַרויסגעאַנגען. נאָר אין דער טיר האָט זי זיך צוריק אויסגעדרייט און באַפוילן: „ברענג אונדז אַריין אין דער „יאַדאַלנע״ עפּעס איבערצוכאַפּן דערווייל דאָס האַרץ! צום „אַביאַד״ וועט דאַך נאָך געדויערן אַ צוויי שעה. נאָר ברענג אונדז עפּעס גוטס!״ זי האָט שוין געוואָלט צומאַכן די טיר הינטער זיך. אין דעם מאָמענט האָט געקלונגען ס׳גלעקל ביי דער דרויסנדיקער טיר פון דער קיך. מאַדאַם לישיי האָט געוואָרט, כדי צו זען ווער ס׳קומט. פאַניע האָט אָבער נישט געעפנט די טיר. האָט ליובאַ זיך געבייזערט: „פאַרוואָס עפנסטו נישט?״

די דינסט האָט געברומט: „ס׳איז אַן אָרימאַן״.

„און אַז ס׳איז אַן אָרימאַן״, האָט די באַלעבאָסטע געפרעגט, „עפנטמע נישט?״

„זיי האַלטן אין איין קומען״, האָט די דינסט געענטפערט. „יעדע רגע קלינגט אַן אַנדעראַר שנאָראַר״.

מאַדאַם לישיי איז געוואָרן אויפגעקאָכט: „ווי האָסטו דאָס „יאַנדעס״ נישט צו עפענען? יאַך וויל אַז קאַ איין אָרימאַן זאָל פון מאַ הויז נישט אַוועקגיין אָן אַ נדבה! שוין זאָלסטו עפענען! דו טאָטעריש האַרץ!״

די דינסט האָט געעפנט. אויף דער שוועל האָט זיך אַוועקגעשטעלט אַן אָרעמע פרוי מיט צוויי קינדער. ליובאַ האָט אַליין אָפּגעשניטן אַ שטיקל ברויט און אַליין עס צוגעטראָגן צו דער אָרעמער פרוי. יעדן קינד האָט זי געטאָן אַ גלעט איבערן בעקל און געפרעגט די אָרעמע פרוי: „בלויז די צוויי קינדאַר?״

די בעטלערקע האָט גענומען קלאָגן: „מאַדאַמעשי... אוי, מאַדאַמעשי... נאָך פיר פיצלאַך ווערעמלאַך, איינס קלענאַר ווי ס׳אַנדערע... אַ וויסטע אלמנה בין יאַך געבליבן... מיט זעקס מאַלאַר צום עסן״...

ליובאַס שיין פנים האָט זיך צעקרומט און פון אירע גרויסע מאַנדלאויגן האָבן זיך אַרויסגעקאַליערט צוויי טרערן. זי האָט דער בעטלערקע איצט געגעבן אויך אַ מטבע און יענע האָט גענומען שיטן מיט ברכות: אַ לעבטיק מזל, מאַדאַמעשי!...

ס׳זאָל תמיד אַזוי שיינאָן ווי דער מאַדאַמס קיניגלעכע שיינקייט, ווי דער מאַדאַמס לעכטיקע אויגן !״...

ליובאַ האָט פרום געענטפערט: „אמן, אמן״.

5

דער סטרייק האָט זיך ווייטער געצויגן. מאַדאַם לישייס ווערטער, אַז די סטרייקערס וועלן שוין קומען מיטן היטל אין האַנט און זיך בעטן מ׳זאָל זיי צוריקנעמען צו דער אַרבעט, זענען מקוים געוואָרן. די אַרבעטער אַליין זענען נישט געקומען; אָבער זיי האָבן געשיקט אַ דעלעגאַציע: קאָפּל וואַרשאַווסקי און אַ צווייטער בעקער, בראש פונעם חבר מאַט.

די פאַרהאַנדלונג איז פאָרגעקומען אין קאָנטאָר. געגרעדט האָט צומיינסט ליובאַ. זי האָט זיך געהאַלטן אין איין שווערן: „זאָל יאָך אַזוי לעבן ווי יאָך זאָג אינען דעם אמת. מיאָר ווערן פון דער בעקאַריי ,בעדילעדאַל׳. דאָס זעקל תבואה צו קריגן קומט אָן מיט דער גרינאַר גאַל. נישט דער פּריץ און נישט דער פּויער וויל פאַרקויפן אַ ייד קאָרן, צי ווייץ. וועגן דעם בויקאָט. צאַלטמאָ טייעראָר. וועגן די שטייאָרן דאַרף יאָך דאָך אינען נישט זאָגן, פאַניע מאַט״. געגרעדט האָט זי נאָר צו אים און די צוויי בעקערס, קאָפּל וואַרשאַווסקי מיטן אַנדערן, פּשוט איגנאָרירט. זי האָט זיך געמאַכט נישט זעענדיק זיי, ווי זיי וואָלטן אין קאָנטאָר גאָרנישט געווען. זענען די צוויי געזעסן ווי אָרעמע אורחים ביים טיש.

ליובאַ האָט אַלץ מער אַריינגעטענהט אינעם חבר מאַט: „זיי וויסן דאָך, פאַניע שאַנאָווגע, זיי זענען דאָך אַן אינטעליגענטאָר מענטש. יאָך זעס דאָך, גלייך אויפן ערשטן בליק האָב יאָך דאָס געזעען. זיי וויסן דאָך, זיי זענען דאָך דער פאָרשטייער, איינאָר פון די גאָר, גאָר גרויסע... יאָך ווייס גאַנץ גוט, וואָס זיי און אירעאָר פאַרטיי טוען אויף, ווי זיי קעמפן קעגן דעם ביטאָרן אַנטיסעמיטיזם. יאָך ווייס, ווי זיי שטעלאָן זאָך איין פאַר אונדזאָר יידיש פאָלק, יאָך ווייס אַלץ. די אַנטיסעמיטן ווילן אומברענגען, אַרויסרייסן מיטן וואָרצל, אָוועקנעמען די ,פאַנאָסאָ׳, ס׳שטיקל ברויט. די ,ראַזבוינִיקעס׳ שטייען פאַר יעדן יידישן געשעפט און לאָזן נישט אַריין קאָ איין גויאישן קונה. זיי היטן אין יעדן דאָרף, אַז אַ ייד זאָל גאָרנישט קאָנען קויפן ביי אַ פּויער. די שטייאָר׳כלבים קוילאָן דאָך יעדן יידישן סוחר, יעדן יידישן קרעמאָר, יעדן יידישן אונטערנעמאָר: אויב ער האָט אַ גרויסע, צי אַ קליינע פאַבריק, צי אַ ווערקשטאַט, צי וואָס ס׳איז, פון וואָס אַ ייד ציט ,פאַנאָסאָ׳. אָן אַ מעסאָר קוילען זיי. שאַצן. זעאָן אַ בענקל נאָך אין שטוב. פאַר אַ זלאָטע סחורה אין געשעפט — שאַצן זיי אָפּ הונדערט, טויזנט מאָל אַזוי פיל — וויפיל ס׳פאַלט זיי איין — און הייסן זאָך באַצאָלן הונדערטאָר, טויזנטאָר זלאָטעס שטייאָר. קומט דער סעקוועסטאָר, מיט אַ וואָגן, און שריי חי וקים, וויין, האַקט דיאָר קאָפּ אָן וואַנט, רייס דיאָר אויס אַלע האָר, נעם דיאָר ס׳לעבן. שטייאָר און שטייאָר: שקאָלנע, ווויסקאָווע, שפּיטאַלאָווע, סטראַזשאָווע — וועאָר קאָן דאָס אַלץ אויסרעכאַנען. ס׳בלוט צאַפּטמע. אָבאָר... ווי

זאָגן זיי, פֿאַניע מאַט, יאַך מיין די פּאַרטיי איראַר ? —— קעמפן, זאַך נישט אונטערגעבן. קעמפן מיאַר. יאַך קעמף צוזאַמע מיטן גאַנצן יידישן פֿאָלק אונדזערן". זי האָט דערקענט די באַהאַלטענע איראָניע אין חבר מאַטס אויגן און איז אים פֿאַרלאָפֿן דעם וועג : „יאַך זע, אַז זיי ווילן מיאַך פרעגן, ווו מיאַר נעמען אַזוי פיל געלט צוצולייגן. וויל יאַך אינען זאָגן : מיאר באַרגן כסדר אין די בענק, אויף די הייזאַר און אויף דער בעקאַריי, וואָס מיאַר האָבן פון די פּריזאָרדיקע גוטאָ צייטן. מיאר באָרגן און צאָלן פּראָצענט, ווייל פון די הייזאַר האָטמאַ אַצינדאָ אויך גאָרנישט. נישט אין דער באַנק ,פּיינסטוואָוואַ' באָרגן מיאַר, ווייל דאָרט קריגט אַ ייד נישט צו באָרגן קאַ גראָשן. מיאר באָרגן אין דער באַנק פון פֿאַן איגנאַץ ווייס עט קאָמפּאַניע. פֿאַן איגנאַץ ווייס מאַכט צו אַן אויג... ווייל די היפּאָטעקן פון יעדן הויז גרייכן שוין איבאַרן דאַך... איז דאַך אָבאַר פֿאַן ווייס אָ ייד מיט אַ הייס יידיש האַרץ... אַצינדאָ פֿאַרשטייען זיי שוין, פֿאַניע שאַנאָוונע, פֿאַרוואָס מיאַר קאָנען נישט נאָכגעבן ?"...

צום מאַן האָט ליובאַ אַ זאָג געטאָן : „גיי, משה, און ווייז די צוויי דעליגאַטן" זי האָט אָנגעוויזן אויף קאָפּלען און דעם אַנדערן בעקער — די בעקעריי. זיי זענא דאָך בעקאָרס". זי האָט זיך געווענדט צו די צוויי וואָס זענען די גאַנצע צייט געזעסן שטיל : „גייטץ, גייטץ ! איאָר זענט דאָך פֿאַכלייט ; וועט איאָר זעען מיט איייאָרע אייגענע אויגן. ווען איאָר וועט קריקקומען וועט איאָר וויסן אַז יאַך בין גרעכט. אין דער בעקעריי וועט איאָר זאָך איבערצייגן".

די צוויי האָבן געקוקט אויפן חבר מאַט. ער האָט זיי געגעבן זיין הסכמה : „גייט !".

דער אַלטער האָט פֿאַרשטאַנען וואָס זיין ליובאַ מיינט און איז אַוועק מיט די צוויי דעלעגאַטן. זי האָט זיך דאַן צוגערוקט אַביסל נענטער צום חבר מאַט און דרייענדיק מיט די גרויסע שיינע מאַנדלאויגן, האָט זי אים געגומען נאָך מער חנפֿענען : „אין אינען דערקינטמאָ דאָך גלייך אַז זיי זענען נישט קאַ בעקאָר, אַז זיי זענען קיינמאָל קאַ בעקאָר נישט געווען. זיי זענען אוודאי... יאַך ווייס, אַ גרויסאַר געלערנטאָר"... זי האָט נישט אויפגעהערט צו רעדן און מאַכן אַלץ זיסערע און פֿאַרפירערישע חנדלעך. און פלוצים האָט דער חבר מאַט דערפילט איר האַנט אין זיין קעשענע. זי האָט זיך דערביי צוגעדריקט צו אים און ער האָט זי אַרומגענומען אויף אַ נישט זייער דעליקאַטן אופן... נאָר ליובאַ האָט זיך נישט צו שטאַרק באַליידיקט. זי האָט זיך אָבער נישט געלאָזט קושן : „מיין אַלטאָר קאָן אָנקומען... דער עובר בטל איז זייאָר אייפאָרזיכטיק"... זי האָט אים איינגערוימט אין אויער אין וועלכן האָטעל ער קאָן זיך מיט איר טרעפן און גלייך מיט אים אויסגעמאַכט אַ ראַנדעוווּ : „אין אַ שעה אַרום !"... זי האָט זיך צוריק אַביסל אָפּגערוקט פון אים און האָט ווייטער מיט אים גערעדט. אָבער ער האָט נישט געהערט וואָס זי זאָגט אַלץ, ווייל ער איז געווען אַביסל צעטומלט. בגנבה האָט ער אַרייגעשטעקט די האַנט אין דער קעשענע, אין וועלכער ער האָט פריער געפילט ליובאַס האַנט, און דאָרט אָנגעטאַפּט אַ פּאַפּירל. דערפון איז ער נאָך שטאַרקער

צעטומלט געוואָרן. אָבער ער האָט געטראַכט אַז ליובאַ האָט אים אוודאי אַריינגע־לייגט אַ ליבעסבריוול און צו איר אַ שמייכל געטאָן. אין דעם מאָמענט איז פאַן לישיי צוריקגעקומען מיט די צוויי בעקערס.

דער חבר מאַט האָט געפרעגט: „וואָס האָט איר דאָרט געזען, חברים?"

קאָפּל וואַרשאַווסקי האָט געענטפערט: „די באַקאַנטע רויטע ,פעטשאַטן' האָבן מיאָר דאָרט געזען; אויף די טירן פון די אויוונס האָט דער סעקוועסטטאָר זיי אויפגעהאָנגען".

„וועגן דעם סטרייק!" האָט ליובאַ טרויעריק געזאָגט. „בעדאַרפן באַצאָלן שטייאר. אָבאר ווו זאָלן מיאָר נעמע' געלט, אַז מ'סטרייקט?" —

דער חבר מאַט איז אויפגעשטאַנען: „וועלן מיר דאָס איבערגעבן אין קאָ־מיטעט".

די דריי דעלעגאַטן זענען צוריק אַוועקגעגאַנגען.

6

ליובא האָט אירע צוויי פעסטע און דיקע אָרעמס אַ וויקל אַרום געטאָן אַרום דעם פאַרליבטן מאַן אירן און טריומפירט: „נו, משה!... וואָס זאָגסטו אַצינדא?... האַ, גוט געמאַכט?... אַזאַ יאָר שוין אויף מיאר סאַר' טייאר וואַאַב דו האָסט!"...

דער אַלטער עובר בטל האָט שטאָלצירט: אַ ברילי‌אַנט!... אַ חכמת!... אַ קי־ניגן!... אַ געטין, ווי אין ,טריאַטאָר' אויף דער בינע!... וואָס רעד יאַך; טויזנט מאָל מעאָר!... אַזאַ ,שאַנהייט' האָב יאַך אַפילו אין גרויסן פוילישן ,טריאַטאָר' אויף דער בינע נישט געזעען!"...

„טר זשאַ מיאָר אַ קוש!".... זי האָט אים אונטערגעשטעלט אַ באַק. דאַן האָט זי זיך גענומען פאָרען: „יאַך פאַר אַצינדאַ אין די קאָמיטעטן. ווילסטו יאַך זאָל דיאָר אויסרעכאַנען ווו יאַך בין אַלץ ערנמיטגלידאָרין? — אין „אבן העזר", אין „אגודת אחים", אין „אהבת חסד", אין „אהבת צדק", אין „אהבת שלום", אין „אהבת תורה", אין „פועלי צדק", אין „גומלי חסד", אין „חזון אמונה", אין „מלבוש ערומים", אין „מקוה ישראל", אין „עדת ישראל", אין „עזרת ישראל", אין „נחלת ישראל", אין „עזרת נשים", אין „עוזר דלים", אין „צדק ואמת", אין „שומרי הדת", אין „שומרי שבת", אין „שערי תפילה" און אין נאַך און נאַך: אין „לינת הצדק", אין „ביקור חולים", אין „בית לחם", אין „תומכי עניים". דאָס איז נאַך אַלץ גאָרנישט. יאַך האָב אַצינדאַ נישט קאַ צייט אַלע אויסצורעכאַנען. אָבאַר יאַך געדאַנק זיי אַלע, יאַך האָב אַ גוטן קאָפּ. יאַך קאָן נאָר נישט ריכטיק אַרויסרעדן די לשון קודשע ווערטאָר".

זי האָט די נעמען פון די צדקה־חברות אַזוי אַרויסגערעדט, אַז דער אַלטער האָט זיך זעלטן געכאַפּט וועלכע חברה זיין ליובא מיינט. ער האָט געקוקט אויף איר ווי אַ לעקיש מיט גרויס פאָרכטיקייט און זי באַוואונדערט: „אַ קאָפּ פון אַ מיניסטאָר!"...

ליובאַ האָט ווייטער זיך באַרימט: „מיאָר זאָלן דאָס פאַרדינען אַלאַ האַלבע

שעה, משה, וואָס מיאַך קאָסטן די דאָזיקע חברות! יאַך זשאַלעווע נישט קאַ זלאָטע אַז ס׳קומט צו צדקה. אַ ייד דאַרף געבן צדקה! און יאַך בין נישט אַ ליאַדעוועאַר!״ זי האָט זיך גיך איבערגעטאָן. „צי מיאַר איין דעם קאָרסעט!״ האָט זי צוגערופן דעם מאַן. ער איז צוגעלאָפן ווי אַ בחורל. זיינע אויסגעלאָשענע, מאַטע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן מיט תאווה און די גערונצלטע, אויסגעטריקנטע, בלוילעכגעלע הענט האָבן גענומען פאַרבלאָנדזשען צו די נאַקעטע ערטער, וועלכע האָבן דעם אַלטן בעל עבירה באַזונדערס גערייצט. נאָר ליובאַ האָט אים אַצינד נישט געלאָזט, זי האָט זיך געאיילט און דעם מאַן געזאָגט: „משה, טשעפּע מיאַך נישט אַצינדאַ!... יאַך מוז שוין גיין!... צי שטאַרקאַר! נאָך שטאַרקאַר! דו האָסט שוין גאַר קאַ כוח נישט... ‚סטאַראָסטש ניע ראַדאָשטש׳... איצטאר דערלאַנג מיאר דאָס צירינג! נישט אינגאַנצן, בלויז זעקס—זיבן פינגאַלאַך, איינס מיט גרויסע בריליאַנטן, איינס מיטן רובין, איינס מיטן טורקיס, איינס מיט... וועסט שוין זען. נישט מעאָר ווי צוויי בראַנזלעטן! די אוירינג מיט די דימאַנטן, די גרויסע, וואָס יאַך אַליין האָבן מיאָר אויסגעטראַכט און געלאָזט מאַכן! און די גרויסע בראָשאַ! און די פּערל! און די גאָלדענע קייט, די קליינע, אָבאָר נישט די גאָר קליינע! און דאָס גאָלדענע זייגאָרל מיט די רובינדלאַך! און דעם זילבאָרנעם בייטל! און דעם הוט מיט די דריי ווייסע שטרויספעדאָרס! און די הענטשקאַלאַך! און דאָס פאַרסאַלאָכל!״

אַן אָנגעטוענע אין „פּאָלנע״ שיק און קנאַק, האָט ליובאַ, קאָקעטיש ווי אין אַ טאַנץ, זיך אַ דריי געטאָן אויף די הויכע אָפּצאַסן פאַרן מאַן, אַ כיכיקע געטאָן, און אַ גרייטע צום גיין, אים געגעבן איין פאַראָרדענונג נאָך אַ צווייטן: „זאָלסט דער׳ליידיקן ביים קאָמאָרניק, אַז מאָרגן זאָלן אַלע 17 לאָקאַטאָרן פון די 6 הייזער אויף גענשע, שמאָלע מילע און סטאַווקע אָרויסגעוואָרפן ווערן פון זייערע דירות! די לאָקאַטאָרן וואָס האָבן נאָך נישט באַצאָלט — היינט איז שוין דער אַכטאָר — זאָלן קריגן פּאָוויעסטקעס! פאַרלאָז דיאַך נישט אויף די זשאָנדצעס! מ׳גיט זיי אין לאַפּע אַריין, און... דו ווייסט דאָך שוין... קאַ רחמנות אין אַ אַלכע זאַכן! וואָס צו גאָט איז צו גאָט און וואָס צו לייט איז צו לייט... יאַך גיב צדקה: אין „פּאַריין פּאַר אָרעמע קימפּעטאָרינס״ אין „יתומים־הויז״, אין „הכנסת־כלה״, אין „הכנסת אורחים״, אין „תלמוד תורה״.

צו געפעלן זיין ליובאַ האָט דער אַלטער געזאָגט אַ וויץ: „מיט אַ שטול אין גן־עדן זעמאָר שוין באַזאָרגט״... נאָר זי האָט אים צוגעמאַכט ס׳מויל: „מאַך נישט קאַ חוזק, משה! יאַך האָב דאָס נישט ליב! ס׳דאָ אַ רבונו של עולם אין הימל!״ ביי דער טיר האָט זי דעם אַלטן ווידער אונטערגעשטעלט אַ באַק און אים באַפוילן: „גיב מיאָר אַ קוש! אַצינדאָ עלן זיי האָבן אַ סטרייקן... אַ בראָך צו זייאָרע יאָרן״...

קאַפּיטל צען

# אין קריזיס

1

אינעם לאַנד, וואָס איז באַפרייט געוואָרן פון אַ לאַנגער קנעכטשאַפט, האָבן זיך גענומען פאַרשפּרייטן אַלץ מער און מיר צוויי סאָציאַלגעזעלשאַפטלעכע עפּי־דעמיעס: הונגער און זעלבסטמאָרד.ביידע זענען געקומען פון זעלבן מקור. די ערד האָט אַרויסגעגעבן גענוג שפּייז פאַר אַלע, אָבער די רייכע — אַ פאַרשווינדע־רישער מיעוט — האָט בשותפות מיט דער מאַכט אַוועקגענומען פון דער באַפעל־קערונג כמעט אַלץ וואָס זי האָט געשאַפן. די דאָזיקע כמעט נישט אַנזעעוודיקע מינדערהייט האָט אויך אַ פאַרברעכערישן אופן פאַרכאַפּט דעם גרעסטן טייל פון די אוצרות, וואָס די נאַטור (אָדער גאָט, ווי זי הייסט פאַר די פאַרכאַפּער) האָט געשאַפן פאַר אַלע אירע מענטשנקינדער גלייך. די פאַרכאַפּער האָבן איינגעשפּאַנט די מענטשן צו שקלאַפן פאַר זיי. אַ טייל פון די שקלאַפן האָבן די האַרן אַוועקגע־שטעלט שמידן כלי זין און זיי געצווונגען, מיט די וואָפן וואָס זיי אַליין שאַפן, צו צווינגען זייערע שוועסטער און ברודער צו שקלאַפן פאַר זייערע באַצווינגער, אַנצופאַלן אויף שכנים און צו פאַרכאַפּן זייערע פאַרמעגנס פאַר די האַרן. אַזוי איז פון אַסך טויזנטער יאָר אַן און אַזוי איז געבליבן.

אָבער די שקלאַפן בונטעווען זיך: זיי סטרייקן, מאַכן אויך רעוואָלוציעס. נאָר טייל, די וועלכע קאָנען די ליידן נישט מער אויסהאַלטן, באַגייען זעלבסטמאָרד.

די פּאָליציי האַלט אין איין אַרעסטירן די ווידערשפּעניקע, די וואָס קעמפן. לויט דער קאָנסטיטוציע איז סטרייקן דערלויבט, אויפקלערונג, פּראָפּאַגאַנדע, איז גאַראַנטירט; אָבער די קאָנסטיטוציע און אירע געזעצן ווערן אויסגעטייטשט פון די, אָדער לויט די, וועלכע האָבן די מאַכט, די ערד און אירע אוצרות.

דאָך, ס'פאַרשפּרייטן זיך די סטרייקן אַלץ מער און מער, ס'ווערן אַריינגעצויגן אַלץ מער און מער בראַנזשעס, און די סטרייקערס — כאָטש זיי ליידן אַלץ שווערער און שווערער — ווערן גאָר האַפּערדיקער ביי זיך. זיי קעמפן אַלץ עקשנותדיקער, ווייל זיי האָבן אָנגעהויבן קומען אַלץ מער צו דער דערקענטעניש, אַז זיי האָבן סיי ווי נישט וואָס צו פאַרלירן. אַ קאָמפּסלוסטיקייט האָט אַרומגעכאַפּט גרויסע טיילן פון די אָרעמע, אַפילו פון אַזעלכע שיכטן, וועלכע האָבן פריער אַפילו נישט געוואָלט הערן רעדן וועגן סאָציאַליזם: זיי האָבן פריער געהערט צום מיטלקלאַס; אַצינד אָבער זענען זיי דעקלאַסירטע, אַרויסגעוואָרפענע, אַרויס־געשטויסענע, אַרויסגעשפּיגענע אַלס אומנוציקע פון דער ווירטשאַפט. אַסך פון די, וועלכע זענען געוואָרן קעמפער, זאָגן: „מ'וועט מיך אַרעסטירן — וועלעך ווייַ־ניקסטנס קריגן עפּעס צו עסן און זיך נישט וואַלגערן אינדרויסן אָן אַ דאַך איבערן

קאָפּ, ערגער ווי אַ הונט". די תפיסות זענען טאַקע איבערגעפּאַקט מיט אַרעס־טאַנטן. די רעגירונג האָט שוין פאַרוואַנדלט אַלערליי בנינים אין טורמעס און בויט אַלץ מער נייע. ס'האָבן זיך אָבער געמערט — און ס'מערן זיך אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער — אַלערליי קרימינעלע פאַרברעכער, ווי גנבים, שווינדלער, מאַכער פון פאַלש געלט און כלעריי מלוכהדאָקומענטן. די געריכטן אינעם לאַנד זענען פאַרוואָרפן מיט אַרבעט; זיי אַרבעטן ביז שפּעט אין דער נאַכט, אַרבעטן שנעל, אין איילעניש; געמשפּט ווערן נישט בלויז יחידים, נאָר גאַנצע גרופּעס. דאָך קאָנען די געריכטן נישט פאַרטיק ווערן מיט דער אַרבעט, נאָר פאַרקערט, די אַרבעט האַלט אין איין וואַקסן. אַלץ לענגער האָבן די אַרעסטירטע אָנגעהויבן וואַרטן אויף די תפיסות אויף זייערע פּראָצעסן. די פּאָליציי (און אַנדערע רעגי־רונגס־־באַאַמטע) האָבן געגנומען אייַנזען, אַז וואָס מער זיי נעמען שוחד, אַלץ בעסער דינען זיי דאַדורך זייער פּאָטערלאַנד: זיי ברענגען איין דער מלוכה אַסך געלט וואָס דאַרף קאָסטן אויסצוהאַלטן די פאַרברעכער אין די תפיסות און די געריכטן זיי (די פאַרברעכער) צו משפּטן...

אין אומגאַנג איז פאַלש געלט געווען אפשר נישט ווייניקער ווי נישט פאַלש; אָבער אַ סך מענטשן האָבן זיך געוויצלט: „סאַרע נפקא מינה? — דאָס איז פּאַפּיר און דאָס איז פּאַפּיר"...

2

אין דער טעקסטיל־בראַנזשע זענען די אַרבעטסלוינען געווען באַזונדערס נידעריק און אַרבעט איז געווען גאָר ווייניק. די אַרבעטער האָבן דאָרט אָפט געסטרייקט און די סטרייקן האָבן זיך פאַרצויגן גאַנץ לאַנג.

ר' אפרים גאָטליב האָט נישט געקאָנט נאָכגעבן די פאָדערונגען וואָס די אַרבעטער האָבן אים געשטעלט. אויך האָט דער סוחרים־און־פאַבריקאַנטנפאַריין געהאַט באַשלאָסן. נישט בלויז נישט נאָכצוגעבן די אַרבעטערפאָדערונגען, נאָר ווו ס'איז מעגלעך דעם סטרייק צו פאַרוואַנדלען אין אַ לאָקאַוט.

אָבער די שוועריקייטן, וואָס די אָרגאַניזירטע אַרבעטער האָבן באַגעגנט אין זייער קאַמף פאַר עטוואָס בעסערע עקאָנאָמישע באַדינגונגען, איז נישט געווען בלויז די פאַרעקשנטקייט און דער עגאָאיזם פון די פאַבריקאַנטן, נאָר דאָס וואָס אַסך אַרבעטער, די מייסטע נישט אָרגאַניזירטע — און אַפילו אָרגאַניזירטע, ווי למשל דער חבר פּנחס און די חברטע דבורה — האָבן אויף אַ באַהאַלטענעם אופן, און אויך אָפן, די סטרייקן געבראָכן. די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען האָבן פאַרשטייט זיך, זיך באַמיט צו אָרגאַניזירן אַלע אַרבעטער, נאָר דאָס האָט זיך זיי נישט איינגעגעבן. אויף אַ באַזונדערן ווידערשטאַנד האָבן זיי זיך אָנגעשטויסן ביי די פרומע אַרבעטער, אויך ביי די היימלאָזע, ביי די וואָס זענען בעת דער מלחמה געלאָפן פון דער פּראָווינץ קיין וואַרשע און זענען שוין דאָ געבליבן. אַזוי האָט, למשל, גרשון דער לייוונטמאַכער נישט געוואָלט הערן אַפילו וועגן דעם, צו ווערן אַ מיטגליד פון אַן אַרבעטערפאַריין. יעדעס מאָל, ווען מ'איז צו אים צוגעשטאַנען

וועגן דעם, האָבן זיך אין זיינע געלבלאַסע באַקן צעבליט די „רויטע רויזן" פון שווינדזוכט. ער האָט געקוקט מיט זיינע גרויסע, תמימותדיקע אויגן און איז אַזש צוריקגעטראָטן: „כ׳זאָל ווערן אַ?"... דאָס וואָרט „סאָציאַליסט" האָט ער נישט געקאַנט און נישט געוואָלט ברענגען איבער זיינע ליפּן. ער האָט זיך צעהוסט. אַז מ׳האָט אים געזאָגט, ער וועט דאַן פאַרדינען מער, האָט ער דאַרויף געענטפערט: „נישט פאַר כל הון דעלמא! כל ימי חיי בינעך געווען אָרים. מער ווי נויט, לייד און צער האָבעך אין מיין לעבן נישט געהאַט. כ׳האָב אָבער אַלץ פאַרליב גענומען, ווייל אַלץ איז געקומען פון הקדוש ברוך הוא׳ס האַנט. מסתמא האָבעך בעדאַרפן אָפּקומען פאַר וועלכע זינד. כ׳בין מקבל באהבה יעדן עונש אויף דער ערד, וואָס איז בלויז אַ פּרוזדור פאַרן קורצן לעבן פונעם מענטש, כדי נישט צו פאַרלירן, חס וחלילה, יענע וועלט, וואָס איז אייביק און אַן עולם האמת. אַצינד, אַז כ׳בין שוין אויף דער שוועל פון דער דאָזיקער וועלט, זאָלעך פאַר עטלעכע גראָשן, צי אַפילו זלאָטעס, זי פאַרלירן? — פאַרקויפן עולם הבא פאַר עולם הזה?" — — — ער האָט זיך אויסגעלאַכט פון די נאַראָנים, וואָס אַ חיי שעה איז ביי זיי מער ווי דאָס אייביקע לעבן.

דאָך, ווען ס׳איז דערקלערט געוואָרן אַ סטרייק אין אַ גרעסערער אָדער קלע־נערער פאַבריק, צי אין אַ ווערקשטאַט, האָבן אַלע אַרבעטער, אויך די נישט אָרגאַניזירטע, געמוזט אויפהערן פון דער אַרבעט און אַוועקגיין. איינדרויסן איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַ וואַך, וואָס האָט אַכטונג געגעבן אַז קיין סטרייקברעכער זאָלן נישט קאָנען פאַרנעמען די פלעצער פון די סטרייקנדיקע. ס׳זענען אָבער געווען פאַבריקאַנטן, וועלכע ס׳איז נישט געגאַנגען אַזוי שטאַרק אינעם פאַרלוסט צוליבן סטרייק, ווייל זיי האָבן אפשר דערביי גאָרנישט פאַרלוירן, דען די פרייזן פון די רוישטאָפן האָבן כסדר געהאַלטן אין איין אַרויפגיין און דער פאַבריי־קאַנטן־און־סוחרים פאַריין האָט אויף אַלערליי אופנים געשטיצט זיינע מיטגלידער ביי וועלכע מ׳האָט געסטרייקט; געגאַנגען איז זיי אין אַמביציע: אַז „אַזעלכע גאָרנישטן", ווי ס׳זענען פאַר זיי געווען די אַרבעטער, זאָלן אין זייערע פאַבריקן קאָנען אָפּשטעלן די מאַשינען! „ווילסטו נישט אַרבעטן פאַר דעם לוין וואָס מ׳גיט דיר", האָבן זיי געטענהט, „גיי צו אַלדע שוואַרצע יאָר! ווער דאַרף דיך? — ס׳זענען דאָ הונדערטער פאַר איינעם". פרומע באַלעבאַטים, ווי ר׳ אפרים גאָטליב, האָבן דערביי נאָך מוסף געווען: „זיי זענען דאָך אַלע פושעים! מחלל שבתניקעס! גויים גמורים! לייקענען אין גאָט! ס׳איז אַ מצוה זיי עוקר מן השורש צו זיין, זיי איבערצוגעבן אין די הענט פון דער מאַכט, אַז זיי זאָלן פאַרפוילט ווערן אין די תפיסות!"

אָבער ר׳ אפרים גאָטליב האָט געהערט צו די יחידים, וועלכע האָבן צו דער פּאָליציי נאָך הילף זיך נישט געווענדעט. אויך האָט אים אַדאַ, זיין בת יחידה, אַמאָל געזאָגט: „טאַטע! אויב דו וועסט דיך ווענדן צו דער פּאָליציי און מיט איר הילף ברעכן דעם סטרייק, וועל איך מיך אַוועקשטעלן אויף דער וואַך פאַר דיין פאַבריק און זאָגן דער פּאָליציי אַז איך פיר אָן מיטן סטרייק, אַז איך בין אַ קאָמוניסטקע

און מיך הייסן אַרעסטירן!״ דער פֿאָטער האָט זיך דאַן געבעטן ביי זיין טאָכטער אַז זי זאָל פּועלן ביי די אַרבעטער צוריקצוציין צו דער אַרבעט. „גוט״, האָט זי געזאָגט, „אָבער דו גיב זיי נאָך זייערע פֿאָדערונגען״. דער פֿרומער פֿאַבריקאַנט האָט געטענהט: „כ׳קאָן דאָך נישט. זעסט דאָך, מיין קינד, סאַרע שלעכטע צייט ס׳איז. אַ קריזיס. דאַצו ווערגן די שטייערן ממש ביים האַלדז״. דאַרויף האָט אַדאַ געענטפֿערט: „אָבער די אַרבעטער, טאַטע, מאַכן ערגערע געשעפֿטן ווי דו. וויפֿיל פֿאַרדינט ביי דיר אַן אַרבעטער אַ וואָך און וויפֿיל פֿאַרדינסט דו? מוזט עס מיר נישט זאָגן. דו ווייסט עס ביי דיר. ס׳איז אַ שרעקלעכער יקרות, דאָס איז אמת. ווער אָבער ליידט דערפֿון? דו שלאָגסט אַרויף אויף דער סחורה. פֿאַר אַן אַרבעטער איז זיין אַרבעט די סחורה. מוז ער אויך אַרויפֿשלאָגן. ער מוז דאָך פֿאַרדינען כאָטש אויף דאָס נויטיקסטע וואָס ער ברויך. פֿאַר וואָס ווייסט אַ באַלעגאָלע, צי אַ פֿויער, אַז זיין פֿערד מוז עסן, האָבן אַ שטאַל און מוז רוען. אַ פֿאַבריקאַנט האָט מיט זיין אַרבעטער אַפֿילו דאָס דאָזיקע איינזעען נישט״.

דאָס האָט דער פֿרומער פֿאַבריקאַנט און גוטער שטילער מענטש איינגעזעען, און דאָך האָט ער זיינע אַרבעטער נישט נאָכגעגעבן זייערע גערעכטע פֿאָדערונגען. „ס׳גייט דאָך נישט בלויז אין מיר״, האָט ער מודה געווען. פֿול מיטלייד אין זיין שטיל, ווייך קול, האָט ער געזאָגט צו דער טאָכטער: „ס׳איז גאָטס רחמנות אויף די אָרימע מענטשן, נעבעך. כ׳ווייס ווי שלעכט ס׳גייט זיי, כ׳ווייס אַז דאָס וואָס זיי פֿאַרדינען איז טאַקע נישט גענוג אויף פּרנסה, באַזונדערס ביים היינטיקן יקרות. איך וואָלט זיי שוין אפֿשר נאָכגעגעבן; אָבער איך קאָן דאָס נישט, ווייל דאַן וועט מיך אַ סוועטער, למשל, קאָסטן טייערער ווי ס׳קאָסט אַן אַנדערן פֿאַבריקאַנט. יענער וועט דאַן קאָנען קאָנקורירן מיט מיר. והשנית איך טאָר עס נישט, כ׳בין דאָך אַ מיטגליד פֿונעם סוחרים־און־פֿאַבריקאַנטן־פֿאַראיין. כ׳קאָן נישט און וויל נישט ברעכן וואָס דאָרט ווערט אָנגענומען, און אַרויסטרעטן פֿונעם פֿאַריין — ווערן אויס מיטגליד — קאָנעך אויך נישט; דאָס וואָלט געמיינט גיין קעגן מיר אַליין״. צום סוף האָט ער צו דער טאָכטער געהאַט די דאָזיקע טענה: „פֿאַר וואָס, מיין קינד, איז בלויז דיין פּאַרטיי אַזוי איינגעעקשנט? די אַנדערע פּאַרטיי, אויך אַ סאָציאַליסטישע, וואָלט שוין נאָכגעגעבן. וועלן מיר פֿאַבריקאַנטן שליסן אַן אָפּמאַך טאַקע מיט דער אַנדערער פּאַרטיי, וואָס איז, אגב, אַלץ נאָך שטאַרקער ווי דיינע די קאָמוניסטישע, ווייל יענע האָט אַסך מער מיטגלידער און גייט דערצו נאָך צוזאַמען מיט דער רעגירונג. אַזוי זאָגט דער פּרעזעס פֿון אונדזער פֿאַריין, און ער ווייסט וואָס ער רעדט״.

3

ביי אַ זיצונג האָט אַדאַ איבערגעגעבן: „די פּאַרטעטער פֿירן אינטערהאַנד־לונגען מיטן סוחרים און פֿאַבריקאַנטנפֿאַריין, צו ברעכן דעם סטרייק אין דער טעקסטיל־בראַנזשע, פּונקט ווי זיי האָבן פֿאַרראַטן דעם בעקער־סטרייק!״ ווען זי האָט אויסגעפֿונען אַז דער פֿאָטער גיט אַרויס אַרבעט — און ווער ס׳נעמט זי —

האָט זי דאָס גלייך געמעלדעט. דאַדורך איז געלונגען דעם חבר פנחס מיט זיין פריינדין (און אויך נאָך אַנדערע) צו פּאַקן ביי זייער געמיינהייט. (דאָס אַרויס־געבן אַרבעט איז געווען דאָס שטאַרקסטע כלי־זין וואָס די פאַבריקאַנטן האָבן געהאַט קעגן די אָרגאַניזירטע אַרבעטער. מיטן דאָזיקן כלי־זין האָבן די פאַברי־קאַנטן געקאָנט ברעכן, נישט בלויז אַ סטרייק, נאָר אויך איינעם אָדער דעם צווייטן פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין. אַזויערנאָך האָבן די פאַבריקאַנטן געקאָנט אַראָפּ־דריקן די אַרבעטסלוינען אַלץ מער און מער און אונטערגראָבן די אָרגאַניזירטקייט פונעם פּראָלעטאַריאַט).

די קאָמוניסטישע פּאַרטיי, ראַדיקאַל אין איר פּראָגראַם און קאָמפּראָמיסלאָז אין אירע האַנדלונגען, האָט געמוזט קעמפן אויף צוויי פראָנטן: קעגן קאַפּי־טאַליזם און רעאַקציע, און קעגן רעכטע סאָציאַליסטישע אַרבעטערפּאַרטייען, וואָס האָבן כסדר פאַרראָטן די אַרבעטער אינטערעסן, אַפילו פון זייערע אייגענע מיט־גלידער, און געדינט ווי אַן אינסטרומענט אין די הענט פון דער רעגירונג און דער בורזשואַזיע. נאַטירלעך האָבן אינעם פּאַרטייקאַמף, אָדער ריכטיקער: ברודער־קריג, געליטן די אַרבעטערמאַסן. זיי די פּשוטע מענטשן, די אָרעמע האָרע־פּאַשניקעס. זייער פאַרצווייפלונג, באַזונדערס פון די וואָס האָבן געהאַט פרויען און קינדער, איז פון טאָג צו טאָג געוואָרן גרעסער און גרעסער. שטיצע האָבן די סטרייקנדיקע אַרבעטער נישט באַקומען, נישט אין וועלכע ס'איז בירגערלעכע הילפסאינסטיטוציע (ווו די מייסטע זענען סיי ווי נישט געגאַנגען) און נישט פון זייערע אָרגאַניזאַציעס, פון וועלכע זיי זענען געווען באַרעכטיקט צו קריגן. אָבער די אָרגאַניזאַציעס פון די רעכטע סאָציאַליסטן האָבן זעלטן געגעבן אַפילו די אָרעמע שטיצע זייערע מיטגלידער ווען זיי זענען אַרויס אין אַ סטרייק, ווייל זעלטן האָבן די פאַרשטייער פון דידאָזיקע אָרגאַניזאַציעס מיט אייגענעם ווילן גערופן אַ סטרייק. זיי זענען כמעט שטענדיק, אָדער מייסטנס, געצוווּנגען געוואָרן פון זייערע מיטגלידער צו רופן אַ סטרייק. האָבן די באַאַמטע פון די סטרייק־קאַסעס שיקאַנירט מיט אַלערליי מיטלען די הונגערנדיקע סטרייקערס ווען זיי זענען געקומען נאָך דער באַרעכטיקטער שטיצע, הגם דאָס געלט אין די דאָזיקע קאַסעס איז געקומען פון זיי, פון די אַרבעטער: זיי האָבן שטענדיק געצאָלט זייער מיט־גלידסבייטראָג און פאַרשידענע באַשטייערונגען, נישט געקוקט אויף זייערע אָרעמע פאַרדינסטן. און האָבן זיי יאָ באַקומען וועלכע ס'איז שטיצע, איז עס געווען פאַר אַ גאַנץ קורצער צייט. דאַן האָט מען זיי געזאָגט: „די קאַסע איז לעער". האָט זיך ווער פון די געקומענע נאָך שטיצע אַקעגנגעשטעלט, האָט ער, אָדער זי, באַקומען אַ ציניש ענטפער: „מ'האָט אייך נישט געהייסן סטרייקן, איר האָט אַליין געוואָלט!" און האָט ווער פאַרלוירן די קאָנטראָל איבער זיך און אויף הויכן קול געפּרווּוט זאָגן, וואָס אויף זיין אָדער איר האַרץ איז געלעגן און געדריקט, האָט דער באַאַמטער שטיל און לאַקאָניש געוואָרנט: „פאַר סקאַנדאַלעוועןען ווערט מען אַרעסטירט!"

אין די קאַסעס פון די „לינקע" איז קיינמאָל קיין סך געלט נישט געווען. צוליב

פאַרשטענדלעכע טעמים: ווייל צווישן אירע מיטגלידער זענען געווען מער אַר־בעטסלאָזע, אַסך מער ווי ביי די רעכטע, און אַרבעטסלאָזע האָבן פאַרשטייט זיך קיין מיטגלידסגעלט נישט געקאָנט צאָלן. חוץ מזה האָט די פּאָליציי ביי יעדער קלענסטער געלעגנהייט קאָנפיסקירט דאָס געלט. אויך זענען שטענדיק געזעסן אין די תפיסות טויזנטער חברים פון די לינקע און אַסך האָט מען געמוזט כאַטש מיט עפּעס שטיצן, באַזונדערס (אין נישט ווייניק פאַלן) די פאַמיליעס פון די אַרעסטירטע.

צו פאַרזעצן אין אַ לאָמבאַרד, אָדער צו פאַרקויפן עפּעס פון דער באַלעבאַ־טישקייט — מ׳שטיינסגעזאָגט — האָט כמעט קיין שום אַרבעטער מער נישט געהאַט. כמעט אַלץ, וואָס איז עפּעס ווערט געווען, האָט ער שוין לאַנג געהאַט פאַרזעצט און מער נישט אויסגעלייזט, אָדער פאַרקויפט. נעמען אויף באָרג אין אַ געוועלבל? — די מייסטע קרעמער זענען אַליין געווען גרויסע קבצנים און סחורה האָבן זיי געקאָנט קריגן נאָר פאַר מזומן; זיי האָבן געלעבט, ווי די מייסטע פון זייערע קונים, פון „האַנט אין מויל". בכלל, אַפילו ווען דער אַרבעטער האָט יאָ געאַרבעט, האָט מען אין די שפּייזגעוועלבער זיי נישט געוואָלט געטרויען: מ׳האָט געוווסט, אַז דער אַרבעטער פאַרדינט נישט אַפילו אויף דאָס נויטיקסטע; ווו וועט ער נעמען געלט צו באַצאָלן אַ חוב? כאַפּן ביי אַ פריינד, אָדער ביי אַ קרוב? — זענען אָבער פריינד און קרובים פון קבצנים בדרך כלל אַליין דלפונים.

קאַפּיטל עלף

# איובס צרות

1

מענדל, איינער פון די טויזנטער אַרבעטער אין דער טעקסטיל־בראַנזשע, וווינט (כמעט אַלע אַזעלכע) אין אַ שטיבל, אין וועלכן מ׳ווייסט כמעט קיינמאָל נישט ווען ס׳איז טאָג, ווייל די זון גיט דאָרט בלויז קוים צוווייסן אַז זי שיינט, אָבער נישט פאַר מענטשן אין אַזעלכע וווינונגען. דאָס מעבל באַשטייט פון אַ צעבראָכן טישל און צוויי צעבראָכענע בעטלעך. בענקלעך זענען נישטאָ. אַנדערע זאַכן, ווי אַן אַלמער פאַר מלבושים, אַ שענקל פאַר שפּייז, אַ קראַדעניץ אויף געפעס — מען באַגייט זיך אויך אָן דעם. ווי די מייסטע פון זיינס גלייכן האָט מענדל אַסך קינדער: פיר טעכטער און דריי זין. געבוירן האָט זיין ווייב כמעט טאָפּלט אַזוי פיל; אָבער אַ קנאַפּע העלפט איז אויסגעשטאָרבן אין פאַר־שידענע עלטערס און פון כלערליי חולאתן, וואָס זענען דעם דלות שותפים. חייה

לאה (מענדלס ווייב) האָט געקינדלט און איז געווען אין דער זעלבער מיינונג פון כמעט אַלע אירס גלייכן, אין דער זעלבער מיינונג פון איר מאַן, וועלכער האָט געדענקט ווי די מייסטע פון זיינס גלייכן, נעמלעך: אַז מ'איז און מ'בלייבט אַ קבצן סיי מיט ווייניק און סיי מיט אַ סך קינדער. איז שוין גלייכער צו האָבן „וויפיל גאָט גיט", ס'קומט צונויף אויף דער עלטער...

אין אַ געוויסן זין — אַז ס'איז געווען גענוג אַרבעט — איז עס אפשר געווען אמת: ביי די מייסטע אָרעמע האָבן די קינדער צוגעהאָלפן צו פּרנסה. אָבער די צייט ווען ס'איז געווען גענוג אַרבעט איז שוין לאַנג אַוועק. „אַצינד", זאָגט מענדל, „זענען דאָ דריי צייטן: איינע, אַ גאַר קורצע, ווען מ'אַרבעט אַסך און מ'פאַרדינט ווייניק; אַ צווייטע, אַ לענגערע, ווען מ'סטרייקט; און אַ דריטע, די לענגסטע, פון אַרבעטסלאָזיקייט".

פון די זיבן קינדער ליגט איין מיידל אין בעט. שווינדזוכט. זי איז די געראָ־טנסטע פון די פיר מיידלעך, די קלוגסטע און שענסטע, ווי די מאַמע, און אויך דער טאַטע, זאָגן. חיה לאה קלאָגט: „ביז מ'האָט דערלעבט אַזוי ווייט ווען זי וואָלט געקאָנט אָנהויבן צו פאַרדינען, נעמט זי און ווערט קראַנק". חיה לאה קריגט זיך מיטן מאַן: „אַלץ דו! דו ביסט שולדיק! האָסט דיך געאײַלט זי אַרויס־צונעמען פון דער שולע! זי האָט אַזוי גוט געלערנט! זי וואָלט געווען געקאָנט דערגיין צו עפּעס בעסערס ווי צו ווערן אַ בייטאָרין און מ'זאָל זי האַלטן פאַר אַ שיקמיידל, פאַר אַ קינדערמיידל און אַפילו פאַר אַ דינסט. זי האָט דאָך דאָרט אַלץ געמוזט טאָן".

„ווי אַלע לערנמיידלעך", האָט די קראַנקע אין בעט זיך אָנגערופן. „מיידלעך אויף דער לער — און אַפילו יינגלעך — מוזן טוען אַלץ וואָס דער מייסטער, צי די מייסטעראָווע הייסן זיי טוען".

מענדלען האָט דאָס געוויסן געפּייניקט. דאָך האָט ער געפּרוווט זיך צו פאַר־ענטפערן פאַר דער פרוי, און אפשר אויך פאַר זיך אַליין: „נו, און איטשעלע? ער גייט דאָך נאָך אין דער שולע און האָט דאָס אייגענע וואָס צביה האָט; אַזוי האָסטו מיר אַליין געזאָגט, חיה לאה".

האָט חיה לאה אַ שווערן זיפץ געטאָן: „אַזוי האָט דער דאָקטער אין דער קליניק מיאר געזאָגט. ווײַ איז דער מאַמען! צביה האָט געקאָנט אָנשפּאָרן גאָר הויך, דערגרייכן גאַנץ ווייט. אַזוי האָט מיאר פּאַניע לערמאַן, איר לערער, אַליין געזאָגט. האָבן מיאר דאָך אַליין, דעמאָלט אין טעאַטער, און שפּעטער — יעדעס מאָל, ווען צביה איז אויפגעטראָטן מיט נאָך אַנדערע קינדער פון די שולען — געזען ווי דער גאַנצער עולם איז געווען באַגייסטערט פון איאר דעקלאַמירן. ווײַ איז מיאר!"

„מאַמעשי", האָט צביה זיך געבעטן פון בעט אַרויס, „מאַך נישט דעם טאַטעשי קיין פאָרוואורפן! פּייניק אים נישט, און אויך דיך נישט! אין מיין קראַנקייט איז קיינער נישט שולדיק. ס'איז דאָך די אָרימאַנסקי קראַנקייט. קוק אַריין אינעם זשורנאַל פאַר היגיענע, וואָס מיין חברטע האָט מיר געבראַכט, וועסטו זען. אין

דער סטאַטיסטיק פון שווינדזוכט איז אָנגעגעבן, אַז קינדער אין מיין עלטער ליידן אַצינד 88 פון יעדע הונדערט אויף דער דאָזיקער קראַנקייט".

די מוטער האָט געפּרווווט נאַרן די קראַנקע, און אפשר אויך זיך אַליין: „דו האָסט, חס ושלום נישט קיין שווינדזוכט".

„מאַמעשי", האָט די קראַנקע זיך נישט געלאָזט נאַרן, „איך ווייס וואָס מיר איז". זעענדיק ווי דאָס האָט געווירקט אויף די עלטערן, האָט זי מוסיף געווען אין אַ פרייליכן טאָן: „אָבער איך וועל צוריק געזונט ווערן, איר וועט זען. נעמט אייך בלויז נישט אַזוי צום האַרצן און קריגט אייך נישט. טאַטעשי, גיב אַ קוש דער מאַמעשי! און דו, מאַמעשי, גיב אַ קוש דעם טאַטעשי! נעמט אייךביידע אַרום! איצט קומט אַהער צו מיר! איך וויל אייך ביידע אַרומנעמען און קושן"...

מאַן און פרוי האָבן געפּאָלגט זייער קראַנק קינד. דעם פאָטער האָט צביה אַרומגעהאַלטן לענגער און אים געקושט ליידנשאַפטלעכער ווי די מוטער. מענדל האָט דערפילט ווי דאָס ווייגען שטיקט אים אין האַלדז און איז אַוועקגעגאַנגען אין אַ ווינקל: דאָרט האָבן די טרערן זיך געגאָסן איבער זיינע באַקן און באָרד. חייה לאה האָט זיך צעוויינט אויפן קול. „דאָס קאַליקעלע" — ווי אַלע אין שטוב האָבן גערופן דאָס קינד, אַ מיידעלע פון דריי יאָר — איז געזעסן אויף דער שוועל פון דער טיר. ס'האָט מיט טרויער אין די אויגן געבענקט נאָכן דרויסן, אָבער ס'האָט זיך נישט געקאָנט שטעלן אויף די פיסלעך און אַרויסגיין. דערהערנדיק די מוטער וויינען — און פאַרשטייענדיק, אַז דער טאַטע אינעם ווינקל וויינט אויך — האָט עס שנעל אָפּגעריסן די טרויעריק־בענקענדיקע אויגן פון דער טיר און זיך גענומען רוקן צו דער מוטער אויפן דאַרן געזעסל, אונטערשפּאַרנדיק זיך דערביי מיט אַ הענטל. גאַנץ שנעל און פלינק האָט עס זיך גערוקט איבערן דיל און נישט אויפגעהערט צו רופן: „מאַמעשי! מאַמעשי!" ביז די אומגליקלעכע האָט אויפגעהערט צו וויינען. דאַן האָט דאָס קאַליקעלע זיך געלאָזט צום פאָטער און געטאָן דאָס זעלבע: אַרומגענומען זיינע פיס אין די צעפּליקטע כאָדאַקעס און גערופן: „טאַטעשי! טאַטעשי!" ביז ער האָט אַוועקגענומען די האַנט פון די אויגן.

2

די אַנדערע קינדער זענען אַלע געווען געזונט. איין מיידל, אַ זעכצן יעריקע, האָט אין אַ קליין פאַבריקל געקלעפּט פּאַפּירענע בייטלען און שקאַרמוצן און פאַרדינט אַזוי פיל, אַז זי וואָלט דעם געלט קיין האַלבע וואָך נישט געהאַט געגעבן זיך צו דערהאַלטן, ווען זי וואָלט נישט געלעבט ביי די עלטערן. אָבער פונעם פאַרדינסט האָט זי דער אָרעמער מאַמען אַוועקגעגעבן גאָר ווייניק און טיילמאָל גאָרנישט. זי האָט געזאָגט: „יאָך בין אַ לעבעדיקער מענטש! יאָך בין נישט קאָ זעקס יעריק קינד!" דאָס האָט געמיינט, אַז זי מוז זיך שיין קליידן און פּוצן. אויך האָט זי ליב געהאַט צו נאַשן. ס'האָט נישט געהאָלפן דער קראַנקער שוועסטערס קלוג אַפּעלירן צו איר האַרץ, נישט דעם עלטסטן ברודער טוביהס רייד

וועגן דער פּליכט צו דער היים, ווו זי עסט און שלאָפט. ס'האָט אויך נישט געהאָלפן דעם פּאָטערס דראָען זי, אַז ער וועט זי נישט לאָזן איבער דער שוועל. „וועל יאָך גיין", האָט זי געענטפערט, וויסנדיק אַז מיט איר „וועל יאָך גיין" דראָט זי דעם פּאָטער מער ווי ער זי... זי האָט זיך אַלעמאָל געקויפט עפּעס אַנדערש: דאָ אַ קליידל, דאָ אַ פּאָר זיידענע זאָקן, אַ פּאָר לעטשלעך מיט הויכע אָפּצאָסלעך, אַ היטעלע, אַ פּאַראַסאָלעכל, אַ האַנטבייטל, אַ שפּילקע, אַ בראַנזלעטל, פּאַטשער־קעס און אַנדערע ביליק צירינג, חוץ קאָסמעטיק: פּודער, רוזש, פּערפיום, פּאַרב פּאַר די ליפּן און די נעגל. זי וואָלט נישט געגעסן און וואָלט געשלאָפן אין דרויסן, אַבי דאָס צו האָבן. זי האָט געגאַשט צוקערלעך און שאָקאָלאַדקעס, נישט בלויז ווייל זי האָט ליב געהאַט זיסעקייטן, נאָר ווייל דערפון ווערט מע שיין. אַזוי האָבן איר די חברטעס און פריינדינס געזאָגט. און זיין שיין האָט זי געוואָלט, ווייל זי האָט געוואָלט געפעלן אַ סך יונגעלייט, כדי צו קאָנען זיך אויסקלייבן דעם בעסטן: דער, וועלכער פּאַרדינט אַסך געלט. זי האָט געטענהט צו אירע עלטערן: „נאָר וואָס דען? כ'זאָל אויסזעען ווי כאַמע און ווערן ווי זי אַ פּאַרזעסענע מויד?"

כאַמע, די עלטסטע טאָכטער, איז נאָך נישט געווען אַזוי אַלט; אָבער ביי אָרעמע לייט, אַז אַ מיידל קריגט נישט קיין באַשערטן אין איר בליצייט, האָט זי דערנאָך שוין אַ קנאַפּע האָפענונג חתונה צו האָבן. און כאַמע איז געווען אַ רך לב. מיט איר גוטסקייט און איבערגעגעבנקייט האָט זי אַריינגעראָטן אין פּאָטער, אין וועמען אויך צביה איז געווען אַריינגעראָטן. אָבער זי איז נישט געווען אַזוי אינטעליגענט ווי איר קראַנקע שוועסטער. כאַמע, ווען זי איז נאָך געווען גאַנץ יונג, איז זי געגאַנגען אַרבעטן אין אַ פאַבריק, ווו מ'מוז נישט פריער לערנען כדי עפּעס צו פּאַרדינען. זי האָט געוואָלט וואָס שנעלער קאָנען העלפן אירע עלטערן. דער חשק זיך צו פּוצן און צו ציען צו זיך יונגעלייט איז ביי איר נישט געווען אַזוי שטאַרק ווי ביי דער ייִנגערער שוועסטער. אַז די מוטער האָט זי אַמאָל אונ־טערגעטריבן צו גיין אויף אַזעלכע ערטער ווו מ'טרעפט זיך מיט יונגעלייט, ווי אויף אַ טאַנצזאַל, האָט זי דאַרויף שטענדיק געענטפערט: „וואָס מיר איז באַשערט וועט קומען". איז געקומען: אויסגעמאַטערטקייט פון שווערער האָרעוואַניע, שנעל אָפּבליען, אויסגעדאַרטקייט, בלאַסקייט, מידקייט — דאָס אַלט ווערן אָן יאָרן. דאַן האָט זי אָנגעהויבן ווערן פּאַרביטערט. ווען ס'האָט זיך אָנגעהויבן די אַרבעטסלאָ־זיקייט איז זי קיין אויסנאַם נישט געווען, קיין דינסט האָט זי צו ערשט נישט געוואָלט ווערן; שפּעטער, ווען זי האָט שוין יאָ געוואָלט, האָט זי קיין שטעלע נישט באַקומען. זי האָט שוין געפּרוווט האַנדלען אין גאַס; אָבער זי האָט דערביי כמעט גאָרנישט פּאַרדינט און צוריק אויפגעהערט. ווידער האָט זי גענומען זוכן אַרבעט, זאָל זיין ביי וואָס ס'איז און פּאַרדינען וויפל ס'איז, אַבי נישט אַרומגיין ליידיק. נאָך לאַנגן אַרומזוכן האָט זי געפונען אַרבעט ביי סאָרטירן שמאַטעס אין אַ כמעט פינצטערן קעלער צען—צוועלף שעה אַ טאָג פּאַר איין זלאָטע. ס'האָבן דערביי געאַרבעט קינדער און זיי האָבן גענומען נאָך ווייניקער. דער שטויב איז געקראָכן אין דער נאָז, אין מויל, אין האַלדז. און נישט שטענדיק איז אַ גאַנצע

וואָך געווען צו טאָן. פון דער דאָזיקער אַרבעט איז כאָמע שטענדיק אַהיימגעקומען אַן אויפגערעגטע, אַ בייזע.

חייה לאה — אַ געשטופלטע, מיט אַ לאַנגער נאָז אינעם איינגעשרומפּענעם פּנים ווי זי וואָלט געווען אַ זקנה, די אויסגעלאָשענע אויגן טיף אין קאָפּ — האָט איצט כמעט שטענדיק געזיפצט און „געיאַדעט" איר מאַן: „אַלע מאַנטיק און דאָנערשטיק — סטרייק! סטרייקן זאָלן אין דיין בויך די קישקעס און די גע־דערים!" ס'האָט נישט געהאָלפן וואָס ער האָט איר שוין אַזוי פיל מאָל געגעבן צו פאַרשטיין, אַז ערשטנס איז ער נישט שולדיק אינעם סטרייקן, און צווייטנס סטרייקט מע נישט אויס תענוג. ער טענהט: „דו קאָנסט דאָך נישט אויסקומען דאַמיט וואָס יאַך פאַרדין. אויב מ'זאָל נישט סטרייקן וועט דער פאַבריקאַנט נישט העכערן אויפן לוין. ער נעמט נאָך אַראָפּ". חייה לאה איז דאָס תופס, אָבער זי ענטפערט: „גוט, זאָלמע סטרייקן; דו אָבער קאָנסט אַרבעטן קיינער זאָל נישט ווייסן אַדאָר ברענג אַהיים אַרבעט, ווי ס'טוען אַ סך אַנדערע". מענדל וואָלט דאָס געטאָן, ווי ער פלעגט דאָס טאָן אַמאָל. טוביה אָבער, פון זינט ער איז געוואָרן אַ קאָמוניסט, לאָזט נישט.

בעת אַ סטרייק פּרוּווט מענדל יעדעס מאָל פאַרדינען — ביי וואָס ס'זאָל זיך נישט טרעפן — אויף אַ ברויט. נאָר דאָס איז געוואָרן אַלץ שווערער, כמעט אוממעגלעך שוין. אַזוי פיל אַרבעטסלאָזע! אויף צען גראָשן פאַרדינסט זענען דאָ הונדערטער בעלנים. לויפט מענדל ווידער און ווידער אין הילפסאינסטיטוציעס, צו אַלערליי צדקה־חברות. „כאָטש פאַר דער קראַנקער!" בעט ער מ'זאָל אים געבן וויפל מ'וויל. אָבער ער קריגט גאָרנישט, אויך חייה לאה קאָן גאָרנישט דערגרייכן. קריגן זיך מאַן־און־ווייב, עסן זיך איינס ס'אַנדערע. אָבער מענדל איז אַ גוטער מיט אַ ווייך האַרץ. לויפט ער אַרויס אין דרויסן, אָדער ער שטעלט זיך אַוועק ביים פענצטער און זאָגט תהלים. אַמאָל איז ער געווען פרום. דעמאָלט האָט ער געגלויבט אין גאָט און געבעטן צו אים פון ערלעך, פרום האַרץ. אַציינד אָבער איז דאָס בעטן ביי אים ווי דאָס אַרויסלויפן פון שטוב, וואָס ווערט ווי אַ גיהנום, ווען צו די שווערע צרות נעמט זיך חייה לאה מיט אים נאָך קריגן. צביהן ווערט דאַן גלייך ערגער: זי נעמט הוסטן אַ סך שטאַרקער. זי וויינט. ווען אין שטוב איז שטיל, צווישן די עלטערן שלום — איז זי גליקלעך. זי זינגט דאַן, שפּיגלט זיך אינעם צעבראָכענעם שפּיגעלע וואָס זי האַלט אונטערן קישן. זי באַוווּנדערט זיך אַפילו: זי זעט אַז זי איז שיין, אירע שוואַרצע אויגן לויכטן. זיי זענען באמת ענלעך צו די אויגן פון אַ שעפעלע. זי האָט ליב דעם טאַטעשי: ער האָט פּונקט אַזעלכע אויגן ווי זי האָט. נאָר איר פּנים איז זייער שמאָל, אַסך שמעלער און לענגער ווי ס'איז געווען איידער זי איז קראַנק געוואָרן. אין דער שולע האָט מען איר שטענדיק געזאָגט אַז זי איז ענלעך צו אַ שעפעלע, אַפילו דער לערער האָט איר דאָס טיילמאָל געזאָגט. דערביי האָט ער שטענדיק געגלעט אירע געקרייזלטע האָר. אירע אויגן נעמען לויכטן נאָך שטאַרקער, אירע באַקן צעבליִען זיך. זי שפּיגלט זיך ווידער, שמייכלט צו זיך און גלעט זיך די האָר, ווי דער לערער פלעגט דאָס

טאָן. אירע האָר זענען טאַקע ווי די וואָל פון אַ שעפּעלע: אַזוי ווייך, געדיכט, און וואַרעם. אַפילו דאָס טונקלברוינע פּעפּערל אויפן לאַנגן, אַציגד זייער לאַנגן און זייער דאַרן האַלדז, געפעלט איר. זי פאַנטאַזירט פון דער בינע: זי וועט אפשר טאַקע זיין אַמאָל אַן אַקטריסע... זי האָט טאַלאַנט, נישט ווי לאהטשע. לאהטשע רעדט זיך בלויז איין אַז זי האָט טאַלאַנט.

„איך וועל געזונט ווערן", פאַרזיכערט צביה די עלטערן. „מ'וועט מיך אַוועק־שיקן אין ,מעדעמסאַנאַטאָריום'. פון דאָרט וועל איך צוריקקומען אין גאַנצן אַ גע־זונטע".

3

דער קראַנקערס פאַנטאַזירן ווערט איבערגעריסן. ס'קומען אַהיים די שוועסטער און די ברידער, ווער פון דער אַרבעט, ווער פון זוכן אַרבעט. הונגעריק זענען אַלע. אָבער קיין עסן איז נישטאָ, דערווייל אַפילו קיין ברויט נישט. „דערווייל", דען פון אַ שטיקל צייט אָן קומט כמעט יעדן טאָג אַ בעטלער און ליידיקט אויס אַלץ וואָס ער האָט אין דער טאָרבע: די שטיקלעך ברויט, צומאָל אויך אַ שטיקל חלה אָדער זעמל — וואָס ער נעמט צוזאַמען ביים גיין אין די הייזער. טײל מאָל איז אַ שטיקל ברויט אַפילו אָנגעשמירט מיט שמאַלץ, צי מיט פּוטער. ס'טרעפט זיך אַפילו, אַז אויפן שמאַלץ געפינט זיך נאָך אַ פענעצל וווּרשט, אָדער אויף דער פּוטער אַ פּיצל קעז. און אַפילו אַ „קאָסקע", אָדער עטלעכע „קאָסקעס" צוקער פאַלט אַרויס פון דער טאָרבע ווען דער בעטלער דרייט זי איבער אויפן טיש. דעמאָלט קאָכט חיה לאה אויף וואַסער און אַלע טרינקען זיסע „טיי". מאַן און ווייב רופן דעם בעטלער „אליהו הנביא". דער בעטלער שמייכלט דערביי און זאָגט, אַז ער הייסט אַפילו נישט אליהו, ער הייסט איסר און איז אַ גאַנץ פּשוטער ייד, אַ בעטלער, און נישט קיין נביא.

חיה לאה באַהאַלט שטענדיק די פרישערע שטיקלעך ברויט, באַזונדערס די, וועלכע זענען מיט עפּעס אָנגעשמירט, אָדער גאָר נאָך באַלייגט, אויך די שטיקלעך חלה אָדער זעמל: דאָס איז פאַר די דריי קראַנקע קינדער: פאַרן קאַליקעלע, פאַר איטשעלען און פאַר צביהן.

כאַמע איז היינט אַהיימגעקומען אַ פאַרשטומטע און רעדט נישט אויס קיין וואָרט, וואָס איז אַ סימן אַז זי האָט נישט געאַרבעט. זי האָט געזוכט דאָרט ווו ס'ליגט ס'עסן — אַז ס'איז דאָ. נישט געפינענדיק גאָרנישט — האָט זי זיך אַוועק־געזעצט אין אַ ווינקל אויפן קאַנט פונעם ליידיקן בעט און שווייגט.

אַנדערש אָבער איז עס מיט דאָראַלען, די בייטל־און־שקאָרמיץ־קלעבערן. זי האַלט זיך פאַר דער פּרנסה־געבערין, כאָטש די עלטערן קריגן פון איר אַרויס זייער ווייניק פון דעם וואָס זי פאַרדינט. זי שרייט און געוואַלדעוועט ווען זי קומט פון דער אַרבעט: „עסן!" היינט איז זי זייער האָפּעריק און פאַרזיכערט: „דעם פרייטיק וועל יאָך אהיימברענגען דאָס גאַנצע פאַרדינסט!... אפשר נאָך מעאָר... איצטאָ וועל יאָך נישט מעאר ברויכן אַראָפּצונעמען פאַר מיאר פון דעם וואָס יאָך

פאַרדין"... די שלעכטע לופט אין שטוב, כאַטש ס׳פענצטער איז אָפן, האָט דאָ־ראַלע — וואָס איז פול מיט הייסן באַגער צום לעבן און מיט קאָכעדיקן טעמפּע־ראַמענט — פאַרטריבן מיטן שטאַרקן גערוך פונעם ביליקן פּערפיום און פודער. אויך זי האָט געזוכט עפּעס צו עסן. זי איז זיך אָבער נישט שטאַרק מצער אַז זי האָט נישט געפונען. זי שפּיגלט זיך אינעם שיינעם שפּיגעלע, וואָס זי האָט אַרויס־גענומען פונעם נייעם רויטן האַנטטאַש, לייגט די בלאָנדע האָר אַהער און אַהין, פּרוווט אויס, אויב אַ נייע פריזור וועט זי אפשר מאַכן נאָך אַנציִענדיקער, און זינגט דערביי:

„ווער קלאַפּט דאָס אַזוי שפּעט ביינאַכט?
יאַנקעלע וואַליאַנטשיק?
— עפן, עפן, בראָנטשעלע,
יאָך בין דיין קאָכאַנטשיק!"

דער מאַמען געפעלט היינט נישט דאָס טעכטערל גאָר באַזונדערס. אָבער זי טרייבט פון זיך די שלעכטע מחשבות. דאַביי דערמאָנט זי זיך, אַז ווען זי איז אַלט געווען זעכצן יאָר איז זי אויך געווען אַזאַ פריילעכע און דער טאַטע פלעגט זי דערפאַר רופן „אויסגעלאַסן שטיק".

דאָראַלע איז זיך צעגאַנגען אין אַלץ מער מתיקות:

„ווי קאָן יאָך דיאַר דען עפענען,
כ׳האָב מורא פאַר דעם טאַטן.
— עפן, עפן, בראָנטשעלע,
ס׳וועט דיאַר גאָרנישט שאַטן".

דאָס זינגען פאַרטרייבט אַביסל די שווערע זאָרג פון חיה לאהן. זי האָפט אויך, אַז וואָס כעלעק האָט איר היינט פאַרן אַוועקגיין צו דער אַרבעט געזאָגט, וועט זיין אמת: דער מייסטער וועט אים באַצאָלן ס׳גאַנצע געלט וואָס ס׳קומט אים פאַר פיר וואָכן אַרבעט שוין. וועט זי גלייך גיין איינקויפן און אַהיימברענגען: קאַרטאָפּליעס און פערלסגרויפּן און מעל און אַרבעס און ציבעלעס און „טאָמאַר". דאָס איז ס׳בעסטע קאָקוספּעט, ס׳צעגייט אין מויל און האָט אַ טעם ווי זיסע מאַנדלען. אַ האָפערדיקע טרייסט זי דעם מאַן און די קינדער און פאַרזיכערט זיי: „יאָך וועל אָפּקאָכן אַן עסן — וועאָר מיאָר גוטס גינט!... דעם באַלעבאָס וועל יאָך געבן אַ טייל פונעם דירה־געלט וואָס מ׳איז אים שולדיק. די הויט ציטאָרט אָף מיאָר; דער ,קאָמאָרניק׳ קאָן אַ ליאַדע מיניט אַריינקומען מיטן סטרוזש און אונדז אַרויסוואַרפן".

מענדל האָט אויסגעשפּיגן: „אַל תפתח פה לשטן"...

4

און אָט האָט זיך די טיר געעפנט און כעלעק איז אַריינגעקומען. אָבער נישט מיט קיין געלט, וואָס אים איז געקומען פאַר פיר וואָכן אַרבעט, נאָר מיט ברוין

און בלוי אונטערגעהאַקטע אויגן, מיט אַ געשוואָלענער נאָז און אויפגעדראָלענע ליפּן און דער פּאַפּירענער קאָלנער און דאָס העמד פאַרנט מיט פּאַרטריקנט בלוט.

חייה לאה האָט גענומען היסטעריש קוויטשען: „בלוט!... אַ בראָך האָט מיאַך געטראָפן!"...

מענדל האָט פּונקט געהאַלטן ביי „למה ד' תעמוד מרחוק" און פון האַרץ האָט זיך אים געריסן: „תעלים לעתות בצרה". דערהערנדיק די פרוי שרייען „בלוט", האָט ער אַרויסגעלאָזט ס'סידורל פון האַנט. ער איז צוגעלאָפן צום זון און צעשראָקן געפרעגט: „איבערגעפאָרן?" —

„ביין", האָט דאָס יינגל געענטפערט און דערציילט וואָס ס'איז געשען: „כ'האָב געזאָגט דעם מייסטער אַז יאַך וועל היינט נישט אָפּטרעטן אויב ער וועט מיאָר נישט באַצאָלן פאַר די פיר וואָכן אַרבעט. אַ וואָרט צו אַ וואָרט — האָט עאָר מיאַך אָנגעהויבן שלאָגן. ר'האָט מיאָר אויסגעהאַקט צוויי ציין. דאָס וועט אים נישט געשענקט ווערן! יאַך בין שוין געווען ביי דער מיליציע. אַצינד גיי יאַך אַהין אין דער רעדאַקציע פון אונדזער צייטונג! יאַך וועל נישט שווייגן!" ער איז טאַקע באַלד אַוועקגעגאַנגען, מיטן בלוט אויפן קאָלנער און אויפן העמד און פאַרנט אויף דער מאַנאַרקע. אין דער טיר האָט ער פאַרזיכערט די אומגליקלעכע עלטערן: „מאַאַן געלט וועל יאַך איצטאָר שוין קריגן מיט פּראָצענט!"

דאָראַלע האָט געזעען אַז קיין עסן וועט היינט שוין נישט זיין און זיך צוריק אָנגעטועז ס'היטעלע. מיט גרויס ערנסט האָט זי זיך גענומען פודערן דאָס נעזל און פאַרבן די ליפּלעך, אָנשטעלנדיק זיי ווי צו קריגן אַ קוש...

די מאַמע האָט געפרעגט דאָס טעכטערל: „וואַהין גייסטו, דאָראַלע, האָסט דאָך נישט געגעסן".

דאָראַלע האָט זיך צעלאַכט: „יאַך וועל שוין עסן"... קוקנדיק אינעם שפּיגעלע האָט זי זיך אַצינד גאָר באַזונדערס געפאַלן און מיט פרייד און שטאָלץ אין האַרץ געטראַכט וואָס „ער" האָט איר נעכטן געזאָגט: „האָסט טורקיזן, מיין ענגעל, נישט קיין אויגן... גאָלדענע כוואַליעס — נישט קיין האָר"...

„ווו וועסטו עסן, מיין קינד?" האָט די מאַמע געפאָרשט און געפילט אַז ס'האַרץ זאָגט איר וועגן אַן אומגליק.

אינדעם איז אַריינגעקומען טוביה. ער איז געקומען זעען אויב ס'איז דאָ עפּעס איבערצוכאַפּן איידער ער גייט אויף דער וואַך צו זילבערמאַנס פאַבריק. היינט איז דאָרט געווען זיין רייע. (זינט ער איז זיך צעגאַנגען מיט דער פרוי — די „דאַמע אין רויט און בלוי" די „פּולשטענדיקע פרייהייט", ווי ער האָט זי שפּעטער, ווען ער האָט איינגעזעען אַז לעבן מיט איר קאָן ער נישט, גענומען רופן — זינט דאַן איז ער צוריק ביי די עלטערן און גיט דער מוטער אַוועק וואָס ער פאַרדינט).

חייה לאה האָט דעם זון, גלייך ביי זיין אַריינקומען, דערציילט וואָס ס'האָט פּאַסירט מיט כעלעקן און וואַהין ער איז אַצינד געגאַנגען.

נאָר טוביה איז צוגעפאַלן צו דער טיר און אָנגעכאַפּט די שוועסטער ביי אַ האַנט: „וואַהין גייסטו?" —

דאָראַלע האָט אָנגעקוקט דעם ברודער מיט אירע גרינע, פּאָספּאָרגליענדיקע אויגן, און אים אָפּגעמאָסטן מיט אַ שפּאָטישן בליק פון אויבן ביז אַראָפּ. געענט־פערט האָט זי מיט אַ שפּיציק געלעכטערל, ווייזנדיק דאַבײַ אירע דראָבנע ווייסע ציינדלעך: „יאָך זאָל אים זאָגן ווו יאָך גיי"...

טוביה האָט אָפּגעלאָזט דער שוועסטערס האַנט און אין ליבע און באַזאָרגקייט, באַטאָנענדיק יעדעס וואָרט, געזאָגט: „ברויכסט מיר נישט זאָגן, דאָראַ, וואָהין דו גייסט. איך ווייס אַלץ".

דאָראַלע האָט פּאַרריסן איר גאָלדבלאָנדן קעפּל און מיטן קאָפּויערגעהויבן אָפּגעמאָלענע פּנימל און באַחנט, שפּיציק גאָמבקעלע, איראָניש אויסגעזונגען: „אַלץ ווייסט עאָר... אַלץ ווערט עאָר גלייך געוואָר... דו האָסט אַוודאי אַ סך שטאָפּעטן, מיין ברודאָר... זיי ברענגען דיר אַלץ צו"... און ענדערנדיק דעם טאָן: „נו, איז אַז דו ווייסט, קאָנסטו עס דערציילן דער מאַמען און אויך דעם טאַטן. נאָר יאָך וועל אַליין דערציילן. יאָך האָב נישט וואָס מורא צו האָבן. יאָך האָב בלויז נאָך געוואָלט וואַרטן עטלעכע טעג. אַלזאָ! יאָך האָב אַ געליבטן. עאָר איז אַ רייכאָר מענטש, אַ ברילִיאַנטן־סוחר פון אַנטווערפּן, און עאָר וויל מיט מיאָר חתונה האָבן. אין צוויי וואָכן אַרום וועלן מיאָר שטעלן אַ חופּה און באַלד צומאָרגנס פאָרן מיאָר אָפּ. יאָך האָב אים נישט געוואָלט פאַרבעטן אַהעאָר — אין אַזאַ וווינונג. אָבאָר עאָר האָט געזאָגט, אַז עאָר וויל זאָך באַקענען מיט מיינע עלטערן — עאָר אַליין האָט דאָס פאַרלאַנגט. וועל יאָך אים אַצינדאָר זאָגן אַז די באַגעגעניש זאָל פאָרקומען אין אַ באַר". זי איז צוגעלאָפן צו דער מוטער און זי אַרומגעכאַפּט: „מאַמעשי!... באַלד, מאַמעשי, וועלן מיאָר אַלאָ געהאָלפן ווערן!"... זי האָט אַרומ־געכאַפּט אויך דעם פאָטער: „באַלד, טאַטעשי, וועט זיין אַ סוף צו אונדזערע צרות!...

מענדל האָט באַדייטונגספול געשאָקלט דעם קאָפּ: „איובס צרות"...

חייה לאה האָט קרעכצנדיק באַשטעטיקט: „טאַקאָ איובס צרות... שוין אפשר נאָך ערגער"...

זיך באַהערשנדיק, האָט טוביה געוואָרנט זיין יונגע שוועסטער: „הער, דאָראַ! דו ביסט אַריינגעפאַלן אין די הענט פון אַ „פּרויענהענדלער", אַ סוחר מיט „ווייסע שקלאַפן", אַן „אַלפאָנס". ער וועט דיך פאַרקויפן קיין אַרגענטינע אָדער קיין בראַ־זיליען, אָדער קיין סטאַמבול. דו וועסט זיין אין אַ שאַנדהויז... די רעשט ווייסטו שוין אַליין, ווייל די צייטונגען שרייבן דאַריבער גענוג, אַפילו קינדער ווייסן דאָס שוין. דיין פאַרפירער געהערט צו אַן אינטערנאַציאָנאַלער באַנדע, וואָס האָט אויסגעע־שפּרייט אירע נעצן איבער גאַנץ אייראָפּע, באַזונדערס אָבער אין פּוילן, ווייל דאָ הערשט די גרעסטע אָרבעטסלאָזיקייט און די שטאַרקסטע נויט".

די עלטערן האָבן זיך געבעטן ביי זייער קינד: „דאָראַלע... דאָראַשי"...

נאָר דאָראַלע האָט זיך נישט איבערגעשראָקן. זי האָט גאַנץ קיל און לאַכנדיק געענטפערט: „איז עאָר!" מיט אַ טראַציק קאָפּויערגעהויבן קעפּל און אַ קורץ לאַ־כעלע איז זי אַוועקגעגאַנגען. די אומגליקלעכע עלטערן האָבן געוואָלט באַכלויפן

זייער קינד און זי נישט לאָזן גיין: נאָר טוביה האָט זיי צוריקגעהאַלטן: „איר קאָנט זיין פולשטענדיק רויִק: דער מנוול איז שוין אַרעסטירט". ער האָט באַרויִקט די עלטערן און די שוועסטערן, באַזונדערס צביהן, ווייל זי האָט זיך געשראָקן מער ווי אַלע, און איז אַוועקגעגאַנגען.

5

כאָמע, די גאַנצע צייט ווי אַ שטומע אינעם ווינקל אויפן קאַנט פונעם בעט, איז פּלוצעם אויפגעשפּרונגען און איז אַרויס מיט אַזאַ פאַרביטערונג, וואָס די עלטערן האָבן פון איר נאָך קיינמאָל נישט געהערט און זענען דאַריבער נשתומם געוואָרן. זי האָט געשריגן: „איז וואָס, אַז ער וועט זי אַוועקפירן אין אַ באַרדעל אַריין? אַלץ בעסער ווי דאָס דאַזיקע לעבן מיינס! אַלץ בעסער ווי אין דאַזיקן פינצטאָרן קבר דאָ, ווו מ'ווערט לעבעדיקערהייט אויפגעפרעסן פון פליגן, פון אַלאַרליי ווערעם, פון לייז און וואַנצן און פליי! קאָ שטיקל טרוקן ברויט אַפילו, קאָ העמד אויפן לאַאַב! 10—12 שעה אַ טאָג איבערקלויבן שמאַטעס אין אַ פינצ־טאָרן קעלאָר און ווערן דערשטיקט פון שטויב, פאַר אַ לוין, אַז ס'איז אַ שאַנדע צו זאָגן! און דאָס איז שוין אַ גליק! און דאַראַ? — וואָס האָט זי פון איאר לעבן? אַ גאַנצן טאָג קלעפּן פּאַפּירענע בייטלען, פּאַטשקען זאַך מיט פּאַפּ און פאַרדינען אַזוי פיל, אַז ווען זי זאָל וועלן לעבן לייטיש — וואָלט זי אַפילו קאָ צוויי טעג אין דער וואָך נישט געקאָנט אויסקומען מיט דעם געלט! אַצינדאָר איז זי נאָך יונג. נאָך אַ פּאָר יאָר — און זי וועט אויסזעען ווי יאָך זע אויס. אַ מאַן וועט זי מעאָר נישט וועלן אָנקוקן אַפילו, ווי מיאָר. און ווען זי זאָל שוין קריגן אַ מאַן — וועט זי האָבן דאָס זעלבע לעבן, מאַמאַ, וואָס דו האָסט. וועאָר האָט חתונה מיט אונדזאיינאָר? — אין בעסטן פאַל אַן אַרבעטאָר ווי דער טאַטאַ. נו?... דאַראַ איז גרעכט. בעסאָר צו זיין אַ הור אין אַ באַרדעל, ווי אַזאַ לעבן. ווען יאָך וואָלט גע־קאָנט"... זי האָט דערזעען אַריינקומען דעם „קאָמאָרניק" מיטן „סטרוזש", און דאָס ווייטערע וואָס זי האָט געוואָלט זאָגן, איז איר שטעקן געבליבן אין קעל. די אויגן זענען איר שיער אַרויסגעקראָכן פון די לעכער. פאַרשטעלנדיק דאָס בעט מיטן רוקן, האָט זי געשריגן: „אויף לעבן און טויט וועל יאָך קעמפן! יאָך וועל קאָ איין זאַך נישט לאָזן רירן! לאָמער אונדז דערהרגענען, אָבאָר אַרויסוואַרפן פון דער וווינונג וועלן מיאָר זאָך נישט לאָזן! מיאָר זענען שולדיק פאַר דריי חדשים דירה־געלט; מיאָר וועלן באַצאָלן ווען דער טאַטאַ וועט צוריק אָנהויבן אַרבעטן! אַצינדאָר האָבן מיאָר נישט קאָ געלט! מיאָר האָבן נישט!" זי איז צוגעלאָפן צום קאָמאָרניק: „נאַ, שנייד דעם האַלדז! שנייד! האָסט אַ רעוואָלווער — שיס מיאָר אַריין אַ קויל דאָ, אין האַרצן!" און זי האָט אויפגעריסן די בליוזע.

דאָס קאַליקעלע, דערשראָקן פון דער שוועסטערס געשרייען, האָט גענומען וויינען. אָנשפּאַרנדיק זיך מיטן רעכטן הענטל אָן דיל, זיך רוקנדיק מיטן געזעסל גיך, גיך, איז עס צו צו די עלטערן, וועלכע זענען געשטאַנען פאַרן „קאָמאָרניק" און געוויינט, ער זאָל זיי נישט אַרויסוואַרפן פון דער דירה. נישט זייערע רייד

און אויך נישט זייערע טרערן וואָלטן זיי געווען געהאָלפן, ווען נישט צביה: די קראַנקע איז אין בלויזן העמד אַרויסגעשפּרונגען פונעם בעט און זיך אַנידערגע־וואָרפן אויף דער ערד צום „קאָמאַרניקס" און דעם סטרוזשס פיס. אָבער זי האָט דערביי באַקומען אַ בלוטשטורץ. דער סטרוזש האָט דאַן אַ זאָג געטאָן צום געריכטסבאַאַמטן, וועלכער האָט אים באַפוילן די זאַכן פון שטוב אַרויסצו־שטעלן אין הויף אַריין: „ניין, פּאַניע קאָמערניקו! דאָס וועל איך נישט טוען! אַפילו ווען כ'וואָלט געוווּסט צו פאַרלירן די שטעלע!" און ער איז אַרויסגעגאַנגען. אויך דער באַאַמטער איז אַוועקגעגאַנגען, זיך אַנשטויסנדיק אין דער טיר אין אַ בעטלער מיט אַ לאַנגער טאָרבע איבערן האַלדז און אַקסל. פאַר חיה לאה און דעם מאַן אירן איז געווען „אליהו הנביא", כאָטש ר' איסר האָט זיי געזאָגט אַז ער איז אַ פּראָסטער ייד, אַן אָרעמאַן.

קאַפּיטל צוועלף

# צוזאַמענשטויס

## 1

פאַרן הויף פון דער טריקאָטאַזשפאַבריק, אין וועלכער מ'האָט געסטרייקט, איז דער חבר טוביה געשטאַנען מיט נאָך איינעם אויף דער וואַך. אַסך פון די שכנים אין דאָזיקן הויף האָבן געוווּסט אַז די צוויי היטן, ס'זאָל אין דער פאַבריק זיך נישט קאָנען אַריינקריגן קיין סטרייקברעכער, און טייל פון זיי האָבן ביים פאַרבייגיין די „שומרים" געמורמלט: „זעען אויס ווי גנבים, ווי באַנדיטן".

דער הויף איז סיי אינעווייניק און סיי אויסנווייניק געווען באַוואַכט. נאָר די שומרים האָבן זיך געמוזט שטאַרק היטן פאַר פּאָליציי.

אַז ס'האָט אָנגעהויבן טונקל ווערן — די זון איז שוין לאַנג פאַרגאַנגען — האָט דער חבר טוביה, דער ראש פון דער וואַך, געוואָלט זי אויפלייזן. בייטאָג האָט מע נישט געהיטן. די מייסטע פון די חברים זענען געווען אויסגעמאַטערט און הונגעריק. נאָר דעם חבר טוביה האָט פּלוצים אָנגעהויבן ווערן אויפפאַלנדיק עפּעס: מענער און פרויען, יונגע און מיטליעריקע, טייל מיט קיישלעך ווי גאַסנ־הענדלער, אַנדערע אויסגעפּוצט, האָבן אויף אַ געוויסן אופן גענומען גיין דורכן טויער. סיי די „גאַסנהענדלער" און סיי די „אויסגעפּוצטע" זענען אים אויסגעקומען ווי פאַרשטעלט, און ווי זיי וואָלטן זיך געהיטן ביים דורכגיין ס'טויער.

דער חבר טוביה האָט די וואַך שוין נישט אויפגעלייזט. ער האָט געוואַרט ביז ס'איז געוואָרן פינצטער. דאַן האָט ער איינעם פון דער וואַך געשיקט אויס־שפּיאָנירן. יענער איז באַלד צוריקגעקומען מיט אַ באַריכט: „די פענצטער פון דער פאַבריק זענען אַזוי פאַרהאָנגען, אַז מ'קאָן גאָרנישט זעען. הערן האָב איך

גאַרנישט געקאָנט. ס'איז דאָך זעקס שטאָק. בינעך אַרויפגעגאַנגען. אָבער שוין אויפן פירטן שטאָק האָבעך געהערט אַז מ'אַרבעט אין דער פאַבריק". שנעל האָט דער חבר טוביה איבערגרופירט די וואַכן: ער האָט זיי צעשטעלט אין סטראַטעגישע פונקטן, לויטן פּלאַן וואָס ער האָט זיך פלינק צוזאַמענגעשטעלט אין קאָפּ. ער אַליין, מיט צוויי חברים, איז מיט שטילע טריט, ווי אַ קאַץ, אַרויף די זעקס שטאָק און איז ווי אַ בליץ אַריין אין דער פאַבריק. מיט איין בליק האָט ער אַרומגענומען די גאַנצע סיטואַציע, איבערגעציילט וויפל אַרבעטער ס'זענען דאָ, און באַפוילן: „אויפהערן!"

אַלע האָבן אָפגעשטעלט די אַרבעט.

ערשט איצט האָט דער חבר טוביה דערקענט פנחסן און מיט באַדויערן צו אים געזאָגט: „איר האָט געשווירן מער נישט צו פאַרראַטן, צו זיין סאָלידאַר. אַהיים נעמט איר שוין טאַקע נישט מער קיין אַרבעט פון גאָטליבן, ווייל איר קאָנט דאָס מער נישט טון; אַרבעט איר אַצינד דאָ, ביי זילבערמאַנען, און העלפט ווייטער אונדזער קלאַסן־שונא צו ברעכן דעם סטרייק. וואָלט אייער ברודער — ער איז געווען ווייניקער אויפגעקלערט ווי איר זענט — אַזעלכעס געוועזן געטאָן? ער האָט זיך גענומען דאָס לעבן — איר ווייסט דאָס אַזוי גוט ווי מיר — נישט ווייל ער האָט מער נישט געקאָנט אויסהאַלטן די ביטערע נויט, נאָר ווייל ער האָט נישט געקאָנט אַריבערטראָגן די שאַנדע, וואָס מ'האָט אייך, זיין ברודער, געפּאַקט ביים פאַרראַט. וואָס האָט ער אייך דעמאָלט געזאָגט איידער איך בין געקומען מיט דער חברטע ליאָליאַ? — ,אַ סטרייקברעכער איז ווערט מ'זאָל אים דערשיסן, ווייל ער איז אַ פאַררעטער. דער חבר ליכטענבערג האָט דאָס דערציילט".

דער חבר פנחס האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ: ער האָט זיך אַצינד נישט בלויז געשעמט, נאָר באמת זעליש געליטן. מ'האָט אים דעמאָלט געשענקט. ער האָט פאַר די חברים געשילדערט די נויט פון אַלע ברידער און געגעבן דאָס ערנוואָרט, אַז מער וועט ער אַזעלכעס נישט טוען. באַזונדערס מיטלייד האָט מען מיט אים דעמאָלט געהאַט צוליבן טויט פונעם ברודער. מיט טרערן אין די אויגן און פאַרשטיקט קול האָט ער איצט ווידער זיך פאַרענטפערט מיטן זעלבן ווו ביים ערשטן מויל: די נויט, די שווענערין איז אַ קראַנקע, דאָס קינד האָט טובערקולאָז.

דער חבר טוביה האָט געפרעגט: „וועלכן אַרבעטער גייט בעסער? ווילט איר אַהינגיין צו מיינע עלטערן און זעען וואָס דאָרט איז?"

אַלע האָבן וועגן זייער סטרייקברעכעריי זיך פאַרענטפערט אויפן זעלבן אופן: הונגער, נויט, פאַרצווייפלונג. אָבער דער חבר טוביה האָט זייער פאַרענטפערונג נישט אָנגענומען און געזאָגט: „מיר פירן אַ קאַמף אויף לעבן און טויט. דעם קאַמף פירן מיר נישט בלויז פאַר זיך, נאָר פאַר אייך אַלע. דאָס איז פונקט ווי מלחמה. וועט אַ סאָלדאַט אויפן שלאַכטפעלד זיך באַקלאָגן אַז ס'גייט אים שלעכט, אַז זיין פאַמיליע ליידט? ער מוז אַלץ איבערטראָגן און נישט אויפהערן צו קעמפן ביז ער האָט דעם שונא באַזיגט. דער שונא ווייסט נישט פון קיין מיטלייד. זיינס אַ גאָר שטאַרק געווער איז די קעמפער פונעם קעגנער צו פאַרוואַנדלען אין פאַררעטער:

ער באַנוצט דערצו פאַרשידענע לאָקמיטלען. דערנאָך אָבער, ווען דער שונא האָט געזיגט, באַהאַנדלט ער די פאַררעטער נישט בעסער ווי די פאַרראַטענע".

די מייסטע האָבן דאַרויף געענטפערט מיט דער אויסגעדראָשענע טענה, וועלכע איז אָבער פאַר זיי געווען אַ זייער ערנסטע: „שולדיק איז, וואָס איין פאַרטיי ציט אַהין און די אַנדערע אַהער!"

פלוצים אַ קנאַל אונטן אינעם הויף: אַ ביקס, אָדער אַ רעוואָלווער, האָט אויס־געשאָסן. אַלע זענען שטיל געוואָרן. דערשראָקענע, בלאַס געוואָרענע, האָבן זיי געקוקט צו די פענצטער און אָנגעשפּיצט די אויערן: ס'האָט זיך זיי געדוכטן אַז זיי הערן געשרייען, אַ טומל. דער חבר טוביה האָט זיך משער געווען וואָס דער שאָס און דער טומל קאָנען באַדייטן. ס'איז אים אָבער געווען קשה: ער האָט געלאָזט אַ וואַך אונטן, הינטער דער טיר די צוויי חברים, וועלכע זענען מיט אים מיטגעגאַנגען אַרויף. נאָר איידער אים איז ריכטיק קלאָר געוואָרן דאָס, וועגן וואָס ער האָט נאָך געהאַט ספיקות, האָט זיך אויפגעפראַלט אַ זייטנטיר און אין דער פאַבריק איז אַריינגעקומען פאַן זילבערמאַן. אָנגעטאָן אין אַ לייכטן אַלפּאַגענעם זומעראַנצוג, אין אַ האַרטן, שוואַרצן קאַפּעליוש. ער האָט געהאַט אַ קליין צוגע־שוירן בערדל, צעטיילט אין צוויי העלפטן און אַ שרינט פונקט אין דער מיט פון דעם ברייטן קין, וואָס האָט זיך געריסן פאָרויס. מיט אַ בייז זיגעריש געלעכטער איז ער שטיין געבליבן אויף דער שוועל און זיך אַזש צעהוסט: „קכע... קכע... חכמים"... מיט אים זענען מיטגעקומען דריי פּאָליציאַנטן, באַוואָפנטע מיט ביקסן. אינדרויסן זענען געווען מער. די דריי חברים, אַוועקגעשטעלטע פאַר דער אַריינ־גאַנגסטיר אַלס וואַך, זענען שוין געווען אַרעסטירטע.

דער פאַבריקאַנט האָט זיך געבויגן אין דרייען פון לאַכן און הוסטן: „האַ־האַ־האַ... קכע... קכע... האַ־האַ־האַ"... אויך די פּאָליציאַנטן האָבן זיך צעכאַכאַטשעט און צעהירזשעט. דער „סטאַרשע" (צווישן די צוויי) האָט באַפוילן די סטרייק־ברעכער: „זיך צוריק אַנידערזעצן ביי די מאַשינען און ווייטער אַרבעטן!"

„קיינער נישט!" האָט פּנחס ווילד אַ געשריי געטאָן און ווי אַ וואַנזיניקער זיך געוואָרפן אויף די מאַשינען און זיי גענומען ברעכן. ער האָט דערביי גערעוועט: „פאַר מיין ערשטן פאַרראַט!... פאַר מיין צווייטן פאַרראַט!... פאַרן טויט פון מיין ברודער!... פאַר"...

נישט דער פאַבריקאַנט, נישט די איבעריקע סטרייקברעכערס, און אויך נישט דער חבר טוביה, האָבן געקאָנט פאַרשטיין וואָס מיט פּנחסן איז געשען. נאָר צוויי פון די פּאָליציאַנטן האָבן דעם וואַנזיניק געוואָרענעם אַ פּאַק געטאָן פון ביידע זייטן און אים גענומען שלעפּן. דער דריטער האָט מיטגענומען דעם חבר טוביה. נאָר פּנחס האָט זיך געווערט מיט אַזאַ ווילדער קראַפט, בייסנדיק דאַביי די הענט וואָס האָבן אים געשלעפּט, אַז די צוויי פּאָליציאַנטן זענען מיט אים אַנידערגעפאַלן אויף די שטיגן. אַלע דריי האָבן זיך גענומען קאָליערן. אַ באַפרייטער פון די הענט — ווי פון צוואַנגען — האָט פּנחס גענומען לויפן. די פּאָליציאַנטן נאָך אים. די אַרעס־

טירטע וואַכן (וואָס זענען געווען צעשטעלט איבערן הויף) זענען צונויפגענומענע פון פּאָליציאַנטן פון זיי געהיטן געוואָרן אונטן. דערזעענדיק אַרויסלויפן פונעם הויז חברים (פנחסן האָבן זיי אָנגענומען פאַר אַן אייגענעם) און נאָך זיי פּאָלי־ציאַנטן, האָבן די אַרעסטירטע אויך גענומען אַנטלויפן, זיך צעשיטנדיק אין פאַר־שידענע זייטן פונעם הויף. די פּאָליציאַנטן האָבן געעפנט אַ שיסעריי. פנחס איז געפאַלן טויט. צוויי חברים זענען געכאַפּט געוואָרן און די רעשט זענען אַנטרונען. אויף די געפאַנגענע האָבן זיך גענומען שיטן קלעפּ פון פּאָליצייאישע פויסטן, גומי־שטעקנס און ביקסן־קאָלבעס.

## קאַפּיטל דרייצן

# דער אַדוואָקאַט

1

דער אַדוואָקאַט אַדאַם ווייס האָט פאַרלאָזט זיינע עלטערן און זיך גענומען אַ צימער אין אַ האָטעל. געטראַכט האָט ער: בלויז אויף עטלעכע טעג. אַדאַ איז געקומען צו אים אין האָטעל אַריין. זי איז געווען זייער גליקלעך, באַזונדערס וועגן איר געליבטנס רעוואָלוציאָנערן האַנדלען קעגן זיינע עלטערן. זי האָט אים אַרומגעכאַפּט און געקושט דערפאַר. דאַן האָט זי אים געזאָגט: „אָבער מיר מוזן פריער חתונה האָבן איידער מיר דינגען אַ דירה".

אַדאַם האָט זיין געליבטע אָנגעקוקט אַ דערשטוינטער.

זי האָט זיך צעלאַכט: „איך מיין נישט קיין כלי זמרים, אַ רב און אַ חופּה — דעם גאַנצן „האָפּטשיקשאַק"; בלויז ציוויל, אין מאַגיסטראַט".

אַדאַמען איז עס געווען קשה: אַ פרייער מענטש, אַ קאָמוניסטקע — מוז האָבן אַ דערלויבעניש פאַר איר ליבע, דאַצו פון דער רעאַקציאָנערער רעגירונג, קעגן וועלכער זי קעמפט!?... אָבער ער האָט מסכים געווען, און געשפּאַסט: „אין דעם זענען אַלע פרויען גלייך"...

„אָבער ליבסטער"... זי האָט געקושט זיינע הענט, וועלכע זי האָט אַזוי געליבט און אים געענטפערט אויף זיין שפּאַס: „מיר זענען דאָך נישט קיין אַנאַרכיסטן"...

ביי דער באַראַטונג וועגן אַ דירה איז אַדאַם ווידער געווען דערשטוינט: ער האָט דערוואַרט אַז אַדאַ וועט וועלן וווינען אינעם יידישן פירטל צווישן אָרעמע פּראָלעטאַריאַט. זי אָבער האָט אים ווידער אָנגעקוקט מיט אירע קלוגע, שמאָלע אויגנשפּעלטלעך, אין וועלכע ס'האָט געפונקלט אַ שעלמישער, פאַרליבטער בליק. אַדאַ האָט געוווּסט אַז איר מאַן מיינט נישט וועגן געלט; דאָס איז זיין נאַיווער אידעאַליזם. האָט זי געלאָזט איר שיין קעפּל מיט די אַרומגעשווירענע, בלוישוואַרצע

געדיכטע האָר אויף זיין ברוסט און אַרויפגעלאַכט צו אים. ער האָט זיך פאַררויטלט. אָבער זיינע הענט האָבן ווייטער געשפּילט מיט אירע וואַרעמע פּאַטלעס האָר. זי האָט פאַרלייגט אירע אָרעמס אַרום זיין נאַקן און צוגעמאַכט די אויגן ביים איינזויגן זיך אין זיינע ליפּן.

ווי אַ שוועסטער פירט איבער דער גאַס איר יונג ברידערל, אַז ער זאָל נישט ווערן איבערגעפאָרן, אַזוי האָט אַדאַ געפירט איר מאַן פון זיין נאַיוו אידעאַליס־טישער וועלט־אָנשויונג צו דער רעאַליסטישער, וואָס איז אָבער נישט מעגלעך גאַנץ אָפּצוטיילן אינעם לעבן איינס פונעם אַנדערן. זי האָט געדונגען אַ שיינע וווינונג אינעם קליינעם געסל „קאַפּוצא״, וואָס איז ביי דער „מיאַדאָוואַ״, וווּ ס׳זענען די געריכטן. אין איין צימער, שיער דאָס שענסטע, האָט אַדאַ איינגע־אָרדנט דאָס ביוראָ פאַרן מאַן. זי האָט געקויפט טייער מאָדערן מעבל פאַרן קאַנ־טאָר: ביכערשענק מיט גלעזערנע רוקטירן, אַ שיינעם שרייבטיש, פאָטעלן, קונסט־בילדער אויף די פיינטאָפּעצירטע ווענט, גאַרדינען ביי די פענצטער, פּערסישע טעפּיכער, גרויסע וואַזאָנעס און נאָך אַנדערע זאַכן. אַלץ געשמאַקפול. אַן עלעגאַנט ביוראָ ווי פון אַ רייכן און באַרימטן אַדוואָקאַט. אַזוי דאָס וואַרטצימער. געלט האָט זי גענומען ביים פאָטער. ר׳ אפרים גאָטליב האָט זיין טאָכטער, דער בת יחידה, געגעבן אַ פיינעם נדן, כאָטש ער האָט נישט געהאַט די זכיה מיט זיין פרוי זי צו פירן צו דער חופּה, זי חתונה צו מאַכן כדת וכדין און זיך משמח צו זיין. וואָס האָט ער אָבער געקאָנט טאָן? נישט צופיל מצער צו זיין אירע עלטערן, האָט אַדאַ זיי געבערענגט אַ כתובה פון אַ רב און געזאָגט, אַז ביי דעם רב האָט זי געשטעלט אַ חופּה. דער פרומער טאַטע האָט באַקוקט די כתובה, געזען די חתימות און גאָרנישט מער געזאָגט. טאַקע אַ ריכטיקע כתובה. אָבער ער האָט שוין געהאַט געהערט נישט פון איין מענטשן, אַז דער דאָזיקער רב — און נישט בלויז ער אַליין — שטעלט אויס פאַר געלט אַ כתובה אָן חופּה וקדושין. וויסנדיק אָבער, אַז זיין מחותן איז דער באַנקיר איגנאַץ ווייס, האָט ער געזאָגט: „מילא... זאָל זיין מיט מזל״.

וועגן פּרנסה האָט אַדאַ זיך נישט געמאַכט קיין צו גרויסע זאָרגן. זי האָט דאַמיט גערעכנט, אַז ס׳וועט געדויערן אַ געוויסע צייט, ביז איר מאַן וועט האָבן אַ גוטע קליענטעל. זי האָט אָבער אויך געוווּסט, אַז דער באַנקיר וועט נישט זיין ערגער ווי איר פאָטער, ער וועט זיך איבערבעטן, אַפילו אַדאַמס מוטער, מעג זי זיין פאַרריסן און מערקווירדיק. דאָס איז געווען אַדאַס חשבון. צום מאַן האָט זי געזאָגט מיט אַ שעלמיש שמייכעלע: „דיין מוטער וועט זיך שוין ענדערן צו אונדז. דו זע צו, אַז דו זאָלסט נישט זיין צעקריגט מיט דיינע עלטערן. דו וועסט מיט מיר אַהין גיין און מיך פאָרשטעלן. איך נעם אַלץ אויף זיך... דו וועסט שוין זען״...

2

נאָר אַדאַ האָט דאָך געמאַכט אַ טעות אין איר חשבון. זי איז געווען זיכער

ביי זיך, אַז זי וועט איר מאַן פירן ביי אַ האַנט און אים ברענגען דאָרט אַהין, וווּ זי וויל: צו ווערן אַ באַרימטער אַדוואָקאַט, האָבן אַ רייכע קליענטעלע און זיין אַ גוטער קאָמוניסט: אַ לעניניסט־מאַרקסיסט.

אָבער געשען איז אַ ביסל אַנדערש. אַדאַם ווייס איז טאַקע געוואָרן אַ באַרימטער אַדוואָקאַט, אָבער אָן אַ רייכער קליענטעלע. קיין איין רייכער סוחר, אָדער באַזיצער פון הייזער איז צו אים נישט געקומען. אַן אַדוואָקאַט, וואָס פאַרטיידיקט פאַרברעכער, וואָס מאַכן אויפשטאַנדן קעגן אַ רעגירונג, פאַרברעכער, וואָס גייען קעגן דער אָרדענונג פון מלכות, וואָס ווילן איבערקערן דעם סדר העולם און ער באַמיט זיך צו באַווייזן אין געריכט, אַז שולדיק זענען... נישט די פאַרברעכער, נאָר זיי, די רייכע — צו אַזאַ איינעם זאָלן זיי גיין?... אַזאַ איינעם זאָלן זיי אָנגעטרויען זייערע אינטערעסן צו פאַרטרעטן אין געריכט?... אַזאַ פאַרשוין זאָלן זיי געבן צו פאַרדינען?... ס'האָט אַפילו נישט געהאָלפן, וואָס אַדאַמס פאָטער, דער באַרימטער באַנקיר און זיין שווער, דער פאַבריקאַנט, האָבן אין די סוחרישע קרייזן רעקאָמענדירט זייערע פריינד דעם יונגן, אָבער זייער פעיִקן אַדוואָקאַט. צו אַדאַמען זענען געקומען די אָרעמע, נישט בלויז אַרבעטער; אויך קרעמער, אָבער נישט קיין סך רייכער ווי יענע, וועלכע לעבן פון שווערע אַרבעט. אַ גרויסע פראַקטיק, אָבער פון לויטער קבצנים, וועלכע ס'קומט אויס זיך צוזאַמענצושטויסן מיטן געזעץ מער ווי די רייכע, פונקט ווי ס'טשעפּען זיך צו זיי מער חולאתן ווי צו גבירים. די פאַרנעמע געגנט און די רייכע איינריכטונג פונעם ביוראָ, שיִער לוקסויעז, האָט די דלפנים נישט אָפּגעשראָקן; זיי האָבן שנעל דערטאַפּט, אַז דער דאָזיקער באַרימטער אַדוואָקאַט נעמט ווייניק, אַז מ'גיט אים. און אַז מ'גיט אים גאָרנישט איז אויך נישט קיין אומגליק. ר'איז אַ מענטש אָן אַ גאַל, אַ דימענט, אַ ברילִיאַנט, אַ מלאך...

אַדאַ איז געווען אַנטוישט. נישט אַזוי פיל דערפון, ווייל זי איז געווען להוט אויף געלט; זי האָט געליטן מער דעריבער, וואָס איר מאַן איז געבליבן דער זעלבער צעשווימענער אידעאַליסט ווי ער איז געווען. לא די, וואָס איר איז נישט געלונגען צו מאַכן פון אים אַ פעסטן און שטרענגן מאַרקסיסט, זי האָט ביי אים נישט געקאָנט דערגרייכן אַפילו, אַז פירן פּאָליטישע פּראָצעסן, פאַר וועלכע די קליִענטן וועלן אים נישט קאָנען באַצאָלן, זאָל ער נאָר פון אַזעלכע, וועלכע זענען מיטגלידער פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי. אָבער זי האָט אים געליבט פונקט אַזוי שטאַרק ווי פאַר און באַלד נאָך דער חתונה. און פונקט אַזוי האָט ער זי געליבט.

נאָר אַדאַ האָט נישט אויפגעגעבן ווייטער צו קנעלן מיט איר מאַן, הגם זי האָט זיך שוין אָנגעהויבן מיאש זיין צו דערגרייכן ביי אים וואָס זי האָט זיך פאַרגענומען. זי האָט אין אירע קליינע הענטלעך אַריינגענומען אַדאַמס בלייכע, איידעלע הענט מיט די נערוועזע לאַנגע פינגער, געקושט די ראָזאַ, סאַמעט ווייכע „בערגעלעך" פון די שפּיצן פינגער, געקושט די ראָזאַ, פיין מאַניקירטע, גרויסע נעגל, כמעט יעדעס געלענקעלע און די דלאָניעס פון זיינע הענט האָט זי געקושט.

זי האָט זײַנע הענט צוגעלייגט צו אירע באַקן, צו אירע אויגן, ווידער צו אירע ליפּן, און דאַן אַרײַנגעלייגט איר פּנים אין זיי. זי האָט זיך אַרויפגעזעצט אויף זײַן שויס ווי אַ קליין קינד, אַרומגעקלאַמערט זײַן נאַקן מיט אירע שלאַנקע אָרעמס און זיך געטוליעט צום מאַן מיט איר נאָך אַלץ קליינעם, מיידלערישן בוזעם. זיצנדיק אַזוי אויף אים, האָט זי ווײַטער מיט אים געלערנט, וואָס ער זאָל יאָ און וואָס ער זאָל נישט טאָן. זײַנע הענט זענען דערבײַ געווען באַשעפטיקט מיט אירע אַרומגעשווירענע האָר און מיט איר רייצנדיקן באַקן. אירע האָר האָבן אים געריצט דווקא מיט זייער שאָרסטקער האַרטקייט. זיי זענען נישט געווען דין, זיידן, ווי ס'זענען פרויענהאָר, נאָר ווי עלעקטרישע דרעטלעך, און טאַקע מיט עלעקטריציטעט אין זיי. דער עלעקטרישער שטראָם, וואָס איז געווען אין זיי שטאַרקער ווי געווינטלעך, האָט אים געמאַכט אויפציטערן. ביז אין די שפּיצפינגער פון די פיס איז דער שטראָם געדרונגען... ער האָט זי ווילד און שטורמיש אומאַרמט. דאַן האָט ער זײַן פרוי געענטפערט גאַנץ זאַכלעך אויף אַלע אירע טענות, וואָס זי האָט געהאַט צו אים, אויף דער באַלערונג, וואָס זי האָט אים געגעבן.

דער אַדוואָקאַט האָט אַוועקגעזעצט זײַן פרוי אויף דער זאָפאַ, אויף זײַן פּלאַץ, פון וועלכן ער איז אויפגעשטאַנען און איר געזאָגט: „מײַן טײַערע... אָרעמע, אומגליקלעכע מענטשן, וואָס קומען צו מיר איך זאָל זיי העלפן אין זייער עת־צרה — קאָן איך נישט אָפּזאָגן! צי דאָס איז אַ פּאָליטישער ענין און דער אַרעסטירטער, אָדער די אַרעסטירטע געהערט צו אַן אַנדערער פּאַרטיי, צו אַ רעכטער, אָדער ס'האַנדלט זיך וועגן אַן עקסמיסיע, צי דער שטייער־באַאַמטער וויל בײַ אַן אָרעמען שניידער אַוועקנעמען זײַן ניימאַשין און זײַן פּרעסאײַזן, צי בײַ אַ שוסטער זײַנע קאָפּיטעס און די אַנדערע כּלים — אַלצאײַנס, איך וועל די דאָזיקע לײַדנדע מענטשן העלפן! איך וועל העלפן די, וועלכע די אַנטיסעמיטישע שטײַערפּאָליטיק וויל אַרויסשטויסן פון האַנדל! איך וועל העלפן די יונגע מיידלעך, וועלכע דערמאָרדן די עופעלעך, וואָס זיי געבערן, די פּרוכט פון זייער ליבע, און פאַלן אַרײַן אין די הענט פון דער פּאָליציי! איך וועל העלפן די אומגליקלעכע מאַמעס, חתונה געהאַטע לויטן רעליגיעזן און ציווילן געזעץ, אָבער זענען אַזוי אָרעם, אַז זיי וואַרפן אונטער זייערע קינדער וועלכע זיי האָבן נישט צו געבן קיין עסן, ווײַל זייערע מענער זענען אַרבעטלאָז! די דאָזיקע אומגליקלעכע מאַמעס קאָנען נישט צוזען ווי זייערע קינדער גייען אויס פון הונגער, זיי קאָנען נישט קריגן קיין הילף און מ'וויל זייערע קינדער, אָן געלט, נישט אַרײַננעמען אין קיין היימען און פון פאַרצווייפלונג לייגן זיי די קינדער אַוועק אין אַ הויף, צי אויף אַ גאַס, צי ערגיצוווּ, אַז גוטע מענטשן זאָלן זיך דערבאַרעמען איבער זייער בלוט און פלייש. פאַרן דאָזיקן פאַרברעך ווערן די דאָזיקע אומגליקלעכע מאַמעס פאַרפאָלגט פונעם געזעץ. אַזעלכע מענטשן, אַז זיי קומען צו מיר, מוז איך העלפן!”

אַדאַ האָט וועגן די אַלע און אַנדערע מענטשלעכע לײַדן, וואָס זענען געקומען

פון דער סאָציאַלער אומגערעכטיקייט, געליטן נישט ווייניקער ווי איר מאַן, אָבער אויף אַן אַנדערן אופן. יעדנפאַלס האָט זי אויף זיי געהאַט אַן ענטפער: אַ רע־וואָלוציע, אַן אַרבעטער און פויערן־רעגירונג. זי האָט דעריבער געזאָגט צו איר מאַן: „פון דעסטוועגן איז דאָך דיין ביורא נישט קיין צדקה־אַנשטאַלט". אָבער זי האָט אים געליבט וועגן זיין גרויס האַרץ און איז געווען באַגייסטערט פון די פאַרטיידיקונג־רעדעס, וואָס ער האָט געהאַלטן אין די געריכטן, סיי ביי אַ פּאָליטישן פּראָצעס, סיי ווען זיין קליענט איז געווען אַן אומגליקלעכע מאַמע, וועלכע האָט איר קינד אונטערגעוואָרפן אויס נויט. דאָס זענען געווען נישט קיין פאַרטיידיקונג־רעדעס פאַר די אָנגעקלאָגטע, נאָר באַשולדיקונגס־רעדעס קעגן די אָנקלאָגער. קעגן דער רעאַקציאָנערער רעגירונג און קעגן דער סאָציאַלער אומגערעכטיקייט פונעם קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם.

נאָר שאַרף און כמעט פאַרביטערט האָט אַדאַ פּאַראָורטיילט איר מאַנס אָנ־נעמען צו פאַרטיידיקן „אַנאַרכיסטישע באַנדיטן", ווי זי האָט זיך אויסגעדריקט וועגן אַזעלכע, וועלכע האָבן זיך באַנוצט מיט איינצלטעראָר. דערויף האָט ער איר געענטפערט: „געליבטע!... איך האָב דיר שוין געזאָגט: יעדער, וואָס וועט קומען צו מיר איך זאָל אים העלפן ווי אַן אַדוואָקאַט, וועל איך אים העלפן. אַ דאָקטער פרעגט נישט דעם קראַנקן ווער ער איז; פאַר אים איז דער, וואָס קומט צו אים, אַ פּאַציענט. דעריבער בין איך נישט געוואָרן קיין מיטגליד פון דער פּאַרטיי צו וועלכער דו געהערסט, הגם פון אַלע סאָציאַליסטישע אַרבעטער־פּאַרטייען איז זי מיר אַמנאָענטסטן און אַמטייערסטן. און איך וועל קיין מאָל נישט אַריינטרעטן אין איר; אָבער איך וועל פאַר דער דאָזיקער באַוועגונג און פאַר אירע מיטגלידער טוען אַלץ וואָס איך וועל נאָר קאָנען, אַפילו אַוועקגעבן מיין לעבן.

אַדאַס אויגן האָבן זיך צעשטראַלט מיט ליכט פון איר גליק. זי האָט גע־שפּאַסט: „הייסט עס: ווען מיר וואָלטן געווען אין רוסלאַנד וואָלסטו פאַרטיידיקט קאַפּיטאַליסטן, קאָנטרעוואָלוציאָנערן, סאַבאָטאַזשניקעס"...

ער האָט דערקענט, אַז זי שפּאַסט, און געלאַכט. דאַן האָט ער איר געזאָגט: „דאָרט איז די לאַגע אַן אַנדערע. דאָרט איז די רעגירונג דאָס פאָלק, וואָס האָט געליטן און ליידט נאָך אַצינד, ברענגענדיק נאָך אַלץ די שווערסטע קרבנות פאַרן גרויסן און הייליקן ציל פון דער מענטשהייט. דאָרט איז די רעגירונג זיך מוסר־נפש פאַרן פאָלק, פאַרן גליק פון די, וואָס אַרבעטן, וואָס לעבן פון זייער פּראַצע און נישט פון שווינדל, פון שפּעקולאַציע — פון דעם אַנדערנס פּראַצע. דאָרט שמידן בלוטנדיקע די שטראַלנדיקע צוקונפט. דאָרט וואָלט איך געווען דער דאָקטער וואָס פאַרניכטעט די באַצילן"...

מיט טרערן פון פרייד אין די אויגן האָט אַדאַ געקושט איר מאַנס שטערן.

3

נאָר אַדאַמען האָט אָנגעהויבן פאַרקומען, אַז דאָס וואָס ער טוט אַלס אַד־

וואָקאַט פאַר די ליידענדע, איז נישט געװוּג. פון אַ העלפנדיקן האָט ער זיך פאַרוואַנדלט אין אַ ליידנדיקן. ער האָט מער נישט געקאָנט פאַרטראָגן צו וווינען אין אַ כמעט לוקסוסדיקער דירה, בעת די מיליאָנען מענטשן שטיקן זיך אין קליינע, איינציקע שטיבלעך, אין וועלכע ס׳איז די קעך און דאָס שלאָפּצימער פאַר אַלע און ס׳איז שמוציק פון ענגשאַפט. אים איז איצט אויסגעקומען, אַז גערעכטיקייט מיינט: איינער טאָר נישט האָבן מער פאַרן אַנדערן. בוכשטעבלעך. בכלל האָט באַזיץ אָנגעהויבן ווערן פאַר אים אַ דריקנדיקע לאַסט. ס׳האָט אים גענומען קווילן, וואָס ער האָט אַזוי פיל אַנצוגן, זומער־ און ווינטערמאַנטלען, וועש און שיך און אַנדערע זאַכן. האָט ער אַלץ, וואָס ער האָט באַטראַכט פאַר איבעריק, גענומען אַוועקשענקען. דאָס האָט אַדאַ נישט געקאָנט באַגרייפן. זי האָט איר מאַן קלאָר באַוויזן, אַז ער קאָן מיט צוויי אַנצוגן נישט אויסקומען, אַז צוליב זיין פּראָפעסיע מוז ער האָבן מער: אין געריכט מוז ער גיין אָנגעטאָן אין אַ פיינעם שוואַרצן אַנצוג, ווען ער גייט צו אַ העכערן באַאַמטן וועגן עפּעס מוז ער האָבן אַן אַנדערן אַנצוג, ביי אַ פאַרזאַמלונג ווידער אַן אַנדערן, ביי אַ זיצונג מיט קאָלעגן ווידער אַן אַנדערן, ווען מען גייט צו פריינד אויך אַן אַנדערן, צו די עלטערן ווידער אַן אַנדערן, ווען ס׳קומען געסט, אין דער קאַנצעלאַריע, אין אַ יום־טוב ווען מ׳פּאָרט ערגעץ — און ס׳געווענדט זיך אויך אין וועטער — אַ מענטש ווי ער מוז שטענדיק זיין אָנגעטאָן אַקוראַט, ביי יעדער געלעגנהייט דעם ריכטיקן אַנצוג, העמד, קראַוואַט, שיך, הוט, מאַנטל. ער האָט אַרגומענטירט מיט איר, אַרויסגייענדיק נאַטירלעך פון זיין אידעאַליסטישן שטאַנדפונקט און עטישער איבערצייגונג. זי איז אַרויסגעגאַנגען פון אַ שכלדיקן שטאַנדפונקט און באַוויזן איר מאַן ווי אומלאָגיש ער איז. „דיין האַנדלונג״, האָט אַדאַ געענדיקט, „וואָלט געווען ריכטיק ווען מיר וואָלטן געלעבט אין אַ קאָמוניסטיש לאַנד, אָבער נישט אין אַ קאַפּיטאַליסטיש״.

אַדאַם האָט איינגעזען, אַז זיין פרוי איז גערעכט. ער איז געווען אַ מענטש נישט בלויז פון געפיל, נאָר אויך (און גאָר שטאַרק) פון לאָגיק. דאָך האָט ער ווייטער אַוועקגעשענקט די איבעריקע זאַכן זיינע, וועלכע אַדאַ האָט צוריק געהאַט געקויפט, באַשטעלט ביים שניידער, ביים שוסטער. דער אַדוואָקאַט האָט אין דעם פאַל געהאַנדלט קעגן דער לאָגיק. וואָלט ער זיך נישט באַהערשט, אָנגעווענדט גרויס כוח קעגן זיך, וואָלט ער אַוועקגעגעבן נישט בלויז זיינע זאַכן, נאָר אויך דער פרויס און זאַכן פון דער וווינונג. געאַרבעט האָט ער אַ סך, נישט וויסנדיק פון קיין גרענעץ אין דער צייט פון אַרבעט. ער האָט געוווּסט, אַז ער ברענגט זיך אין געפאַר, אַז סוף כל סוף וועט די יוסטיץ אים נעמען פאַרפאָלגן און זי וועט שוין געפינען פאַר וואָס אים צו משפּטן און פאַרמשפּטן. ער האָט גענומען טראַכטן דעריבער באַזונדערס זינט פאַן קרזשעטשאַנאָווסקי, דער משומד, איז טאַקע געוואָרן פּראָקוראָר, און דווקא אין דעם געריכט, ווו אים קומט אָפּט אויס אויפצוטרעטן אַלס פאַרטיידיקער. באַזונדערס קלאָר איז אַדאַמען געוואָרן, אַז זיין אַמאָליקער שעפס זון וועט אים נעמען פאַרפאָלגן — ווען ער איז געוואָר

געוואָרן, וואָס איז נישט געווען קיין איבערראַשונג פאַר אים — אַז מאַגדאַ איז זייער אומגליקלעך אין איר פאַמיליענלעבן מיט דעם וויסטן בלוטהונט, דעם יונגן גראַף קאַטאָווסקי, וועלכער איז געוואָרן שעף פון דער פּאָליטישער פּאָליציי. דער משומד קרזשעטשאַנאָווסקי, וועלכער האָט געזאָלט ווערן זיין שוואָגער, וועט זיך אין אים נוקם זיין פאַר זיין שוועסטערס ליידן, ווייל ער האָט זיך דעמאָלט נישט געשמדט, אַז זי זאָל קאָנען חתונה האָבן מיט אים.

נאָר ס׳האָט אַדאַמען נישט געקימערט, וואָס ס׳וועט זיין מיט אים שפּעטער. ער האָט געאַרבעט איבער זיינע כוחות, געקעמפט אין געריכט מיט אומגעהוירער ליידנשאַפט און טאַלאַנט פאַר זיינע אָרעמע קליענטן, די אומגליקלעכע קרבנות פון אומגערעכטיקייט אין קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג, אָדער ריכטיקער: אומ־אָרדענונג. ערשט אַצינד, האָט ער געפילט, אַז ער לעבט זיין לעבן און איז געווען גליקלעך. אויך האָט ער אַצינד באַקומען דעם טיפערן זין פון גליק. ער וואָלט געווען נאָך גליקלעכער ווען ער וואָלט געוווינט אין דער אָרעמער געגנט צווישן די אָרעמע, ווען זיין דירה וואָלט באַשטאַנען פון ווייניקער שטובן און זי וואָלט געווען איינפאַכער מעבלירט. אָבער אַדאַ איז געווען אַ גרויסע עסטעטין און שיינקייט איז פאַר איר געווען אַ גרויסע בויטווענדיקייט, שיער אַזוי גרויס ווי פיזישע באַדערפעניש. ער האָט טאַקע נישט פאַרדינט אַזוי פיל, אַז ס׳זאָל קלעקן אויף אַזאַ לעבן ווי זיין פרוי האָט איינגעפירט; אָבער זי האָט געקראָגן געלט ביים שווער. (דער באַנקיר האָט ליב געקריגן זיין שנור, די „כינעזערין״, אָדער „יאַפּאַנערין״, ווי ער האָט זי גענומען רופן, די „רויטע״ מיט בלוישוואַרצע האָר). אַדאַם האָט סוף כל סוף געשלאָסן אַ קאָמפּראָמיס מיט זיין פרוי, פונקט ווי זי איז איינגעגאַנגען אויף פשרות מיט אים: זייער גרויסע ליבע האָט זיי דערצו גע־צוווּנגען.

אויפגעשטאַנען צו דער אַרבעט איז אַדאַם גאָר פרי. איבערגעלאָדן מיט אַרבעט — האָט ער פון דעסטוועגן נישט צוגענומען קיין אַסיסטענטן, ווייל ער האָט פון זיין אַרבעט נישט געהאַט גענוג הכנסה צו קאָנען באַצאָלן. יונגע פּראַק־טיקאַנטן האָט ער געקאָנט קריגן אומזיסט; ער האָט אָבער נישט געוואָלט קיין אומזיסטע הילף. ער האָט באַשעפטיקט בלויז איין מיידל און איינגעשפּאַנט אַדאַן פאַר אַ סעקרעטערין.

4

פאַרן אַדוואָקאַט זענען געלעגן די אַקטן פון בנימין ליכטענבערג און אהרן מיקנשלעגער. ער האָט איבערגענומען די פאַרטיידיקונג פון דאָזיקן מענטש, וועלכער האָט געהערט צו אַ טעראָריסטישער באַנדע, כאָטש ס׳איז געווען קעגן דעם ווילן פון זיין פרוי און אויך קעגן זיין אייגענער פּאָליטישער און מאָראַלישער איבערצייגונג. איינצלטעראָר, טויטן אַ מענטש הינטנאַרום, אַ באַאַמטן — ער האָט געהאַט אַ ווידערגעפיל דאַקעגן. אָבער דער אַרעסטירטער איז געווען אַ קרבן, אַ קרבן פונעם צושטאַנד און פון זיין טעמפּעראַמענט, אָדער אומלאָגישקייט.

בנימין, דער ברודער פון דעם, וועלכן ער האָט מיט יאָרן צוריק פּאַרטיידיקט (זיין ערשטער פּאָליטישער פּראָצעס) און דער טעראָריסט — ביידע פון דער פּראָווינץ, פון דער זעלבער שטאָט — זענען געזעסן אין טורמע שוין גאַנץ לאַנג און נאָך אַלץ געוואַרט אויף זייער פּראָצעס. די אַקטן ליגן אויפן אַדוואָקאַטס שרייבטיש. ער וואַרט אויף די נאָענטע פון די צוויי אָנגעקלאָגטע, כדי מיט זיי נאָך אַ מאָל דורכצורעדן געוויסע פּרטים.

ביי דער דרויסנדיקער טיר, וואָס האָט געפירט אין וואַרטצימער, האָט געקלונגען. אַ מינוט שפּעטער האָט דאָס ביוראָמיידל געמאָלדן: „אַ מאַן מיט אַ פרוי, עלטערן פון אַן אַרעסטירטן". ער האָט זי געהייסן אַריינשיקן די צוויי קליענטן. ס'זענען אַריינגעקומען דעם חבר טוביהס טאַטע־מאַמע. מענדל איז אין דער קורצער צייט געעלטערט געוואָרן אויף יאָרן. ער איז נישט גרוי געוואָרן. זיינע האָר זענען געבליבן קוילשוואַרץ ווי זיי זענען געווען. אָבער זיין פּנים איז געוואָרן אַש גרוי, פאַרגליווערט־האַרט, איינגעשרומפּן, די אויגן אויסגעלאָשן און טיף־איינגעזונקען אין קאָפּ, דער רוקן שטאַרק איינגעבויגן, ווי ביי אַ 90 יעריקן זקן. דאָך איז דער גייסט אין אים נישט טויט, נאָר פאַרקערט; די ליידן פון דאָזיקן צעטראָטענעם מענטש שרייען אַרויס פון אים מיט אַזעלכע גרויליקע קולות, אַז ווען מענטשן וואָלטן געהאַט אויערן זיי צו הערן, וואָלטן זיי וואַנזיניק געוואָרן. הייה־לאה אָבער איז דערשלאָגן.

אַדאַם איז אויפגעשפּרונגען פון זיין שטול, איז צוגעגאַנגען צו די צוויי מענטשן און האָט זיי אַוועקגעזעצט פאַר זיך אויף אַ צוויי פאָטעלן.

מענדל איז געווען גערירט, נישט בלויז פונעם אַדוואָקאַטס פריינדלעכקייט, וואָס האָט געקאָנט בלויז זיין העפלעכקייט, נאָר פון דער גרויסער מענטשנליבע, וועלכע ער האָט דערזען אין אַדאַמס גרויסע, בלויע אויגן און פון דער שטאַרקער וואַרעמקייט, וואָס ער האָט דערפילט אַרויסשטראָמען פון אַ גרויס האַרץ. דאָך, נאָך אַלץ מורא האָבנדיק, אַז דער אַדוואָקאַט האָט אים און זיין פרוי צוגעטיילט אַזוי פיל פריינדלעכקייט (אָדער דאָך בלויז העפלעכקייט) ווייל אַזוי פירט ער זיך מיט אַלע זיינע קליענטן — צוליב געשעפט — האָט מענדל גלייך געמאָלדן: „איך וויל אייך אין פאָרויס זאָגן, פּאַניע מעצענאַשיע, מיר זענען די אָרעמסטע שבאָרעמסטע".

„און די אומגליקלעכסטע פון די אומגליקלעכע", האָט חייה־לאה מוסיף געווען.

„דאַמיט האָב יאָך אייך געוואָלט זאָגן", האָט מענדל ווידער אָנגעהויבן, „אַז מיאָר האָבן נישט קיין איין פּרוטה. יאָך וועל אייך גאָרנישט קאָנען בעצאָלן פאַר אייאָר טרחה, אויב איאָר זאָלט די זאַך אָננעמען". ער האָט פאַרשנדיק געקוקט אויפן אַדוואָקאַט, דערוואַרטנדיק אין זיין פּנים צו דערזען דאָס, וואָס איז ער אין זיין לעבן געווען געוווינט צו זען אינעם אויסדרוק פון די, ביי וועלכע ער האָט געבעטן אַ טובה. דערזעענדיק אָבער אינעם אַדוואָקאַטס פּנים פּונקט דאָס פאַרקערטע, האָט מענדל חרטה געהאַט אויף דעם וואָס ער האָט געזאָגט. מאַמענטאַן איז אין אים פאָרגעקומען אַן ענדערונג, וואָס טרעפט זיך אַ מאָל ביי

אַ קראַנקן וועלכער פילט שוין דאָס אָנקומען פון דער גסיסה; נאָר פּלוצעם הייבט אים גאָר אָן ווערן בעסער פון דער מעדיצין, וואָס דער דאָקטער האָט אים געגעבן...

„דערציילט מיר", האָט דער אַדוואָקאַט זיך געווענדט צו די צוויי קליענטן זיינע, „וועגן וואָס איר זענט צו מיר געקומען, וואָס ס'האָט פּאַסירט!"

פון חיה־לאהס האַרץ האָט זיך אַרויסגעריסן אַ הויכער און לאַנגער זיפץ.

מענדל האָט אָנגעהויבן אַזוי: „כ'זאָל אייך דערציילן וואָס ס'האָט פּאַסירט? — דאָס איז נישט מעגלאָך. גאַנצע בערג ליגן אויף מיין האַרץ, בלייענע בערג... דאָס בליי איז צעשמאָלצן פונעם פייער, וואָס ברענט דאָ־אינעווייניק, טיף אין האַרץ, אין דער נשמה... דערציילן"...

חיה־לאה האָט זיך געוויגט אַהין און אַהער, געדרייט דעם קאָפּ הין און צוריק, ווי זי וואָלט נישט געקאָנט און נישט געוואָלט מסכים זיין מיט עפּעס... זי האָט אַרויסגעקרעכצט: „איין אומגליק נאָכן אַנדערן, איינס שווערער ווי דאָס אַנדערע"...

„איובס צרות", האָט מענדל ווידער אָנגעהויבן.

„טויזנט מאָל ערגער", האָט חיה־לאה אויך דאָ אויסגעבעסערט איר מאַן און גענומען קלאָגן: „צוזאַמענגעטראָפן האָט אַלץ מיט אַ מאָל... איינגעשטירצט, ווי אַ הויז, וואָס איז שוין לאַנג פאַרפוילט, וואָס איז שוין לאַנג געווען אַ חורבה, אָבער ס'האָט זאָך נאָך אַלץ געהאַלטן, ביז איין מאָל — טראַסק! — צעשיט, אין גאַנצן צעשיט... אויס"... ווי קלאָגממוטערס, ווען זיי באַווייגען אַ טויטן מיט אַ טרויעריק, מאָנאָטאָן זינגענדיקן ניגון, אַזוי איז חיה־לאה זיך פאַרגאַנגען אין אַ האַרצרייסנדיקער מעלאָדיע: „דרייצן קינדער האָט מיין בויך אויסגעטראָגן. זעקס האָבן געהאַט אָפּגעשניטענע יאָר: די מלחמה, דער טיפוס, די שווינדזוכט — יעדער חולאת האָט גענומען איאָר חלק, יעדאָ צרה זיין טייל. געבליבן זענען מיאָר זיבן. דאָס יונגסטאָ — שוין דריי יאָר — קאָן זאָך נאָך אַלץ נישט שטעלן אויף די פיסלאָך. אַ יינגל פון זיבן יאָר — האָט יענאָ קרענק, וואָס האָט אַוועק־געלייגט די דרייצן יעריקאָ מיינאָ, אַ טאָכטער וואָס האָט געקאָנט אָנשפּאַרן גאָר הויך, ווי דער לעראָר אַליין האָט געזאָגט. אַ גאָלדן קינד מיט אַ גאָלדן האַרץ געווען. איז זי אויפגעטראָטן אין טיאַטאָר מיט אַנדעראָ קינדאָר — איז דער עולם אויסגעגאַנגען פאַר איאָר. וויי איז מיאָר! זי וואָלט געווען געזונט געוואָרן, ווייל מ'האָט זי געוואָלט אַוועקשיקן אין מעדעם־סאַנאַטאָריום. קומט אַריין דער קאַמאַרניק מיטן סטרוזש אונדז אַרויסצוּוואַרפן פון דער דירה — אַ קבורה, אָבער אַ דאַך איבערן קאָפּ — איז זי אַרויסגעשפּרונגען פון בעט, זאָך געוואָרפן דעם „מלאך המות" צו די פיס, אַז ער זאָל אונדז נישט אַרויסוואַרפן און באַ־קומאָן אַ „קוואָטאָק". וויי איז מיאָר און ווינד! פינף טעג האָט זי נאָך געלעבט. איז דאָס נאָך ווייניק; אַנטלויפט מיאָר די זעכצן יעריקאָ מיט אַ פאַרפיראָר. אונדזאָר עלטסטאָר זון איז אַרעסטיאָרט און גאָט ווייסט וואָס מיט אים וועט זיין".

„פאַר וואָס?" האָט דער אַדוואָקאַט געפרעגט.

נו, האָט מענדל צוריק איבערגענומען דאָס וואָרט וואָס די פרוי האָט אים פריִער אָוועקגענומען. ער האָט דערציילט, וואָס ער איז געוואָר געוואָרן וועגן דעם זונס אַרעסט.

„דאָס איז נאָך אַלץ נישט דער סוף". חייה־לאה איז ווידער אַריינגעפאַלן דעם מאַן אין די רייד: „אַרויסגעוואָרפן פון דער דירה האָטמאַ אונדז דאָך. אַ ווינקל ערגיץ ווו דעם קאָפּ אַנידערצולייגן האָט אונדז קיינער נישט געוואָלט געבן, אַפילו נישט אין הקדש. אין די באַראַקן, וואָס מ'האָט אויפגעשטעלט הינ־טער דער שטאָט פאַר היימלאָזע, דאָרטהין האָטמאַ אונדז געשיקט. זעמאָר דאָרט געוועזן צוויי וואָכן; לענגער האָמאָר אין דעם גיהנום נישט געקאָנט אויסהאַלטן".

„ווו זשע זענט איר?" האָט דער אַדוואָקאַט געפרעגט. ווו וווינט איר?"

חייה־לאה האָט אַ משוגענעם לאַך געטאָן. „כי... וווינען... אונטער אַ בריק פון דער ווייסל... דאָרט זענאַ מיאָר נישט אַליין... דערווייל איז זומאָר... ביי דער ווייסל... כי... כי... כי... כע־כע־כע... געהאַט נאָך אַ טאָכטער, אַ מיידל אין די יאָרן שוין — פאַרשוווּנדן, ווייס נישט וווּהין"...

דער אַדוואָקאַט האָט אַוועקגעשטעלט זיינע עלנבויגנס אויפן טיש, אַריינגע־לייגט ס'פּנים אין די הענט, זיך פאַרשטעלט די אויגן און געשוויגן. דאַן האָט ער זיך געווענדט צו מענדלען: „ווי הייסט דער זון, וועלכן די פּאָליציי האָט אַרעסטירט?"

„טוביה".

„פאַמיליענאָמען?"

„בריקאַייזן".

„אַ מיטגליד פון אַ פּאַרטיי?"

„יאָ".

„פון וועלכער?"

„פון דער קאָמוניסטישער".

האָבנדיק אויפגענומען אַלץ, וואָס ער האָט באַדאַרפן וויסן, האָט אַדאָם גערופן צו זיך די פרוי זיינע. ער האָט זי געפרעגט אויב זי קען דעם נאָמען טוביה בריקאַייזן. אַדאַ האָט איר מאַן געזאָגט, אַז זי ווייסט די גאַנצע זאַך.

„גוט". דער אַדוואָקאַט האָט זיך געווענדט צו זיין פרוי: „פאַר די דאָזיקע מענטשן מוז עפּעס געטאָן ווערן, און טאָקע באַלד!"

אַדאַ איז צוריק אַרויסגעגאַנגען און מיטגענומען מיט זיך די צוויי אומ־גליקלעכע מענטשן.

5

דאָס ביוראָמיידל האָט דאַן אַריינגעפירט איין קליִענט נאָכן צווייטן און יעדעס מאָל געגעבן צו פאַרשטיין איר שעף, אַז ער מוז אָפּפאַרטיקן אַ ביסל שנעלער, ווייל דאָס וואַרטצימער איז פול מיט מענטשן. אַדאָם האָט אַצינד שוין געאַרבעט אַ סך שנעלער ווי אַמאָל ביי יאַנוש אייגער. דאָך איז ער קיין מאָל

נישט פּאַרטיק געוואָרן. דאָס מיידל האָט אַריינגעבערענגט אַ גרופּע פון פינף קליענטן, ווייל אַלע זענען געקומען וועגן דער זעלבער זאַך צום אַדוואָקאַט: אַז ער זאָל זיך משתדל זיין, ער זאָל זען עפּעס צו טאָן דאָקעגן מ׳זאָל זייערע נאָענטע נישט שלאָגן אין די טורמעס ווו זיי זיצן, מ׳זאָל זיי נישט פּייניקן דאָרט. איינע פון די פינף, אַ יונגע פרוי מיט רויטע געשוואָלענע אויגן, האָט היסטעריש דערציילט: „אין דער טורמע, ווו מיין מאַן זיצט פאַר פּאָליטישער טעטיקייט, האָט מען זיינס אַ חבר אַזוי געשלאָגן, אַז ער איז אין עטלעכע טעג אַרום געשטאָרבן. דער טורמע־דאָקטער האָט אויסגעשטעלט אַ שיין, אַז דער אַרעסטאַנט איז געשטאָרבן פון לונגענאַנטצינדונג. ביים טאָן זיין רעכט האָט אָבער די חברה קדישא דערקענט אויפן מת, אַז ער איז געשטאָרבן פון קלעפּ: מ׳האָט אים דערהרגעט. אין „סיים" האָבן אונדזערע חברים וועגן דעם אַפּעלירט; אָבער ס׳איז גאָרנישט אַרויסגעקומען דערפון".

צוויי עלטערע פרויען פון דער גרופּע האָבן זיך געשווירן: „זאָל יאַך" — אַזוי האָט דערציילט איינע — „אַזוי דערלעבן צו הערן מיין זונס קול ווען ער וועט ווידער געזונטערהייט זיין אין דער היים, באַפרייט פון דער טורמע, ווי יאַך האָב מיט מאַנאַ אייגענאַ אויערן געהעאַרט שרעקליכאַ געשרייאַן פונעם „פּאַוויאַק". ס׳איז געווען שפּעט באַנאַכט. יאַך האָב מיאַך געדרייט הין און צוריק אויף דער גענשאַ און געהעאַרט שרעקליכאַ געוואַלדן". די צווייטע האָט דער־ציילט כמעט אויפן זעלבן אופן: „אַזוי זאָל מאַאַן טאָכטער נאָך אַרויסקומען פון דאָרט, ווי אַלץ וואָס יאַך וועל איהנען אַצינד איבערגעבן, פּאַניע מעצענאַשיע, איז אמת. געוואָר געוואָרן בין יאָכס פון מאַאַן טאָכטערס אַ חברטע, וואָס איז מיט איאָר געזעסן און איז נישט לאַנג צוריק בעפּראַט געוואָרן. געשעען איזס נאָך ווינטאָר. צווישן 11—12 באַנאַכט זענען אַריינגעקומען אין איאָר צעל עט־ליכע וועכטאָר, האָבן פון איאָר אַלץ אַראָפּגעריסן, איאָר געבונדן די הענט, פאַר־שטאָפּט ס׳מויל, און איינאָר נאָכן צווייטן האָבן זי פאַרגוואַלטיקט".

ווי שוידערלעך ס׳איז געווען דאָס אַלץ, וואָס די קליענטן האָבן איבערגעגעבן דעם אַדוואָקאַט, איזס אָבער געווען פון גאַנץ געוויינלעכע פּאַסירונגען, וועגן וועלכע די סאָציאַליסטישע פּרעסע האָט כסדר באַריכטעט. אַפילו די רעכטע צייטונגען האָבן געשריבן דעריבער. די רעאַקציאָנערע האָבן זיך ציניש אויסגע־לאַכט, באַצייכנט די באַריכטן וועגן די שרעקלעכע מעשים אין די טורמעס אַלס, „באָבע־מעשיות" און מוסיף געווען: „די דאָזיקע בונטאָווטשיקעס, די באַנדיטן, וואָלטן געוואָלט, אַז מ׳זאָל זיי באַלוינען פאַר זייער קאַמף קעגן דער רעגירונג און שטערן די געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג!" די אַפּעלאַציעס וועגן די הימל־שרייענדיקע פאַרברעכנס פון די טורמע־פאַרוואַלטונגען, וואָס די ראַדיקאַלע דעפּוטאַטן האָבן דויערנדיק אַריינגעטראַגן אין סיים, זענען זעלטן גענומען געוואָרן אין באַטראַכט. און אַז ס׳איז יאָ שוין אַ מאָל פאַראָרדנט געוואָרן אַן אונ־טערזוכונג, איז נאַטירלעך נישט געפונען געוואָרן וועלכער ס׳איז באַווייז, וואָס זאָל באַשטעטיקן, אַז אין די טורמעס הערשט נישט די בעסטע אָרדענונג. ס׳איז

דאַן אויסגעקומען, אַז די לינקע פּרעסע פֿאַרשפּרייט בייזוויליקע רכילות אויף דער רעגירונג, מיט דער נידערטרעכטיק פֿאַרברעכערישער אויסרעכענונג זי צו פֿאַרלוימדן אין אויסלאַנד. און די ליבעראַלע דעמאָקראַטישע צייטונגען פֿאַלן אין זייער נאַיִוויטעט, אָדער גײַציג נאָך סענסאַציעס, אַריין. אַזוי האָבן דאַן געשריבן די מיאוסטע פֿון די רעאַקציאָנערע צייטונגען און אויפגעפּאָדערט די געהעריקע רעגירונגס־אינסטאַנצן די דאָזיקע ליבעראַלע צייטונגען צו אונטערזוכן, אויב זיי קאָנספּירירן נישט צו מאָל מיט די קאָמוניסטן, מיט די רוסישע, באָלשעוויסטישע אַגענטן.

פֿאַר די פּאָליטישע אַרעסטאַנטן האָט אַ כלומרשטע אונטערזוכונג פֿונעם יוסטיץ־מיניסטעריום זיך געענדיקט זייער פֿאַטאַל: אין די טורמעס האָבן זיך דאַן אָנגעהויבן פּשוט אָרגיעס פֿון אַלערליי סאַדיסטישע רציחות, אַזעלכע, וואָס אַפֿילו דער טײַוול אַליין וואָלט זיי נישט געקאָנט אויסטראַכטן. ווי שלעכט און קנאַפּ דאָס עסן איז געווען, איז עס געוואָרן נאָך קנאַפּער און נאָך ערגער. דאָס שטאַרבן פֿון שווינדזוכט, פֿון האַרצקראַנקייטן, פֿון פֿאַרשידענע מאָגן־און־געדערים־חולאתן, האָט זיך צווישן די פּאָליטישע פּילפּאַך פֿאַרמערט. נישט ווייניק זענען אַראָפּ פֿון זינען. אין טייל קאַמערן האָט מען די אַספֿאַלט צעלן באַשיט מיט שפּיציקע שטיינדלעך, זיי באַגאָסן מיט וואַסער און דאָס וואַסער פֿאַרפֿרוירן. דערויף האָבן די אַרעסטאַנטן געמוזט ליגן נאַקעט. די וועכטערס האָבן דאָס אָנגערופֿן „ליאָדעס מיט ראַזשינקעס און מאַנדלען" און האָבן געקייכט פֿון געלעכטער: „נישט צום עסן... בלויז צום שלאָפֿן דערויף... ס'איז ווייך און וואַרעם און מ'האָט גוטע חלומות..." אויף דער פּראָווינץ האָבן וועכטער אַרײַנגעוואָרפֿן פּאָליטישע אַרעס־טאַנטן אין די גריבער פֿון די אָפּטריטן. דאָס האָט געהייסן אַ „וואַנע". אָדער ס'האָבן וועכטער אָנגעלאָזט וואַסער אין קעסלען, אַרײַנגעטאָן שוועבל און ביי די האָר געהאַלטן די קעפּ פֿון פּאָליטישע אינעווייניק און דאָס אָנגערופֿן „בעדער". ס'האָבן זיך געמערט די זעלבסטמאָרדן און אַלץ מער זענען דערשאָסן געוואָרן „ביים אַנטלויפֿן" לויט די אָפּיציעלע באַריכטן.

דעם אַדוואָקאַט אַדאַם ווייס איז אָפֿט אויסגעקומען צו אינטערווענירן ביי קלענערע און העכערע באַאַמטע וועגן גרויזאַמע באַהאַנדלונגען פֿון זײַנע קליִענטן אין דער אָדער אַנדערער טורמע. שטענדיק אָן דערפֿאָלג. אָבער יעדעס מאָל, ווען ס'זענען צו אים געקומען נאָענטע פֿון די אומגליקלעכע אין די תּפֿיסות און אים דערציילט וועגן די שוידערלעכקייטן, איז ער אויפֿגעציטערט געוואָרן און איז ווידער געלאָפֿן קלאַפּן אין די טירן פֿון קאַנצעלאַריעס.

6

די לעצטע קליִענטן זענען געווען דער חבר ליכטענבערג און די חברטע פֿייגע: ער וועגן זײַן ברודער בנימין און זי וועגן איר ברודער אהרן. נאָך דעם ווי דער אַדוואָקאַט האָט פֿון איר באַקומען די נייטיקע פּרטים, וועגן וועלכע ער האָט דורך אַ בריוו זי געבעטן קומען צו זיך, האָט ער איר געזאָגט: „איך האָף,

אַז צו לאַנג וועט שוין נישט געדויערן צום פּראָצעס. די אָנקלאַגע קעגן אייער ברודער, ווי איר ווייסט שוין, איז זייער ערנסט, באַזונדערס ווייל אין זיין וווינונג האָט מען געפונען רעוואָלווערס און באָמבעס און זי ווערט באַצייכנט אַלס די הויפּט־קוואַרטיר פון דער טעראָריסטישער אָרגאַניזאַציע. זיין פריינדין דינה גרינצווייג ווערט אויך אַ נידערטרעכטיקן אופן — כדי אין דער עפנטלעכקייט אויסצולעשן יעדן פונק פון סימפּאַטיע צו איר — אָנגערופן די הור פון די באַנ־דיטן. איך ועל טוען וואָס איך וועל קאָנען", האָט ער פאַרזיכערט, „אַלץ וואָס איז נאָר מעגלעך פאַר אַן אַדוואָקאַט. דאַנקט מיר נישט. דאָס איז מיין חוב. נאָר קיין גרויסע האָפענונגען האָב איך נישט".

גלייך ווי די חברטע פייגע איז אַרויס פון ביוראָ, איז אַריינגעקומען דער חבר ליכטענבערג. זעענדיק ווי מיד און צעבראָכן זיין פריינד איז, האָט ער גע־פרעגט: „אפשר זאָל איך קומען אַן אַנדערש מאָל?"

„פאַר וואָס?"

„איר זענט אויסגעמאַטערט".

דער אַדוואָקאַט האָט אַרומגענומען יעקבן: „נישט מער ווי יעדן טאָג, ליבער פריינד, אָבער נישט פון דער אַרבעט. אַזוי פיל לייד! דער רוים איז אָנגעפילט מיט לופט. דאָס לעבן פונעם מענטש אָבער איז אָנגעפּיקעוועט מיט פיין און שמערץ, וואָס קומט צום גרעסטן טייל פון דער אומגליקלעכער עקאָנאָמישער לאַגע אין וואָס דער קאַפּיטאַליזם איז פאַראינטערעסירט; דאָך, נישט ווייניק איז דערין שולדיק די בייזוויליקייט אין דער מענטשלעכער נאַטור. פאַרמעגן קאָרומ־פּירט; מאַכט אָבער, פאַרוואַנדלט דעם מענטש אין אַ ווילדע בעסטיע".

נישט דרייסט — פון עניוות און צו פיל דרך־ארץ פאַר אַקאַדעמישער ביל־דונג — האָט יעקב געפרעגט: „איז נישט דאָס שיינע און גוטע אין דער מענטש־לעכער נאַטור שטאַרקער ווי דאָס מיאוסע און שלעכטע?"

דער אַדוואָקאַט האָט געטראַכט אַ מאָמענט: „שווער צו מעסטן".

„איך דענק אַז יאָ". יעקב האָט געפּרוווט באַווייזן: „די אַנטוויקלונג איז שטופנווייז געגאַנגען פון פּרימיטיוון צום קאָמפּליצירטן, פון גראָבן צום איידעלן, פון גשמיותדיקן צום רוחניותדיקן. באַזיץ איז דאָס חומרדיקע וואָס ציט אַראָפּ דעם מענטשס נשמה. דער קאַפּיטאַליזם קאָרומפּירט דעם מענטש מער ווי אַלע פריערדיקע פאָרמען פון באַזיץ. דער קאַפּיטאַליזם איז אָבער שוין די לעצטע סטאַדיע און האָט בלויז נאָך אַ קורצע צייט צו לעבן. דאַן קומט דער סאָציאַליזם".

דער אַדוואָקאַט האָט מקנא געווען זיין פריינד וועגן דער נאַיוויטעט זיינער און אַ ווייטיקלעכן זיפץ געטאָן: „הלוואי... אָבער דאַן וועט זיין דאָס שטרעבן צו מאַכט, די מאַכט פון איינעם איבערן אַנדערן, פון העכערן באַאַמטן איבערן נידעריקן. היינט — אין דער קאַפּיטאַליסטישער צייט — איז פאַרמעגן מאַכט. דער מענטש שטרעבט צו מאַכט" — — —

דאָס האָט געטראָפן אין יעקבס צווייפלען, וואָס איז אין דער לעצטער צייט געוואָרן אַלץ שטאַרקער און אים דערפירט צו אַלץ אָפטערע קאָנפליקטן מיט

דער פּאַרטיי. ער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און זיך פאַרטרויט: „דאָס איז וואָס מאַכט מיך פּאַר אַזאַ צעריסענעם מענטש. איך אַרבעט איבער מיינע פּיזישע כוחות פאַר דער אידעע פון סאָציאַליזם, פאַרן דאָזיקן גרויסן און הייליקן אידעאַל, וועלכער מאַכט ווערט דאָס לעבן און די מסירת נפש און איז דער העכסטער אינהאַלט אין מיין לעבן. אָבער מיר פעלט די זיכערקייט פונעם גלויבן, וואָס ס'האָט געהאַט מיין טאַטע, דער פרומער סופר, אַזוי לאַנג ווי ער האָט געלעבט. אַזוי איז מיין טאַטנס אַ פריינד, אַ פרוש. ער איז פון נאָך דער מלחמה אָן אין וואַרשע. פון צייט צו צייט זע איך אים. ער איז אַ מיסטיקער. אָבער איך האָב ליב מיט אים צו רעדן. מיט מיין פאָטער האָב איך תמיד געהאַט צו קעמפן. אייגנטלעך צוליב אַ קלייניקייט, ווייל דער תוך פון אונדזער יידישער אמונה איז פאַר אונדז ביידן שטענדיק געווען איינער און דער זעלבער. איך האָב בלויז נישט געקאָנט אָננעמען זיין פערזאָניפיצירטן גאָט, דעם אַלץ זעענדיקן, אַלץ וויסנדיקן, מיט אַלץ רעגירנדיקן, מאַראַליש שטרענגער און אומפניותדיקער ריכטער. מיין טאַטע איז אָבער נישט געווען קיין נאַיוו־גלייביקער. ער האָט אַמאָל געהאַט ספיקות, נאָר ער האָט זיי גובר געווען. ער האָט געהאַט פאַנטאַזיע אַבסטראַקטע געדאַנקען זיך פאַרצושטעלן בילדלעך. מיין אומגליקלעכער ברודער אין תפיסה האָט זיין טאַלאַנט צו מאָלן און צייכענען בירושה פונעם פאָטער, כאָטש אונדזער טאַטן איז אַפילו נישט איינגעפאַלן צו מאָלן. אין אַ שבת — האָט מיין טאַטע געהייסן אַלע אַרויסגיין פון שטוב, כדי צו קאָנען רעדן מיט מיר אונטער פיר אויגן. דאָס וואָס ער האָט מיר געזאָגט איז געווען אַ גייסטיקע צוואה. זיינע לעצטע ווערטער זענען געווען: „געדענק, מיין זון! גאָטס וואָרט און זיינע וועגן פון גערעכטיקייט קאָן מען בלויז לערנען און פאָרשן און לערנען אַנ־דערע!״... „אמת איז דער עיקר און דורך שקר קומט מען נישט צום אמת! דורך טאָן אומגערעכטיקייט דערגרייכט מען נישט קיין גערעכטיקייט!״... „קיין שום אומגערעכטיקייט, וואָס ווערט אָפּגעטאָן, גייט נישט פאַרלוירן; ס'איז ווי אַ פונק וואָס טליעט און ווערט נישט פאַרלאָשן. און ווען ס'האָבן זיך אָנגעזאַמלט אַ סך פונקען — ווערט אַ פלאַם: עס ברעכט אויס אַ שריפה, וואָס פאַרברענט און מאַכט חרוב שטעט און לענדער!״

דער אַדוואָקאַט האָט אויסגערופן באַגייסטערט: „הערלעכע געדאַנקען! גרויסע סימבאָלן!״

יעקב האָט פאַרגעסן וועגן וואָס ער איז געקומען און ווייטער דערציילט: „פאַרן פרוש איז גאָט חכמה, יושר, גוטסקייט, און שיינקייט. דערמיט זאָגט ער, איז אָנגעפילט די לופט, און דאָס דרינגט אַלץ מער און מער אַריין אינעם מענטשס נשמה״.

דער אַדוואָקאַט האָט ווידער אויסגערופן: „הערלעך! הערלעך! עטוואָס ענלעך צו אייער אָפּטימיזם״.

אָבער יעקב איז ווידער באַהערשט געוואָרן פון זיינע ספיקות, פון זיין פעסימיזם: „דער עקאָנאָמישער חורבן איז פאַרן קאַפּיטאַליזם דער באָדן פאַר

מלחמה. ס׳קומט אַ צווייטע וועלט־מלחמה. זי וועט זיין אַ סך שרעקלעכער, שוידערלעכער ווי די ערשטע. דער פּאָרשריט פון דער טעכנישער וויסנשאַפט קומט איצט פּאָר מיט דער שנעלקייט פונעם עראָפּלאַן. דערוויייל ווערט די דאָזיקע וויסנשאַפט באַנוצט אויף צעשטערונג. שטעלט אייך פאָר, וואָס אַ דריטע, אָדער אַ פערטע, צי אַ פינפטע מלחמה״...

דער אַדוואָקאַט האָט זיך צעלאַכט: „איר זענט אַ ווילדער פּעסימיסט, מיין פריינד. איר גלייבט נישט געגנוג אין אייער אידעאַל, איר מוזט גלויבן אין דער סאָציאַליסטישער אידעע, ווי אייער פרומער פאָטער האָט געגלויבט אין גאָט, אין משיחן. איר מוזט גובר זיין אייער פּעסימיזם״.

„ווי אַזוי טייערער חבר?״ צום ערשטן מאָל האָט יעקב אָנגערופן דעם אַדוואָקאַט מיטן דאָזיקן נאָמען. ס׳האָט זיך פון אים אַרויסגעכאַפּט אין זייןליידנשאַפט. אין טראַגישער צעריסנקייט האָט ער דערמאָנט דעם אַדוואָקאַט: „איר זענט דאָך אויך אַ פּעסימיסט. לויט אייך וועט דער סאָציאַליזם דעם מענטש נישט דערלייזן, ווייל דער מענטש שטרעבט צו מאַכט, וואָס איז די בייזוויליקייט פון זיין נאַטור״.

דער אַדוואָקאַט האָט אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויף זיין פריינדס אַקסל און געלערנט מיט אים: „פאַראַן צווייערליי פּעסימיזם, מיין פריינד, מיין חבר. פאַראַן אַ צעשטערערישער פּעסימיזם און אַ שאַפנדיקער, אַ גראָבנדיקער צו אַלץ טי־פערע אמתן. דער שאַפנדיקער איז דער סקעפּטיציזם, דער צעשטערערישער איז פאַרצווייפלונג, מעלאַנכאָליע. ס׳איז אמת, אַז דער מענטש שטרעבט צו מאַכט, אַז אין זיין נאַטור איז דאָ בייזוויליקייט; ס׳איז אָבער אויך אמת וואָס איר האָט געזאָגט וועגן דער אַנטוויקלונג און וואָס דער פּרוש, וועגן וועלכן איר האָט דערציילט, האָט געזאָגט. אונדז ביידן בלייבט צו נעמען פאַר אַ ביישפּיל דעם גרויסן גלויבן פון אונדזערע פרומע: איר פון אייער פאָטער און איך פון מיין זיידן, פון מיין טאַטנס פאָטער״.

אַ ווײַלע האָט יעקב געטראַכט און דאַן האָט ער באַשלאָסן זיך מודה צו זיין: „ווייסט איר״ האָט ער געקוועלט אָנגעהויבן, „איך דענק אָפט, אַז ווען דער מענטש, יעדער אַליין, זאָל זיך פאַרטיידיקן ווי ס׳פאַרטיידיקט זיך די חיה, וואָלט אפשר אוממעגלעך געווען אַזאַ צושטאַנד ווי ס׳איז. אפשר איז דער אהרן מיקנשלעגער, וועלכן איר וועט דאַרפן פאַרטיידיקן, דאָך גערעכט? אפשר איז דער איינצלטעראָר דאָך ריכטיק? פשוט: פאַרניכטן דעם טיראַן, דעם גרענעצלאָזן, געוויסנלאָזן אויסבויטער, דעם, וועלכער טרייבט צו מלחמה, אויך דעם פאַר־רעטער!״

„מיין פריינד! מיין חבר!״ דער אַדוואָקאַט האָט אַ דערשראָקענער אַרויפ־געלייגט ביידע הענט אויף יעקבס אַקסלען: „דאָס איז, וואָס איך האָב נאָר־וואָס געזאָגט: צעשטערערישער פּעסימיזם, פאַרצווייפלונג! די אַנטוויקלונג פונעם מענטש ליגט אין זיין קאָלעקטיווקייט, אין דעם רעאַגירן און האַנדלען דורכן כלל און נישט דורכן יחיד״.

יעקב האָט מודה געווען: „דאָס איז אמת, הגם צו דענקען איז פּעיִק נאָר דער יחיד און נישט דער רבים. פּונקט אַזוי ווערט בלויז דער אינדיווידועלער מענטש באַהערשט פון געוויסן און פאַראַנטוואָרטלעכקייט, און נישט די מאַסע".

ביידע האָבן נאָך אַ ווײַלע דיסקוטירט וועגן אָט דער דאָזיקער פראַגע: איז דעם יחידס גייסטיקע און מאָראַלישע פעיִקייט די פּרוכט פונעם קאָלעקטיוו, אָדער איז עס פאַרקערט, דער גייסטיקער און מאָראַלישער פאָרשריט פונעם קאָלעקטיוו קומט פון די אויסדערוויילטע יחידים? נישט קאָנענדיק באַווײַזן אַזוי אָדער אַנדערש, האָט דער אַדוואָקאַט געזאָגט: „יאָ, וועגן אייער ברודער! – דאָס אומגליק איז, וואָס פונעם רעוואָלווער, וועלכן די פּאָליציי האָט ביי אים געפונען, זענען געווען אויסגעשאָסן פיר קוילן און דער פּראָוואָקאַטאָר, דער דוד סאָראָקע, איז ביי יענער מאַי־דעמאָנסטראַציע נישט געפאַלן פון אַ פּאָלי־צייִשער אָדער זעלנערישער קויל. דאָס איז פעסטגעשטעלט געוואָרן ביי דער אויטאָפּסיע. אַלץ וואָס אייער ברודער האָט געזאָגט ביי דער אויספאָרשונג איז דעריבער נישט גענומען געוואָרן ערנסט. אויך האָט די פאַרוואַלטונג פון דער פּאַרטיי, פון וועלכער ער איז אַ מיטגליד, געענטפערט אויף אַן אָנפרעג פון דער פּאָליציי, אַז ס'איז קיין מאָל נישט גערעדט געוואָרן אויף וועלכער ס'איז זיצונג וועגן פאַרטיידיקן זיך מיט געווער קעגן כוליגאַנישע אָנפאַלן און דעריבער האָט דער דערמאָרדעטער דוד סאָראָקע אַזעלכעס נישט געקאָנט זאָגן. אָבער מיר וועלן זען". ער האָט זיך פלוצעם געכאַפּט, אַז ס'איז שוין שפּעט, און אַ קוק טוענדיק אויפן קליינעם זייגערל, וואָס ער האָט אַרויסגעגראַבלט פונעם לינקן וועסטל־קעשענקעלע, האָט ער זיך אָנגעכאַפּט ביים קאָפּ: „מיין אָרעמע אַדאַ!"

יעקב האָט זיך געזעגנט און איז אַוועקגעגאַנגען.

קאַפּיטל פערצן

# ביי דער ווייסל

## 1

„סטאַרע מיאַסטאָ" („אַלטע שטאָט") איז אַ קליינער ראָמאַנטישער טייל פון דער פּוילישער רעזידענץ נאָענט ביי דער ווייסל, אַן אויסערלעכער איבערבלייב פון מיטלאַלטער און פונעם פּוילישן דעמאָלטיקן גלאַנץ. ס'שטייען דאָרט געוועזענע מלוכה־בנינים, דענקמעלער און האַלב חרובע שלעסער. דעם דאָזיקן טייל, פּוילנס אַמאָליקער שטאָלץ און דערנאָך הייליקער אָנדענק, האָבן די רוסישע גובערנאַטאָרס בייזוויליק פאַרוואָרלאָזט. די רעגירונג פון באַפרייטן פּוילן האָט דעריבער מיט אַלע מי גענומען אויפריכטן די ערטער פון „סטאַרע מיאַסטאָ", אין וועלכער ס'האָבן

זיך געפונען די טייערע רעשטן פונעם פּאַטערלאַנדס אַמאָליקער שטאָלץ. זי האָט געלאָזט רענאָווירן די דענקמעלער, אויספּלאַסטערן די קליינטשיקע און שמאָלענקע געסלעך און באַמאָלן מיט אַ סך גאָלד, בלוי און רויט און גרין און ראָזאַ און פּיאָלעט און מיט נאָך אַ סך אַנדערע פאַרבן אַלע היסטאָרישע בנינים. זעט טאַקע די דאָזיקע „אַלטע שטאָט״ אויס ווי אַ בילד פון פּאַרצייטנס, וואָס האָט ווער ווייסט ווי לאַנג זיך אַרומגעוואַלגערט אין אַ קעלער, אָבער אַ ליבהאָבער פון אַלטוואַרג האָט עס אַנטדעקט און אָפּגעפרישט. דאָ און דאָרט האָט מען דאָס בילד פאַרראָכטן, אויסגעלאַטעט, צוגעמאָלט נייע טיילן, אויסגעבעסערט די אַלטע, און איצט שימערט עס אין אַלערליי „הערלעכקייטן״. קומען טוריסטן (די רעגירונג האָט אויסגעגעבן אַ סך געלט אויף רעקלאַמע) און גלאָצן. פּיפּיקע געשעפטסלייט האָבן פלינק און געשיקט דאָ געעפנט רעסטאָראַנען און באַרן, צוקערניעס און ווײַנשענקען און פאַרשידענע פרייַלעכע פאַרווײַלונגס־איינריכטונגען, אַז די באַזוכער — דער עיקר אױסלענדישע, וואָס קומען אָבער זייער ווייניק — זאָלן זיך קאָנען לאָזן ווילגיין און אַמוזירן.

די חשובע הערן און דאַמען גייען דורך די היסטאָרישע בנינים, קוקן אויף די ווענט און אויף די מאָגערע בילדער, וואָס הענגען אויף זיי, באַטראַכטן מבינותדיק און אין ערפורכט דאָס אַלטע, פּאַרצייטישע מעבל און אַנדערע הויזלעכע מכשירים, ווי גלאָזוואַרג, פייענס אדג״ל. מיט גרויס פּיעטעט הערן זיי זיך צו צו די אויף אַלץ אָנווייזנדיקע און אויפמערקזאַממאַכנדיקע געלערנטע פירער. טייל פון די אַלטערטימלעכקייטסבאַזוכער זענען זיך משער — אַזוי זאָגט זיי די פאַנטאַזיע אונטער — אַז אין דעם און דעם שלאָפצימער פונעם שלאָס האָט דער שררה פון דעמאָלט און דעמאָלט געלעבט מיט יענער און יענער געליבטע. ס׳איז גע־האַלטן געוואָרן בסוד, אָבער די גאַנצע וועלט האָט דאָס געוווּסט און ווייסט דאָס נאָך היינט. מ׳ווייסט אויך, אַז אָט אין דעם זאַל האָט יענער און יענער קיסר געטריבן זיינע אָרגיעס מיט דער פּרינצעסין אַזוי און אַזוי, וועלכע ער האָט גע־נומען געפאַנגען אין דער באַרימטער מלחמה און זי געבראַכט מיט זיך אויף זיין ווילדגאַלאָפּירנדיק פערד. און דאָ איז געווען דאָס שלאָפצימער פון דער און דער קעניגין, וועלכע האָט יעדע נאַכט פאַרראַטן איר מאַן מיט אַן אַנדערן געליבטן. דער פירער אָבער ווייזט אָן: „דאָ האָט קאָשטשושקאָ אָפּגעהאַלטן באַראַטונגען מיט זיינע גענעראַלן און אַדיוטאַנטן אין דער גרויסער, ‚פּאָוסטאַניע׳ קעגן די רוסישע אונטערדריקער. אין דעם זאַל האָט געטראָגט קאַזשימיעזש דער גרויסער. אין דעם זאַל האָט נאַפּאָליאָן באָנאַפּאַרטע, אויפן וועג קיין מאָסקווע, געהאַט אַ זיצונג מיט זיין סוויטע״.

נאָכן האָבן באַזוכט די זעונגסווירדיקייטן גייען די חשובע געסט אין אַ באַר, אָדער אין אַ צוקערניע זיך קרעפטיקן נאָך דער אָנשטרענגונג. כמעט אַלע פאַר־ווײַלונגס־און־דערפרישונגס־ערטער געפינען זיך דאָ אין טיילן פון די היסטאָרישע בנינים: אין קעלערס, אין נידעריקע געוועלבן מיט אייזערנע טויערן. טייל מויערן זענען פון פעלדז אָדער גראַניט, עטלעכע איילן דיק, אָן פענצטער. דאָ זענען אַמאָל

געווען קאַטאַקאָמבעס, ווו מ׳האָט פּאַררעטער און ווידערשפּענסטיקע צוגעשמידט מיט קייטן צו די ווענט. מ׳האָט זיי געברענט מיט אָנגעגליטע אייזנס, אָפּגעשיילט די נעגל פון די פינגער, צעקוועטשט די געשלעכטס־טיילן, געשפּאַנט אויפן ראָד און דערנאָך געקעפּט אָדער געפירטלט. נו, האָבן פּיפּיקע געשעפטסלייט פאַר־וואַנדלט די דאָזיקע קאַטאַקאָמבעס אין אַמוזירונגס־ערטער פאַר פאַרליבטע פּאָרלעך.

2

אויך פאַניע בערנפעל קומט דאָ אַהער פאַרברענגען מיט זיין געליבטע. אָבער זיי קומען קיין מאָל נישט צוזאַמען. אָפט קומט ער פריִער און וואַרט אויף איר. טייל מאָל קומט זי פריִער און וואַרט אויף אים. נאָר קיין מאָל נישט לענגער ווי 5—10 מינוט. ביידע: פאַניע בערנפעל און פאַננאַ ריטאַ גאָלד — זיין סעקרע־טאַרין — זענען נאָך אַלץ אויף זייערע גוטע שטעלעס אין דעם רייכן הילפס־קאָמיטעט. היינט האָט אַוודאי עפּעס פּאַסירט מיט פאַניע בערנפעל, ווייל זיין געליבטע ריטאַ וואַרט אויף אים שוין אפשר אַ פירטל שעה. ס׳איז איר אומהיימלעך איינע אַליין צווישן דיקע שטיינערנע ווענט פון אַ געוועזענער קאַטאַקאָמבע און ס׳איז איר טאַקע אויך קאַלט, כאָטש אין דרויסן איז הייס. ס׳איז טונקל, ווייל ס׳בלישטשעט בלויז אַ קליין עלעקטריש פלעמל אונטער אַ געלן פאַרמענט־אַבאַ־זשור לשם ראָמאַנטישקייט.

ערשט נאָך אפשר צוואַנציק מינוט איז דער פאַרליבטער געקומען צו זיין האַרצנס־דאַמע. ער איז געווען אַ דערשראָקענער און אַ פאַרשוויצטער פון דער גרויסער חמימה אין חודש תמוז און אויך פון דעם וואָס ער האָט זיך געאיילט און געיאָגט צו זיין געליבטער. אַ פאַרסאַפּעטער האָט ער אויף פוילישריטערלעכן אופן געקושט די פינגער־שפּיצן פון דער געקרענקטער און געפרווירענער און הייס געשעפּטשעט: „קאַכאַנאַ ריטאַ... טייערע געליבטע“... זי אָבער, אַן אָנגע־צונדענע פון כעס, האָט דעם פאַרליבטן איצט נישט געענטפערט אַפילו אויף זיין גליִענדיקער ליידנשאַפט. זי האָט אַפילו נישט געקוקט אויף אים און דעריבער נישט געזען, אַז זיין בערדל, וואָס איז פאַר אירעטוועגן אַלץ מער איינגעשרומפּן, איז אַצינד שוין — ער קומט פון פריזיער און צוליב דעם אַזוי פאַרשפּעטיקט — גאָר גאָר קליין, און די וואָנסעס, אויף ענגלישער אַרט, זענען בלויז אַ צייג־בערשטעלע...

ריטאַס אויסטערליש שיינע, בלויגרינע אויגן, לייכטן אַצינד נאָך שטאַרקער ווי שטענדיק — צוליב איר כעס. זי איז לייכט אָנגעטאָן. די זיידענע זאָקן זענען דין ווי שפּינוועבס. די זילבער־לעטשלעך, מיט די הויכע אָפּצאַסלעך, באַדעקן קוים די פיענטעס און די פינגער. וואָלט זי כאָטש מיטגעהאַט אַ מאַנטל אָדער ווייניק־סטנס אַ שאַל. זי ציטערט פון צאָרן און פון קעלט קלאַפּט איר אַ צאָן אָן אַ צאָן. דער געליבטער נעמט זי אַרום אַ ברוגזע און וואַרעמט זי מיט זיין גרויסן גוף (שטענדיק ווי אַ קאַלכאויוון) און באַדעקט זי מיט פייערדיקע קושן.

ער האָט באַשטעלט פאַר ריטאַ עפּעס הייסעס צו טרינקען און פאַר זיך ליאָדעס (אים איז נאָך אַלץ הייס פון דרויסן) און אויך אַ פלאַש וויין. אַז זי האָט זיך שוין געהאַט איבערגעבעטן מיט אים, האָט ער זי אַ גליקלעכער אומאַרעמט. זיינע תאוודיקע אויגן האָבן זיך איינגעגעסן אין דער אַלאַבאַסטער ווייסקייט פון איר האַלדז און אין דעם אָנהייב פון די בריסטן, וואָס האָבן זיך אַרויסגעזען פונעם גרויסן דעקאָלט. ער האָט געלייגט זיין אָרעם אַרום אירע הערלעכע שולטערן, וואָס זענען שוין געווען אויסגעפּלאַסטערט מיט אַ שיכט פעטס. מיט דער אַנדערער האַנט האָט ער געגלעט אירע נאַקעטע, פולע אָרעמס און די רונדע אַקסלען. דער אויסדרוק פון זיין געליבטערס פּנים איז געוואָרן מילד און ליבלעך. ווען זי האָט געשמייכלט איז זי געווען באַצויבערנדיק. ס׳האָט זיך דאַן אַנטפּלעקט איר פּראַכט, וואָס איז ב״י אַ שיינער פרוי די צווייטע בלי׳ונג, די הערלעכקייט פון דער פולער פיזישער רייפקייט, וואָס איז ווי די צייטיקע פרוכט ווען זי איז פול מיט זאַפט און אַלע טעמים. פאַניע בערנפעלס ברייטע הענט מיט די דיקע פליישיקישנס האָבן אַריינגענומען אין זייער גאַרשטש דער געליבטערס פּנים מיט אַ העלפט פון איר קאָפּ. זיינע פליישיקע ליפּן פונעם ברייטן מויל האָבן זיך איינגעזויגן אין אירע. ער האָט געקושט אירע פינגער און די מאַניקירטע רויטע נעגל, זיך אַראָפּגעלאָזט טשיפּקע און געקושט אירע קני׳ען, אירע פיס, וואָס זענען גאַרנישט געווען אַזוי קליין. נישט אַראָפּנעמענדיק פון זיי די זילבערנע שיכלעך האָט ער זיי געדריקט צו זיין ברוסט, כדי זיי צו וואַרעמען. דאָס האָט ריטאַ באַזונדערס ליב געהאַט. ער האָט כסדר געשעפּטשעט: מיין קינד... מאָיאַ קאָכאַנאַ... זלאָטאַ ריטאַ״...

זי האָט געלאַכט: „זלאָטאַ איז מיין פאַמיליענאָמען איבערגעזעצט אין פּויליש״... פאַר אירע אויגן איז פלוצעם אַרויסגעשווימען פערלבערג: אַ בוכאַלטער, נאָך קיין 22 יאָר נישט אַלט. נישט לאַנג, אַז זי האָט אָנגעהויבן „גיין״ מיט אים. ער איז שטאַרק פאַרליבט אין איר און וויל מיט איר חתונה האָבן. אַ שיינער יונג, נישט קיין שלעכטער פאַרדינער. זי טראַכט, אַז פערלבערג איז דער ריכטיקער פאַר איר. נאָך דער חתונה וועט ער זיך עפּענען אַ געשעפט. אָבער איר שעפּס ליבע, כאָטש ער איז דריי מאָל אַלט ווי פערלבערג, ברענגט זי אַריין אין אַ גרעסערער אויפּפלאַמונג. יענער איז אַ „צוציק״... ער וואָלט זיך באַדאַרפט לערנען ביי דעם דאָזיקן אַלטן... זי דערמאָנט זיך, ווי זי פלעגט אין אָנהייב זיך ווערן קעגן זיין ליבע. ער האָט זיך אָבער אַזוי לאַנג באַמיט ביז ער האָט דערגרייכט.

אויסגעטרונקען דעם וויין, אויפגעגעסן אַלץ וואָס דער קעלנער האָט אַריינגעבראַכט, זענען ביידע אויפגעשטאַנען. זיי ווילן זיך היינט נאָך באָדן, נעמען אַ שיפל, און דאַן גיין אין „לונאַפּאַרק״.

3

אַרויסקומענדיק אין דרויסן האָבן ביידע גענומען זשמורען מיט די אויגן. ריטאַ האָט אירע אויגן כמעט נישט געקאָנט עפענען, אַזוי שטאַרק האָט די זון זי געבלענדט. אין אַ ים ליכט און היץ האָבן ביידע זיך געפונען. די גאַרבן בלאַס־

קענדיקע שטראַלן פון דער גרויסער גליִענדיקער זון, האָבן דאָס פּאַרליבטע פּאָרל, ווען ס'איז אַרויסגעקומען פון דער קעלט און טונקלקייט, געגומען קיצלען און ביידע האָבן געלאַכט נישט וויסנדיק פאַר וואָס. זיי האָבן גענומען גיין וואָס שנעלער, כדי גיכער צו קומען צום וואַסער.

די ווייסל האָט מיט איר קאַלטן אָטעם זיי געקילט שוין פון דער ווייטנס. זי ציט זיך זילבערדיק פון ביידע זייטן, ווייט, ווייט אַוועק. איר ברייטקייט אָבער איז נישט אַזוי גרויס, אַז אַ מענטש מיט אַ נאָרמאַלער ראיה זאָל נישט קאָנען זען איר צווייטן ברעג, וואָס איז אין פראַגע. דאָס וואַסער איז אַצינד גאַנץ רויִק, כמעט אין גאַנצן אָן כוואַליעס. ווי אַ שטילע מעלאָדיע פון אַ פאַרבענקטן, ראָמאַנטישן פּאַסטוכס פייפל איז אַצינד די ווייסל. זי שימערט אין צוויי פאַרבן: זילבערן און אין בלאַסבלוי. דאָך בייטן זיך די צוויי קאָלירן און מיניען זיך. דאָ פערלמוטערדיק, דאָ טונקלגרוי און אַפילו שוואַרצלעך, און אָט שימערן פאַסן גאָלד. די ליניעס פון די ברעגן זענען פאַרשידנאַרטיק: גראָד און צאַרט ווי די ליניע פון אַ שלאַנק מיידל, און אויך געבויגן און געדרייט ווי אַ שלאַנג. דאָס זאַמד פון די ברעגעס בליצט איצט אין דער זון ווי צעשמאָלצן גאָלד. דאָ און דאָרט זענען אין דער ווייסל דאָ קליינע גרינע אינדזעלעך. רעכטס און לינקס זענען בריקן: איבער טייל לויפן פון צייט צו צייט דורך אייזנבאַנצוגן און איבער טייל ציִען זיך ווי שטראָמען דראָשקעס, אויטאָמאָבילן און טראַמווייען.

פון דער אין היץ און שטויב זיך שטיקנדיקער שטאָט זענען טויזנטער מענטשן געקומען זיך באָדן אין דער ווייסל. צומייִנסט זענען דאָס יונגע מענטשן, וואָס האָבן נישט קיין אַרבעט, יוגנט וואָס שטודירט און איז איצט פריי פון די שולן און יוגנט פאַר וועלכער די שולן זענען שטענדיק געשלאָסן און קיין באַשעפ־טיקונג קריגט זי נישט. טויזנטער נאַקעטע קערפּערס איבערן גאָלדענעם זאַמד אין פאַרשידענע פּאָזעס: זיצנדיק, ליגנדיק, שטייענדיק. אַ סך פון זיי זענען אַרויס פון וואַסער און לאָזן פון דער זון זיך באַקן און ברוינען און אַ סך זענען נאָך אין וואַסער נישט געווען. דינע, גאָלדענע שפּיזעלעך און גאָלדפלעקן אין פאַרשידענע פאָרמען: ווי בלעטעלעך פון בלומען, ווי פליגל פון שמעטערלינגען — שפּרינגען און טאַנצן אַרום איבער די ווייסע, ראָזע און ברוינע קערפּערס פון די יונגע מענטשן. דער הימל איז העלבלוי. בלויז דאָ און דאָרטן אַ לייכט וואָלקנדל, אַ צאַרטס, אַ שוועבנדיקס, ווי אַ ווייסער שוואַן. דאָס וואַסער איז ווי אַ שפּיגל און ס'שפּיגלען זיך אין אים דער בלאַסבלויער הימל מיט די ווייסע שוואַנען און די טויזנטער נאַקעטע קערפּערס פון די באָדנדיקע מענטשן. צו די פאַרבן פון דער נאַטור זענען צוגעקומען די בונטע קאָלירן פון די קורצע הייזלעך (אייגנטלעך שיִער נישט מער ווי ברייטע גאַרטלען) אַרום די לענדן פון די זכרים אויף צו פאַרדעקן זייער ערוה, ווייל אָדם האָט געגעסן פונעם עץ הדעת... די פרויען און מיידלעך גייען אָנגעטאָן אין באָדקאָסטיומען, אָדער אין הייזקעס און יצר־הרעדיקע ביוסטנהאַלטערס, כדי ס'זאָל בלייבן פריי די טאַליע און דאָס קליינע חנווידיקע גרי־בעלע פונקט אין מיטן בויך, גרויס ווי אַ פינגערהוט און אָנגעפילט מיט כישוף...

די בונטקייט פון זייערע באַדזאַכן זענען גאָר שרייענדיקע: ציגאַבער־רויט און גרין און ציטרינגעל און ליליאַ און ראָזאַ און בלוי און באָרדאָ און אָראַנזש. ווייניקסטנס דאָ, אין דער פרייער נאַטור, זענען נישטאָ קיין גרענעצן צווישן אָרעם און רייך. אַלע גלייך נעמט די ווייסל אַריין אין איר פליסנדיקער מחיהדיקייט, אַלע גלייך אומאַרמט זי און טוליעט ווי אַ מאַמע אירע קינדער...

די מענטשן פילן זיך דאָ עטוואָס באַפרייט פון דער צביעותדיקייט אין דער מאָראַל. מענערישע בליקן געניסן די שיינקייט פון רייפע פרויענפאָרמען, די גראַצ־יעזקייט און צאַרטע שלאַנקייט פון יונגע מיידלעך, די פיינע געשווונגענקייט פון גאַזעלאַרטיקע גלידער, דעם אַטלאַסשימער פון בליִענדיקער הויט, די שפּילעווּ־דיקייט פון געלענקען, דעם צויבער פון דינע טאַליעס, דעם כישוף פון שעמעווּ־דיקער צנועהדיקייט און באַהאַלטענער אויסגעלאַסנקייט... טייל מענערישע אויגן זעטיקן זיך מיט דער שטראָציקייט פון גרויסע בוזעמס, וואָס צעשפּאַרן און קוואַלן אַרויס פון די באַדקאָסטיומען, זיי קוקן אויף די זיך וויגנדיקע וויבלעכע היפּטן ביים גיין. די דאָזיקע אויגן שלינגען גיריק די דיקע שענקלען, די פולע אָרעמס, די מוסקוליעזע לידקעס און די פעסטע קניִען. ביי טייל פרויען איז אינעם גאַנג דאָ די ווייכע, זיך ציִענדיקע, קעצישע באַוועגונגען. ווי צום פלאַצן אָנגעצויגן איז די ווייסע אָדער ברוינע הויט ביי טייל יונגע פרויען, די רונדע אַקסלען ווי באַלעמס פון העלפאַנטביין, די נאַקנס קרעפטיק, ברייט די רוקנס, נאָך ברייטער די געזעסן און ווי גרויסע העל גאָלדענע גאַרבן די ביינער. די אויגן פון אַ סך פרויען באַוווּנדערן די קנוילקייט פון מענערישע מוסקולן, וואָס דערמאָנען גע־פלאָכטענע, שטאָלענע ספּרוזשינעס, זיי באַוווּנדערן די ברייטע, אַטלעטישע ברוסט־קאַסטנס און די רוקנס, ווי דעמבענע שטאַמען. טייל מענערישע קערפּערס זענען ווי פון בראָנז, אָנגעפילט מיט דינאַמישער גבורה. יונגע מיידלעך, ביי וועלכע די בריסטן קנאָספּען ערשט, ווענדן בגנבה זייערע שעמעוודיקע, פאַרבענקטע בליקן צו יונגע בחורים, וועלכע זענען, ווי זיי, נאָך נישט צעוואַקסן אין דער ברייט, נאָר דערווייל לאַנג און דין.

די נאַקעטקייט וועקט ביי די מיינסטע מער פריילעכקייט און לוסטיקייט פון שפּיל, פאַרלאַנג צו פלירטעווען און שטיפן, ווי תאווה. כמעט אַלע פלוידערן, לאַכן אַ סך, טומלען ווי קינדער, ליאַרמען, קונדייסעווען. מיידלעך קוויטשען. יונגע בחורים ווייזן זייער שנעלקייט אין לויפן. אויך מיידלעך בלייבן נישט הינטער־שטעליק דערין, זיי לויפן אין געוועט מיט די יונגעלייט. די גאָר שטאַרקע באַווייזן זייער קראַפט אין רינגקאַמף. פאַראַן אַזעלכע, וואָס גייען אויף די הענט: זיי מאַכן אַלערליי אַקראָבאַטישע קונצן. אַ סך מאַכן גימנאַסטיק קאָלעקטיוו. דאָס זענען מיטגלידער פון פאַרשידענע ספּאָרט־פאַראיינען. שיינע שלאַנקע און קרעפּ־טיקע מענער און פרויען בויען פון זייערע קערפּערס אַלערליי פּיראַמידן, די גלידער קונציק פאַרפלאָכטן איינס אין אַנדערן: אָרעמס ווי איבערגעקערטע מיט קאָפּ אַראָפּ און די הענט אויף די פיס, וואָס זענען ווי קאָפּויערגעהויבענע, לאַנג אויסגעצויגענע. אַזוי איינער איבערן אַנדערן. דאַן אָבער, שוין מיד פון ווייזן

גבורות, פירן גרופעס אויף אַלערליי טענץ. די מיטגעבראַנגטע קינדער ברויכן דאָ נישט זייערע עלטערן; זיי האָבן דאָ אַ גרויסן אוצר — זאַמד, זאַמד וויפל זיי ווילן. גראָבן זיי טונעלן, בויען בריקן, הייזער, פּאַלאַצן, פעסטונגען. אויפגעבויט — צעשטערן זיי עס מיט דער זעלבער פרייד, מיט וועלכער זיי האָבן געבויט, בויען אויף ס'ניי און צעשטערן ווידער.

הונדערטער קומען אַרויס פונעם וואַסער און הונדערטער גייען אַריין. טייל לויפן, לויפן, און... באַץ! — פאַרשוווּנדן, מ'זעט זיי נישט מער... אָבער אין אַ מינוט שפּעטער, אָדער נאָך לענגער — שווימען זיי קאַפּויער לאַכנדיקע. אַנדערע שפּרינגען פון הויכן און באַוויַיזן אינעם שפּרונג גאָר שיינע קונצן. אַנדערע מאַכן זיך ווי זיי וואָלטן מורא געהאַט אַריינצוגיין אינעם וואַסער, זיי ציטערן פאַר דער נאַסער קילקייט; אָבער זיי שווימען ווי פיש.

ווייט און ברייט איז דאָס וואַסער באַפּינטלט מיט פרויענקעפּלעך אין גומענע היובן, מיט שטרויבלאָנדע און קוילנשוואַרצע מענערישע קעפּ, מיט ווי וועסלעס זיך אויסברייטנדיקע און אייננציִענדיקע אָרעמס, אָדער קלאַפּטערלייגנדיקע...

4

זיך געגאַנגען באָדן איז היינט אַפילו אַזאַ באַשעפטיקטער און מיט אַרבעט פאַרוואָרפענער מענטש ווי דער אַדוואָקאַט אַדאַם ווייס. אַדאַ האָט זיך געחידושט דעריבער, ווייל שוין לאַנג, אַז איר איז אָנגעקומען געגנוג שווער צו פּועלן ביי איר מאַן, ער זאָל מיט איר ערגעץ גיין, ער זאָל זיך פאַרגינען אָפּצורוען עטלעכע שעה. זעלטן האָט ער איר אַזעלכעס צו ליב געטאָן. האָט זי זיך געוווּנדערט, וואָס פּלוצעם האָט ער איר געזאָגט: „אַדאַ, מיר גייען זיך היינט באָדן. די היץ איז נישט צום אויסהאַלטן". דער אמת איז אָבער געווען, אַז ער האָט געוואָלט זען ווי די מענטשן „ווױנען" אונטער די בריקן פון דער ווייסל. סאָציאַליסטישע, מער ראַדיקאַלע צייטונגען, האָבן דעריבער שוין נישט איין מאָל געהאַט געשריבן: דעם אַרעסטירטן חבר טוביהס עלטערן זענען ביי אים געווען און אים געזאָגט, אַז אויך זיי וואַלגערן זיך דאָרט אַרום, האָט עס אים מער נישט געלאָזט רוען. אין דער היים האָט ער אַדאַן נישט געזאָגט וועגן זיין אָבזיכט; ערשט אויפן וועג האָט ער איר מגלה געווען דעם סוד און איז מיט איר אַראָפּגעגאַנגען פונעם טראַמוויי, מיט וועלכן זיי זענען געפאָרן צו דער ווייסל, פאַר אַ בריק.

זיך האַלטנדיק ביי די הענט — זיך קעגנזייטיק צו שטיצן ביים אַראָפּלאָזן זיך פונעם וואַל פאַר דער ווייסל — האָבן זיי פּאַמעלעך און פאַרזיכטיק געשטעלט זייערע טריט איבער דער משופּעדיקייט, וואָס איז געווען פול מיט לעכער און גרודעס. אונטער דער בריק האָבן זיי געזען ליגן דאָ און דאָרט שמאַטעס, צייטונגס־פּאַפּיר, גרויסע שטיקער ברוין פּאַקפּאַפּיר, שטיקער אַלט בלעך און „פּאַפּע", אָראָפּ־געריסן פון דעכער, כדי זיי צו דעקן מיט נייער. אַדאַם האָט זיך משער געווען, אַז דאָס אַלץ האָבן אוודאי די אָרעמע, וואָס שלאָפן דאָ, אַרויסגעקליבן פונעם מיסט, וואָס ווערט פון דער שטאָט אַהערגעפירט. (פאַרן נאָך נישט פאַרענדיקטן

וואַל, וואָס ווערט אָנגעשיט). דאָ און דאָרט אונטער דער בריק האָבן די אַהער־געקומענע באַמערקט אַ בלעכענעם טשייניק, אַ טאָפּ. נאָר פון מענטשן, וואָס זאָלן דאָ וווינען, האָבן זיי געזען בלויז אַ פרוי. זי איז געשטאַנען אויף די קני׳ען פאַר אַ קופּקעלע אַש. דאָס זאַמד אַרום דעם אַש איז געווען שוואַרץ. אויף עטלעכע שטיינער זענען געלעגן צוויי אייזערנע פּרענטלעך, אונטער זיי שפּענדלעך, אַלערליי אָפּפאַל, וואָס קאָן ברענען. די פרוי האָט געבלאָזן אינעם „פּריפּיק", דאָס טלי׳ענדיקע פייער זאָל זיך צופלאַקערן. זי האָט געזען די צוויי שטיינגעבליבענע, ווי זיי קוקן נייגעריק צו איר. אָבער זי האָט זיך נישט וויסנדיק געמאַכט, זיך נישט אומגעקוקט אויף זיי אַפילו ווען זיי זענען צו איר צוגעקומען, דער יונגער פאַני (אַדאַן) נישט געענטפערט צו מאָל ווען יענע האָט זי עפּעס געפרעגט.

אַדאַם האָט פאַררויכערט און געגעבן אויך אַדאַן אַ פּאַפּיראָס.ביידע האָבן געקוקט אויף דער באָרוועסער, האַלב־נאַקעטער, שמוציקער און פאַרוואָרלאָזטער פרוי. זיי האָבן געפרוווט מיט דער היימלאָזער צו פאַרפירן אַ שמועס, פון איר געוואָר צו ווערן וואָס זיי האָבן געוואָלט וויסן, אָבער זיי האָבן פון דער פרוי נישט געקאָנט אַרויסקריגן קיין איין וואָרט. האָבן זיי גערעכנט, אַז די פרוי הערט נישט, ווייל ס׳איז געווען אַ שטאַרקער גערויש וועגן דעם וואָס איבער דער בריק זענען געפאָרן דראָשקעס, אויטאָמאָבילן און טראַמווייען, און געהעכערט זייער קול. ערשט דאַן האָט די אָרעמע פרוי אַ וואָרטשע געטאָן: „כ׳בין נישט טויב! שוין געוווינט צום קלאַפּן און טראַסקען איבער מיין קאָפּ. וואָס זענט איר שטיין געבליבן? איר ווילט כ׳זאָל אייך וואָר־זאָגן? לייגן קאָרטן? כ׳בין נישט קיין ציגיינערין! דאָ זענען נישטאָ קיין ציגיינער! אַלץ פּוילישע מענטשן דאָ, געבוירן אין פּוילן, זייערע זיידעס און עלטערזיידעס ליגן באַגראָבן אין דער פּוילישער ערד! אָבער אונדזער „אויטשיזנע" איז נישט קיין טאַטע צו אונדז, וויל פון אונדז נישט וויסן! אַרויסגעוואָרפן פון די לעכער אין וועלכע מיר האָבן געוווינט, וואָס איז נאָך געווען ווי ס׳איז אַ דירה, אַרויסגעוואָרפן אויפן הויף ווי מ׳וואַרפט אַרויס מיסט. ליגמער דאָ"... זי האָט געלאַכט: „ס׳מיסט איז אַליין אַהערגעקומען... מ׳האָט עס אַפילו נישט אַהערגעפירט אין אַ מיסטוואָגן... הע־הע־הע"... זי האָט זיך פאַרקייכט ביים לאַכן, ווייל זי האָט באַקומען אַ הוסט אָנפאַל.

דאָס פייער האָט זיך צעברענט. די פרוי איז אויפגעשטאַנען און זיך געשלעפּט צו דער שטיינערנער וואַנט אויף וועלכער די בריק האָט זיך אָנגעשפּאַרט. דאָרט האָט זי אין אַ קליין שוואַרץ קעסעלע אַריינגעגאָסן וואַסער און עפּעס אַריינגעשיט. ביים גיין האָט מען איר דורכן צעריסענעם קלייד — אַ שמאַטע — אַרויסגעזעען טיילן פון לייב, וואָס איז געווען ברודיק. זי האָט זיך נישט געשעמט וועגן דער אַנטבלויזונג פון יענע ערטער, וועלכע אַ פרוי פאַרדעקט פאַר פרעמדע מאַנסבילישע בליקן. לויט איר אויסזען אָבער האָט אַדאַם געהאַט דעם איינדרוק, אַז זי איז גאָרנישט אַזוי טעמפּ, נאָר זי איגנאָרירט איינפאַך די מענטשן, וואָס גייען דאָ פאַרביי, ווייל מענטשן האָבן בכלל פאַר איר אָנגעוווירן זייער באַדייטונג.

דער אַדוואָקאַט האָט פאַררויכערט אַ צווייטן פּאַפּיראָס. אויך אַדאַ האָט דאָס

געטאַן. זיי האָבן אַצינד גערויכערט אַ סך. זי האָט געפרעגט: „וויפל היימלאָזע האַלטן זיך דאָ אויף?"

די פרוי האָט מיסטעריעזיש באַטראַכט די צוויי נישט געבעטענע געסט און איז דאַן געוואָרן אַ ביסל צוגעלאָזענער. „וויפל?" האָט זי איבערגעפרעגט און געענטפערט ברומענדיק: „כ'צייל זיי נישט. אַ מאָל מער, אַ מאָל ווייניקער. דאָ מוז מען זיך נישט איינמעלדן און אָפּמעלדן. ווער ס'קומט אַהער לייגט זיך אַנידער און ליגט, אָדער שלאָפט. מ'קומט ווען מ'וויל און מ'גייט ווען מ'וויל. נישט קיינעמס עסק. ס'זענען דאָ נאָך בריקן. ס'זענען דאָ „צמענטאַרזשעס". נאָר דאָרט, ווו ס'ליגן די טויטע, איז פאַרשלאָסן. אָבער מ'גיט זיך אַן עצה. דאָרט איז גוט צו ליגן: ווייך גראָז, און מ'ווייסט: אונטער מיר איז נאָך ערגער, די וואָס ליגן אין די קברים זענען טויט און זייערע פוילנדיקע לייבער עסן די ווערים. איך אָבער לעב, עס הירזש (קאָכט זיך אין דעם קעסעלע) און קאָן גיין ווו כ'וויל. אַ נפקה־מינא ווו מ'וואַלגערט זיך. איז קאַלט ביי נאַכט? — דעקט מען זיך צו מיט פּאַפּיר. איז גאָר קאַלט — רוקט מען זיך צו איינער צום אַנדערן, לייב צו לייב. לייז האָבן אַלע די זעלבע". זי האָט זיך דערביי גענומען קראַצן, זוכן די קליינע חיהלעך, געפונען און צעקניקט. ווידער האָט זי זיך צעלאַכט און זיך פאַרקייכט ווי פריער. „מיר לעבן דאָ ווי די גראַפן"... דאָס האָט זי געזאָגט מיט אַ בייז, הייזעריק קול. „מיר טיילן זיך מיט אַלץ לויט קריסטוס געבאָט, אַפילו מיט די מענער... די מענער טיילן זיך מיט די ווייבער... אַ חילוק... פריי זעמער דאָ, ווי די סאָציאַליסטן פריי־דיקן: פרייהייט... נישטאָ קיין סעקוועסטערס, קיין קאָמאָרניקעס... גייט דורך אַ פּאָ־ליציאַנט — שטעלט ער זיך צו מאָל נישט אָפּ: קוקט און גייט ווייטער".

„ווו נעמט איר צו עסן?" האָט אַדאַ ווידער געפרעגט.

די פרוי האָט אַ הייב געטאַן די אַקסלען: „באַ!... די מענער און די קינדער — אַזעלכע קליינע בענקאַרטעס נאָך — קריגן ביי די, וואָס באָדן זיך, אַפילו זיל־בערנע מטבעות קריגן זיי. נאָר די מענער — פּשאַקרעוו! די כאָליערע זאָל זיי נעמען! — פאַרזויפן דאָס געלט אין די שענקען. אַ מאָל ברענגט וועלכער מיט אַ פלעשל; באַנעצט אויך אונדזערס־איינע דעם גאָרגל... אַ מאָל גייט מען אין דער שענק אַריין, ווו די דאָזיקע כראַבעס אונדזערע זויפן. אַז מ'טרעפט זיי — איז ווויל... אַ קעלישעק... מ'פאַרבייסט... אַ שטיקל קאָלבאַס... אַפילו אַ טענצל כאַפּט מען, אַ פּאָלקאַ, אַ מאַזורקאַ... העידאַדאַנאַ... נאָר זאָל זיי טרעפן אַ כאָליערע אַלע מענער! און אויך די באַסטאַרדס! זיי גיבן אויס דאָס געלט אויף נאַשוואַרג און פּאַפּיראָסן. די צען יעריקע רויכערן שוין. נאָר עסן — אַז מ'איז הונגעריק און ס'איז נישטאָ פּאַר וואָס צו קויפן — קריגט מען אין דער קעך פון „הייליקן פּאַוועל", אָדער פון „הייליקן לוקאַס", צי אין אַן אַנדערער. אַ שטיקל ברויט מיט אַ ביסל גריץ גיט מען יעדן".

„ווו זענען די אַנדערע?" האָט אַדאַם געפרעגט.

„אַלע אַוועק. שלעפּן זיך אַרום. ווער ס'ליגט אין אַ רינשטאָק שיכור, ווער ס'ליגט אַ צעהרגעטער ערגעץ. די ממזרים — די גרעסערע — באָדן זיך, בעטלען.

די קליינע שפּילן זיך דאָרט אין זאַמד. זיי האָבנס קיין מאָל נישט געהאַט אַזוי גוט".

אַדאַ האָט אויסגעדריקט איר מורא: „אַ קינד קאָן דאָך דערטרונקען ווערן" —

די פרוי האָט אַ הייב געטאָן אַן אַקסל: „איז וואָס? — האָט שוין געטראָפן צוויי מאָל. ס'זענען דאָ געגוג. אויף דער „וואָלוווקע" קריגט מען צו קויפן פאַר אַ זלאָטע אַ שטיק. ביליקער ווי אַ קורטשאַק. אַ הינדל אָבער ווערט פאַרקויפט. אַ קינד וויל קיינער נישט קויפן. צו וואָס? ווען מ'זאָלס קאָנען אָפּדרייען ס'קעפּל און אָפּקאָכן... מ'וואַרפט זיי אַוועק: אין אַ הויף, אַפילו אויף דער גאַס. אין שמעטניקעס, אין רינשטאָקן, אין קעלערס — דאָרט געפינט מען אַלע מאָל אַ טויטס.

אונטער דער דאַזיקער בריק האַלטן זיך אויף אַ מאַן מיט אַ ווייב און צוויי קינדער. יידן, אָבער ווילדע מענטשן, גאָר ווילדע. דאָ איז נישט קיין חילוק, וואָס איינער איז: אַ ציגיינער, אַ ייד, אַ טאַטער. אַלע זענען אָפּפאַל, מיסט. די צוויי יידן לויפן אַרום מיט די צוויי קינדער. איינס איז אַ קאַליקעלע. דאָס צווייטע איז קראַנק, וועט שוין לאַנג נישט לעבן. זענען שוין געווען אומעטום, ווילן מ'זאָל אַריינגנבן די צוויי קינדער אין אַ היים; אָבער... און איך האָב תמיד געהערט אַז ביי יידן איז אַנדערש, אַז ביי יידן איז דאָ מער רחמנות ווי ביי אונדז קריסטן, אַז די יידן העלפן זייערע אָרעמע ברידער. נאָר ווי ס'זעט אויס איז נישטאָ קיין אונטערשייד".

דער אַדוואָקאַט האָט שוין פריִער דערשפּירט אַ שלעכטן גערוך און זיינע נאָזלעכער, ווי ביי אַ שפּירהונט, האָבן עטלעכע מאָל שוין אַ צי געטאָן דעם שלעכטן ריח אין זיך. זיינע בליקן האָבן אַרומגענישטערט איבערן גאַנצן אָרט דאָ אונטער דער בריק, פון איין שטיק, אָדער קופּע פּאַפּיר צום צווייטן, פון איין בערגל אָפּפאַל צום אַנדערן, ביז ער האָט ווי אַ שפּיאָן זיך אָפּגעשטעלט אויף עפּעס, וואָס איז אים פאַרגעקומען פאַרדעכטיק. ווייזנדיק מיט אַ האַנט אויף יענעם אָרט, האָט ער געפרעגט דער פרוי: „פאַר וואָס קומט פון דאָרט אַ געשטאַנק? ווי ס'וואָלט דאָרט געלעגן עפּעס פאַרפוילטס, פאַרשטונקען פלייש"...

די פרוי דערציילט: „דאָרט ליגט אַן אַלטע זשידוווקע. אפשר הונדערט יאָר איז זי אַלט. וואַלגערט זיך דאָ. האָט קיינעמען נישט, אַן עלנטער שטיין. ווען איך וואָלט איר נישט געגעבן צו עסן, וואָלט זי געשטאָרבן". זי האָט אַ קוק געטאָן צום קעסעלע אויפן פייער, געזען, אַז וואָס זי האָט צוגעשטעלט דערין איז שוין אָפּגעקאָכט, האָט זי געזאָגט צו די געסט: „דאָס איז אַ ביסל הירזש פאַר איר". זי איז מיטן קעסעלע געגאַנגען צו דער שטיינערנער וואַנט פון דער בריק, ווו ס'איז געלעגן אַ קופּקעלע שמאַטעס, אויף וועלכן אַדאַמס בליק האָט זיך פריִער אָפּגעשטעלט. ביידע, דער אַדוואָקאַט און זיין פרוי זענען מיטגעגאַנגען. נאָר וואָס נענטער זיי זענען געקומען צו דער וואַנט אַלץ ווייניקער האָבן זיי געקאָנט אויסהאַלטן דעם געשטאַנק. ביידע האָבן ווידער פאַררויכערט: דאָס מאָל נישט בלויז פון נערוואָזיטעט, וואָס דאָס שרעקלעכע בילד פון עלנט האָט ביי זיי אַרויסגערופן, נאָר צו פאַרטרייבן די געסרחה.

די פרוי האָט אַראָפּגענומען די שמאַטעס פון דער זקנה. אַדאַ האָט זיך אַזוי

דערשראָקן פאַרן טויטן געשפּענסט — אַזוי האָט אויסגעזען דאָס פּנים און דער אומבאַוועגלעכער גוף פון דער זקנה — אַז זי איז צוריקגעטרעטן.

„פאַנאָוויע" האָט די פרוי אין דער צעריסענער שמאַטע מיט שמוציק לייב אין דרויסן, קאַרמענדיק די זקנה, גערופן אירע געסט: „קומט אַהער! נענטער!... נענטער!... איר וועט עפּעס זען"... זי האָט אָפּגעדעקט דעם גוף אין גאַנצן און געוויזן: „איר זעט! — לעכער... איבערן גאַנצן לייב... ס'קריכן אַרום ווערם... איך שאַר זיי אַראָפּ, גראַבל זיי אַרויס פון די לעכער (זי פילט נישט) און הרגע זיי... אָבער ווען כ'קום צו זענען די לעכער ווידער פול מיט ווערם... אַז זי פוילט... די ווערם עסן זי ביים לעבן"... זי האָט געקאָרמעט די אַלטע און געוויזן די געסט אַלץ נייע לעכער מיט ווערם אויף דעם נאַקעטן לייב פון דעם געשפּענסט. נאָר דערביי זענען אָנגעקומען צוויי קליינע נאַקעטע מיידלעך מיט זייערס אַ נאַקעט ברידערל אַ צעבלוטיקטס און דערשראָקענע גערופן: „מאַמושאַ! — צעשניטן מיט אַ שטיקל גלאָז!" נאָר די מוטער האָט זיך אַפילו נישט וויסנדיק געמאַכט. אַדאַ אָבער איז צוגעלאָפן צום פאַרוווּנדעטן קינד, האָט עס גענומען אין אירע אָרעמס און גערופן אַדאַמען: „קום אַהער! העלף מיר!"

ביידע האָבן זיך געפּאָרעט אַרום דעם קינד.

5

וויאָרסטנווייט האָבן אין דער ווייסל זיך געבאָדן מענטשן. צווישן די נאַקעטע איז אויך געווען פאַניע בערנפעל מיט זיין געליבטע. זי האָט איר געליבטנס יידישן נאָמען יחיאל לייביש איבערגעמאַכט אויף „ליאָלעק". אַזוי רופט זי אים. לערנט ליאָלעק שווימען זיין ריטאַ... ער ווייסט אַז זי קאָן בעסער שווימען פון אים; אָבער זי וויל ער זאָל זי לערנען און ער פאָלגט זי מיט פאַרגעניגן. זי שמייכלט דערביי זייער באַטעמט: ווייל דאָס שעמען זיך, איז אי געמאַכט, אי אמתדיק. (אמתדיק, צוליבן שפּילן זיך מיט אַ מאַן, וועלכער וואָלט געקאָנט זיין איר זיידע און זי זיין אייניקל; אָבער זי איז זיין געליבטע און באַנעמט זיך ווי אַ יונג מיידעלע). ליאָליעק שטרעקט אויס זיינע אָרעמס איבער דער פלאַך פונעם וואַסער און ריטאַ לייגט זיך אויף זיי אַרויף. ער גייט פּאַמעלעך און זי שאַרט מיט די הענט. פּלוצעם אָבער מאַכן אירע אָרעמס און די פיס אַ שטאַרקע באַוועגונג, ענלעך צו אַ פראָשס ביים אַנטרינען, און שוין איז זי ווייט פון איר „לערער"... ער שווימט איר נאָך, אָבער אויף איין שריט זיינס קומען פאָרווערטס, איז זי מיט צען ווייטער. גאַנץ שנעל איז זי אין דער מיט ווייסל און ווינקט פון דאָרט צו איר ליאָליעקן מיט אַ האַנט... ער געטרויט זיך נישט צו שווימען צו ווייט: דאָך נישט קיין יונגערמאַן...

פון שטאָט קומען אַלץ מער מענטשן זיך באָדן. צווישן די אָנקומענדיקע זענען דאָ דער חבר גרעגאָר שטשעלקאָווסקי, דער קאָמיסאַר פון דער פּאָליטישער פּאָליציי, מיט מאַדאַם קרומהאָלץ דעם חבר הערשס פרוי. ביידע האָבן זיך גלייך אויסגעטאָן, ווי אַלע, און אַריין אין וואַסער. נאָר ביי איר האָט זיך אַראָפּ־

געגליטשט פון אַן אַקסל דער באַדקאַסטיום און זיך אַזוי פאַרפּלאָנטערט, אַז זי קאָן נישט צוריק אָנטאָן: זי טרעפט נישט מיט דער האַנט אינעם אַרעמלאָך. די ברוסט פון דער דאָזיקער זייט איז אין גאַנצן אַנטבלויזט. די פּראַכט פון דער דאָזיקער ברוסט, די קערנדיקע פעסטקייט און קיילעכדיקייט, טראָץ דער אומ־געהויערער גרייס, באַזונדערס אָבער די שימערדיקע ווייסקייט, ווי אַלאַבאַסטער — ציט צו אַ סך מענערבליקן. זי רופט מיט לאַכעדיקער פאַרצווייפלונג: „העלף מיר, גרעגאָר!... ס'האָט זיך מיר פאַרפּלאָנטערט"... ער העלפט איר, אָבער נישט איילנדיק זיך, ווייל ער ווייס אַז דער אַקסלבאַנד פונעם באַדקאַסטיום האָט זיך נישט אַליין אַראָפּגעגליטשט און פאַרפּלאָנטערט... אָבער זי איז אַצינד טיפער אין וואַסער: בלויז איר קאָפּ אין אַ רויטער גומהויב זעט מען אַרויס...

אַדאַם איז מיט זיין פרוי אויך אין וואַסער. אַדאַ ווייזט איר מאַן: „דאָרט איז דער גרויסער סאָציאַליסט, דיין אַמאָליקער פריינד גרעגאָר שטשעלקאָווסקי. ער איז נישט ווייניק גרויזאַם ביים אויספאָרשן אַ קאָמוניסט. די געליבטע לעם אים איז די פרוי פון אַ צווייטן גרויסן סאָציאַליסט; דעם חבר קרומהאַלצס, אָדער ווי די מאַסע רופט אים: ,חבר הערש'".

דער אַדוואָקאַט האָט געכאַפּט אַ בליק אויף זיין אַמאָליקן פריינד און קאָלעגע.

דאָס פריילעכע רוישן און טומלען פון די טויזנטער נאַקעטע פרויען און מענער אינעם וואַסער, זייער לאַכן און קוויטשען, האָט זיך געמישט מיטן שאָרוען פון די כוואַליעס, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיטן פאַרגיין פון דער זון אויף מערב־זייט.

קאַפּיטל פופצן

## די שטראָף

### 1

דער חבר הערש איז נאָך דער חתונה געווען גליקלעך בלויז אַ קורצע צייט. דער „האָניק־חודש" איז אַוועק גאַנץ שנעל. געניאָס ליבע צו דעם געוועזענעם רימאַרזש, ווייל ער איז פאַר איר געווען אַזוי אַנדערש ווי די סוחרישע יונגעלייט, די רייכע, איידעלע זין, צווישן וועלכע ס'זענען געווען בית־המדרשניקעס און סטודענטן; איר ליבע צו דעם „פּראָסטאַק", צו דעם געזונטן יונג, וועלכער האָט זי צוגעצויגן אויך מיט דער סענסאַציע פון סאָציאַליזם, — די דאָזיקע ליבע אירע האָט זיך גיך אויסגעוועפּט. זיין פיזישע קראַפט וואָס האָט איר צו ערשט אַזוי אימפּאָנירט: די אָרעמס מיט די האַרטע מוסקולן, מיט וועלכע ער האָט אַזוי פעסט אַרומגענומען, דער נאַקן אויף וועלכן זי האָט זיך געקאָנט אָנהענגען מיט

איר געוויכט און אים האָט עס געאַרט ווי אַ קינד וואָלט זיך אין אים אָנגעהאָנגען —
דערפון איז זי באַלד זאַט געוואָרן, ווי אַן אויסגעהונגערטער נאָך אַ סך פלייש עסן.
זי האָט גענומען בענקען נאָך עפּעס אין דער ליבע, וואָס ער האָט נישט פאַרמאָגט.
די נייגעריקייט, צו קומען אין אַ גאַנץ נייער, פאַר איר לגמרי פרעמדער געזעל־
שאַפט, האָט אויך נישט געדויערט צו לאַנג. די ערשטע עטלעכע מאָל איז איר ביי
דעם באַרימטן חבר וואָקס אויסגעקומען גאַנץ אינטערעסאַנט; ביסלעכוויין אָבער
האָט עס זי דאָרט אויפגעהערט צו אינטערעסירן. זי האָט זיך אינעם אַדוואָקאַט
טאַקע באַלד פאַרליבט, אין זיין מאַיעסטעטישער שיינקייט; אָבער זי האָט גלייך
איינגעזען, אַז זי וואָלט זיך בלויז בלאַמירט ביי אים, אַז ער געהערט נישט
צום טיפּ „דאָן זשואַן", און אַז זיין פרוי (באַלטשע) געהערט נישט צו די, וועלכע
אַ מאַן קאָן נאַרן... דער צווייטער, וועלכער איז איר געפעלן נאָכן חבר וואָקס,
איז געווען דער „טאָוואַרזשיש" גרעגאָר. אין אים האָט זי זיך טאַקע פאַרליבט.

דער חבר הערש האָט שנעל דערפילט ווען געניאַס ליבע צו אים האָט זיך גענומען אויסוועפּן. צו ערשט איז ער געווען דערשטוינט און האָט זיך געוווּנדערט. אים איז אויסגעקומען, אַז ער גיט איר אַלץ, וואָס אַ מאַן קאָן געבן זיין פרוי, וועלכע ער ליבט. ער האָט נאָך דער חתונה זיך באַמיט געניאַן צו געבן אַלץ וואָס ער איז נאָר אימשטאַנד געווען איר צו געבן, אַלץ וואָס זי האָט זיך געוואָנט ווינטשן: אי אַ נייע אינטערעסאַנטע וועלט, אי אַן אידעע אינעם לעבן, אי אויך אַ רייך לעבן, צו וואָס זי איז געווען געוווינט פון קינדערוויין אָן.. ער האָט אין מסחר אָנגעהויבן נישט זייער גרויס; אָבער ער האָט נאָך דער חתונה גענומען שטייגן. חוץ דעם האַנדל, וואָס ער האָט געפירט, איז ער געוואָרן אַ שותף פון אַ גוט גייענדיקער פאַבריק. ער איז געווען מיטגליד אין די פאַר־וואַלטונגען פון עטלעכע סאָציאַליסטישע פאַראיינען און איז געוואָרן אַ מיט־גליד אויך פונעם „סוחרים און פאַבריקאַנטן פאַראיין".

פאַן קרומהאַלץ (און חבר הערש) האָט נישט געוואָלט פאַרלירן זיין פרויס ליבע. ער איז נאָך אַלץ געווען פאַרליבט אין איר שיינקייט: אין די קיילעכדיקע, גרויסע, ברוינע קאַרשן־אויגן, וואָס האָבן שטענדיק פאַרפירעריש געשמייכלט, אין דעם קליינעם, זיסן מויל, וואָס האָט אויסגעזען ווי ס'וואָלט שטענדיק געוואָלט נאַשן, אין דעם פולן, אָבער נאָך אַלץ נישט צו פולן קערפּער מיט די גוט אַנט־וויקלטע ווייבלעכע פאָרמען. דער רייכער פאַן קרומהאַלץ (און סאָציאַליסטישער חבר הערש) האָבן דאַן אָנגעווענדט אַלערליי טייערע מתנות, איז מיט איר געגאַנגען צו פאַרשידענע פאַרוויילונגען: צו קאָנצערטן, צו אָפּערעס, צו באַ־לעטן, אין טעאַטערס, און די רייכסטע באַרס, אויף בעלער, אין טאַנצסאַלאָנען, צו קונסטאויסשטעלונגען, אין צירק; ר'איז מיט איר געפאָרן פאַרברענגען אין די שענסטע קור און ספּאָרט־ערטער אין פוילן, ווי אין „צאָפּאָט" און אין „זאַקאָפּאַנע", און אויך קיין אויסלאַנד איז ער מיט איר געפאָרן: קיין איטאַליע, אין דער שווייץ, קיין פראַנקרייך. און אומעטום, פאַרשטייט זיך, די לוקסויעזסטע האָטעלן. ער האָט פאַר איר געזוכט פאַרוויילונג אַפילו ביי האַזאַרד־שפּילן.

דערמיט האָט ער געניאַס קערפּערלעכע תאווה אויף ס'ניי צעפּלאָמט; אָבער ווידער נישט אויף לאַנג. דאַן האָט ער זי געפרעגט: „ליבסטו מיך נישט מער?"

זי האָט געלייקנט, פריילעך געלאַכט, פאַרלייגט אירע אָרעמס אַרום זיין נאַקן (ווי אַ מאָל) און געהאָנגען אויף אים אַזוי לאַנג ביז זיין פּנים האָט זיך אָנגעגאָסן מיט בלוט, אַז ער איז אַזש רויט געוואָרן ווי אַ בוראַק און זיך גע־נומען עטוואָס איינבייגן. (שוין געווען הפּנים עטוואָס געשוואָכט). אירע גרויסע קאַרשנאויגן האָבן אים דערביי אָנגעקוקט מיט אַ זיסער שעלמישקייט און דעם פאַרליבטן האָט זיך געדוכטן, אַז זיין פרוי איז ווידער גליקלעך: ער האָט צוריק־געוווּנען איר ליבע.

2

נאָר סוף כּל סוף האָט דער חבר הערש (דער סאָציאַליסט, סוחר און פאַב־ריקאַנט) זיך איבערצייגט, אַז זיין פרוי ליבט אים נישט מער און ס'וועט אים גאָרנישט העלפן איר ליבע ווידער צו געווינען. ער איז דערפון געווען זייער שטאַרק געקרענקט אין זיין מענלעכער אייטלקייט. נאָר צעבראָכן איז ער דערפון נישט געוואָרן. די ליבע האָט אין זיין לעבן דאָך נישט באַדייט אַלץ, ענדער דאָס וויניקסטע. האָט ער זיך דאַן מיט זיין גאַנצער ענערגיע אַריינגעוואָרפן אי אין אַ געפערלעכער, אי אין גוזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. (און דאָס לעצטע איז דאָך באַשטאַנען זיין גרעסטע ליידנשאַפט). ער האָט זיין פאַרטייאַרבעט שוין געהאַט געגוג פאַרנאַכלעסיקט. האָט ער זיך אַצינד אין איר אַריינגעוואָרפן מיט נאָך גרעסערן אייפער. ס'האָט אים אויך אינטערעסירט די טעטיקייט אינעם סוחרים־און פאַבריקאַנטן־פאַראיין. ער איז דאָ געווען שטאַרק אָנגעזען. די סוחרים און פאַבריקאַנטן, די קלאַסן־שונאים פונעם פּראָלעטאַריאַט, האָבן געהאַט זייער חשבון, וועגן וועלכן זיי האָבן דעם דאָזיקן מיטגליד פון זייער פאַראיין געשעצט. זייער רעכענונג איז געווען: אַזוי ווי ר' מנשהלע שוואַרצס איידעם איז אַ „גרויסער מאַכער" ביי די סאָציאַליסטן — די „סטרייקערס" — וועט ער אַרבעטן לטובת זיי, ווייל אַזויערנאָך וועט ער דאָך אַרבעטן לטובת זיך אַליין... דעם זעלבן חשבון, נאָר פאַרקערט, האָבן געהאַט דעם חבר הערשס קאַמעראַדן מיטן חבר וואַקס בראש: אַז דורך אים וועט מען ביי די פאַבריקאַנטן אין געוויסע מאָמענטן לייכטער קאָנען קומען צו אַן אויסגלייך... ס'איז גוט צו האָבן אַן אייגענעם מענטש אין אַ פרעמדן לאַגער...

דער חבר הערש האָט געשפּילט אַ טאָפּלטע ראָלע, אי דאָ אי דאָרט, באַ־זונדערס ווען ס'האָבן זיך אָנגעהויבן די כוואַליעס פון סטרייקן. דאָך איז אים דאָס פאַרראָטן די אַרבעטער — זיין סאָציאַליסטישן אידעאַל פון אַמאָל — נישט לייכט אָנגעקומען. דער דאָזיקער אידעאַל איז נאָך אַלץ נישט געווען אין גאַנצן אויסגעלאָשן אין זיין האַרץ; אויך אַצינד האָבן דערין נאָך געטליִעט פונקען פון דעם, פאַר וואָס ער האָט אין זיין יוגנט געקעמפט און געליטן. האָט זיך אָנגעהויבן אַ צעריסנקייט אין זיין נשמה. ער האָט גענומען ליידן פון געוויסנס־

ביסן, וואָס האָט גורם געווען זיין וואַרפן זיך פון איין עקסטרעם צום אַנדערן. אָט איז ער געווען רעכטער אַפילו פונעם חבר וואַקס, אין דער מיינונג — נאָכ־צוגעבן אינעם עקאָנאָמישן דער בורזשואַזיע און אינעם פּאָליטישן קאַמף דער רעאַקציע — איז ער איבערגעשטיגן צומאָל דעם חבר מאָט; און אָט איז ער געווען לינקער אַפילו פונעם חבר סמוטנער. האָבן אַ סך אויף אים געזאָגט דער־ריבער: „אַ קאַפּיטאַליסט, וואָס פאַרשטעלט זיך פאַר אַ סאָציאַליסט, אַ בורזשוי מיט רעוואָלוציאָנערע פראַזן". פיינט געהאַט האָט מען אים אין ביידע מחנות.

ס'האָט געליטן דער „סאָציאַליסט" חבר הערש און ס'האָט געליטן דער סוחר און פאַבריקאַנט פאַן קרומהאָלץ. און ס'האָט נישט צו לאַנג געדויערט און אויך דער מאַן אין אים האָט גענומען ליידן: פון אייפערזוכט. ער האָט זיין פרוי — אויף זיין אופן — אַלץ נאָך געליבט און אים האָט זיך גענומען דוכטן, אַז זי ליבט אַן אַנדערן מאַן. געניאַ איז געוואָרן אַלץ שענער: אירע ווייבלעכע פאָרמען האָבן זיך נאָך מער אַנטוויקלט און דער ווייבלעכער רייץ אין איר פנים, באַזונדערס אין אירע אויגן און אויף אירע ליפּן, איז געוואָרן אַלץ שטאַרקער, אַ פּרעכטיק ווייב, אַ פאַרפירערישע שיינקייט. די מיינסטע צייט האָט זי אַצינד אָפּגעגעבן אויף פּוצן זיך. זי האָט פאַרשוועדט אַ סך געלט אויף טואַלעטן, אַרויסווייזנדיק דערביי אַ גאַר פיינעם געשמאַק. אירע פּאַרפומען האָבן איינפאַך ווילד געמאַכט די מאַנספערשוינען אין איר נאָענטקייט.

און סוף כל סוף איז הערש געוואָר געוואָרן אַז געניאַ פאַרראַט אים מיטן „טאָוואַרזשיש" גרעגאָר, דעם געוועזענעם אָפיציר, יוריסט, וואָס איז געוואָרן אַ קאָמיסאַר אין דער פּאָליטישער אָפּטיילונג פון דער פּאָליציי, אין דער „דעפענ־סיווע". הערשן איז טייל מאָל פאָרגעקומען, ווי זיין פרוי האָט אים פשוט געוואָלט פייניקן, נישט בלויז מיט אייפערזוכט, דורך פאַרראַטן אים מיט אַ חבר, נאָר טאַקע מיט איר שיינקייט. זי פלעגט אַרומגיין ביז האַלבן טאָג אין אַ נעגליזשע, כמעט יעדן טאָג אין אַן אַנדער נעגליזשע, וואָס רייצט מער, די שאַטינע האָר און לאַנגע לאָקן, מיט פאַרפירערישן און כישופדיקן שמייכל אין די אויגן און אויף די רויטע נאַשערליפּן... די באַקן ווי בליענדיקע רויזן... פון די ראָזלעכווייסע, פיליכנע פינגער, מיט מאַניקירטע, לאַנגע, שפּיציקע נעגל און ווי טונקלע קרעלן, האָבן געבליצט אַלערליי פייערלעך פון די בריליאַנטן און אַנדערע איידלשטיינער. גערייצט האָבן דעם מאַן דער פרויס ראָזאַ לעפלעך פון די קליינע, באַחנטע אויערן, איר הערלעכער האַלדז, די טייערע שפּיצן פונעם טייל מאָל אָראַנזש און טייל מאָל לאַקסקאָלירטן העמד איבערן אָנהייב פונעם פּרעכטיקן בוזעם, וואָס האָט זיך כמעט שטענדיק אַרויסגעזען דורכן גרויסן דעקאָלט פון די נעגליזשעס. ער פלעגט כמעט שטענדיק שוין פאַרטיק זיין מיטן פרישטיק, ווען זי איז אַריינ־געקומען אין עסצימער און אים אונטערגעטראָגן דאָס שטענדיק שמאַכטנדיקע מיילעכל נאָכן גוט־מאָרגן־קוש. ער האָט אין דער זיסקייט פון אירע ליפּן געפילט אויך די ביטערע ברענענדיקייט פונעם סם פון ליגנערישקייט, חוזק און פאַרראַט.

געניאַ האָט הנאה געהאַט דערפון, וואָס איר מאַן ליידט, ווי זי וואָלט זיך

געוואָלט אין אים נוקם זיין פאַר עפּעס, וואָס ער איז קעגן איר, אייגנטלעך, קיין מאָל נישט באַגאַנגען. אַז ס׳האָט זיך איר געדוכטן זי פּייניקט אים נישט גענוג דורך איר פאַרראַט, אַז דער גיפט פון אייפערזוכט איז צו שוואַך פאַרן דאָזיקן גראָבן (געוועזענעם) רימאַזש, האָט זי אים גענומען שטעכן מיט רייד וואָס האָבן אים געטראָפן טיף אין האַרץ. זי האָט אים געזאָגט: „אייגנטלעך ביסטו גאָר קיין סאָציאַליסט נישט. ווי קאָנסטו זיין אַ סאָציאַליסט, אַז דו ביסט רייך? ביסט דאָך אַ שיתוף צו אַ פאַבריק, דו פאַרדינסט שטיקער גאָלד און די אַרבעטער הונגערן. פאַרלאַנגען זיי גרעסערע לוינען, סטרייקן — דרייסט דו אַהין און אַהער, און זיי פאַרלירן; דו פאַרראַטסט זיי גאַנץ איינפאַך. און ווי קאָנסט דו — אַ רעוואָלוציאָנער — זיין אַ מיטגליד פונעם סוחרים און פאַבריקאַנטן־פאַראיין? דו רעדסט בלויז סאָציאַליסטישע פראַזן, און אַזעלכע שאַרפע אַצינד, ווי דו וואָלסט געווען אַ קאָמוניסט. אפשר ביסטו גאָר איצט טאַקע אַ קאָמוניסט?"...

געניאַס איראָנישע פראַגע איז אָבער אין אַ געוויסן זין נישט געווען ווייט פון אמת, ווייל דער חבר הערש האָט זיך אַרומגעטראָגן מיטן געדאַנק, צו פאַרלאָזן זיין פאַרטיי און טאַקע אַריינצוטרעטן אין דער קאָמוניסטישער. דער דאָזיקער געדאַנק איז אין אים שטאַרקער געוואָרן ווען ער האָט אָנגעהויבן מערקן אַז אין דער פאַרטיי לאָזט מען אים נישט אַוואַנסירן: ער ווערט נישט אַרויסגעשטעלט פאַר אַ קאַנדידאַט אַפילו צום שטאָטראַט, בעת דער חבר מאַט איז שוין צוויי מאָל געווײלט געוואָרן און ער איז אויף דער ליסטע צו די קומענדיקע וואַלן פון סיים אַלס דעפּוטאַט. פון פאַרדרוס און קרענקונג איז אים נישט איין מאָל שוין געקומען אויפן געדאַנק, אַז זיין שווער זאָל צוזען, מ׳זאָל אים דורכן סוחרים־ און פאַבריקאַנטן־פאַראיין אַרויסשטעלן פאַר אַ קאַנדידאַט צום סיים, ווייניקסטנס צום שטאָטראַט. אָבער ער האָט דעם דאָזיקן ווונטש באַקעמפט אין זיך. דאָס וואָלט דאָך באַטייט, אַז ער וואָלט אויסגעשלאָסן געוואָרן פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און ער וואָלט דאַן געמוזט שוין אין גאַנצן איבערגיין אין לאַגער פון דער בורזשואַזיע. געהאָלפן פון דאָזיקן ווונטש זיך אָפּצוטרייסלען האָט אים געניאַ. זי האָט אים אַ מאָל געזאָגט: „פאָלג מיך און ווער אין גאַנצן אויס סאָציאַליסט. דו וועסט דאַן זיין, דאָס וואָס דו ביסט אין דער אמתן: אַ דערפאָלגרייכער געשעפטסמאַן. דאַן וועסטו אין געזעלשאַפטלעכן לעבן הויך שטייגן... אין דיין פאַרטיי ביסטו סיי ווי שוין אויסגעשפּילט, איך ווייס דאָס... דאָרט ביסטו אַצינד שוין נישט מער ווי אַ מין געהיימער מעקלער".

הערש האָט זיך משער געווען, אַז דאָס איז צו זיין פרוי דערגאַנגען דורך וועמען פון די חברים אין דער פאַרוואַלטונג, אפשר דורך איינעם (חוץ דער „טאַוואַזשיש" גרעגאָר) מיט וועמען זי פאַרראַט אים. דאָס האָט אים געגעבן דעם גרעסטן שטויס אויף לינקס. אויך האָבן דעמאָלט פאַרשידענע רעדאַקציעס פון דער פאַרטייפּרעסע, אַלץ ווייניקער און ווייניקער גענומען פון אים אַרטיקלען צום דרוקן. מ׳האָט אים אויך אַלץ ווייניקער און ווייניקער אַרויסגעשטעלט אַלס רעדנער ביי די פאַרשידענע פאַרזאַמלונגען און אונטערנעמונגען. צום סוף האָט

מען אים שוין אַפילו נישט שטענדיק צו וויסן געטאָן וועגן די זיצונגען פון באַזונדערס וויכטיקער באַטייטונג. מיט איין וואָרט: ער האָט בולט דערזען די טענדענץ, אַז מ'וויל פון אים פטור ווערן. די גרינגשעצנדיקע באַציִונג צו אים פון אַ סך חברים האָט אים ווײ געטאָן און ער האָט שטאַרק געליטן.

3

נאָך אַריבערגיין צו דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי האָט דער חבר הערש דערווייל נאָך נישט געוואַגט. וועגן פּחדנות, ווייל דאָס וואָלט געמיינט ווערן אַ קאַנדידאַט — נישט פאַר דעפּוטאַט אין סיים — נאָר פאַר שווערע שטראָף, כאָטש די קאָמוניסטישע באַוועגונג איז דערווייל נאָך אַלץ געווען לעגאַל. דער חבר הערש האָט אָבער גאַנץ גוט געוווּסט, אַז די דאָזיקע לעגאַלקייט איז נישט בלויז פאַר אויסלאַנד — צו ווייזן ווי דעמאָקראַטיש פּוילן איז — נאָר מער אַ נעץ, אין וועלכער די פּאָליציי פאַנגט די „רויטע". די טורמעס זענען געווען פול געפּאַקט מיט זיי. דער חבר הערש האָט נאָך נישט געהאַט פאַרגעסן דעם טעם פון טורמע...

ער איז ווי שטענדיק נאָכן פרישטיק אַוועקגעגאַנגען צו זיינע עסקים. ער האָט באַדאַרפט זיין אין באַנק, אויך אויף דער בערזע, דערנאָך אין דער פאַבריק. אָבער ס'איז אים הייַנט געווען באַזונדערס שווער אויפן האַרץ. מעגלעך, אַז דאָס האַרבסטיקע וועטער האָט געהאַט אַ חלק אין זיין טרויעריקייט. דער הימל איז געווען פאַרוואָלקנט, גרוי. אין הערשלס זכרון איז אַרויסגעשווימען די שטאָט, אין וועלכער ער איז געבוירן געוואָרן, די אָרעמע היים, די מאַמע, כאָטש ער האָט זי נישט געקאָנט זיך פאָרשטעלן, ווייל ער איז נאָך געווען אַ קליין ייִנגל ווען זי איז געשטאָרבן. דעם פאָטער האָט ער קיין מאָל נישט ליב געהאַט; דאָך האָט ער אַציִנד געטראַכט וועגן אים און באַדויערט, וואָס ער האָט אַזוי אין גאַנצן פאַרגעסן און אים און געלאָזט אים אויסגיין פון הונגער. (מענטשן האָבן אים דערציילט, אַז דער טאַטע זייַנער איז געשטאָרבן פּשוט פון הונגער). דאָס האָט איצט הערשן אַפילו געפּייניקט אַ ביסל, כאָטש ער האָט דעם פאָטער, נישט בלויז נישט ליב געהאַט, נאָר טאַקע פיינט געהאַט, און אויך אַציִנד. נאָר געלט האָט ער אים באַדאַרפט שיקן. דעריבער מאַכט זיך הערש איצט די ביטערסטע פאַרוואָרפן, אויך וועגן זיין מיאוסער האַנדלונג קעגן פייגען: זיין אַוועקפאָרן (זיך אַוועקגבעגנען פון איר ווען זי איז געווען אין אַזאַ ביטערער לאַגע, פּשוט אין געפאַר) איז געווען געמיין, נידעריק. נידעריק און געמיין איז אויך געווען זיין וועלן איר דערנאָך — ווען זי האָט אים געפּאַקט אין וואַרשע — געבן דאָס כמעט ווערטלאָזע געלט. מיט רעכט האָט זי אים דאַן געוואָרפן אין פּנים אַריין זיין פאַרראַט צו דער סאָציאַליסטישער אידעע.

ס'איז געווען דאָס ערשטע מאָל, אַז הערש האָט געטראַכט זיין לעבן וואָלט געווען אַנדערש, בעסער, ווען ער וואָלט געווען חתונה געהאַט מיט פייגען: ער וואָלט מיט איר געלעבט זיין לעבן.

אין מעלאַנכאָלישער שטימונג איז ער פון דער „ביעלאַנסקי" אָנגעקומען אין

„קראַשינסקיס” גאָרטן. דעם דאָזיקן קליינעם פּאַרק מיט ווייניקביימער, אָן בלומען און שטאַרק פאַרוואָרלאָזט, האָבן די אַנטיסעמיטן גערופן „זשידאָווסקי גן־עדן”. די וואָס האָבן ליב געהאַט צו חוזקן האָבן זיך דערביי געהאַלטן ביי דער נאָז און געכיקעט: אין דעם זשידאָווסקי גן־עדן גיבן די בלומען פון זיך אַרויס אַ ריח פון קנאָבל און „ציבעלעס”.... אין דאָזיקן אָרעמען פּאַרקל זענען טאַקע געקומען כמעט בלויז ייִדן, ווייל ס'איז געווען אין ייִדישן פערטל. דאָ אַהער איז געקומען די ייִדישע אָרעמקייט שעפּן אַ ביסל פרישע לופט. מאַמעס האָבן דאָ אַהערגע־ברענגט זייערע קינדער און די עופעלעך אין „וויזיקעס”. די אַנטיסעמיטישע כוליגאַנעס האָבן אָבער די אָרעמע ייִדן נישט פאַרגינען אַפילו דעם קליינעם תענוג און האָבן אין דעם פּאַרק אָפּט געמאַכט אַנפאַלן אויף זיי.

פאַן קרומהאָלץ איז איצט אָנגעקומען גראַד ווען שגצים האָבן געשלאָגן ייִדן. די פרויען האָבן געשריגן געוואַלד, די קינדער האָבן זיך געצאַפּלט און געוויינט, און די פחדנישע מענער זענען געלאָפן אין ווילדער בהלה און גע־ליאַרעמט: „ראַטעוועט! — ראַטעוועט!” — ווי געווײנלעך זענען נישט געווען די וועכטער פונעם פּאַרק און ס'איז נישט געווען צו געפינען קיין פּאָליציאַנט. די וואָס זענען געשטאַנען אין די גאַסן אַרום פּאַרק האָבן זיך געמאַכט נישט הערנדיק. איז אַ צעשלאָגענער, צעבלוטיקטער ייִד צוגעלאָפן אין דרויסן צו אַ פּאָליציאַנט, האָט יענער ציניש געענטפערט, אַז ער טאָר נישט אַוועקגיין פון דעם אָרט וווּ ער שטייט. אַזוי האָט געענטפערט יעדער פּאָליציאַנט. אין הערשן האָט אָבער אַצינד דערוואַכט דער אַמאָליקער קעמפער און ער האָט געשריגן צו די אַנטלויפנדיקע קרבנות: „אָקעגנשטעלן זיך! שלאָגן אויף צוריק!” ער אַליין האָט זיך טאַקע אַריינגעוואָרפן אין געשלעג.

די כוליגאַנעס האָבן זיך שנעל אָפּגעטראָגן.

4

אַרויסקומענדיק פונעם פּאַרק אויף די „נאַלעווקיס” האָט דער חבר הערש דערזען זיך אָפּשטעלן אַ האַלב פאַרמאַכטע קאָטש, אין וועלכער ס'איז געזעסן אַ דאַמע מיט אַ וואַל איבערן פּנים און מיט גרויסע שטרויס־פעדערס אינעם הוט. פון דער קאָטש איז שנעל אַרויס אַ מאַן, וועלכער האָט זיך געלאָזט גיין צום טויער פונעם פּאַרק. דער דאָזיקער מאַן האָט זיך אָבער שנעל אַ דריי געטאָן און געוואָלט אַריבער אויף דער אַנדערער זייט פון דער גאַס. (די קאָטש האָט דאָ בלויז אַראָפּגעלאָזט דעם מאַן און איז מיט דער דאַמע געפאָרן ווייטער).

נאָר הערש האָט דעם אַרויסגעקומענעם פון דער קאָטש דערקענט און גענומען רופן: „חבר מאַט!” דער חבר מאַט האָט נישט געהאַט קיין אַנדערע ברירה און זיך אָפּגעשטעלט. (ער האָט געוואָלט אַנטרינען אין אַ טויער און דורכן הויף אַרויסקומען אויף דער „דזשיקע”, ווי די גאַס האָט געהייסן אַמאָל און אַצינד הייסט זי „ד״ר זאַמענהאָף”). „פּאַרפּאַלן”, האָט דער חבר מאַט גע־טראַכט, איז אַקעגנגעגאַנגען דעם חבר הערש און אים געגעבן אַ האַנט, אַזוי

פריינדלעך און חבריש, אַז הערש האָט זיך געוווּנדערט. זיי זענען דאָן צוזאַמען אַריין אינעם טויער און זענען פון דער אַנדערער זייט אַרויסגעקומען אויף „ד״ר זאַמענהאָפער״ גאַס. דאָרט איז דאָס לעבן אָנגעגאַנגען ווי שטענדיק: טומלדיק, רוישנדיק, ליאַרמענדיק. אַ געאייל פון מענטשן, די מיינסטע אָרעמע, כמעט אין שמאַטעס אָנגעטאָן, מיט טרויעריקע, פאַרזאָרגטע פּנימער און הונגעריקע בליקן אין די אומעטיקע אויגן. די טראָטואַרן, ווי שטענדיק, ביז אין די רינשטאָקן מיט קיישלעך און שטעלעכלעך אַלערליי סחורות, אין די טויערן און אויך אויף דער ערד צעלייגט. ווי שטענדיק די זעלבע געשרייען און קוויטשערייען פון די גאַסן־הענדלער ביים אויסרופן און לויבן זייערע סחורות, אָנכאַפּן די פאַרבייגייער און בעטן זיי זאָלן קויפן. ווי שטענדיק, זענען די פאַראָרעמטע קרעמער געשטאַנען אויף די שוועלן פון זייערע האַלב שוין פּוסטע געוועלבלעך און אויסגעקוקט אויף קונים. די מעקלער האָבן ווי שטענדיק זיך געדרייט הין און צוריק איבער דער גאַס מיט זייערע שטעקעלעך אין האַנט און אויסגעקוקט ביי עפּעס צו פאַרדינען אויף חיונה. די זעלבע טרױעריקע, שיער פאַרצווייפלטע קינדערשע קולעכלעך: „הייסע בייגל! הייסע בייגל!״ דאָס זעלבע בעטלען פון די אומצאָליקע שנאָרערס: „שענקטץ אַ נדבה! שענקטץ! שענקטץ!״

דער זעלבער עלנט, די זעלבע נויט, די זעלבע האָפנונגסלאָזיקייט און פאַלן אַלץ טיפער אין אָפּגרונט. די שנעלקייט פונעם פאַלן האָט זיך פאַרגרעסערט, שיער לויטן געזעץ פון אַ לאַווינע־שטורץ. די געזעמלען אין דאָזיקן פירטל, דאָ אין דער און דאָ אין אַן אַנדערער גאַס, דאָ אין דעם און דאָ אין אַן אַנדערן טויער, איז געוואָרן אָפטער, ווייל אָפטער געשעט איצט עפּעס (מיינסטנס אַן אומגליק) וואָס איז אַ סענסאַציע פאַר די מענטשן.

דער חבר הערש און דער חבר מאַט האָבן זיך אָפּגעשטעלט פאַר אַ רעדל מענטשן אַרום אַ יונגנמאַן אויף דער ערד. „וואָס איז?״ האָבן זיי געפרעגט. „גאָרנישט״, האָט מען זיי געענטפערט, „אַן אַרבעטסלאָזער, געפאַלן פון הונגער״. די מייסטע פון די שטיין געבליבענע זענען באַלד געגאַנגען ווייטער און אומ־צופרידענע געברומט: „אַ נאַווינע״... גוטהאַרציקע אָבער האָבן פאַר דעם פאַר־הונגערטן שנעל געבערענגט עפּעס צו עסן. נאָר דער פאַרחלשטער האָט נישט געוואָלט נעמען. זיינע בלאַסבלויע ליפּן האָבן געשעפּטשעט: „גיט מיר אַרבעט״. דער עולם איז זיך צעגאַנגען, כמעט צעלאָפן, ווייל עטלעכע האָבן דערזען אַ שיכור אָנקומען. דער באַזאָפענער האָט זיך געוואַקלט אויף רעכטס און אויף לינקס און געמורמלט אין פּויליש: „פאַרפאַלן... פאַרפאַלן״ ... אויפן דאָזיקן שיכור האָט ווי געווייגלעך, זיך באַלד „דערבאַרעמט״ אַ פּראָסטיטוטקע, איינע פון די הונדערטער, וואָס האָבן אַרומגעוויעט אין די גאַסן ווי פליגן און אומפלייט אין שמוץ און פּוילעניש. פּונקט אַזוי האָבן אין די אָרעמע גאַסן נישט געפעלט קיין שיכורים. זיי זענען געווען די זיכערסטע און בעסטע קונים, דאָס האָבן די זונות געוווּסט און דעריבער, דערזעענדיק אַ שיכור, איז גלייך צוגעקומען צו אים איינע.

דער חבר מאַט האָט זיך געוויצלט: „די דאָזיקע סחורה פון לעבעדיקן פלייש האָט אַ מערקווירדיקע אייגנשאַפט: זי בעט זיך אַליין אָן און רעכנט אַליין אויס אַלע אירע מעלות... און נאָך אַן אייגנשאַפט האָט די דאָזיקע סחורה: זי איז ביליק, שטענדיק דער זעלבער פּרייז, ווייסט נישט פון קיין שפּעקולאַציע און יקרות, ס׳הערשט דאָ נישט קיין אַנטיסעמיטיזם און באָיקאָט, און ס׳פעלן נישט קיין קונים"... ער איז אָבער באַלד געוואָרן ערנסט און ווי אַ טרוקענער סטאַ־טיסטיקער אויסגערעכנט עטלעכע ציפער דעם חבר הערש: 60% פון די אַרבעטער זענען אַרבעטסלאָז; גענוג דאָס רייכסטע לאַנד צו ברענגען צו אונטערגאַנג. פון די קראַנקע, וואָס דאָקטוירים האָבן אין לעצטן יאָר אונטערגעזוכט, זענען 80% געווען מיט אונטערגעוויכט. טובערקולאָזע, די אָרעמאַנסקע קראַנקייט, איז דער־שרעקנדיק פאַרשפּרייט, באַזונדערס אָבער צווישן אונדזערע יידישע קינדער. די טאַבעלע גייט אַזוי: אין ערשטן לעבנסיאָר: 11 אויף יעדע הונדערט: אין צווייטן: 24; אין דריטן: 33; אין פירטן: 45; אין פינפטן: 49; אין זעקסטן: 54; אין זיבנטן: 58; אין אַכטן: 62; אין צענטן: 72; אין צוועלפטן: 88. צווישן דערוואַקסענע: 97. יערלעך ווערט אין דאָזיקן לאַנד אויסגעטרונקען 81 מיליאָן קוואָרט אַלקאָהאָל אין סומירונג 100%. נעכטן זענען פאַרצייכנט געוואָרן דרייצן זעלבסטמאָרדן אין וואַרשע. שוין עטלעכע יאָר, ווי פון די קנאַפּע 200,000 יידן דאָהי, דערגרייכט די צאָל זעלבסטמאָרדן כמעט יעדן חודש ביז 300. די שפּיטאָלן און די קליניקעס גיבן מעדיצינישע הילף דעם קלענסטן טייל קראַנקע, וואָס קומט נאָך הילף. די מושב זקנימס, די הקדשים, די יתומים־הייזער און קינדער־היימען האָבן נישט קיין פּלאַץ אַפילו פאַר אַ צענט חלק פאַר די וואָס האָבן נישט ווו צו זיין. איז אַ וווּנדער דאָס וואַלגערן זיך פון אַלטע לייט אין קעלערס, אין וואָקזאַלן, אונטער בריקן פון דער ווייסל? איז אַ וווּנדער, וואָס מאַמעס וואַרפן אונטער זייערע קינדער ווו נאָר זיי קאָנען און טייל ברענגען גאָר זייערע קינדער אויפן מאַרק פון אַלטוואַרג, אויף דער „וואַלוווקע", און ווילן זיי פאַרקויפן צו איין זלאָטע אַ שטיק, אָבער ס׳זענען דאָ קנאַפּ קונים אויף אַזאַ סחורה? דאָס מי־ליטער אָבער פאַרברויכט 60% פון דער מלוכה־הוצאה!".

„וואָס איז דאָ?" הערש איז שטיין געבליבן און געצוווּנגען דעם חבר מאַט אויך שטיין צו בלייבן. ווידער אַ געזעמל פאַר אַ טויער.

זיך דורכשטופּנדיק אין הויף אַריין האָט דער חבר מאַט זיך סאַרקאַסטיש צעלאַכט: „אַן אונטערגעוואָרפן קינד"... אַ יידענע האָט עס געהאַלטן און עס געלויבט ווי אַ סוחרטע ביים ווייזן סחורה: „זעט, כ׳לעבן; אַ גאָלדן קינד!... נאָך אַוודאי קיין גאַנץ יאָר נישט אַלט. געפונען גלייך ביי דער שוועל. אַ הונט האָט עס, חלילה, געקאָנט אויפעסן. ליגט אַזוי אַ פּעקל... אַ מערכה, דאָס פּיצל האָט געהאַט שכל צו וויינען, אַזיסט וואָלט יאָך געווען פאַרבייגעגאַנגען און גאָרנישט געזען. אַ „יאַדעס" פון אַ מאַמאַ אַזוינס צו טאָן! אין גאַנצן אָן אַ לב!".

עטלעכע האָבן זיך אָנגערופן: „ז׳האָטס אַוודאי נישט געטאָן פון נחת"...

אַנדערע האָבן באַשטעטיקט: „זיכאָר נישט".

די רעשט האָבן געזיפצט: „דער דלות"...

דאָס קינד האָט זיך נישט אויפגעהערט צו רייסן. די ייִדענע, וואָס האָט עס געהאַלטן, האָט עס געוויגט און געשאָקלט אין אירע אָרעמס און צוגעזונגען: „איי, איי, איי, איי, איי... וויין נישט אַזוי, זעסט דאָך, אַז קאַ גרויסער יחסן ביסטו נישט"...

עטלעכע נייגעריקע ווייבער האָבן פאָרגעשלאָגן: „לאָמאָר זען, אויב דאָס איז אַ מיידאָלאָ, אָדאָר אַ יינגאָלאָ! אפשר איזס גאָר אַ שגצל?"

„איז וואָס?" האָבן עטלעכע געפרעגט. „אַן אומשולדיקער נפש".

עטלעכע האָבן פאַרביטערט אַריינגעוואָרפן: „אַצינדאָר טאַקאָ אומשולדיק: שפּעטער אָבאָר, ווען ס'וועט ווערן גרויס, וועטס זיין אַן אַנטיסעמיט און הרגאָנע ייִדן!"

„באַרישקייטן!" האָבן די מייסטע געענטפערט. „לאָמאָר זען! אויב אַ קריס־לאָך קינד, וועט די פּאָליציי שוין געפונען אַ היים דערפאַר".

מ'האָט צענומען די שמאַטעס, אין וועלכע ס'קינד איז געווען איינגעפּאַקט און די מייסטע האָבן זיך אָנגעכאַפּט ביי די נעז. דערזעענדיק, אַז ס'איז אַ מייי־דעלע, זענען כמעט אַלע געבליבן אַנטוישט און געפרעגט: „ווי זאָלמאָ וויסן, צי ס'איז יאָ אַ ייִדיש אָדאָר נישט קיין ייִדיש קינד?"... איינע האָט אָבער דער־זען צווישן די שמאַטעס אַ צעטעלע, און עס עפנענדיק מיט ציטערנדיקע פינגער, אויסגערופן: „אַ ייִדיש ברייוול!... פול מיט פלעקן פון טרערן!"... זי האָט גע־לייענט: „ייִדן, בני רחמנים! טייאָראָ מענטשן! יאָך שרייב צו אייך ווי אַ מאַמאָ"... די פרוי האָט זיך צעוויינט און מער נישט געקאָנט לייענען. מיט איר האָבן זיך צעכליפּעט כמעט אַלע ווייבער אַרום דעם אונטערגעוואָרפענעם קינד.

5

דער חבר הערש האָט זיך מער נישט געוואָלט אָפּשטעלן פאַר ווייטערע געזעמלען אָדער אַנלויפן פון מענטשן. ער איז מיטן חבר מאַט פאַרבייגעגאַנגען צוויי מאָל פאַר טויערן פון הייף אין וועלכע ס'זענען געווען טומלען, געשריי און ליאַרם צוליב עקסמיסיעס. ער איז פאַרבייגעגאַנגען פאַר אַ רעדל מענטשן אַרום אַ ליגנדיק מיידל אויפן טראָטואַר, וואָס האָט נאָר־וואָס געהאַט געטרונקען „ליזאָל". דאָס פלעשעלע האָט זיך געוואַלגערט לעם איר. זי האָט נאָך געלעבט, אָבער זיך געוואָרפן אין שרעקלעכע יסורים. און אָט אַן אַנדערע פּאַסירונג, וואָס איז אויך שוין נישט געווען קיין נאָווינע: הונגעריקע מענטשן זענען באַפאַלן אַ פורגאָן מיט געבעקס און צעכאַפּט דאָס ברויט און די זעמל פון דעם גרויסן וואָגן אַרויס נאָך איידער פּאָליציי איז אָנגעקומען. אין אַן אַנדערער גאַס האָבן די צוויי חברים אָנגעטראָפן אויף אַ דעמאָנסטראַציע פון מלחמה־אינוואַלידן און מלחמה־אַלמנות. זיי האָבן געטראָגן טראַנספּאַרענטן מיט גרויסע אויפשריפטן: „גיט אונדז ברויט פאַרן בלוט, וואָס מיר האָבן פאַרגאָסן, פאַר די הענט און פיס און אויגן, וואָס מיר האָבן פאַרלוירן און געבליבן קאַליקעס! גיט אונדז ברויט

פאַר אונדזערע מענער, וואָס האָבן זייער לעבן אַוועקגעגעבן פאַרן פאָטערלאַנד!"
די דעמאָנסטראַנטן האָבן געזונגען טרויעריקע לידער פון נויט, פּאַטריאָטישע לידער, און האָבן מאַרשירט. די דאָזיקע דעמאָנסטראַציע האָט געמאַכט אַ שוואַכן איינדרוק, ווייל די מענטשן זענען שוין געוווינט געווען צו דעמאָנסטראַציעס. פּלוצעם אָבער האָבן מענטשן גענומען שטיין בלייבן מיט פאַרריסענע אויגן צום הימל.

„וואָס איז?" האָבן געפרעגט די אַלץ מער שטיין בלייבנדיקע.

„קוקט אַרויף וועט איר זען!" האָט מען זיי געענטפערט.

אויף איינער פון די עלעקטרישע דראָטן פאַר טראַמווייען איז געהאַנגען אַ טאָוול מיט גרויסע אותיות: „פּראָלעטאַריער! בירגער!" די שטיין געבליבענע האָבן געלייענט די רעוואָלוציאָנערע לאָזונגען, וואָס האָבן געווירקט ווי מיט אַ צויבערקראַפט, כמעט אויף יעדן מענטש — אַזוי איינפאַך איז געווען דער אמת פון די ווערטער.

די באַוועגונג האָט זיך אָפּגעשטעלט, ווייל דער אַנלויף פון מענטשן איז געווען אַזוי גרויס, אַז זיי האָבן פאַרשפאַרט דעם וועג.

„ווי אַזוי", האָבן די מיינסטע זיך געוווּנדערט, „האָבן די ,חברה־לייט' גע־קאָנט אויפהענגען דעם טאָוול אויף דער עלעקטרישער דראָט אין שיינעם העלן טאָג אין אַזאַ באַוועגטער גאַס?"...

„דאָס איז אַ קונציק שטיקל אַרבעט!"...

„זיי שיסן דאָס אַרויף מיט אַן אַפּאַראַטל"...

„דאָס זענען די קאָמוניסטן"...

נאָר צו לאַנג האָט דאָס „בייזע וווּנדער" נישט געדויערט. ס'האָבן גענומען לויפן פּאָליציאַנטן פון אַלע זייטן. זיי האָבן אָבער גאָרנישט געקאָנט טאָן. זיי האָבן געגלאָצט אויף דער דראָט, אויפן טאָוול, געלייענט די רעוואָלוציאָנערע לאָזונגען און געשאָלטן און געזידלט מיט זאַפּטיקע פּוילישע זידלווערטער.

איינער האָט געגעבן אַן עצה: „מיט דער שווערד!"

צערייצטע האָבן עטלעכע געענטפערט דעם נאַרישן קאָלעגע: „קאָפּ מיט גראָבעווינעס! הייפּטל קרויט! אָפּגע... הינטן! פּרווו און דערלאַנג מיט דער שווערד!"

יענער האָט נישט פאַרשטאַנען פאַר וואָס מ'זידלט אים אַזוי און זיין עצה אויסגעבעסערט: „איך וועל מיך אַרויפשטעלן אויף איינעם און דאַן" —

„אָבער הינטישער זון! אין דיין מאַמע די...! ס'איז דאָך עלעקטריציטעט! אַפילו אַ פּ... וואָלסטו נישט באַוויזן צו טאָן!"

עטלעכע פּאָליציאַנטן האָבן טעלעפאָנירט אין זייערע קאָמיסאַריאָטן. ס'האָט נישט לאַנג געדויערט און אויף מאָטאָציקלען און אין אויטאָמאָבילן זענען אָנגע־קומען גאָר געהויבענע לייט. אָבער זיי האָבן אויך גאָרנישט געקאָנט טאָן. דאָך זענען זיי געקומען אויף אַ גוטער המצאה: זיי האָבן אַרויסגערופן פייערלעשער. נאָך עטלעכע מינוט האָט זיך דערהערט דאָס קלינגען און טרובען פון עטלעכע

ריכטונגען. ס׳זענען צוגעפאָרן אַלערליי פייערלעשער־מאַשינען אויף לאַנגע רויטע אויטאָמאָבילן מיט גאַנצע סקוואַדן פייערלעשער אין זייערע גלאַנציקע מעשענע קאַסקעס. ווי מאַגנעט ציט צו אייזן, אַזוי ציִען פייערלעשער צו קינדער. זיי זענען געלאָפן פון אַלע זייטן. שוין האָבן די פייערלעשער זיך געכאַפּט צו די לאַנגע גומענע קישקעס. אָבער ווו ברענט? פון קיין שום הויז איז נישט געקומען קיין פייער, אַפילו נישט קיין רויך.

צוליב וואָס האָט מען גערופן פייערלעשער, אַז ס׳ברענט נישט?

און דער אָנגעלויף פון מענטשן איז געוואַקסן פון מינוט צו מינוט, פון אַלע זייטן זענען זיי געלאָפן, פון גאַנץ וואַרשע. הונדערטער (און אפשר טויזנטער?) שטייען אויף די דעכער און קוקן אַראָפּ. די באַוועגונג ווערט פּאַרפּאַקט און אַלץ מער שכנותדיקע גאַסן. די פּאָליציי שוויצט, אַ סך פון זיי זענען שוין הייזעריק פון שרייען און ליאַרמען צו די מענטשן, אַז זיי זאָלן זיך צעגיין, מ׳זאָל נישט שטיין בלייבן. אָבער ס׳העלפט נישט, ס׳העלפט נישט אַפילו קיין טרייבן.

ענדלעך, נאָך דעם ווי דער „סאַמעראָדנער” פון די פייערלעשער איז געוואָר געוואָרן פונעם „סאַמעראָדנעם” פון דער פּאָליציי, וואָס ס׳איז געשען און וועגן וואָס מ׳האָט זיי אַרויסגערופן, איז איינער, אַן איינפאַכער פייערלעשער, אַרויפּ־געקראָכן אויף אַ לייטער און האָט אַראָפּגענומען דעם טאָוול מיט די געפּערלעכע ווערטער, וואָס קאָנען זיין געפּערלעכער אַפילו פון אַ גרויסער שריפה...

איבער דער צייט פונעם אָנלויף און טומל האָבן קליינע „יאַטן” צעטיילט קאָמוניסטישע פּראָקלאַמאַציעס, וואָס האָבן גערופן צום קאַמף קעגן דער רעאַקציע, צום קאַמף קעגן דעם שוידערלעכן טעראָר פון דער רעגירונג, צום קאַמף קעגן איר שרעקהערשאַפט, קעגן איר סאַדיסטיש־גרויזאַם פּייניקן די סאָציאַליסטן (פוילנס בעסטע זין און טעכטער) וואָס שמאַכטן אין די תפיסות, צום קאַמף קעגן דער ווילקיר פון דער יוסטיץ, קעגן דאָס פאַרגוואַלדיקן פּאָליטישע אַרעסטאַנטקעס און דערמאָרדן אויף אַלערליי אופנים פּאָליטישע קעגנער, צום קאַמף קעגן דער אומגעהויערער אַרבעטסלאָזיקייט, קעגן דעם שוידערלעכן הונגער און דער שרעק־לעכער נויט, צום קאַמף קעגן דאָס אויסזייגן דעם לעצטן טראָפּן בלוט פונעם פאָלק דורך רייסן שטייערן און אויסגעבן הונדערטער מיליאָנען אויף צוגרייטן אַ צווייטע וועלט־מלחמה, אַ מלחמה קעגן רוסלאַנד.

קאַפּיטל זעכצן

# די גבאיטע

1

ליובאַס גרעסט פאַרגעניגן איז געווען אַרומצופאָרן אין איר קאַרעטע פון איין צדקה־חברה צו אַ צווייטער, פון איין הילפס־פאַראיין צו אַן אַנדערן און דאָרט קריגן קאָמפּלימענטן און ברכות. אַצינד האָט זיך איר קאַרעטע אָפּגע־שטעלט פאַר אַ הויז, וואָס איז געווען באַלאַגערט פון אָרעמעלייט. די פּראָ־פעסיאָנעלע שנאָרערס צווישן זיי, דערזעענדיק אַ רייכע מאַדאַם אַרויסגיין פון אַ קאַרעטע, האָבן זיי די נגידת אַרומגערינגלט מיט וויינענדיקע קולות: „מאַ־דאַמעשי... שענקט"... ליובא האָט אין יעדע אויסגעשטרעקטע האַנט אַריינגעלייגט אַ מטבע און באַקומען פאַר איר אַ באַרג ברכות".

אין דער פילאַנטראָפּישער אינסטיטוציע האָט מאַדאַם לישיי געטראָפן דאָס זעלבע בילד, וואָס זי האָט געטראָפן שטענדיק ווען זי איז דאָרט געקומען: אויס־געשטרעקטע הענט נאָך קוויטלעך אויף שפּייז, וואָס איז פאַרטיילט געוואָרן איינס צוויי מאָל אַ וואָך. אויף אַ קוויטל האָט מען באַקומען פון איינס צוויי פונט הירזש אָדער רייז, אָדער מעל, צי קאַשע, אַ מאָל אַרבעס. אַלערליי הענט זענען געווען אויסגעשטרעקט: אויסגעדאַרטע און ציטערנדיקע מיט גרינע און בלויע אָדערן געצווייגט, בלאַסע הענט, שמאָלע מיט לאַנגע דינע פינגער, גראָבע און ברייטע הענט פון שווער פּראַצעווען אַ גאַנץ לעבן, קליינע הענטלעך פון קינדער, שטייפע מיט אָנגעשוואָלענע פינגער, קנאָכיקע הענט, הענט מיט פינגער ווי קראַלן ביי ריזיקע רויבפייגל, פאַרחלשטע הענט, פאַרשעמטע און עניוותדיקע הענט, וואָרנ־דיקע הענט, פלוכנדיקע הענט, וויינענדיקע הענט, יאושדיקע הענט, הענט ווי שלאַנגען און הענט ווי שטאַרבנדיקע טויבן.

געטיילט די קוויטלעך האָט אַ פאַרפאַלק. דער מאַן: מיט אַ קיילעכדיקער באָרד, אַ געהאַקטער קאַפּאָטע, אַ טוכן היטל מיט אַ הויכער דענקע און מיט יראת־שמים־אויגן אונטערן דאַשיק. די פרוי: אין אַ שייטל, אַ ראָזע־בלי־ענדיק

פנים פון אַ יונגער רביצן. די צאָל באַנעס האָבן זיי צעטיילט גאַנץ שנעל. דאָן האָבן זיי צו די זיך שטופּנדיקע און פּאַקנדיקע געזאָגט מיט בנעימותדיקע שטי־מען: „מער איז נישטאָ. האָטש נישט קיין פּאַריבל. קומטש, זייטש אַזוי גוט, אין אַ וואָך אַרום ווידער". נאָר די אָרעמע — זיי זענען שטענדיק אַהערגעקומען צו עטלעכע מאָל ביז זיי האָבן געטראָפן צום גליקלעכן מאָמענט ווען מ'האָט פּאַר־טיילט די קוויטלעך, דערצו האָבן זיי נאָך געגנוג לאַנג געוואַרט אין דרויסן ביז מ'האָט זיי אַריינגעלאָזט און געוואַרט אויך אינעווייניק — האָבן זיך געמאַכט נישט הערנדיק און אַלץ געהאַלטן אויסגעשטרעקט די הענט. זיי זענען געשטאַנען מיט פּאַרקלעמטע הערצער און זיך נישט גערירט.

מאַדאַם לישיי האָט געפרעגט ביים פּאַרפּאַלק: „פּאַר וואָס גייען די מענטשן נישט אַוועק ?".

מאַן און פרוי, די איינציקע אַנגעשטעלטע אין דער דאָזיקער אינסטיטוציע, זענען געווען אין גרויס פּאַרלעגנהייט. זיי האָבן נישט געוווסט, וואָס צו ענטפערן אויף דער פראַגע פון דער גאָר חשובער ערנמיטגלידערן, וואָס האָט געהאַט די טבע צו קומען טייל מאָל צום פּאַרטיילן די באַנעס. די אַנדערע מיטגלידער זענען געקומען בלויז צו זיצונגען, צו פּאַרוויילונגס־אָוונטן, צו באַנקעטן, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן ביי פּאַרשידענע געלעגנהייטן: אַ מאָל כדי צו זאַמלען געלט און אַ מאָל כדי צו ווערבירן נייע מיטגלידער, אַ מאָל צו ערן אַ גרויסן בדבן, אָדער צו אַ יובילײ פון אַ חשובן ערנמיטגליד אין דער פּאַרוואַלטונג, צו ווײלן אַ נײע פּאַרוואַלטונג וכדומה.

נאָר די צוויי אַנגעשטעלטע האָבן אין מאַדאַם לישייס פראַגע אַריינגעלייגט אַ גאַנץ אַנדערן זין. זיי איז אויסגעקומען, אַז די דאָזיקע ערן־מיטגלידערין איז זיי חושד, דאָס זיי פּאַרטיילן נישט אַלע קוויטלעך. און אפשר אויך... אַז מען צעטיילט בכלל צו ווייניק — לויטן געלט, וואָס ס'קומט אַריין אין דער אינ־סטיטוציע. זי אַליין (מאַדאַם לישיי) גיט אָפּט גאַנץ שיינע סומעס געלט, דערצו שיקט זי נאָך פון מאָל צו מאָל אַ זעקל און אויך צוויי זעקלעך מעל.

באַלד אָבער איז דעם אַנגעשטעלטן מיט די יראת־שמים־אויגן איינגעפאַלן אַ גליקלעכע מחשבה, וואָס טאַקע נאָר „דער אין הימל", צו וועמען ער ווענדט זיך שטענדיק, אַפילו אין דער קלענסטער עת צרה און איז שטענדיק בטוח אַז „ער" וועט אים העלפן, האָט אים איינגעגעבן און ער האָט דאָס איינגערוימט דער מאַדאַם לישיי אין אויער: „סטרייקאָרס... ווייבער פון סטרייקאָרס"... זיין פרומע פרוי האָט באַשטעטיקט, וואָס ער האָט געזאָגט מיט אַ וואָרצייכן: „יאַך קען זיי אַלע".

ליובאָ — מיט גרויסע שטרויספעדערס אויפן הוט און דעם וואָל אַרויפגע־שאַרצט האָט אַ געשריי געטאָן מיט איר באַסאָוון קול, אַז די ווענט האָבן אַזש געציטערט: „סטרייקאָרס זאָלמאָ גאָרנישט געבן! זאָלן זיי קראַפּירן פון הונגער! זאָלן זיי זיאָך אויסציִען אויף דער גאַס און פגרן! אַרויס פונדאַנאָן! וואָן!"

די אויסגעשטרעקטע הענט האָבן פּאַרשעמטע זיך אַראָפּגעלאָזט. דערשראָקענע

האָבן אַלע זיך גענומען רוקן צו דער טיר. טייל האָבן געמורמלט: „מיאָר זענאָן נישט קיין סטרייקאָרס, ווי זאָלן מיאָר זיין סטרייקאָרס, אַז מיאָר האָבן גאָר קיין אַרבעט נישט"... אַנדערע האָבן געזאָגט: „מיאָר זענאָן נישט קיין אַרבעטאָר, קיין מאָל נישט געווען"... איינער אָבער האָט געשריגן: „אין די צייטונגען שרייבטמאָ, אַז מ׳גיט אַרויס טויזנטער באַנעס אַ וואָך, אַז טויזנטער פאַמיליעס קריגן גענוג שפייז, פעטץ און צוקאָר אויף אַ גאַנצע וואָך! דאָס איז אַ ליגנט! מ׳צעטיילט 30—40 קוויטלעך אויף אַ פונט אָדער צווי פונט שפייז אַ וואָך, נישט מעאָר!"

דער ירא־שמימניק מיט דער שיינער, קיילעכדיקער באָרד, האָט געפרעגט: „אַ בונט? — אַרויס! אַרויס!"

ליובאַ האָט זיך אַ לאָז געטאָן מיט אירע גרויסע פויסטן: „וואָן פון דאַנען!"

2

זי איז געפאָרן פון איין פילאַנטראָפּישער אינסטיטוציע צו אַ צווייטער. אומע־טום האָט זי געטראָפן הונדערטער אָרעמע מענטשן וואָרטן מ׳זאָל זיי העלפן און דאָס האַרץ אין איר האָט געקוואָלן, זעענדיק ווי מ׳העלפט זיי. סיי די פרומע גבאים און סיי די פאַרוואַלטער׳ס אין נישט פרומע אינסטיטוציעס האָבן איר צו־געטיילט גרויס כבוד און זי האָט זיך דערפון געשמאָלצן אין תענוג. דאָך איז איר אויך אויסגעקומען צו האָבן אומאַנגענעמלעכקייטן אין טייל ערטער, ווי למשל דאָרט, ווו די „סטרייקערס" האָבן שיער געמאַכט אַ בונט, און אַצינד ווידער אין אַ קליניק פאַר אָרעמע קינפעטאָרינס. ביים אַהינקומען האָט זי אין דער קאַנצעלאַריע אָנגעטראָפן אַזאַ סצענע: אַ בלאָסער, זיך צאַפּלנדיקער יונגערמאַן, האָט מיט אַ כמעט וויינענדיק קול זיך געבעטן ביי דער באַאַמטין אין אַ ווייסן כאַלאַט און מיט אַ פאַפּיראָס אין ברייטן מויל: „פאַנילעבן... שוין אין מיטן דער נאַכט האָט זי באַקומען ווייען. יאָך האָב פאַר דריי חדשים איינגעצאָלט דריי זלאָטעס. דאָ האָבן זיי די קוויטונג".

די באַאַמטין האָט אַרויסגעבלאָזן דעם רויך דורך די גרויסע נאָזלעכער און זיך געהאַלטן ביי ס׳איריקע: „באַצאָלט דרעשט ווערט מען זי אויפנעמען".

האָט דער יונגערמאַן זיך ווייטער געבעטן: „יאָך בין דאָך אַרבעטסלאָז. יאָך האָב שוין אַלץ פאַרקויפט, פאַרזעצט. האָבן זיי רחמנות. מיין פרוי גייט אויס אין יסורים. בין געווען שוין אין דער גמינע, אין ,עזרת נשים׳ — אומעטום. ווען יאָך וועל קריגן אַרבעט, וועל יאָך דאָס געלט צוריקצאָלן, דאָס ערשטע געלט וואָס יאָך וועל פאַרדינען. זאָל מיאָר גאָט אַזוי העלפן אין מיין עת צרה אַצינדאָר. אַזוי זאָל מיין פרוי איצטאָר בשלום איבערקומען. זי ליגט אין דרויסן אויף די שטיינערנע שטיגן און האַלט עס נישט אויס פון די ווייטיקן. אין דער היים זענען אַליין דריי קליינע קינדאָר".

ליבאַן האָט דאָס אַ ביסל פאַרקלעמט ביים האַרץ. אָבער זי האָט אַ טראַכט געטאָן: „יאָך קאָן מיאָך דאָ נישט אַריינמישן". איז זי אַריינגעגאַנגען אין זאַל

צו די קינפעטאַרינס. ס׳איז געווען אַ גרויסע, טונקעלע שטוב, די ווענט שוין לאַנג נישט געקאַלעכט, מיט רייען קליינע, אייזערנע בעטן, איין בעט לעם אַנדערן, צוגעדעקט מיט גרויע, האַרטע קאָלדרעס. אַ שווערע לופט, אָבער שטאַרק דיזענ־פעקצירט. די וועכטערינס האָבן אויסגעטיילט ס׳עסן.ביים אַריינקומען האָט ליובא אויסגערופן: „מממ... ווי ס׳עסן שמעקט!״ נאָר אַ סך פון די קינפעט־טאַרינס האָבן דאָס עסן נישט געוואָלט נעמען. איינע האָט געזאָגט: „מיאָך דרייט נאָך אין די קישקעס פון נעכטן!״ אַן אַנדערע האָט געזאָגט: „מיאָך ברענט עס אונטאָרן האַרץ!״ אַ דריטע: „ס׳האַלט מיאָר אין איין אויפשטויסן!״ אַ פירטע: „יאָך האָב היץ!״ אַ פינפטע: „יאָך קאָן נישט עסן קאַ קרויט!״

די אויסטיילערין האָט זיך צעשריגן: „קרויט איז געזונט! קרויט קאָנמאָ עסן אַפילו ווען מ׳איז שוועאָר קראַנק!״ זי איז געגאַנגען פון איין בעט צום צווייטן און ווער ס׳האָט נישט געוואָלט נעמען האָט באַקומען פיר ווערטער: „ז׳ווילן נישט? — איז נישט!״ די קינפעטאַרינס האָבן געקרעכצט: „וואָסער איז עס און נישט קיין זופּ!״ „וואָסער מיט עטלעכע באָבעס און אַ פּאָר פּערל־גרויפּן!״ „קאַרטאָפּליעס אין די שאָלן מיט הערינג!״ דערויף האָט די אויסטיילערין ווידער געענטפערט: „אַז מ׳איז הייס געבלאָזן, אַזעלכע איידעלאָ פּריצעס — קומטמאָ נישט אַהעאָר! הפּנים, אַז אין דער היים עסט איאָר אַלע געבראָטענע טויבן, קוראָפּאַטוואָס און צ׳טרינקט שאַמפּאַניאָר!... כ׳לעבן, אַזעלכע כראַבינעס האָבן ס׳קינד אין דער היים, אינעם שלאָס ווו מ׳ווינט, אָדאָר מ׳גייט אין אַ פּריי־וואַט־קליניק; דאָרט פּאַרנעמטמאָ דריי צימער, מיט אייגענאָ בעדינאָרינס און קראַנקנשוועסטאָרס... דאָרט איז דאָס עסן טאַקאָ אַ ביסל אַנדאָרש ווי דאָ... די בעטן זענאָן אויך אַנדראָ... פּוכאָנע קישנס... זיידענאָ קאָלדרעס... אויף דער פּאָד־לאָגע ליגן טייאָרע טעפּיכאָר... ס׳שטייאָן בלומען״...

די קינפעטאַרינס האָבן זיך נישט צוגעהערט, וואָס די וועכטערין — אַן אַלטע מויד — האָט ביים אויסטיילן ס׳עסן געזאָגט, ווייל יעדן טאָג, ביי יעדן מאָל אויסטיילן עסן, האָט זי געזאָגט דאָס זעלבע. די געזונטע מאַמעס האָבן געגעסן, וואָס מ׳האָט זיי געגעבן און זענען געווען גליקלעך: פון זייערע אויגן האָט געשטראַלט די מאַמעפרייד. די מיינסטע זענען אָבער געווען זייער שוואַך, נישט בלויז פון געבערן, נאָר פון יאָרן נויט און דחקות. זייערע איינגעפאַלענע באַקן זענען געווען בלאַס, די ליפּן בלייך, די אויגן אויסגעלאָשן, און ביי טייל גלאַנציק פון פיבער.

מאַדאַם לישיי האָט צעטיילט די מתנות, וואָס זי האָט מיטגעברענגט: איינער אַ פּאָר צוקערלעך זיך אונטערצולעגן ס׳האַרץ, אַ צווייטער — אַ פּעקעלע ביס־קוויט, אַ דריטער — אַ ביסעלע טיי אין אַ פּאַפּירל, אַ פירטער — אַ ביסל „מאָנ־טשקע״ אין אַ שקאַרמוצל, אאַז״וו. מיטן גאַנצן האַרץ האָט זי די מאַמעס פּאַר־גינט זייער מאַמעפרייד, כאָטש איר אַליין איז די דאָזיקע פרייד נישט באַשערט געווען: איר טראַכט איז געבליבן פּאַרשלאָסן.

פון דער אָרעמער קימפּעטאָרינס היים איז ליובאַ געפאָרן אין דער אָרעמער

תלמוד־תורה, וואָס איז איר געווען זייער טײַער און שטאַרק איינגעבאַקן אין האַרץ. חוץ וואָס זי האָט דאָרט געצאָלט חודשלעך (מיט אַ ברייטער האַנט) האָט זי שטענדיק ביים אַוועקגיין איבערגעלאָזט געלט: זי האָט עס געגעבן די מלמדים, פאַר זיי און פאַר די תלמידים. צום מאָן פלעגט זי זאָגן ביים אַהיימקומען: „וואָס מיאָר ,טריאַטאָר׳!... אין דער תלמוד־תורה קומט מיאָר צו אַ שטיק געזונט!... יאַק העאָר דאָרט לערנאָן; צעגייט מיאָר די הייליקאָ תורה אין יעדן אבר!... אוי, מיאָר פאַר זיירא זיסאָ קולאכלאַך!... מיאָר פאַר די טײַאָראָ יידישאָ קינ־דאָרלאַך!... ווי זיי שאָקלאָן זאַך!... זײַאָראָ פרומאָ פּנימלאַך!... זיירא שיינאָ אייגאָלאַך! זיירא לאַנגאָ פאַהאָלאַך!״...

ביים אַריינקומען האָבן זיך אויף ליובאַן אַ גאַס געטאָן די קינדערישע קולעכלעך ביים לערנען: „שור שנגח את הפרה... אַן אָקס האָט געשטויסן די קו״... די ייִנגלעך זענען געזעסן אַרום טיש איבער אויפגעמישטע גמרות (אין לאַנגע קאַפּאָטקעלעך), די ווייסע טלית־קטנס, מיט ברייטע און שמאָלע שוואַרצע פּאַסן ביז איבער די קני׳ען און די ציצות ביז די קנעכלעך, אין זעקס קאַנטיקע קאַשקעטלעך (און מיט לאַנגע געקרייזלטע פּאות). דער מלמד איז געזעסן אויבנאָן אין אַ בלוי־סאַמעטענער יאַרמלקע, מיט קינדערישער מילדקייט און בלייכן פּנים, מיט לאַנגער, בו־ייטצעקעמטער שוואַרצער באָרד און מיט פאַרחלומטן בליק אין די טונקלברוינע אויגן. ער האָט זיך געשאָקלט אין זעלבן טאַקט מיט די קינדער און זינגענדיק, זיי אונטערגעטריבן: „נו, ווייטער״... די קינדער האָבן אָבער געוווּנקען צו אים, אַז ס׳איז עמעצער אַרײַנגעקומען. האָט ער אויסגעדרייט זיין קאָפּ צו דער טיר און אויסגערופן: „ס׳קאָצל קומט, מאַדאַם לישיי!... ברכים הבאים!״... ער האָט אַ ווונק געטאָן צו די תלמידים און זיי האָבן אים נאָכגע־זאָגט: „ס׳קאָצל קומט, מאַדאַם לישיי!... ברוכים הבאים!״...

ליובאָס פּנים האָט זיך צעגאָסן פון תענוג. זי האָט געזאָגט צו די קינדער: „אַ געזונט אין ענקאָראָ ביינדאָלאַך!!... צ׳זאָלט אַלאָ אויפוואַקסן שטאַרקאָ און פרומאָ יידן״!... לערנטץ ווייטאָר, לערנטץ די הייליקאָ תורה!... ס׳איז דאַך... ווי שטייט געשריבן? — ווי זיסאָר האָניק אויף דער צונג״...

האָט דער מלמד אָפּגעהוסט און ווייטער געזונגען: „נו, קינדאָר! שור שנגח״...

די קינדערישע קולעכלעך האָבן זיך צעקלונגען: „שור שנגח את הפרה... אַן אָקס האָט געשטויסן די קו״...

3

אַ סך נחת האָט מאַדאַם לישיי געהאַט אויך אין דעם יתומים־הויז, וואָס זי האָט באַזוכט. אין דער גרויסער און שיינער קאַנצעלאַריע האָבן געהאַנגען פּאָר־טרעטן אין גאָלדענע ראַמען פון די ערנפּרעזעסן און ערן־וויצעפּרעזעסן, פון „גרויסע און באַרימטע״ יידן אין וואַרשע, ד. ה. פון די, וועלכע האָבן געגעבן גרויסע נדבות פאַרן יתומים־הויז. מ׳האָט זיך באַדאַרפן לאָזן קאָסטן געלט, אַז ס׳זאָל אין דער קאַנצעלאַריע הענגען דער פּאָרטרעט. האָט מאַדאַם לישיי זיך

געלאַזט קאַסטן און איר פּאָרטרעט, צוזאַמען מיטן מאַנס, האָבן געהאַנגען אין דיקע גאָלדענע ראַמען. ווען זי איז געקומען האָט זי געקוקט אויף זיך און אויף איר משהן און איז געווען שטאָלץ.

אויף אַ ווייכן פאָטעל פאַר אַ שיינעם שרייבטיש איז געזעסן די „מאַמע" פונעם יתומים־הויז: אַ ווירדיקע דאַמע, מיט ווייסע גלאַטיק פאַרקעמטע האָר און אַן אײדל ענערגיש פּנים. אויפן קאָפּ, פונקט אין מיטן, אַ קליין ווייס „טשיפּעקל" פון פיינע שפּיצן, וואָס איז געווען ווי אַ ווייסע חסד־קרוין. געטאָן האָט די ווירדיקע דאַמע גאַרנישט. זי האָט בלויז באַגריסט די חשובע געסט, וואָס זענען געקומען. (די קרובים פון די יתומים זענען געגאַנגען דורך אַן אַנדערער טיר און באַקומען אויס־קונפט אין אַן אַנדערער קאַנצעלאַריע). די „מאַמע" פונעם יתומים־הויז האָט גוט געקענט יעדן חשובן גאַסט און געוווּסט מיט יעדן ווי אַזוי און וואָס צו רעדן. איז געקומען אַ פרעמדער, אַ נייער גאַסט, האָבן אירע קילע, קלוגע אויגן ביים ערשטן בליק געקענט דעם מענטש דורך און דורך. און זי האָט זיך קיין מאָל נישט טועה געווען. איר שטימע — שיער ווי ביי אַ יונג מיידל נאָך, אַזוי קלאָר און כמעט קלינגנדיק — איז ביים רעדן נישט געוואָרן העכער און נישט נידעריקער: די גאַנצע צייט העפלעך, די ווערטער געציילטע און גע־מאָסטענע ביים געבן אינפאָרמאַציע, אָדער פירן אַ פריינדלעכן שמועס, אַ מאָל עטוואָס קירצער, אַ מאָל עטוואָס לענגער, אָבער קיין מאָל נישט צו לאַנג. ביים באַגריסן מאַדאַם לישיי האָט זי געזאָגט: „זייט אַן אַנגעלייגטער גאַסט".

אין די זאַלן פון די קינדער — מיידלעך באַזונדער און יינגלעך באַזונדער — האָט ליובאַ זיך נישט לאַנג אויפגעהאַלטן. ביים געפירט ווערן פון איין זאַל אין צווייטן האָט זיך איר אין קאָרידאָר אויף אַ מאָמענט געדוכט, אַז פון ערגעץ טראָגן זיך האַרצרייסנדיקע געוויינען און געשרייען פון אַ קינד. די פירערין איז בלאַס געוואָרן און האָט אַ כאַפּ געטאָן אַ האַנט צום מויל, ווייל ס'האָט זיך פון איר שיער אַרויסגעריסן אַן אויסרוף פון שרעק. מער וואָלט איר נישט געפעלט, נאָר אַ גאַסט זאָל געוואָר ווערן אַז מ'שלאָגט די קינדער, וואָס פאַרזינדיקן זיך, אָדער מ'פאַרשליסט זיי אין פינצטערע קאַמערן אויף אַ האַלבן און אַ מאָל אויך אויף אַ גאַנצן טאָג אָן עסן. די פירערין האָט פאַרשנעלערט אירע טריט און דעם גאַסט גיך אַריינגעפירט אין אַן אַנדער צימער.

כמעט ביי אַלע קינדער איז געווען טרויער אין די אויגן, פאַרגליווערטער, דערשראָקענער בליק. בלאַסע פּנימלעך, די ברוסט שמאָל און איינגעפאַלן. אָנ־געטאָן אין צייגענע אַנצוגלעך, אָפּגעכוימערטע, טייל פאַרלאַטעטע, טייל מיט אויסגעריבענע לעכער אין די אַרבל ביי די עלנבויגנס און אין די הויזן ביי די קניען, ביי טייל די מאַנאַרקעלעך צו ענג און צו קורץ, די שיך אויסגעקרימט. אַ לאַטע אויף אַ לאַטע, אָדער מיט אָפענע לעכער. ס'איז געווען נישט לאַנג נאָכן עסן; די מיינסטע זענען אָבער שוין ווידער געווען הונגעריק. דאָך האָבן אַלע, ווי אין אַ כאָר, ווען דער גאַסט האָט זיי געפרעגט ווי ס'גייט זיי, געענטפערט: „אַ דאַנק, גוט"...

אַזוי אין יעדן צימער.

די מייסטע זענען געווען מלחמה־יתומים. ס'זענען געווען אויך אַזעלכע, וואָס האָבן זייערע עלטערן פאַרלוירן אין די פּאָגראָמען. צווישן די דערוואַקסענע מיידלעך האָט זיך געפונען די אומגליקלעכע, ביי וועלכער די פּאָגראָמשטשיקעס האָבן אָפּגעהאַקט די הענט און אויסגעשטאָכן די אויגן, נאָך דעם ווי זיי האָבן אין איר קעגנוואַרט פאַרגוואַלדיקט די מוטער און זי דערהרגעט, דערהרגעט דעם פאָטער, צוויי שוועסטערלעך און אַ ברודערל און זי פאַרגוואַלדיקט. צו דער דאָזיקער אומגליקלעכער האָבן זיך צוגעקלעפּט כמעט אַלע אין דעם צימער: זיי האָבן אין איר געפונען אַ מאַמע.

די פירערין האָט דעם גאַסט אַריינגעפירט אין דער שטוב, ווו מ'האָט די יתומים געלערנט אַ פאַך: שניידעריי, שוסטעריי, סטאָלעריי און נאָך אַנדערע מלאכות. דערפון איז מאַדאַם לישיי געווען שטאַרק אַנטציקט יעדעס מאָל. זי איז אַוועקגעגאַנגען גאָר אַ צופרידענע און אַ זיכערע ביי זיך, אַז אינעם היינטיקן טאָג האָט זי אויפגעטאָן זייער אַ סך, וואָס וועט איר אין הימל זיכער פאַרצייכנט ווערן. אייגנטלעך האָט זי באַדאַרפט פאָרן אויף נאָך צוויי ערטער: אין אַ זקנים־הויז און אין אַ הקדש. אָבער זי האָט מער נישט געהאַט קיין חשק. צו יענע צוויי ערטער האָט עס זי נישט געצויגן. איין מאָל איז זי געווען אין הקדש. אָבער זי האָט דעמאָלט די טיר בלויז געעפנט און זי באַלד צוריק צוגעמאַכט: אַריינגיין האָט זי נישט געקאָנט. כמעט דאָס זעלבע האָט זי איבערגעלעבט אין זקנים־הויז.

חוץ מזה איז ליובאַ געווען שטאַרק הונגעריק: ס'האַרץ איז איר אַוועק. זי האָט געמיינט, אַז זי פאַלט חלשות, אַזוי האָט עס זי געהונגערט. זי האָט זיך דעריבער אַריינגעזעצט אין דער קאַרעטע און זיך געהייסן צוריקפירן צו דער סאַמער געדיכטעניש פונעם יידישן פירטל. ס'האָט זיך איר אַצינד פאַרגלוסט צו עסן אין אַ פשוטער יידישער רעסטאָראַציע. דערזעענדיק אין אַ „וויסטאַווע" געפילטע פיש, האָט זי דעם אָנטרייבער געהייסן אָפּשטעלן די פערד און איז אַרויס פון דער קאָטש. זי האָט איבערגעלייענט די יידישע שילדן אויף די טירן און באַטראַכט אַלץ וואָס איז געווען אויסגעשטעלט אין שויפענצטער: דאָס געבראָטענע פלייש, די געפעפעקלטע צונג, פלאָדן, קעזקוכן, פלעצלעך מיט מאָן און ציבעלעס און די אַנדערע גוטע זאַכן. די צונג האָט איר אין מויל אָנגעהויבן אַרומשווימען ווי אין אַ טייך... זי האָט באַשלאָסן: „דאָס וואָס יאָך האָב אַצינדאָר געוואָלט!" און איז אַריינגעגאַנגען.

מירעלע האָט גלייך דערקענט, אַז דאָס איז אַ גאַסט נישט „אַבי־ווער"... זי האָט דערקענט, אַז די שטרויספעדערס אויפן הוט זענען אמתע, די ברילִיאַנטן און דימאַנטן — דאָס גאַנצע צירונג — עכט, קיין אימיטאַציע. איז זי אַלייך צוגעגאַנגען צום גאַסט און גענומען אויסרעכענען דאָס בעסטע און דאָס טייערסטע און אויף אַזאַ אופן, אַז אַפילו ביי זאַטע וואָלט דאָס מויל גענומען וואַסערן. זי האָט דער קעלנערין געהייסן לייגן אַ ווייסן טישטעך, אַזעלכעס וואָס איז

נאָך נישט באַנוצט געוואָרן און ברענגען זילבערן באַשטעק פון דער וווינונג. באַדינט האָט זי אַליין.

נאָר ליובאַ האָט זיך ווייניק געמאַכט פון די אַלע צערעמאָניעס: וועגן דעם איז זי נישט אַהערגעקומען. זילבער האָט זי גענוג אין דער היים. זי האָט געקאָנט פאַרפאָרן צו „אַקסלמאַן", צי אין אַן אַנדערער גרויסאַרטיקער רעסטאָראַציע — ס'פעלן נישט אין וואַרשע. אַפילו די סערוועטקע האָט זי נישט אויפגעוויקלט. זי האָט זיך אַריבערגעבויגן איבערן טעלער לאָקשן מיט הינערנער יויך און דער לעפל איז שנעל געגאַנגען הין און צוריק: פון מויל צום טעלער און פון טעלער צום מויל. קונציק האָט זי אַ צי אַריין געטאָן די זייער לאַנגע לאָקשן, זיי אַ סמאָטשקע געטאָן מיט די פּעטע, פליישיקע ליפּן און זיי זענען פאַרשוווּנדן. „כליוך... כליוך"... ס'האָט נישט לאַנג געדויערט און דער טעלער איז געווען ליידיק. אַזוי מיטן פּירטל הון: זי האָט עס אַ נעם געטאָן איןביידע הענט און געריסן דערפון שטיקער, צעקנאַקט די דינע ביינדלעך מיט די גרויסע, שטאַרקע ציין און אַרויסגעשמאַטשקעט פון דאָרט דעם מאַרך. מיט אַ באַנייטן גאָר באַזונדערן אַפּעטיט האָט זי זיך צוגעכאַפּט צו דער טאָפּלטער פּאָרציע קישקע און צו די געבאַקענע פאַרפעלעך. זי האָט געאַרבעט מיט ביידע גרויסע באַקן און געשמאַצט מיט דער צונג. ס'האָט איר געריינען איבערן ברייטן קין. די הענט האָט זי זיך געווישט מיטן טישטעך, מיט דער סערוועטקע — ס'מויל.

נאָר ליובאַ האָט געפילט, אַז זי איז נאָך נישט אין גאַנצן זאַט און געפרעגט מירעלען: „האָבן זיי וועמפלעך?"

„וועמפלעך?" האָט מירעלע צוריקגעפרעגט, „וועמפלעך פון וועמפלעכלאַנד... אַזעלכע וועמפלעך וועלן זיי נישט קריגן אַפילו אין די גרעסטע און טייערסטע רעסטאָראַציעס הי, אַפילו נישט אין אויסלאַנד — נישט אין דער גאַנצער וועלט!"

„גרויסאַרטיק!" ליובאַ האָט באַשטעלט אַ טאָפּלטע פּאָרציע מיט נאָך אַ פּאָרציע געפילטע קישקע. אַלץ אויפגעגעסן — האָט זי זיך גענומען איילן. זי האָט זיך גענומען צום שווערן זילבערנעם האַנטבייטל צו באַצאָלן דעם חשבון. דאָ איז צו איר צוגעקומען מלכהלע מיט אַ ווייסער פאַטשיילע אין האַנט, צונויפגעלייגט ווי אַ בייטל, און גענומען דערציילן: „פאַר בכבודיקע אָרעמע מענטשן"... האָט ליובאַ אַרויסגעגראַבלט אַ מעשענע מטבע פון פינף גראָשן און געוואָלט אַריינלייגן אין דער פאַטשיילע. נאָר מלכהלע האָט קיין פינף גראָשן נישט געוואָלט נעמען און געדאַנקט: „דאָס זענען מענטשן וואָס האָבן שטענדיק פאַרדינט ערלעך זייער ברויט ביי שווערער פראַצע".

מאַדאַם לישיי האָט זיך געבייזערט: „טאָ זאָלן זיי גיין אַרבעטן!"

„ס'איז אָבער נישטאָ קיין אַרבעט".

„וועאָר ס'וויל אַרבעטן — דעאָר קריגט אַרבעט! נעמטמאָ ווייניקאָר! אַוודאי זענאָ זיי סטרייקאָרס!" זי איז אויפגעשטאַנען. די פּרוי מיט דער פאַטשיילע איז איר סתם אויסגעקומען אומסימפּאַטיש. ביים באַצאָלן מירעלען האָט זי געזאָגט: „ווען זיי זאָלן דאָס פאַרמאָגן וואָס יאַך גיב צדקה אין איין יאָר — וואָלטן זיי

געווען אַ גרויסע גבירטע... וואָס יאָך האָב היינט אַליין צעטיילט אין צדקה־חברות, אין הילפס־קאָמיטעטן... יאָך בין מאַדאַם לישיי!" — — —

און זי איז אַוועקגעגאַנגען.

קאַפּיטל זיבעצן

# די העלפערין

1

מלכהלע איז שוין לאַנג נישט געווען פרום. פון זינט יעקב איז אָפיציעל געוואָרן איר איידעם, איז זי פון זיין אידעע אַלץ מער באַאיינפלוסט געוואָרן, ביז זי האָט אָנגעהויבן גיין אין גאַנצן אויף זיין וועג. דער סאָציאַליזם איז געוואָרן פאַר איר כמעט דאָס זעלבע, וואָס פאַר איר איז אַמאָל געווען די רעליגיע. זי האָט נישט מער געגלייבט אין גאָט. אַזוי האָט זיך איר געדוכט. אָבער טיף אין איר האַרץ איז דאָך נאָך עפּעס איבערגעבליבן פון איר אַמאָליקער גאָטספאָרכ־טיקייט און פון צייט צו צייט איז זי אויף אַ געוויסן אופן געוואָרן אומרויק. ס'איז נישט געווען די מורא, ווי אין יענער צייט ווען זי האָט זיך ערשט אָנגע־הויבן וואַקלען אין איר גלויבן: אַז אפשר איז דאָך דאָ אַ גאָט אין הימל, אַ יודע מחשבות, וועלכער שטראָפט פאַר אַפּיקורסות; ניין. אָבער ס'האָבן אויפ־געטויכט פראַגעס אין איר, וואָס האָבן געפאָדערט אַ קלאָרן ענטפער. זי איז געגאַנגען צו לעקציעס וועגן רעליגיע אין סאָציאַליסטישע קולטור־פאַראיינען, סיי פון די רעכטע און סיי פון די לינקע. זי איז אָבער פון די לעקציעס שטענדיק אַוועקגעגאַנגען — נישט בלויז אומבאַפרידיקט — נאָר ווי אָפּגענאַרט און באַ־ליידיקט. ס'האָט זי שאַקירט דאָס גראָבע חוזקן און כמעט טרעטן מיט די פיס דעם מענטשס רעליגיעזע געפילן, דאָס באַצייכענען אַלץ פאַר שווינדל, פאַר אַ מיטל צו האַלטן אין פינצטערניש דעם אַרבעטער, דאָס פשוטע פאָלק, דאָס אָרעמע, כדי עס צו קאָנען עקספּלואַטירן. עטלעכע מאָל איז זי געגאַנגען צו לעקציעס פון פרומע, אָבער שוין מאָדערנע. איז איר אויסגעקומען, אַז מ'האָט איר נישט געזאָגט קיין שום נייעס, אַז דאָס אַלץ וואָס זי האָט געהערט פון די לעק־טאָרס, האָט זי — אין תוך — אַליין געוווסט; דאָס זעלבע פלעגט זאָגן איר מאַן, נאָר פשוטער און ערלעכער. ווייל אינעם מאַנס ווערטער האָט זי געפילט אַז זיי קומען ביי אים פון האַרץ; דאָס געבילדעטע רעדן אָבער פון די וועלטלעכע פרומאַקעס איז געקומען פון מוח: שיינע פראַזן אָן אמונה.

זענען מלכהלען שוין ליבער געווען די ענטפערס, וואָס יעקב האָט איר געגעבן וועגן גאָט: אַז גאָט איז אַ פּראָדוקט פונעם מענטשלעכן גייסט, אַז

גוטסקייט, ליבע, מיטלייד, גערעכטיקייט און אַנדערע אַזעלכע דערהויבענע גע־דאַנקען, זענען געבוירן געוואָרן אין מענטשנס האַרץ. ס'איז דער שכל הישר און דאָס אײדעלע פילן וואָס האָט דעם מענטש באַפרייט פון זיין חיהשער אור־שפּרינגלעכקייט און אים פאַרוואַנדלט אין דאָס וואָס ער איז; אַ מענטש. די מאָס פאַר אַ מענטש — צו וויסן ווי ווייט ער איז פון זיין אַמאָליקער חיהשקייט — איז דער גייסט און זיין באַציִונג צום מיט־מענטש. האָס קעגן אומגערעכטיקייט איז די ערשטע שטופע פון ליבע צום נעכסטן. אומגערעכטיקייט מיינט לעבן פון יענעמס אַרבעט און האָבן מער ווי ס'האָט דער אַנדערער. די צווייטע שטופע פון ליבע צום צווייטן איז דאָס איינשטעלן זיך פאַר אים, דער קאַמף פאַר גערעכטיקייט, זיך מוסר נפש זיין.

די דאָזיקע געדאַנקען וועגן גאָט — און נאָך אַנדערע, וואָס דער איידעם פלעגט אַרויסברענגען אין געשפּרעך מיט איר — זענען מלכהלען געווען זייער טייער. אַפילו אויך דאָס, וואָס ער האָט איר אַ מאָל געזאָגט: „אַז ס'וואָלט געווען ריכטיקער צו דינען דעם אמת און דעם יושר, ווי צו דינען גאָט, צו ליבן דעם ליידנדן מענטש און זיך פאַר אים מקריב זיין, ווי ליבן די אַלמעכטיקייט און פאַר איר זיך מוסר נפש זיין. די געטלעכקייט דאַרף פאַרטוישט ווערן אויף מענטשלעכקייט. הייליק, ווונדערלעך, הערלעך, גרויס — און אַזוי ווייטער — איז דעם מענטשס גייסט, זיין גוטסקייט, איידלקייט, זיין גרייטקייט זיך מקריב צו זיין פאַר אמת און גערעכטיקייט, זיין שטרעבן צו שיינקייט און דערהויבנקייט״. אין איר האַרץ האָט זיך דאַן אָנגעצונדן אַ ליכטיקע פרייד, איר נשמה איז אָנ־געפילט געוואָרן מיט דערהויבענעם גליק. ס'האָט זיך צעשטראַלט אַ גרויסע העל־קייט אין איר גאַנץ וועזן, וואָס זי וואָלט — ווען זי וואָלט נאָך געווען פרום ווי אַמאָל — אָנגערופן „הימליש ליכט״. זי איז אָבער דאָך געבליבן נישט אין גאַנצן באַפרידיקט און ווידער געפרעגט יעקבן: „יאָ, מיין ליבער איידעם! דאָס אַלץ איז זייער שיין; אָבער וואָס איז גייסט? ווער האָט אים באַשאַפן? ווער האָט באַ־שאַפן דעם מענטש, דעם הימל און די ערד, אַלץ וואָס דעם מענטשנס אויג קאָן זען און זיין שכל באַנעמען — די גאַנצע וועלט? ווער האָט זי באַשאַפן? ווי אַזוי איז דער מענטש געוואָרן אויס חיה, בעת אַלע אַנדערע חיות זענען געבליבן חיות? פאַר וואָס האָט בלויז דער מענטש זיך געקאָנט דערהייבן צו דער שטופע פון קאָנען דענקען און זיינע געדאַנקען אויסדריקן?״

מלכהלע האָט איר איידעם געשטעלט נאָך אַ סך אַנדערע פראַגעס און פאַר־ענדיקט: „פאַר וואָס איז איין מענטש אַזוי אַנדערש פונעם אַנדערן? און דאָס לעבן אַליין? און די הערלעכקייט אין דער נאַטור און אינעם גייסט? אַ ליכט מוז מען דאָך צו ערשט אָנצינדן... ווער האָט דאָס ליכט אָנגעצונדן?״

אויף די דאָזיקע אַלע פראַגעס האָט יעקב שמייכלענדיק געענטפערט זיין שוויגער: „ווען איך זאָל קאָנען ענטפערן אויף זיי, און די ענטפערס באַווייזן, וואָלט איך געווען דער גרעסטער דענקער און וויסנשאַפטלער. און איך בין בלויז אַן אָרעמער בעל־מלאכה, אין אַן אוניווערסיטעט האָב איך נישט שטודירט, אַפילו

אין אַ גימנאַזיום האָב איך נישט געלערנט. איר ווייסט דאָך דאָס. אייערע פראַ־
געס זענען געשטעלט געוואָרן פאַר טויזנטער יאָרן שוין. פון דעם, וואָס איך
האָב געלייענט, ווייס איך, אַז טייל פון זיי האָט די וויסנשאַפט טיילווייז שוין
פאַרענטפערט. דענקער און פאָרשער הערן נישט אויף צו זוכן און צו אַנטדעקן
אַלע מאָל עפּעס נייעס, וואָס פירט צו אַלץ פולקומענערע ענטפערס אויף די
האַרבע פראַגעס, אָבער אויך צו נייע פראַגעס. דאָס זענען, אַלזאָ, פּראָבלעמען
פאַר דער וויסנשאַפט. גלייבט מיר, שוויגער", האָט ער אין פאַרלעגנהייט ליבלעך
געשמייכלט, „אַז די, וואָס האַלטן אַלץ פאַר „נאַטירלעך אין דער נאַטור" זענען
נישט ווייניקער רעליגיעז, ד. ה. איבערוועלטיקט פון פיעטעט און באַוווּנדערונג
פאַר דאָס, וואָס זיי ווייסן שוין פון דעם וואָס איז ביז זיי נאָך געווען מיסטישער
סוד, ווי ס'זענען די פרומע, וועלכע גלייבן אין גאָט און אַלץ איז פאַר זיי
געטלעך".

אויך ביי ר' איסרן האָט מלכהלע געזוכט קלאָרקייט אויף די פראַגעס, וואָס
זענען אין איר אויפגעטויכט ווען זי האָט דערפילט די אומרויקייט אין האַרץ
צוליב דעם וואָס זי האָט פאַרלוירן איר גלייבן אין גאָט. ר' איסרן (דעם פרוש)
פלעגט זי טרעפן ביי יעקבן. דערנאָך פלעגט ער קומען צו איר טאָכטער (צו
מירעלען) אין דער רעסטאָראַציע אַריין. איין מאָל האָט ער געפּרוווט איר
געבן צו פאַרשטיין גאָט און סטרא אחרא אויף אַזאַ אופן: איך טייטש סטרא
אחרא: די פּינצטערע זייט אין כביכולס באַשאַף. איז די בייזע זייט אין אַלץ,
וואָס דער בורא האָט געשאַפן, ווייל אַלץ וואָס הקדוש ברוך הוא האָט געשאַפן
אין די ששת ימי בראשית האָט ער נישט מסיים געווען. אין אַלעם איז אָבער
דאָ אַ ניצוץ אלוהים, דער פונק פון שאַפן, וואָס וועט די שאַפונג ברענגען צו
איר שלימות. דער מענטש איז דער בחיר היצורים; אָבער אויך ער מוז ערשט
קומען צו שלימות".

מלכהלע האָט געפרעגט: „וואָס איז דער ריכטיקער זין פון שלימות, ר'
איסר? מיין מאַן, עליו השלום, פלעגט זאָגן, אַז דאָס מיינט אין גאַנצן אויסטאָן
זיך פון עולם הזה".

דער פרוש האָט געשמייכלט לויט זיין טבע: „אין גאַנצן — וואָלט ער דאָך
נישט געלעבט דער מענטש, און אַז ער וואָלט נישט געלעבט... כע־כע־כע... שלימות
מיינט אויפהייבן זיך צו דער העכסטער מדרגה פון רוחניות, מיינט דינען דעם
בורא דורך לערנען תורה, דורך פאָרשן זיינע דרכים, וועלכע זענען דעם מענטש
נאָך נישט בנתגלה געוואָרן, דורך מקיים זיין אַלע זיינע מצוות אין דער תורה
הקדושה, דורך מעשים טובים, וואָס מיינט אָפּהיטן דאָס, וואָס איז „בין אָדם
לחברו": נישט באַגיין קיין עוולה קעגן אַנדערן, קיין פאַלשקייט, קיין אומגער־
רעכטיקייט — מקיים זיין ,ואהבת לרעך כמוך'".

„ש'ער דאָס אייגענע וואָס מיין איידעם זאָגט!" האָט מלכהלע אויסגערופן.
אָבער זי האָט נאָך געוואָלט וויסן: „פאַר וואָס האָט דער רבונו של עולם זיין
וועלט נישט באַשאַפן גאַנץ, בשלימות, און אויך דעם מענטש, נאָר איבערגעלאָזט

די פינצטערע, די בייזע זייט אין אַלץ און אויך אינעם מענטש און ער האָט דעריבער אַזוי פיל צו ליידן?"

דערויף האָט איר דער פּרוש געענטפערט אַזוי: „כע־כע... כביכול האָט ווייל געוווּסט וואָס ער טוט. גאָלד איז אין שטיין... ס'מוז צוערשט גיין דורכן פלאַם, אַז ס'זאָל אָנהייבן ריכטיק צו לייכטן... אין דער טיפקייט פון דער ערד, אין דער פינצטערניש איז ס'גאָלד... דער טאָג רייסט זיך אַרויס פון דער נאַכט... ווי וואָלט דאָס אויג דערקענט די ליכטיקייט, ווען ס'וואָלט נישט געווען קיין פינצ־טערניש?... ווי וואָלט דער מענטש געוווּסט, וואָס איז גוט, ווען ער וואָלט נישט פריִער געליטן פון שלעכטס?... און וואָלט גאָלד דען באַטייט מער ווי זאַמד און שטיין, ווען ס'וואָלט געווען אַזוי פיל ווי זאַמד און שטיין און דער מענטש וואָלט עס געקאָנט האָבן וויפל ער וויל?... ערשט ווען ס'קומט אָן זייער שווער — שעצט מען עס"...

2

קיין גאָר גרויסע ווילקענערין איז מלכהלע נישט געווען; זי איז אָבער אויך נישט אין גאַנצן בלינד אין די קליינע אותיות. איר מאַן פלעגט לערנען גמרא און מפרשים, אַ מאָל פלעגט ער אויך אַריינקוקן אין אַ מדרש, גאַנץ זעלטן אָבער האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט נביאים און כתובים. פאַר דאָס האָט זי — ווען איר מאַן האָט נאָך געלעבט — דווקא ליב געהאַט נאָר תנ"ך. האָט זי אין דער צייט פון דער אומרוּיִקייט אין איר האַרצן זיך ווידער צוגעכאַפּט צו די נביאים. ווי אַנטפלעקונג זענען פאַר איר אַצינד געווען אַזעלכע פסוקים: „און גאָט האָט געזען, און ס'איז געווען שלעכטס אין זיינע אויגן, וואָס קיין גערעכטיקייט איז נישטאָ". „און פיל איר זאָלט נישט טאָן, הער איך נישט צו אייך; אייערע הענט זענען פול מיט בלוט". „דערום, ווייל איר טרעט אויפן אָרעמאַן, און אָפּגאָב פון תבואה נעמט איר פון אים, האָט איר הייזער פון געהאַקטע שטיינער געבויט, און וועט אין זיי נישט וווינען; איר האָט גלוסטיקע ווייַנגערטנער געפלאַנצט, און וועט נישט טרינקען זייַן וויין. וואָרעם איך ווייס, אייערע פאַרברעכן זענען פיל, און שטאַרק אייער זינד, איר, וואָס דריקט דעם גערעכטן, וואָס נעמט שוחד, און קריוודעט די אביונים אין טויער".

מלכהלע האָט זיך דאַן אין גאַנצן שוין אַריינגעוואָרפן אין דער סאָציאַ־ליסטישער אַרבעט. העלפן די אַרבעטער אין זייער בויט און העלפן דערגרייכן זייער אידעאַל — דאָס איז פאַר איר געוואָרן אַלץ. זי האָט געטאָן אַלץ, וואָס מ'האָט פון דער פאַרטיי איר געהייסן טאָן. מיט לייב און לעבן האָט זי זיך איבערגעגעבן צו דער באַוועגונג, כאָטש אָפיציעל איז זי קיין מיטגלידערין נישט געוואָרן. באַלד האָט זי געהערט צו די טיכטיקסטע אין איר אַרבעט פאַר דער „רויטער הילף". די שווערסטע אַרבעט איז איר קיין מאָל נישט געווען צו שווער. זי האָט געזאַמלט געלט און זאַכן, ווי אַלטע מלבושים, שיך און וועש פאַר אָרעמע אַרבעטער, האָט אַהיינגעטראָגן אין אָרעמע שטובן, וואָס מ'האָט

איר געגעבן אַהינצוטראָגן, איז געגאַנגען העלפן אין היימען פון אַרבעטער ווו ס'איז ווער געווען קראַנק, אָדער ס'האָט געטראָפן אַן אַנדער אומגליק: דער מאַן איז אַרעסטירט געוואָרן און די פרוי האָט געמוזט גיין פאַרדינען אויף ברויט פאַר די קינדער, צי ס'איז געווען אומגעקערט: די פרוי איז אַרעסטירט געוואָרן, אָדער זי איז געשטאָרבן.

ערשט איצט האָט מלכהלע זיך ריכטיק באַקענט מיט דיליידן פון די מענטשן. זי האָט געזען, אַז אויף וויפל זי האָט פריִער געגוג שוין געוווסט פון מענטש־לעכער נויט און פיין, איזס געווען כמעט גאָרנישט קעגן דעם יאָמערטאַל, וואָס האָט זיך אַצינד פאַר איר אַנטפּלעקט. „ס'איז ווי אַ טראָפּן האָניק אין אַ ביטערן ים", האָט זי כמעט אַ פאַרצווייפלטע דאַן געטראַכט וועגן איר אַרבעט צו העלפן די טויזנטער גויטליידנדע אַרבעטער. די מעגלעכקייטן פון דער „רויטער הילף" זענען געווען זייער באַגרענעצטע, ווייל כמעט בלויז די אָרעמע אַרבעטער אַליין האָבן געשטיצט (מיט זייערע אָרעמע גראָשנס) די דאָזיקע אינסטיטוציע. און זייער שטיצע איז געוואָרן אַלץ קלענער, ווייל די אַרבעטסלאָזיקייט איז גע־וואָרן אַלץ גרעסער און אויך דער יקרות. מיטן שטייגן פון דער רעאַקציע האָט מען די „רויטע" אַלץ מער אַרויסגעוואָרפן פון זייערע אַרבעטפּלעצער. אויך זענען אַלץ מער און מער קאָמוניסטן אַרעסטירט געוואָרן. אַזויערנאָך האָבן די, וועלכע מ'האָט באַדאַרפט שטיצן, זיך געהאַלטן אין איין מערן.

מלכהלע האָט דאַן צו נאָענטע פון דער „רויטער הילף" געזאָגט אין ביטערן שפּאַס: „איך וועל איצט רייסן פּאָסן פון די וואָס קאָנען געבן". זי האָט פּשוט גענומען אַרומגיין אין די הייזער. אויסגעשלייערט אין איר שבת־יום־טובדיק־קלייד, מיט אַ ווייסער פּאַטשיילע אין האַנט — ווי אַמאָל, ווען זי איז נאָך געווען אַ פרומע גבאיטע און האָט אין איר שטאָט צוזאַמענגענומען פאַר אַ בכבודיקער פאַמיליע — איז זי אַצינד אין וואַרשע געגאַנגען פון הויז צו הויז, פון טיר צו טיר, פון אונטערשטן שטאָק ביז אויפן העכסטן און געבעטן: „פאַר אַ היי־ליקער זאַך"... האָט עמעץ זי געפרעגט: „וואָס פאַר אַ הייליקע זאַך איז דאָס, מומעשי?" האָט זי געענטפערט: „אַ גאַר הייליקע זאַך"...

„פאַר ר' מאיר בעל נס?"

„נאָך הייליקער"...

„פאַר ציון?"

„נאָך אַ סך הייליקער"...

„פאַר פדיון שבויים?"

„דאָס אויך; אָבער נאָך מער"... אין אירע אויגן איז דערביי געווען חדווה און איר קליין, איינגעשרומפּן פּנימל — איינגעשרומפּן נישט פון אַלטקייט, נאָר פון לייד און פיין — האָט געשיינט פון אַן אינעווייניקסטן ליכט. דאָס האָט ביי פרומע און ביי נישט פרומע אַרויסגערופן אַזאַ יראת הכבוד און גלויבן צו דער נדבות־זאַמלעריע, אַז מ'האָט איר געגעבן מיט ברייטער האַנט. אויך אין איר טאָכטערס רעסטאָראַציע האָט זי געטאָן דאָס זעלבע: מיט דער ווייסער פּאַטשיילע

אין האַנט האָט זי ביי די געסט, באַזונדערס ביי די וועלכע האָבן איר אויסגע־ווייזן אַלס פאַרמעגלעכע, געבעטן פאַר אַ הייליקער זאַך". מירעלע איז דערפון נישט געווען צופרידן. זי האָט פון דער מוטער שוין לאַנג נישט געהאַט צו פיל נחת, און אויך נישט קיין צו גרויסע הילף. נישט אַזוי וועגן אַרבעט, דאָס האָט מירעלע נישט אַזוי שטאַרק פאַרלאַנגט פון דער מוטער, אָבער, אַז זי זאָל אַכטונג געבן אויף דער קעכין. נאָר מלכהלע איז אַצינד אָפט מאָל אָוועקגעגאַנגען גלייך ווי זי איז אויפגעשטאַנען און געקומען בלויז נעכטיקן. טייל מאָל, ווען זי האָט געוואַכטביים בעט פון אַ קראַנקן אַרבעטער, אָדער ביים קראַנקנבעט פון אַן אַרבעטערס פרוי, צי ביי אַ קימפעטאָרין — איז זי אַפילו נישט אַהיימגעקומען שלאָפן. זי האָט פון דעסטוועגן צוגעזען, אַז די טאָכטער זאָל איר נישט געבן אומזיסט קיין געלעגער און דאָס ביסל עסן. ווען זי האָט נאָר געהאַט אַן איבעריקע שעה צייט האָט זי געאַרבעט אין דער קיך, אין דער וווינונג — געטאָן וואָס זי האָט נאָר געקענט.

נאָר מירעלע האָט גאָרנישט געוואָלט, אַז די מאַמע זאָל אַרבעטן. זי האָט די מוטער ליב געהאַט, זי געאַכטעט און אָפּגעהיטן מיט עסן. זי האָט אַפילו שוין שלום געמאַכט דערמיט, וואָס די מאַמע איז אויף דער עלטער געוואָרן אַ סאָ־ציאַליסטקע. אָבער זי האָט נישט געוואָלט, אַז די מוטער זאָל אין דער רעס־טאָראַציע בעטן נדבות. „דו באַליידיקסט די געסט"! האָט מירעלע געזאָגט צו דער מוטער, „פאַרטרייבסט מיר די קונים!"

דערויף האָט מלכהלע געענטפערט דער טאָכטער מיט גרויס ליבלעכקייט: „גיי שוין גיי, מיין קינד... אַ מענטש, אַז ער עסט אָפּ און זיין גוף איז זאַט, וויל ער זיין נשמה אויך מיט עפּעס מהנה זיין: זאָל זי, די נשמה, אויך זיין באַפרידיקט... און כ'צווינג דאָך, חלילה, קיינעמען נישט". זי האָט דאַן גענומען מוסרן דער טאָכטער: „לעבסטו דען בלויז אויף צו פאַרדינען געלט? מיר דוכט, אַז דו ווייסט שוין סאַרע ווערט ס'האָט דאָס גרעסטע פאַרמעגן אַפילו... און דו ביסט דאָך פרום, גלייבסט אין אַ גאָט אין הימל"...

מירעלע האָט אויסגערופן מיט פעסטער באַטאָנונג: „אַוודאי גלויבעך!"

„מוזטו אויך האָבן בטחון אין אים", האָט מלכהלע געלערנט דער טאָכטער, און נישט אינעם קונה! דו ווייסט ווי גרויס ס'איז פאַר גאָט צדקה — „צדקה תציל ממות!" — — —

מירעלע האָט זיך מער נישט אַקעגנגעשטעלט דער מוטער: זי האָט מורא געקראָגן, אַז גאָט קאָן זי ווידער שטראָפן...

3

נאָר פאַר מלכהלען איז שפּעטער די אַרבעט פאַר דער „רויטער הילף" נישט געווען גענוג. זי האָט דאַן געזאָגט יעקבן, אַז מ'זאָל איר געבן אויך עפּעס אַנדערש צו טאָן. „לינדערן די נויט", האָט זי געטענהט, „איז זעלבסטפאַר־שטענדלעך; אָבער איך וויל העלפן מאַכן אַ סוף צו דער נויט און צו די ליידן

פון די מענטשן!" זי האָט נישט אָפּגעלאָזט ביז וואַנען מ'האָט איר געגעבן פאַר־באַטענע ליטעראַטור צו פאַרשפּרייטן. זי האָט דאָס גאַנץ גוט געמאַכט, איז געקומען אויף פאַרשידענע אָריגינעלע המצאות. דאָרט, ווו אַנדערע האָבן מורא געהאַט צו ריזיקירן, האָט זי זיך געטרויט. האָט מען איר אָנגעטרויט אויך נאָך אַנדערע זאַכן צו מאַכן. טייל מאָל איז זי אַריינגעפאַלן אין אַ סכנה; אָבער זי האָט זיך יעדעס מאָל אַרויסגעדרייט. ס'האָט איר געהאָלפן דאָס, וואָס זי איז געווען קליין און דאַר און אויסגעזען זייער נעבעכדיק און אומשולדיק: אַן אַלט אָרעם מאַמעלע, אָדער באָבעשי מיט אַזוי פיל גוטסקייט אין דעם קליינעם, איינגעשרומפּענעם און עפּעס קינדערישן פּנימל, מיט בלישטשענדיקע אויגן, וואָס נאָר זיי שמייכלען... ביי דעם גראָבנסטן פּאָליציאַנט און געניטסטן שפּיצל איז פאַרשוווּנדן דער חשד, וואָס ער האָט באַקומען אויפן דאָזיקן ליבן מאַמעלע, אָדער באָבעלע, באַזונדערס ווען ער האָט גענומען אויספרעגן און זי האָט אים געענטפערט אַזוי נאַיִוו און בנעימותדיק.

און מלכהלע איז דאַן נאָך אַלץ געגאַנגען אָנגעטאָן אין אַ שייטל. די האָר האָט זי זיך אָבער שוין לאַנג נישט געגאָלט און נישט געשוירן און זיי זענען שוין געווען גאַנץ לאַנג. יעדן אין דער פרי ווען זי האָט זיך אָנגעטאָן האָט זי זיך פאַרקעמט די האָר: זילבערווייסע, נאָך גאָרנישט אַזוי דין און שיטער, ווי געוויינלעך ביי פרויען אין אירע יאָרן. זיי האָבן זיך נאָך אַלץ געקרויזלט און זיך געלייגט אין קאָרבן — שיִער ווי אין די מיידלערישע יאָרן. נאָר דעמאָלט זענען זיי געווען העלבלאָנד, מיט אַ שימער פון בלאַס גאָלד. דעם דאָזיקן שימער האָבן זיי נאָך אַלץ געהאַט, נאָר פון זילבער אַצינד. פאַרלייגנדיק די האָר אין אַ געפלאָכטענעם קנופּ, האָט זי איבער זיי אַרויפגעצויגן דאָס אַלטע, געלע און פליכעוואַטע שייטל. אַוודאי האָט זי עס געוואָלט אַראָפּוואַרפן פון זיך; איז זי דאָך שוין מער נישט געווען פרום. פון דעסטוועגן האָט זי דאָס שייטל נאָך אַלץ געטראָגן: אַ ביסל ווייל זי האָט זיך געשעמט פאַר די מענטשן פון איר שטאָט (זי האָט זיי אָפט באַגעגנט אין גאַס, טייל זענען געקומען אין דער טאָכטערס רעסטאָראַציע אַריין) און אַ ביסל איז עס איר אויסגעקומען לעכערלעך אויף דער עלטער אַראָפּוואַרפן פון זיך דאָס שייטל... די מחותנתטע, די פרומע סופרקע, וואָלט זי געהאַלטן פאַר אַ נפקא און נישט אַריינגעלאָזט צו זיך אין שטוב.

נאָר איין מאָל האָט זי פּלוצעם — האַלטנדיק ס'שייטל אין האַנט צום אָנטאָן — עס צוריק אַוועקגעלייגט: זי האָט עס נישט געקאָנט מער נעמען אויפן קאָפּ אַרויף. זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן אייזערנעם בעטל אין איר אַלקערל, די האַנט מיטן שייטל געזונקען אין איר שויס, און איבערלייגט: פאַר דער אַרבעט, וואָס זי טוט אַצינד, איז אפשר בעסער יאָ צו טראָגן אַ שייטל; די מייסטע און בעסטע נדבות האָט זי באַקומען ווען זי איז געגאַנגען אין די הייזער פון פרומע ייִדן. נאָר דווקא דעריבער האָט זי איצט באַשלאָסן דאָס שייטל נישט אָנצוטאָן. דאָס מיינט דאָך נאַרן מענטשן! זיי זאָגן „פאַר אַ הייליקער זאַך" איז ריכטיק, ווייל העלפן אָרעמע אַרבעטער וואָס ליידן אַזוי פיל און זעבען זיך

מקריב פאַר אַזאַ גרויסן און הייליקן אידעאַל — איז אַ הייליקער טאַט! אויך האָט זי אַצינד דאָס שייטל: אַן אָפּגעבלאַקעוועטס שוין אויסגעקראַכנס — אַ ברור־דיקער געלער קאַלטן — מיט איין מאָל אַזוי געגומען עקלען, אַז זי האָט עס אַריינגעוואָרפן אינעם עמער מיסט, ווי מ'וואַרפט אַוועק אַ געפגרטן שרץ.

זי האָט זיך דערפילט אַ באַפרייטע פון עפּעס זייער שווערס און איז געווען גליקלעך. אַוועקשטעלנדיק זיך קעגנאיבער דעם שפּיגל האָט זי זיך גענומען פאַרקעמען אירע זילבערווייסע האָר און דערזען, אַז זי איז פּלוצעם יינגער גע־וואָרן אויף אַ סך יאָרן. נו האָט זי גענומען אויספּרווון סאָרע פריזור זי זאָל טראָגן. אַ שרינט אין מיטן? — ניין! אויף דער לינקער זייט? — ניין! אויף דער רעכטער? — אויך נישט! זי איז דאָך נישט קיין זעכצן יעריק מיידעלע... אפשר גלאַט אַרויף? — יאָ, דאָס פּאַסט איר. צעפּ, אָדער אַ ראָליק? זי האָט גענומען לאַכן: „צעפּ"... די האָר זענען טאַקע געווען גענוג לאַנג. ניין, אַ ראָליק! זי האָט זיך געשפּיגלט, געדרייט דאָס קליינע, שיינע קעפּל אַהין און אַהער, עס געזען אינעם שפּיגל פון רעכטס און פון לינקס און איז זיך גאָר געפעלן, וואָס איז שוין לאַנג, לאַנג נישט געשען, אַזוי לאַנג, אַז זי האָט מער נישט געקאָנט זיך דערמאָנען ווען דאָס איז געווען. ווען זי איז געווען אַ מיידל האָט זי ליב געהאַט זיך צו שפּיגלען און זעען ווי שיין זי איז. אויך נאָך דער חתונה — זי איז געווען אַ שיין, יונג ווייבל — האָט זי פון צייט צו צייט זיך נאָך אַלץ געשפּיגלט. אָבער זי האָט זיך דעמאָלט שוין נישט מער געפעלן, ווייל די העלבלאָנדע, בלאָס־גאָלדענע האָר זענען געווען אָפּגעגאָלט און אויף איר קאָפּ האָט זי געטראָגן אַ גרויס געל שייטל. זי האָט תמיד געהאַט אַ קליין פּנים, אַ לענגלעכס; אָבער אינעם שייטל איז עס געוואָרן מיאוס, נעבעכדיק. יעדעס מאָל האָט זי דאַן ביים שפּיגלען זיך שיִער צעוויינט אויס רחמנות צו זיך אַליין. און דער מאַן האָט איר קיין מאָל נישט געזאָגט, אַז זי איז שיין — — —

אַצינד האָט מלכהלע זיך ווידער געפעלן און זי האָט זיך דעריבער געפרייט. זי האָט באַוווּנדערט אירע נאָך אַלץ שימערדיקע און זיך כוואַליענדיקע האָר און די שיינע אויגן מיט בלישטשענדיקע פייערלעך אין זיי. נאָר דאָס צירינג אַרום די אויגן, די גרויסע גאָלדענע וויִעס, זענען שוין נישט געווען: אויסגעקראָכן. די ליפּן זענען געווען בלאָס, עטוואָס בלוילעך און איינגעפאַלן, ווייל קיין ציין האָט זי נישט געהאַט, חוץ עטלעכע איבערגעבליבענע, פאַרפוילטע וואָרצלען. אויך די באַקן זענען דעריבער געווען איינגעפאַלן. דאָס קין, שטענדיק אַ חנעוור־דיקס, הגם אַ קליינס, איז אויף דער עלטער געוואָרן נאָך קלענער. דאָך איז מלכהלע אַצינד געווען מלא חן. זיך שפּיגלנדיק און זיך געפעלנדיק, האָט זי באַקומען עטוואָס רויטלעכע פאַרב אין די באַקן. זי האָט געמאַכט עטלעכע קאָ־קעטישע מינעלעך, פאַר זיך אַליין, זיך געחנדלט ווי אַמאָל ווען זי איז געווען אַ יונג מיידל ביי אירע פרומע עלטערן, וואָס האָבן זי געהיטן נישט צו האָבן צו טאָן, חס וחלילה, מיט קיין יונגעלייט...

4

מירעלען איז די מאַמע אָנעם שייטל נישט געפעלן. ביים דערזען די מוטער האָט די טאָכטער אויסגערופן אַן איבערראַשטע: „מאַמע!... וואָס איז מיט דיר געשען?... האָסט פאַרגעסן אָנצוטאָן ס'שייטל?" — — —

רויִק און ווירדיק האָט מלכהלע געענטפערט: „ניין, כ'האָב נישט פאַרגעסן".

די טאָכטער איז געוואָרן אויסער זיך: „אויף דער עלטער?! — וואָס וועלן מענטשן זאָגן?... גלייבסטו שוין טאַקע מער נישט אין גאָט?" — — —

וועגן גאָט האָט מלכהלע מיט אירע קינדער כמעט קיין מאָל נישט גערעדט. האָט זי דער טאָכטער געענטפערט: „וועגן גאָט, צי איך גלייב יאָ אָדער נישט אין אים, וועלן מיר ליבערשט נישט רעדן. דו ווייסט זייער ווייניק וועגן גאָט. האָסט בלויז מורא פאַרן גיהנום נאָכן טויט, אַז מ'וועט דיך שטראָפן אויף יענער וועלט, אויב דו וועסט זינדיקן אויף דער וועלט. פון דעסטוועגן, אַז ס'קומט צו געשעפט, זינדיקסטו"...

מירעלע האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. אָפּזיפצנדיק, האָט זי באַדויערט די מוטער: „געוואָרן אויף דער עלטער אַ סאָציאַליסטקע און אויפגעהערט צו גלייבן אין גאָט. אַלץ דער איידעם! ווייניק פאַר אים, אַז די פרוי איז אומגליקלעך און שטאַרבט מיטן קינד דריי מאָל אַ טאָג פון הונגער, האָט ער אויך די שוויגער אַריינגעשלעפּט אין דאָזיקן אומגליק!" זי האָט שטיין געלאָזט די מוטער און זיך צוריקגענומען צום געשעפט. אויף מירעלעס שוואַכע אַקסלען איז געלעגן אַ שווערע לאַסט. די דאָזיקע לאַסט איז געוואָרן אַלץ שווערער און שווערער. ס'איז נישט געווען קיין קלייניקייט אָנצוהאַלטן און ווייטער צו פירן אַ רעסטאָראַציע ביי דער דעמאָלטיקער עקאָנאָמישער קאַטאַסטראָפע, צו וועלכער דאָס לאַנד איז דערפירט געוואָרן. באַזונדערס שווער איז עס געווען פאַר אַ ייִד אָנצוהאַלטן אַ געשעפט ביי דער אַנטיסעמיטישער שטייערפּאָליטיק, וואָס איז געווען ווי אַן אייזערנע צוואַנג אין בייזע שטאַרקע הענט אַרום דעם ייִדישן האַלדז. די בייזע הענט האָבן די דאָזיקע צוואַנג אַלץ פעסטער צונויפגעקוועטשט. און מירעלע די אַלמנה האָט געשטרעבט אירע צוויי קינדער, די אָרעמע יתומים, צו געבן די בעסטע דערציִונג און אַכטונג געגעבן, אַז זיי זאָלן גיין פיין אָנגעטאָן. דאָס, וואָס די מוטער איז געוואָרן אַ סאָציאַליסטקע, האָט באַטייט אַ געפאַר פאַרן געשעפט. איר זאָגן, אַז זי זאָל ביי איר נישט וווינען, האָט מירעלע נישט געקאָנט. פאַרקערט, ווען די מוטער האָט איר געזאָגט, אַז זי וועט זיך אַרויסציִען פון איר, האָט די טאָכטער גענומען בעטן די מאַמע, אַז זי זאָל בלייבן.

ס'איז געשען דאָס פאַרקערטע ווי אינעם מעשהלע וועגן דער הון, וואָס האָט אויסגעבריט ענטלעך... ס'איז געווען אַן ענטע, וואָס האָט אויסגעבריט הינדלעך...

נאָר מלכהלע האָט פאַרן אויסטאָן ס'שייטל באַקומען אויך קאָמפּלימענטן. דער זון (דער באַרימטער שרייבער) האָט דערזעענדיק די מוטער, זי אַרומגעכאַפּט אַ באַגייסטערטער און אויסגערופן: „מאַמושאַ!... אָ, ווי שיין דו ביסט אַצינד!... ווי יונג דו זעסט אויס!... ווען דו זאָלסט דיר נאָר די האָר לאָזן פאַרבן

אויף בלאַנד און דיר לאָזן אַריינמאַכן ציין״... ער האָט די מוטער אַ נעם געטאָן אונטערן אָרעם: „קום! איך האָב אַ באַקאַנטן דענטיסט. איך באַצאָל דאָס געלט!״

אַ גוט אויפגעלייגטע, כמעט אַ פריילעכע וועגן דעם זונס קאָמפּלימענטן, האָט מלכהלע אויסגעשטרעקט די רעכטע האַנט און געזאָגט האַלב אין שפּאַס און האַלב אין ערנסט: „גיב דאָס געלט, פּייוול, מיר! איך וועל עס פאַרווענדן אויף עפּעס בילעכערס ווי אויף פאַלשע ציין אין מיינע יאָרן״...

דעם דיכטערס באַגייסטערונג איז פאַרשוווּנדן ווי אַ פּעפּערל ביים קלענסטן ווינטל, און אַנגעבלאָזענער האָט ער גראָב געזאָגט צו דער מוטער: „פאַר דיינע לייט!״

נישט פאַרלירנדיק איר פריילעכקייט האָט מלכהלע געשפּאַסט: „וועער נאָר נישט גלייך, מיין זון, ווי אַן אָקס פאַר אַ רויט טוך!... אויף צו פּוצן זיך, מיין טייערער, איז שוין צו שפּעט... זיך אַריינשטעלן ציין, צו קאָנען בעסער קייען — ס׳לוינט זיך נישט מער... מיינע לייט האָבן ציין, אָבער זיי האָבן נישט וואָס צו קייען״... און זי האָט זיך גענומען בעטן: „גיב מיר, מיין זון, דאָס געלט, וואָס ס׳דאַרף קאָסטן ביי אַ דענטיסט און ביי אַ פריזיר... וואָס טויג דיר אַצינד אַ „גאָלדענע״ מאַמע, מיין קינד?... ווען דו ביסט געווען קליין האָסטו געהאַט אַ „גאָלדענע״. אַצינד אָבער... דו פאַרשטייסט וואָס איך מיין״... זי האָט אַזוי לאַנג געשפּאַסט, ביז זי האָט דעם זון צוריק אַריינגעבראַכט אין דער פריִערדיקער גוטער שטימונג, כדי טאַקע אַרויסצוקריגן פון אים אַ ביסל געלט פאַר אירע לייט.

דער צווייטער, צו מאַכן קאָמפּלימענטן און צו באַוווּנדערן מלכהלען פאַר איר מוט און איר אַנדערש אויסזען אַצינד מיט די שיינע זילבערווייסע האָר, איז געווען דער איידעם. יעקב האָט זיין שוויגער נישט אַרומגעכאַפּט און נישט אויסגערופן באַגייסטערט: „אָ, ווי שיין דו ביסט אַצינד!״ ער האָט מיט פאַרחידושטן בליק אין די אויגן יראת הכבודיק אַ גלעט געטאָן די שיינע ווייסע האָר. מלכהלע האָט אים שטורמיש אַ צי געטאָן צו זיך און אים אַ קוש געטאָן. דאָס איז געשען ספּאָנטאַן און זי איז אַ פאַרשעמטע רויט געוואָרן, ווי זי וואָלט געווען אַ יונג מיידל און אַ קוש געטאָן אַ בחור.

אַ שווייגנדיקער, אין איידעלער אַנטציקונג, האָט יעקב געקוקט אויף זיין שוויגער. ער האָט זי שטענדיק באַוווּנדערט, שטענדיק געהאַט פאַר איר גרויס רעספּעקט און זי באַזונדערס ליב געהאַט. נישט איין מאָל האָט ער געטראַכט, אַז ווען ראָבע וואָלט געווען ווי די מוטער אירע, וואָלט ער געווען זייער גליקלעך. דעם גרעסטן יראת הכבוד האָט ער געהאַט פאַר איר אויסגעהאַלטנקייט, פאַר איר שיינער און גרויסער פערזענלעכקייט.

יעקב האָט געשפּאַסט: „וואָס וואָלט געווען, שוויגער, ווען איך פאַרליב מיך אין אייך?...״

פריילעכקייט און שפּאַס האָט מלכהלע שטאַרק ליב געהאַט. זי האָט געהאַט אַ געוווינהייט צו זאָגן גלייכווערטלעך אין גראַמען, אין וועלכע ס׳איז געווען באַהאַלטענע איראָניע, ווען זי האָט וועמען געוואָלט אַריינזאָגן. „וואָס וואָלט

געוועז?" האָט זי צוריקגעפרעגט, „כ'וואָלט דיך געליבט ווי כ'ליב דיך שטענדיק, פונקט אַזוי ווי דו האָסט מיך ליב... ברויכסט דיך, אַלזאָ, נישט מער צו פאַרליבן אין מיר"... נאָר פלוצעם האָט זי איבערגעריסן דאָס שפּאַסן און געפרעגט דעם איידעם: „וואָס מאַכט די מאַמע? כ'בין שוין לאַנג ביי איר נישט געוועזן. זי זעט מיך נישט גערן, אייגנטלעך וויל זי נישט, אַז כ'זאָל זי קומען באַזוכן. כ'קאָן מיך אָבער נישט פאַרשטעלן אין איר ענטפערן אויף אירע קשיות — שטענדיק די זעלבע — אַנדערש ווי איך דענק. בעסער פאַרווענד איך מיין צייט דאָרט ווו כ'קאָן ברענגען עפּעס נוצן. און וואָס איז וועגן בנימינען? ווען וועט זיין דער פּראָצעס? האָסטו ווידער באַקומען פון אים אַ פּאָר ווערטער, אָדער אָפּגענומען אַ גרוס? ווי וואָלט איך אַצינד געוואָלט זיין ביי אים, צודריקן צו מיין האַרץ! אַזאַ טייער קינד! טאַקע נאָך, אייגנטלעך, אַ קינד, און ווי העלדיש ער האַלט זיך!"

„ער איז ווייטער נאָך אַזוי מוטיק ווי ער איז געוועזן". יעקב האָט איבערגעגעבן די ידיעה, וואָס ער האָט אָקאָרשט געהאַט באַקומען וועגן ברודער אינעם „פּאַוויאַק". ער האָט דערציילט: „מען פּייניקט אים דאָרט שרעקלעך. ביי די אויספאָרשונגען ווענדן די סאַדיסטן אָן אינקוויזיטאָרישע מיטלען, מ'מאַטערט אים, מ'פאַלטערט אים. ער אָבער האַלט זיך העלדיש. „מיין גייסט", האָט ער אַרויס־באַפוילן, „וועלן זיי נישט אומברענגען, דעם גייסט קאָן מען נישט טויטן". און איך האָב אים שטענדיק געהאַלטן פאַר אַ ווייכן, לירישן — ווי קינסטלער זענען".

אויסווישנדיק זיך די טרערן פון די אויגן, האָט מלכהלע — מאָדנע עקזאַל־טירט — איבערגעחזרט, וואָס זי האָט שוין געהאַט געזאָגט: „ווי וואָלט איך אַצינד געוואָלט זיין ביי אים, אים צודריקן צו מיין האַרץ!" זי האָט איצט נאָך מוסיף געווען: „איך וואָלט אַזוי געוואָלט זיין מיט אים אין דער צעל, לינדערן זיינע ווונדן, שטיין פאַר זיין נאַרע אויף וועלכער ער ליגט!... איך פיל, אַז איך וואָלט אים דאָרט אַ סך געהאָלפן. כ'זע אים איצט פאַר מיר, ווי ער וואָלט דאָ געוועזן... די גאַנצע צייט וואָס ער וועט דאָרט זיצן, וואָלטעך געוואָלט זיין ביי אים... עפּעס אַן אויסערגעוויינלעכער פאַרלאַנג איזס... ווי ער קוקט מיט זיינע גרויסע, פאַרחלומטע אויגן... אַ סך מאָל נעמט מיך אַרום אַ פאַרלאַנג צו זיין אין טורמע לעם אַלע, וואָס זיצן דאָרט און ליידן פאַר אונדזער גרויסן הייליקן אידעאַל... דיך, יעקב, מיין קינד, בינעך מקנא, ווייל דו ביסט שוין געזעסן... יאָ, כ'וואָלט געוואָלט, אַז מ'זאָל מיך אַרעסטירן"...

יעקב האָט אַ דערשראָקענער מיט דער האַנט פאַרשטעלט דער שוויגער ס'מויל: „זאָגט דאָס נישט! איר זאָלט אַזוי נישט רעדן, שוויגער! דאָס זענען נאַרישע סענטימענטן! איר מוזט זיין פאָרזיכטיק ביי דער אַרבעט, וואָס מ'טרויט אייך אָן! יעדער פון אונדז מוז זיך היטן ווי ווייט מעגלעך נישט אַריינצופאַלן, ווייל צופיל טעטיקע האָבן מיר נישט מער! ס'זיצן שוין גענוג פון אונדזערע בעסטע און טייערסטע חברים!" ער האָט זי כמעט ווי געוואָרנט: „געדענקט, שוויגער, אַז ווען איר פאַלט אַריין, וואָלט דאָס באַטייט אַ פאַרלוסט פאַר דער

באַוועגונג! זייט פּאָרזיכטיק, שוויגער! אומגעהויער פּאָרזיכטיק! וואַרפט אַוועק די סענטימענטן! באַפרייט אייך פון זיי! בנימין איז מיין ברודער, איצט מיין איינציקער, ווייל צו מיכאלן האָב איך קיין שום געפיל נישט מער. ווי ליב איך האָב בנימינען, און״... ער האָט דאָס ווייטערע נישט געוואָלט זאָגן און זיך צעוויינט.

5

און ווען דער הונגער און די נויט פון די אַרבעטער איז פאַרגרעסערט געוואָרן דורך די נייע כוואַליעס פון סטרייקן, האָט מלכהלע גערעדט מיטן פרוש וועגן דער גרויסער מצווה צו העלפן די ליידנדע, וואָס שטעלן זיך אַקעגן דער אומגערעכטיקייט. „זיי זענען זיך מקריב פאַר אַ גרויסער און הייליקער זאַך״, האָט זי געזאָגט. זי האָט מיט ר׳ איסרן פאַרפירט אַ שמועס וועגן יעקבן, איר איידעם. „ער האָט מיר געזאָגט, אַז איר פלעגט אייך איינשטעלן פאַר אים ביים פאָטער זיינעם, ביים סופר, זכותו יגן עלינו, וועלכער איז געווען אייערס אַ ידיד. אייך צו לענגערע יאָרן. הייסט עס דאָך״..

ביים סוף פונעם שמועס האָט דער פרוש איר צוגעזאָגט: „כ׳וועל טאָן, וואָס איר ווילט, ר׳ דוד יואלס פרוי. כ׳וועל מיר אָנטאָן אַ טאָרבע און אַרומגיין אין די הייזער, אויך אין שטיבל וועלעך זאַמלען נדבות. צווישן די חסידים דאָרט זענען דאָ גרויסע גבירים. ר׳ מנשהלע, דער באַלעבאָס פונעם הויז אין וועלכן ס׳שטיבל איז — און פון נאָך אַ סך אַנדערע הייזער — איז נישט קיין שלעכטער מענטש. איר וועט מיר זאָגן צו וועמען כ׳זאָל אַהינטראָגן, וואָס כ׳וועל האָבן אָנגעזאַמלט, ווער ס׳איז נויטבאַדערפטיק״.

שפּעטער, ווען זי האָט אויסגעטאָן ס׳שייטל, איז איר גרעסטע זאָרג געווען: „וואָס וועט זאָגן ר׳ איסר?... וואָס וועט זיין, אַז ער וועט מיך האַלטן פאַר אַ חצופה און וועט נישט מער וועלן קלייבן קיין נדבות אין שטיבל און גיין אין די הייזער פאַר די אָרעמע אַרבעטער?...״ ער פלעגט דעמאָלט כמעט יעדן טאָג אַהינטראָגן צום חבר טוביהס עלטערן ברויט צו דערהאַלטן דאָרט דאָס לעבן פון אַ גאַנצער משפחה. דער פרוש איז איר בכלל געוואָרן נענטער ווען ער האָט איר אָנגעהויבן העלפן אין דער אַרבעט פאַר די הונגערנדיקע אַרבעטער. איין מאָל האָט איר האַרץ שטאַרק גענומען קלאַפּן, ווען זי האָט פאַרן שפּיגל זיך פאַרקעמט די האָר און ר׳ איסר איז איר פּלוצעם געקומען אויף דער מחשבה... זי האָט דערזעען דאָס בלוט איז איר געקומען אין פּנים אַריין און אַז זי חנדלט זיך... האָט זי זיך אויסגעזידלט: „דו אַלטע נאַרישע שקאַפּע!... ביסט אפשר טאַקע אַ חצופה״... נאָר דאָס זידלען זיך האָט איר גאָרנישט געהאָלפן: זי האָט איצט שוין נישט אויפגעהערט צו טראַכטן וועגן ר׳ איסרן: ער איז איר געפעלן און זי האָט געוואָלט אים געפעלן. אַפילו זיין פרומקייט האָט גערעדט צו איר האַרץ. זי האָט זיך דערמאָנט, אַז דער פרוש האָט אַמאָל געהאַט אַ פרוי. נאָר זי איז געשטאָרבן און ער האָט מער נישט געוואָלט חתונה האָבן.

נאָר ר׳ איסר האָט מלכּהלען גאָרנישט געזאָגט ווען ער האָט זי געזען אָן דעם שייטל, אין די בלויזע האָר. ס׳איז איר אויסגעקומען, אַז ער האָטס אַפילו נישט באַמערקט. פון יענעם מאָמענט אָן האָט זי פאַרטריבן פון זיך די „נאַרישע געדאַנקען" וועגן ר׳ איסרן. ער ווידער, האָט דאָס, וואָס ער האָט אויף זיך גענומען, געטאָן בשלימות, ווייל ר׳האָט דאָס געהאַלטן פאַר אַ גרויסע מצווה. ער האָט געטראַכט דערביי וועגן בעל־שם און נאָך אַנדערע גרויסע צדיקים, וואָס האָבן געטאָן דאָס אייגענע: זענען געגאַנגען צו אָרעמע און האָבן זיי געהאָלפן, אַפילו האָלץ פון וואַלד האָבן זיי געבראַכט אין אָרעמע שטובן ווינטער. האָט דער פרוש, חוץ וואָס ער האָט געבראַכט אין דער טאָרבע ברויט, אין טייל שטובן אַריינגעבראַכט וואַסער פון הויף, אויסגעקערט און אַרויסגעטראָגן ס׳מיסט, אַז ס׳איז נישט געווען ווער ס׳זאָל דאָס טאָן, געוויגט אַ קינד אין וויגל. ער האָט געוואַכט ביי קראַנקע אַ נאַכט, געזאָגט תהילים און געבעטן אַ רפואה שלמה ביים רבונו של עולם. געלט, אַז ער האָט צוזאַמענגעקליבן אין שטיבל, האָט ער אַוועק־געגעבן מלכּהלען.

## קאַפּיטל אַכצן

# די ערשטע אויספאָרשונג

1

דער „פּאַוויאַק" איז אַ גרויסע תפיסה, וואָס ציט זיך אין קוואַדראַט צווישן עטלעכע גאַסן פון יידישן פירטל. זי איז אַרומגעצוימט פון אַלע פיר זייטן מיט אַ הויכער, דיקער מויער, טונקלרויט געפאַרבט, וואָס זעט אויס ווי פאַרגליווערט בלוט. (שפּעטער איז דער צוים איבערגעפאַרבט געוואָרן אויף געל). כמעט יעדן טאָג ברענגט די פּאָליציי אין דער דאָזיקער טורמע אַריין — און אין אַ סך אַנדערע — פּוילנס בעסטע זין און טעכטער, פירט זיי מיט קייטן אויף די הענט און באַוואַכט פון אַלע זייטן. אין עק פון דער געוועזענער „דזשיקע" און איצט ד"ר זאַמענהאָף־גאַס (צו ערן דעם באַגרינדער פון עספּעראַנטאָ, די אינ־טערנאַציאָנאַלע שפּראַך צו פאַרברידערן אַלע פעלקער) און ווו ס׳קרייצן זיך עטלעכע גאַסן, איז דער פראָנט פון דער תפיסה. דאָ איז אַ גרויסער און שווערער אייזערנער טויער, דער אַריינגאַנג צו דער טורמע, וואָס ווערט שטאַרק באַוואַכט. אין קליינע וואַכבודקעס, פון אינעווייניק און אויסנווייניק איבער דער לענג און ברייט פון דער טורמעמויער, שטייען סאָלדאַטן מיט געלאָדענע ביקסן. די וואַכן פון אינעווייניק היטן, אַז קיין אַרעסטאַנט זאָל נישט קאָנען אַנטלויפן; די וואַכן פון דרויסן היטן, אַז מענטשן זאָלן נישט גיין אויפן טראָטואַר לעם צוים, נאָר

אויף דעם קעגנאיבערדיקן, פאַזע די הייזער, אין וועלכע ס׳ווינען מענטשן. די דרויסנדיקע וואַכן היטן אויך, אַז ס׳זאָל נישט ווער אַריבערוואַרפן עפּעס איבערן צוים, אַז ס׳זאָל קיינער פון די דורכגייער זיך נישט אָפּשטעלן און גאַפן אויף דער מויער.

דרייען זיך מענטשן הין און צוריק איבער דער „פּאַווע״ גאַס, וואָס איז קעגנאיבער דער טורמע, און אין וועלכער דער פּאַרקער איז נישט קיין שטאַרקער. עס דרייען זיך טאַטעס און מאַמעס, שוועסטער און ברידער, פרויען און קינדער, כלות און חתנים פון אַרעסטאַנטן און אַרעסטאַנטקעס אויף יענער זייט מויער. זיי ווייסן, אַז זייער בלוט און פלייש, אַז די טייערסטע זייערע ווערן געפּייניקט און געשלאָגן אין דער טורמע, אַז הינטער אייזערנע גראַטעס און אייזערנע פאַרשלאָסענע טירן מאַטערט מען זיי אינקוויזיטאָריש, מען דערמאָרדעט דאָרט נישט בלויז איינעם אָדער איינע פון זיי. האָבן די עלטערן און נאָענטע קיין רו נישט, זייערע נשמות ווערן געפּייניקט און פילן כמעט די זעלבע יסורים און די ליידן, וואָס עס פילן די גופים פון די אַרעסטירטע. דאָ זיצן פּאָליטישע פאַרברעכער אַפילו פון דער פּראָווינץ. קומען טייל מאָל אַהער אויך זייערע נאָענטע און דרייען זיך דאָ איבער דער גאַס הין און צוריק. זיי קומען, נישט בלויז כדי די דיסטאַנץ צווישן זיי און זייערע ליבסטע און טייערסטע זאָל זיין קלענער, אַז זיי זאָלן כאָטש קאָנען קוקן אויף דער מויער, הינטער וועלכער ס׳אָטעמט דער טייל פון זייער לעבן, נאָר אויך דערפאַר, ווייל אויך אויף דער פּראָווינץ ווייסט מען שוין, אַז מ׳פּייניקט אין דער טורמע די פּאָליטישע אַרעס־טאַנטן און מ׳הערט ביי נאַכט — באַזונדערס אין דער „פּאַווע״־גאַס — זייערע געשרייען און געוואַלדן.

און ס׳הערן, אָדער ס׳דאַכט זיך בלויז די אומגליקלעכע, אַז זיי הערן שרעק־לעכע געשרייען איבערן צוים. אָבער צווישן זיי דרייט זיך טייל מאָל אויך „עמעץ אַנדערש״ און ס׳געלינגט אים (אָדער איר) אַריבערצוואַרפן איבער דער מויער אַ פּעקל פּראָקלאַמאַציעס פון וועלכע ס׳קומט אַ מאָל אָן עטלעכע צו די אַרעס־טירטע חברים. אַ מאָל הייבן אַזעלכע פּראָקלאַמאַציעס אויף אַרעסטאַנטן ביים שפּאַצירגאַנג: זיי מאַכן דאָס קלוג און געשיקט, מייסטנס דורך אַנידערפאַלן; אַ מאָל הייבט דאָס גאַנצע פּעקל אויף אַ וואַכסאָלדאַט, צי איינער פון די אָנגע־שטעלטע וועכטער אין דער טורמע, אָדער אַן אַנדערער אָנגעשטעלטער, וועלכער איז אַליין אַ חבר און פאַרטיילט די דאָזיקע „פּאַפּירלעך״ די אומגליקלעכע חברים אין די צעלן. ווערן דאָך אַפילו אַריין־און־אַרויסגעשמוגלט בריוולעך מיט נייטיקע ידיעות.

און איין מאָל אין אַ פינצטערער ווינטערנאַכט — די „פּאַווע״ גאַס איז ווי אַ סך אַנדערע קליינע גאַסן אין יידישן פירטל קנאַפּ באַלויכטן — האָט צווישן נישט קיין סך אומגליקלעכע דעמאָלט זיך געדרייט הין און צוריק אויך מלכהלע. זי איז געווען איינגעהילט אין אַ פאַטשיילע און מ׳האָט קוים אַרויסגעזען איר קליין פּנימל. די וואַכסאָלדאַטן אין די בודקעס האָבן אין שפּעטער נאַכט, באַ־

זונדערס ווען ס'איז קאַלט, זיך מיינסטנס געהאַלטן אינעווייניק און זייערע בליקן זענען נישט געווען אַזוי שאַרף.

2

בנימין איז גלייך פון אָנהייב אָן — אַזוי ווי ער איז אַרעסטירט געוואָרן און מ'האָט ביי אים געפונען אַ געלאָדענעם רעוואָלווער, פון וועלכן ס'זענען געווען אויסגעשאָסן פיר קוילן — געהאַלטן געוואָרן פאַר אַ באַזונדערס געפערלעכן רעוואָלוציאָנער. דער באַאַמטער, ווען בנימין איז צוגעשטעלט געוואָרן, האָט דאָס קליינע און דאַרע ייִנגל באַטראַכט מיט אַ שאַרף פאָרשנדיקן בליק. אַז זעכצן יעריקע, וואָס זעען אויס נעבעכדיק און אומשולדיק און דאָך טוען זיי אָפּ די געוואַגסטע זאַכן און זענען געפערלעכע רעוואָלוציאָנערן, דאָס איז פאַרן דאָזיקן באַאַמטן שוין לאַנג קיין בייעס נישט געווען. אים האָט אָבער פאַרבליפט בנימינס אויסזעען, זיין האַלטן זיך, זיינע מערקווירדיק גרויסע, שוואַרצע אויגן, פאַרטרוימטע, מיט אַ מיסטישן בליק אין זיי, אַ מיסטישער און דאָך אַזאַ קלאָרער, הגם געוואונדערט ערגעץ אין דער ווייטקייט. דער אויסדרוק אין דאָזיקן אַרעסטאַנטס פּנים: פעסטקייט און גליקזעלישקייט.

גלייך נאָכן אַרעסטירט ווערן ביי דער דעמאָנסטראַציע און אָפּגעפירט ווערן מיט נאָך אַ סך אַנדערע אַרעסטירטע אינעם „פאַרמאַכטן קעטשל", איז בנימין, ביזן ערשטן פאַרהער, אַריינגעזעצט געוואָרן אין אַ גרויסער קאַמער, וואָס איז שוין געווען פול געפּאַקט מיט פאַרשידענע פאַרברעכער. פון דאַנען איז יעדער, נאָך דעם ווי ער איז אויסגעפרעגט געוואָרן, אָפּגעשיקט געוואָרן וווהין ער האָט געהערט, ווו ער איז אויסגעפאָרשט און געהאַלטן געוואָרן ביז אַ פּראָצעס. די, וועלכע זענען אויף אַן אומשולדיקן אופן אַרעסטירט געוואָרן, זענען נאָכן אויס־פרעגן באַפרייט געוואָרן.

אין דער קאַמער האָבן אַרעסטאַנטן געפרעגט בנימינען פאַר וואָס מ'האָט אים אַרעסטירט. הערנדיק פאַר וואָס, האָבן זיי אים געזאָגט: „אָ, ברודערל!... בעסער באַגיי זעלבסטמאָרד, ווייל פאַרשפּאָרן די אַלערליי קוועלן און דאָס וואַרטן אויפן טויט, וואָס איז ערגער ווי דער טויט אַליין".

בנימין האָט געקוקט אויף די דאָזיקע מענטשן מיט זיינע גרויסע, אַצינד טרויעריקע און פרעגנדיקע אויגן. ער האָט נישט באַנומען וואָס מ'האָט אים געזאָגט, ווי דאָס געזאָגטע וואָלט צו אים נישט געהאַט קיין שייכות. דערווייל האָט ער נאָך לגמרי גאָרנישט באַנומען, אפילו זיין אַרעסטירט זיין האָט ער נישט געגנוג קלאָר באַגריפן. אין זיין קאָפּ איז נאָך אַלץ געווען אַ מין תוהו ובוהו: דער אָנפאַל פון די כוליגאַנעס ביי דער דעמאָנסטראַציע, דאָס געשלעג דאָרט, די שיסעריי — אַלץ איז געווען נישט מער ווי אַ גרויסער פּלאָנטער אין זיינע געהירן. ער האָט נישט געדענקט און זיך נישט געקאָנט דערמאָנען קיין שום דעטאַלן. איינס אָבער האָט ער יאָ קלאָר געוווסט: אַז דער חבר דוד איז צו אים צוגעקומען, האָט אים אַרומגענומען און דערביי אַריינגעלייגט אַ רע־

וואלוּוער אין זיין קעשענע. דאָס האָט ער קלאָר געדענקט, ווייל דאָס האָט גע־לעבט אין זיין קאָפּ פון יענעם מאָמענט אָן ווען דער חבר דוד האָט זיך מיט אים וועגן דעם אָפּגערעדט אין לייענצימער פון דער ביבליאָטעק. אַפילו די איינצלהייטן פון יענעם מאָמענט האָבן נאָך קלאָר געלעבט אין זיין זכרון: ווי ער איז פריִער געווען מיט פייגעלען אין גאָרטן, ס'אַרע שיינער פרימאָרגן ס'איז דעמאָלט געווען, ווי ער האָט זיין געליבטער געטאָן דעם ערשטן קוש און ווי די חברים זענען אים אין לייענצימער — ווען ער איז מיט פייגעלען געקומען פונעם גאָרטן — באַפאַלן מיט אַלערליי פראַגעס.

ערשט שפּעטער האָבן די געשעענישן ביי דער דעמאָנסטראַציע אָנגעהויבן אויפטויכן אין בנימינס זכרון אַלץ בולטער, אָבער נאָך נישט קלאָר געגוג. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז יעקב איז צו אים געלאָפן ווען דער חבר דוד האָט אים אַרומגעהאַלטן; אָבער אים האָט זיך נאָך אַלץ געפּלאָנטערט, אַז דער ברודער איז צו אים געלאָפן מיט אַ דראָנג, אָדער מיט אַ שטאָבע אייזן... ער איז געלעגן אויף אַ קופּע מענטשן מיט אַ רויטער פאָן אין האַנט... מ'האָט אים אַ וואָרף געטאָן... ער איז געפלויגן... ס'איז געווען פינצטער... נאָר גאַנץ קלאָר האָט ער זיך שוין געהאַט דערמאָנט די צווייטע העלפט פון דער געשעעניש: ווי ער איז אַרויס פונעם אַרעסטאַנטן־וואָגן, וואָס מ'רופט דאָס „שוואַרצע קעטשל", און מ'האָט אים מיט נאָך אַנדערע אַרעסטירטע אַהערגעברענגט.

געווען איז בנימין דעמאָלט שרעקלעך מיד. ער איז פּשוט געפאַלן פון די פיס. אָבער ווו זיך אַנידערזעצן איז נישט געווען. זיך אַראָפּלאָזן אויף דער פּאָד־לאָגע האָט ער נישט געוואָלט, ווייל ער איז געווען אָנגעטאָן אינעם „גוטן" אַנצוג, דעם איינציקן, וואָס ער האָט פאַרמאָגט: ער האָט אים אָנגעטאָן לכבוד דעם יום־טוב פון ערשטן מאַי און אויך פאַר פייגעלעס וועגן. דעם דאָזיקן אַנצוג האָט ער נישט געוואָלט אויסשמירן. דער דיל איז געווען שוואַרץ פון בלאָטע און שמוץ און פול אָנגעשפּיגן און אָנגעכראַקעט. ס'איז געווען טונקל. ער האָט נישט גע־ווּוסט: איז די זון שוין אונטערגעגאַנגען? די לופט — כאָטש בנימין איז געווען געוווינט צו ווייניק און שלעכטער לופט — האָט ער אָבער דאָ אַ לאַנגע צייט נישט געקאָנט כאַפּן דעם אָטעם און כסדר געגלייבט, אַז ער ווערט דערשטיקט. אַ געדיכטער שטויב, אַ היץ; אָבער נישט ווי ס'איז אין דרויסן, אין די הייסטע זומערטעג, אויך נישט ווי אין אַ צו שטאַרק געהייצטער שטוב, נאָר אַ מאָדנע היץ, פון וועלכער דער קאָפּ האָט אים אָנגעהויבן אַזוי ווייטאָן, ווי ס'וואָלטן אינעווייניק, באַזונדערס ביי די שלייפן, געקלאַפּט האַמערס. די אויגן זענען אים צוגעפאַלן, די קניִען האָבן זיך אים איינגעבויגן, די געדערים האָבן זיך גענומען הייבן אַרויף צום האַרץ, קריכן אין האַלדז אַריין. שטאָט זיך מער צו דערמאָנען, האָט זיך אַלץ ווידער אויסגעלאָשן אין אים. באַלד האָט זיך אים אָנגעהויבן דוכטן, אַז ער האָט גאָר קיין קאָפּ נישט, נאָר טראָגט אויף זיך אַ שווערן באַרג און דאָרט אינעווייניק פלאַקערן פלאַמען... ס'האָט אים גענומען רייצן צום ברעכן. גלייכצייטיק האָט ער דערפילט אַ שטאַרקן פאַרלאַנג אויסצוטרעטן. וואָס זאָל

ער טאָן?... די טיר איז געווען פאַרשלאָסן. ער האָט זיך געשעמט עמעצן צו זאָגן וועגן דעם, צו פרעגן, אויב ס׳איז דאָ אַ בית־הכסא, און ווו.

ניין, מער האָט ער זיך נישט געקאָנט האַלטן אויף די פיס און זיך אַראָפּ־געלאָזט אויפן שמוציקן און פול אָנגעכראַקעטן דיל. דאָס האָט אים אַ סך גע־האָלפן: די באַדערפעניש אויסצוטרעטן איז ביסלעכווייז פאַרשוווּנדן, אויך דאָס מיאוסע געפיל פון ברעכן, און אַז די געדערים קריכן אים אין האַלדז אַריין. ס׳האָט זיך אים אַפילו געדוכט, אַז ער איז איינגעשלאָפן, אַז ער איז לאַנג גע־שלאָפן, און אַז ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט איז אים געווען בעסער. אָבער שטיוול האָבן געטרעטן איבער אים, טייל האָבן אים געשטויסן און אָנגעטרעטן, און ער איז דעריבער צוריק אויפגעשטאַנען. אין דער קאַמער איז שוין געווען גוט פינצטער. מ׳האָט אַריינגעברענגט עסן. די אַרעסטאַנטן האָבן זיך גענומען שטופּן און רייסן צום עסן. נאָר בנימין איז געבליבן שטיין אויף זיין אָרט: ס׳האָט אים נישט געהונגערט, כאָטש ער האָט היינט נאָך גאָרנישט געהאַט געגעסן. ר׳האָט געוואָרט, אַז ער זאָל זיך שוין קאָנען ערגעץ אַנידערלייגן און שלאָפן. דאָ און דאָרט האָבן אויפגעבלישטשעט קליינע פלעמעלעך. די אַרעסטאַנטן האָבן אַלע גערעדט, געשמועסט.

נאָר ס׳איז אַוודאי נאָך נישט געווען זייער שפּעט ווען די קליינע בליש־טשענדיקע פלעמלעך האָבן זיך צוריק אויסגעלאָשן. בנימין איז דאַן געוואָר גע־וואָרן ווו מ׳טרעט אויס: אין דער קאַמער, אין אַ ווינקל. איבער דער גאַנצער לענג פון דער וואַנט קעגנאיבער דער טיר האָט זיך געצויגן אַ נאַרע פון ברעטער. אויף דער דאָזיקער נאַרע זענען אויסגעלייגט געוואָרן שעניקעס, זעק מיט שטרוי, וואָס אַרעסטאַנטן האָבן אַריינגעברענגט, און אַלע האָבן זיך אָנגעהויבן שטופּן און רייסן נאָך אַ פּלאַץ צום שלאָפן. בלויז אָבער די שטאַרקסטע און געניטסטע האָבן פאַרכאַפּט פּלעצער. די רעשט האָבן זיך צעלייגט אויפן דיל, זיך צוזאַמענ־געקנוילט, שיִער ווי עופעלעך אין דער מאַמעס בויך. טייל זענען אַרונטערגע־קראָכן, ווי הינט, אונטער דער נאַרע און זענען דאָרט געשלאָפן.

בנימין, כאָטש אַ מידער און אַ שלעפעריקער, האָט אָבער נישט געקאָנט איינשלאָפן. ער האָט נישט געקאָנט אויסהאַלטן די געסרחה און דעם עקל, דערפון וואָס פרעמדע לייבער זענען געווען צוגערירט צו אים. זיך צו שיצן — האָט ער זיך אויפגעשטעלט דעם קאַלנער פון דער מאַרינאַרקע. דאָס ערגסטע איז אָבער געווען וואָס ס׳האָט אים גענומען בייסן. איבערן גאַנצן לייב, אַפילו אויף די פיס אין די שיך, זענען אַרומגעקראָכן אַלערליי אומפליייט. ס׳איז בנימינען אויסגעקומען אַז ער ווערט אויפגעפרעסן פון די קליינע חיהלעך. ער האָט זיך געקראַצט, אָבער ס׳האָט גאָרנישט געהאָלפן. האָט ער באַשלאָסן זיך נעמען צום אויסגעפּרוּווטן מיטל: גיין אויף געיעג... אָבער דאָ האָט עס גאָרנישט געהאָלפן. די מיינסטע האָבן געליטן דאָס זעלבע. מ׳האָט פּשוט מיט די הענט אַרויסגעשלעפּט פון דאַנעט און פון דאָרטן אַלערליי קריכנדיקע באַשעפענישן וויפל ס׳האָט זיך געלאָזט; די ווייכערע האָט מען צעקוועטשט און די רעשט אַוועקגעוואָרפן. בנימין איז געווען

געווינט דאַצו, אַז די דאָזיקע קליינע ברואימלעך זאָלן אים שטעכן און בייסן און זייגן זיין בלוט; אָבער אַזאַ אָנפאַל אויף זיין קליינעם, דאַרן גוף פון אַזוי פיל בייזע און ווילדע מחנות איז אים אין זיין גאַנץ לעבן נאָך נישט אויסגעקומען אויסצושטיין. ס'ליב האָט אים געברענט ווי מ'וואָלט דערויף אַרויפגעשיט פּריסיק. ער האָט געשאַרט פונעם פּנים און פון די הענט. איז ער געווען זייער גליקלעך ווען די אייזערנע טיר — נאָך אויפשליסן און אויפריגלען פון דער דרויסנדיקער זייט — האָט זיך געעפנט און אַ הייזעריק־רוי קול האָט גערופן זיין נאָמען: „בנימין ליכטענבערג!"

3

פאַר בנימינען זענען די צוויי געקומענע וועכטער געווען צוויי מלאכים, וואָס האָבן אים דערלייזט פונעם גיהנום. ביידע, מיט געצויגענע רעוואָלווערס, האָבן דאָס קליינע דאַרע ייִנגל געפירט דורך לאַנגע און געדרייטע קאָרידאָרן, ביז זיי האָבן אים צוגעברענגט צו אַ טיר. איינער האָט די טיר געעפנט און דער אַנדערער איז געבליבן הינטער בנימינען מיטן רעוואָלווער אָנגעשטעלט אויף זיין שמאָלן רוקן. אַזוינאַך איז אין שפּעטער שעה פון נאַכט דער „געפערלעכער פאַרברעכער" צוגעשטעלט געוואָרן צום אויספאָרשער, וועלכן ער, דער „פאַר־ברעכער", האָט נישט געזען, ווייל ער איז געבלענדט געוואָרן פון דעם אומ־געהויערן ליכט, וואָס אַ פּראָזשעקטאָר האָט אויף אים געוואָרפן.

בנימינס אויגן האָבן אויטאָמאַטיש זיך געשלאָסן.

„די אויגן עפענען! שטיין גלייך! אויף מיר קוקן!" דאָס איז געווען די „באַגריסונג", וואָס דאָס ייִנגל האָט געהערט, אָבער נישט געזען דעם וועלכער האָט אים „באַגריסט".

ער האָט מיט אָנגעשטרענגטער קראַפט פון זיין ווילן אויפגעריסן די אויגן. דער נאָך כמעט קינדערישער קערפּער האָט זיך אויסגעצויגן גלייך. אָבער די אויגן האָבן זיך ווידער אויטאָמאַטיש געגומען שליסן און בנימין האָט מיט זיינע דאַרע און שמאָלע הענט געוואָלט האַלטן אָפן די לעדנדלעך פון זיינע אויגן. ער האָט אָבער דערפילט אַ ברען איבער די הענט און האָט זיי גלייך צוריק אַראָפּ־געלאָזט. אַ געלעכטער האָט אַ שאַל געטאָן פון אַלע זייטן. נאָר בנימין האָט נאָך אַלץ קיינעמען נישט געזען, הגם ער האָט די אויגן שוין געהאַלטן אָפן. עמעץ האָט אָנועקגעדרייט דעם פּראָזשעקטאָר און דער אַרעסטירטער האָט דאַן דער־זען פאַר זיך אַ פיין געזיכט מיט גערדיכטע בלאָנדע וואָנסעס אויף ענגלישער אַרט צוגעשוירן, און בלויע אויגן, וואָס האָבן געקוקט אויף אים גאַנץ פריינדלעך. נאָר אַנדערע מענטשן, חוץ דעם איינעם, וועלכער איז געזעסן פאַר אַ שרייבטיש, האָט בנימין נישט געזען. ער האָט אָבער געפילט, אַז אינעם צימער זענען דאָ נאָך מענטשן, זיי שטייען אָדער זיצן ערגעץ הינטער אים.

דער מיט די בלאָנדע וואָנסעס און בלויע אויגן האָט דעם אַרעסטירטן גע־

פרעגט אין אַ פריינדלעכן טאָן: „פאַר וואָס וויינסטו? ס׳האָט דיך דאָך קיינער נישט געשלאָגן".

דאָס דאָרע יינגל האָט אַ קוק געטאָן אויף זיינע הענט און דערזען די אָב־געלאָפענע, רויטע פרענגעס, ווי שלענגלעך איבער דער גאַנצער ברייט פון די הענטרוקנס. אָבער ער האָט זיין בליק גלייך געווענדט אויף דעם אויספאָרשער.

מיט דעם זעלבן פריינדלעכן טאָן אין זיין אָנגענעמער שטימע, האָט דער, וועלכער איז פאַר בנימינען געזעסן אויף דער שטול, געזאָגט צום אַרעסטאַנט: „קאָנסט שטיין אַזוי ווי דו ווילסט, ווי ס׳איז דיר באַקוועמער. ביסט אַוודאי הונ־געריק, דעריבער וויינסטו. דו האָסט דאָך געוויס אַ גאַנצן טאָג נישט געגעסן. ביסט זיכער אַוועקגעגאַנגען פון דער היים זייער פרי, צו זיין דער ערשטער אויפן זאַמלפונקט צו דער דעמאָנסטראַציע פונעם יום־טוב אין ערשטן מאַי. איך ווייס אַז דו ביסט אַ הייסער סאָציאַליסט, אַן אויפריכטיקער און אָרנטלעך יינגל. איך בין אין דיינע יאָרן אויך געווען זייער ענטוזיאַסטיש און אידעאַליסטיש. ביז אויפן היינטיקן טאָג בין איך געבליבן אַן איבערגעצייגטער סאָציאַליסט. אַנדערש וואָלט איך נישט געקאָנט פאַרנעמען דעם פּלאַץ, וואָס איך פאַרנעם ביי אַ רע־גירונג, וואָס שטרעבט צו סאָציאַליזם און די מיינסטע אירע מיטגלידער געהערן צו דער סאָציאַליסטישער פאַרטיי. דו ווייסט עס דאָך".

דאָס אומפּלייט, וואָס איז אַרומגעקראָכן אויף בנימינס מלבושים איידער מ׳האָט אים אַריינגעבראַכט אַהער, איז צוליב דער שטאַרקער ליכטיקייט זיך פאַרקראָכן ביז הינטערן העמד און דאָרט, צערייצט, גענומען בייסן דעם דאַרן גוף. דעריבער איז דער אַרעסטירטער נישט געווען גענוג קאָנצענטרירט און נישט גאַנץ באַנומען, וואָס דער אויספאָרשער האָט אים צולעצט געזאָגט. אויך האָט דאָס דערמאָנען אים, אַז ער האָט דעם גאַנצן טאָג נישט געגעסן, אַרויסגערופן זיין הונגער און ער האָט דערזען אויפן שרייבטיש אין אַ גרויסן טעלער: זעמל, ווורשט, קעז, טשאַסטעס, שאָקאָלאַד און נאָך אַנדערע גוטע זאַכן. ס׳מויל האָט אים גענומען וואַסערן. ער האָט נישט געוואָלט קוקן אויפן טעלער; אָבער זיינע אויגן האָבן זיך אַלע מאָל פאַרגנבעט דאָרט אַהין. ער איז צעמישט געוואָרן און כמעט נישט געהערט, אָדער נישט פאַרשטאַנען די פראַגעס, וואָס מ׳האָט אים געשטעלט.

דער מאַן מיט די בלאָנדע וואָנסעס און בלויע אויגן האָט מיט „מיטלייד" ווידער געפרעגט דאָס יינגל: „ביסט הונגעריק?"

בנימין האָט געענטפערט: „יאָ".

דער אויספאָרשער האָט געטרייסט דעם הונגעריקן: „גלייך וועלן מיר פאַרטיק ווערן — און איך האָף אויף אַ צופרידנשטעלנדיקן אופן — קאָנסטו דיר נעמען פונעם טעלער, וואָס דיר געפעלט און וויפל דו ווילסט. ווען ביסטו אַוועקגעגאַנגען פון דער היים?"

„גאַנץ פרי, ווען ס׳האָט נאָך גערעגנט".

„אַליין, אָדער מיט נאָך וועמען?"

צי ווייל דער געפרעגטער האָט דערפילט געפאַר, אָדער ווייל ער האָט זיך געשעמט צו זאָגן, אַז ער איז געגאַנגען מיט זיין געליבטער — ער האָט אַ ווײלע נישט געענטפערט. דאַן אָבער האָט ער געזאָגט: „מיט מיין געליבטער".

דער פיינער און קלוגער מענטש אויפן ווייכן פּאָטעל פאַרן שרייבטיש האָט זיך געוויצלט: „האָסטו שוין אַ געליבטע? ווי אַלט ביסטו דען?"

„זעכצן, שוין אין זיבעצעטן יאָר".

דער אויספאָרשער האָט זיך כלומרשט געחידושט: „איך האָב געמיינט ערשט צוועלף־דרייצן, ווייל אַזאַ איינדרוק מאַכסטו. אויב אַזוי אַנטשולדיקט פאַר מיין דוצן אייך. געוויס, לויט דעם אינטעליגענטן פּנים אייערן... איז זי שיין אייער געליבטע?"

בנימינס פּנים האָט זיך צעשטראַלט.

„ווי הייסט זי?"

איצט האָט אָבער בנימין דערפילט בפירושע געפאַר. דאָך האָט ער געענטפערט: „פייגעלע. פייגע".

„דער פאַמיליענאָמען?"

„יאַשמינסקאַ".

„אַ ייִדישע?"

„יאָ".

„איז זי עלטער, אָדער ייִנגער ווי איר זענט?"

בנימין האָט זיך געראַיטלט: „ייִנגער".

„אַ סך?"

„מיט צוויי יאָר".

„און ווו האָט איר אייך באַקענט מיט איר?"

„אין אונדזער יוגנטקלוב".

„אַ קאָמוניסטישער?"

בנימין האָט אַזש אויפגעציטערט פון ענטריסטונג: „מיר זענען נישט קיין קאָמוניסטן!"

דער פּראָזשעקטאָר איז ווידער אָנגעשטעלט געוואָרן אויפן אַרעסטירטן.

„צו וועלכער פּאַרטיי געהערט אייער עלטערער ברודער?"

דער געפרעגטער האָט געשוויגן.

„ענטפער! צו וועלכער פּאַרטיי?"

מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן האָט בנימין געענטפערט: „צו דער קאָמוניסטישער".

„ווי לאַנג איז ער געזעסן?"

בנימין האָט זיך נישט געקאָנט דערמאָנען: „איך געדענק נישט; אַ האַלב יאָר, אָדער אַ גאַנץ יאָר".

„פאַר העצן נישט צו פאַרטיידיקן דאָס פאָטערלאַנד, וואָס איז אָפּגעגאַנגען אין בלוט ווען דער שונא איז געשטאַנען שוין כמעט פאַר די טויערן פון וואַרשע! אַ ייִדישער אַדוואָקאַט, דעמאָלט שוין אַ באָלשעוויסטישער אַגענט, האָט אייער

ברודער אַרויסגעדרייט פון דער תליה. און וואָלט איר דען נישט געטאָן דאָס זעלבע ווען דאָס פּאָטערלאַנד זאָל ווידער מוזן פירן מלחמה מיט רוסלאַנד, כדי זיך צו פאַרטיידיקן קעגן די רויטע טייוולאָנים, קעגן די שטערער פונעם וועלט־פרידן, קעגן די אונטערדריקער פון פרייהייט און פאַרקנעכטער פונעם פּראָלע־טאַריאַט, קעגן די הענקער, מערדער, פעלשער, ליגנער, פאַרניכטער פונעם סאָ־ציאַליסטישן אידעאַל?!"

דאָס יינגל, געפייניקט פון הונגער און אומפּלייט, האָט נישט געוווסט, וואָס צו ענטפערן.

„ענטפערט!" דער צעמישטער האָט דערפילט דעם הייסן אָטעם פונעם אויס־פאָרשער אויף זיין פּנים. אין זיינע אויערן האָט ווידער אַ הילך געטאָן: „יאָ?"

עטלעכע פאַרשוינען, מיט בייזער פריילעכקייט אין די לוסטיקע אויגן, זענען געשטאַנען פוןביידע זייטן און פון הינטן לעם דעם קליינעם, דאַרן יינגל. ווי אַן אומבאַהאָלפענע חיה, וואָס איז פון יעגער און הינט אַריינגעטריבן געוואָרן אין אַן ענגשאָפט פון וואַנען ס'איז נישטאָ קיין אַנטרינונג, האָט דער אַרעס־טירטער געקוקט דערשראָקן אין אַלע זייטן און בלויז נאָך געקאָנט מורמעלן אומפאַרשטענדלעכע זילבן פון געבעט און פאַרצווייפלונג, זילבן ווי: „מאַ...מע... טאַ...טע"... ער האָט זיך געבומען רוקן אויף צוריק; אָבער ער האָט פון הינטן באַקומען אַ שטויס, און אַ רוי קול האָט אַ היק געטאָן: „שטיי גלייך! ריר דיך נישט! הינטישער זון!"

„איז דאָס אייער רעוואָלווער?" דער אויספאָרשער האָט דעם רעוואָלווער געהאַלטן אָנגעשטעלט קעגן דעם אַרעסטירטנס פּנים.

דער געפרעגטער האָט געשמייכלט: „איך ווייס נישט".

דער אויספאָרשער האָט זיך צעלאַכט און מיט אַ ווונק, געגעבן צו פאַרשטיין די פאַרשוינען מיט דער בייזער פריילעכקייט אין די לוסטיקע אויגן, אַז זיי זאָלן זיך דערווייל צוריקציען צו זייערע פריערדיקע ערטער. ווידער אַ פריינדלעכער, אַ גוטינקער, האָט ער אויף ס'ניי אָנגעהויבן מיט זיסע ריידעלעך: „איר זענט מיד און הונגעריק, איך זע. איר האָט אַ גאַנצן טאָג נישט געגעסן. זעצט אייך אויפן שטול, וואָס שטייט לעם אייך. דאָס עסן אויפן טעלער איז פאַר אייך. גלייך ווי מיר וועלן פאַרטיק ווערן קאָנט איר עסן. ס'געוועגדט זיך בלויז אין אייך, אַז ס'זאָל נישט געדויערן לאַנג". און נאָך אַ מאָמענט שווייגן: „איר זענט אַ סאָ־ציאַליסט, אַ יונגער אידעאַליסט, אַן ענטוזיאַסט. פוילן איז אייער פאָטערלאַנד פונקט ווי ס'איז מיינס. די מערצאָל פון דער רעגירונג איז אַ סאָציאַליסטישע — ווען מ'רעכנט צו די דעמאָקראַטישע און ליבעראַלע מענטשן אין איר. די אויפ־גאַבע פון דער רעגירונג איז אַן אומגעהויער שווערע, באַזונדערס אין איר קאַמף מיט דער רעאַקציע. אונדזער וועג צום סאָציאַליזם איז אויסגעלייגט מיט שפּיציקע שטיינער און שטעכיקע דערנער — מיט אַלערליי שטרויכלונגען אויף שריט און טריט. בלויז פאַרזיכטיק, מיט איבערמענטשלעכער אָנשטרענגונג קומען מיר פאַ־

מעלעך צום סאָציאַליזם, וואָס איז אונדזער הייליקסטער אידעאַל, דער אידעאַל פונעם אַרבעטנדיקן און דענקענדיקן מענטש. מוזן מיר נישט העלפן דער רע־גירונג? אַדרבא, זאָגט אַליין".

„געוויס!" בנימין האָט גענומען רעדן מיט באַגייסטערונג.

נאָר דער אויספאָרשער האָט דאָס ייִנגל אָפגעשטעלט: „אַלזאָ, איך ווייס, אַז איר זענט אַן אידעאַליסט און אַן אינטעליגענטער מענטש. זאָגט זשע דעם אמת און איך וועל אייך באַפרייען. איר וועט קאָנען אַהיימגיין צו אייער קראַנקער מוטער. זי איז דאָך גאַנץ אַליין, עלנט. איר וועט ווידער קאָנען פאַרברענגען מיט אייער שיינער געליבטער. איר זענט פאַרפירט געוואָרן. זייט אייך מודה. דוד סאַראָקען האָט איר געקענט?"

אַ צוגעלאָזענער — האָט דאָס ייִנגל געענטפערט ברייטוויליק: „געוויס. איך קען אים. מיר זענען פון איין שטאָט. איך קען זיינע עלטערן, זיין"...

דער אויספאָרשער האָט אים איבערגעשלאָגן: „האָט איר אים ליב געהאַט? איך מיין דעם דוד סאַראָקען".

„ניין, ער איז מיר געווען אומסימפּאַטיש". דאָס האָט זיך אַרויסגעריסן פון בנימינען.

„האָט איר געוווּסט, אַז ער איז אַ ,שפּיצל'? ווייל ס'איז אַרומגעגאַנגען אַ קלאַנג, אַז ער דינט אין דער דעפענזיווע".

„יאָ, איך האָב געהערט וועגן דעם".

דער אויספאָרשער האָט זיך ראַפּטעם צעשריגן: „האָסט אים דערשאָסן ביי דער דעמאָנסטראַציע ווען ס'האָט אויסגעבראָכן דער טומל! לייקן נישט!"

בנימין איז געווען איבערראַשט: „דערשאָסן? — ער האָט דאָך מיר געגעבן דעם רעוואָלווער" — — —

דער אויספאָרשער האָט אַ בריל געטאָן: „און נאָר־וואָס, אַז איך האָב דיך געפרעגט אויב דאָס איז דיין רעוואָלווער, האָסטו געענטפערט, אַז דו ווייסט נישט! פיר קוילן האָסטו אין אים אַריינגעשאָסן!" ער האָט געעפנט דעם רעוואָלווער, אַרויסגענומען פונעם מעכאַניזם פיר ליידיקע, קליינע, מעשענע גילזן, און זיי געוויזן דעם באַשולדיקטן.

„אָבער איך האָב דעם רעוואָלווער אַפילו נישט געזען!" דאָס קליינע, דאַרע ייִנגל האָט זיך דערזען אין אַ פּאַסטקע און פאַרצווייפלט געטענהט מיט כמעט אַ וויינענדיק קול: „ער האָט מיר דעם רעוואָלווער אַריינגעלייגט אין קעשענע, ווען"...

דער אויספאָרשער, זיכער אין זיין זיג, האָט דעם מבולבלדיקן נישט געלאָזט מער רעדן און אים פאַרזיכערט: „דו וועסט די רעשט אויך שוין מודה זיין". ער האָט אים באַפוילן: „דריי דיך אויס!"

בנימין האָט זיך אויסגעדרייט און דערזען פאַר זיך זעקס פעסטע פאַר־שוינען מיט אָנגעפּרעסענע פּרצופים און רוצחישע אויגן. יעדער פון זיי האָט געהאַלטן עפּעס אַנדערש אין האַנט און דאָס געוויזן דעם קליינעם דערשראָ־קענעם ייִנגל.

„זעסט!", האָט איינער געדראָט, „ס'איז לעדער. אָבער בלויז פון אויבן. אינע־ווייניק איז שטאָל". אַ שמיר דאָמיט איבער רוקן, צי ערגעץ אַנדערש — אוי, יעזוס"...

דער צווייטער האָט געדראָט: „דאָס איז גומי. ווייך. נאָר אַז איך לאָז דאָס אַראָפּ איבערן נאַקעטן — נישט קיין נפקא מינה ווו — באַווייזט זיך די עלטער־באָבע פונעם קבר, און פאַר איר דערציילט מען דעם גאַנצן אמת"...

דער דריטער: „דאָס איז אייזן. טו אויס אַ שיך! אַזאַ קליינער פוס! — די פיעגטע ווי ביי אַ יונג מיידל, אַזוי ווייך און מחיהדיק... דאָס דאָזיקע שטיקל אייזן האָט אַ טבע צו „קושן" די פיעגטעס... איי ברודערל... ס'פאַרגייט דער אָטעם"...

דער פירטער: „דאָס איז אַ שרובשטיק פאַר פינגער און פאַר... דיין מיידל וועט זיך דאָן אָפּזוכן אַן אַנדערן"...

דער פינפטער האָט בנימינען אונטערגעטראָגן אַן עמער השתנה צו דער נאָז: „דאָס איז וויין... וועסט אויסטרינקען אין גאַנצן"...

דער זעקסטער: „דאָס איז אַ פּשוטער שטעקן. נישט צום שלאָגן. איך שלאָג נישט. וועסט מאַכן גימנאַסטיק"...

„איבערלייג דיך גוט!" האָט דער אויספאָרשער געוואָרנט דעם אַרעסטירטן און אים געהייסן אַוועקפירן: „פאַר היינט גענוג".

קאַפּיטל ניינצן

## אין פּאַוויאַק

1

נאָך דער אויספאָרשונג אויף דער פּאָליציייוואַך איז בנימין אַוועקגעפירט געוואָרן אין „פּאַוויאַק" און דאָרט האָט מען אים אַריינגעזעצט אין אַן איינצל־קאַמער. ס'האָט לאַנג געדויערט ביז ער האָט זיך צוגעוווינט צו דער אַבסאָלוטער איינזאַמקייט, ביז ער האָט זיך אויסגעלערנט דערקענען דעם אונטערשייד צווישן טאָג און נאַכט, ווען די זון גייט אויף און ווען זי גייט אונטער. דאָס קליינע פאַר־קראַטעווטע פענצטערל ביים סאַמע סופיט איז פון דרויסן (און אויך פון אינע־ווייניק) געווען אַזוי פאַרשמירט, אַז ס'האָט קוים געקאָנט דורכדרינגען אַ בלאַסע שיין דאַדורך. פון דער באַלייכטונג אין קאָרידאָר האָט קיין מינדסטע שטראַל נישט געקאָנט אַריינדרינגען, נישט דורכן שליסללאָך און נישט דורך דער קלאַפּע אין דער טיר, דורך וועלכער דער וועכטער האָט געקאָנט אַריינקוקן. אין דער צעל, צווישן פיר דיקע שטיינערנע ווענט, האָט דער אַרעסטירטער געקאָנט מאַכן דריי

פיר קליינע טריט אין דער לענג און אַ צווייי טריט אין דער ברייט. ביי דער וואַנט קעגנאיבער דער טיר איז געווען אַ שמאָלע נאַרע פון ברעטער. אין ווינקל איז געשטאַנען אַן עמער פאַר מענטשלעכע באַדערפענישן.

נאַכט, אייביקע נאַכט.

דאָך איז בנימינען די ערשטע צוויי טעג געווען גאַנץ אָנגענעם צו זיין אַליין, נישט צו האָבן קיינעמען לעם זיך, נישט צו זען קיין מענטש, נישט צו הערן דאָס קול פון אַ מענטש. דעם הונגער, וואָס ער האָט דערפילט ביים אויספאַרשער, ווען ער האָט דערזען דעם טעלער מיט די גוטע זאַכן, האָט ער אין דער צעל פאַרגעסן, פאַרגעסן, אַז אַ מענטש דאַרף עסן. אויך שלאָפן האָט ער נישט געקאָנט. אָבער ער האָט אויך נישט געקאָנט דענקען, הגם ער איז געווען זייער וואַך. ער האָט נישט געקאָנט צוזאַמענגעמען זיינע געדאַנקען, כדי קלאָר צו באַגרייפן פאַר וואָס מ'האָט אים אַרעסטירט און פאַר וואָס ער זיצט איצט אין אַן איינצל־קאַמער. ער האָט געטראַכט וועגן דער אויספאָרשונג, זיך דערמאָנט פאַרשידענע פראַגעס, וואָס דער אויספאָרשער האָט אים געשטעלט, וואָס ער האָט געענטפערט; אָבער ס'איז אים נישט איינגעפאַלן, אַז ער ווערט באַשולדיקט אין מאָרד: אין דערשיסן זיין בן־עיר און חבר דוד סאָראָקע. איינס האָט ער געוווסט — פון יעקבן און חברים — אַז אין אַן איינצלקאַמער ווערט מען געהאַלטן אַזוי לאַנג ביז די אויספאָרשונג איז געענדיקט.

נאָר נאָך אַ שעה אָדער צוויי שעה איז די וואַכקייט אַוועק. ס'איז געקומען די מידקייט און די שלעפערדיקייט. ער האָט זיך אויסגעצויגן אויף דער נאַרע. אַצינד האָט ער נישט געפילט, אַז דאָס אומפּלייט בייסט אים, אַז ער ליגט אויף גאָלע ברעטער. ער האָט זיך צוזאַמענגעקורטשעט, געמאַכט פון זיך אַ קליין פּעקעלע, אונטערגעלייגט אונטערן קאָפּ אַ פויסט און איז איינגעשלאָפן.

ווען בנימין האָט זיך אויפגעכאַפּט האָט ער נישט געוווסט ווי לאַנג ער איז געשלאָפן: וויפל טעג? וויפל נעכט? ער איז געשטאַנען אויף די פיס און זיך געשאָקלט הין און צוריק ווי אַ צווייגל אין אַ ווינט. אַ האַנט האָט אים געהאַלטן ביים קאָלנער און אים געטרייסלט. ס'האָט זיך אים געדוכט, אַז ער הערט גע־שרייען. ערשט ווען ער איז וואַך געוואָרן (ער איז שטייענדיק נאָך אַלץ גע־שלאָפן) האָט ער דערזען פאַר זיך דעם וועכטער, ווי יענער האַלט אים ביים קאָלנער, טרייסלט אים און שרייט: „ביסט נישט אין דער היים, אָדער אין אַ האָטעל! דו... גראַשנדיק הענדל!" אַ באַרוזקטער האָט ער דאַן אויסגערעכנט דעם אַרעסטאַנט ווי צו פירן זיך: „ווען איך וועל אָנקלאַפּן אין דער פרי — ביים ערשטן ריר, וואָס איך וועל טאָן אין דער טיר — זאָלסטו שטיין אויף דיינע פיס! ביי טאָג מעגסטו בלויז זיצן, אָבער דו טאָרסט דיך נישט אַנידערלייגן! דאָ האָסטו עסן! דער עמער אינעם ווינקל איז צום אויסמאַכן זיך! אַז ער וועט זיין פול — וועסטו אים אַרויסטראָגן; אָבער נישט פריער! הינטישער זון פון אַ צע... מאַמע!" דאָס לעצטע איז געווען דער „אַ גוטן טאָג" ביים צוריק פאַר־שליסן די צעל.

בנימין האָט געגעסן; אָבער ער האָט כמעט נישט געפילט, וואָס ער קייט. אין אַ בלעכן טעפּל האָט ער געהאַט וואַסער. נאָר פּלוצעם האָט ער דערפילט, אַז עפּעס גראַבלט זיינס אַ שיך, כאַפּט זיך אויף דער כאַליעווע און קריכט. אויך מיטן צווייטן שיך געשעט דאָס זעלבע. ער האָט אַ טרייסל געטאָן מיט אַ פוס און דאָס גראַבלען האָט אויפגעהערט. דערביי האָט זיך אים געדוכט, אַז ער הערט עפּעס אַ שאָרכן און שטיל פּישטשען. ער האָט גענומען זוכן מיט אַ שאַרפן בליק און דערזען אַן עכברוש שטייט אויף די הינטערשטע פיסלעך און מיט די פאָדערשטע האַלט ער זיך אָן זיין שיך. אַ דערשראָקענער האָט בנימין אַ קוויטש געטאָן און איז אַרויף אויף דער נאַרע. דער שטשור האָט שנעל אָפּגעצויגן. אָבער אויף לאַנג האָט ער זיך נישט געלאָזט אָפּשרעקן. ער איז באַלד צוריקגעקומען, וויסנדיק פון דערפאַרונג, אַז די גרויסע צוויי פיסיקע — ווען זיי זענען אַליין אין די דאָזיקע גרויסע גריבער — טוען זיי נישט קיין שלעכטס. שפּעטער ווערן זיי פריינד און טיילן זיך מיטן עסן, וואָס איז זייער געשמאַק. אַזוי איז טאַקע אויך אַצינד געשען. אין ערשטן מאָמענט האָט זיך בנימין באמת שטאַרק דער־שראָקן, ווייל פון קינדווייז אָן האָט ער מורא געהאַט פאַר מייז און שטשורעס: זיי האָבן אים געעקלט, אָבער דאָ האָט ער די מורא און דעם עקל גאַנץ שנעל גובר געווען. ער האָט זיך נישט בלויז צוגעוווינט צו די קליינע חיהלעך, וואָס זענען אייגנטלעך גאַנץ אַמוזאַנט און קלוג, נאָר זיי זענען טאַקע געווען זיינע פריינד אין דער איינזאַמקייט דאָ. באַלד האָט ער זיך איבערצייגט, אַז אין זיין קליינער צעל זענען דאָ אַ סך מער ווי בלויז די, וועלכע זענען אים געקומען באַגריסן אינעם ערשטן פרימאָרגן. ער האָט זיך געפונען אין אַ גאַנץ גרויסער „געזעלשאַפט"...

2

אַ תפיסה איז פאַר זיך אַליין ווי אַ מלוכה. נישט בלויז האָט אין „פּאַוויאַק" די פאַרוואַלטונג זיך געפירט ווי אַ רעגירונג אין איר קעניגרייך, נאָר אויך די אַרעסטירטע האָבן זיך באַנומען ווי בירגער פון דאָזיקן „לאַנד". אַלץ איז דאָרט געווען איינגעטיילט אין העכער און נידעריקער און אין קלאַסן. ס'איז געווען איינגעאָרדנט אַ גאַנץ פיין אַנטוויקלטע אינדוסטריע, אין וועלכער די אַרעסטאַנטן האָבן געאַרבעט, אויך האַנדל, וואָס די פאַרברעכער האָבן געפירט. אַ טייל פון דער אויסאַרבעטונג איז געווען פאַרן געברויך פון דער טורמע און אַ טייל איז אַרויספאַרקויפט געוואָרן, וואָס האָט געהאַט די באַדייטונג פון אויסלענדישן האַנדל. שוחד איז דאָ אָנגעגאַנגען ווי אין דרויסן. די קלאַסן זענען געווען צעטיילט אין גאָר הויכע און אין אַ גאַנץ נידעריקע, מיט ראַנגען און יחוס. אַלע אייגנשאַפטן, וואָס איינער (אָדער איינע) האָט געהאַט אויף דער פריי, האָט ער (אָדער זי) געהאַט אויך דאָ, און זיך באַנומען לויט די איינגעבוירענע אייגנשאַפטן: געווען שלעכט אָדער גוט, עניוותדיק אָדער גאווהדיק, קריכעריש אָדער שטאָלץ, איידל אָדער נידעריק, עגאָיִסטיש אָדער אַלטרויִסטיש, פחדנותדיק אָדער העלדיש. די־

פלאַמאַטיש אָדער אָפן, נאָכגיביק אָדער איינגעעקשנט, רכילותדיק, טומלדיק, פלוישנדיק, זיך באַרימענדיק, מאַטלענדיק, אָדער דיסקרעט, שטיל, צוריקגעצויגן, פאַרשוויגן אאַז״ו. ס׳זענען געווען צווישן די אַרעסטאַנטן אַזעלכע, וועלכע האָבן נישט געזען קיין שום חילוק צווישן דרויסן און דער טורמע. זיי האָבן געלאַכט פון פרייהייט און געפרעגט: „ווער איז אויף דער פריי דען באמת פריי?״...

די דאָזיקע אַרעסטאַנטן זענען אין דער תפיסה געווען מיט אַלץ צופרידן. נאַטירלעך זענען דאָס נישט געווען קיין פּאָליטישע. אָבער ס׳זענען געווען צווישן זיי גאַנץ אינטעליגענטע. זייער מיינונג איז געווען, אַז פרייהייט איז בכלל נישט אַזאַ גרויסע מציאה פאַרן מענטש, אַז אַ מענטש קאָן גאָרנישט זיין פריי, אַז ער מוז איבער זיך האָבן וועמען אָדער עפּעס: אַ מענטשלעכע אויטאָריטעט, וואָס רעגולירט זיין טאָן און אויפפירונג, וואָס רעגולירט זיין גייסט און זיין נשמה, אָדער די גייסטיקע אויטאָריטעט, וואָס איז פאַרהוילן פאַרן מענטשלעכן אויג, אָבער זי איז דאָ, כאָטש די אַטעיִסטן גלייבן, אַז זיי זענען זעלבסטשטענדיק. בלויז די חיה איז אין אַ געוויסער מאָס פריי, ד. ה. מער ווי דער מענטש. (אָן אויטאָריטעט וואָלט דער מענטש געווען אַזוי אומגליקלעך, אַז ער וואָלט נישט געוואָלט לעבן, און ער וואָלט געוואָרן ערגער ווי די ערגסטע חיה).

בלויז אין צוויי פּונקטן איז די דאָזיקע פאַרביינער פון פרייהייט אין דער ערשטער צייט אויסגעקומען צו ליידן אין דער תפיסה: זיי האָבן נישט געקאָנט שטילן זייער סעקסועלן הונגער און די לוסט נאָך סענסאַציע. שפּעטער אָבער האָט זייער נאַטור פאַר דאָס ערשטע געפונען אַן אויסוועג און פאַר דאָס צווייטע האָבן זיי אָנגעהויבן באַקומען גענוג נאַרונג. די פּאָליטישע האָבן דערקלערט אַ הונגערשטרייק און אַרויסגעשטעלט אַכט פאָדערונגען: 1) נישט זיצן צוזאַמען מיט קרימינעלע פאַרברעכער; 2) אויך אויפן שפּאַציר זאָלן זיי זיין אָפּגעזונדערט פון די דאָזיקע עלעמענטן און מעגן רעדן צווישן זיך; 3) די זעונגען מיט די נאָענטע זאָלן פאָרקומען אין זייערע צעלן אָדער אין אַ זאַל, אָבער נישט דורך גראַטעס צעטיילט; 4) דאָס רעכט צו ווייַלן צווישן זיך אַן אייגענע פאַרוואַלטונג; 5) בעסער עסן און שעניקעס און בעטוועש; 6) צולאָזן קאָנסערוון און קאָנדענסירטע מילך; 7) צוויילן די אויספאָרשונג; 8) מענטשלעכע באַהאַנדלונג. עלף טעג האָבן די פּאָליטישע געפאַסט. דאַן האָט מען זיי געצוווּנגען צו עסן. די וועכטער האָבן יעדן פון זיי געבונדן די הענט אויפן רוקן, איין וועכטער האָט זיך אַרויפגעזעצט אויף די פיס, אַ צווייטער אויפן בויך, אַ דריטער האָט געהאַלטן דעם קאָפּ און אַ פערטער האָט דאָס עסן אַריינגעגאָסן אין מויל. אַלס צושפּייזע האָט דער אומגליקלעכער (אָדער אומגליקלעכע) באַקומען געזונטע קלעפּ מיט דער פויסט און מיטן שטיוול.

אַן אַנדערש מאָל האָבן די פּאָליטישע געמאַכט אַן אויפשטאַנד: זיי האָבן גענומען קלאַפּן אין די טירן פון זייערע קאַמערן, געזונגען „טשערוואָני שטאַנדאַר״, דעם „אינטערנאַציאָנאַל״ און אַנדערע רעוואָלוציאָנערע לידער. די וועכטערס האָבן דאַן געמאַכט אַ פּאָגראָם אויף זיי: געשלאָגן און געממיתט. די גע־

שרייען און געוואַלדן פון די געשלאָגענע האָט מען דאַן געהערט אין די גאַסן פון אַלע פיר זייטן אַרום דעם „פּאַוויאַק". די דורכגייענדיקע מענטשן זענען שטיין געבליבן, האָבן זיך גענומען זאַמלען. איז אַרויסגערופן געוואָרן רייטער־פּאָליציי און זי האָט געוויזן וואָס זי קאָן...

דאָס איז געווען גענוג מאַטעריאַל פאַר די וואָס האָבן געלעכצט נאָך סענ־סאַציעס. אָבער זיי האָבן באַקומען נאָך מער און נאָך מער קיצלדיקן מאַטער־יאַל: דאָס פאַרגוואַלדעווען פּאָליטישע אַרעסטאַנטקעס. די סענסאַציע דורשטיקע זענען געוואָר געוואָרן אַפילו די פּרטים: וועלכע מ'האָט פאַרגוואַלדיקט, ווער ס'זענען געווען די „גליקלעכע" (די פאַרגוואַלדער). טייל מאָל זענען זיי אַפילו געוואָר געוואָרן אין פאָרויס ווען דאָס וועט געשען און ווער ס'וועט זיין דער קרבן. אַזוי זענען זיי געוואָר געוואָרן (איינער דעם אַנדערן האָט דערציילט בסוד סודות): היינט ביי נאַכט וועט די נייע גענומען ווערן צו דער „חופּה". ווי זי הייסט ווייסט מען נישט; מ'רופט זי די חברטע זאַשאַ. אַ רויטע. נאָך אַ יונגע: עטלעכע און צוואַנציק. אַ שיינע, אַ זאַפּטיקע, אַ פלאַם. דער גליקלע־כער? — נו, ער אַליין... אַזאַ ביסן איז פאַר אים...

3

די חברטע זאַשאַ האָט אייגנטלעך ביי דער אויספאָרשונג אַלץ שוין געהאַט געזאָגט. אַן שהיות האָט זי זיך מודה געווען: „איך בין אַ קאָמוניסטקע, טעטיק אין דער באַוועגונג פון נאָך דער מלחמה אָן, ווען כ'האָב איינגעזען, אַז די פּ. פּ. ס. האָט פּונקט ווי די דייטשע סאָציאַלדעמאָקראַטיע פאַרראַטן די סאָציאַ־ליסטישע אידעע, דעם פּראָלעטאַריאַט און די פּויערן".

דער אויספאָרשער, וועלכער האָט זי אויסגעפרעגט, האָט זיך נישט באַנוצט מיט קיין שום טריק און אַפילו נישט מיט קיין ביטרעקייט. זיין מיינונג איז גע־ווען, אַז אַ פּאָליטישער פאַלט אויף די אַלע „קלוגהייטן" פון די „שליעדצעס" נישט אַריין. ער האָט ביים אויספאָרשן אַ פּאָליטישן גערעדט מיט אים (אָדער מיט איר) ערלעך און זיך חבריש און זיך באַמיט איבערצוציגן. „זעט, חברטע זאַשאַ", האָט ער צו איר געזאָגט, „זעט ווי פאַרבלענדט איר זענט! אַפילו אייער גרויסע אינטעליגענץ העלפט אייך נישט צו קאָנען זען, אַז אין רוסלאַנד הערשט די זעלבע דעספּאָטיע ווי אין די צאַרישע צייטן, אָדער ריכטיקער: נאָך אַן ערגערע. די באָלשעוויקעס וואָלטן איבער אונדזער פאָטערלאַנד געהערשט ווי ס'האָבן גע־הערשט די צאַרן. באַווייז? — אוקראַינע און די אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן, איבער וועלכע מאָסקווע הערשט. געוויס, פאַר דער וועלט הייסט עס, אַז אַלע פעלקער זענען אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד פולשטענדיק פריי; אָבער זיי זענען פּונקט אַזוי פריי ווי די אַרעסטאַנטן אין אונדזערע תפיסות. און וואָס שייכות סאָציאַליזם" —

נאָר די חברטע זאַשאַ האָט אים אָפּגעשטעלט מיט אירס אַ סאַרקאַסטישן בליק. דאַן האָט זי אים געזאָגט: „פּאַניע שליעדצאָ! פאַר אַלעם וויל איך אייך בעטן, מיך נישט צו רופן חברטע, ווייל, ווי איך האָב אייך געזאָגט, געהער

איך שוין לאַנג נישט צו אייער פּאַרטיי. איך בין אַצינד אייערס אַ פּאָליטישע אַרעסטאַנטקע. אייער מיטל, דורך חברישע ריידעלעך אַרויסצוקריגן וואָס איר ווילט, וועט אייך נישט העלפן, פּונקט ווי ס׳העלפן נישט אייערע קאָלעגעס זייערע מיטלען. אין גאַס איז באַקאַנט אייער מעטאָדע פון אויספאָרשן. אייגנטלעך נישט קיין אָריגינעלע, ס׳איז די סאָציאַלדעמאָקראַטישע מעטאָדע: צו רעדן סאָציאַ־ליסטיש ביים פאַרראַטן דעם סאָציאַליזם. איך האָב אַלץ געזאָגט, פּאַניע שליעדצאַ, אַלץ וואָס איר ברויכט, כדי דאָס געריכט זאָל מיך קאָנען פאַרמשפּטן אויף צען יאָר אָדער מער. נעמען פון חברים וועל איך נישט אַרויסגעבן, ווייל איך בין נישט קיין פאַררעטערין. וואָלט איך דאָס יאָ געווען — וואָלט איך ווייטער געהערט צו דער זעלבער פּאַרטיי אין וועלכער איך בין אַריינגעטראָטן ווען איך בין נאָך געווען אַ גאַנץ יונגעטשקע גימנאַזיסטקע, און וואָלט אַצינד געווען אייערס אַ חברטע און נישט אייערס אַ פּאָליטישע אַרעסטאַנטקע. איך וואָלט מסתמא אַצינד, ווי איר, געהאַט אַ גוטע רעגירונגס־שטעלע, ווייל אין אינטעליגענץ... נו, איך בלייבן אַצינד איבער בלויז נאָך די אינקוויזיטאָרישע מעטאָדן, מאָדערניזירט לויטן וויסן פונעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט און אָנגעווענדט פון „סאָציאַליסטן״ צו סאָציאַליסטן אין אַ „דעמאָקראַטיש״ לאַנד. אָבער אויך די לעצטע מיטלען וועלן אייך נישט העלפן״.

און ס׳האָבן אים נישט געהאָלפן קיין פּייניקן און מאַטערן: ער האָט קיין נעמען פון חברים פון איר נישט אַרויסבאַקומען.

אַן אַנדערש מאָל, אַרום איינס ביי נאַכט האָבן צוויי געהיים־אַגענטן אויפ־געוועקט די חברטע זאָשאַ פון שלאָף און זי אַוועקגעפירט. זי האָט געפרעגט: „וואָהין?״

איינער האָט געענטפערט: „נישט צו דער תליה״.

„דאָס ווייס איך״. זי האָט געשפּאַסט: „יעדנפאַלס נישט אָן אַ משפּט״...

דער צווייטער האָט איר פאַרזיכערט: „געוויס נישט״.

„ווידער צום שליעדצע?״

„דאָס וועט די פּאַניענקע שוין זען״...

דער חברטע זאָשאַ איז דורכגעלאָפן אַ קעלט איבערן לייב: עפּעס האָט זי געעאַנט, זיך אַנגעשטויסן גייענדיק צווישן די צוויי פאַרשוינען דורך טונקעלע, געדרייטע קאָרידאָרן. באַלד האָט זי מיט ענטזעצן זיך איבערצייגט, אַז דאָס וואָס זי האָט געאַנט, איז ריכטיק. די צוויי האָבן געעפנט אַ טיר, זי אַריינגעשטופּט אין אַ צימער און די טיר הינטער איר צוגעמאַכט. דאָס צימער איז נישט געווען צו העל באַלויכטן. אויף אַ קליינעם שרייבטיש איז געשטאַנען אַ לאָמפּ מיט אַ טונקל־גרויען אַבאַזשור. דער שרייבטיש און דער מענטש אויפן שטול זענען געווען גענוג באַלויכטן. אויף דער וואַנט, נישט ווייט פונעם טישל, איז געהאָנגען אַ מאַנטל, אַ היטל און אַ שווערד.

די חברטע זאָשאַ האָט גלייך דערקענט דעם יונגן גראַף קאָטאָווסקי, דעם שעף פון דער פּאָליטישער פּאָליציי. ער איז געזעסן זייטיק, נישט פון דער אַנ־

דערער, נאָר פון דער זייט שרייבטיש, קעגנאיבער דער טיר, באַלויכטן פון פּראָ־
פיל. געווינט צו פאַרשידענע סיטואַציעס, אַפילו געפערלעכע, איז די חברטע
זאָשאַ נישט געווען קיין שרעקעוודיקע, נאָר פונקט פאַרקערט: אַ גאַנץ מוטיקע.
און דאָך, ביים דערזען דאָס מגושמדיק־ברייטע פּנים מיט די קאַרבן פון שווערדנ־
שניטן און די געוואַלדיק גרויסע הענט אַרויפגעלייגט אויף די קני־ען זיינע, האָט
עס איר געטאָן אַזאַ זעץ אין האַרץ, אַז זי האָט זיך אַזש אָנגעהויבן וואַקלען און
נישט געקאָנט מאַכן קיין איין טראָט ווייטער. זי איז שטיין געבליבן ביי דער
שוועל פון דער טיר.

נישט ענדערנדיק זיין פּאָזע, האָט דער גראַף, אַ פּינצטערער און גלייכגיל־
טיקער, גערופן מיט זיין דומף באַסאָווע קול: „אַ ביסל נענטער אַהער! נאָך
נענטער!"

פון אונטערן שרייבטיש איז געקומען אַ ברום פון אַ הונט.

די חברטע זאָשאַ האָט זיך ווידער דערשראָקן, אָבער נישט אַזוי שטאַרק ווי
פריִער ביים דערזען דעם שעף פון דער דעפענסיווע. דאָך, ווען זי האָט דערזען
די איינגעפּלאַטשטע מאָרדע פונעם פיר קאַנטיקן קאָפּ מיט די קיילעכדיקע, אַרויס־
קוועלנדיקע, גערויטלטע אויגן פונעם בולדאָג — אַ וויסט פאַרזעעניש פון אַ חיה,
וואָס איז מער מאָנסטער ווי הונט — האָט זי זיך גענומען רוקן צוריק צו
דער טיר.

„וואָהין גייסטו?" קאַלט און געשפּענצטיש האָט דער פּאָליציי־שעף גע־
פרעגט דער אַרעסטירטער און דעם הונט באַפוילן: „שווייג, אייגער!" ער האָט
דעם הונט גערופן מיטן שווערס פאַמיליענאָמען. גלייכגילטיק האָט ער געפרעגט
די אַריינגעבראַכטע: „ווי הייסטו?"

זי האָט נישט געענטפערט.

שטאָט צו העכערן די שטימע האָט ער געפרעגט נאָך שטילער, וואָס האָט
אויף דער חברטע זאָשאַ געווירקט ווי די שטילקייט פון שווערע, שוואַרצע וואָלקן
איבערן הימל פאַר אַ שטורעם: „ווי הייסטו?"

„איך בין נישט אייער דוצדאַמע!"

ער האָט אַ פינצטערן שמייכל געטאָן, פון וועלכן דער חברטע זאָשאַ איז
דורכגעגאַנגען אַ סקרוך איבער דער הויט: „הם... ווי הייסט די פּאַניענקאַ?"...

„זאָשאַ ביעליצקאַ".

„ווי אַלט?"

„25".

„מיט וויפל מענער?... אָדער גאָר אַ בתולה?"... אָפּוואַרטנדיק אפשר פינף
מינוטן און נישט קריגנדיק קיין ענטפער, האָט ער זיך געווענדט צום הונט:
„אייגער! טו אַ שמעק צו איר, אויב זי איז אַ בתולה אָדער אַ הור".

גאַנץ שטיל, נישט איילנדיק זיך און נישט אויפגערעגט, ווי ער וואָלט אין
אַלץ נאָכגעטאָן דעם באַלעבאָס, איז דער הונט צוגעגאַנגען צום מיידל און גע־
נומען אַרומניוכען. זאָשאַ האָט אַ קוויטשע געטאָן און זיך ווידער גענומען רוקן

צו דער טיר; אָבער זי איז באַלד צוריק שטיין געבליבן. זי האָט געציטערט און מיט אַלע כוחות זיך באַמיט צו שווייגן.

דער גראַף האָט גערעדט צום הונט: „טו איר גאָרנישט, אייגער! און דו קוויטשע נישט און ריר דיך נישט פון אָרט, אויב דו ווילסט בלייבן ביי דיינע לידקעס! לייג דיך צוריק, אייגער! נו, ווייז נאָר די לידקעס! הייב אויף אַ פוס!״ ער האָט זיך איינגעבויגן און אָנגעטאַפּט אירס אַ פוס: „נישקשה פון אַ לידקע... דו זאָלסט ליבערשט פאָלגן. זיי נישט איינגעשפּאַרט און גיב אַרויס די נעמען פון די ,רויטע חברים׳, וועלכע דו קענסט!״ ער, האָט ווידער אָפּגעוואַרט פינף מינוטן און דאַן געפרעגט: „דו ווילסט נישט? שטאַרקער כאַראַקטער״... ער האָט זי אַ צי געטאָן צו זיך און מיטן ווייזפינגער פון דער רעכטער האַנט אונ־טערגעהויבן איר קין: „קוק אויף מיר! קוק מיר צוויי מינוטן גלייך אין די אויגן אַריין, אָבער רויק — וועלעך וויסן, אַז דו ביסט אַ שטאַרקע. זעסט, אַז דו קאָנסט נישט... טו אויס די בלוזקע! די בריסטן שטייען ביי דיר ווי דו וואָלסט באמת נאָך געווען אַ בתולה... און ווי גרויס זיי זענען... שפּאָרן זיך דורך דער בלוזקע... אַ נו, טו זיך אויס!״ ער האָט אַ ריס געטאָן פון איר די בלוזקע. זי האָט אים דערלאַנגט אַ פּאַטש. ער האָט זיך צעהירזשעט מיט גרויס הנאה: „דאָס האָב איך ליב״...

מיט ביידע הענט צוזאַמענצוּעניק ס׳העמד און פאַרשטעלנדיק זיך ווי ווייט מעגלעך די בריסטן, האָט די חברטע זאָשאַ געוואָרנט: „איך וועל מיך ווערן מיט אַלע כוחות און אַלע מיטלען, ביז איינער פון אונדז ביידן וועט זיין טויט! איך וועל אַזוי שרייען, אַז די גאַנצע טורמע וועט וואַך ווערן! ווי קאָנט איר דאָס וועלן טאָן מיט איינער, וועלכע פאַראַכטעט אייך מיט דער גאַנצער קראַפט פון איר נשמה, מיט יעדן טראָפּן בלוט פון איר קערפּער? צו אייער הונט, וועלכער איז מיר שרעקלעך, ווייל ער איז אייערער און ווייל ער זעט אויס ווי אַ מאָנס־טער, פיל איך נישט אַזאַ עקל און פאַראַכטונג ווי איך פיל צו אייך, הער שעף פון דער פּאָליטישער פּאָליציי, טיגער פון מיין טייער אָרעם פאָטערלאַנד, טכור־יאַזש, וואָס שטיקט מייןליידנד פויליש פאָלק!״

דער גראַף האָט געהירזשעט, אָבער מיט אַרויסגעבאַלעמטע, בלוטפאַרלאָפענע אויגן איצט, ווי ביים הונט זיינעם און גרייט צום שפּרונג: „כרע־כרע־כרע... דאָס געפעלט מיר גאָר... וועסט דיך ווערן... ס׳וועט אָבער קיינער נישט זיין טויט״... ער האָט זי אַ פּאַק געטאָן מיט זיינע צוויי גרויסע הענט און זי צוגעטראָגן צו דער זאָפאַ, וואָס איז געשטאַנען אין אַ ווינקל אינעם הינטערגרונט. זי האָט גע־וואָרפן מיט די פיס איבערן גאַנצן וועג, געוואָלט טרעפן אינעם באַזונדערס עמפינדלעכן אָרט ביים מאַן, אָדער כאָטש אין בויך אַריין; אָבער ער האָט זי געהאַלטן אַ ביסל זייטיק און ווייט פון זיך. ער האָט זי אַ וואָרף געטאָן אויפן זאָפאַ און אַ רוף געטאָן דעם הונט: „אייגער!״ צוזאַמען מיטן הונט האָט ער זיך אַרויפגעוואָרפן אויף זיין קרבן און געטאָן דאָס אייגענע, וואָס דער הונט האָט געטאָן: געביסן — — —

די חברטע זאָשאַ האָט געקאָנט אויספירן בלויז דעם לעצטן טייל פון איר דראָונג: האָט געשריגן, אַז די גאַנצע טורמע איז אויפגעקומען.

4

נאָך אַ צווייטער, אַ סך שטרענגערער אויספאָרשונג ווי די ערשטע — מ׳האָט אים דאַביי געשלאָגן — האָט בנימין שוין קלאָר געוווּסט, אַז ער ווערט באַשולדיקט אין דערשיסן דעם דוד סאַראָקע, וועלכער איז טאַקע געווען אַ „שפּיצעל״. אָבער ער האָט נישט געקאָנט באַגרייפן, ווי מ׳קאָן אים אין אַזעלכעס באַשולדיקן! ווי איז עס מעגלעך? — דוד האָט דאָך אים אַליין געגעבן דעם רעוואָלווער! ווי אַזוי זענען פון דעם רעוואָלווער געווען אויסגעשאָסן פיר קוילן? ער — דאָס האָט ער זיך דערנאָך דערמאָנט — האָט דעם רעוואָלווער אַפילו נישט אָנגערירט. דוד האָט אים דעם רעוואָלווער אַריינגעלייגט אין קעשענע אין דער לעצטער רגע. אין לייען־צימער פון דער ביבליאָטעק האָט ער אים צוגעזאָגט צו לערנען שיסן; אָבער ער האָט דאָס נישט געטאָן. „איך קאָן דאָך גאָרנישט שיסן, איך ווייס דאָך נישט ווי אַזוי מ׳שיסט!״ אין זיין פאַרצווייפלונג און נאַיוויטעט האָט בנימין דאָס געהאַלטן פאַרן שטאַרקסטן באַווייז, וואָס ער וועט אָנגעבן ביים פּראָצעס. און נאָך עפּעס, וואָס ער האָט נישט געקאָנט משיג זיין: „גוט, דוד איז טאַקע געווען אַ שפּיאָן; אָבער ער האָט דאָך נישט שפּיאָנירט ביי דער פּאַרטיי, פון וועלכער איך בין אַ מיטגליד, ווייל די דאָזיקע פּאַרטיי איז דאָך לעגאַל און שטיצט די רעגירונג. ער האָט אַוודאי שפּיאָנירט ביי די קאָמוניסטן. קאָן דאָך נאָר אַ קאָמוניסט אים האָבן דערשאָסן. איך בין דאָך נישט קיין קאָמוניסט, דאָס קאָן מען דאָך פעסטשטעלן״. ער איז דעריבער געווען זיכער אַצינד, אַז זיין פּאַרטיי וועט אים באַפרייען.

אָבער ס׳איז אַוועק אַ טאָג נאָך אַ טאָג און ס׳האָט זיך גאָרנישט געענדערט. און אַזוי לאַנג ווי די אויספאָרשונג איז נישט געענדיקט — דאָס האָט בנימין געוווּסט — בלייבט ער אין דער איינצל־קאַמער, מ׳קאָן אים נישט באַזוכן, ער טאָר נישט שרייבן און קאָן נישט קריגן קיין בריוו. מ׳האָט ביי אים אַלץ אַוועקגענומען; אַפילו דאָס נאָזטיכל. מ׳האָט אים צוגענומען די שעלקעס און די הויזן פאַלן אים אַראָפּ. ער איז אַ סך דאַרער געוואָרן. ווי לאַנג קאָן עס נאָך געדויערן? דער „שליעדצע״ האָט אים געזאָגט: „זיי דיך מודה, אַז דו ביסט אַ קאָמוניסט און אַז דו האָסט דערשאָסן דוד סאַראָקע! זיי דיך מודה פון וועלכע חברים דו האָסט באַקומען דעם אויפטראַג דעם שפּיאָן צו דערשיסן! אויב נישט, וועט מען דיך נעמען אין דער ,אַרבעט אַריין׳, און״...

ער האָט נישט פאַרגעסן די זעקס פאַרשוינען ביי דער ערשטער אויספאָרשונג, די מאַטער־אינסטרומענטן, וואָס זיי האָבן אים געוויזן. די דאָזיקע שרעקלעכע זאַכן האָט ער נישט אויפגעהערט צו זען פאַר זיך: דעם שרובשטיק, די גומענע קישקע, דאָס שטיק אייזן, דעם לעדערנעם שטעקן מיט שטאָל אינעווייניק, דעם עמער השתנה. כמעט יעדע נאַכט האָט ער געחלומט, אַז מ׳שלאָגט

אים, מ׳פייניקט אים. דער „שליעדצע״ האָט אים געזאָגט, אַז אויב ער וועט זיך מודה זיין, וועט ער נישט קריגן קיין גרויסע שטראָף, מ׳וועט אים אפשר גאָר אין גאַנצן באַפרייען, ווייל ער איז מינדעריעריק. אָבער וואָס הייסט: מודה זיין? — דאָס הייסט: זאָגן ליגנט. דאָס וועט ער נישט טאָן, אַפילו ווען מ׳זאָל אים גלייך באַפרייען! ער וועט נישט זאָגן קיין ליגנט, אַפילו ווען מען זאָל אים דערהרגענען!

כמעט יעדע נאַכט האָט ער געשריגן אין שלאָף. אַפילו ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט האָט ער נאָך אַלץ געשריגן, ווייל ס׳האָט זיך אים נאָך אַלץ גע־דוכטן — און געפילט — אַז ס׳טוט אים וויי פון די קלעפּ, וואָס ער האָט באַ־קומען. זיינע גרויסע אויגן, אויפגעריסן, האָבן דערשראָקן געקוקט אין דער פינצטערניש פון דער צעל. דאָס האַרץ האָט שטאַרק און שנעל געקלאַפּט אין אים, אין מויל און אין קעל איז אים געווען זייער טרוקן. ס׳איז אים באַפאַלן אַ געפיל פון אַן אומבאַהאָלפנקייט, ווי ער וואָלט געווען אַ קליין קינד. ער האָט געוואָלט זיך טוליען צו דער מאַמען, ער האָט געוואָלט, אַז זי זאָל אים נעמען אין אירע אָרעמס, אים באַשיצן און באַרויקן. ס׳האַרץ האָט געוויינט אין אים, זיין נשמה האָט גערופן: „מאַמע... מאַמע״... אין דעם מאָמענט האָט ער זיך דערמאָנט, אַז די מוטער איז קראַנק, אַז ער האָט זי איבערגעלאָזט אין דער היים גאַנץ אַליין. ווער גיט איר עפּעס אין בעט אַריין?

ער האָט זיך געמאַטערט גרויסע זאָרגן וועגן דער מוטער, וועגן דעם, וואָס זי ליידט, ווייל מ׳האָט אים אַרעסטירט. ס׳געוויסן האָט אים געפייניקט וועגן דעם וואָס ער האָט דער מאַמען פאַרשאַפט ליידן. פּלוצעם איז אים גאָר איינגעפאַלן, אַז די מוטער איז געשטאָרבן. דאַביי האָט ער זיך דערמאָנט אין יענעם שבת ווען דער פאָטער איז געשטאָרבן. האָט ער איצט שוין געזען אין זיין פאָר־שטעלונג די מאַמען צוזאַמען מיטן טאַטן, און דאָס איז פאַר אים געווען אַ באַ־וויַז, אַז זי איז געשטאָרבן. דאָס האָט ביי אים אַרויסגערופן זייער טרויעריקע געדאַנקען — און אַ מין איבערלעבונג — אַז מיט אים האַלט עס שלעכט: מ׳וועט אים דאָ דערהרגענען, אָדער מ׳וועט אים פאַרמשפּטן צום טויט, כאָטש ער איז אומשולדיק. אַז מען דערהרגעט פּאָליטישע אין די טורמעס — וועגן דעם האָט ער געלייענט. ער האָט אויך געלייענט — און געהערט דערציילן — אַז ס׳קומט פאָר, מ׳פאַרמשפּט איינעם וואָס איז אין גאַנצן אומשולדיק. נו, האָט ער אָנגעהויבן זעען סימנים, אַז מ׳וועט אים דערהרגענען אין טורמע אָדער פאַרמשפּטן צום טויט — אין אַלעם, באַזונדערס אין דעם, וואָס די שטשורעס זענען געוואָרן אַזוי נאָענט מיט אים: זיי האָבן קיין שום מורא נישט מער פאַר אים, זיי רייסן אים דאָס ברויט פון דער האַנט אַרויס, זיי שפּרינגען אויף אים אַרום ווען ער שלאָפט...

5

יעדן טאָג, אויף דער נאַרע, איידער ער איז איינגעשלאָפן, האָט ער נישט

אויפגעהערט זיך צו שרעקן, אַז אַט, אַט קומט מען ווידער נאָך אים און ווידער וועט מען אים נעמען אויפן פּאַרהער. וועגן דער שרעק האָט עס לאַנג געדויערט ביי אים ביז ער איז איינגעשלאָפן. און אַז ער איז שוין געשלאָפן — האָט ער זיך אויפגעכאַפּט מיט נאָך אַ גרעסערער שרעק ווי פאַרן איינשלאָפן. ווען ער פלעגט לייענען — איידער מ׳האָט אים אַרעסטירט — ווי מ׳פּייניקט די פּאָליטישע אין די טורמעס, האָט ער נישט געגלייבט. ער האָט דאַביי שטענדיק געטראַכט: „דאָס קאָן דאָך אַ מענטש גאָרנישט אויסהאַלטן". פלעגט ער דעריבער אָננעמען, אַז דאָס אַלץ וואָס די צייטונגען שרייבן — די סאָציאַליסטישע, צומיינסטן די קאָמוניסטישע — איז מסתמא נישט אין גאַנצן אמת. ס׳איז אפשר בלויז פּראָ־פּאַגאַנדע. אמת, יעקב האָט אים נאָך דער באַפרייונג פון „פּאַוויאַק" — חדשים שפּעטער, אַז ער האָט אים נישט אָפּגעלאָזט — דערציילט גענוג שוידערלעכעס, וואָס ער האָט געליטן אין דעם קנאַפּן יאָר, וואָס ער איז געזעסן. און געוווּסט האָט בנימין, אַז יעקב זאָגט נישט קיין ליגנט, און אַז דערציילט האָט ער בלויז אַ קליינעם טייל פון דעם, וואָס ער האָט געליטן, פון די אַלע פּייניקונגען און מאַטערונגען. און דאָך האָט בנימין נישט געגלייבט, ווייל ער האָט זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז אַ מענטש קאָן זיין אַזוי גרויזאַם, ער זאָל אַזוי פּייניקן און מאַטערן אַ צווייטן. ער האָט געלייענט אין דער יידישער געשיכטע, ווי די אינקוויזיטאָרן האָבן געפּייניקט און פאַרברענט לעבעדיקערהייט טויזנטער און טויזנטער יידן, ער האָט געלייענט ווי תלינים האָבן יידן (און אויך נישט יידן) אָפּגעשינדן די הויט ווען זיי האָבן געלעבט, ווי מ׳האָט מיט אייזערנע קאַמען געריסן דאָס פלייש פון לעבעדיקע מענטשן, ווי די רוימער האָבן געפאַנגענע אַריינגעוואָרפן אין שטייגן צו די לייבן און טיגערס, זיי זאָלן די מענטשן צעררייסן לעבעדיקערהייט און אויפפרעסן, און דער עולם אין צירק איז דערפון אַריין אין ווילדער התפעלות; ער האָט געלייענט ווי מ׳האָט מענטשן אַרויפגעזעצט אויף שפּיציקע פלאָקנס און זיי האָבן זיך שרעקלעך געמאַטערט ביז זיי זענען אויס־געגאַנגען, אַז מ׳האָט מענטשן געקרייציקט, געפירטלט, באַגראָבן לעבעדיקערהייט; אַז מ׳האָט אין פּאָגראָמען אויפגעשניטן בייכער פון יידישע שוואַנגערע פרויען, אַרויסגענומען דאָס קינד און איינגענייט אַ לעבעדיקע קאַץ, אַז מ׳האָט ביי פרויען אָפּגעשניטן די בריסטן, קינדער האָט מען צעשמעטערט די קעפּלעך אָן אַ וואַנט. יאָ, ער האָט דאָס אַלץ געלייענט. אָבער דאָס קליינע, דאַרע יינגל, מיט די גרויסע, טרויעריקע און טרוימערישע אויגן, האָט זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז אַ מענטש קאָן אַזעלכעס טאָן. ער האָט דעריבער גערעכנט, אַז די זעקס פאַר־שוינען מיט די מאַטער־אינסטרומענטן ביי דער ערשטער אויספאָרשונג איז גע־ווען בלויז אַ מיטל אים צו שרעקן.

ניין, ער האָט נישט געוואָלט גלייבן, אַז דער מענטש קאָן זיין גרויזאַמער און בעסטיאַלישער פון דער ערגסטער בעסטיע. אָבער די געשרייען און די גע־וואַלדן און דאָס קלאַפּן אין די טירן פון די צעלן, וואָס האָבן אים שוין נישט איין מאָל אויפגעוועקט פון שלאָף, האָבן זיין גלייבן דערשיטערט. צו ערשט

האָט ער זיך בלויז אָנגעשטויסן און אינסטינקטיוו באַנומען וואָס די גרוילנדיקע געשרייען פון די אַרעסטאַנטן אין מיטן דער נאַכט באַטייטן; דאַן אָבער, ווען דאָס זעלבע האָט זיך אין אַן אַנדערער נאַכט איבערגעחזרט, האָט ער שוין קלאָר געוווסט: מ׳שלאָגט פּאָליטישע אַרעסטאַנטן. (ס׳איז געווען אָפּגעמאַכט צווישן די פּאָליטישע, אַז אויב ס׳וועט ווער דערהערן אין זיין קאַמער עפּעס אַ געשריי פון ערגעץ, אַפילו אַ שטילן, אַ דערשטיקטן געשריי, זאָל ער, אָדער זי, גלייך מאַכן אַ געוואַלד און קלאַפּן אין דער טיר און שרייען: „מ׳שלאָגט!״ פאַרשטייט זיך, אַז די וועכטער האָבן זיך שטענדיק גלייך אַ לאָז געטאָן צו די שרייענדיקע און קלאַפּנדיקע אין די צעלן און זיי געשלאָגן מכות רצח. אָבער דערפון זענען די געשרייען און די געוואַלדן און דאָס קלאַפּן אין די טירן געוואָרן העכער).

אַ סך נעכט איז בנימין אַצינד געלעגן אין גאַנצן וואַך אויף זיין נאַרע. ער האָט מער נישט געקאָנט איינשלאָפן און נאָר געוואַרט אויף די געשרייען און די געוואַלדן און דאָס קלאַפּן אין די טירן. קוים איינגעשלאָפן — האָט ער זיך אויפגעכאַפּט, גענומען שרייען, איז צו צו דער טיר און גענומען קלאַפּן אין איר, הגם אין דער טורמע איז געווען שטיל. זיין שרעקן זיך איז געוואָרן אַלץ גרעסער און גרעסער, אַזוי, אַז ער האָט זיך אָפּט צעוויינט ווי אַ קליין קינד, וואָס ווערט אין פינצטערניש, אָדער אַפילו בלויז אין טונקלקייט, פאַרפאַלגט פון מורא. ער האָט אין זיין פּחד זיך געקלאַמערט צו דער מוטער, צו פייגעלען און צו יעקבן. נאָך פייגעלען האָט ער גאָר שטאַרק געבענקט.

6

אין אַ נאַכט, ווען בנימין איז געווען אין גאַנצן שוין אויסגעמאַטערט פון שרעק און נישט קאָנען שלאָפן, איז ער אַריינגעפאַלן אין אַ טיפן שלאָף גלייך ווי ער האָט זיך אַנידערגעלייגט אויף דער נאַרע. גלייך איז ער געווען מיט פייגעלען אינעם גאָרטן אויף יענעם אָרט ווו ער האָט איר געטאָן דעם ערשטן קוש. אָבער געווען איז דאָרט גאָר אַנדערש ווי דעמאָלט: הויכע בערג, באַ־דעקטע מיט שניי... דאָך האָבן געוואַקסן גרינע ביימער, אָבער גאַנץ אַנדערש, מיט די קעפּ נאָך אונטן, אַן שטאַמען... אויף די ביימער האָבן געוואַקסן קאַרשן, פלוימען און עפּל און פּאָמעראַנצן... פייגעלע האָט אָפּגעריסן אַ פולן פאַדל מיט אויבס... זי האָט אָפּגעשיילט אַ סך פּאָמעראַנצן און זיי אים געשטאָפּט אין מויל אַריין... פלוצעם איז זי גאָר אַליין געוואָרן אַ פּאָמעראַנץ, אַ גאָר גרויסע, און זיך אַליין אָפּגעשיילט... ער האָט זי געוואָלט אָנהייבן עסן... אָבער זי האָט זיך צעלאַכט און איז נישט מער געווען לעם אים... זי האָט אַ נאַקעטע געטאַנצט איבער די ווייסע בערג... אָט אויף איינעם און באַלד אויף אַ צווייטן... ער האָט געכאַפּט אַ בליישטיפט און גענומען זי צייכענען... נאָר אויפן פּאַפּיר איז זי אַראָפּגעקומען אין פאַרבן, אַ שוועבנדיקע מיט צעלאָזטע האָר איבער ווייסע בערג אונטער בלויען הימל... און פלוצעם האָט ער אויפן בילד דערזען אויך די עלטערן: דעם טאַטן און די מאַמען, ביידע גליקלעך, האָבן געהאַט ראַזאַ

באַקן, האָבן זיך געפּרייט... נאָר די פּאַרשנייטע בערג זענען גאָר געווען וואָלקנס... זיי האָבן פּלוצעם געגומען שוועבן... אַלץ העכער... העכער... ער איז געזעסן צווישן די עלטערן... דער הימל איז געוואָרן אַלץ בלויער... די זון אָבער אַלץ קלענער... און ווו איז פייגעלע?... ער האָט זי מער נישט געזען... זי איז גע־בליבן אונטן... ער האָט זי גערופן: „פייגעלע!... פייגעלע!"...

„שריי נישט!" דער וועכטער האָט אים ביי די לאַצן אַראָפּגעריסן פון דער נאַרע און מיט אַ שטויס פון הינטן אים אַרויסגעשטופּט פון דער צעל. אין קאַ־רידאָר האָבן אויף אים געוואַרט צוויי געהיים־אַגענטן. זיי האָבן אים אַוועקגעפירט אין דער קאַנצעלאַריע אַריין ווו מ'האָט אים ווידער אויסגעפרעגט. ס'איז אָבער נישט געווען דער זעלבער „שליעדצע", נאָר אַן אַנדערער, אַ יונגער, אַ שלאַנ־קער, אַ דאַרער, מיט אַ דינער טאַליע ווי אַ מיידל, מיט אַ קלוג פּנים, די בלאָנדע האָר פיין פּאַרקעמט, מיט אַ שרינט אויף לינקס, אַן איידל געפּאַרעמטער קאָפּ. שטייענדיק, האָט ער געבלעטערט זייטלעך פּאַפּיר.

פּאַר בנימינס אויגן איז נאָך געשטאַנען כמעט אַלץ, וואָס ער האָט געזען אין חלום. ער איז געווען צעשראָקן. די גרויסע אויגן אינעם קליינעם, אויסגע־דאַרטן, בלאַסן פּנים, זענען אַציַנד געווען אָנגעפילטע מיט גרענעצלאָזן צער און שרעק. ער האָט געציטערט. אַמשטאַרקסטן האָט איצט געשראָקן די שטילקייט אין דער קאַנצעלאַריע און וואָס דער „שליעדצע" האָט אויף אים אַפילו נישט געוואָרפן קיין בליק, נאָר איז אַלץ אַזוי געשטאַנען אַ פּאַרטיפטער איבער די בלעטלעך פּאַפּיר. ערשט ווען דער אויספאָרשער האָט אויף אים גענומען קוקן, איז פאַרשוווּנדן זיין שרעק. אין זיין קאָפּ איז דורכגעלאָפן: „אַן איידעלער, גוטער מענטש".

מיט ווייכער, מעלאַנכאָלישער שטימע האָט דער „שליעדצע" געפרעגט: „נו, איר האָט אייך שוין איבערגערעכנט? איר ברויכט בלויז אונטערשרייבן דעם פּראָטאָקאָל".

„ווי קאָן איך אונטערשרייבן", האָט בנימין געפרעגט, „אַז איך בין אַ קאָ־מוניסט און האָב דערשאָסן...? אוי!"...

צווישן די פיר ווענט פון דער קאַנצעלאַריע האָט אָפּגעהילכט אַ פּאַטש און דעם יינגלס „אוי". בנימין איז אַ פּאַל געטאָן זייטיק אויפן שרייבטיש. דער שלאַנקער, יונגער אויספאָרשער מיט דער פיינער טאַליע און איידעלן אויסזען האָט דאָס יינגל אָנגעכאַפּט ביי די האָר און אים צוריק אַוועקגעשטעלט גלייך. צישנדיק האָט ער באַפוילן: „שרייב אונטער!"

אין גאַנצן אַ געענדערטער, נישט מער קיין צעשראָקענער, נאָר מיט שטאָל־צער פעסטקייט און זיכערקייט אין זיך, האָט דאָס קליינע, דאַרע יינגל געענט־פערט: „אַזוי לאַנג ווי איך וועל לעבן וועל איך קיין ליגנס נישט זאָגן! איך וועל נישט אונטערשרייבן!"

„כאַ־כאַ!"... דאָס איז געווען אַ נערוועז אויפלאַכן פונעם „שליעדצע". ער האָט אַ דריק געטאָן אויף אַ קנעפּל אינעם שרייבטיש, און צו די צוויי, וואָס

האָבן אַריינגעברענגט דעם אַרעסטירטן און האָבן צוריקגעצויגענע זיך געהאַלטן אין הינטערגרונט, זענען אַריינגעקומען נאָך צוויי. פיר פאַרשוינען האָבן זיך אַוועקגעשטעלט פאַר דעם קליינעם, דאַרן יִנגל. בנימין האָט אויף זיי געקוקט מיט רויִקן בליק. זיי האָבן געוואַרט אויף אַ ווונק פון זייער פאַרגעזעצטן, ווי ס׳וואַרטן הינט אויפן פלייש, וואָס דער באַלעבאָס האַלט פאַר זיי. דער ווונק איז געווען דעם שליעדצעס זיך אַוועקזעצן אויף אַ שטול און פאַררויכערן אַ פּאַפּיראָס.

איינער פון די פיר האָט באַפוילן: „טו דיך אויס!"

בנימין האָט אַ שווייגנדיקער געפאָלגט.

די פיר פאַרשוינען זענען געבליבן אַ ביסל געפּלעפט פאַר דעם צאַרטן, כמעט קינדערישן קערפּער און דאָס פאָלגן, ווי ס׳פאָלגט אַ קינד, וואָס דערוואַרט נישט קיין שום שלעכטס. נאָר דעם שלאַנקן איידעלן אויספאַרשער האָט דאָס דווקא אַריינגעברענגט אין אַ שרעקלעכער רציחה. ער איז אויפגעשפּרונגען. מיט איין שפּרייז איז ער געשטאַנען לעם נאַקעטן יִנגל. זיין דינע נאָז מיט אַ שאַרפן שפּיץ איז געווען בלאַס אַצינד און די סענסיטיווע פליגל האָבן געציטערט. דעם ברענענדיקן פּאַפּיראָס צווישן די נערוועזע, לאַנגע און דינע פינגער. ער האָט אַ צי געטאָן און דעם פּאַפּיראָס מיטן אויפגעפלאַמטן פייערל צוגערוקט צו דער וואָרצל פון בנימינס לינקער ברוסט. ער האָט אַזוי לאַנג געהאַלטן צוגעדריקט דעם פּאַפּיראָס צו דעם וואָרצל ביז דאָס פייערל איז אויסגעגאַנגען.

בנימין האָט געטאָן דאָס, וואָס ער האָט געהאַט באַשלאָסן אין די עטלעכע מינוט אין וועלכע ער האָט געהאַט צייט צום איבערלייגן. אין די עטלעכע מינוטן האָט ער געטראַכט וועגן די קדושים פון אַלע צייטן, וועלכע האָבן איבערגעטראָגן אַלערליי קוועלן ווען מ׳האָט געפּאַלטערט און דערנאָך האָט מען זיי לעבעדי־קערהייט פאַרברענט אויף די „אויטאָדאַפעס". זיי האָבן אַלץ איבערגעטראָגן ביז זיי האָבן אויסגעהויכט די נשמות, שטילערהייט זענען זיי געשטאָרבן מיט „שמע ישראל" אויף די ליפּן. זיי האָבן זיך מקריב געווען אויף קידוש השם. און ער האָט באַשלאָסן: ער וועט נישט וויינען, נישט שרייען. ער וועט בלויז טראַכטן וועגן זיין הייליקן אידעאַל; זאָלן זיי אים פּייניקן, זאָלן זיי אים טוען וואָס זיי ווילן. ער האָט געשוויגן מיט פאַרביסענע ציין, ווען דאָס פייערל פונעם פּאַפּיראָס האָט געסמאַליעט זיין וואָרצל. זיין קערפּער אָבער האָט זיך געבויגן אויף הינטן, האָט קאָנוווּלסיוו געצוקט. אין די אויגן זענען אים דאָך געשטאַנען טרערן. בעת די יסורים האָט אים דער אינסטינקט אונטערגעזאָגט טיף אַריינצוצי׳ען דעם אָטעם, אַזוי טיף ווי ער קאָן נאָר און נישט אויסאָטעמען. ביים איינאָטעמען האָט ער אַריינגעצויגן אין זיך דעם געשטאַנק פון ברענענדיקן פלייש.

בנימינס האַלטן זיך האָט אָבער אויפגעקאָכט אויך די פיר תלינים, נישט בלויז דעם „שלעדצע". באַזונדערס איינעם פון די פיר, וועלכער האָט געליטן דערפון, וואָס כמעט יעדע געליבטע האָט נאָכן ערשטן אָדער צווייטן מאָל זיין מיט אים צוזאַמען, פון אים חוזק געמאַכט: „ביסט דאָך גאָר קיין מאַן נישט... ביסט דאָך אַ קליין יִנגל"... און האָט אים אַוועקגעוואָרפן. איצט מוז ער מקנא

זיין דאָס דאָזיקע קליינע, דאַרע ייִנגל... אָן אויפגעקאָכטער אין אוממעכטיקן ווזט, האָט ער מיט דעם גומענעם שטעקן, וואָס ער האָט געהאַלטן אין האַנט, דעם נאַקעטן אַ זעץ געטאָן איבערן געשלעכטס־טייל. בנימין האָט מאָמענטאַן פאַר־לוירן דאָס באַוווסטזיין און איז געפאַלן אין חלשות. ס׳האָט לאַנג געדויערט ביז מ׳האָט אים דערמינטערט. מער האָט מען אים אין יענער נאַכט נישט געפּייניקט. צוויי פון די פיר פאַרשוינען האָבן דאָס ייִנגל צוריקגעבראַכט אין זיין צעל. זיי האָבן דעם קרבן געשלעפּט, כמעט געטראָגן, און אים אַרויפגעוואָרפן אויף זיין נאַרע.

7

מלכהלע האָט אין יענער פינצטערער ווינטערנאַכט, אָן איינגעהילטע אין דער פאַטשיילע, זיך אַזוי לאַנג געדרייט פאַרן „פּאַוויאַק" ביז זי האָט ריזיקירט: זי איז צוגעגאַנגען צום וואַכסאָלדאַט ביים טויער און אים געזאָגט, אַז ער זאָל זי אַריינלאָזן. „איך וויל זיין צוזאַמען מיט בנימין ליכטענבערג; ער זיצט דאָרט". דער סאָלדאַט האָט אַ ציי געטאָן ביים גלאָק. ס׳איז אַרויסגעקומען דער „דיזשורני". ער האָט געפרעגט דעם סאָלדאַט וועגן וואָס ער האָט אים גערופן. דער סאָלדאַט האָט איבערגעגעבן, וואָס די פרוי אין דער פאַטשיילע האָט אים געזאָגט. זי האָט דאַביי נאָך מוסיף געווען: „איך גלייב אין דער זעלבער אידעע און טו דאָס זעלבע, וואָס דער אַרעסטירטער האָט געטאָן ווען ער איז געווען פריי: איך אַרבעט פאַרן סאָציאַליזם, פאַר דער רעוואָלוציע". דער „דיזשורני" האָט זי צו ערשט פאַרשנדיק אָנגעקוקט. דאַן האָט ער איר דערלאַנגט אַ זעץ מיט דער פויסט אין פנים אַריין און איז רויִק צוריקגעגאַנגען פון וואַנען ער איז געקומען.

קאַפּיטל צוואַנציק

## זיין שיף גייט אונטער

1

די בעקער־אַרבעטער האָבן דעם סטרייק פאַרלוירן. די בעלי־בתים פון די בעקערייען האָבן פון דעסטוועגן געהעכערט די פרייזן פון געבעקס. האָט זיך ווער געחידושט: „היתכן?" איז דער ענטפער געווען: „אַזוי איזס". און אַז ברויט איז טייערער געוואָרן — זענען אויך אַרויפגעגאַנגען די פרייזן פון אַלע שפּייז־מיטלען. האָבן דאָס נאָכגעטאָן די פאַבריקאַנטן פון אַלערליי אינדוסטריעלע פּראָ־דוקטן, סיי די, ביי וועלכע מ׳האָט געסטרייקט און זיי האָבן זייערע אַרבעטער נאָכגעגעבן אַ שיבוש, און סיי די, וועלכע האָבן די אַרבעטער גאָרנישט נאָכ־

געגעבן. אויך יענע פאַבריקאַנטן, ביי וועלכע מ׳האָט לגמרי נישט געסטרייקט, און אַפילו די, וועלכע האָבן דערקלערט אַ לאָקאַוט און געווינען — זיי אַלע האָבן געהעכערט די פרייזן אויף זייערע סחורות. גלייך דערמיט האָבן זיך די אַנטי־סעמיטישע כוואַליעס אַ הייב געטאָן נאָך העכער. דער בויקאָט און די איבער־פאַלן אויף ייִדן מיט שטעקנס איז פאַר די אַנטיסעמיטן שוין געווען ווייניק; די כוליגאַנעס האָבן זיך אַ נעם געטאָן צו שאַרפערע מיטלען: זיי האָבן אין ייִדישע געשעפטן אָנגעהויבן צו וואַרפן שטינקבאָמבעס. דער עפעקט איז, פאַרשטייט זיך, געווען אַ סך אַ שטאַרקערער, ווי וואַרפן שטיינער אין שויפענצטער. די באָמבעס האָבן נישט בלויז אָנגעמאַכט גרויסע שאָדנס, נאָר אויך אָנגעשראָקן די קונים נישט צו גיין קויפן אין ייִדישע געשעפטן.

דער פאַרשטאַרקטער טעראָר קעגן די ייִדן איז אָנגעגאַנגען אויך אין די אוניווערסיטעטן. פאַר די אַנטיסעמיטישע סטודענטן איז געווען ווייניק „נומערוס קלאַוזוס״, וואָס דאָס בילדונגס־מיניסטעריום האָט שוין פון לאַנג געהאַט איינגע־פירט אין אַלע העכערע לערן־אַנשטאַלטן; די כוליגאַנישע סטודענטן האָבן זיך אַ נעם געטאָן צום אַרויסטרייבן מיט פויסטן, מיט שטעקנס און מיט מעסערס דעם קליינעם פּראָצענט ייִדישע סטודענטן פון די „טעמפלען פון וויסן און חכמה״.

און די פּאָליטישע לאַגע, וואָס גייט כמעט שטענדיק צוזאַמען מיט דער עקאָנאָמישער, איז כסדר ערגער געוואָרן. דאָס האָט פלוצעם דערשראָקן אַפילו די גלייכגילטיקסטע, די אַפּגעלאָזנסטע און די רעכטסטע פירער פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן — ווי נישט איין מאָל שוין — אַ סך זיצונגען, באַראַטונגען, פאַרזאַמלונגען, ביי וועלכע ס׳זענען אַריינגעטראָגן געוואָרן הונדערטער רעזאָלוציעס. אין זייער שרעק האָבן די מיינסטע פירער מסכים געווען אַפילו אויף געמיינזאַמע צוזאַמענקונפטן מיט די לינקע פּאַרטייען. זיי האָבן באמת געשטרעבט צו פאַרבעסערן די עקאָנאָמישע לאַגע אינעם לאַנד און אויפצוהייבן אַ ביסל העכער דאָס גייסטיקע ניוואָ פונעם פּראָלעטאַריאַט און פּויערנטום. דאָס צו דערגרייכן אָבער דורך קאַמף איז זיי נישט געווען באַ־זונדערס ניחא, הגם אין זייער פּאַרטיי־פּראָגראַם איז דער פּונקט „קאַמף״ געווען אויפן בכבודיקסטן פּלאַץ און זיי האָבן אין גערעדטן און געשריבענעם וואָרט געפּריידיקט קאַמף אויפן פּלאַמיקסטן אופן. נאַטירלעך, מיטן וואָרט „קאַמף״ האָבן זיי נישט געמיינט קיין אויפשטאַנד, קיין רעוואָלוציע, נאָר פּאַרלאַמענ־טאַרישן קאַמף, העכסטנס אויך סטרייק; דאָך האָבן זיי דאָס וואָרט „אויפשטאַנד״ און דאָס וואָרט „רעוואָלוציע״ באַנוצט ביי יעדער געלעגנהייט ווען זיי האָבן געוואָלט געווינען די מאַסן.

די פירער פון די רעכטע סאָציאַליסטן אין אַלע זייערע שאַטירונגען האָבן זיך אייגנטלעך געשראָקן פאַרן סאָציאַליזם. האָבן זיי דאָך בעת דער מלחמה מיט רוסלאַנד אין 1920 געהאַט די פולע מאַכט אין זייערע הענט און האָבן דע־מאָלט דעם פאָלק פאַרשפּראָכן, אַז באַלד נאָך דער מלחמה וועלן זיי איינפירן סאָציאַליזם! דאָך, גלייך ווי די מלחמה האָט זיך געענדיקט, האָבן די דאָזיקע

סאָציאַליסטישע פירער דעם עיקר פאַרן סאָציאַליזם — די עקאָנאָמישע פּאָזיציעס — איבערגעלאָזט ביי די פריערדיקע באַזיצער: ביי דער בורזשואַזיע. די דאָזיקע סאָציאַליסטן האָבן דאַן די אָרעמע אַרבעטער און די פּויערן ווידער געגומען קאַרמען מיט רייד און הבטחות וועגן סאָציאַליזם. ביז זיי האָבן דערזען, אַז זיי זענען אונטער די צווייגן פונעם בוים, אויף וועלכן זיי זיצן. אַ טייל פון זייערע מיטגלידער זענען אַריבער צו די לינקע, אַ צווייטער טייל איז געוואָרן גלייכ־גילטיק און אַפּאַטיש, און אַ דריטער טייל איז אַריבער צו דער רעאַקציע. אין די פאַראייניגן פון די רעכטע סאָציאַליסטן זענען געקומען אַלץ ווייניקער מענטשן. די זאַלן זענען געווען האַלב לעער ביי כמעט אַלע פאַרזאַמלונגען, סיי ווען זיי זענען געווען גערופן צוליב אַן עקאָנאָמישער פראַגע, סיי וועגן אַ פּאָליטישער. די פּאַרטיי־קאַסעס האָבן זיך אָנגעהויבן אויסליידיקן. דאָס ערגסטע אָבער איז פאַר די פירער פון די רעכטע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען געווען, וואָס זייער מאַכט אין די פּאַרלאַמענטן איז געוואָרן אַלץ שוואַכער און זייערע פּאָזיציעס אין דער רעגירונג און אין די מלוכהשע אינסטיטוציעס אַלץ קלענער.

און די צייט פון די וואַלן איז געקומען אַלץ נענטער.

2

קאָפּל וואַרשאַווסקי איז אַהיימגעקומען פון דער אַרבעט. דעם דאָזיקן וועג איז ער געגאַנגען הין און צוריק זעקס טעג אין דער וואָך, יאָר־איין יאָר־אויס. דאָס סוף־האַרבסטוועטער איז געווען זייער מיאוס: ס׳האָט געריסן אַ פּייכטער קאַלטער ווינט, וואָס האָט דורכגענומען דעם גוף און זיך איינגעגעסן אין די ביינער. הגם לאַנג שוין צוגעווינט אויפצוזיין די גאַנצע נאַכט און שווער צו אַרבעטן, איז אָבער קאָפּל היינט געווען באַזונדערס מיד. דאָך, פאָרן אַהיים האָט ער נישט געוואָלט. אויך זענען די טראַמווייען אַזוי פרי נאָך נישט געגאַנגען, אָדער זיי זענען געגאַנגען זייער זעלטן. „איז נישט אַ סימן, אַז כ׳ווער שוין אַלט?" האָט דער בעקער געטראַכט וועגן זיין באַזונדערער מידקייט היינט. אין זיין קאָפּ זענען אַרומגעגאַנגען אַלערליי טרויעריקע מחשבות. ער האָט נאָך געוווינט אין זעלבן הויף ביי ר׳ מנשהלע שוואַרץ. ס׳טויער איז נאָך געווען גע־שלאָסן. קאָפּל האָט אָנגעקלונגען, נישט ביים פראָנטאָוווע טויער, נאָר ווי שטענדיק ביים הינטערשטן, דורך וועלכן ס׳גייען די אָרעמע. דער „סטרוזש" האָט געעפנט ס׳טויער און באַגריסט דעם אָרעמען „לאָקאַטאָר" ברומענדיק.

דער הימל איז נאָך געווען שוואַרץ. דאָך האָט זיך אין דער לופט געפילט אַז ס׳וועט אָנהייבן שאַריען.

שוין יאָרן, אַז קאָפּל גייט דורכן „הינטערטויער" און נישט דורכן „פּאַ־ראַדנעם", שוין יאָרן, אַז ער איז אַ מיטגליד פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, אַז ער האַלט זיך פאַר אַ באַוווסטזיניקן פּראָלעטאַריער און איז שטאָלץ דערויף, וואָס ער געהערט צום אַרבעטער־קלאַס, וואָס ער שטייט אין די קעמפנדיקע רייען קעגן דער בורזשואַזיע, זיין קלאַסן־שונא. פון אַזוי לאַנג אָן ווי ער קאָן זיך דער־

מאַנען, געדענקט ער, אַז ער האָט געליטן פון אָרעמקייט: פון הונגער און נויט. דאָך, די דערנידערונג, אַז ער טאָר נישט גיין דורכן „פאַראַדנעם" אַריינגאַנג נאָר דורכן הינטערשטן — און נאָך אַ סך אַנדערע באַליידיקונגען און דערנידערונגען — דערפון האָט קאָפּל דער בעקער געליטן מער ווי פון הונגער און נויט. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין הויף און געקוקט. אין האַרבסט־צייט האָט עס דאָ אויסגעזען באַזונדערס שרעקלעך: אַ בלאָטע, דער מיסטקאַסטן איבערפול און פונעם רשות־הרבימדיק בית־הכסא האָט זיך די פאַראומרייניקונג פשוט אַרויסגעגאָסן. אויבנאָן, ווו ס'ווינען די רייכע, איז געווען ריין און ציכטיק, דער טראָטואַר פון ציטרינגעלע און טונקלרויטע געקאַרבטע טעוועלעך, געשייערט און געוואַשן, אַ גערטנדל מיט אַ קאַשטנבוים און קלאָמבן.

אַ בייזער אַצינד — האָט קאָפּל אויפגעשלאָסן די טיר פון זיין וווינונג. מיט שווערע טריט איז ער פונעם קעכל, ווו ס'איז געשלאָפן דער זון, אַריינגעגאַנגען אין דער שטוב, וואָס האָט געדינט פאַר אַלץ: פאַר אַ שלאָפצימער, פאַר אַן עסצימער, און פאַר אַ „סאַליע", אין וועלכער פריינד און חברים און סתם געסט, וואָס זענען געקומען, זענען געזעסן. בראָנטשע איז אויף דער דאָזיקער דירה געווען שטאָלץ און נישט איין מאָל האָט זי געזאָגט: „אַזאַ דירה, אַלאַ מיינאַ גוטאַ פריינד געזאָגט". זי איז נישט געשלאָפן. שטענדיק, ווען דער מאַן האָט באַדאַרפן אַהיימקומען פון דער אַרבעט, איז זי אויפגעקומען און האָט געוואַרט אויף אים. אויפגעשטאַנען איז זי אָבער ערשט שפּעט, נישט ווייל זי האָט ליב געהאַט לאַנג צו ליגן אין בעט, נאָר ווייל דער מאַן האָט קיין מאָל נישט געוואָלט עסן ווען ער איז אַהיימגעקומען, אַפילו טיי האָט ער נישט געוואָלט טרינקען: ער האָט זיך גלייך אויסגעטאָן. בראָנטשע האָט זיך געפירט ווי די העלדין אין אַ ראָמאַן, וועלכן זי האָט אַמאָל געלייענט און זיך דעמאָלט פאַרגענומען, אַז די וועט איר גאַנץ לעבן אויך טוען אַזוי: זי וועט וואַרטן אין בעט מיט אויסגעשפּרייטע אָרעמס און צעלאָזטע האָר אויף איר „שאַל". זי איז טאַקע נישט קיין פרינצעסין און קאָפּל איז נישט קיין פרינץ; אָבער ער איז איר „לעבנסבאַגלייטער" און אַ קעמפער פאַר דער גרויסער און הייליקער זאַך, וואָס איז טויזנט מאָל מער ווי זיין אַ פרינץ. און זי שטייט מיט אים אין די אַרבעטער־רייען, זייט ביי זייט שטייט זי מיט אים אין קאַמף קעגן שונא פונעם אַרבעטער־קלאַס. דאַמיט איז זי מער נאָך און גרעסער ווי די העלדין אין דעם ראָמאַן, וואָס זי האָט געלייענט — די פרינצעסין. און זי האָט אויסגעשפּרייט אירע דיקע וויים־ראָזע אָרעמס און געזאָגט: „קום מיין טייעראַר, מיין לעבנסקאַמאַראַד!" — — —

נאָר קאָפּל איז אין דער לעצטער צייט — פון נאָכן לעצטן פאַרלוירענעם סטרייק אָן — געוואָרן עפּעס אַ גאַנץ אַנדערער ווי ער איז שטענדיק געווען. ער איז תמיד געווען אַ גרויסער אָפּטימיסט, אַ בעל־בטחון, שיִער ווי אַ פרומער ייִד; נאָר אַנשטאָט צו זאָגן: „יאָך גלייב אינעם רבונו של עולם, ער וועט העלפן", האָט ער שטענדיק געזאָגט: „די פּאַרטיי ווייסט וואָס זי טוט, זי גייט אויפן ריכטיקן וועג". ער האָט בראָנטשען ליב געהאַט, איז געווען אַ גוטער מאַן. שטענ־

דיק, ווען ער איז געקומען פון דער אַרבעט, איז געווען דאָס ערשטע, וואָס ער האָט געטאָן: איילן צו זיין בראָנטשען. זי האָט זיך דעריבער באַרימט פאַר אירע פריינדינס: „מאַאַן קאַפּל איז אין מיאַר פאַרליבט ווי אין ערשטן טאָג, פּונקט ווי דער פּרינץ אַלבערטאָ אין דער פּרינצעסין גאַבריעלעטאַ, ווי ס'איז באַשריבן אינעם באַרימטן ראָמאַן „דער ריטער פון גיבראַלטאַר".

אָבער עטלעכע וואָכן שוין, אַז קאַפּל איז נישט מער דער זעלבער, וואָס ער איז שטענדיק געווען. בראָנטשע האָט געהאַלטן אין איין פאָרשן ביי אים: „וואָס איז מיט דיאַר, קאַפּל? ביסטו נישט געזונט?" דער חשד, אַז ער איז קראַנק, האָט זיך אין איר אַלץ מער פאַרשטאַרקט, ווייל אַזאַ איינדרוק האָט קאַפּל לעצטנס געמאַכט נישט בלויז אויף זיין פרוי, נאָר אויך אויף זיינע פריינד און חברים.

זיצנדיק איצט אויפן ראַנד פונעם בעט און רונצלענדיק דעם אָנגעכמורעטן שטערן, האָט דער בעקער פאַרזיכערט זיין פרוי: „יאַך בין נישט קראַנק, בראָנטשע".

„וואָס דען איז דיאַר?" ס'האָט בראָנטשען באַליידיקט איר מאַנס קאַלטן קוש אויף אירע ליפּן, זיין זיך אַוועקזעצן אין אָנטאָן אויפן ראַנד פונעם בעט און שווייגן ווי אַ פינצטערער שאָטן, אָדער ווי אַ שוואַרצער וואָלקן. זי האָט דערזען דורכן פענצטער, אַז ס'שאַריעט שוין אויף טאָג. באַלד וועט זי מוזן אויפשטיין, באַריסל וועט אויפקומען און זי וועט דאַרפן מאַכן פרישטיק פאַרן יינגל און עסן מיט־צונעמען צו דער אַרבעט. (ער איז אויף דער לער און קומט אַהיים שפּעט). האָט בראָנטשע אַצינד גענומען מאָנען ביים מאַן: „קאַפּל! יאַך וויל וויסן וואָס מיט דיאַר איז! באַהאַלט נישט פאַר מיאַר! דו ווייסט, אַז יאַך בין נישט קאַ יאַכנע!... דו פאַרשטייסט מיאַך שוין... יאַך בין דיינס אַ קאַמאַראַדין און נישט גלאַט אַזוי אַ וואַאַב... מיאַר זענאַן מאָדערנאַ מענטשן און דו קאָנסט מיאַר רויק זאָגן אַז... אַז דו"...

קאַפּל האָט זיך גענומען קראַצן און געלאַכט: „וואָס דיאַר, בראָנטשע, פאַלט איין... מיאַר דוכט זאַך גאָר, אַז יאַך הייב אָן אַלט ווערן, אַז יאַך בין שוין אַלט"...

בראָנטשע האָט אַ שטויס געטאָן דעם מאַן אירן: „גאַי שוין גאַי!... אַלט... ביסט נאָך יינגאַר ווי אַ בחור"... זי האָט אים נישט אָפּגעלאָזט: „דו מוזט מיאַר היינט זאָגן, וואָס אין דיין האַרץ טוט־זי־אַך! פאַר מיאַר, דיין לעבנסבאַגלייטאַרין, טאָרסטו נישט האָבן קיין שום סעקרעטן!"

קאַפּלען איז אָבער געווען זייער שווער צו פאַרטרויען זיין פרוי, וואָס ס'האָט אים לעצטנס גענומען פייניקן אַלץ מער און מער, ס'איז אים שווער געווען איר צו זאָגן: אַז ער האָט אָנגעהויבן צווייפלען אין דער פּאַרטיי. (זיינער און אירער). ער האָט זיך נישט געקאָנט מודה זיין, אַז ער האָט פאַרלוירן דעם צוטרוי צו די פירער פון דער פּאַרטיי, וועלכע ער און זי האָבן שטענדיק פאַרגעטערט. אָבער ער האָט זיך אַצינד נישט מער געקאָנט אַרויסדרייען און געזאָגט: „ס'איז נישט, בראָנטשע, וואָס דו קלערסט. ווי קאָן דיאַר גאָר איינפאַלן, אַז יאַך זאָל מיאַך פאַרליבן אין אַן אַנדראָ? פאַר מיאַר ביסטו מעאָר ווי די פּרינצעסין גאַבריעלעטאַ! דו ביסט דאָך אַ חברטע, מיין באַגלייטאַרין ביז אין קבר אַריין!"

האָט בראָנטשע אַ שפּרייט אויס געטאָן אירע ווייס ראָזע דיקע אָרעמס, האָט אים אַ צי געטאָן צו זיך און אים געגעבן אַ הייסן קוש. אַ טרומפּירנדיקע האָט זי דאַן געפּאָדערט: „איז לאָם יאַך הערן וואָס מיט דיאַר איז! וואָס אין דיין האַרץ טוט־זיך פון אַ פּאַר וואָכן אַן שוין!"

קאָפּל האָט זיך געבעטן: „שפּעטאַר, בראָנטשע. יאַך מוז אַצינדאַר שלאָפן. יאַך מוז זיין אויסגערוט דאַצו: דיאַר דאָס צו זאָגן".

זי האָט מסכים געווען: „גוט, זאָל זיין שפּעטאַר".

3

אין דער קעך, ביים צוגרייטן ס'מיטאָג, האָט בראָנטשע פּלוצעם דערהערט איר מאַן שרייען: „ס'ברענט!" זי איז אַריינגעלאָפן אין דער אַנדערער שטוב און גענומען אים וועקן: „קאָפּל!" אַז ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט זי אים אויסגעלאַכט: „דיאַר חלומט זיאַך נאַר, אַז דו שטייסט ביים אויוון... וואָס איז פאַרברענט געוואָרן: ס'ברויט אָדער די זעמל?"...

קאָפּל האָט זיך אויפגעזעצט אין בעט און אַ מרה־שחורהדיקער דערציילט זיין חלום: „ס'האָט זיך מיאַר געחלומט וועגן אַ שיף. יאַך, פּייווקע און רומעק און נאָך אַנדערע חברים — מיאַר אַלאַ זעמאַר געווען מאַטראָזן. דער חבר וואַקס איז געווען דער קאַפּיטאַן און דער חבר סמוטנאַר און דער חבר מאַט זענען געווען זיינאַ געהילפס־קאַפּיטאַנען. פּלוצעם האָט די שיף גענומען אונטערגיין"...

בראָנטשע האָט אַ דערפרייטע אויסגערופן: „יאַך 'על דיאַר זאָגן מאַאַן מאַן, וואָס דער חלום באַטייט: אַז מיאַר עלן פאָרן קאַ אַמעריקע!... דאַאַן „אַנקל" — ווי עאַר שרייבט זיאַך אונטאַר אין די בריוו — וועט אונדז שיקן אַ שיפס־קאַרטע און מיאַר עלן פאָרן!" — — —

נאַר קאָפּל איז נישט געווען צופרידן פון דער פרויס פּותר חלום זיין. ער האָט, רייבנדיק זיך דעם שטערן פונעם אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, געברומט: „יאַך על דיאַר זאָגן, בראָנטשע, וואָס דער דאָזיקאַר חלום באַדייט: די שיף — דאָס איז אונדזאַר פּאַרטיי. זי גייט אונטאַר!" — — —

בראָנטשע האָט גענומען שעלטן: „אַלאַ בייזאַ חלומות צו אונדזעראַ שונאימס קעפּ!" צווישן די שונאים זענען געווען דער חבר מאַקס מיט זיין פרוי, די חברטע צעשאַ און אַלע קאָמוניסטן. צום סוף האָט זי געפרעגט: „וואָס הייסט זי גייט אונטאַר?" —

דעם בעקער איז אָבער אַלץ נאָך געווען שווער צו רעדן מיט זיין פרוי וועגן די ספיקות וואָס האָבן זיך אָנגעזאַמלט אין זיין האַרץ נאָכן פּאַרלוירענעם סטרייק. אָבער ער האָט דאָך זיין בראָנטשען צוגעזאָגט, אַז ער וועט איר נאָכן שלאָף אַנטפּלעקן דעם סוד, וואָס ער טראָגט אין זיין האַרץ און ער האָט דאָס האַרץ זיינס פאַר איר געעפנט: „עפּאָס גייט אין אונדזער פּאַרטיי נישט ריכטיק צו, עפּאָס איז דאָרט נישט אַלץ כשר וישר... מיאַר שטייאַן דאָך, בראָנטשע, אין די רייאַן פון אונדזאַר פּאַרטיי שוין אַ שיינאַ פּאַר יאַר אַקסל ביי אַקסל; ווייסט דו

מיאַך נישט באַשולדיקן, אַז יאַך גלייב די רויטע און רייד נאָך, וואָס זיי זאָגן, אַז זיי האָבן מיאַך געפּאַקט אויף זייאַר האַטשיק. אָדאָר״...

זי האָט אים נישט געלאָזט ווייטער רעדן: „קאַ שום אָבאָר! יאַך וויל נישט מעאָר הערן דיינאַ ריידט!״

קאַפּל האָט אָבער נישט מער געקאָנט אויפהערן צו רעדן. האָט ער אָנגעהויבן — איזס געווען ווי אַ קוואַל, וועלכער איז לאַנג געווען פאַרלייגט און האָט זיך פּלוצעם געעפנט. ער האָט נאָר זיינע ספיקות נישט געקאָנט אויסדריקן אין די ריכטיקע ווערטער. ער האָט זיך געפּלאָנטערט: „זע, בראָנטשע! מיאָר ווויניאָן אין דאָזיקן הויף. יאַך בין אַ פּראָלעטאַריאָר. דאַריבאָר קאָן יאַך מיאָר נישט פאַרגינאָן קאַ אַנדערע דירה. הײַנט אָבאָר, ווען דער סטרוזש האָט מיאָר געעפנט ס׳טויאָר, האָב יאַך מיאַך אַרומגעקוקט אין הויף און ס׳איז מיאָר אַריין טיף אין האַרץ אַט־וואָס: יאַך צאָל ווייניקאָר. גוט. האָב יאַך אָבאָר נישט מעאָר ווי איין שטוב מיט אַ קאַך. פאַן דימאַנט צאָלט מעאָר — האָט ער פינף שטובן מיט אַ קאַך. גוט. פאַר וואָס אָבאָר זאָל עאָר האָבן אַ פאַראַדנע אַריינגאַנג און מיאָר מוזן גיין דורך אַ הינטאָר־טויאָר? פאַר וואָס איז אינעם הויף — ווו די דימאַנטס וווינאָן — אַ גערטנדל מיט אַ בוים און מיט בלומען און אַ טריטואַר פון שיינע טעוואַלאַך, געלאַ און רויטאַ, און דער סטרוזש האַלט דאָרט ריין, און ווו מיאָר ווויניאָן שטייט דער מיסטקאַסטן און דאָס קלאָזעט? און אַזוי איז מיט אַלץ. דעאָר, וואָס אַרבעט און שאַפט אַלץ — נישט גענוג, וואָס עאָר איז אָרעם — דערנידאַריקטמאַ אים. די רייכאַ ווייזן אים: „דו ביסט פאַר אונדז ערגאָר ווי אַ הינט! מיאָר סאָציאַליסטן קעמפן אָבאָר פאַר מענטשליכאַ ווירדאַ און פאַר גערעכטיקייט! דאַריבאָר... יאַ, יאַך מוזס דיאָר זאָגן, בראָנטשע, אַצינדאָר מוז יאַכס דיאָר זאָגן; ס׳איז אַ געדאַנק, וועלכאָר איז אין מיין קאָפּ אַריין פריאָר קיין מאָל נישט געקומאָן, עאָר איז אין מיאָר ערשט איצטאָר געבוירן געוואָרן. יאַך מיין נישט אַקוראַט אַצינדאָר; יאַך מיין... פון לעצטן סטרייק אָן. מיאָר האָבן אַ סטרייק שוין נישט איין מאָל אָנגעווירן, מעאָר אָנגעווירן ווי געווינאָן; אָבאָר״...

בראָנטשע איז געוואָרן אויפגעקאָכט: „אָבאָר... שמאָבאָר... און די רויטאַ? — זיי האָבן פאַרלוירן מעאָר סטרייקן ווי מיאָר האָבן פאַרלוירן! אַ סך מעאָר!״

קאַפּל האָט צוגעגעבן: „יאַך זאָג נישט, אַז ניין. אָבאָר... ניין, יאַך גלייב נישט אַלץ, וואָס מ׳זאָגט, וואָס מ׳רעדט״. —

„אַז דער חבר מאָט האָט פאַרראַטן?״ — — — —

קאַפּל איז אַרויסגעשפּרונגען פון בעט. ער האָט זיך גענומען אָנטאָן. פאַרטיק געוואָרן מיטן אָנטאָן די הויזן — האָט ער מיט אַ פויסט זיך אַ זעץ געטאָן אין דער ברוסט, ווי אין אַ פּויק: „זאָל יאַך דאָ, אויף דעם אָרט איינגעזונקען ווערן אין דער ערד, אויב יאַך האָב נישט מיט מיינע אייגענע אויגן געזען פאָרן דעם חבר מאָט מיט דער מאַדאַם לישיי אין איאָר קאָטש! יאַך שוועאָר ביי אונדזאָר הייליקאָר און אייביקאָר ליבע, בראָנטשע! ביי דער רויטער פאָן פון אונדזאָר פאַרטיי! ביי אונדזאָר הייליקן סאָציאַליסטישן אידעאַל!״

אַזעלכע שבועות האָט בראַנטשע געמוזט גלויבן. זי איז געווען באַזיגט, צעשמעטערט. ער האָט דאַן אויסגערעכנט אַלע זיינע חשדים, וואָס ער האָט געהאַט אויף דער פּאַרטיי, אויף די מיינסטע פון אירע פירער.

ביים עסן איז קאַפּלען אַרויסגעפאַלן דער לעפל פון דער האַנט. ער האָט אַ זיפץ געטאָן און געזאָגט צו דער פרוי: „יאָך קאָן אַצינדער נישט עסן, בראַנטשע. יאָך מוז אַהינגיין... צום חבר וואַקס, יאָ, צו אים אַליין, אָדער צום חבר סמוטנאָר. אַזוי קאָן יאָך נישט! יאָך קאָן נישט!"

## קאַפּיטל איין און צוואַנציק

# חבר סמוטנער

### 1

לויט דער חשיבות און דעם גרויסן ראַנג פונעם חבר סמוטנער אין דער פּאַרטיי, לויט זיין וויסן און אומדערמידלעכער אַרבעט פאַר דער באַוועגונג — נישט פאַרגינענדיק זיך די נייטיקסטע רו פאַר זיין קראַנקן צושטאַנד — האָט ער באַדאַרפן לעבן כאָטש ווי איינער פון די אַנדערע חברים, וואָס האָבן פאַרנומען אַ סך אַ קלענער אָרט ווי ער.

דער ח' סמוטנער האָט געוווינט אין צוויי קליינע שטיבלעך מיט אַ קעכל אין דער אָרעמער יידישער געגנט. דערביי האָבן זיינע נאָענטע חברים אים געבעטן ער זאָל זיך לאָזן העכערן זיין לוין, אַז ער זאָל זיך לאָזן באַצאָלן פאַר די אַרבעטן וואָס ער האָט געטאָן אויסער זיין אַמט; אָבער ער האָט נישט געוואָלט און שטענדיק געענטפערט: „וואָס רעדט איר, טייערע חברים? וויפל פאַרדינט אַן אַרבעטער, וועלכער אַרבעט אַ סך שווערער ווי איך? איר זאָגט אַז גייסטיקע אַרבעט איז ווערטפולער ווי פיזישע? איך בין נישט מסכים. און וויפל גייסטיק שאַפנדיקע, ווי קינסטלער, דיכטער, פילאָזאָפן, וויסנשאַפטלעכע פאָרשער, פאַר־דינען אַ סך ווייניקער ווי איך פאַרדין און קריגן דערביי נישט די ליבע און פאַרערונג, וואָס איך קריג?" — — —

דאָס מעבל אין דער קליינער וווינונג איז באַשטאַנען פונעם נויטיקסטן און איינפאַכסטן. (גאָרנישט ווי ביים חבר וואַקס, אַפילו נישט ווי ביים חבר מאַט, וועלכער האָט געפירט אַ בחוריש לעבן). דער „קדשי קדשים" פון דער וווינונג איז געווען דער „קאַבינעט". אַזוי האָט מאַלטשע, דעם חבר סמוטנערס פרוי אָנ־גערופן דאָס שטיבל, אין וועלכן איר מאַן האָט געאַרבעט, ווו ער האָט געשריבן זיינע אַרטיקלען פאַר דער פּאַרטיי־פּרעסע, דאָס צימערל, אין וועלכן מ'איז זיך צוזאַמענגעקומען אויף באַראַטונגען. אין וועלכן ס'זענען געקומען געסט און

פאַרשידענע מענטשן צו פרעגן אַן עצה אָדער סתם אויסגיסן זייער ביטער האַרץ. צום חבר סמוטנער זענען געקומען אויך מענטשן (טייל מאָל אינטעליגענטע און געבילדעטע) מיט כלערליי פּראָיעקטן, די מיינסטע פאַנטאַסטישע, ווי אַזוי מיט איין מאָל צו ענדערן דעם גאַנצן סדר העולם.

אין דעם קאַבינעט שטייט אַ שרייבטיש מיט אַ ווייכן פאָטעל, אַ קאַשעטקע, אויף וועלכער דער חבר סמוטנער זאָל זיך קאָנען אַנידערלייגן ווען ער איז שוין גאַנץ דערשעפּט. אויף די פענצטער שטייען וואַזאָנעס. ס׳הענגען פאַרהאַנגען. אויף די ווענט הענגען בילדער פון סאָציאַליסטישע טעאָרעטיקער און קעמפער, צווישן וועלכע ס׳געפינען זיך בילדער פון חברים און זיין אייגן בילד. (מאַלטשע האָט זיך איינגעעקשנט, אַז אויך איר מאַנס בילד מוז הענגען אויף דער דאָזיקער וואַנט). דעם אויבנאָן אָבער — קעגנאיבער דעם שרייבטיש, צווישן די צוויי פענצטער — הענגען די פּאָרטרעטן פונעם חבר סמוטנערס עלטערן. דער פאָטער: אַן אָרעמער, פרומער ייד אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע און אין אַ טוכן היטל, ווי אַלע פשוטע יידן אין פוילן, די באָרד נישט געשוירן, אין פּנים אַ סך גוטסקייט, עניוות, ליבע צו מענטשן און גרויס בטחון אינעם רבונו של עולם. דער בליק אין די אויגן: אַ תמימותדיקער כמעט אַ קינדערישער. די מוטער: שבתדיק אָנגעטאָן, אין אַ שייטל. דער אויסדרוק פון איר פּנים איז אַ גאַנץ אַנדערער ווי פון איר מאַן: שטרענג, קלוג, שיִער חריפותדיק, קאָנצענטרירטער ווילן.

ביי די ווענט שטייען פאָליצעס מיט ביכער. ס׳זענען אָנגעלייגט בערג מיט צייטונגען און זשורנאַלן.

דעם קאַבינעט האָט מאַלטשע אויסגעפּוצט — און רוימט שטענדיק — נישט אַזוי, ווייל ס׳קומען אַהער אָנגעזעענע מענטשן, נאָר ווייל זי ווייסט, אַז איר מאַן איז אַ גרויסער עסטעט, אַז ער איז גאָרנישט אַזאַ טרוקענער פאַרטיי־מענטש, אַז שיינקייט באַטייט פאַר אים נישט קיין סך ווייניקער ווי וויסן. איז ער דאָך ביז אויפן היינטיקן טאָג אַלץ מער פאַרליבט אין איר שיינקייט ווי אין אירע אַנדערע מעלות. אַ גליקלעכע איבער איר מאַנס ליבע — וואָס ער האָלט זי נאָך אַלץ פאַר אַ שיינהייט — האָט זי דעריבער שטאַרק אַכטונג געגעבן אויף זיך, געזען, אַז זי זאָל בלייבן שיין פאַר איר מאַן. אין איר גרויסער ליבע צו אים האָט זי זיך איינפאַך מקריב געווען ביים היטן זיין שוואַך געזונט. חוץ דעם איז זי אים געווען אַן איבערגעגעבענע חברטע: זי האָט געדינט זיין אידעע דורך העלפן, טוען אַלץ פאַר די אומגליקלעכע מענטשן, מיינסטנס פרויען און מיידלעך, וואָס זענען געקומען צו איר אין זייער נויט. טייל זענען געקומען בלויז זיך אַראָפּצורעדן פונעם שווערן האַרץ, טייל וועגן פרעגן אַן עצה, און טייל — וועגן געוויסע רעקאָמענדאַציעס צו דאָקטוירים (חברים אָדער אַזוי הילפסגרייטע מענטשן), וואָס האָבן געהאָלפן אָרעמע פרויען און אומגליקלעכע מיידלעך פּטור ווערן פון שוואַנגערשאַפט.

אין קעכל איז איצט געזעסן אַ פּראָווינצער מיידל און מאַלטשען דערציילט אַזאַ מעשה: „כ׳האָב אַן אַלטן טאַטן. מיר זענען היימלאָזע. אין אונדזער שטאָט

האָט דער טאַטע יעדן זומער געדונגען אַ סאָד. הי שלעפּט ער זיך אַרום אין די גאַסן מיט אַ קיישל עפּל. דערפון וואָלט ער נישט געהאַט אַפילו דאָס טרוקענע שטיקל ברויט און צו באַצאָלן פאַרן ווינקל ביי יענעם, ווו מיר ביידע וווינען. נאָר איך בין אַ נייטאָרין. אַצינד אָבער"... זי איז רויט געוואָרן און זיך באַמיט אויף אַלערליי אופנים צו באַהאַלטן דעם בויך, ווייל ער האָט שוין געהאַט אָנ־געהויבן צו וואַקסן. זי האָט דערציילט, אַז זי איז שוין געווען ביי אַן אַקושערקע און איר געוואָלט געבן אַלץ, וואָס זי פאַרמאָגט יענע זאָל איר העלפן; אָבער די אַקושערקע האָט איר געזאָגט, אַז ס'איז שוין צו שפּעט.

מאַלטשע האָט דאָס מיידל אַנגענומען ביי אַ האַנט: „הערט אויס, ליבע פריינדין. איר מוזט דאָס קינד אויסשוואַנגערן, ווייל אויך אַ דאָקטער וועט אייך אַצינד נישט וועלן העלפן. זאָגט מיר ווער ס'איז דער פאָטער פונעם קינד. זאָל ער מיט אייך חתונה האָבן, אויב ער איז נישט קיין פאַרהייראַטער".

דאָס מיידל איז געוואָרן דרייסטער, אָבער אין איר קול איז געווען ביטער־ניש: „ער איז נאָך אַ בחור. אָבער ער וויל נישט חתונה האָבן מיט מיר. ער האָט מיך שוין עטלעכע מאָל אַוועקגעוואָרפן, אין אונדזער שטאָט און דאָ הי. ער האָט לעם מיר שטענדיק געהאַט אַנדערע. איך האָבס געוווּסט. ער האָט מיך קיין מאָל נישט געליבט. איך אָבער"... און זי האָט זיך צעוויינט.

מאַלטשע האָט אַרומגענומען די אומגליקלעכע: „איז ער הי?"

„יאָ".

„אַן אַרבעטער?"

„יאָ".

„איז ער אַ מיטגליד פון אַן אַרבעטער־פאַרטיי?"

„יאָ".

„אַ ייִד?"

„יאָ".

„ווי הייסט ער?"

דאָס מיידל האָט נישט געענטפערט.

„ווו וווינט ער?"

ווידער האָט דאָס מיידל נישט געענטפערט.

„ווי הייסט איר?"

„חנהטשע".

מאַלטשען איז דאָס מיידל געוואָרן נאָך ליבער און זי האָט זי געגלעט: „איך פאַרשטיי. איר ווילט אים נישט בלאַמירן. איך זע וואָס פאַר אַ פיינעם כאַראַקטער איר האָט און אַז איר ליבט דעם יונגענמאַן באמת. איך בין מיך משער, אַז ער איז אַ מיטגליד פון אונדזער פאַרטיי. דעריבער וואָלט געווען גוט, אַז מיר זאָלן וויסן ווער ער איז. מיין מאַן, אָדער איך — צי מיר ביידע — וואָלטן אפשר געקאָנט פועלן ביי אים, אַז ער זאָל מיט אייך חתונה האָבן. אין ערגסטן פאַל,

אויב ער וויל בשום אופן נישט לעבן מיט אייך, וועט ער חתונה האָבן מיט אייך בלויז פּראָ פאָרמאַ, כדי צו לעגאַליזירן דאָס קינד, וואָס איר שוואַנגערט, אַז איר זאָלט אייך נישט דאַרפן שעמען. זאָל ער אייך שפּעטער גטן. איר וועט דאָך אים געבן אַ גט?"

חנהטשע האָט זיך צעשלוכצט.

ס'גלעקל ביי דער טיר האָט אַ קלונג געטאָן. מאַלטשע האָט געעפנט. ס'איז אַריינגעקומען אַ „גייערקע" מיט אַ קויש אייער. די ייִדענע האָט גענומען רימען די סחורה: „פרישע אייער! זיי זענען נאָך וואַרים! פאַר אינס מאַן, מאַלטשע לעבן, אַז ס'זאָל אים צוקומען געזונט און קראַפט אין זיינאָ קראַנקאָ לונגען אַריין! נאַר אייאַר, פרישאָ אייאַר זאָלן זיי אים געבן צו טרינקאָן! דאָס וועט אים, מיט גאָטס הילף, געזונט מאַכן".

2

ביים חבר סמוטנער אין קאַבינעט איז איצט געווען אַ בלאַסער, צעטרייסלטער יונגערמאַן פון אַ יאָר 25, אַ סטודענט פון פילאָזאָפיע און פאַרגעלייגט אַ פּלאַן: ס'זאָלן זיך צוזאַמענמען צענער טויזנטער ייִדן און זיך לאָזן איבער דער וועלט, פון איין גרענעץ צו דער אַנדערער. און שרייען: „וועלט! גיב אונדז אַ היים! וועלט! דו ביסט אַזוי גרויס, אויף דיין ערד לעבן הונדערטער פעלקער! פאַר וואָס זאָלן בלויז מיר, דאָס ייִדישע פאָלק, נישט האָבן קיין אָרט, קיין אייגענע היים, קיין אייגן ווינקל?! האָסטו דען נישט קיין אָרט פאַר אונדז, וועלט?! זענען מיר נישט ווערט צו האָבן אונדזער נחלה?! זענען מיר נישט גלייך אַפילו צו די עסקימאָסן, צו די זולוס, צו וועלכן ס'איז אַנדערן ווילדן שבט אויף די פינף טיילן פון דיין ערד?! זע, וועלט! דו האָסט יעדן פון די באַשעפענישן, וואָס גאָט האָט אַרויסגעבערענגט פון דיין שויס, געגעבן אַ מקום מנוחה! פאַר וואָס מוזן מיר זיין נע ונד? טייל פעלקער האָסטו געגעבן גרויסע שטחים, אַזעלכע, וואָס זיי קאָנען גאָרנישט באַווינען, ווייל קליין זענען זיי אין צאָל. זיי האַלטן די דאָזיקע גרויסע שטחים ערד אָפּגעשלאָסן, האָבן אַליין פון איר גאָרנישט און לאָזן אַנדערע זיי נישט באַווינען! אָ, וועלט! זענען מיר אַזוי זינדיק, וואָס דו פאַרשטויסט אונדז פון דיר? זע! גאָט האָט אונדז געוועקט און גערופן און מיר זענען נאָכגעגאַנגען זיין קול ביז מיר האָבן אים דערקענט. מיר האָבן פאַרנומען זיין וואָרט, צו פאַרשן זיינע וועגן און צו דינען אים און זיין גערעכטיקייט און זיין ליבע. מיר האָבן פאַרנומען זיין געבאָט פון „לא תרצח" און „לא תגנוב". מיר האָבן געניינגט אונדזער אויער צו זיין לערע נישט צו טאָן דעם אַנדערן דאָס, וואָס מ'וויל נישט, אַז ס'זאָל געטאָן ווערן צו זיך, אַז איינער דעם אַנדערן זאָל העלפן. מיר האָבן געפּרעדיקט דער וועלט גאָטס תורה, אַז אין שלום זאָלן לעבן אַלע פעלקער, אַז איין פאָלק אויפן אַנדערן זאָל נישט אויפהייבן קיין שווערד. די פעלקער אָבער שחטן זיך איינס ס'אַנדערע, און אונדז ייִדן — ווייל מיר האָבן צו זיי געבערענגט גאָטס וואָרט און הערן נישט אויף זיי דאָס ווייטער

צו לערנען — ווילן זיי אין גאַנצן פאַרטיליקן. און זיי זענען די האַרן פון דער ערד, די הערשער פון דער וועלט!"

דער חבר סמוטנער האָט נישט געהאַט קיין האַרץ דעם יונגן מענטש אָפּצו־שטעלן באַלד ביים אָנהייב, אָדער אין מיט פון זיינע רייד, ווייל ער האָט געזען, אַז די ווערטער קומען פון אַ פיבערדיקער נשמה. ער האָט געקוקט אין דעם יונגנמאַנס בלאַס און צעווייטיקט פנים, אין זיינע צעפלאַמטע אויגן, אויף זיינע ציטערנדיקע, ווייסע ליפּן, און זיך באַהערשט נישט צו וויינען. שטום האָט ער דעם סטודענט געדריקט די האַנט, ווען יענער האָט זיך געזעגנט און אַרויפגע־לייגט אַן אָרעם אויף זיין שולטער ביים באַגלייטן צו דער טיר. אַ צעטרייסלטער, ווי דער אַוועקגעגאַנגענער, האָט ער דאַן אויפגענומען די חברים, וועלכע זענען געקומען צו דער זיצונג. ער האָט נישט געטאָרט — און טאָקע אויך נישט גע־קאָנט — אין דעם רייסנדיקן ווינט און שמייסנדיקן רעגן אַרויסגיין פון שטוב און דעריבער געבעטן, אַז די זיצונג זאָל זיין ביי אים. די חברים האָבן אים צוליב געטאָן, אָבער אָן חשק. צוליב צוויי טעמים: ווייל ביי אַ זיצונג, באַזונדערס ווען זי איז געווען אַ וויכטיקע, האָט ער זיך צו שטאַרק אויפגערעגט, און פאַר זיין קראַנקייט איז דאָס געווען גיפט; און צווייטנס: ווייל ער האָט אַ סך געשטערט מיט זיינע צו שטרענגע עטישע פאָדערונגען.

דער סדר־היום איז געווען שוין אַן אויסגעאַרבעטער. דער עיקר־פונקט איז געווען: די וואַלן צום סיים. מ'האָט זיך באַדאַרפן איניקן אויף די קאַנדידאַטן און באַשטימען דעם פּלאַן (וואָס איז צום גרעסטן טייל שוין געווען אויסגע־אַרבעט) ווי צו פירן די פּראָפּאַגאַנדע, כדי צו געווינען די שלאַכט.

דער חבר סמוטנער האָט האַרציק באַגריסט די חברים, צווישן וועלכע ס'זענען אַצינד געווען עטלעכע פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, ווייל ס'האָבן באַדאַרפן באַהאַנדלט ווערן פראַגעס, וואָס האָבן פאַרביידע טיילן פון דער זעל־בער באַוועגונג געהאַט דעם זעלבן באַטייט.

3

נאָר דער חבר סמוטנער האָט צוליב זיין איצטיקן זעלישן מצב כמעט אין גאַנצן איגנאָרירט דעם סדר־היום. ס'האָט נישט געהאָלפן, וואָס דער חבר וואַקס, דער פאָרזיצער, האָט אים אויפמערקזאַם געמאַכט אַז ער זאָל זיך האַלטן שטרענג ביים פונקט, ס'האָט נישט געהאָלפן קיין בעטן זיך ביי אים פון עטלעכע חברים, אויך נישט קיין וואָרענען, אַז מ'וועט אים אַוועקנעמען דאָס וואָרט. געוויס די חברים זענען שוין געווען געוווינט צו אַזעלכעס, אַז דער חבר סמוטנער זאָל פּלוצעם „פאַרלויפן קיין בויבעריניק", ווי זיי האָבן אָנגערופן זיין אָפּנייגן פונעם סדר־היום. דער חבר וואַקס האָט געחוזקט: „אַהאַ! אין אונדזער ליבן חבר האָט זיך אַצינד ווידער אויפגעכאַפּט דער מאָראַלפּרעדיקער, דער מוסר־זאָגער, דער סלאָבאָדקער ישיבה־בחור"... מ'האָט דאָס אָבער דעם קראַנקן מוחל געווען צוליב זיינע גרויסע מעלות פאַר דער פּאַרטיי, צוליב זיין איבערגעגעבנקייט צו דער

באַוועגונג און צוליב דער הויכער מאָראַל און עטיק פון זיין גרויסער פּערזענ־לעכקייט, און ווייל די מאַסן האָבן אים אומגעהויער געשעצט און ליב געהאַט. אויך האָבן די חברים נישט פאַרגעסן, אַז דער קראַנקער געפינט זיך כמעט שטענדיק אין פיבער: דעריבער זיין עקזאַלטירטקייט.

זיין איצטיקער אויסברוך אָבער האָט אַלע איבערראַשט. די געסט־חברים ביי דער איצטיקער זיצונג: ברודניצקי, אָגאָנעק און טשאַרניעק, האָבן געדראָט אַוועקצוגיין. איינער האָט געזאָגט: „איך האָב היינט נאָך אַנדערע דריי באַראַ־טונגען און אַ רעפעראַט". אַ צווייטער: „איך האָב נאָך צוויי זיצונגען און אַ לעק־ציע". דער דריטער האָט זיך אָנגעכאַפּט ביים קאָפּ: „אין פיר קאָמיסיעס... אַ מאַסע מיט רעזאָלוציעס"... דער חבר וואַקס — אַן אויפגעקאָכטער וואָס האָט ביי אים זעלטן געטראָפן, ווייל ס'איז געווען שווער אים אַרויסצוברענגען פון זיין „מאַ־יעסטעטישער רויקייט און געטלעכן געדולד" — ווי אַ סך פון זיינע באַוועג־דערער האָבן באַצייכנט זיין אַקאַדעמישע קילקייט — האָט זיך געווענדט צו די חברים, וואָס האָבן געהאַלטן ביים אויפשטיין שוין: „בלייבט זיצן, איך בעט אייך. האָט געדולד מיטן חבר סמוטנער, לאָזט אים זאָגן וואָס ס'דריקט אים, לאָזט אים אויסרעדן זיך". ער האָט דאָס געזאָגט אין אַזאַ טאָן, אַז כמעט אַלע האָבן פאַר־שטאַנען, וואָס ער מיינט. זיינע גרויסע און שיינע טרוימערישע אויגן זענען אַצינד געווען פול רחמנות מיטן קראַנקן. אַ סך האָבן, ווי אין פּיעטעט, אַראָפּ־געלאָזט די קעפּ.

דער חבר מאָט, מיט אַ געמאַכט ווייך און טרויעריק קול, האָט זיך געבעטן ביים קראַנקן: „חבר סמוטנער... באַמיט זיך צו רעדן עטוואָס שטילער, נישט אַזוי אויפגערעגט"...

נאָר דער קראַנקער איז געווען זייער הייזעריק; ער האָט געמוזט כמעט שרייען, כדי מ'זאָל אים הערן. און ער האָט טאַקע געשריגן: „זינט די דייטשן האָבן פאַרלאָזט אונדזער פאָטערלאַנד, גייען מיר פון איין „זיג" צום אַנדערן... מיר האָבן די מאַכט געהאַט אין גאַנצן אין אונדזערע הענט; אָבער מיר האָבן זי איבערגעגעבן דער בורזשואַזיע, אונדזער קלאַסן־שונא. איך וויל מיך נישט מער אַריינלאָזן אין די מאָטיוון, ווייל אַ סך וויכטיקער איז אַצינד פאַר אונדז די פראַגע: וואָס האָבן מיר אויפגעטאָן — צו ערשט מיט דער גאַנצער און דער־נאָך מיט דער ווייניקער מאַכט — וואָס מיר האָבן נאָך ביז אויפן היינטיקן טאָג? אָט זענען מיר ביי אַ זיצונג, ביי וועלכער מיר באַטראַכטן מיטלען ווי אַזוי מיר זאָלן באַוואָרענען, אַז די מאַכט, וואָס מיר באַזיצן זאָל בלייבן אין אונדזערע הענט און קריגן נאָך מער. אַלע כוחות, וואָס מיר האָבן וועלן מיר אָן אין קאַמף מיט די אַנדערע פּאַרטייען, באַזונדערס אָבער מיט די לינקע, פאַר מאַכט, מאַכט און מאַכט. צו וואָס אָבער דאַרפן מיר זי? צו וואָס טויג זי אונדז? האָבן מיר מיט דער מאַכט, וואָס מיר האָבן געהאַט כמעט אַן אַבסאָלוטע און די וועלכע מיר האָבן נאָך — דעם סאָציאַליזם דערנענטערט אויף איין שפּאַן? פאַרקערט, דער

סאָציאַליזם האָט זיך אין אונדזער לאַנד, פון נאָך דער מלחמה אָן אַלץ מער און מער דערוועטערט. וואָס איר זאָלט נישט פאַרשטיין אונטער סאָציאַליזם: פריי־הייט, אָדער עקאָנאָמישע באַדינגונגען, צי ביידעס צוזאַמען — האָבן מיר אַצינד ווייניקער ווי מיר האָבן געהאַט אַפילו בעת דער מלחמה מיט רוסלאַנד. אַזאַ אַרבעטסלאָזיקייט, אַזאַ אָרעמקייט ביים אַרבעטער און אַזאַ דלות ביים פויער, אַזאַ שפלות און יאוש, כמעט ביי אַלע שיכטן פון דער באַפעלקערונג, חוץ ביי דער בורזשואַזיע; אַזאַ יקרות, אַזאַ הפקרות און אַזאַ פינצטערע רעאַקציע — אַזעלכעס האָבן מיר נאָך קיין מאָל נישט געהאַט! ווען מיר האָבן אין גאַנצן קיין מאַכט נישט געהאַט, ווען מיר זענען געווען (אונטער דער צאַרישער הער־שאַפט און אַפילו אונטערן שונאס אָקופּאַציע) אונטערדריקט און פאַרפאָלגט — האָבן מיר זיך גייסטיק הויך אויפגעהויבן. מיר זענען דעמאָלט געשטאַנען אויף אַ הויכער שטופע פון אונדזער סאָציאַליסטישער מאָראַל און עטיק. מיר האָבן דעמאָלט געקעמפט און געליטן; אָבער אין אונדזערע ליידן זענען מיר געווען די זיגער. הײַנט אָבער — זיגער — זענען מיר געפאַלענע, און מיר פאַלן אַלץ נידעריקער און נידעריקער! ווייל מיר האָבן פאַרראַטן — און פאַרראַטן אַלץ מער און מער — די הייליקייט פונעם סאָציאַליסטישן אידעאַל, די ערלעכקייט צום פרינציפּ געראַכטיקייט, די פעיִקייט זיך מקריב צו זיין פאַרן אמת! מיר האָבן זיך פאַראייניקט מיט דער רעאַקציע און צוזאַמען מיט איר צעטרעטן מיר אַלץ, וואָס פאַר אונדז פלעגט באַטייטן מער ווי עקאָנאָמישער געווינ, וואָס פלעגט פאַר אונדז זיין דער עיקר! דער קאַפּיטאַליזם איז אין דער מלחמה אָפּגעשוואַכט געוואָרן. מיר אָבער האָבן אים געהאָלפן זיך ווידער שטעלן אויף די פיס און ווערן חוצפהדיקער, אויב נישט נאָך שטאַרקער! מיר האָבן אים געהאָלפן צוריק אויפבויען דעם מיליטאַריזם און מיר העלפן אים צוגרייטן די צווייטע וועלט־מלחמה! דאָס אַלץ רופן מיר קאָמפּראָמיס. און מיר באַרעכטיקן יעדן קאָמפּראָ־מיס מיט אַ צוגעטראַכטער מאַרקסיסטישער טעאָריע, אָנווייזנדיק דאָביי אויף דער גרויסער חכמה, אַז דער סאָציאַליזם קאָן געבויט ווערן נאָר שטופנווייז, אַז ער אַנטוויקלט זיך פונעם קאַפּיטאַליזם אַרויס. דער קאַפּיטאַליזם, גלייבן מיר, גראָבט זיך אַליין זיין קבר. אם כן, מוזן מיר וואַרטן ביז ער וועט דעם קבר האָבן אויסגעגראָבן, ביז ער וועט זיך האָבן אַריינגעלייגט אין אים... דאַן וועלן מיר אים צושיטן... ווען מיר וואָלטן געווען פרום — וואָלטן מיר נאָך באַדאַרפן — ווען ס'וועט קומען די צייט — זאָגן קדיש... מיר זענען היסטאָרישע מאַטעריאַ־ליסטן... ניין, קעגן דעם קאַפּיטאַליזם וועלן מיר מיט וואָפן נישט קעמפן; קעגן דעם קאָמוניזם אָבער יאָ: גיבן מיר דען אַצינד נישט אַוועק אַלע אונדזערע כוחות אינעם קאַמף קעגן דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי הי און קעגן דער באָלשעוויס־טישער רעגירונג אין רוסלאַנד, שטאָט צו קעמפן קעגן דעם קאַפּיטאַליזם?! זענען מיר נישט גרייט ווידער בלב ונפש זיך אַריינצוואַרפן אין אַ מלחמה קעגן רוסלאַנד, ווי מיר האָבן דאָס געטאָן אין 1920?!" ער האָט זיך געווענדט ספּע־ציעל צו די חברים ברודניצקי, אָגאָנעק און טשאַרניעק: „שטימען מיר נישט

אין סיים פאַר די מיליטערישע בודזשעטן, ווי די דייטשע סאָציאַלדעמאָקראַטיע האָט געשטימט פאַר אַלע מלחמה־בודזשעטן אין 1914—1918 ?"

ביז איצט האָבן די חברים זיך באַהערשט, געלאָזט דעם קראַנקן זיך אַראָפּ־רעדן פון האַרץ, טראַכטנדיק דאָבײַ, אַז דאָס רעדט זיין פיבער, וואָס האָט גע־בלישטשעט אין זיינע אויגן. ווען ער האָט אָבער באַרירט די פראַגע וועגן די קאָמוניסטן און וועגן די באָלשעוויקעס אין רוסלאַנד, האָבן אַלע פאַרלוירן די געדולד. אויפגעקאָכטע — האָבן אַ סך געשריגן: „מיר טוען דאָס זעלבע, וואָס די באָלשעוויקעס טוען אין רוסלאַנד מיט אונדזערע חברים! — דאָס, וואָס די היגע קאָמוניסטן וואָלטן געטאָן מיט אונדז ווען זיי וואָלטן געהאַט די מאַכט! — מיר קאָנען נישט קעמפן קעגן דער בורזשואַזיע ווירקזאַם און דערפאָלגרייך וועגן די קאָמוניסטן! — זיי פאַרראַטן דאָך יעדן קאַמף, וואָס מיר ווילן אונטער־נעמען! — זייער גאַנצע פּאָליטיק איז פון מאָסקווע! — געווענדט קעגן אונדז! — אַפילו די סטרייקן זענען בלויז מאַנעוורעס, אונטערצוגראָבן אונדזער פּאַרטיי! — קעמפן זיי דען פאַר סאָציאַליזם? — פירן זיי דען בײַ זיך אין רוסלאַנד נישט איין צוריק דעם קאַפּיטאַליזם? — פירן זיי דען נישט געהיים דיפּלאָמאַטיע מיט די קאַפּיטאַליסטישע מלוכות? — שליסן זיי נישט קיין אָפּמאַכן מיט זיי? — זיי קעמפן פאַר מאַכט! — דער איינציקער ווערט פאַר זיי, איז מאַכט!" די דריי געסט־חברים האָבן מוסיף געווען: „אונדזער פאָטערלאַנד מוז האָבן אַ גרויסע און שטאַרקע אַרמיי צו קאָנען זיך פאַרטיידיקן קעגן די באָלשעוויסטישע חיילות, קעגן דער רויטער אַרמיי, וואָס גרייט זיך אונדז צו באַפאַלן! — רוסלאַנד וויל ווידער הערשן איבער פוילן, ליטע, לעטלאַנד — איבער אַלע לענדער איבער וועלכע די צאַרן האָבן געהערשט ביז דער מלחמה!"

דער חבר סמוטנער איז אויפגעשפּרונגען: „מיר גרייטן צו אַן אַרמיי אויף אָנצופאַלן און נישט אויף צו פאַרטיידיקן זיך! און אָנפאַלן נישט אויף דייטש־לאַנד, נאָר צוזאַמען מיט אַנדערע קאַפּיטאַליסטישע לענדער אויף רוסלאַנד!"

דער חבר ברודניצקי, אַ געפאַקטער, מיט צוויי שפּיציקע וואָנסעלעך ווי מעשענע שטיפטלעך, האָט אַ זעץ געטאָן מיט אַ פויסט אינעם טיש: „אַזוי זאָגן בלויז די ייִדישע חברים אונדז'ערע! אייער פּאַטריאָטיזם"...

די ייִדישע חברים האָבן געוווּסט, אַז דער חבר ברודניצקי איז אַ באַהאַל־טענער אַנטיסעמיט. ער האָט זיך איצט פאַרראַטן. זיי האָבן אים געוואָרפן אין פּנים אַריין: „מיר האָבן געוווּסט, אַז איר זענט אַן אַנטיסעמיט!"

דערויף האָט דער חבר אַגאַנעק געענטפערט: „ס'איז אָבער אַ פאַקט, אַז די מייסטע קאָמוניסטן, באַזונדערס די קאָמוניסטישע אינטעליגענץ, זענען, ,סטאַרי זאַקאַני'! פאַר וואָס לייקענען? מיר קאָנסטאַטירן דעם אמת. דאָמיט זענען מיר נישט קיין אַנטיסעמיטן. איר חברים זענט צו סענסיטיוו, קרענקלעך; יעדער, וואָס וויי'זט אייך אָן אויף אייערס אַ נאַציאָנאַלן פעלער — איז פאַר אייך אַן אַנטיסעמיט".

דער חבר טשאַרניעק, אַ ייִד, האָט מסכּים געווען מיט די צוויי חברים פון

זיין פּאַרטיי. דער חבר וואַקס, אַ נאַציאָנאַל באַוווסטער און שטאָלצער ייד, איז געווען שטאַרק שאָקירט. ער האָט זיך נישט געלאָזט פּאַרפירן פונעם חבר אָגאָ־נעקס כיטרע רייד און איז קעגן אַלע דריי אַרויסטראָטן מיט דער גאַנצער שאַרפ־קייט פון זיין אינטעלעקט און בייסנדיקן סאַרקאַזם. דער חבר סמוטנער איז אַצינד שוין געווען אין גאַנצן אויסער זיך און אין זיין פּאַרצווייפלונג בלויז נאָך געכאָרכלט: „אָט ווי ווייט מיר זענען געקומען אין אונדזערע קאָמפּראָמיסן מיט דער בורזשואַזיע, מיט דער רעאַקציע! — איז אַ ווונדער, וואָס אַ גאַנץ, גאַנץ גרויסער טייל פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, מיט וועלכער מיר גייען צוזאַמען, איז אָנגעשטעקט און דורכגעפרעסן מיטן אַנטיסעמיטישן סם?"

די דריי געסט האָבן גענומען טומלען. אַלע האָבן געשריגן.

מאַלטשע האָט געעפנט די טיר. די גאַנצע צייט, הערנדיק איר קראַנקן מאַן שרייען, האָט זי געוואָלט אַריינגיין אים צו באַרויקן, נישט צו לאָזן אים זיך אַזוי אויפרעגן. אָבער זי האָט אַלץ געוואַרט, געהאָפט, אַז די חברים וועלן דאָס טאָן. זי האָט נישט געוואָלט אויסקומען ווי אַ פּרוי, וואָס שטערט איר מאַן אין זיין טעטיקייט. איז זי געפאַלן אויף אַ המצאה: זי האָט דעם קראַנקן אַריינ־געבערענגגט אַ גלאָז מילך. די חברים זענען אַלע שטיל געוואָרן. די געסט האָבן אויסגענוצט די געלעגנהייט. אין אַ שטאַרק מיטפילנדיקן טאָן האָבן זיי געזאָגט: אַז לויט זייער מיינונג זאָל מען דעם קראַנקן איצט שוינען, באַזונדערס איבער דער צייט פון די וואַלן, ביז דאָס וועטער וועט זיין אַ בעסערס. זיי האָבן זיך געזעגנט, געדריקט וואַרעם דעם קראַנקן חבר די האַנט, אים געוווּנטשן אַ רפואה שלמה, און זענען אַוועקגעגאַנגען. אויך די יידישע חברים האָבן געוואָלט אַוועק־גיין; נאָר זיי האָט דער חבר סמוטנער נישט אַוועקגעלאָזט.

4

מאַלטשע איז צוריק אַרויסגעגאַנגען ווען דער מאַן האָט איר צוגעזאָגט, אַז ער וועט זיך נישט מער אויפרעגן. ער האָט זיך באַמיט צו האַלטן וואָרט און דעריבער גערעדט רויק און געלאַסן, אָנהייבנדיק: „חברים! ווי אונדזערע פרומע יידן מוזן מיר זאָגן: „סלח לנו אבינו כי חטאנו". מיר סאָציאַליסטן האָבן געזינדיקט און מיר הערן נישט אויף ווייטער צו זינדיקן. מיר זענען געוואָרן דיפּלאָמאַטן, מיר פירן פּאָליטיק — פּאַרטיי־פּאָליטיק. וווהין זענען מיר געקומען מיט אונדזער פּאָליטיק? — אַהין דאָרט, ווו פּאָליטיק פירט. און ווייל מיר גייען צוזאַמען מיט דער רעאַקציאָנערער רעגירונג, אָדער מיר גיבן זיך בלויז אונטער און שלעפּן זיך נאָך די רעאַקציאָנערן אין דער רעגירונג — מיר מאַכן קאָמ־פּראָמיסן, וואָס מיר רופן פּאַרטיי־פּאָליטיק — וועלן מיר אַריינפאַלן אין דעם שרעקלעכן אָפּגרונט פון דער אימהדיקער קאַטאַסטראָפע, וועלכע איז שוין נישט ווייט."

די חברים האָבן דעם קראַנקן חבר נישט איבערגעריסן. זיי האָבן געטראַכט, אַז אַצינד האָט ער אַוודאי גאָר שטאַרקן פיבער. דער קראַנקער האָט אַ סך

געהוסט און געשפּיגן אין אַ בלוטי פלעשעלע אַריין, וואָס ער האָט יעדעס מאָל אַרויסגענומען פון קעשענע און זיך דערביי אַוועקגעדרייט פון די חברים. זיין אָטעם איז געווען אַ שווערער, אַ פייפנדיקער. די חברים האָבן מורא געהאַט פאַר אַ בלוטשטורץ. זיי האָבן זיך משער געווען אַז דעם קראַנקנס טעג זענען אוודאי שוין געציילטע. חוץ דעם חבר מאַט איז דער חבר סמוטנער אַלעמען געווען ליב און טייער. אָבער אַצינד זענען אויף דעם חבר מאַטס געפילן געווען צאַרטע און באַוועגטע וועגן דעם קראַנקנס טרויעריקן צושטאַנד. אַלע האָבן אַצינד געהאַט איין געדאַנק: לאָזן זייער קראַנקן חבר זאָגן וואָס ער וויל, נישט ענטפערן אים, זיך נישט אַנטקעגנשטעלן זיינע רייד, נישט דיסקוטירן — אים נישט אויפ־רעגן. ס׳איז זיי אויסגעקומען אַז דער קראַנקער איז פרום געוואָרן, אַז ער האָט אַ באַדערפעניש — פאַרן טויט — זיך מתוודה צו זיין. דאָס האָט זיי שטאַרק געריירט. אָבער זיין פרומקייט אַצינד האָט זיי באַוויזן, אַז ער איז קיינמאָל נישט געווען קיין פעסטער, אויסגעהאַלטענער מאַרקסיסט. אַזוי זענען די מיינסטע ראַדיקאַלן, וועלכע זענען אַמאָל געווען פרום, האָבן געלערנט אין אַ ישיבה, אָדער אין אַ בית־מדרש. זיי בלייבן מאָראַליסטן.

דער חבר וואַקס האָט אין מאַיעסטעטישער טרויעריקייט אַראָפּגעלאָזט דעם שיינעם קאָפּ. האַלטנדיק דעם בליק פון זיינע הערלעכע אויגן אַראָפּגעלאָזט אויף די לאַנגע, איידעלע הענט — וואָס האָבן איבערגעקרייצט גערוט אויפן טיש — האָט ער זיך פאַרטיפט אין טרויעריקע געדאַנקען. ער האָט דאָס געטאָן בעת דער קראַנקער האָט גערעדט.

„אַלדאָס ביז״, האָט דער חבר סמוטנער ממשיך געווען, „זעען מיר אין די קאָמוניסטן. די רעאַקציאָנערן, די קאַפּיטאַליסטן, רייבן זיך די הענט פון הנאה: מיר האָבן פאַרגעסן אַז זיי און פירן פאַר זיי דעם קאַמף מיט זייער געפערלעכסטן שונא — די קאָמוניסטישע פאַרטיי. ס׳פּאַלט אונדז גאַרנישט איין אַפילו זיך צו פרעגן: איז אונדזער קאַמף נאָך אַלץ אַן אידעאָלאָגישער, אָדער איז׳ס שוין בלויז בלוטיקער ברודערהאַס, ווייל מיר האָבן דעם קאַמף קעגן דעם קאָמוניזם פאַרשפּילט? לעכצן מיר נישט אַצינד — ווי אַלע באַזיגטע — נאָך בלוטיקער נקמה אינעם זיגער? מיר גיבן זיך נישט אָפּ קיין דין וחשבון, אַז אונדזער גאַנצער קאַמף — אַצינד — איז נישט מער ווי דורשט נאָך נקמה, ווייל מיר האָבן פאַרשפּילט, נישט בלויז אינעם פיזישן קאַמף קעגן די באָלשעוויקעס אין רוסלאַנד, מיר האָבן פאַרלוירן אונדזער אידעאָלאָגישן, טעאָרעטישן קאַמף! מיר האָבן דעם קאַמף פאַרלוירן אין יענעם מאָמענט, ווען מיר האָבן זיך פאַר־נומען אויפן וועג פון פשרות מיטן קאַפּיטאַליזם, אין יענעם מאָמענט, ווען מיר האָבן באַשלאָסן דעם סאָציאַליזם אויסצוקעמפן אין פאַרלאַמענט, אין יענעם מאָמענט, ווען מיר זענען געוואָרן רעפאָרמער. אַן רעוואָלוציע און אַן מאַרקס׳ „קאָמוניסטישן מאַניפעסט״ זענען מיר ליבעראַלן, דעמאָקראַטן, אַמעריקאַנער „טרייד יוניאָניסטן״, ענגלישע „לעיבאָריסטן״, אָבער נישט קיין סאָציאַליסטן!״

די חברים האָבן פּלוצים איינגעזען, אַז זיי האָבן פריער געמאַכט אַ טעות.

דער חבר סמוטנער איז נישט פּלוצים געוואָרן פרום; ער איז פּשוט געוואָרן אַ קאָמוניסט.

דער חבר וואַקס האָט אַ דערשטוינטער געפרעגט: „וואָס זאָל דאָס באַטייטן, חבר סמוטנער? — איר פאַרטיידיקט דעם באָלשעוויזם?" — — —

דער קראַנקער האָט געענטפערט: „ניין. איך וויל בלויז אייגענעם דין וחשבון און דאַן זאָלן מיר זיך מודה זיין: אפשר זענען מיר שולדיק, לכל הפחות מיט־שולדיק?"

דער חבר מאַט האָט געפרעגט איראָניש: „ווי אַזוי?"...

דעם קראַנקן האָט נישט געקימערט די איראָניע. ער האָט געענטפערט מיט דער גרעסטער פשטות: „ווייל ווען מיר האָבן אין רוסלאַנד, אָקטאָבער 1917 פאַרלוירן, האָבן מיר זיך דאָרט גענומען צו קאָנספּיראַציע, צו סאַבאָטאַזש און פאַרלוימדונג".

דער חבר וואַקס האָט דעם קראַנקן דערמאָנט: „מיר האָבן אונדזער רעוואָ־לוציאָנערע אַרבעט שטענדיק געטאָן קאָנספּיראַטיוו און שטענדיק האָבן מיר געפירט פּראָפּאַגאַנדע. אויפקלערונג איז שטענדיק געווען דאָס שטאַרקסטע גע־ווער אונדזערס".

דער חבר סמוטנער האָט צוגעגעבן: „ריכטיק. אָבער מיר האָבן קיין מאָל נישט געקעמפט קעגן אַן אַרבעטער־און־פּויערן־רעגירונג, קעגן אייגענע ברידער. אין אונדזער אויפקלערונג האָבן מיר קיין ליגנס נישט באַנוצט, תמיד דעם אמת, בלויז דעם אמת. דעריבער אונדזער גרויסער דערפאָלג שטענדיק. דאָס איז געווען די צוגרייטונג צו דער רעוואָלוציע, צו שטירצן דעם קאַפּיטאַליזם. אונדזער קאַמף דאַרף ווייטער זיין געווענדעט קעגן דעם קאַפּיטאַליזם, נאָר קעגן אים, און נישט קעגן אַנדערע סאָציאַליסטישע באַוועגונגען. ניין, קיין ברודער־קאַמף! איך וויל נישט קיין ברודערקאַמף!"

„איצט אָבער", האָבן אַלע, חוץ דער חבר הערש, געשריגן צוזאַמען מיטן חבר וואַקס, „זענען די גרעסטערע שונאים אונדזערע, די געפערלעכע — די קאָ־מוניסטן, דער באָלשעוויזם!"

איבערן קראַנקנס געלן פּנים האָט זיך צעגאָסן אַ ווייטיקלעכער שמייכל: „מיר קעמפן אַלזאָ קעגן אַן אידעע: קעגן דעם קאָמוניזם. מיר טוען דאָס זעלבע, וואָס די רעאַקציע אין אַלע צייטן האָט געטאָן. קאָן מען אַן אידעע אומברענגען, דערשיסן? קאָן מען זי פאַרניכטן דורך ליגנט, דורך פאַרלוימדונג? מיר ייִדן זענען אַ קליין פאָלק. טויזנטער יאָרן, אַז די פעלקער פון דער וועלט מאָרדן אונדז און ווילן אונדז אויסראָטן, ווייל מיר זענען די טרעגער פון גרויכע אידעען: גערעכטיקייט, אמת, ליבע צום אַנדערן — סאָציאַליזם. יאָ, פריינד מיינע און חברים. אונדזער תורה, אונדזער ייִדישקייט איז אין קווינטעסענץ סאָציאַליזם. די פעלקער האָבן אונדזער תורה, צוזאַמען מיט אונדז, דאָס ייִדישע פאָלק, די שעפער פון דער תורה, געברענט אויף שייטערהויפנס; טויזנטער, הונדערטער־טויזנטער, מיליאָנען ייִדן האָט מען פאַרברענט און אומגעברענגט מיט אַלע מיתה־

משונות, אָבער נישט די תורה, נישט די אידעע. און ווען מ׳וואָלט אונדז אַלע, דאָס גאַנצע ייִדישע פאָלק געוועז פאַרניכטעט — די תורה וואָלט ווייטער געלעבט, די אידעע פון גערעכטיקייט, פון אמת און ליבע צום מענטש, דער סאָציאַליזם, די באַפרייונג, די דערלייזונג — דאָס וואָלט ווייטער געלעבט. רוים האָט אונדז געקוילעט און געברענט; אָבער אונדזער תורה, אונדזער אידעע פון גערעכ־טיקייט און ליבע איז אַריינגעדרונגען אינעם רוימער און אַ סך פעלקער זענען געוואָרן די טרעגער פון אונדזער אידעע. זעט, מיינע חברים און פריינד! שטעלן זיך די קאָמוניסטן — הי און אומעטום — אָפּ פאַר קרבנות? און די באָלשע־וויקעס: האָבן זיי נישט געקעמפט ווי גבורים? האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט פאַר די שווערסטע קרבנות? און איצט? ווי הערא׳יש זיי ליידן און קעמפן! די אָרעמ־סטע דאָהי לעבן דאָך אין פאַרגלייך מיט די אַרבעטנדיקע אין רוסלאַנד אַ גליק־לעך לעבן. דאָך, ווי הייליקע אַרבעטן זיי שווייגנדיקע מיט די לעצטע כוחות אויפצובויען אַ בעסער און שענער לעבן, אַ גערעכטערעס ווי ביז איצט. נישט פאַר זיך, פאַר די שפּעטערע דורות. אמת, זיי האָבן געמאָרדעט און הערן נישט אויף נאָך ווייטער צו מאָרדן אונדזערע חברים, זיי הערן נישט אויף אונדז צו פאַרלוימדן אויפן געמיינסטן, נידערריקסטן און שענדלעכסטן אופן; אָבער מיר זענען דערין אַליין שולדיק".

ווידער די זעלבע עמפערונג פון די חברים: „ווי אַזוי? ווי אַזוי?"

רו׳יק און געלאַסן האָט דער קראַנקער חבר געענטפערט: „מיר האָבן זיי דאַצו געטריבן. פאַרשפּילט אין אָפענעם קאַמף — האָבן מיר זיך באַדאַרפן אונ־טערגעבן און ווי ברידער צוזאַמען בויען דעם סאָציאַליזם. מיר אָבער האָבן אונ־טערגענומען אַ מלחמה קעגן זיי און פירן זי — פאַרביטערטע — ביז אויפן היינטיקן טאָג. זיי פאַרטיידיקן זיך".

דער חבר וואַקס האָט אים איבערגעריסן: „איך קאָן אייך נישט פאַרשטיין, חבר סמוטנער! סיידן... איר רעדט פון היץ".

דער קראַנקער האָט געשמייכלט: „די היץ לייכט אויף דעם אמת פאַר מיר"...

„אָבער ווי אַזוי האָבן מיר געקאָנט גיין מיט זיי צוזאַמען", האָט דער חבר וואַקס געפרעגט, „אַז זיי האָבן פאַרראַטן דעם סאָציאַליזם?! ווי קאָן זיין סאָציאַ־ליזם אָן פרייהייט און דעמאָקראַטיע? ווו איז דער אונטערשייד צווישן דיקטאַטאָר פון אַן אַרבעטער און פויערים־רעגירונג, און רעאַקציע פון אַ קאַפּיטאַליסטישער רעגירונג? דער באָלשעוויזם האָט צעטראָטן אונדזערע הייליקסטע אידעאַלן!"

דעם קראַנקנס געל פּנים איז געווען צעריסן פון ווייטיק. ער האָט געקרעכצט: „אַך, מיר זענען פאַרשפּינט אין אַ נעץ פון פראַזן. אָן רעוואָלוציע איז נישטאָ קיין עוואָלוציע. עוואָלוציע גרייט צו רעוואָלוציע. די זיגער אין אַ רעוואָלוציע בלייבן אויף דער וואַך — דאָס איז זייער פליכט — קעגן אַ קאָנטררעוואָלוציע. דיקטאַטור איז דאָס שטיין אויף דער וואַך. פרייהייט און דעמאָקראַטיע קאָן זיך אָנהייבן ערשט ווען דער זיג פון דער רעוואָלוציע איז געזיכערט און באַפעסטיקט. דאַן נעמט די עוואָלוציע איבער איר אַרבעט אויף צוצוגרייטן אַ נייע רעוואָ־

לוציע. אַזוי וועט עס געדויערן ביז די אַנטוויקלונג פונעם גייסט וועט צוקומען צום ציל — צום סוף. דעמאָקראַטיע און פרייהייט גלייך נאָך אַ רעוואָלוציע מיינט: אָפּן לאָזן די טיר פאַר דער רעאַקציע. נישטאָ קיין לאַנד, אין וועלכן די באַפעלקערונג איז עקאָנאָמיש נישט צעטיילט אין צוויי קעגנזאַצן, אין אָרעמע און רייכע, ווו דעמאָקראַטיע און פרייהייט הערשט באמת פאַר ביידע טיילן גלייך. דעמאָקראַטיע באַטייט גלייכהייט, נישט אַלס געשריבענע און גערעדטע פראַזע, נישט אַלס גלייכע געלעגנהייט און רעכט פאַר יעדן רייך צו ווערן, ווייל דאָס מיינט אין ווירקלעכקייט נאָר פאַר איינציקע; גלייכהייט (אין ווירקלעכקייט) מיינט בלויז איינס: גלייכע פליכטן רייכטום צו שאַפן און גלייכע פאַרטיילונג פון געשאַפענעם רייכטום. אַנדערש איזס בלויז זאַמד, וואָס די באַזיצנדע שיטן אין די אויגן פון די באַזיצלאָזע. דעריבער שטייען מיר פאַרן אָפּגרונט, אין וועלכן די צווייטע וועלט־מלחמה, וועלכע מיר העלפן צוגרייטן, וועט אונדז אַלע אַריינשליידערן".

די געלקייט פונעם קראַנקנס פּנים האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ גרינלעכער ווײַסקייט. קוים ער האָט נאָך געשעפּטשעט: „קיין קאָמוניסט בינעך נישט געוואָרן. מ'פאַרנעמט זיך נישט אויף אַ נייעם לעבנסוועג ווען מ'שטייט מיט ביידע פיס שוין אויפן ראַנד פון קבר. אָבער איך האָב חרטה און טו תשובה אַ שעה פאַרן טויט אויף דער זינד, וואָס איך בין באַגאַנגען מיט מיין זיין באַטייליקט אינעם פאַרראַט קעגן די סאָציאַליסטישע אידעאַלן. איר, חבר מאַט"... זיין קאָפּ איז אַרויפגעפאַלן אויפן אַנלען פונעם פאָטעל. פון זיין מויל האָט זיך גענומען גיסן בלוט.

דער חבר הערש איז געוועזן דער ערשטער לעם קראַנקן. אַ פאַרצווייפלטער האָט ער געשריגן: „אַ דאָקטער! — די גיכע הילף!"

ס'איז אַריינגעפאַלן מאַלטשע.

דער חבר וואַקס איז צוגעלאָפן צום טעלעפאָן און געקלונגען צו אַ דאָקטער. דעם קראַנקן האָט מען אַוועקגעלייגט אויף דער זאָפאַ.

קאַפּיטל צוויי און צוואַנציק

## ס'גייט אין עיקר, אין דאָס העכסט מענטשלעכע

1

דעם חבר באַריס האָט מען אָנגעהויבן רופן „אַלטער סטודענט" אַ ביסל צו פרי. דאָך איז דערין געווען אַ געוויסע באַרעכטיקונג: ערשטנס, ווייל שוין אין זיין פריסטער יוגנט האָט ער אויסגעזעען ווי אַן אַלטער בחור און איז טאַקע שוין געווען אַ געזעצטער מענטש און ווייל זיין צוקונפטיק מזל איז עפּעס אויף

אַ מאָדנעם אופן געווען אָנגעשריבן אויף זיין פּנים: אַז ער וועט פאַרבלייבן אַן אַלטער סטודענט. פון ענדיקן דעם יורידישן פאַקולטעט האָט מער קיין רייד נישט געקאָנט זיין: ער האָט געוווסט, אַז ביים לעצטן עקזאַמען וועט מען אים נישט דורכלאָזן. האָט מען דאָך אים געמאַכט שוועריקייט ביי יעדן עקזאַמען פון אָנהייב אָן און נישט איין מאָל האָט ער געמוזט בלייבן זיצן אויף נאָך אַ סעמעסטער. געוויס וואָלט מען אים שוין לאַנג משלח געווען פונעם „טעמפּל" פון וויסן; אָבער נאָך יעדן דורכפאַל האָט זיך אָנגעהויבן אַ שתדלנות און מ'האָט אים דער־לויבט ווייטער צו שטודירן. ביז קיין שתדלנות האָט מער נישט געהאָלפן און דער חבר באָריס האָט געמוזט אויפגעבן יוריספּרודענץ. ער איז דאַן איבערגע־גאַנגען צו פּאָליטישער עקאָנאָמיע, צו געשיכטע, פילאָזאָפיע — אַבי צו בלייבן צווישן די פיר ווענט פון דער אוניווערסיטעט. זיין ציל איז שוין נישט געווען מער אַזוי שטאַרק אַ דיפּלאָם, אויך נישט די דורשט נאָך בילדונג, ווי צו פאַר־שפּרייטן די קאָמוניסטישע אידעע צווישן די סטודענטן. נאָך אַ ציל האָט ער געהאַט: צו אָרגאַניזירן, צוזאַמען מיט אַנדערע קאָלעגעס, אַ ווידערשטאַנד קעגן די אַנטיסעמיטיש כוליגאַנישע סטודענטן, וועלכע האָבן אָנגעווענדט אַלע מיטלען אַרויסצושטופּן די ייִדן פון דער אוניווערסיטעט. צוערשט זענען זייערע מיטלען געווען אַלערליי שיקאַנעס; דאַן: אָפּצוטיילן די ייִדישע סטודענטן פון די קריסט־לעכע, זיי אַוועקזעצן אויף באַזונדערע בענק (דעם דאָזיקן איינפאַל האָבן זיי באַקומען פון זייערע אַנטיסעמיטישע פּראָפעסאָרן). ביז די כוליגאַנעס האָבן זיך גענומען צו פיזישער געוואַלד: צו דער פויסט, צו שטעקנס, צו מעסערס.

„עין תחת עין" און „שן תחת שן" איז באַרבאַריזם פון אַלטערטום. אָבער ווען די „גייסטיקע" (מ'שטיינסגעזאָגט) טרייבן מיט שטעקנס און מעסערס קאָ־לעגן פון „טעמפּל פון ליכט" — ווייל זיי זענען ייִדן — מוזן די געשלאָגענע זיך ווערן מיטן זעלבן כלי־זין. די ייִדישע סטודענטן האָבן די מלאכה פון געבן צוריק קלעפּ גאַנץ גוט געקאָנט. בלויז: אין פיזישן קאַמף אַנטשיידט די צאָל. דעריבער זענען יעדעס מאָל די זיגער דאָך געווען די קריסטלעכע שלעגער, די אָנפאַלער, און די ייִדישע סטודענטן זענען אַוועק צעביילטע און צעבלוטיקטע.

באָריס איז אַהיימגעקומען מיט אַ ווייסבאַנדאַזשירטן קאָפּ. צו דערזען זייער זון, דעם סטודענט אַהיימקומען פון דער אוניווערסיטעט אַ צעקיילטן און צע־ביילטן מיט אונטערגעהאַקטע אויגן — דערצו זענען ר' מענדל זילבער און זיין פרוי יוליאַ שוין געווען כמעט געוווינט. זיי האָבן זיך אָבער גאָר שטאַרק דער־שראָקן דערזעענדיק אים מיט אַ ווייסבאַנדאַזשירטן קאָפּ. די עלטערן האָבן זייער „זאָרגנקינד", ווי זיי האָבן באָריסן אָפט גערופן, צו ערשט שיִער נישט דערקענט. פון דער ווייסער גאַזע האָט אַרויסגעקוקט בלויז דאָס פּנים, אָן אויערן, אָנעם שטערן, אַפילו אָן די ברעמען. די אויגן אָן ברילן. פון דער דערשראָקענער מוטער האָט זיך אַרויסגעריסן: „חושך איז מיר!" דער פאָטער, נישט ווייניקער דער־שראָקן, האָט זיך באַהערשט (ווי ס'געהערט זיך פאַר אַ מאַן) און בלויז גע־פרעגט: „ערנסט?"

באַריס האָט זיך געצוווּנגען צו אַ שמייכל און געשפּאַסט: „דו מיינסט די קלעפּ? — נישט צו ערנסט. בלויז אַ פּאָר לעכער, עטלעכע מעסערשניטן. אַ דאָק־טער האָט צוגענייט".

דער פאָטער האָט טרויעריק געזאָגט: „דו מאַכסט אונדז זאָרגן, באַריס".

דער זון האָט אָבער דערזען, וואָס ס'איז געשען אין דער היים און געפרעגט: ס'איז געשען דאָס אומפאַרמיידלעכע? — — —

די מוטער האָט זיך צעוויינט: „דער אומפאַרמיידלעכער סוף".

אין געוועלב האָט אויסגעזען ווי נאָך אַ פּאָגראָם. פון די פּאָליצעס האָט נישט בלויז געפעלט די סחורה, נאָר די פּאָליצעס אַליין זענען געווען צעבראָכן און די ברעטער זענען געלעגן אויפן דיל. ס'האָבן זיך געוואַלגערט פּאַפּירענע בייטלען און שקאַרמעצן, צעבראָכענע גלעזערנע סלאָיעס, ביסלעך צעשיט מעל און אַנדערע שפּייז, רעשטלעך פון פאַרשידענע סחורות, וואָס אין דער קראָם איז געווען צו פאַרקויפן.

ר' מענדל זילבער האָט דערציילט דעם זון: „די שטייער־באַאַמטע האָבן אַלץ צוגענומען און אַוועקגעפירט. אַפילו די וואָג, דעם בופעט. דאָס, וואָס ס'האָט קיין שום ווערט נישט געהאַט פאַר זיי, האָבן זיי צעבראָכן. דער אומפאַרמיידלע־כער סוף פון אַ סך ייִדישע געשעפטן אין דעם ליבן פאָטערלאַנד. דער חוב פון די נישט געצאָלטע שטייערן איז געוואַקסן. ווי קאָן מען צאָלן, אַז דער שטייער־באַאַמטער לויט זיין ווירקלעכן שאַצן — פאַרלאַנגט צען מאָל אַזוי פיל וויפל מ'פאַרדינט. צאָלט מען נישט און אויפן חוב וואַקסן די פּראָצענטן און די פּראָ־צענטן פון פּראָצענטן. די אַנטיסעמיטישע שטייער־פּאָליטיק אַרבעט גוט. ס'איז אַ פּעטליע, וואָס ציט זיך אַלץ מער און מער צו איבערן ייִדישן האַלדז. נאָך וואָס פּאָגראָמען? דער הונגערטויט איז אַ לעגאַלער, אַ כשרער פאַרן אויסלאַנד. פאַרפאַלן". ר' מענדל האָט אָפּגעזיפצט און איז צוגעגאַנגען צו דער פרוי. אַרויפ־לייגנדיק אַ האַנט אויף אירס אַן אַקסל האָט ער געפּרוווט זי טרייסטן: „הער אויף צו וויינען, יוליאַ. ס'איז דער סוף צו אונדזער קרעמעריי, אָבער נישט, חס ושלום, צו אונדזער לעבן. אפשר האָט אַזוי באַדאַרפן קומען... אפשר איז דאָס פאַר אונדזער טובה וועגן... איך מיין נישט בלויז פאַר אונדז, נאָר פאַר אונדזער גאַנץ ייִדיש פאָלק... גענוג געהאַנדלט, געוואַנדלט, געווען סוחרים, קרעמער, מעקלער. אַ סוף דאַמיט! אַ סוף צום גלות, צום מיאוסן גלות־לעבן!" ער האָט אָנגענומען די פרוי אונטערן אָרעם און זי אויפגעשטעלט: קום, יוליאַ!" דעם זון האָט ער דערציילט: „אפשר דריי שעה זיצן מיר אַזוי ווי אבלים, ווי באַ־טויבט. די גאַנצע קראָם איז שוין לאַנג ווערט געווען, אַז מ'זאָל זי צומאַכן. מ'האָט עס נישט געטאָן, ווייל ס'איז נישטאָ צו וואָס זיך צו נעמען, און ווייל ס'איז נישט געווען מער דער כוח און דער מוט צוצושליסן די טירן. איז גוט וואָס ס'זענען געקומען די „קברנים", די שטייער־באַאַמטע, און האָבן אַוועק־געפירט דעם „בר־מינן". ברוך דיין האמת... לאָמער זיך פרייען, יוליאַ!... קום אַרויף אין שטוב! ס'הונגערט מיך. מיר וועלן עסן. דאַן גיי איך מיך פאַרשרייבן

אויף צו פאָרן קיין ארץ־ישראל. זיי פריילעך, יוליאַ!"... ער האָט געגומען אויך דעם זון אונטערן אָרעם און האָט ביידע אַרויסגעפּירט פון געוועלב. צומאַכנדיק ביידע דרויסנדיקע טירן — נישט פאַרשליסנדיק זיי ווי שטענדיק — האָט ער אויפגעהויבן ביידע הענט צום הימל, כאָטש ער איז שוין לאַנג מער נישט געווען פרום, און געזאָגט אין עקסטאַז: „אַ דאַנק דיר, רבונו של עולם, וואָס דו האָסט מיך אויסגעלייזט פון יאָרנלאַנגער תפיסה! מער ווי אַ תפיסה איז די קראָם דאָך נישט געווען, אַ פּריוויליקע, אַ מין פאַרכישופטע תפיסה".

נאָר דער חבר באָריס איז נישט מיטגעגאַנגען מיט זיינע עלטערן אַהיים עסן, הגם ער איז געווען הונגעריק. ער האָט זיך געאיילט צו אַ זיצונג, ביי וועלכער ער האָט שוין לאַנג באַדאַרפן זיין.

2

די זיצונג איז געווען זייער אַ וויכטיקע. ס'האָט באַדאַרפן באַהאַנדלט ווערן כמעט דאָס זעלבע פּראָבלעם (אויף אַ פאַרקערטן אופן) וואָס דער חבר סמוטנער האָט געשטעלט. די צייט פאַר אַ רעוויזיע איז סוף כל סוף געקומען ביי די רעכטע און ביי די לינקע סאָציאַליסטן. ביי די רעכטע האָט דער חבר סמוטנער, אומדער־וואַרט פאַר די אַנדערע חברים, די רעוויזיע געוואָלט אַרויפצווינגען איידער ער איז געשטאָרבן, און ביי די לינקע האָט דער חבר ליכטענבערג געמאַכט דעם פאָרשלאַג און אַלע האָבן מסכים געווען דאָס פּראָבלעם צו באַהאַנדלען.

דער חבר ליכטענבערג האָט כמעט פון ערשטן טאָג אָן, ווען ער איז געוואָרן מיטגליד פון דער פאַרטיי, אָנגעהויבן האָבן טענות צו איר — ווי ס'איז געווען זיין טבע — אַז זי איז צו דאָגמאַטיש, צו דאָקטרינער. פונקט אַזוי האָט ער אַמאָל געהאַט טענות אין זיין געבורטשטאָט צו די רעכטע, ווען ער איז געווען מיטגליד פון זייער באַוועגונג. ער האָט ביי ביידע געמאָנט מער גייסטיקן און זעלישן שווונג ווי טויטע מעכאַנישקייט, מער עטישע טיפקייט ווי מיליטערישע דיס־ציפּלין, מער דערהויבונג ווי פאַרטייִשע שמאָלקעפּיקייט און ענגהאַרציקייט. נאָר דאָרט האָט מען אים געהאַלטן פאַר אַ בטלן, פאַר אַ בית־המדרשניק, פאַר אַ מגיד; דאָ — פאַר אַ סענטימענטאַלן, פאַר אַ פּראָווינצער. דאָס האָט באַשטעטיקט די חברטע כעליאַ, און אַפילו דער חבר יוזשעק האָט געזאָגט דאָס זעלבע: ביידע יעקבס לאַנדסלייט.

אָבער דווקא אין וואַרשע, אין דער גרויסער שטאָט, האָט דער חבר ליכ־טענבערג באַקומען אַן אידעען־שותף. און נישט קיין אַבי־ווער, נאָר אַן אַקאַ־דעמיקער, אַ יוריסט: דעם אַדוואָקאַט אַדאַם ווייס. דאָס, וואָס יעקב האָט געמאָנט פון דער פאַרטיי אין אַ נישט געבילדעטער שפּראַך, נאָר אין פשוטע ווערטער, וואָס זענען אים געקומען פון האַרץ, האָט דער אַדוואָקאַט באַגרינדעט טעאָרעטיש, „וויסנשאַפטלעך", אַזוי צו זאָגן (יעדנפאַלס נישט ווייניקער „וויסנשאַפטלעך" ווי דער חבר באָריס, דער חבר וואַצלאַוו און די אַנדערע האָבן באַגרינדעט זייער מאַרקסיסטישן שטאַנדפּונקט. ביי ביידע האָט די הויפּטראָלע געשפּילט דיאַלעק־

טישע שאַרפֿקייט, לאָגישע באַגרינדונג, און וואָס אַדאָם ווייס איז אָפּט געווען שטאַרקער). דאָך האָט די גאַנצע צייט געזיגט די פּאַרטיי־רוטין, ווי ס׳איז שטענדיק אין יעדער באַוועגונג. פּשוט דערפֿאַר, ווייל דאָס עטיש־טיפֿע און גייסטיק־דערהויבענע טרעטן ביידע אָפּ זייער פּלאַץ ווען זייערע לערעס ווערן צוגעפּאַסט פֿאַר די מאַסן, פֿאַר דער פּראַקטישקייט פֿונעם קאַמף אינעם עקאָנאָמישן און פּאָליטישן טאָגטעגלעכן לעבן.

נאָך דאָס, וואָס די פּאַרטיי־פּאַרוואַלטונג האָט יאָרנלאַנג נישט נאָכגעגעבן דעם חבר ליכטענבערג און דעם אַדוואָקאַט ווייס, האָט זי שפּעטער נאָכגעגעבן די פֿאָדערונגען פֿון די מאַסן. דער זאָמען פֿונעם זייער, געוואָרפֿן אין דער ערד, גייט אויף, וואַקסט און ווערט רייף...

די איצטיקע זיצונג קומט פֿאָר ביים אַדוואָקאַט ווייס. אַלע חברים זענען דאָ. נאָר דער חבר באָריס איז נאָך נישט געקומען. ער האָט אַפֿילו נישט געלאָזט וויסן די סיבה פֿון זיין פֿאַרשפּעטיקונג, וואָס ער טוט כמעט שטענדיק. „מסתמא ווידער אַ געשלעג אין דער אוניווערסיטעט״, פּרוּוון טייל טרעפֿן. אָבער אויך דער חבר ליכטענבערג איז נאָך נישט געקומען. נאָר די סיבה פֿון יעקבס פֿאַר־שפּעטיקונג ווייסן אַלע: ער איז אַוודאי נאָך ביי דער לוויה פֿון זיין מוטער.

3

יוכבד איז גֶעשטאָרבן. לויט אירעליידן אין די לעצטע יאָרן איז דער טויט באמת געווען אַ דערלייזונג. אין די שעהען פֿון דעליריום האָט זי געזען דעם מאַן. ער איז דער שטאַרבנדיקער דערשינען שיין און געזונט, ער איז געווען ווי אין די יאָרן איידער ער איז קראַנק געוואָרן. ער איז געקומען נאָך איר. אַ גליק־לעכע איז יוכבד געגאַנגען מיט איר מאַן, ווי דעמאָלט ווען זי איז געגאַנגען צו דער חופּה צו ווערן זיין ווייב. אין דער גאַנצער צייט פֿון דער גסיסה, וואָס ס׳האָט גענוג לאַנג געדויערט, האָט זי טאַקע גערעדט וועגן חתונה, חופּה, איר באַשערטער. נאָר די ווערטער זענען אַרויסגעקומען פֿון דער שטאַרבנדיקערס ליפּן צעריסענע, שטיקלעכווייז, און די, וועלכע זענען געשטאַנען ביי איר טויטנ־בעט, האָבן זיי נישט פֿאַרשטאַנען. מאירל אָבער (יעקב האָט אים טעלעגראַפֿירט און ער איז געקומען פֿון דער ישיבה) האָט יאָ אויפֿגעכאַפּט עפּעס פֿון דעם וואָס די מוטער האָט געזשאַמזשעט און אויסגערופֿן אַ דערציטערטער: „אַ נס!... דער טאַטע, זכותו יגן עלינו, איז מיט הייליקע מלאכים געקומען נאָך דער מאַמען!״...

נאָך דאָס ברענגען דעם מת צו קבורה איז די צוויי זין אָנגעקומען זייער שווער. די יידישע גמינע האָט בשום אופֿן נישט געוואָלט געבן גאַנץ אומזיסט קיין קרקע. אויך די חברה קדישא האָט אין גאַנצן אָן געלט נישט געוואָלט טאָן דעם מת זיין רעכט. צו דער לוויה זענען געקומען עטלעכע אָרעמע מענטשן, שכנים פֿונעם הויף און ווייטער ווי ביזן טויער האָבן זיי די אלמנה נישט באַגלייט. פֿאַר יוצא־וועגן האָבן עטלעכע ווייבער געקרעכצט און דער געשטאָרבענער נאָכ־

געזאָגט אַ פּאָר מאָגערע שבחים. דאָמיט האָבן זיי מקיים געווען די מצווה פון הלווית המת. ס'וועטער איז אויך גראָד געווען אַ מיאוס: קאַלט, אַ ווינט, דער הימל גרוי פינצטער, אַ בלאָטע פון די פריערדיקע רעגנס, און ס'האָט אויסגעזען, אַז באַלד וועט ווידער רעגענען.

דאָס קבר, וואָס די פרוי פונעם סופר — פון אַ גרויסן למדן און כמעט הייליקער בחיו — האָט באַקומען, איז געווען אין אַ פאַרוואָרפענעם העק פונעם „בית החיים", שיער ביים צוים: דאָרט ווו ס'ווערן באַגראָבן די ‚שנאָרער', די „געמיינע לייט", וואָס האָבן נישט צו באַצאָלן פאַרן קבר. דערצו איז נאָך יוכבד געווען אַ היימלאָזע. ווען נישט די בעטלערס, וואָס זייער פּלאַץ צו בעטלען איז אויפן בית עולם, וואָלטן די צוויי יתומים נישט געווען געהאַט קיין מנין אויף צו קאָנען זאָגן קדיש ביי דער מוטערס קבר. מאירל האָט דערביי געוויזן ווער ער איז: אַ ישיבה־בחור, וואָס ווערט, אם ירצה השם, באַקומען סמיכות. יעקב איז געווען אַזוי צעבראָכן, פון צער און יסורי־הנפש, אַזוי געשוועכט אין גייסט, אַז ער האָט פאַרגעסן זיין אפיקורסות און געזאָגט קדיש ביי דער מאַמעס קבר. ער האָט זיך דערביי שטאַרק צעוויינט. ביידע זין האָבן געטאָן, וואָס מ'האָט זיי געהייסן: אַריינגעשיט צו לאָפּעטעס ערד אין קבר. זיי האָבן באַגראָבן דאָס טייערסטע אין זייער לעבן: די מאַמע.

מיט געזונקענע קעפּ, כמעט נישט פילנדיק דעם ווינט, זענען די צוויי יתומים געגאַנגען פאַמעלעך צום טויער. אויף אָפענעם פעלד האָט דער ווינט געפייפט אין דרויסן. ער איז מיט זיין קאַלטער פייכטקייט דורכגעדרונגען דורך די מלבושים ביז אין די קנאָכן. אין דער לופט איז געווען נאַסקייט. די ליימיקע ערד איז געווען אַ דורכגעווייקטע. דאָ האָט מען באַדאַרפן גיין אין יוכטאָווע שטיוול. יעקב און מאירל זענען אָבער געגאַנגען אָנגעטאָן אין לייכטע צעריסענע שיך. נאָר די צוויי האָבן איצט כמעט גאָרנישט געפילט, חוץ דעם טיפן טרויער, וואָס האָט געקלעמט זייערע הערצער און געלעמט זייער געדאַנק. לאַנג האָבן ביידע געשוויגן. מאירל אָבער איז געווען געקרענקט און ער האָט אָנגעהויבן מיט ביי־טערניש: „ס'איז טאַקע נישטאָ קיין גערעכטיקייט אויף דער זינדיקער ערד, אַפילו נישט אויפן בית החיים, ווו נישט געלט, נאָר דער יחוס פונעם מת, די פרומקייט ביי זיין לעבן, לומדות, מצוות און מעשים טובים דאַרפן געלייגט ווערן אויף דער וואָגשאָל. ס'איז אָבער אַנדערש. ס'איז געווען רייך — מעג ער זיין עשירות האָבן דערוואָרבן אַפילו דורך גניבה און גזילה — קריגט ער דאָ — אויך דאָ — דעם אויבנאָן". ער האָט איצט אויסגעגאָסן (איינגוועגס) פאַרן ברודער דאָס האַרץ וועגן די עוולות, וואָס ער האָט צו ליידן אין דער ישיבה: „רייכע בחורים, גאַנץ קנאַפּע לומדים און גאָרנישט אַזעלכע גרויסע יראי־שמים, קריגן די בעסטע שידוכים, און נאָך איידער זיי האָבן היתר־הוראה זענען שוין צוגעגרייט פאַר זיי אַ כסא־רבנות. אויף אַזעלכע אָבער ווי איך בין, אָרעמע בחורים, קוקט מען זיך ווייניק אום".

דאָס האָט יעקבן אַרויסגעריסן פון זיין שווערן מצב און ער האָט דערמאָנט

דעם ברודער: „גאָדענקסטו יענעם ערשטן טאָג חול־המועד פסח? דו ביסט דעמאָלט אַהיימגעקומען אויף יום־טוב פון דער ישיבה. אויפן טיש זענען געשטאַנען כרעמזלעך וואָס די מאַמע האָט געמאַכט, ס'איז געשטאַנען ווײַן. מיר האָבן גערעדט וועגן סאָציאַליזם. דו האָסט געזאָגט: אַלץ איז מן השמים. די השגחה מאַכט איינעם רײַך און דעם אַנדערן אָרעם. אַלץ געשעעט לויטן רצון פון הקדוש ברוך הוא, לויט דער העכסטער גערעכטיקייט אין הימל, און קיין מענטש טאָר זיך נישט אַרײַנמישן אינעם סדר־העולם".

דער ישיבה־בחור, האָפּנדיק אויף סמיכות, האָט חרטה באַקומען אויף דעם, וואָס ער האָט נאָר־וואָס געזאָגט און זיך צוריקגעכאַפּט: „כ'בלײַב דאָבײַ אויך אַצינד. דען... סאַרע ווערט האָט עולם הזה?... לוינט זיך דערפֿאַר, ווי אונדזער בנימין האָט געטאָן, אײַנצושטעלן ס'לעבן? ווי לאַנג ער זיצט שוין אין תפיסה! און ווער ווייסט... אוי, רבונו של עולם! זײַ דיך מרחם איבער אים; דו ביסט דאָך אַ מתיר־אסורים! נעם אים אַרויס פון געפענגעניש, ווי דו האָסט אַרויסגענומען יוסף הצדיק! טו דאָס אין זכות פון אונדזערע אָבות, אינעם זכות פון אונדזער טאַטן דעם סופר ע"ה; ער האָט דײַן תורה הקדושה געשריבן אין גרויס טהרה און זיצט בײַ דיר אין גן־עדן צווישן אַלע צדיקים! טו דאָס אין זכות פון אונדזער מאַמע, ע"ה, וועלכע מיר האָבן אַצינד געבערענגט צו קבורה; זי איז געווען אַ גרויסע צדקת!" דער ישיבה־בחור האָט געבעטן מיטן גאַנצן האַרץ. דאַן האָט ער זיך געווענדט צו יעקבן כמעט אין התלהבות: „גערעכטיקייט איז אויבן! דאָרט קריגט יעדער זײַן שכר לויט די מצוות און מעשים טובים בײַם לעבן! חיי האמת, דאָס אייביקע לעבן, הייבט זיך אָן אינעם הימל! ניין, פֿאַר חיי שעה אויף דער זינדיקער ערד לוינט זיך גאָרנישט צו טאָן! באַצאָלן מיטן לעבן, כדי צו קריגן אַ גרעסער שטיק פלייש? — ווייסעך וואָס!" ער האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער רעכטער האַנט ווי ער וואָלט געהאַלטן דאָס שטיק פלייש און עס אַוועקגעוואָרפן.

יעקב האָט געשוויגן. ער האָט געקוקט אויף די מצבות, געדיכט איבערן גאַנצן שטח, איבער וועלכע זײַן בליק האָט אַרומגעבלאָנדזשעט. צווישן זײַנע טרויעריקע מחשבות איז אַצינד געווען די אומפאַרמײַדלעכע פראַגע, וואָס קומט כמעט יעדן מענטש אין זין ווען ער גייט צוריק פונעם קבר, אין וועלכן ער האָט וועמען באַגראָבן: „איז דאָס דער סוף פונעם מענטש? — אַ גרוב, אין וועלכן מ'ווערט פאַרשיט און פאַרפוילט. די ווערם פרעסן ס'פלייש, די ביינער ווערן צו שטויב. דער מענטש קערט זיך צוריק צו זײַן שורש. ווי ס'שטייט אין „ונתנה תוקף": אדם יסודו מעפר וסופו לעפר". ער האָט ווײַטער געפרעגט בײַ זיך: „אָבער דאָס לעבן? — דאָס לעבן זעלבסט? — קורץ אָדער לאַנג — דעם מענטשס לעבן? — ס'מוז זײַן שיין, גרויס, דערהויבן, הייליק!" און ער האָט זיך געווענדט צום ברודער: „ניין, ס'גייט נישט אין אַ גרעסער שטיק פלייש; ס'גייט אין גערעכטיקייט, אין דער גערעכטיקייט צווישן מענטש און מענטש, אין דער גערעכטיקייט, וואָס מאַכט דאָס מענטשלעכע ליבע־ווירדיק, שיין און

דערהויבן און ווערט צו לעבן. ס'האָט דעם מענטש זיך אַנטפּלעקט דער גייסט און אים געזאָגט: אָן אמת, שיינקייט און גערעכטיקייט — בלייבסטו אַ חיה אויף צוויי פיס, נאָך אָן ערגערע ווי די פיר פיסיקע, ווייל דו וועסט דיך אַליין! פאַרלענדן, דו יענעם און יענער דיך". אַרויסקומענדיק פונעם בית־עולם האָט ער זיך דערמאָנט אין דער זיצונג און זיך געזעגנט מיטן ברודער: „איך מוז איצט שנעל אַוועק. זאָלסט זיין ביי מיר! זאָג ראבען, אַז איך ווייס נישט ווען כ'וועל קומען! איר זאָלט נישט וואַרטן מיטן עסן אויף מיר!"

4

דערזעענדיק דעם חבר באָריס מיטן ווייס־באַנדאַזשירטן קאָפּ האָבן עטלעכע חברים אויסגערופן: „ווי מיר האָבן גערעכנט!"

„אונדזער פאַרוווּנדעטער קאָמאַנדיר!" האָבן אויסגערופן די חברטעס.

דער חבר יוזשעק שטשעלקאָווסקי האָט געשפּאָסט: „איי, איי, איי... טאַקע ווי פון שלאַכטפעלד... וויפל ווּנדן?"

דער חבר באָריס האָט בלאָס געשמייכלט: „נישט געציילט"...

אַנדער חברים האָבן געפרעגט: „מיט שטעקנס? מיט אַ מעסער?"

„ווער ווייסט? — אַוודאי מיט מעסערס און מיט שטעקנס". דער חבר באָריס האָט זיך אָפיציעל אַנטשולדיקט פאַר זיין פאַרשפּעטיקן און פאַרנעמענדיק זיין פּלאַץ, געפרעגט: „זענען אַלע חברים געקומען?"

די חברטע אַדאַ האָט געמעלדעט: „בלויז דער חבר ליכטענבערג פעלט נאָך. ס'איז אָבער מעגלעך, אַז ער זאָל נישט קומען וועגן דער לוויה פון זיין מוטער".

נאָר אין זעלבן מאָמענט איז דער חבר ליכטענבערג אַריינגעקומען. אַלע זענען אויפגעשפּרונגען פון זייערע ערטער. ביים באַגריסן אים האָט יעדער חבר אויסגעדריקט זיין מיטלייד, באַזונדערס האָבן דאָס געטאָן די חברטעס. יוזשעק אָבער האָט אים געדריקט צו זיין ברוסט. צו די חברים האָט ער געזאָגט: „איך האָב זי געקאָנט די מוטער זייגע. מיין פֿאָטער האָט ליב געהאָט דעם חבר ליכ־טענבערגס עלטערן. פאַר זיין טאַטן, דעם פרומען תורה־שרייבער, האָט ער גע־האַט מער יראת־הכבוד ווי ס'האָט אַ פרומער קאַטאָליק פאַרן פּויפּסט".

דער חבר באָריס האָט אין דער היים געהאָט אַ צווייטע בריל — אויף זאַפּאַס. (ביים געשלעג איז די בריל — ער האָט זי פאַרגעסן אַראָפּצונעמען — צעבראָכן געוואָרן). ער האָט די גרויסע האָרנבריל אַראָפּגענומען פון זיין שמאָ־לער, שאַרפער, ביינערדיקער נאָז, האָט באַהויכט די גלעזלעך, זיי פיין אויסגע־פוצט און די בריל צוריק אָנגעטאָן. דער חבר יוזשעק שטשעלקאָווסקי האָט זיך אָנגעשטאָפּט זיין ענגלישע ליולקע און זי פאַרשטופּט אין לינקן מוילווינקל. די אַנדערע חברים, ביז אויף יעקבן און פרידמאַנען, האָבן פון דער גרויסער, שיינער פּאַפּיראָסנפּודלע, וואָס איז געשטאַנען אויפן טיש פאַר די געסט, ווידער גענומען און אויף ס'ניי פאַררויכערט. (זיי האָבן גערויכערט די גאַנצע צייט וואַרטנדיק אויף די צוויי פאַרשפּעטיקטע). זעענדיק, אַז אַלע זענען גרייט, האָט דער חבר

באַריס זיך געווענדט צו אַדאַמען און צו יעקבן: „דאָס וואָרט געהערט אייך ביידע; ווער ס׳וויל זאָל רעדן דער ערשטער!“

5

דער חבר ליכטענבערג האָט זיך געווענדט צום אַדוואָקאַט: „כ׳בעט אייך, רעדט איר צו ערשט“.

אַדאַם האָט מסכים געווען. ער האָט געטראַכט אַ מאָמענט און אָנגעהויבן: „איר, פריינד מיינע, מיט וועלכע איך האָב מיך צו ערשט באַקענט, וועט אייך איצט אפשר נאָך דערמאָנען, אַז מיר האָבן דאָן גלייך — אין דער קאַוויאַרניע און דערנאָך אין אַ באַר ביי אַן אוּנטערוויט — געהאַט אַ דיסקוסיע. איך האָב דעמאָלט נישט מסכים געווען מיטן מאַרקסיסטישן געדאַנק וועגן דעם איבער־גאַנג פון אַ טייל בורזשואַזער אינטעליגענץ אין די רייען פונעם קעמפערישן פראָ־לעטאַריאַט. איך אַליין בין דאָך איינער פון דער דאָזיקער אינטעליגענץ. איך בין נישט קיין מיסטיקער, כ׳בין קיין מאָל נישט געווען פרום און האָב פאַר רע־ליגיע — ווי איר ווייסט — נישט צו פיל איבעריק. דאָך, אין אַ געוויסן זין איז פאַראַן אין מיר אַ מין רעליגיעז געפיל, וואָס איז פאַר מיר דאָס זעלבע ווי דאָס געפיל פאַר שיינקייט, סיי אין דער נאַטור און סיי אין דער קונסט. כדי איר זאָלט מיך נישט מיספאַרשטיין, מיינע פריינד, וויל איך אייך אויפמערקזאַם מאַכן: אַז רעליגיע און רעליגיאָזיטעט זענען פאַר מיר צוויי באַגריפן, הגם דער שורש איז דער זעלבער פון ביידע. איך גלייב אָבער, אַז רעליגיע און רעליגיאָ־זיטעט זענען זיך שוין לאַנג פרעמד איינס ס׳אַנדערע. זיי באַקעמפן זיך אפשר גאָר קעגנזייטיק, ווייל דאָס ערשטע איז אַ סומע פון דאָגמעס און צערעמאָניעס און דאָס צווייטע איז גייסטיק פילן. דאָס רעליגיעזע געפיל, וואָס איז אפשר אין יעדן מענטש פאָטענציעל פאַראַן, צווינגט דעם מענטש, אין וועלכן דאָס געפיל איז גענוג שטאַרק, צו זיין עטיש, צו פירן אַן עטיש לעבן. טייל מאַכט דאָס געפיל פאַר קעמפער, צווינגט זיי צו קעמפן פאַר סאָציאַלער גערעכטיקייט. ווער פון אייך, מיינע פריינד, לייקנט די דאָזיקע פאַרשידענע אייגנשאַפטן אינעם מענטש, ווי: געוויסן, ליבע, געטריישאַפט, מסירת נפש אדג״ל? געוויס, פונקט אַזוי זענען פאַראַן אינעם מענטש שלעכטע אייגנשאַפטן. נאַטירלעך, נישט אין יעדן מענטש זענען אַלע אייגנשאַפטן, גוטע ווי שלעכטע, פאַראַן גלייך. אַלץ איז מאַטעריע און ענערגיע. דער מענטש באַזיצט פיזישע און גייסטיקע אייגנשאַפטן. דאָס איז ווי אַ מין דואַליזם אינעם מאָניזם. מיין וועג צום סאָציאַליזם, מיינע פריינד, איז אַזאַ מערקווירדיקער, אַז אַפילו אַ נישט גלייביקער קאָן דערביי אַריינפאַלן אין מיסטיציזם. דאָך, אַז כ׳האָב גענומען זוכן אַלע פעדים און פעדימ־לעך, אַפילו די קלענסטע און די דינסטע וואָס האָבן געקאָנט זיין די סיבות פון מיין ענדערן זיך, פון מיין פאַרנעמען זיך פלוצעם אויף אַ גאַנץ אַנדערן, אויף אַ פונקט פאַרקערטן, וועג ווי ס׳איז געווען דער אויף וועלכן איך בין אָפּגע־גאַנגען מער ווי אַ דריטל פון מיין לעבן, דער וועג פון מיינע עלטערן, פון מיינע

שוועסטער און פון מיין עלטערן ברודער און אַלע מײַנע נאָענטע — האָט דאָס, וואָס האָט אויסגעזען פאַר מיר ווי אַ מיסטעריע — מיר אָנגעהויבן ווערן קלאָר און פאַרשטענדלעך. ניין, ס׳איז נישט געשען קיין נס, ס׳איז נישט איבערנאַטירלעך. אין דער נאַטור געשען בכלל נישט קיין נסים, אַלץ איז נאַטירלעך; אָבער יעדע נאַטירלעכסטע נאַטירלעכקייט איז דאָס גרעסטע ווונדער״...

ער האָט איבערגעריסן אויף אַ מאָמענט, האָט אויף ס׳ניי פאַררויכערט אַ פאַפּיראָס, און פאָרגעזעצט: „מיין טייערער פריינד וואַצלאַוו האָט פריִער — ווען מיר האָבן געוואַרט אויף די צוויי פאַרשפעטיקטע — אין זיין „הייליקן צאָרן״ געשאָלטן גאָט און דעם טייוול. ביידע, כדי איינער אויפן אַנדערן זאָל נישט זיין אײַפערזיכטיק... ער האָט דאַן געפרעגט: פירן מיר דען נישט אונדזער קאַמף פאַר דאָס העכסטע אין דער עטיק? און ער האָט געענטפערט: מיר קעמפן פאַר סאָציאַליזם; דאָס איז דאָס העכסטע אין דער עטיק! דאָס איז ריכטיק, מיינע פריינד, פולשטענדיק ריכטיק. אָבער דאָ הייבט זיך אָן, לויט מיין מיינונג — אַזוי דענקט אויך אונדזער אַלעמענס טייערער פריינד און חבר ליכטענבערג — די טראַגעדיע. דער ציל איז גרויס און הייליק, טאַקע דאָס העכסטע פון דער מענטשלעכער עטיק; די מיטלען אָבער, דעם ציל צו דערגרייכן, זענען פונקט פאַרקערט. איך ווייס, מיינע פריינד, איך ווייס, אַז קאַמף מיינט רעוואָלוציע און רעוואָלוציע מיינט פאַרגיסן בלוט. איך בין נישט נאַיִוו און בין נישט קיין צבוע. איך באַמי מיך דאָס נישט צו זיין. אויך געהער איך נישט צו די אידעאַליסטן וועלכע זענען קעגן רעוואָלוציע, כאָטש זיי פרעדיקן סאָציאַליזם. איך האָב גענוג נאָכגעטראַכט דעריבער און מיך איבערצייגט, אַז דער מענטש קאָן דאָ גאָרנישט ווערן, אַז נישט ער האָט די רעוואָלוציע אויסגעטראַכט און איז דער האַר איבער איר, זי יאָ, אָדער נישט צו מאַכן. זי איז אין דער נאַטור פון דער אַנטוויקלונג, אינעם פיזישן און פונקט אַזוי אינעם גייסטיקן. דאָס ווערט מען געוואָר פון דער געשיכטע. איך בין נישט קיין פרומער מאַרקסיסט, אָבער אויך נישט קיין פרינציפּיעלער קעגנער. מאַרקס האָט פעסטגעשטעלט, אַז די געשיכטע פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט איז די געשיכטע פון קלאַסנקאַמף. איך ווייס נישט אויב ער האָט דאָס נישט געמיינט סימבאָליש. אויב יאָ — איז מיר דער סימבאָל, נישט קלאָר. ס׳איז אָבער זיכער — יעדנפאַלס בין איך איבערצייגט דערין — אַז נאָך אַנדערע סיבות האָבן געפירט צו קאַמפן און נישט בלויז קלאַסנאונטערשיידן. די סיבה פון די סיבות אָבער, וואָס האָט שטענדיק געפירט צו בלוטיקע קאַמפן אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט אַלס אַ גאַנצע און וועט ווייטער פירן, איז דאָס שטרעבן פון דער גייסטיקער קראַפט צום אַלץ העכערן, איידעלן, עטישן און אויך די שטערונגען וואָס די דאָזיקע קראַפט טרעפט אָן אויף איר וועג. לאָמיר זיך פאָרשטעלן, אַז די שטערונגען זענען פיזישע, זיי קומען פון דער פיזישער קראַפט, פון דער מאַטעריע. די באַזיצנדע קלאַסן, די, פאַר וועלכע מאַטעריעלע רייכטימער באַטייט מאַכט און די דאָזיקע מאַכט באַהערשט זיי גאַנץ און זייער גאַנץ שטרעבן און ווילן איז קאָנצענטרירט בלויז אויף נאָך מער:

מער באַזיץ, מער מאַכט; אַלזאָ: דער קאַפּיטאַליזם הײַנט איז די פּיזישע קראַפט, וואָס שטעלט זיך אַקעגן דער גײַסטיקער... ס׳איז דעריבער אומזיניק צו זאָגן, אַז דער סאָציאַליזם זאָל דערגרייכט ווערן אויף אַ פרידלעכן אופן, אַז ער אַנטוויקלט זיך פונעם קאַפּיטאַליזם אַרויס, אַז ער וועט קומען שטופנווייז, דורך רעפאָרם״.

דער אַדוואָקאַט האָט אויסגערופן: „ניין, אין דער נאַטור איז אַ בלויז פרידלעכע אַנטוויקלונג נישטאָ, ווייל די אַנטוויקלונג באַשאַפט רעאַקציע און ווען די רעאַקציע איז שטאַרק גענוג, קומט פאַר אַן עקספּלאָזיע. אין דער אַנטוויקלונג פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט האָט יעדע נײַע אידעע אַרויסגערופן אַ רעאַקציע און ס׳איז געקומען צו אַן עקספּלאָזיע. וואָלטן די באַזיצנדע זיך נישט אַנטקעגנגעשטעלט דער סאָציאַליסטישער אידעע, וואָלט נישט געקומען צו קיין רעוואָלוציע. ס׳איז אָבער דאָס נאַטור־געזעץ פון די באַזיצנדע צו וועלן באַזיצן נאָך מער און נישט אַוועקגעבן וואָס זיי באַזיצן. פירן זיי אַפילו מלחמות פאַר מער באַזיץ. פונקט אַזוי איז אַ נאַטורגעזעץ די גײַסטיקע אַנטוויקלונג, וואָס שטרעבט צום עטישן אידעאַל פון סאָציאַליזם, אַז דער באַזיץ פון די ערדישע רײַכטימער זאָל געהערן צו אַלע מענטשן גלײַך, צו אַלע וועלכע שאַפן די רײַכטימער״. ער האָט אַ ציִ געטאָן פונעם פּאַפּיראָס, וואָס איז אָבער שוין געווען אויסגערויכערט, אַוועקגעוואָרפן דעם פּיטם און גענומען אַ צווייטן. ווען ער האָט, לויט זײַן טבע אין געוויסע מאָמענטן, מיט איין ציִ אויסגערייכערט כמעט אַ האַלבן פּאַפּיראָס און אַרויסגעלאָזט דעם רויך דורך דער נאָז, האָט ער, ווי ער וואָלט זיך וועגן עפּעס געכאַפּט, פאָרגעזעצט: „איך פאַרשטיי, מײַנע פרײַנד, אַז מײַן אידעענגאַנג קומט אײַך אויס מיסטיש, הגם איך האָב אײַך פאַרזיכערט, אַז איך בין נישט קיין מיסטיקער. איך ווייס, אַז דער פּאָפּולערער צוגאַנג צום דאָזיקן פּראָבלעם איז מאַרקס „קלאַסנקאַמף״, אָדער קראָפּאָטקינס „קעגנזײַטיקע הילף״. בײדע זענען באַשטימט גערעכט. ס׳איז פאַרשטענדלעך און נאַטירלעך, אַז דער, בײַ וועמען מען נעמט אַוועק זײַנס, זאָל זיך ווערן, זאָל קעמפן. ס׳איז דער קאַמף פאַר עקזיסטענץ, ס׳איז דער זעלבסט דערהאַלטונג־אינסטינקט. ס׳איז פאַרשטענדלעך און נאַטירלעך, אַז די אויסגעבויטעטע זאָלן זיך פאַראייניקן און זיך געמיינזאַם אַקעגנשטעלן דעם שונא, אַז זיי זאָלן זיך געמיינזאַם פאַרטיידיקן, זיך קעגנזײַטיק העלפן און שטיצן אין זייער באַדערענגטקייט. דאָס אַלץ איז לאָגיש; אָבער ס׳דערקלערט נישט דעם פאַקט, וואָס אַ סך פון די, וואָס שטעלן זיך בראש פון די אויסגעבויטעטע און פירן זיי אין קאַמף, קומען פון די אויסבויטער. די געשיכטע איז פול מיט בײַשפּילן, באַזונדערס די מאָדערנע געשיכטע פון אַרבעטער־קאַמף, אויפשטאַנדן און רעוואָלוציעס. ס׳איז גענוג צו דערמאָנען בלויז צוויי פון די ריזן: מאַרקס און לענין. מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַן אורשפּרינגלעכער, עלעמענטאַרער קראַפט: גערעכטיקייט. דאָס איז אַ נאַטור־געוואַלד, וואָס דעמאָנסטרירט זיך אַמבולטסטן און פאַרשטענדלעכסטן אינעם מענטש. די דאָזיקע קראַפט, וועלכע שטרעבט צו גערעכטיקייט און שטעלט זיך אַקעגן דער אומגערעכטיקייט, איז אַבסאָלוט און קאָמפּראָמיסלאָז. דעריבער מוזן

די מיטלען, דעם ציל פון דער גערעכטיקייט צו דערגרייכן — נאָך דער עקס־פלאָזיע, נאָך דער רעוואָלוציע — זיין גערעכטע. ס'מוזן זיין מיטלען, וואָס טויטן נישט דעם ציל, ווייל דעמאָלט זיגט דער פיינד קעגן וועלכן ס'איז אין קאַמף פאַרגאָסן געוואָרן בלוט, דעמאָלט איז די רעאַקציע אַ טאָפּלטע. דער דיאַלעק־טישער צוגאַנג צום אמת און צו דער גערעכטיקייט מוז זיין אַזעלכער, דעם אמת און די גערעכטיקייט קלאָרער אינעם תוך אויסצוקריסטאַליזירן, אָבער נישט פאַרקערט. אַזיסטן בלייבט „מיין" אמת און „מיין" גערעכטיקייט, און „דיין" אמת און „דיין" גערעכטיקייט. דאַן ווענדט מען זיך צו דער מאַכט פון שטאָל און פייער".

ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ מורמלען צווישן די חברים, וואָס האָבן די גאַנצע צייט — ווער געדולדיק און ווער אין גרויס אויפמערקזאַמקייט — געשוויגן. דאָס מורמלען איז איבערגעגאַנגען אין אַ האָגל פון פראַגעס: „איז דאָ אַן אַנדער מיטל נאָך אַ רעוואָלוציע, חוץ דיקטאַטור?" „וועלכע מיטלען זאָל מען אָנווענדן קעגן דערמאָרדן די בעסטע חברים?" „וואָס זאָל מען טאָן קעגן סאַבאָטאַזש?" „ווי אַזוי זאָל מען באַהאַנדלען פאַררעטער?" „אויף סאַרע אופן קאָן מען רעאַגירן קעגן פאַרלוימדער?"

דער חבר באַריס האָט זיך געפּוצט די ברילן. אַז ער האָט זיי צוריק אַרויפ־געזעצט רייטן אויף דער נאָז, און די אויערן אונטער דער גאָזע פונעם באַנדאַזש דערלאַנגט די טונקעלע האלאביעס־לייצעס, האָט ער איינגעשטילט די צווישנ־רופער און געבעטן דעם אַדוואָקאַט ווייטער צו רעדן.

אַדאַם ווייס האָט דאַן געזאָגט: „טייערער פריינד מיינע! איך בין מיך מודה פאַר אייך, אַז איך האָב נישט קיין ענטפער אויף אייערע פראַגעס, וואָס זענען פול מיטן ווייטיק פון אייער האַרץ. איך ווייס אָבער, אַז צו ענגע פאַרטייִשקייט און צו שטאַרקע קנאַישקייט — און אַז ס'קומט נאָך צו דעם צו בקמה — איזס ווי זשאַווער, וואָס צעפרעסט אייזן. און ס'איז דאָ אַ געבאָט, אַ גאַר גרויס געבאָט פאַרן זיגער: צו זיין איידל און גרויסמוטיק צו זיין קעגנער, צו זיין פול מיט מיטלייד און פאַרגעבונג צו אים. גלייבט מיר, מיינע פריינד, אַז איך ווייס ווי שווער ס'איז אייער לאַגע, איך ווייס ווי לייכט ס'איז צו זיין אַ הייליקער און פריידיקן גרויסמוט און פאַרגעבונג פאַר איינעם, וואָס שטייט פון דער ווייטנס, און ווי שווער ס'איז פאַר יענע, וועלכע שטייען אין קאַמף. אָבער"... זיין קול האָט זיך פאַרענדערט און ער האָט באַקומען טרערן אין די אויגן: „זעט, וואָס ס'איז געוואָרן: ברידער קעגן ברידער, און דער שונא"... ער האָט אַ ווונק געטאָן צום פאַרזיצער, אַז ר'האָט געענדיקט און האָט זיך אַוועקגעזעצט.

די חברים האָבן אַפּלאָדירט.

אַדאַ איז צוגעלאָפן צו איר מאַן. זי האָט זיך דערשראָקן: ס'ערשטע מאָל האָט זי געזען טרערן אין זיינע אויגן. זי האָט אים אַרומגענומען, געגלעט די האָר פון זיין קאָפּ, געקושט זיין שטערן און אַרויסגעקושט די טרערן פון זיינע אויגן.

דער חבר ליכטענבערג האָט אָנגעהויבן מיט די דאָזיקע ווערטער: „אונדזער טייערער פריינד און חבר (כאָטש ער איז נישט קיין מיטגליד פון אונדזער פּאַר־טיי) האָט אייגנטלעך שוין געזאָגט כמעט אַלץ, וואָס איך האָב צו זאָגן. זיין באַמערקונג, אַז אַזוי דענק אויך איך, איז אמת. די טראַגעדיע אָבער ליגט דערין, וואָס איר, חברים, און מיר — אונדזער פריינד ווייס און איך — זענען ווי יענע צווי וואָס זענען צום רבֿ געקומען זיך לאָדן: זיי זענען ביידע געווען גערעכט. איך צווייפל — אפשר ווייל איך בין אַ צו גרויסער פּעסימיסט, ווי איר וואַרפט מיר מיט רעכט פאָר — אויב ס'איז מעגלעך אַ פשרה. ווייס איך דאָך, אַז איר ווייסט אַלע אַליין אַלץ וואָס אונדזער פריינד האָט פריִער געזאָגט און וואָס איך וויל אַצינד ווידער זאָגן — איבערחזרן וואָס איך האָב שוין נישט איין מאָל גע־זאָגט: איך ווייס, אַז איר ראַנגלט זיך פונקט ווי איך ראַנגל זיך מיט די טרויע־ריקע — און אפשר טאַקע טראַגישע — פּראָבלעמען, וואָס האָבן אפשר גאָרנישט קיין לייזונג ווייל ס'איז די טראַגעדיע צווישן מיטל און ציל, פּאַרטיי און אידעע, מאַכט — וואָס מיינט מלוכה — און עטיק".

ער האָט געמאַכט אַ קליינע פּויזע. די גאַנצע צייט, וואָס ער האָט געשוויגן האָט ער מיט דער לינקער האַנט פאַרשטעלט די אויגן. די חברים האָבן אַצינד געשוויגן ווי אין פּיעטעט און געוואַרט ביז ער האָט ווידער אָנגעהויבן רעדן און געזאָגט: „מיין טאַטע, ווי יעדער אויפריכטיקער פרומער ייִד, האָט געפירט אַ קאַמף קעגן זיין גוף, קעגן דאָס חומרדיקע. דער דאָזיקער קאַמף, דער קאַמף קעגן יצר־הרע, קעגן דאָס עולם־הזהדיקע, איז פאַר אים געווען דאָס וויכטיקסטע: ס'איז פאַר אים געווען דער שווערסטער קאַמף און ער האָט אים נישט אויפגעגעבן אויף איין רגע. פאַראַן אָבער אַן אַנדערער יצר־הרע, אַ סך געפערלעכער ווי דער, קעגן וועלכן פרומע קעמפן: דאָס איז די לוסט צו מאַכט, די לוסט צום הערשן. די דאָזיקע לוסט וואַקסט פלוצעם אויס אין אַ געוואַלדיקער גרייס ביי די, וועלכע נעמען איבער נאָכן זיג פון דער רעוואָלוציע די מאַכט אין זייערע הענט".

צווישן די חברים איז אויסגעבראָכן אַזאַ ליאַרם, אַז דער פּאַרזיצער האָט זיי נישט געקאָנט באַרויִקן. כמעט אַלע זענען אויפגעשפּרונגען און האָבן געשריגן: „דאָס איז פאַרלוימדונג! די זעלבע ליגנס וואָס אונדזערע קעגנער, אונדזערע שונאים פאַרשפּרייטן!" אַמשטאַרקסטן האָבן אויפגעבראַוזט דער חבר וואַצלאַוו און די חברטע כעליאַ. נאָר זי האָט יוזשעק אַנידערגעזעצט און מיט אַ האַנט פאַר־שטעלט ס'מויל.

יעקב האָט טרויעריק און ווייטיקלעך געשמייכלט. ווען אַלע האָבן זיך צוריק באַרויִקט, האָט ער זיך אַנטשולדיקט מיט אַ שטיל, געבראָכן קול: „זייט מיר מוחל, חברים. איך האָב, אייגנטלעך נישט וואָס צו זאָגן. אפשר זענט איר גערעכט, אפשר גיי איך נישט גענוג אַריין אין דער אומגעהויער שווערער לאַגע פון די חברים, וועלכע לעבקן די שיף אויף אַ צעשטורעמטן ים צווישן געפערלעכע פעלדזן אונטערן וואַסער. די זעלבסטקריטיק איז אָבער דער קאָמפּאַס צום ציל

פון דער אידעע, אַז די שיף זאָל נישט קומען אין פּאָרט פון מאַכט"... ער האָט ווידער געמאַכט אַ קליינע פּויזע, געקוקט אַרויף צום סופיט, געטראַכט און זיך ווידער אַנטשולדיקט: „פּאַרצייַעט מיר. כ'וועל מער נישט רעדן, כ'קאָן נישט".
ער האָט זיך אויסגעזוכט אַ ווינקעלע און זיך דאָרט אַנידערגעזעצט.

7

די חברים האָבן זיך דערפילט דערלייכטערט. דער חבר פרידמאַן איז געווען כמעט אין גאַנצן אויף דער זייט פונעם אַדוואָקאַט און דעם חבר ליכטענבערג. זיין סימפּאַטיע איז זייער שנעל נאָכן אַריינטרעטן אין דער דאָזיקער פּאַרטיי — ווען ער איז אַוועק פון די רעכטע — אַריבער אויף דער זייט פון דער קליינער מינדערהייט. אָבער ער איז קיין רעדנער נישט געווען, אַ טיפערן געדאַנק האָט ער באַנומען מער געפילסמעסיק ווי אינטעלעקטועל, און ער האָט דעריבער איצט געשוויגן. זיין פעיקייט איז געווען אויפן געביט פון אָרגאַניזאַציע, וואָס איז פאַר דער באַוועגונג געווען פון דער גרעסטער וויכטיקייט, און די פאַרוואַלטונג האָט אים דעריבער ביי יעדן מאָל ווילן שטאַרק רעקאָמענדירט.

פאַרשריבן צום וואָרט האָבן זיך אַלע. דער ערשטער איז געווען דער חבר וואַצלאַוו. ער איז געווען אַ גוטער מאַסן־רעדנער, אין דער פּאָלעמיק — נישט אינטעלעקטועל שאַרף, אָבער אָן דערבאַרמען, אייגנטלעך ברוטאַל, גראָב. ווי אַ „רוצח" האָט ער זיך אַרויפגעוואָרפן אויפן אַדוואָקאַט אַדאַם ווייס און אויפן חבר ליכטענבערג, און כמעט פון אַלץ, וואָס זיי האָבן געזאָגט האָט ער געמאַכט אַש און בלאָטע. מיט סאַרקאַסטישן געלעכטער האָט ער געחוזקט: „געפיל... רעליגיעז געפיל... נישט רעליגיע, נאָר רעליגיעז געפיל... גייסט... גייסטיקע קראַפט... מיסטעריע... דער חבר ליכטענבערג האָט דערמאָנט זיין געשטאָרבענעם פרומען פאָטער, וועלכער איז געווען אַ סופר און האָט זיין גאַנץ לעבן געקעמפט מיטן יצר־הרע און נישט געוואָלט הנאה האָבן פון עולם־הזה... פונקט אַזוי — גיט דער חבר ליכטענבערג אונדז אַן עצה, ד. ה. די דאָזיקע עצה גיט ער, נאָך־טירלעך, מער אונדזערע רוסישע חברים — צו קעמפן קעגן דער לוסט צו מאַכט, קעגן דער לוסט צום הערשן... און ער וואָרנט אונדז, אַז די דאָזיקע לוסט איז אַ סך געפערלעכער ווי דער אַלטער, אונדז גוט באַקאַנטער יצר־הרע... דער דאָזיקער נייער, מאָדערנער יצר־הרע, די לוסט צו מאַכט, צום הערשן, וואַקסט פּלוצעם אויס אין אַ געוואַלדיקער גרייס ביי די, וועלכע נעמען איבער נאָכן זיג פון דער רעוואָלוציע די מאַכט אין זייערע הענט... רחמנא לצלן, מוז מען דאָביי זאָגן"...

נאָך אַ רגע פּויזע האָט ער אויסגערופן: „מיר אָבער, דער פּראָלעטאַריאַט, די פּויערן, דער האָרעפּאַשניק — פאַר אונדז עקזיסטירט בלויז עולם־הזה, די ערדישע וועלט, פון וועלכע מיר שטאַמען, אויף וועלכער מיר לעבן און אין וועלכער מיר קערן זיך אום נאָכן טויט. די ערדישע וועלט מיט אירע אומצייליקע יצר־הרעס און נישט בלויז איינעם! מיר קעמפן נישט קעגן דעם איינעם אָדער

די אומצייליקע יצר־הרעס און מיר ווילן נישט קעמפן קעגן דעם נייעם יצר־הרע, די לוסט צו מאַכט! דאָ — און אומעטום — פירן מיר אַן עקאָנאָמישן און פּאָליטישן קאַמף, אַ קאַמף פאַר בעסערע עקאָנאָמישע באַדינגונגען, און אונדזער פּאָליטישער ציל איז איבערצונעמען די מאַכט און זי פעסט צו האַלטן אין אונדזערע הענט! און די „סיבה פון אַלע סיבות" אינטערעסירט אונדז מאַרקסיסטן־לעניניסטן נישט! ווי היסטאָרישע מאַטעריאַליסטן גלייבן מיר — און זענען אין דעם פולשטענדיק איבערצייגט — אַז אין דער אַנטוויקלונג פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט איז דער טרייבנדיקער כוח געווען דער קאַמף צווישן די באַזיצנדע און די באַזיצלאָזע קלאַסן! אונדזערע וואָפן מוז זיין די זעלבע ווי ס'זענען דעם שונאס! אונדזער מסירת־נפש קאָן נישט איבערגעשטיגן ווערן! אונדזער אידעאַליזם וואַגט אַפילו דער קעגנער — דער אַנשטענדיקער — נישט צו לייקענען און דעריבער איז נישט נייטיק ביי אונדז צו מאָנען גרויסמוט און מיטלייד מיטן באַזיגטן שונא! דערין זענען אונדזערע רוסישע חברים געווען גרויס און דערהויבן! פאַררעטער אָבער מוזן אָן רחמנות פאַרניכטעט ווערן!"
ער האָט גערעדט אויך וועגן דעם ציל און געענדיקט: „צו אונדזער ציל קאָנען מיר קומען נאָר דורך דער רעוואָלוציע, וועלכע לאָזט זיך נישט פאַרמיידן אויף לויט דער מיינונג פון אונדזער געשעצטן פריינד ווייס! און אַז דאָס בלוט, וואָס ווערט אין דער רעוואָלוציע פאַרגאָסן זאָל נישט זיין אומזיסט, מוז הערשן אַזוי לאַנג ווי ס'איז נייטיק די דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט!"

אַלע, אַפילו דער אַדוואָקאַט און דער חבר ליכטענבערג, האָבן דעם חבר וואַצלאַוו שטאַרק אַפּלאָדירט, דאַן האָבן גערעדט די חברטעס כעליאַ און אַדאַ און נאָך זיי האָט דאָס וואָרט באַקומען דער חבר שטשעלקאָווסקי. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט מער אויף יעקבן און געזאָגט: „מיט אונדזער פריינד ווייס האָב איך מיך באַקענט ביי מיין „ליבן" קוזין, דעם „גרויסן סאָציאַליסט", וועלכער דינט אַזוי געטריי אין דער „דעפענסיווע" דער רעאַקציאָנערער פאַשיסטישער רעגירונג, וואָס רופט זיך רעפּובליק. איך האָב דעמאָלט דעם אַדוואָקאַט גלייך ליב געקראָגן און זע, אַז מיין האַרץ האָט נישט געמאַכט קיין טעות. מיר גייט עס שוין אַזוי, אַז כ'פאַרליב מיך אויפן ערשטן אויגנבליק אין בורזשואַזע זין און טעכטער, און מאַך נישט קיין טעות: זיי ווערן סאָציאַליסטן. די חברטע כעליאַ וועט דאָס באַשטעטיקן... פאַרפאַלן, מען מוז צוגעבן, אַז ס'זענען פאַראַן געפילן און... זיי קאָנען טייל מאָל אַוועקפירן פון אַ לאָגישן שלוס אינעם דענקען, אַפילו איינעם מיט אַ שאַרפן שכל. געפילן קאָנען, אַלזאָ, זיין גאַנץ געפערלעך און אין וויכטיקע מאָמענטן מוז מען זיי ריכטיק קאָנטראָלירן. ביי אונדזער פריינד ווייס, אַן אַדוואָקאַט מיט אַ שטאַרקן אינטעלעקט, קומט אויס, אַז ס'איז פאַראַן אַ גייסטיקע קראַפט, וואָס מאַכט די רעוואָלוציעס און די דאָזיקע קראַפט איז דאָס געפיל פון גערעכטיקייט. ער רופט עס אָן דאָס „רעליגיעזע געפיל". די דאָזיקע גייסטיקע קראַפט אָבער, אָדער ריכטיקער, דאָס רעליגיעזע געפיל, וואָס שטרעבט צו אמת און גערעכטיקייט, צו דער העכסטער עטיק, צו דער פאַראיידעלונג פונעם

מענטש, געפֿינט זיך... ניין, נישט אַפֿילו אין האַרץ, נאָר אין מאָגן. מיין בן־עיר, דעם חבר ליכטענבערג, האָב איך ליב, שטאַרק ליב; אָבער מיט אַ סך פֿון זיינע געדאַנקען — אייגנטלעך מיט זיין גאַנצן געדאַנקענגאַנג — האָב איך קיין מאָל נישט מסכּים געווען און בין אויך היינט נישט מסכּים, כאָטש ער איז אַוועק פֿון די רעכטע און איז געקומען צו אונדז. און ער איז נישט גלאַט קיין איבערלויפֿער. זיין ווערן אָבער אַ קאָמוניסט איז נישט געקומען פֿון אַ לאָגישן שלוס אין זיין דענקען, נאָר פֿון זיין פֿילן... נישט דער פֿאַרשטאַנד, דאָס ריכטיקע און בעסער באַגרייפֿן אונדזער פּאָליטישן וועג האָט אים געבראַכט אין אונדזערע רייען, נאָר... נו, איר ווייסט שוין"...

ער האָט אַ צי געטאָן דאָס ליולקעלע, כּדי צו באַהאַלטן אַ שמייכל. אָבער ס'ליולקעלע איז שוין געווען אויסגעגאַנגען און ער איז געוואָרן אַ ביסל נערוועז. ער האָט אויסגערופֿן: אוי, דאָס האַרץ, דאָס האַרץ!.. און אונדזער חבר ליכטענבערג האָט אַ גרויס האַרץ, און אַ... קלוגס. הפּנים, אַז אַזעלכעס איז פֿאַראַן. האָט דאָך טאָלסטאָי געזאָגט אויף אונדזער גאָרקין: ער, האָט אַ קלוג האַרץ! און איך האָב זיי ביידע ליב, דעם חבר ליכטענבערג און אונדזער פֿריינד ווייס, וועלכן איך באַטראַכט פֿאַר אַ חבר, כאָטש ער איז נישט קיין מיטגליד פֿון דער פּאַרטיי. און דאָך! אין אונדזער קאַמף קעגן דעם שונא קאָנען מיר זיך נישט לאָזן פֿירן פֿון געפֿילן!" ער האָט פֿאַרגעסן, אַז ס'פֿייער אינעם ליולקעלע איז אויסגעגאַנגען און ביים צוריקזעצן זיך אויף זיין אָרט ווידער גענומען ציען, אַציִנד האַסטיק און אויפֿגערעגט.

דער חבר באָריס האָט גערעדט דער לעצטער. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט בלויז אויפֿן אַדוואָקאַט. פֿאַרגעסנדיק ביים רעדן, אַז זיין קאָפּ איז באַנדאַזשירט האָט ער לויט געוווינהייט אַציִנד געגלעט די גאַזע איבערן שטערן, ווען ער האָט דערקלערט: „אונדזער פֿריינד ווייס געפֿינט זיך אין אַ גאַנץ שווערן ווידערשפּרוך. איך ווייס נישט, אויב ער איז אונטער דער צויבערקראַפֿט פֿון בערגסאָנס פֿילאָזאָפֿיע, אָדער זיין דואַליזם — ער וויל עס נישט אָנערקענען און זאָגט, אַז דאָס איז בלויז „ווי אַ מין דואַליזם אינעם מאַטעריאַליזם" — איז אַ געווירשנטער: דער דואַליזם אין אונדזער ייִדישער רעליגיע, הגם זי האַלט זיך נישט בלויז פֿאַר אַ קעמפֿערין, נאָר פֿאַר די אַנטדעקערין פֿונעם מאָנאָטעיִזם. לויט דער ייִדישער רעליגיע אָבער איז גאָט דער באַשאַפֿער פֿון דער וועלט, וואָס מיינט גאַנץ פּשוט: גאָט, (דער באַשאַפֿער) און די וועלט. פֿאַר אונדזער פֿריינד ווייס עקזיסטירט — ניין, נישט קיין גאָט, ער האָט מיט רעליגיע נישט צו טאָן — אָבער אַ גייסטיקע קראַפֿט. דאַביי איז ער אָבער אַ שפּינאָזיסט, וואָס מיינט אייגנטלעך אַן אָנהענגער פֿון דער מאַטעריאַליסטישער וועלט־אויפֿפֿאַסונג אין דער פֿילאָזאָפֿיע, נאָר נישט קאָנסעקווענט און ס'איז אים שווער אָנצודערקענען דעם קלאַסנקאַמף. אונדזער פֿריינד איז שטיין געבליבן פֿאַרן לעצטן טריט אין זיין דענקען. ער וויל — ניין, אַנטשולדיקט — ער קאָן אים נישט מאַכן, ווייל אַ רעשט פֿון זיין מענטאַליטעט, די ווירקונג פֿון דער אַטמאָספֿער אין זיין רייכער היים,

האַלט אים דערוויַיל נאָך צוריק. דעריבער איז ער געבליבן ביים זעלבן געדאַנק וועגן איבערגאַנג פון טייל בורזשואַזנע אינטעליגענטן אין די רייען פונעם קעמ־פערישן פראָלעטאַריאַט, וועגן וואָס מיר האָבן דיסקוטירט גלייך ווי מיר האָבן זיך באַקאַנט. די דאָזיקע דערשיינונג — וועגן איבערגאַנג פון בורזשואַזנע אינ־טעליגענטן צום פּראָלעטאַריאַט — איז, ווי מיר שיינט, דער שטאַרקסטער באַוויַיז פאַר אונדזער פריַינד, אַז ס׳איז פאַראַן אַ „גייסטיקע קראַפט״, אַ „רעליגיעז גע־פיל״, וואָס צווינגט מענטשן צו דענקען און אויך צו פירן אַן עטיש לעבן און אַפילו — ביי די, ביי וועלכע דאָס דאָזיקע געפיל איז זייער שטאַרק — צו קעמפן פאַר סאָציאַלער גערעכטיקייט. אַלס באַוויַיז, אַז אַזאַ „רעליגיעז געפיל״ איז פאַראַן, זענען אַ ריי אַנדערע געפילן ווי: געוויסן, ליבע, געטריישאַפט וכדומה. לייקן מיר נישט, אַז מיר ווערן (אָפּט אָדער טייל מאָל) באַהערשט פון געפילן, און אַז זיי באַזיצן אַ גאַנץ שטאַרקע מאַכט. און מיר זענען גאָרנישט קעגן געפיל. מיר באַמיִען זיך אָבער — און מוזן זיך באַמיִען — די געפילן אין אונדז צו פאַרשטיין, און ווען ס׳איז נייטיק — זיי צו קאָנטראָלירן און אַפילו צו באַהערשן, צו אונטערדריקן״.

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, וויַיל געוויסע געפילן (שוין גאַנץ אַלטע...) זענען אים אַצינד אויף ס׳ניי באַפאַלן און ס׳האָט געדויערט אַ נישקשהדיקע וויַילע ביז ער האָט ווידער אָנגעהויבן רעדן און געזאָגט: „ס׳איז אַצינד נישט די צייט זיך אַריַינצולאָזן אין עפּיסטעמאָלאָגישע חקירות איבער פּראָבלעמען, ווי אַזוי ס׳אַרבעט אינעם מענטשן דאָס געהירן ווען ער ווערט אָנגערעגט צו אַ געוויסן געדאַנק, ווי אַזוי ער קומט צו אַ לאָגישן פועל־יוצא אינעם דאָזיקן געדאַנק, וועלכער איז צו אים געקומען ריין אינטעלעקטועל, אָדער ער איז צו אים געקומען דורך אַ חושימדיקער דערלעבעניש. נאָר דער איבערגאַנג פון די בורזשואַזנע אינטעליגענטן אין די רייען פונעם קעמפערישן פּראָלעטאַריאַט, אַפילו ווען דער שטויס דאַצו קומט פאָר אין דער געפילססעפערע, איז דאָס בלויז דער דערהאַלטונגס אינסטינקט, אויב נישט בלויז פונעם אייגענעם עגאָ, איז פונעם מענטשלעכן מין. דער דאָזיקער אינסטינקט איז ביי אַזעלכע מענטשן, ווי ס׳איז אונדזער פריַינד וויַיס, באַזונדערס שטאַרק אויסגעבילדעט. זיי דערשפּירן די געפאַר ווען דער סאָציאַלער סדר טריַיבט צו אַ קאַטאַסטראָפע, אין וועלכער אויך זיי אַליין (די דאָזיקע יחידים) וועלן אומקומען, און שליסן זיך אָן אין יענע טיילן פון דער געזעלשאַפט, וועלכע שטעלן זיך אַקעגן דעם געפערלעכן סדר, וואָס טריַיבט צו דער קאַטאַסטראָפע״.

דער חבר באָריס איז דאַן איבערגעגאַנגען צום פּראָבלעם „דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט״ און אירע מעטאָדן, און אויסגעפירט: „דיקטאַטור איז אַ רע־זשים, וואָס הערשט אין דער צייט ווען די קאַמפן אויפן שלאַכטפעלד האָבן אויפ־געהערט, אָבער דער שונא איז נאָך נישט פאַרניכטעט און ער בלייבט נאָך באַ־וואָפנט, וויַיל ער וויל נישט אָננעמען די שלום־באַדינגונגען פונעם רעוואָלוציאָ־נערן פּראָלעטאַריאַט. די טראַגעדיע איז נישט צווישן מיטל און ציל, צווישן

פּאַרטיי און אידעע, צווישן מאַכט און עטיק, ווי דער חבר ליכטענבערג מיינט: די טראַגעדיע איז, וואָס דער גרעסטער טייל פון די מאַסן — דערווייל אומ־וויסנד און פינצטער — ווערט פאַרפירט פון פאַררעטער אין אירע אייגענע רייען. מיט די דאָזיקע פאַררעטער קאָנען מיר נישט זיין גרויסמוטיק. קיין שום מיט־לייד מיט זיי!"

8

ווען אַלע זענען אַוועקגעגאַנגען האָט אַדאַ געפרעגט איר מאַן פאַר וואָס ער האָט געוויינט. אָבער ער האָט איר נישט געקאָנט געבן קיין שום דערקלערונג.

קאַפּיטל דריי און צוואַנציק

## „פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער פאַראייניקט אייך"

1

צו דער פאַרזאַמלונג, וואָס איז גערופן געוואָרן פון די צוויי זיך באַקעמ־פנדיקע אַרבעטער־פּאַרטייען, זענען געקומען טויזנטער אַרבעטער. די האַרע־פּאַשניקעס האָבן אָנגעפילט דעם גרויסן זאַל. דער גרעסטער טייל איז געווען יוגנט, אָנהייבנדיק מיט 12—13 יעריקע. די מאָטיוון פון דאָזיקן געמיינזאַמען מיטינג זענען געווען אַ סך און פאַרשידן. נאָר דער עיקר מאָטיוו איז געווען: די פּאַרטיי־פירערס זענען געצוווּנגען געוואָרן פון די מאַסן, וואָס זענען אין זייער נאַטור פאַר זיין פאַראייניקט, ווייל זיי קאָנען אין די טעאָריעס, וואָס צע־רייסט און צעטיילט זיי זיך נישט פונאַנדערקלייבן; פאַר זיי זענען די, וועלכע צעשטיקלען זיי אין זיך קעגנזייטיק באַקעמפנדיקע און זיך פאַרניכטנדיקע גרו־פּעס, דעמאַגאָגן; זייער נאַטירלעכער אינסטינקט איז זיך וואָס ענגער צוזאַמענ־שליסן, צוזאַמענדריקן, ווי דאָס טוט יעדע סטאַדע בעת דער מורא פאַר אַ שונא. אַ צווייטער כוח, וואָס האָט די פּאַרטיי־פירער (ווען ס'איז שוין געווען צו שפּעט) געצוווּנגען צו אַ פּרווו זיך צו פאַראייניקן, איז געווען די אַלאַרמירנדיקע געפאַר וואָס זיי האָבן פּלוצעם (ערשט אַצינד) דערזען: אַז די רעאַקציע האָט פון זייערע הענט (ביסלעכווייז) אַרויסגענומען די מאַכט. די פירערס פון רעכטס האָבן באַגריפן, אַז די רעאַקציע גרייט זיך דעם אָרגאַניזירטן אַרבעטער צו דער־לאַנגען דעם לעצטן קלאַפּ און דאַן פאַרניכטן אַלע אָרגאַניזאַציעס, אַלע אַרבע־טער־אינסטיטוציעס — דעם רעשט פון דער שווערער מי אַזוי פיל יאָרן. די דאָזיקע פירער זענען כסדר געוואָרנט געוואָרן; אָבער זיי האָבן די וואָרענונגען נישט געוואָלט הערן.

צוליב דער פּאַרטיי־פאַרשידנקייט פון דעם גרויסן עולם, וואָס איז דערוואַרט געוואָרן, האָט דער אָרגאַניזירונגס־קאָמיטעט פונעם מיטינג געזאָרגט פאַר אַ גרוי־סער צאָל אָרדנונגסהיטער. די מיטגלידער פונעם קאָמיטעט האָבן פון דערפאַרונג גאַנץ גוט געוווּסט, אַז מען מוז זיין צוגעגרייט צו אַ סקאַנדאַל, וואָס קאָן אויס־ברעכן און זיך ענדיקן אין אַ געשלעג. אַז דער היינטיקער מיטינג וועט זיין אָנגעפילט מיט „דינאַמיט" — דערין זענען די רעכטע און די לינקע געווען זיכער. אויף צו האַלטן די אָרדנונג זענען דעריבער אויסגעקליבן געוואָרן די גע־זונטסטע צווישן די רעכטע און די געזונטסטע צווישן די לינקע, ווי אַ קאָפּל וואַרשאַווסקי און זיין באַריסל, וועלכן מ'האָט גערופן „עוג מלך הבשן" ווען ער איז נאָך געגאַנגען אין קורצע הייזלעך, און אַ מאַקס שלאָסער און זיין בנאָק פאַלעק.

די פאַרזאַמלטע זענען געווען שטאַרק געשפּאַנט און האָבן מיט אומגעדולד געוואַרט אויף דער דערעפענונג. אַלע האָבן געוואָלט הערן, וואָס ס'וועלן זאָגן די רעדנער, נישט בלויז פון דער אייגענער פּאַרטיי, נאָר מער נאָך פון דער קעג־נערישער. כמעט אַלעמענס אויגן זענען געווען געווענדט צום פּאָדיום. צווישן די טויזנטער אויגן זענען געווען דער חברטע פייגעס. זי האָט נאָך אַלץ ביי יעדער פאַרזאַמלונג געוואָלט זען דעם חבר הערש, איר אַמאָליקער געליבטער, וועלכער האָט אָפיציעל געזאָלט ווערן איר מאַן, און אַז ער איז רייך געוואָרן, האָט ער חתונה געהאַט מיט אַ בורזשויס אַ טאָכטער. אָבער ער איז אַלץ נאָך אַ סאָציאַ־ליסט און זי האָט נאָך אַלץ נישט אויפגעהערט אים צו ליבן. נאָר פון צייט זי איז געוואָר געוואָרן, אַז זיין פאַמיליע־לעבן איז אין גאַנצן שוין צעבראָכן, אַז זיין פרוי, די שיינע גנביאַ, פאַרראַט אים מיט וויפל מענער זי קאָן נאָר און האָט געמאַכט פון אים אַ בעזים — איז איר ליבע צו אים נאָך שטאַרקער געוואָרן. אויך האָט זי געהערט, אַז ער איז גאָרנישט מער אַזוי רייך ווי ער איז געווען, אַז ס'גייט אים ווי די מייסטע יידישע גבירים ביי דער איצטיקער אַנטיסעמיטישער שטייער־פּאָליטיק. יאָ, זי איז געוואָר געוואָרן נאָך עפּעס: אַז ער איז שוין כמעט אַן אַרויסגעשטויסענער פון דער פּאַרטיי און האַלט ביים אַריבערגיין צו די לינקע... איז זי אַצינד געווען בייגערייק: וועט ער זיצן אויפן פּאָדיום צווישן די רעכטע, אָדער צווישן די לינקע?

2

אויפן פּאָדיום זענען אַרויפגעקומען די חברים וואַקס (בראש פון די רעכטע) און באַריס (בראש פון די לינקע). זיי זענען באַגריסט געוואָרן שטורמיש פון דער גאַנצער מאַסע. דעם כבוד צו דערעפענען די פאַרזאַמלונג און זיין דער פאַר־זיצער, איז צוגעטיילט געוואָרן באַריסן. דער חבר וואַקס אַליין האָט עס אים פאָרגעשלאָגן, האָבנדיק דאָביי אַזאַ מין חשבון: 1) דער חבר באַריס איז קאָ־רעקט און האָט אַ פעסטע האַנט אָנצופירן מיט אַ גרויסער מאַסע; 2) חבר וואַקס האָט געוווּסט, אַז די לינקע וועלן זיין אין אַן אומגעהויערער מערהייט און צוליב

דעם אַליין מוז דער פּאַרזיצער זיין אַ לינקער; און 3) דער דאַזיקער כבוד וועט זיין אי „לא־ירחץ־געלט", אי דער דאַזיקער, „אייביקער סטודענט", אַ גוטער רעדנער, וועט אַלס פּאַרזיצער ווייניקער רעדן. דער חבר באַריס האָט אָבער זיין קעגנערס חשבון גאַנץ גוט פאַרשטאַנען און איז געווען צופרידן, ווייל ער האָט ביים אָננעמען דעם פּאַרזיץ געהאַט זיין רעכענונג. דעם גרויסן ווייסן באַנדאַזש אויפן קאָפּ האָט ער נישט מער געהאַט, אָבער סימנים פון דער אוניווערסיטעט זענען געבליבן געווען איבערן גאַנצן קאָפּ: אַ מאַסע מיט קלענערע און גרעסערע פּלאַסטערס.

ביים דערעפענען די פּאַרזאַמלונג האָט דער חבר באַריס באַקומען אַזאַ אָוואַציע, אַז זי איז געווען שטורמישער און האָט געדויערט לענגער ווי פריִער ביי דער אַלגעמיינער באַגריסונג. ער האָט זיך דאַביי געווישט די גלעזער פון דער גרויסער האָרנבריל. האָבנדיק פאַרלייגט צוריק די האַלאַבלעס הינטער די אויערן, האָט ער ענערגיש אַ קלונג געטאָן מיטן גלאָק, וואָס האָט באַדייט: געגוג כבוד, חברים! איצט מוז זיין שטיל! און ס'איז טאַקע גלייך שטיל געוואָרן, אַבסאָלוט שטיל. אין דער דאָזיקער שטילקייט האָט ער אָנגעהויבן צו דערקלערן די באַדייטונג פונעם מיטינג און וואָס ס'האָט געפירט צום צוזאַמענטרעפן איצט צווישן לינקס און רעכטס. ער האָט געגעבן אַ קורצן איבערבליק פון דער צייט זינט דאָס לאַנד איז באַפרייט געוואָרן, דערמאָנט די באַזונדערס באַדייטונגספולע דאַטן, אָנהויבנדיק פונעם מאָמענט (און באַטאָנענדיק) „ווען די גאַנצע מאַכט, יאָ, די גאַנצע מאַכט איז געלעגן אין די הענט פונעם אָרגאַניזירטן פּראָלעטאַריאַט". ער האָט געשילדערט ווי די דאָזיקע מאַכט איז דערנאָך צוריק איבערגעגאַנגען שטופּנווייז צו דער רעאַקציע, און אויסגערופן: „ניין, נישט איבערגעגאַנגען, נאָר מ'האָט די מאַכט איבערגעגעבן, פּשוט איבערגעגעבן דער רעאַקציע!"

ווי אַן עלעקטרישער מאָטאָר הייבט אָן רוישן ווען מ'לאָזט אים אין גאַנג דורך אַ ריר ביי אַ קנעפּל, אַזוי האָט דער גרעסטער טייל פונעם עולם אינעם זאַל אויסגעבראָכן אין אַ שטורעם: „פאַרראַטן האָבן זיי אונדז! — איין פאַרראַט נאָכן אַנדערן!" די רעכטע, הגם אין אַ מינדערהייט, האָבן צוריקגעענטפערט: „פאַרראַטן האָבן די קאָמוניסטן! — די באָלשעוויקעס! — זיי האָבן פאַרראַטן דעם סאָציאַליזם! דעם הייליקן אידעאַל!"

נאָר דער חבר באַריס האָט דעם אויסגעבראָכענעם שטורעם גלייך אָפּגעשטעלט. ער האָט גערופן צו דער מאַסע: „חברים! מיר זענען זיך אַצינד צוזאַמענגעקומען, נישט כדי ווייטער זיך צו באַקעמפן, נאָר צו זען אויב מיר קאָנען נישט מאַכן קיין סוף צום בלוטיקן ברודערשטרייט! מיר ווילן אָנשטרענגען אַלע אונדזערע כוחות אָפּצושטעלן דאָס קעגנזייטיקע זיך פאַרניכטן און שליסן אַ „בורגפרידן" — אויב מעגלעך, כדי מיט געמיינזאַמע כוחות צו שטעלן אין דער לעצטער שעה אַ ווידערשטאַנד דעם שונא!"

די לינקע און די רעכטע האָבן ענטוזיאַסטיש אַפּלאַדירט.

פאַר דער דערעפענונג, ווען דער חבר באַריס האָט שוין געהאַט מסכים געווען צו זיין דער פאַרזיצער פונעם מיטינג, האָט זיך אָנגעהויבן דאָס אויסרדרן די ריי פון די רעדנער. דער חבר וואַקס האָט זיך פאַרגעשלאָגן צו זיין דער לעצטער, מאָטיווירנדיק: „דער פירער פון איין פאַרטיי עפנט די פאַרזאַמלונג און דער פירער פון דער צווייטער פאַרטיי שליסט זי". דער חבר באַריס האָט נישט מסכים געווען און פאַרגעשלאָגן, אַז ס'זאָל רעדן איינער פון רעכטס און אַ צווייטער פון לינקס, אָדער פאַרקערט. דער חבר וואַקס האָט געמוזט איינגיין און אָנגענומען צו רעדן נאָכן חבר באַריס.

זייער שוואַך איז געווען די באַגייסטערונג פון דער מאַסע, אַפילו ביי די רעכטע, ווען דער חבר וואַקס האָט זיך אַוועקגעשטעלט רעדן. ער איז פאַר זיינע אָנהענגער נישט מער געווען דער „גאָט", ווי אַמאָל. זיין האַלטונג אַציינד איז אָבער אויך מער נישט געווען די זעלבע ווי אין יענע גוטע צייטן: נישט מער די רויִקע, קילע מאַיעסטעטישקייט אינעם רעדן און נישט דאָס ווערדעפולע, שטאָלצע שטיין גלייך. זיין הויכע שלאַנקע פיגור אָבער, דער איידל־געפורעמטער קאָפּ, די ווייסע הענט מיט די לאַנגע פינגער און מאַניקירטע נעגל, די ווייס־זילבערנע פּעדים אין דעם שוואַרצן, שפּיציק צוגעשווירענעם בערדל און די גרויסע, ראָמאַנטיש־טרוימערישע אויגן — דאָס אַלץ איז געבליבן הערלעך.

ער האָט אָנגעהויבן מיטן קורצן וואָרט: „חברים!" און געבעטן אויפשטיין פון די ערטער, צו באַערן דעם געשטאָרבענעם חבר סמוטנער. ער האָט מיט עטלעכע שטריכן געשילדערט די אידעאַלע געשטאַלט פונעם נפטר, זיין איבער־געגעבנקייט און געטריישאַפט צו דער פאַרטיי ביזן לעצטן אָטעמצוג פון זיין לעבן. אַלע זענען אויפגעשטאַנען און אין גרויס פּיעטעט און טרויער געזונקען די קעפּ. אויך די לינקע האָבן שטענדיק געפילט אַ גרויסן יראת־הכבוד און אַפילו ליבע צום חבר סמוטנער, ווייל זיי האָבן געוווּסט סאַראַ אידעאַליסט ער איז געווען. נאָך זיין טויט זענען זיי געוואָר געוואָרן (דורכן חבר הערש), וואָס ער האָט געזאָגט פאַרן בלוטשטורץ. דעריבער האָט זיך אָנגעצונדן אין זיי דער צאָרן בײַם רעדנערס ווערטער, אַז דער נפטר איז געווען געטריי און איבערגעגעבן צו זיין פאַרטיי ביזן לעצטן אָטעמצוג.

דער חבר וואַקס האָט אין זיין רעפעראַט, ווי דער חבר באַריס, געבערענגט היסטאָרישע דאַטן. אָבער ער האָט נישט אָנגעהויבן מיט 1918 און נישט דער־מאָנט יוני 1920 — די גרינדונג פון דער אַרבעטער און פויערן־רעגירונג ווען ס'לאַנד האָט געפירט מלחמה מיט רוסלאַנד — נאָר ר'איז געגאַנגען צוריק אַ סך ווייטער און באַוויזן אַז דער פּראָלעטאַריאַט האָט קיין מאָל נישט, אין קיין שום לאַנד און אויך נישט אין רוסלאַנד — נישט אָנערקענט לענינס באַלשעוויזם. און ער האָט באַטאָנט: „אונדזער קאַמף איז נישט בלויז קעגן דעם קאַפּיטאַליזם, קעגן דער עקספּלואַטאַציע און טיראַניי, נאָר אויך — און מער נאָך — פאַר פרייהייט און דעמאָקראַטיע! אונדזער קאַמף איז נישט בלויז צו באַפרייען דעם

אַרבעטנדיקן מענטש פון זיין הונגער און ברויט, פון זיין שרעקלעך עקאָנאָמישן צושטאַנד, נאָר אויך — און מער נאָך — צו באַפרייען אים פון זיין מענטשלעכער געזונקנקייט, פון זיין גייסטיקער שפלות! אָן פרייהייט, אָבער, אָן דעמאָקראַטיע איז קיין סאָציאַליזם נישט מעגלעך, ווייל סאָציאַליזם באַטייט נישט בלויז מער פלייש, נאָר אויך — און נאָך מער — פרייהייט! די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד האָבן געמאַכט נישט די באָלשעוויקעס, נאָר אַלע אַרבעטער־פּאַרטייען מיט דער סאָציאַלדעמאָקראַטיע בראש! דאָס זעלבע אין דייטשלאַנד און אין עסטרייך! לעבנין איז געקומען קיין רוסלאַנד שוין נאָך דער רעוואָלוציע! וויפל אָנהענגער האָט ער געהאַט? — אין גאַנצן עטלעכע טויזנט. דאָס, וואָס אין אָקטאָבער 1917 איז פאָרגעקומען, איז געווען אַ קאָנטער־רעוואָלוציע און זי הערשט אין רוסלאַנד בלויז מיט טעראָר!"

מער האָט מען אים נישט געלאָזט רעדן. ס'האָט אויסגעבראָכן אַ שטורעם אינעם זאַל: „אַראָפּ! — אַראָפּ! — האָט קערענסקי אָפּגעשטעלט די מלחמה? — וואָס האָבן שיידעמאַן, עבערט, נאָסקע און די אַנדערע געטאָן? — הערשט אין דייטשלאַנד סאָציאַליזם? — האָט פּילסודסקי נישט פאַרראַטן? — האָבן מיר דאָ פרייהייט? — זענען נישט די טורמעס געפּאַקט מיט פּאָליטישע, מיט אונדזערע חברים? — אין דייטשלאַנד זענען 6—7 מיליאָן אַרבעטסלאָזע! —הי זענען 60 פּראָצענט פון די אַרבעטער אַרבעטסלאָז!"

נאָר ווידער האָט דער פאָרזיצער אָפּגעשטעלט די אויפרעגונג פון דער מאַסע, דעם האָגל פון פראַגעס. ער האָט דאָס וואָרט צוריק געגעבן דעם רעדנער.

דער חבר וואַקס האָט פאָרגעזעצט. אין עטלעכע קורצע שטריכן האָט ער זיך באַמיט דער מאַסע קלאָר צו מאַכן דעם עיקר פונעם „אמתן מאַרקסיזם" (אַזוי האָט ער זיך אויסגעדריקט) און זי געהייסן אַליין משפטן ווער ס'האָט פאַרראַטן די אַרבעטער און זייער סאָציאַליסטישע אידעע. ער האָט אָנגעוויזן אויף דער דיקטאַטור אין רוסלאַנד און זי פאַרגליכן מיט דער פאַשיסטישער דיקטאַטור אין איטאַליע. אַ שטרעק אויס טויגנדיק די הענט צו דער מאַסע, ווי ער וואָלט איר דערלאַנגט דאָקומענטן, האָט ער אויסגערופן: „חברים! פאַרן אָקטאָבער אין 1917 האָט די באָלשעוויסטישע פאַרטיי געהאַט העכסטנס צען טויזנט מיטגלידער! אַזאַ פאַרשווינדנדיקע מינדערהייט, אויב זי שטירצט אַ רעגירונג, איז נישט קיין רעוואָלוציע, נאָר אַ פּוטש! אין דייטשלאַנד האָט איינער — עפּעס אַ היטלער, אַ שאַרלאַטאַן — אויך געפּרוווט מאַכן אַ פּוטש; נאָר אים האָט זיך נישט איינגעגעבן, ווייל דאָרט זענען אונדזערע חברים, די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פאַרטיי שוין געווען געגנוג באַפּעסטיקט. לעניגען האָט זיך דער פּוטש יאָ איינגעגעבן, ווייל אין רוסלאַנד האָבן מיר נאָך נישט געהאַט קיין צייט זיך געגנוג צו באַפעסטיקן. לעניגס מיליטערישער פּוטש האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט פאַר קיין טייכן בלוט פון די הונדערטער טויזנטער אַרבעטער, וואָס זענען געפאַלן אינעם בירגערקריג, פאַר די מיליאָנען טויטע אין די הונגעריאָרן!" ער איז געוואָרן אַלץ היציקער אַזינד, ווי שטענדיק ווען ס'איז אים אויסגעקומען

צו רעדן וועגן רוסלאַנד און די קאָמוניסטן אומעטום, און געפרעגט: „וואָס מיינט מען דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט? איז אַזעלכעס גאָר מעגלעך?" און ער האָט געענטפערט: „ניין! דאָס וואָרט פּראָלעטאַריאַט איז צוגעטשעפּעט צו דיקטאַטור, אויף אָפּצונאַרן די אַרבעטער־מאַסן! דיקטאַטאָר קאָן זיין בלויז איין מענטש, ער דיקטירט אין נאָמען פון אַ געזעלשאַפטלעכער שיכט, פון אַ קלאַס! מוסאָליני איז אין דער שווייץ געווען לעבינס אַ געגאָסע, אַ לינקער סאָציאַליסט, און ער איז אַצינד אויך אַ דיקטאַטאָר! אָבער ער איז ווייניקסטנס ערלעך און זאָגט נישט, אַז ער דיקטירט אין נאָמען פונעם פּראָלעטאַריאַט!" ווידער האָט ער אויסגע־שטרעקט זיינע הערלעכע הענט צו דער מאַסע און זיך ביי איר געבעטן: „אַדרבא, זאָגט איר אַליין! ווי איז מעגלעך, אַז אין רוסלאַנד זאָל הערשן די דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט, אַז לענין, דער דיקטאַטאָר, האָט דאָרט נישט געהאַט מער ווי העכסטנס צען טויזנט אַנהענגער? ער האָט אומגעברענגט זיינע פּאָליטישע קעגנער, נישט פון דער בורזשואַזיע, נאָר פון די סאָציאַליסטן! די, וועלכע ער האָט נישט דערשאָסן, שמאַכטן אין די טורמעס, אין די אַמאָליקע צאַרישע טור־מעס, ווו זיי האָבן געשמאַכט אין די צאַרישע צייטן! אַפילו קיין סיביר אויף קאַטאָרגע, ווי ניקאָליי דער צווייטער, שיקט לעניָן סאָציאַליסטן, אַפילו אייגענע חברים, קאָמוניסטן, אויב זיי באַמקען נישט צו אַלץ, וואָס אים געפעלט!"

שטענדיק אַקאַדעמיש, קיל און רויק. אַצינד אָבער האָט ער מיט בליצנדיקע אויגן, מיט אַ פאַרקרעמפּט פּנים און בייז געלעכטער (אין פריידן פון נקמה) גע־פרעגט: „ווו איז אַצינד טראָצקי, וועלכער האָט אין קראָנשטאַטער אויפשטאַנד פון מאַטראָזן — ווען ער איז געווען דער הויפּטקאָמאַנדיר פון דער רויטער אַרמיי — אויפן אייז פון דער „נעוואַ" געלאָזט אויסשחטן איבער 3000 פון זיי? ווו איז ער אַצינד, האַ?... כאַ־כאַ־אַ!.. ווער, אַלזאָ, זענען די פאַררעטער פונעם סאָציאַליסטישן אידעאַל? באַגרייפט איר אַצינד פאַר וואָס מיר האָבן נישט גע־וואָלט קיין פויערן־און־אַרבעטער־רעגירונג נאָך דער מלחמה מיט רוסלאַנד? — ווייל מיר האָבן נישט געוואָלט קיין דיקטאַטור! מיר האָבן שנעל חרטה געהאַט אויף אונדזער פּראָקלאַמירן אַן אַרבעטער און פויערן־רעגירונג אין יוני 1920. ווייל מיר האָבן זיך איבערצייגט — אין דער קורצער צייט פון דער מלחמה — אַז מיר וועלן מוזן איינפירן די זעלבע דיקטאַטור ווי אין רוסלאַנד און אין אי־טאַליע, דעם זעלבן בלוטיקן טעראָר, און דערפון האָבן מיר זיך אָפּגעטרייסלט!"

אַ שוואַכער אַפּלאָז פון די רעכטע.

ער האָט ווייטער גערעדט, פּאַרטיידיקט יעדן שריט, וואָס זיין פּאַרטיי האָט געמאַכט, באַוויזן, וואָס זי האָט אַלץ שוין דערגרייכט. אויף יעדן געביט, אויפן עקאָנאָמישן און פּאָליטישן, און ווי די פּאַרטיי זיינע, צוזאַמען מיטן גאַנצן אינ־טערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט פון דער סאָציאַלדעמאָקראַטיע אין יעדן לאַנד, בויט דעם סאָציאַליזם. אָבער ער האָט צוגעגעבן: „פאַרשטייט זיך, אַז פון סאָ־ציאַליזם איז דערווייל נאָך ווייט, דער קאַפּיטאַליזם איז נאָך גענוג שטאַרק, אָבער דער קאַמף הערט נישט אויף. די עקאָנאָמישע לאַגע אין אונדזער לאַנד איז

אַלץ נאָך גאַנץ שווער, וואָס איז נאַטירלעך נאָך אַזאַ לאַנגער קנעכטשאַפט אונטער דריי דעספּאָטישע מלוכות; זיי האָבן דאָס לאַנד אויסגעזויגט. באַזונדערס איז דאָס לאַנד צעשטערט און פאַראָרעמט געוואָרן אין דער מלחמה. דאָך; מיר האָבן אויפגעבויט קאָאָפּעראַטיווע הייזער פאַר די אַרבעטער, זייערע קינדער לערנען אין שולען, די מאַסן ווערן קולטורעל דערצויגן, אַכט־שעהעגדיקער אַרבעטסטאָג, קראַנקן־קאַסעס, סאַניטאַרע איינריכטונגען אין די אָרעמע אַרבעטער־פערטלען און אַלערליי קולטור־אינסטיטוציעס פאַר דערוואַקסענע און יוגנט, פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אאַז״וו א״וו. און פאַרגעסט נישט, חברים! אַ גאָר גרויסער טייל פון דער אינדוסטריע און פאַרשידענע קאָמערציעלע אונטערנעמונגען זענען נאַציאָ־נאַליזירט! פאַרגעסט אויך נישט, אַז אַ חרוב אַגריקולטור־לאַנד האָט דורכצומאַכן דעם שווערן פּראָצעס פון איבערגאַנג צו אינדוסטריע!״ ער האָט פאַרטיידיקט די רעגירונג, אָנווייזנדיק, אַז זי קאָן אין אַזאַ קריטישער צייט צום באַדויערן נישט אַנדערש האַנדלען, און אַז די טענות פון די ראַדיקאַלע פּאַרטייען זענען דעריבער אומבאַגרינדעטע. דאַביי האָט ער געטאַדלט געוויסע מעשים פון די רעאַקציאָנערן אין דער רעגירונג, קעגן וועלכע די סאָציאַליסטן און די אמתע דעמאָקראַטן און ליבעראַלן קעמפן מיט דער גאַנצער אַנטשלאָסנקייט.

געשלאָסן זיין רעדע האָט דער חבר וואַקס מיט פּאַראַלעלן: ער האָט פאַר־גליכן די דערגרייכונגען פונעם רוסישן פּראָלעטאַריאַט און די פּויערן אויפן עקאָנאָמישן געביט, מיט דעם וואָס דער פּוילישער פּראָלעטאַריאַט און פּויערים האָבן; אין וועלכע עקאָנאָמישע באַדינגונגען יענע לעבן, אין וועלכע די לעבן. ער האָט אָנגעוויזן אויף די וואַלן, וואָס דאַרפן באַלד פאָרקומען: „זיי זענען גע־היימע, פרייע וואַלן. פרייהייט פון גערעדטן און געדרוקטן וואָרט, פרייהייט פון פאַרזאַמלונג, פרייהייט פון דעמאָנסטראַציע, פרייהייט פון סטרייק, אומבאַריר־לעכקייט פון פּערזאָן״. אויסרופנדיק אין גרויס פּאַטאָס: „דער סאָציאַליזם קאָן דערגרייכט ווערן נאָר אויפן וועג פון פרייהייט און דעמאָקראַטיע און נישט דורך בלוטיקער דיקטאַטור!״ האָט ער זיך גלייך צוריקגעצויגן צו זיין אָרט, נישט וואַרטנדיק אַפילו אויף קיין אַפּלאָז, וועלכער איז איצט שוין געווען גאָר, גאָר שוואַך.

## 4

דאָס וואָרט, לויט דער ריי פון דער דעמאָקראַטיש צוזאַמענגעשטעלטער רעד־נערליסטע — איין לינקער, איין רעכטער — האָט באַקומען דער חבר וואַצלאַוו. ער איז נאַכלעסיק אויפגעשטאַנען פון שטול, אַ ביסל פאַרשלאָפן, מיד, אָן חשק, פויל — גלייך ס׳וואָלט אים נישט ניחא געווען דאָס רעדן אַציגד: ווי ער וואָלט מורא געהאַט זיך צו פאַרמעסטן מיט אַזאַ „ריז״ ווי דער באַרימטער חבר וואַקס, דער געשיקטער אַדוואָקאַט, אויסגעצייכנטער פּאַרלאַמענטאַריער, גרויסער טע־אָרעטיקער און בריליאַנטענער שרייבער. די אָבער, וועלכע האָבן געקענט דעם חבר וואַצלאַוו, האָבן געוווסט, אַז ער שפּילט קאָמעדיע און אויסגעפּלאַצט אין

אַ הילכיקן געלעכטער. די חברטע אַדאַ האָט זיך באַהערשט נישט צו לאַכן אויפֿן פּאָדיום; אָבער זי האָט זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן, זיך אָוועקגעדרייט אין אַ זייט און זיך פֿאַרשטעלט מיט אַ האַנט ס׳מויל. זי האָט דעם חבר וואַצלאַוו שטיל צוגעוואָרפֿן: „ממזר!... טייוול!"... אַפֿילו יעקב האָט געשמייכלט.

דער גאַנצער זאַל, באַזונדערס די גאַלעריע, האָט מינוטן לאַנג פֿייערדיק באַגריסט דעם רעדנער.

„נו, יאָ, חברים"... אַזוי האָט וואַצלאַוו אָנגעהויבן. „מיט איין וואָרט: מיר לעבן דאָ אין אַ גן־עדן... מיר איז זייער אינטערעסאַנט צו וויסן, ווי איר, חברים פֿון רעכטס, לעבט... אייך, לינקע, פֿרעג איך נישט, ווייל מיר לעבן אַלע אין די בעסטע באַדינגונגען: אין שיינע, גרױמע דירות, אין לוקסוס און אין ווױלטאָג, און מיר זענען פֿריי ווי פֿייגל אין וואַלד... דאָך אייך, חברים פֿון רעכטס! — ווי גייט עס אייך?... אָוודאי נאָך אַ סך בעסער ווי אונדז... ס׳קומט אייך, ווייל,, מיר זענען בונטאָווטשיקעס, „רויטע", און אייער רעגירונג האָט נישט ליב קיין „רויטע"... אַלץ וואָס איז רויט רייצט זי, ווי ס׳רייצט דעם אָקס... זי באַדזשעט טאַקע, כאַפּט אויף די הערנער, לעכערט די ברוסט, רייסט אויף דעם בויך... איר אָבער זענט אירע ליבע קינדער... איר לעבט ווי אָדם און חוה אין גן־עדן: נאַקעט און באָרוועס... נאָר וועגן עסן איז נישט אַזוי גן־עדנדיק... אפשר זאָג איך ליגנס, ווייל איך בין אַ „רויטער"; די „רויטע" זענען אַלע ליגנער... איר אָבער בויט דעם סאָציאַליזם, אַזוי זאָגט אייער חבר וואָקס, און ער ווייסט שטענ־דיק, וואָס ער זאָגט... און אין פֿרייהייט און דעמאָקראַטיע, אָן דער בלוטיקער דיקטאַטור, וועט איר דערגרייכן דעם ציל פֿון אייער הייליקן אידעאַל — דעם סאָציאַליזם... און ער זאָגט נישט קיין ליגנט, אייער חבר וואָקס, יעדעס וואָרט וואָס ער לאָזט אַרויס פֿון זיין דעמאָקראַטיש און פֿרייהייטס מויל, איז ריינער אמת... און ער ברענגט באַווייזן: געהיימע פֿרייע וואַלן, פֿרייהייט פֿון וואָרט, פֿרייהייט פֿון פֿאַרזאַמלונג, פֿרייהייט פֿון דעמאָנסטראַציע, פֿרייהייט פֿון סטרייק און נאָך און נאָך אַ סך אַנדערע פֿרייהייטן, ווי למשל: די געהיימע פֿרייע וואַלן ווערן פֿרי׳ער פֿון דער פֿרייהייטליבנדער רעאַקציאָנערער רעגירונג אַזוי צורעכט געמאַכט, אַז ס׳ווערן געוויילט בלויז די מענטשן, וועלכע ווערן באַשטימט גע־וויילט צו ווערן; די פֿרייהייט וואָס ס׳האָט די צענזור: נישט דורכצולאָזן איין געדרוקט וואָרט, וואָס איר געפֿעלט נישט; יעדע פֿאַרזאַמלונג מוז די פּאָליציי פֿרי׳ער דערלויבן און זי האָט די פֿרייהייט די פֿאַרזאַמלונג צו צעטרייבן, אויב ס׳ווערט גערעדט אַזעלכעס, וואָס איר געפֿעלט נישט; די פֿרייהייט פֿון דער רייטער־פּאָליציי ביי דעמאָנסטראַציעס צו אַרעסטירן, צו ממיתן, פֿאַרוווּנדן, פֿאַר־קריפּלען און דערשיסן אַזוי פֿיל ווי ס׳לאָזט זיך; ווי ס׳איז מיט דער פֿרייהייט צו סטרייקן ווייסט איר אַלע, חברים... יאָ, און נאָך פֿרייהייטן, וועלכע דער חבר וואָקס האָט נישט אויסגערעכנט, נישט ווייל ער האָט זיי פֿאַרגעסן, ער האָט אַ גוטן זכרון, נאָר זיי שטייען נישט אין דער קאָנסטיטוציע: די פֿרייהייטן וואָס הערשן אין די טורמעס, אין די הונדערטער טורמעס איבערן לאַנד, די פֿרייהייטן צו

פייניקן די טויזנטער פּאָליטישע אַרעסטאַנטן, זיי צו מאַטערן און פּאַלטערן גרויזאַמער ווי ס'האָבן אין מיטלאַלטער דאָס געטאָן די אינקוויזיטאָרס, זיי צו פּאַרהונגערן, זיי צו טרייבן צו ווּאַנזין און זעלבסטמאָרד, זיי צו שלאָגן אַזוי לאַנג ביז זיי ווערן באַוווסטלאָז, אויף אַ סאַדיסטישן אופן זיי אומצוברענגען, צו מאָרדן, אַרעסטאַנטקעס צו פּאַרגוואַלדיקן".

אויפגעקאָכטע האָבן די פּאַרזאַמלטע געשטורעמט אין פּראָטעסט קעגן דער רעגירונג, קעגן דעם שרעקלעכן מצב אינעם לאַנד. וועגן דער פּאָליציי האָבן אַלע געשריגן: „בלוט־הינט! לוסטמערדער! אונטערוועלט־פּאַרשווינען! כאַבאַר־ניקעס! ברוטאַלע בעסטיעס! קאָרומפּירטע איינס ביי איינס!" טייל פון די, וועלכע האָבן געהאַט וועמען זיצן אין די טורמעס פון זייערע נאָענטע, האָבן הויך געוויינט.

דער חבר וואַצלאַוו האָט ווייטער געגאָלט: „די פרייהייט פון געריכט פאַר גאָרנישט צו פאַרמשפּטן אויף צען יערלעך, צו שיקן אויף דער תליה; די פרייהייט פון די שפּעקולאַנטן, די פרייזן פון אַלץ וואָס אַ מענטש מוז האָבן אויף צו קאָנען לעבן אַזוי אַרויפצושרויפן, אַז מער ווי דריי פירטל פון דער באַפעלקערונג זאָל פאַרהונגערן; די פרייהייט פון די פאַבריקאַנטן, גוט־באַזיצער און סוחרים, דורך סאַבאָטאַזש צו דערפירן ס'לאַנד ביז צום אָפּגרונט פון עלנט און נויט, אַז זעכציק פּראָצענט פון די אַרבעטער זאָלן נישט האָבן וואָס צו טאָן; פרייהייט פון דער ר'עאַקציע אין דער אַרמיי צוצוגרייטן אַ מלחמה קעגן רוסלאַנד. אַך, וויפל פריי־הייטן איך וואָלט אַלץ געקאָנט אויסרעכענען, וועלכע מיין זייער חשובער פאַר־רעדנער האָט פאַרגעסן... דאַבײ האָט ער אַזאַ ווונדערלעכן זכרון ווען ס'קומט צו געשיכטע, באַזונדערס צו דער געשיכטע אין רוסלאַנד פון אָקטאָבער 1917 אָן. און ווי אַ יוריסט ווייסט ער: אַז פאַרראַטן דעם סאָציאַליזם האָבן די באָלשע־וויקעס, די קאָמוניסטן, און נישט די סאָציאַל־דעמאָקראַטן. געוויס, פאַרראַטן דעם אַרבעטער, דעם אָרעמען האָרעפּאַשניק, דעם קעמפּנדיקן פּראָלעטאַריאַט — האָט מען; אָבער געטאָן האָט דאָס דער אַנדערער. ניין, נישט די, וועלכע האָבן אין יוני 1920 פּראָקלאַמירט אַן אַרבעטער און פּויערים־רעגירונג און האָבן די פּראָק־לאַמירונג נישט דורכגעפירט, זענען פאַררעטער, נאָר די, וועלכע האָבן אין אָק־טאָבער 1917 דאָס זעלבע פּראָקלאַמירט און די דאָזיקע רעגירונג עקזיסטירט ביז אויפן היינטיקן טאָג! נישט די, וועלכע האָבן צוגעזאָגט די פּויערן צו צעטיילן די ערד פון די פּריצים און זיי אָפּגענאַרט, זענען פאַררעטער, נאָר די, וועלכע האָבן די אַנטאייגענונג פון די גוטבאַזיצער גלייך דורכגעפירט! ניין, די פאַר־רעטער זענען נישט די, וועלכע האָבן די פאַבריקן און אַלע רייכטימער פונעם לאַנד, דאָס גאַנצע נאַציאָנאַלע פאַרמעגן כמעט — די פאַקטישע מאַכט — איבער־געלאָזט צוריק ביי די פריערדיקע באַזיצער, ביי דער בורזשואַזיע, ביי די רע־אַקציאָנערע קאַפּיטאַליסטן, נאָר די זענען די פאַררעטער, וועלכע האָבן אַלץ נאַ־ציאָנאַליזירט און איבערגעגעבן דעם פאָלק!" ער האָט זיך געווענדט צו די פאַר־זאַמלטע: „חברים! ס'בלייבט פאַר אייך צו משפּטן און אַרויסצוטראָגן דעם אורטייל ווער ס'זענען די פאַררעטער, ווער ס'האָט אייך פאַרראַטן!"

די מאַסע האָט געשריגן: „פּילסודסקי! — שיידעמאַן! — דאַשינסקי! — עבערט! — נאָסקע! — זיי זענען די פאַררעטער!"

דער חבר וואַצלאַוו האָט זיך אויסגעדרייט און זיך געווענדט דירעקט צום חבר וואַקס: „אייער אַרויסדרייען זיך: אַז איר האָט נישט געוואָלט קיין דיקטאַטור ווי אין רוסלאַנד און דעריבער האָט איר חרטה געהאַט און זיך אָפּגעזאָגט דורכצופירן די פּראָקלאַמירונג פון יוני 1920, איז אַ ביסל צו נאַיוו. האָט איר דאָס נישט געוווּסט עטלעכע חדשים פריער? אַך, איר האָט אַזאַ איידל האַרץ, איר סאָציאַל־דעמאָקראַטן קאָנט נישט פאַרטראָגן קיין בלוט־פאַרגיסונג... דעריבער לאָזט איר די מאַכט ביי דער רעאַקציע און שטעלט אייך הינטער אירע פּלייצעס ווען זי פאַרגיסט דאָס בלוט פון די אַרבעטער־מאַסן, ווען זי שיקט זיי אין מלחמות זיך קעגנזייטיק צו מאָרדן פאַר די קאַפּיטאַליסטישע אינטערעסן, און די וועלכע שטעלן זיך איר אַקעגן מאָרדעט זי אין די תפיסות. דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט — דאָס איז שרעקלעך, דאַמיט ווילט איר נישט האָבן צו טאָן, דאַקעגן קעמפט איר מיט אַלע מיטלען, וואָס זענען פאַר אייך טריפה אויף צו קעמפן קעגן קאַפּיטאַליזם, פאַרן סאָציאַליזם... די דיקטאַטור אָבער אין אונדזער לאַנד, די דיקטאַטור פונעם קאַפּיטאַליזם אומעטום, אין יעדן לאַנד — די איז אייך ליב, די איז פאַר אייך דעמאָקראַטיע"...

ווי זיין פאָררעדנער האָט ער געפּרוּווט בקיצור קלאָר צו מאַכן זיין מאַרקסיסטישן שטאַנדפּונקט און געזאָגט: „חברים! איך בין נישט קיין געלערנטער ווי דער חבר וואַקס. נאָר דער עיקר פונעם מאַרקסיזם איז מיר קלאָר — און איר אַליין קאָנט אייך דערין איבערצייגן — אַז רייך ווערן קאָן מען נאָר פון יענעמס אַרבעט און אַז די רייכע ווילן זייערע פאַרמעגנס מיט אייגענעם גוטן ווילן נישט צוריק אָוועקגעבן די, וועלכע האָבן די פאַרמעגנס געשאַפן, מיט זייערע הענט און שכל. שיינע רייד, קלוגע רייד — העלפן נישט, זיי העלפן נישט אין דער קירכע, נישט אין דער שול, און נישט אין פּאַרלאַמענט. בכן מוז דער פּראָלעטאַריאַט עקספּראָפּרירן די רייכטימער פונעם באַזיצנדן קלאַס, ווי מאַרקס האָט געלערנט. פון דער דאָזיקער לערע האַלטן אָבער נישט די, וועלכע האַלטן זיך פאַר די גרעסטע און בעסטע מאַרקסיסטן: די רעכטע. זיי שיסן די קאַפּיטאַליסטן מיט רעוואָלוציאָנערע פראַזן, מיט דינאַמיט־ווערטער. און זיי באַרימען זיך: „מיר האָבן געמאַכט די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, אין דייטשלאַנד, אין עסטרייך. נאָר קערענסקי, שיידעמאַן, עבערט און די אַנדערע גרויסע סאָציאַליסטן, רעוואָלוציאָנערן זענען דעמאָקראַטן, זיי האָבן ליב די פרייהייט און זענען קעגן דיקטאַטור. ווי אַזוי אָבער קאָן מען האַלטן וואָס מ'האָט דערוואָרבן דורך דער רעוואָלוציע? — האַלטן, שמאַלטן, שפּאַלטן! — זיי ווילן נישט האַלטן, זאָלן אַנדערע האַלטן! לענין אָבער געהאַלטן האָט פון מאַרקס לערע, אַז דעם זיג פון אַ רעוואָלוציע קאָן מען איינהאַלטן נאָר דורך דער דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט און געדויערן מוז די דיקטאַטור אַזוי לאַנג, ביז דער נצחון איז באַפעסטיקט. האַלט אין רוסלאַנד די פּויערים און אַרבעטער־רעגירונג די מאַכט

אין אירע הענט; און ווער האַלט זי אין דייטשלאַנד און ביי אונדז ווייסט איר...
דער פרייהייטסליבנדער סאָציאַליסט אונדזערער ווייזט אונדז אָבער אָן דערויף, ווי שלעכט ס׳גייט די אַרבעטער און די פּויערן אין רוסלאַנד. און די קאַטאַסטראָ־פאַלע לאַגע ביי אונדז? ווי טיף געזונקען עקאָנאָמיש איז, נישט בלויז דער אַר־בעטער און פּויער הי, נאָר דער מיטלקלאַס אַפילו! שרעקט זיך דאָך פאַר דער אַרבעטסלאָזיקייט אַפילו דער קאַפּיטאַליסט! ווי זעט אויס דער פיזישער צו־שטאַנד פון די מאַסן? — ס׳בושעוועט די טובערקולאָזע און פאַרשידענע אַנדערע קראַנקייטן, וואָס קומען פון הונגער! איר באַרימט זיך, חבר וואַקס, מיט קראַנקן־קאַסעס; איר ווייסט גאַנץ גוט וויפל מעדיצינישע הילף זי גיט דעם פאָלק: אַפילו דאָס געזונטהייטס־מיניסטעריום האַלט אין איין אַלאַרמירן. פונקט אַזוי איז מיט די קאָאָפּעראַטיווע הייזער פאַר די אַרבעטער, אין וועלכע ס׳וווינען אייערע פאַרטיי־באַנצן און זייערע קרובים און פריינד, אָבער נישט קיין אַרבע־טער. נישט בעסער איז מיט אַלע אייערע אַרבעטער־אינסטיטוציעס הי און אַלע אַרבעטער דערגרייכונגען. די ביליקע און אומזיסטע קיכן און אַלע אַנדערע פי־לאַנטראָפּישע אַנשטאַלטן און אָרגאַניזאַציעס, אין וועלכע די בורזשואַזיע איז אויף ס׳העכסטע אינטערעסירט, איז נישט בלויז אַ שרעקלעכע דערנידערונג פאַרן מענטש בכלל, נאָר איז אַ מיטל צו בלענדן די ליידנדע, די געפּייניקטע און הונגעריקע און צו אַנטוואָפּענען זייער רעוואָלוציאָנערן גייסט! און ווי זעט עס עקאָנאָמיש אויס אין דייטשלאַנד? אין אַלע קאַפּיטאַליסטישע לענדער, אין די אינדוסטריעלע, וועלכע האָבן אין פאַרגלייך מיט רוסלאַנד כמעט נישט גע־ליטן? דאַצו איז רוסלאַנד ביז דער רעוואָלוציע געווען כמעט אין גאַנצן אַן אַגריקולטור לאַנד, מער ווי 90 פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג — פּויערים, וואָס האָבן נישט געקאָנט לייענען און שרייבן. צום סוף וויל איך אייך פרעגן, חברים: ווען איז בעסער: דעם, וואָס ליידט אַ ביסל מער ווען ער בויט זיין באַלעבאַטישקייט, זיין הויז, זיין פאַבריק, זיין גאָרטן, אָדער דעם, וועלכער ליידט עטוואָס ווייניקער, אָבער ער איז אַ שקלאַף פאַר יענעם און האָט נישט קיין האָפענונג זיך אַרויסצורייסן פון זיין פינצטערער לאַגע?״
מינוטן לאַנג האָט דער עולם געפּאַטשט בראַוואָ.
דאָס וואָרט האָט לויט דער ריי באַקומען דער חבר מאַט. ער האָט באַדאַרפן שלאָגן דעם חבר וואַצלאַוו. אָבער די מאַסע, צווישן זיי, די בעקערס אַלס אָנפירער, האָבן אויסגעבראָכן אין אַ ווילדן ליאַרם: „צו מאַדאַם לישיי גיי! — צו ליובאַן! — פאַררעטער! אַראָפּ! — אַראָפּ!״ ס׳האָט נישט געהאָלפן דער גלאָק פונעם חבר באַריס, דעם פאָרזיצער, ס׳האָט נישט געהאָלפן דאָס אַפּעלירן פון אַלע חברים אויפן פּאָדיום, נישט פון רעכטס און נישט פון לינקס; דער ליאַרם האָט נישט אויפגעהערט, ער איז געוואָרן אַלץ ווילדער. פּלוצעם האָבן דאָ און דאָרט טייל גענומען זינגען:

„שטייט אויף איר אַלע, ווער ווי שקלאַפן
אין הונגער לעבן מוז און נויט!״

דער גאַנצער עולם האָט אונטערגעכאַפּט:

„דער גייסט — ער קאָכט, ער רופט צום וואָפן"...

ס'האָט קיינער מער נישט גערעדט: נישט די חברטע אַדאַ פון לינקס און נישט די חברטע סאַלטשאַ פון רעכטס, נישט דער חבר ליכטענבערג און נישט דער חבר פיניע (יאַקובאָוויטש) און נישט דער חבר הערש. ס'איז נישט פאַר־געקומען קיין דיסקוסיע און ס'זענען נישט אָנגענומען געוואָרן קיין רעזאָלוציעס. מיט באַגייסטערונג האָבן דעם „אינטערנאַציאָנאַל" אָנגעהויבן דער בע־קער קאָפּל וואַרשאַווסקי און זיין „לעבנסבאַגלייטערין" בראָנטשע. ביידע זענען ביים אַהיימגיין צו צום חבר מאַקס, דעם שלאָסער און זיין פרוי צעשאַ. „יאָך האָב געעפנט די אויגן", האָט קאָפּל געזאָגט און זיך אַרומגעכאַפּט מיט זיין שכן. בראָנטשע האָט אומאָרעמט צעשאַן און אויסגערופן: „פון אַצינד אָן זענען מיר קאַמעראַדן אויף לעבן און טויט! צוזאַמען 'עלן מיר קעמפן אויף די באַרא־קאַדן! אַ טויט דער בורזשואַזיע! אַ טויט די אַרבייטאָרפּאַרעטאָר! זאָל לעבן!"...

5

באַלד דערנאָך זענען פאָרגעקומען די וואַלן. ווי יעדעס מאָל האָט די פּראָ־פּאַגאַנדע, די מעכטיקסטע מאָדערנע מאַשין צו באַטויבן דעם מענטשס גייסט, גענומען אַרבעטן מיט איר גאַנצער קראַפט. די פּרעסע, ראַדיאָ, פּלאַקאַטן, אויפ־שריפטן אויף ווענט, טראָטואַרן און אויף אַנדערע ערטער, אויף וועלכע ס'קאָן פאַלן דעם מענטשס בליק, רעדנערס אין פאַראיינען און אויף גאַסן — אין גע־שריבענעם און אין גערעדטן וואָרט זענען אין די שרייענדיקסטע פאַרבן און אויף די העכסטע קולות אויסגערעכנט געוואָרן די גרויסע, ווונדערלעכע, געטלעכע מעלות פון די קאַנדידאַטן, וואָס די אייגענע פּאַרטיי האָט אַרויסגעשטעלט און פונקט אַזוי קוויטשנדיק זענען אַראָפּגעריסן געוואָרן, צעטראָטן און צו שפּאָט און שאַנד געמאַכט געוואָרן די קאַנדידאַטן פון דער קעגנערישער פּאַרטיי. די שטאָט האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ משונהדיק קאָמיש טעאַטער, אין אַ וואָדע־וויל, אין אַ בורלעסק, אין אַ צירק מיט גרעלבונטע קאָלירן פון די פּלאַקאַטן און די רעגנס פון פּראָקלאַמאַציעס. און די רעדנערס: אַקטיאָרן, קאָמעדיאַנטשיקעס, קלאָונס — האָבן געשפּילט זייערע ראָלעס. אָרקעסטערס אין די גאַסן, קאַ־פּעליעס און שפּרעככאָרן אויף לאַסט־אויטאָמאָבילן און אין גרויסע, פּויערישע, דראַביניאַסטע וועגענער, באַהאַנגענע מיט גרעלבונטע טאָוולען מיט אַלערליי סלאָגאַנען אויף זיי און די רעדער און די פערד מיט פאַרביקע פּאַפּיר־סטענגעס אויסגעפּוצט, מיט פאַרביק קאָסטיומירטע בחורים און מיידלעך, וואָס האָבן גע־זונגען און דורך טרובעס אויסגערופן די שלאָגווערטער פון די פּאַרטייען. די דאָזיקע לאַסט־אויטאָמאָבילן און וועגענער, אויך רייטוועגעלעך אין רייען, „הייי־זער", „פּויערישע כאָטעס", „פּריצישע שלעסער" פון קאַרטאָן, „העלפאַנטן" און אַלערליי „שרעקלעכע חיות", נאָר מיט מענטשלעכע פיס — דאָס אַלץ האָט מיט קולות, געבראַזג און געטראַסק, מיט טומל און גערויש זיך באַוועגט דורך גאַסן

און געסלעך. אין דער לופט, גאַנץ נידעריק איבער די דעכער פון די הייזער, האָבן געקרייזט עראָפּלאַנען.

פון אַלע זייטן האָבן געפּליצט רויטע, געלע, גרינע, אָראַנזשענע און ווייסע צעטלען, באַדרוקט מיט די פאַרשידענע אויפרופן צו די וויילער.

דער רעזולטאַט? — ס'איז געבליבן ווי געווען.

קאַפּיטל פיר און צוואַנציק

# אל נקמות

1

בלויז אויסערלעך — און נאָר אויף אַ קורצער צייט — האָט אַדאַ זיך באַ־רויִקט נאָך יענעם מאָמענט, ווען זי האָט איר מאַן צום ערשטן מאָל געזען וויינען. זי האָט אים גוט געקענט, ווי אַ פרוי, וואָס ליבט (אַפילו ווען זי איז נישט זייער אינטעליגענט) קען דעם געליבטן, וועלכער איז באַהעפט צו איר מיט זיין גאַנצער נשמה. אַדאַ האָט כמעט תמיד דערפילט די באַהאַלטנסטע רעגונגען אין אַדאַמס האַרץ, אַלץ, וואָס דאַרט איז פאָרגעקומען אין די געהיימסטע און פאַרשלאָסנסטע קעמערלעך. זי האָט אַלץ מער און מער אָנגעהויבן תופס זיין זיין יעדן געדאַנק, אויך דערפאַר, ווייל איר אינסטינקט, דער אינסטינקט פון אַ פרוי וואָס ליבט, איז שטענדיק וואַך געווען אויפצונעמען יעדע רעגונג אין איר מאַנס נשמה. פאַרשטייט דאָך די מוטער (מיט איר מוטער־אינסטינקט) איר קינד פון ערשטן מאָמענט ווען ס'קומט אַרויס פון איר שויס. זי דערפילט דעם קינדס יעדן ווונטש כמעט, וואָס איז דעם קינד אַליין אומבאַוווסט. זי פאַרשטייט די שפּראַך פון איר קינדס בליק, די שפּראַך פון זיין שמייכל, פון די באַוועגונגען פון זיינע פיסלעך און הענטלעך און די קלאַנגען פון זיינע נאָך פאַרשלאָסענע לעפצן. אַזוי פאַר־שטייט זי אויך דעם מאַן, וועלכן זי ליבט און וועלכער איז מיט איר באַהאָפטן. זי באַנעמט אים אַפילו טיפער ווי ער באַנעמט זיך אַליין. דערין האָט די נאַטור באַשענקט די פרוי מער ווי דעם מאַן, ווייל זי איז אויסדערוויילט צו זיין די מאַמע.

פאַרשידענע געדאַנקען זענען אַדאַן געקומען אין זין וועגן איר מאַנס טרערן. ער האָט איר נישט געזאָגט די סיבה פון זיין וויינען דעמאָלט: ער האָט נישט געקאָנט, אויך שפּעטער נישט. מסתמא דערפאַר, ווייל ער אַליין האָט די סיבה נישט געוווסט. אַדאַ, אָבער, האָט נישט אויפגעהערט צו זוכן און גריבלען אין איר האַרץ און קאָפּ. זי איז צוריקגעגאַנגען אין איר זכרון ביזן ערשטן מאָמענט ווען זי האָט זיך באַקענט מיט איר מאַן. זי האָט געוווסט, אַז ער האָט געליבט

זיין שעפס טאָכטער. ער האָט איר דאָס דערציילט, אויך אַז מאַגדאַ האָט אים געליבט און אַז זי האָט פון אים פאַרלאַנגט ער זאָל זיך שמדן, דאַן וועט זי מיט אים חתונה האָבן.

ביים דאָזיקן עפּיזאָד איז אַדאַ שטיין געבליבן. זי האָט געטראַכט: אַ געפיל, וואָס איז געווען זייער שטאַרק — דאָצו אין אַזאַ מענטש ווי אַדאַם איז — קאָן אויפטויכן גאַנץ אומגעריכט און אַפילו פאַראורזאַכן אַ גאַנצע איבערקערעניש. אַדאַם האָט טייל מאָל, באַזונדערס אָבער אין דער לעצטער צייט, צו איר געזאָגט: „איך בין זייער טרויעריק דאַריבער, וואָס מאַגדאַ ליידט אַזוי שרעקלעך". ער איז געוואָר געוואָרן אַז זיין אַמאָליקע געליבטע האָט זיך פולשטענדיק צוזאַמענגעבראָכן. זי האָט איר אומגליקלעך פאַמיליענלעבן נישט געקאָנט מער אויסהאַלטן און איז שווער קראַנק געוואָרן. ס'זענען אַרומגעגאַנגען קלאַנגען, אַז זי האָט געפּרוּווט באַגיין זעלבסטמאָרד, אָבער מ'האָט זי אָפּגעראַטעוועט.

אויך אַדאַ איז דאָס געוואָר געוואָרן. „אפשר איז דאָס די סיבה", האָט זי געקלערט, „פון זיינע פלוצעמדיקע טרערן ביי דער דיסקוסיע?" זי האָט אַדאַמען געהייסן אַהין גיין צו דער אומגליקלעכער: „טעלעפאָניר דיין אַמאָליקן שעף", האָט זי אים געעצהט, „און ער וועט דיר זאָגן ווי דאָס צו טאָן". אָדער גיי פריער אַהין צו אים און דאַן צו זיין טאָכטער".

„דאָס איז אַ גוטע אידעע". ער האָט זיין פרוי אַ קוש געטאָן אויפן שטערן.

2

אַדאַם האָט זיין אַמאָליקן שעף געטראָפן לגמרי אַ פאַרענדערטן. אמת, ער איז ביי אים שוין לאַנג נישט געווען ווייל פון זינט ער האָט חתונה געהאַט און זיך געעפנט אַן אייגענע קאַנצעלאַריע זענען די באַציִונגען צווישן זיי געוואָרן מאָדנע. די קעגנזייטיקע אַכטונג, און אַפילו ליבשאַפט, האָט אָבער נישט אויפגעהערט. דער באַרימטער אייגער האָט צו זיין געוועזענעם אַסיסטענט ווייטער געפילט דאָס זעלבע ווי אַ פאָטער פילט צו זיין קינד. דען אַדאַם איז אויף אַ מערקווירדיקן אופן געוואָרן זיין זון. אַזאַ מין ענלעך געפיל — ווי פון אַ זון צום פאָטער — האָט געלעבט אין אַדאַמס ברוסט. און דווקא דאָס דאָזיקע געפיל האָט פאַראורזאַכט אַ מאָדנע באַציִונג צווישןביידע און דעריבער איז אַדאַם אַזוי זעלטן אַהינגעגאַנגען צו זיין אַמאָליקן שעף. וואָלט מאַגדאַ געווען גליקלעך אין איר פאַמילענלעבן — וואָלטן די באַציִונגען צווישן דעם עלטערן און יינגערן קאָלעגע אפשר געווען געבליבן פריינדלעכע, נאָרמאַלע. אָבער איר טראַגעדיע האָט זיך אָנגעהויבן באַלד נאָך דער חתונה, ס'האָט זיך אָנגעהויבן דאָס, אויף וואָס דער אַלטער אייגער האָט זיך געריכט. ער האָט געוווּסט, אַז זיין טאָכטער — אייגנטלעך דאָס איינציקע קינד זיינס, ווייל צום זון האָט ער קיין שום געפיל נישט געהאַט — איז פאַרלוירן. ער האָט אויך געוווּסט, אַז זיין טאָכטער האָט נישט אויפגעהערט צו ליבן — מיט דער גאַנצער שטאַרקייט פון איר שיינער נשמה — דעם געוועזענעם אַסיסטענט זיינעם, אַדאַמען.

און אין דעם אַלטן אַדוואָקאַט יאַנוש אײגער האָט געגומען וואַקסן אַ געפיל פון אייגענער שולדיקייט אינעם אומגליק פון זיין קינד און אינעם צוזאַמענשטירצן פון זיין אייגן לעבן. דער עפּיקורעישער געניסער — און כמעט שטענדיק אין אַ גוטער שטימונג און פול הומאָר — איז אַריינגעפאַלן אין אַ שווערער טרויעריקייט, אין אַ ביטערקייט און שווייגן. ער האָט מיט קיינעמען נישט גערעדט וועגן זיינע זעלישע ליידן — ער האָט זיי באַהאַלטן טיף אין זיין האַרץ. וואָס שווערער זיי זענען געוואָרן, וואָס שטאַרקער זיי האָבן אים געפּייניקט — אַלץ טיפער האָט ער זיי באַגראָבן אין זיך. דאַביי האָט ער זייער געוואָלט רעדן מיט וועמען וועגן זיין ווייטיק. אָבער מיט וועמען? מיט זיין פרוי האָט ער כמעט קיין מאָל נישט גערעדט וועגן וויכטיקס אין זיין לעבן. ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט נאָך דער חתונה, אַז דער דעמאָלט אָקאָרשט געענדיקטער יוריסט זאָל איינזען, אַז זיין פרוי קאָן אים געבן אַלץ וואָס זיין קערפּער וויל, אָבער נישט וואָס זיין גייסט פאַרלאַנגט. און ער איז געווען גאַנץ צופרידן דאַמיט: זיין יונג ווייבל האָט אים נישט אַנטוישט, ער האָט אין ,זיר געפונען דאָס, וואָס ער האָט אין דער פרוי בכלל געזוכט. זיין מיינונג וועגן דעם „שיינעם מין" איז דעמאָלט געווען: גייסט זאָל דער מאַן ביי דער פרוי נישט זוכן. ער איז אַפילו געגאַנגען נאָך ווייטער: אַז גייסטיקייט און ווייבלעכקייט זענען צוויי פענאָמענען וואָס קאָנען זיך נישט פאַראייניקן, ווייל איינס איז הימל און דאָס צווייטע ערד. נאָר שפּעטער האָט ער זיין מיינונג אַלץ מער קאָרעגירט, ביז ער איז געקומען צו אַ פאַרקערטן שטאַנדפּונקט: אַז אַן אומגייסטיקע פרוי איז אַ שטיק ערד, וואָס ווערט נישט באַשיינט פון דער זון: בלומען קאָנען אויף איר נישט וואַקסן. די דאַזיקע דערקענטעניש איז אָבער געקומען צו שפּעט צו אים.

מיטן זון דעם משומד האָט דער אַדוואָקאַט אַוודאי און אַוודאי נישט געקאָנט רעדן וועגן דעם, וואָס אים האָט אָנגעהויבן פּייניקן. חוץ מזה: פון זינט דער משומד איז געוואָרן פּראָקוראָר האָט ער אויפגעהערט צו האָבן וועלכן ס׳איז שייכות צו זיינע יידישע עלטערן. ער איז געוואָרן נאָך אַ גרעסערער אַנטיסעמיט און רעאַקציאָנער ווי ער איז געווען. פאַר דער טאָכטער האָט דער טאַטע נישט געוואָלט עפּענען זיין האַרץ: ער האָט זי געוואָלט שוינען אין איר אומגליק. אויך האָט ער געטראַכט, אַז זי וועט אים נישט פאַרשטיין, ס׳איז צו שפּעט זי זאָל אים באַגרייפן. און אָט איז מיט איר געשען דאָס, פאַר וואָס ער האָט זיך שוין לאַנג געשראָקן. דאָס איז געווען אַזאַ קלאַפּ פאַר אים, אַז ער, דער „קאַלטער יוריסט", דער „האַרטער, גייציקער מענטש", דער „פרעסער און זויפער", ווי ס׳האָבן אים גערופן זיינע שונאים, זיינע קעגנער און נישט פאַרגינער און כלומרשטע פריינד — האָט צוזאַמענגעבראָכן. האָט ער זיך דערפרייט — און איז געווען גליקלעך — דערהערנדיק זיין אַמאָליקן אַסיסטענטס קול דורכן טעלעפאָן, דאָס קול פון זיין געליבטן אַדאַם.

אַדאָם איז פון דער דינסט צוגעפירט געוואָרן צו דער טיר פונעם צימער׳ אין וועלכן איר בעל־הבית איז געווען. זי האָט אָנגעקלאַפּט גאַנץ שטיל, נישט בלויז פון געוויינלעכן דרך־ארץ, נאָר פון צאַרטן מיטגעפיל מיט דעם מענטש, וועלכן זי האָט אין די אַלע יאָרן, וואָס זי איז אין דעם הויז, פּשוט פאַרגעטערט, ווי זי האָט די בעל־הביתטע פאַראַכטעט. זי האָט געוווּסט וועגן וואָס איר בעל־הבית האָט זיך צוזאַמענגעבראָכן, כאָטש מ׳האָט זיך פאַר איר געהיטן כמעט מיט יעדן וואָרט. רעכנדיק, אַז דער פאַן שלאָפט אפשר — די איינציקע צייט ווען ער פילט נישט זיין ווייטיק — האָט זי זיך געהיטן אים נישט אויפצוּוועקן. נאָר זי האָט גלייך דערהערט זיין קול: „פּראָשען!״ דער איצטיקער „ביטע״ איז געווען ווי אַ פאַריידרוף. די דינסט האָט פאַרשטאַנען, אַז איר בעל־הבית האָט מיט אומגעדולד געוואַרט אויפן גאַסט און שנעל געעפנט די טיר.

דער אַדוואָקאַט האָט זיין אַמאָליקן שעף, וועלכן ער האָט שוין לאַנג נישט געזען, געטראָפן אַ פולשטענדיק צוזאַמענגעבראָכענעם. דער באַרימטער אייגער איז געלעגן אין זיין ברייטן לעדערפאָטעל: די קורצע פיס האָט ער געהאַלטן גאַנץ אויסגעשטרעקט אויף אַ קליין פוסבענקעלע, וואָס איז געווען איבערגעצויגן מיטן זעלבן טונקל ברוינעם לעדער ווי דער פאָטעל. אַזויערנאָך האָט די געבעטע פאַטערשטול זיך פאַרוואַנדלט אין אַ מין סאָפע, אין וועלכער ס׳איז איצט געלעגן דער אומגעוויינלעך ברייטער קערפּער פונעם באַרימטן יוריסט. אין בעט האָט דער צוזאַמענגעבראָכענער נישט געוואָלט ליגן, ער האָט נישט געוואָלט ליגן אין שלאָפצימער, ווייל דאָרט איז ביי נאַכט געשלאָפן זיין פרוי, און ער האָט געוואָלט זיין גאַנץ אַליין מיט זיין גרויס אומגליק — אַפילו ביי נאַכט. ער איז דעריבער אויך ביי נאַכט געלעגן אַזוי אין זיין קאַבינעט אויפן זעלבן פאָטעל. אַרום 10—11 האָט די דינסט אַראָפּגעלאָזט דעם אָנלען פונעם פאָטעל ביז גאַנץ אונטן און אַזויערנאָך אים פאַרוואַנדלט אין אַ מין בעט. אַפילו דאָס עסן האָט די דינסט אים אַריינגעבראַכט אַהער. דער אומגליקלעכער האָט נישט געוואָלט זיין אין קיין שום אַנדער צימער, חוץ אין זיין קאַבינעט. דאָ האָט ער שטענדיק פאַרבראַכט זיין פרייע צייט. צווישן די דאָזיקע הויכע פיר ווענט, וועלכע מ׳זעט כמעט נישט אַרויס, ווייל זיי זענען ביז אַרויף פאַרשטעלט מיט פאָליצעס ביכער — צווישן וועלכע ס׳זענען דאָ גאַנץ טייערע אַנטיקן און כתב־ידן פון גרויסע באַרימטקייטן — צווישן די דאָזיקע ווענט האָט דער באַרימטער יוריסט פאַרבראַכט זיינע פרייע שעהען כמעט שטענדיק אַליין, מעדיטירנדיק, אָדער פאַרטיפט אין וועלכן ס׳איז ווערק פון זיין רייכער ביבליאָטעק. האָט ער אַמאָל דאָ וועמען אַריינגעבעטן — איז דאָס געווען אַ מענטש, וועלכן פאַן יאַנוש אייגער האָט געהאַלטן פאַר ראוי אַריינצוקומען אין זיין מקום קדוש, אַ מענטש, מיט וועלכן ער האָט דאָ פאַרבראַכט אין אַ גייסטיקן געשפּרעך. פון נאָכן גרויסן אומגליק אָן אָבער האָט דער באַרימטער יוריסט קיין שום פרעמדע מענטשן, אַפילו נישט די גע־

ציילטע יחידים וועלכע ער האָט געקאָנט האַלטן פאַר פריינד, נישט געוואָלט זעען מער, פונקט ווי ער האָט מער נישט געוואָלט אַריבערטרעטן אַפילו די שוועל פון אַן אַנדער צימער אין זיין וווינונג. אַן אויסנאַם איז געווען דאָס צימער אין וועלכן די טאָכטער האָט געוווינט ביז דער חתונה.

אין מאַגדאַס צימער איז קיין שום זאַך נישט געענדערט געוואָרן: ס׳איז דאָרט אַלץ געבליבן ווי געווען, ווי זי וואָלט נאָך דאָרט געוווינט. מאַדאַם אייגער האָט אַפילו עטלעכע מאָל געהאַט חשק אויסצורוימען פון דעם צימער דעם קליינעם אַלטאַר מיט די הייליקע בילדער און די צלמים, ווייל עפּעס האָט דאָס אַלץ, באַזונדערס פון נאָך דער טאָכטערס חתונה אָן, איר פאַרשאַפט אַ סך צער. פריִער האָבן די דאָזיקע סימבאָלן פונעם קריסטלעכן גלויבן זי אַבסאָלוט נישט געשטערט. אַדרבא, נישט בלויז האָט עס דער מאַדאַם אייגער נישט געאַרט, וואָס אירע ביידע קינדער זענען געשמדט, נאָר זי איז אַפילו געווען גאַנץ שטאָלץ דאַמיט און צו איר מאַן אַ מאָל געזאָגט: „ווייסטו, יאַנוש! — מיר וואָלטן אייגנטלעך אויך באַדאַרפן איבערגיין צום קריסטנטום. דאָס וואָלט פאַר די קינדער געווען בעסער און אויך פאַר אונדז — וועגן די קינדער... וואָס האָבן מיר דען צו טאָן מיטן ייִדישקייט?״

אָבער דער צלם און דער געקרייציקטער יעזוס (און די אַלע אַנדערע הייליקע בילדער אין דער טאָכטערס צימער) האָבן פון דעסטוועגן שטענדיק אַרויסגע־רופן אַן אומרויִק געפיל אין מאַדאַם אייגערס האַרץ. דאָך האָט זי די אַלע זאַכן ווייטער איבערגעלאָזט אין דאָזיקן צימער, ווייל די טאָכטער פלעגט שטענדיק — ווען זי איז אַהערגעקומען, פון אָנפאַנגס ווייניקער און דערנאָך אַלץ אָפטער — אַריינגיין אַהין. צוליב אַ גאַנץ אַנדערן מאָטיוו אָבער האָט דער צערטלעכער טאַטע געוואָלט אַז אין זיין טאָכטערס צימער זאָל אַלץ בלייבן ווי געווען: ווייל אַלע זאַכן, וועלכע מאַגדאַס הענט האָבן באַרירט, אויף וועלכע זיין קינדס אויגן האָבן געקוקט, זענען אים געוואָרן טייער און ליב; אַפילו די הייליקע רעליקוועס, וואָס זענען אים תּמיד געווען פרעמד, ווי אַלץ וואָס האָט געהאַט צו טאָן מיט וועלכע ס׳איז רעליגיע. ניין, די דאָזיקע רעליקוועס האָבן זיין ייִדיש געפיל נישט פאַר־לעצט, ווייל ער האָט אַזעלכעס נישט געהאַט; אָבער זיי האָבן שטענדיק דערוועקט אין אים זיין קעגנערישקייט צו דער רעליגיע, וועלכע זיי האָבן סימבאָליזירט. חוץ שכל הישר האָט פאַר אים נישט עקזיסטירט קיין שום אַנדערע זאַך, וואָס זאָל דעם מענטש קאָנען מאַכן גוט און יושרדיק. „נאָר די לאָגיק״, האָט ער שטענדיק געטענהט, „קאָן דעם מענטש מאַכן מאָראַליש, עטיש און איידל. רעליגיע״, פלעגט ער דיסקוטירן, „הייסט דעם מענטש גלייבן, בלויז גלייבן, אויף אַ בלינדן אופן. אַזוי הייסט גאָט, אַזוי באַפעלט ער. באָכן טויט ווערט דער מענטש באַלוינט פאַרן פאָלגן גאָט און באַשטראָפט פאַרן נישט אָפּהיטן זיינע געבאָטן. דאָס איז דאָך שווינדל״ פלעגט דער אַטעיִסט אויסרופן אַן אויפגעבראַכטער און אַרגומענ־טירן: „אַפילו דער נאַרישסטער מענטש ווייסט, אַז נאָכן טויט איז מען טויט. ער לאָזט זיך אָבער באַשווינדלען, ער ווערט געצוווּנגען דאַצו, אַפילו נאָך הייַנט,

און דאַן שווינדלט ער אַליין, אַפילו זיך באַשווינדלט ער דערנאָך. און ווי קאָן אַ שווינדלער זיין „מאָראַליש?" — — —

דער גרויסער פאַרגעטערער פון לאָגיק האָט נאָך ווי ס'איז אָנערקענט קונסט, אָבער פאַר קיין פאַל נישט רעליגיע, גאָר באַזונדערס נישט די קריסטלעכע, און אַוודאי און אַוודאי נישט די קאַטוילישע. בלויז פאַר דער ייִדישער רעליגיע האָט ער איבערגעלאָזט אַ שטיקל אָרט, ווייל אין איר ווערט דער שכר פאַר מצוות און מעשים־טובים — די מיינסטע גאַנץ פאַרנינפטיקע, מענטשלעכע און ריין פּראַק־טישע — געסילוקט גלייך אויף דער ערד, ביים לעבן און נישט נאָכן טויט אויפן הימל. דעריבער האָט ער שטאַרק געליטן ווען ס'האָט זיך געשמדט דער זון, און נאָך מער — ווען די טאָכטער איז איבערגעגאַנגען צום קאַטאָליציזם. די הייליקע בילדער און די צלמים, וואָס זי האָט דאַן אָנגעברענגט אין איר צימער אַריין, האָבן אים פשוט שאָקירט. ער האָט דאָס דאָזיקע צימער פון יענעם מאָמענט אָן נישט מער באַטראָטן. אָבער ווען זי האָט עס נאָך דער חתונה פאַרלאָזט, איז ער אָפּט אַריינגעגאַנגען דאַרין און איז דאָרט טייל מאָל אַפילו געבליבן גאַנץ לאַנג. ער האָט געקוקט אויף די רעליקווען ווי זיי וואָלטן געווען שולדיק אין זיין קינדס אומגליק. באַזונדערס האָט זיין בליק זיך אָפּגעשטעלט אויפן געקרייציקטן אינעם ווינקל, ווו ס'האָט געהאָנגען די הייליקע לאַמפּאַדע, ווו זיין קינד האָט אין יענער נאַכט — ווען דער אַלטער גראַף מיט זיין פרוי און זייער זון זענען דעמאָלט נאָך דער „קאָלאַציע" אַוועקגעגאַנגען — אין הייסער תפילה געבעטן דערבאַר־מונג ביי איר געקרייציקטן גאָט: ער זאָל שיקן אויפלויכטונג אין איר פאַרווירט האַרץ, ער זאָל איר ווייזן דעם רעכטן וועג פאַר איר ווייטערדיק לעבן.

4

אין דרויסן איז נאָך אפשר געווען העל. אין קאַבינעט אָבער איז שוין געווען גוט טונקל ווען אַדאַם ווייס איז אַריינגעקומען צו זיין געוועזענעם שעף. דער אויסגעשטרעקטער אינעם פאָטעל האָט איצט ליב געהאַט די טונקלקייט. דאָך האָט ער דעם גאַסט געבעטן צו מאַכן ליכטיק. ערשט אַצינד האָט דער געקומענער גע־קאָנט גוט זען דעם ליגנדיקן. אַ דערשיטערטער האָט אַדאַם געטראַכט: וואָס ס'איז געוואָרן פון דעם מענטש, וועלכער איז שטענדיק געווען אַזוי פול פון שטאַרק פולסירנדיק לעבן!... אינעם פאָטעל איז געלעגן אַ צוזאַמענגעפאַלענער, כמעט אויסגעלאָשענער גוף, איינגעהילט אין אַ געלער, וואָלענער קאָלדרע. דער פריִער אומגעווייינלעך ברייטער האַלדז איז געוואָרן אַ סך דינער, אַזוי, אַז דער קאָפּ איז אויסגעקומען נאָך גרעסער ווי ער איז געווען. דער האַלבער קראַנץ האָר הינטן — ערשט נישט לאַנג טונקל־גרוי און יעדעס געקרייזלטע הערעלע, וואָס איז אַמאָל געווען שוואַרץ און נאָך אַלץ געהאַט אין זיך לעבן, וואָס האָט וויב־רירט ווי אַ שטראַלעכל פון ווייס פייער — איז איצט געווען אָפּגעבלאַקעוועט, פאַרוועלקט ווי גרינלעכגעל גראָז, אָפּגעשטאָרבן, טויט. דער געוואַלדיק גרויסער שאַרבן איז געווען געל ווי וואַקס. פונקט אַזאַ קאָליר האָבן געהאַט די פריִער קיי־

ליִכדיקע, רויטע באַקן, און אַצינד איינגעפאַלענע. די הויט איז שלאַבעריק אַראָפּ־געהאָנגען, ווי לײדיקע זעקלעך, די באָרד שוין טעג נישט ראַזירט, די אויגן טיף איינגעזונקען, די ברייטע טאַטאַרישע נאָז פאַרענדערט. אָבער דער אומגליקלעכער צעבראָכענער מענטש האָט אַצינד אָפּן געהאַלטן זיין שטענדיק פאַרזשמורעט אויג און דאָס האָט אַדאַמען שטאַרק געוואונדערט. פריִער פלעגט דער קלוגער יאַנוש אייגער טייל מאָל אָפילו אַ קליין ביסעלע פאַרזשמורען אויך דאָס צווייטע אויג. אַצינד אָבער האָט ער ביידע געהאַלטן אָפן, ברייט צעעפנט. דער אַמאָליקער אַסיסטענט האָט צום ערשטן מאָל געזען ס'אַרע מערקווירדיק גרויסע, העלגרויע, באַצויבערנדיקע אויגן זיין געוועזענער שעף האָט. און ווידער האָט ער אַ פּאָר־חידושטער געטראַכט: „מיטן דאַזיקן אַלטן איז אויך אַ זעלטזאַמען אופן פּאָר־געקומען עפעס אַ נס. דער קערפּער איז ווי געשטאָרבן; דער גייסט אָבער, זעט אויס, ווי ער וואָלט נאָך שטאַרקער געוואָרן, נאָך העלער צעשטראַלט"...

„מיר איז קאַלט", האָט דער אַלטער זיך געקלאָגט: „נאָר איך פריר. אין צימער איז געגנוג וואַרעם, הייס מעג מען זאָגן, ווייל איבער 25 צעלזיוס. מיר אָבער איז קאַלט, זייער קאַלט". אַדאַם האָט דעם פרירנדיקן געוואָלט בעסער אַרומהילן מיט דער קאָלדרע; אָבער דער כמעט ציטערדיקער פון קעלט האָט געזאָגט: „דאָס העלפט נישט". ער האָט דאָבײ אַרײנגענומען אין זיינע אייזיקע הענט איינע פון דעם, וועלכן ער האָט נאָך אַלץ אַזוי שטאַרק ליב געהאַט ווי אַמאָל, און זי גע־האַלטן. דער גרויסער אַראַטאָר האָט איצט — ווי אַמאָל — ווידער נישט געוווסט ווי אַזוי אָנצוהייבן רעדן מיט זיין אַמאָליקן אַסיסטענט: „אַזוי, אַזוי מיין ליבער... שטעל דאָ אַהער דיין שטול"! האָט ער, אַליין נישט ווויסנדיק ווי אַזוי און פאַר וואָס, פּלוצעם געגומען דוצן אַדאַמען, וואָס ער האָט פריִער קיין מאָל נישט געטאָן. „קאָנסט דיך זעצן לעם מיר, אויב דו ווילסט, דער פּאָטעל איז געגנוג ברייט. נאָר אפשר וועט דיר זיין נישט געגנוג באַקוועם, נעם זשע אַהער אַ שטול! אָט אַזוי!" ער איז געוואָרן אויפגעלעבטער און אָנגעהויבן: „פאַר וואָס איך געפין מיך איצט אין דאַזיקן צושטאַנד ברויך איך נישט צו דערציילן. אָך!" ער האָט זיך ערשט איצט געכאַפּט: „איך דוץ דיך. ס'איז געקומען אומבאַוווסט, פונעם האַרץ"... דער אומגליקלעכער האָט געשוויגן. זיינע הענט האָבן ווידער אַרײנ־גענומען אין זייער גאָרשטש אַדאַמס אַ האַנט, זי געהאַלטן, שיִער צוגעטראָגן צו זיינע ליפּן, דאָס אָבער דאָך נישט געטאָן און זי צוריק אָפּגעלאָזט. ער האָט דאָס געשפּרעך אויף ס'ניי אָנגעהויבן: „קעגן האַרץ קאָן מען זיך נישט שטענדיק אַקעגנשטעלן". ס'האָט זיך דערהערט אַ שטיל דרך־ארצדיק אָנקלאַפּן און ער האָט געגעבן: „פּראָשען!"

די דינסט האָט אַרײנגעבראַכט טיי און צובייס. דער בעל־הבית האָט איר געדאַנקט און געבעטן אַראָק. „שוין אַרײנגעטאָן אינעם בעל־הביתס טיי", האָט די דינסט געזאָגט, „פאַרשטאַנען, אַז דער פּאַן דאַרף איצט האָבן אַ ביסעלע... פאַרן גאַסט האָב איך געבראַכט ציטרין. כ'געדענק עס פון לעצטן מאָל, כאָטש ס'איז שוין זייער לאַנג". זי איז צוריק אַרויסגעגאַנגען. נאָר זי האָט זיך באַלד

צוריק אומגעקערט: „דער פאַן וויל אפשר אַצינד אויך אַ ציגאַר? איך ווייס, אַז דער פאַן רויכערט שוין אַ שטיקל צייט נישט מער קיין ציגאַרן און אַפילו נישט קיין פּאַפּיראָסן; נאָר אַצינד"...

דער בעל־הבית האָט מיט וואַרעמקייט אין קול געמאַכט אַ קאָמפּלימענט זיין דינסט: „דו ביסט אַ טייערע און קלוגע נשמה, קאַשאַ!" ווען זי האָט פאַרמאַכט די טיר הינטער זיך, האָט ער פאַרן גאַסט באַשטעטיקט דער דינסטס ווערטער: „כ'האָב אויפגעהערט צו פילן אַ טעם אינעם רויך פון אַ ציגאַר, פון וואָס כ'האָב מיך קיין מאָל נישט געקאָנט באַגיין"... נאָר ווען די דינסט האָט אים אַצינד אַריינ־געבערענגט אַ קעסטל האַוואַנאַ ציגאַרן (פונעם זאַפּאַס, וואָס איז געבליבן אומ־באַרירט), האָט דער אַלץ מער און מער אויפגעלעבטער יאַנוש אייגער פאַררויכערט אַ ציגאַר און אָנגעבאָטן אויך דעם גאַסט. נאָר אַדאַם האָט נישט גערויכערט קיין ציגאַרן און פאַררויכערט זיינס אַ פּאַפּיראָס.

נאָך אַזוי פיל מאָל איבעררייסן איז דער אַלטער ענדלעך אַריין אין אַ גע־שפּרעך: „אינעם מענטשלעכן גורל", האָט ער אָנגעהויבן, „איז אפשר דאָך אַלץ פּרעדעטערמינירט, ווייל סוף כל סוף איז דאָך דער מענטש אַ טייל פון דער נאַטור. איך זאָג, „אפשר", ווייל מיר איז נאָך נישט גאַנץ קלאָר געוואָרן וועגן די סעקונדערע באַדינגונגען אינעם מענטש, ווי דרויסנדיקער איינפלוס. איך דענק אָבער, אַז אויך דאָס קומט פאָר לויט די ביאָלאָגישע הנחות אינעם מענטש. דאָך שליס איך נישט אויס דעם צופאַל, וואָס ווערט טייל מאָל די סיבה פון אַ קאַ־טאַסטראָפע. דאָס באַווייזט די אומפּערפעקטקייט אין דער נאַטור זעלבסט. איך וועל מיך אָבער אַצינד נישט אַריינלאָזן אין אַבסטראַקציעס, אין וויסנשאַפטלעכע טעאָריעס. און געוויס נישט אין מעטאַפיזישע. דאָס קאָנקרעטע אומגליק, וואָס האָט מיך געטראָפן, איז צו גרויס". דער צוזאַמענגעבראָכענער האָט נישט געקאָנט ווייטער רעדן.

דער אַדוואָקאַט אַדאַם ווייס האָט גלייך ביים אַריינקומען געמערקט, וואָס אין דעם אומגליקלעכן אַלטן מאַן קומט פאָר. טרייסטן אָבער, אים זאָגן אַפילו בלויז איין וואָרט, וואָס זאָל זיין לייד קאָנען פאַרלייכטערן אַפילו אויף אַ הערעלע — האָט ער נישט געקאָנט. ס'האָבן ביי אַדאַמען געציטערט די פינגער, אויך די אונ־טערשטע ליפּ האָט אַ ציטער געטאָן. דאָס שווייגן איז געווען פּייניקנדיק און ער האָט דעריבער זיך אָנגעכאַפּט אָן זיין געוועזענעם שעפּס טעמע און גענומען רעדן: „איך רעכן פּונקט ווי איר, קאָליעגע, אַז אינעם מענטשנס גורל"...

אָבער דער ליגנדיקער אינעם פּאָטעל האָט איבערגעריסן דעם גאַסט: „נאָך וואָס טויגן אַלע וויסנשאַפטלעכע טעאָריעס אויפן דאָזיקן געביט? אויסמיידן דאָס אומגליק קאָן דער מענטש נישט, אַפילו ווען ער ווייסט ווי אַזוי, פאַר וואָס, און פון וואַנען ס'קומט. אַ קינד ווערט פון דער געפאַר צוגעצויגן. דער ענטפער דערויף איז, אַז דאָס קינד האָט נאָך נישט קיין דערפאַרונג. דער דערוואַקסענער מענטש אָבער, באַזונדערס דער אינטעליגענטער, האָט יאָ דערפאַרונג; דאָך, ס'העלפט אים זייער ווייניק, ער איז כמעט ווי אַ קינד: ער ווערט צוגעצויגן פון דער

געפאַר, ער גייט איר אַפּילו אַקעגן. צו ערשט האָב איך געהאַט באַשלאָסן מיך נישט אַריינצומישן, מיין טאָכטער גאָרנישט צו זאָגן אין אַזאַ ענין, אין וועלכן גאָר זי אַליין האָט צו אַנטשיידן. איך האָב גערעכנט, אַז כ׳מעג מיך אויף איר פאַרלאָזן, אויף איר געזונטן אינסטינקט, באַזונדערס דערפאַר, ווייל איך האָב געוווּסט ווי זי האָט דיך געליבט. דאָס האָב איך געהאַלטן פאַר געגנוג זיכערן שוץ קעגן דער געפאַר פון מענלעכער רויער קראַפט, וואָס לאָקערט אויף דער פרוי. באַזונדערס האָט מיר אַזאַ שוץ אויסגעזען געגנוג פאַר מאַגדאַ. ווען איך האָב אָבער איינגעזען מיין טעות — אַ ביסל צו שפּעט, ווייל זי איז שוין דעמאָלט געווען אין די לאַפּעס פון דעם שרעקלעכן מאָנסטער — האָב איך נישט בלויז גערעדט מיט איר וועגן דער דראָענדיקער געפאַר — אַז זי גייט צום טיגער אין דער הייל — נאָר איך האָב זי ווי אַ קליין קינד אַרומגעכאַפּט און זי געוואָלט באַהאַלטן אין מיינע אָרעמס. אָבער דאָס האָט נישט געהאָלפן, מיין גרויסע ליבע האָט נישט געהאָלפן, פונקט ווי ס׳האָט נישט געהאָלפן דיינע, און ס׳האָט איר נישט געהאָלפן אירע צו דיר. ווען איך וואָלט געקאָנט צעשמעטערן מיין אַלטן קאָפּ!״...

נאָך אַ פּויזע האָט דער באַרימטער יוריסט, וועלכער האָט געהאַט אַזוי פיל וויסן, קרעכצנדיק געקלאָגט, ווי אַ סך פאַר אים: „וואָס טויג דאָס גאַנצע וויסן, אַז ס׳איז פאַראַן אַ גאָר אַנדערער כוח, אַ בלינדער, פיזישער כוח, וועלכער איז שטאַרקער פונעם גייסטיקן, פונעם קלאָרן, זעעוודיקן כוח. מיין זיידע איז געווען אַ רב. אויך מיין טאַטע האָט געהאַט סמיכות. עטלעכע יאָר איז ער געווען מורה־הוראה און דאַן האָט ער זיך גענומען צו מסחר. מיין פרוי שטאַמט פון גאָר פּראָסטע, פאַרגרעבטע מענטשן, נאָר רייכע, אויפגעקומענע גבירים. מיין זון (פראַנץ) געראָט אַריין אין זיין מוטער. צוויי מאָל האָט ער זיך געשמדט צוליב קאַריערע, ווי כמעט אַלע — מינדעסטנס 99 פּראָצענט — שמדן זיך צוליב קאַר־יערע. מאַגדאַ געראָט צום טייל — אָבער גאַנץ ווייניק — אַריין אין מיר; צום גרעסטן טייל געראָט זי אַריין אין מיינע פרומע עלטערן און אין מיין זיידן און באָבען. איר נשמה האָט אין זיך זייער פרומקייט. זי איז געוואָרן אַ קאַטאָליקין, ווייל איר נשמה האָט געשמאַכט נאָך דעם אַלעם, וואָס די קאַטוילישע רעליגיע, די קאַטוילישע קירכע גיט. די וויסנשאַפט האָט נישט אַפּעלירט צו איר. זי האָט קוים דורכגעמאַכט גימנאַזיע. אין אוניווערסיטעט האָט זי אַנגעהויבן אַלע מאָל עפּעס אַנדערש, געפּרוווּט כמעט אַלץ, און זיך אָפּגעזאָגט פון שטודירן. זי האָט ליב גוטע מוזיק, פּאָעזיע, די פּלאַסטישע קונסטן״.

ווידער האָט דער אַלטער מאַן געמאַכט אַן איבעררייס. זיין קול, וואָס האָט שטענדיק געקלונגען ווי ס׳וואָלט געקומען פון מעטאַל, איז איצט געווען שוואַך און נישט געגנוג קלאָר, ווי ביי אַן 80 יעריקן זקן. ער איז אויך שנעל מיד געוואָרן ביים רעדן. אָפּגערוט — האָט ער ווידער אָנגעהויבן: „איך בין אַ סך שולדיק אין מיין קינדס איצטיקער לאַגע. קיין היפּאָקריט האָב איך נישט געקאָנט זיין, איך האָב מיך נישט געקאָנט פאַרשטעלן פאַר אַ פרומען און מאַגדאַן דערציִען רעלי־גיעז; אָבער איך האָב מיך באַדאַרפט מער אָפּגעבן מיט איר, מער ערנסט נעמען

איר פרום געמיט. אָבער פֿונעם ערשטן מאָמענט אָן אין מיין לעבן, ווען איך האָב אָנגעהויבן נאָכדענקען וועגן רעליגיע און נאַציאָנאַליזם, בין איך געקומען צו דער דערקענטעניש ביי וועלכער איך בין געבליבן ביז אויפֿן היינטיקן טאָג. רע־ליגיע איז מיר פשוט דערווידער, ווייל דאָס איז פֿאַר מיר דער טשאָד פֿון פֿאַר־שידענע תאוות אינעם מענטש, איבערהויפּט די סעקסועלע. דער פּרעהיסטאָרישער מענטש האָט זיינע תאוות נישט אונטערדריקט, ער האָט זיך געפֿירט ווי די פֿיר פֿיסיקע־חיה. דעם מענטש איז אָבער געגעבן געוואָרן די פֿעיִקייט צו דענקען און זיך גייסטיק צו אַנטוויקלען. ס'איז אים געגעבן געוואָרן די מעגלעכקייט (אמת, נישט געגנוג, חוץ צו יחידים) די תאוות צו סובלימירן אין גייסטיקער אָדער עטי־שער אויסלעבונג. אין אַלטערטום האָבן די חיהשע תאוות אינעם מענטש זיך אָפֿן מאַניפֿעסטירט ביי געוויסע רעליגיעזע יום־טובים. די סעקסועלע — אין עפֿנט־לעכע פֿייניקונגען פֿון געשלעכטס־אָרגיעס, און דער מאָרד־פֿאַרלאַנג — אינעם מקריב זיין אַפֿילו קינדער. פּרויד איז פֿולשטענדיק גערעכט. אַפֿילו די ייִדישע רעליגיע — הימלהויך אין פֿאַרגלייך מיט די געצנדינערישע רעליגיעס — האָט פֿון דעסטוועגן אָפּגעגעבן אַ בכבודיקן פּלאַץ פֿאַר די ריטואַלן און צערעמאָניעס פֿון ברענגען קרבנות. אויך היינט, ביי דער גרויסער גלייטערטקייט פֿון דער ייִדישער רעליגיע, איז דאָס מקריב זיין נישט גאַנץ אָפּגעשאַפֿט, ס'איז בלויז פֿאַר־ביטן געוואָרן אויף תפילות וועגן קרבנות. רעליגיע, באַזונדערס אָבער דער קאַ־טאָליציזם — אין דעם ווייִרויך, אין דעם ברענען פֿון אַ סך ליכט, טונקעלע פֿאַרב און שטענדיקער בין השמשות אין דער קירכע, יעזוס אויפֿן קרייץ מיט צעשפּרייטע הענט און נעגל אַריינגעקלאַפּט אין די דלאָניעס און אין די פֿיס, פֿאַרלייגט איינער איבערן אַנדערן, אין דער ברוסט אַ שניט פֿון אַ שווערד און ס'גיסט זיך רויט בלוט, דער פּאָמפּ פֿון די צערעמאָניעס און דאָס קניִען פֿון דער הייליקער מאַג־דאַלענאַ און אַנדערע שיינע, הייליקע פֿרויען צום נאַקעטן קערפּער פֿונעם גע־קרייציקטן — אין דעם אַלעם איז דער טשאָד פֿון די תאוות אינעם מענטש, ווי איך האָב שוין געזאָגט. אינעם מענטש לעבן נאָך געגנוג שטאַרק רויע חיהשע אינ־סטינקטן און תאוות. בלויז דורך וויסן קאָן ער זיך באַפֿרייען פֿון זיי און זיך דערהייבן צום גייסטיקן, צום איידעלן, צום עטישן; אָבער נישט דורך רעליגיע. איך האָב וועגן דעם טייל מאָל גערעדט מיט מאַגדאַן, אָבער בלויז טייל מאָל, ווייל איך האָב קיין מאָל קיין צייט נישט געהאַט מיך אָפּצוגעבן מיט מיינע קינדערס דערציִונג, די קאָנצענטראַציע. געריכטן. נישט איין מינוט צייט פֿאַר זיך. דערפֿאַלג איז די ערגסטע קללה. איצט איז אַלץ אויס". פּלוצעם האָט ער זיך דערמאָנט אין עפּעס און גענומען דערציילן: „זי איז דעמאָלט אַלט געווען אַ יאָר — 12—13 — לאַנג איידער זי האָט זיך געשמדט — האָט זי מיך געפֿרעגט: „טאַטושו! דו ביסט דאָך אַ ייִד; פֿאַר וואָס זאָגסטו, אַז דו ביסט אַ פּאָליאַק?" — — —

דער אַלטער אומגליקלעכער מאַן איז געווען שוין אין גאַנצן דערשעפּט. מיט פֿאַרמאַכטע אויגן, פֿון וועלכע ס'האָבן זיך געגאָסן טרערן, האָט ער גערעדט גאַנץ שטיל ווי צו זיך: „עטלעכע וואָכן נאָך דער חתונה האָט ער זי שוין אָנגע־

הויבן זידלען מיט די מיאוסטע ווערטער. ער האָט געפילט אַז זי ליבט אים נישט, אַז זי קאָן אים נישט ליבן און אויף איר געשריגן: „הור, גיי צו דיין ייִדישן געליבטן, צו דעם אַדוואָקאַט, צו דעם קאָמוניסט, דעם באַלשעוויסטישן אַגענט! ווען איך ליג אין דיינע אָרעמס אומאַרמסטו דאָך אים און נישט מיך!" זי האָט מיר דאָס דערציילט. אַז ער איז אַהיימגעקומען שיכור, האָט ער זי געשלאָגן. זי האָט אַלץ פאַר ליב גענומען. זי האָט שטיל געליטן. אָפט האָט ער זיך מיטגעבראַנגט זיינע גוטע ברידער, קאָכאַנקעס, און געזויפט מיט זיי, געליאַרעמט, געטומלט, געמאַכט סקאַנדאַלן. אַז ס'האָט זיך אים געגלוסט, האָט ער זיינע נקבות — טייל מאָל צוויי מיט אַ מאָל — אַריינגענומען צו זיך אין בעט אויף אַ גאַנצער נאַכט. מאַגדאַ, די שטילע טויב, האָט געשוויגן. איך האָב זי געבעטן: „טייער, געליבט קינד! קום צוריק צו דיינע עלטערן!" אַ גט, האָט פאַרשטייט זיך נישט געקאָנט דורכגעפירט ווערן. און זי האָט נישט געוואָלט צוריקגיין צו אירע עלטערן. „איך פאַרדין יעדע שטראָף", האָט זי געזאָגט, „איך וויל די שטראָף נישט אויסמיידן, אַפילו די האַרבסטע נישט". יעדעס מאָל ווען זי איז געקומען איז זי אַרויפגעפאַלן אויף מיין ברוסט און האָט געוויינט. דער אַלטער האָט זיך ווידער צעוויינט: „עס האָט זי נישט אויסגעמיטן די האַרבסטע שטראָף, ניין, ס'האָט זי נישט אויסגעמיטן. ווען זי איז געוואָר געוואָרן, אַז די בעסטיע האָט אין „פּאַוויאַק", צוזאַמען מיט זיין בולדאָג, צעביסן אויף טויט אַ פּאָליטישע אַרעסטאַנטקע, איז די מאָס פון אירע ליידן איבערגעגאַנגען. דער דאָקטער פון דער טורמע האָט אויפן טויטנשיין געשריבן אַז די אַרעסטאַנטקע האָט זיך פאַרשאַפט שטיקלעך גלאָז און מיט זיי זיך דורכגעשניטן די פּוסאָדערן און זיך געמאַכט עטלעכע ווונדן אין האַלדז און דערפון איז זי געשטאָרבן. דער מאָנסטער האָט אָבער אַליין, ווען ער איז געווען שיכור, זיך באַרימט פאַר מאַגדאַן מיט זיין „העלדנטאַט". אַ דערשיטערטע דערפון האָט זי זיך געסמט. די דינסט האָט געמאַכט אַ געוואַלד, אַ דאָקטער פון זעלבן הויז האָט זי אָפּגעראַטעוועט. אָבער זי איז געבליבן קראַנק, און"... ער האָט זיך הויך צעכליפּעט: „זי בעט אויף זיך דעם טויט, ער זאָל זי דערלייזן פון די קוועלן".

צעגערנדיק האָט אַדאַם געפרעגט מיט אַ ציטערנדיקן קול: „זאָל איך אפשר אַהינגיין צו איר? פון דעמאָלט אָן האָב איך זי עטלעכע מאָל געזען בלויז צופעליק אין גאַס. איך האָב זי אָבער קיין מאָל נישט אָפּגעשטעלט. ס'איז מעגלעך אַז זי האָט מיך אַפילו נישט באַמערקט. כ'וואָלט אפשר נישט געוואָלט איבערגעריסן מיט איר אַזוי פולשטענדיק; אָבער"...

פאַן יאַנוש אייגער האָט זיך אָנגעכאַפּט אין אַדאַמס פאַרשלאַג: „גיי אַהין, מיין ליבער, גיי אַהין צו איר! גיי באַלד! די בעסטיע וווינט אַצינד גאַנץ ערגעץ אַנדערש. בלויז די מוטער און אַ קראַנקנשוועסטער זענען אַצינד דאָ ביי דער אומגליקלעכער. איך קאָן נישט אַהינגיין צו איר. מ'וואָלט מיך געמוזט אַהינבערענגען. כ'קאָן נישט גיין. אָבער איך וויל נישט, אַז מ'זאָל מיך צו דער קראַנקער אַהינפירן. אירע ליידן וואָלטן נאָך גרעסער געוואָרן, ווען זי דערזעט מיך אין

מיין איצטיקן צושטאַנד. זי אַנט סיי ווי עפּעס און האַלט אין איין קלאָגן: „דער טאַטעשי איז קראַנק, איך ווייס, אַז ער איז קראַנק, ער איז צוזאַמענגעבראָכן און קאָן צו מיר נישט קומען". זי האַלט זיך אין איין באַשולדיקן: „איך בין שולדיק! איך! אין אַלעם בין איך שולדיק!" ווען זי זאָל מיך זען אין דאָזיקן צושטאַנד... ניין, ניין! אָבער דו גיי אַהין, מיין ליבער! גיי גלייך! איך וועל טעלעפאָנירן אַז דו קומסט צו איר. זי וועט זיך פרייען. אפשר... אפשר וועט געשען אַ וווּנדער... אַ, גאָט!... אַ וווּנדער! אַ וווּנדער!... ווען נישט — וואָלט איך געוואָלט ליגן מיט איר אין איין קבֿר, אָדער צוזאַמען מיט איר קרעמירט ווערן, צוזאַמען"...

5

אַדאַמס אַהינקומען צו זיין געוועזענער געליבטע איז געווען פון גרויס באַ־טייטונג. ביי איר קראַנקנבעט האָט ער נישט געטראָפן די מוטער און אויך נישט די קראַנקנשוועסטער: די קראַנקע האָט זיי ביידע אַרויסגעשיקט. ער האָט נישט דערקענט זיין אַמאָליקע געליבטע. ס'איז פון איר געבליבן נישט מער ווי כמעט איר סקעלעט. די פיבערדיקע אויגן זענען געווען טיף איינגעזונקען אין קאָפּ, די ליפּן פאַרברענט, ברויך, און בלוי, די נאָז פאַרשפּיצט און ווייס. דאָך האָט זי איר געוועזענעם געליבטן — און אויך אַצינד, אינעם לעצטן מאָמענט — אַרומ־גענומען מיט אירע סקעלעטן־אָרעמס און אים געקושט ביים באַגריסן. מאָמענטאַן האָט זיך דער אויסדרוק אין איר פּנים שטאַרק פאַרענדערט, ס'האָט אויפגעשיינט פון גליקזעליקייט, ס'האָט זיך צעגאָסן איבערן פּנים אַ ליכטיקער שמייכל, אַ שמייכל פונעם צאַנקענדיקן ליכט אין איר נשמה, בעת איבער אירע סקעלעטן־באַקן האָבן זיך געקאָלערט גרויסע טרערן. נאָר רעדן האָט זי כמעט מער נישט געקאָנט. זי האָט געגלעט און געקושט אַדאַמס הענט, וועלכע זי האָט נישט אַרויס־געלאָזט פון אירע. פלוצעם האָט זי אַ ציטער געטאָן און אירע פולשטענדיק קאַלטע און ווי קאַלעך ווייסע הענט האָבן זיך אַרויסגעגליטשט פון זיינע. זיי זענען ליגן געבליבן אויף דער זיידענער, לאַקס־קאָלירטער, פוכענער קאָלדרע. זי האָט גע־נומען קעמפן מיטן טויט און מיט לעצטער אָנשטרענגונג נאָך אַרויסגעבראַכט דעם עיקר, וואָס זי האָט אין דער לעצטער מינוט געוואָלט איבערגעבן דעם גע־ליבטן: אַז זי האָט אין אַלע יאָרן, דורכן ברודער און דורך דער שוועגערין, אָפּ־געהאַלטן דעם מאַן פון זיין פאַרלאַנג צו אַרעסטירן אים, אַדאַמען, מיט זיין פרוי. פונעם ווייטערן, וואָס זי האָט נאָך געזאָגט — נישט מער ווי בלויז עטלעכע ווער־טער — האָט ער פאַרשטאַנען נישט מער ווי איין וואָרט: „אַנטלויף!"... ער האָט אָנגעכאַפּט אירע הענט און זיי גענומען ווי אַ וואַנזיניקער, קושן.

ווידער האָט אַ גליקזעלישער שמייכל באַשיינט איר ווייס פּנים און זי האָט אויסגעהויכט די נשמה.

אַהיימגעקומען איז אַדאַם אַ צעבראָכענער און דערשיטערטער. אַדאַן איז אָנגעקומען זייער שווער פון איר מאַן אַרויסצוקריגן אַ וואָרט וועגן דעם צושטאַנד פון זיין געוועזענעם שעפס טאָכטער. בלאַס, מיט געזונקענעם קאָפּ, איז ער געשטאַנען פאַר זיין פרוי, זיך באַמיט צו דערציילן וועגן סוף פון זיין אַמאָליקער געליבטער, און נישט געקאָנט.

אַדאַ האָט געצויגן פון אים: „איז זי אַזוי שווער קראַנק?"

ער האָט נישט געענטפערט.

„קאָן מען זי נישט מער ראַטעווען?"

בלויז איין וואָרט האָט ער אַרויסגעברענגט: „זי"...

אַדאַ האָט פאַרשטאַנען און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. זי איז געשטאַנען לעם איר מאַן אין זעלבן טיפן טרויער ווי ער. נאָך אַ ווײַלע האָט זי אים צוגעפירט צו אַ שטול, האָט אים אַנידערגעזעצט און איז געבליבן שטיין לעם אים. אירע קילע ליפּן האָבן אַצינד אַ קוש געטאָן דעם מאַנס שטערן. אין דעם מאָמענט האָבן זיך פון זיינע אויגן גענומען גיסן טרערן, ווי דעמאָלט ביי דער דיסקוסיע מיט די חברים. ער האָט צוגעטראָגן זיין פרויס הענט צום מויל און אויף זיי געפּרעסט זיינע ליפּן.

אַדאַן איז באַפאַלן דאָס זעלבע אומרויִקע געפיל ווי דעמאָלט ווען זי האָט צום ערשטן מאָל דערזען איר מאַן וויינען און ער האָט איר נישט געקאָנט אָנגעבן די סיבה פון זיין וויינען. פון זיין פּרעסן אָבער זיינע ליפּן אויף אירע הענט האָט אַ טונקל געפיל זיך גענומען עטוואָס אויפהעלן אין איר האַרץ. זי האָט זיך משער געווען, אַז פון אים רייסט זיך איר עפּעס צו זאָגן, אַוודאי זייער וויכטיקס און זייער טרויעריקס, אָבער ס׳איז אים שווער דאָס צו ברענגען איבער זיינע ליפּן און דעריבער פּרעסט ער זיי אַזוי צו איר האַנט. פּלוצעם אָבער, גאַנץ אומגעריכט פאַר איר, האָט אויפגעפלאַמט אַ וואַנזיניקע אייפערזוכט אין איר, אַן אייפערזוכט צו דער טויטער מאַגדאַ: אַז אַדאַם האָט זי געליבט די גאַנצע צייט, וואָס ער איז געווען איר מאַן. פאַר איר איז געווען אַלצאיינס, צי ער האָט זי יאָ, אָדער נישט באַטראָגן מיט זיין ערשטער געליבטער די גאַנצע צייט. צאָרניק האָט זי אַ ריס געטאָן איר האַנט פון זיינע ליפּן.

אַ דערשטוינטער האָט אַדאַם געקוקט אויף זיין פרוי. זיין טרויעריקער בליק האָט שטום זי געפרעגט וועגן דער באַטייטונג פון איר פּלוצעמדיקן צאָרן. זי האָט נישט געענטפערט, נאָר מיט די צאָרנפלאַמיקע אויגן געפאָרשט אין איר מאַנס פּנים, וואָס איז אַצינד געווען צעריסן פון ווייטיק. און מאָמענטאַן האָט זיך דער צאָרן אין איר האַרץ פאַרוואַנדלט אין טיפן מיטלייד. איר האַרץ האָט זיך צעזאַמענגעקוועטשט אין ווייטיק.

ער האָט געפרעגט: „וואָס איז, אַדאַ?"

אַדאַ האָט געענטפערט מיט אַ פראַגע: „האָט זי דיך נאָך אַלץ געליבט?"

נו, האָט ער אַלץ באַגריפן, און ווי צו ראַטעווען זיין פרוי אין אַ סכנה, האָט ער אַ געשריי געטאָן: „אַדאַ״!... און זי אַרומגעכאַפּט.

זי האָט דערפילט אַ שרעקלעכן טעות און זיך צעוויינט. פון גרויס חרטה האָט זי אין ווילדער ליידנשאַפט גענומען קושן איר מאַן: זיין פּנים, זיינע אויגן, זיין שטערן, דעם קאָפּ, די הענט, אַפילו די מאַרינאַרקע. און נישט אויפגעהערט צו בעטן: „זיי מיר מוחל... זיי מיר מוחל״...

שפּעטער האָט אַדאַם געזאָגט זיין פרוי: „זי האָט מיך נאָך אַלץ געליבט, אין דער גאַנצער צייט פון איר גרויזאַם אומגליקלעך לעבן מיט אַזאַ אויסוואורף האָט זי נישט אויפגעהערט מיך ליב צו האָבן. דעריבער, אַדאַ, האָט מען אונדז ביז היינט נאָך נישט אַרעסטירט: זי האָט נישט דערלאָזט דאָצו, דורך איר ברודער און זיין פרוי האָט זי די גאַנצע צייט אָפּגעהאַלטן דעם בלוטהינט פון זיין ווילן אונדז צו אַרעסטירן. ווען איך בין אַהינגעקומען צו איר, האָט זי זיך (אין די לעצטע מינוטן שוין) געראַנגלט מיטן טויט. זי האָט מיר קוים נאָך געקאָנט דער־ציילן, וואָס איך גיב דיר איצט איבער״.

„זענען טאַקע די קלאַנגען אמת געווען, אַז זי איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד?״

„יאָ״. ער האָט זיין פרוי דערציילט פּאַר וואָס, לויט ווי דער געשטאָרבענערס פּאַטער האָט אים דערציילט.

אַדאַ האָט אַזש אַ קוויטש געטאָן: „וואָס?!״ זי האָט אין ערשטן מאָמענט נישט געוואָלט גלייבן, וואָס זי האָט געהערט. דאַן האָט זיך פון איר האַרץ אַרויס־געריסן: „איך וועל אים דערשיסן!״ זי האָט געקרעכצט: „ווי שווער ס׳איז, זיך נישט צו באַנוצן מיט איינצלטעראָר... ווי שווער ס׳איז, זיך צו באַהערשן, אַזאַ בעסטיע נישט צו דערשיסן... ס׳אַראַ הערלעכע חברטע זאָשאַ איז געווען! ס׳אַראַ אינטעליגענט און שיין מיידל! ווי לייכט זי האָט שטודירט און ס׳אַראַ גוט האַרץ זי האָט געהאַט! דאָס לעצטע האָט זי אַוועקגעגעבן, נישט געוווּסט פון קיין אויפ־הער און נישט געוואָלט וויסן פון קיין מידקייט אין דער אַרבעט. גאַנצע נעכט איז זי אויפגעווען. דאַביי שטענדיק פריילעך, פול מיט לעבנסלוסט און רעוואָ־לוציאָנערן טעמפּעראַמענט, פול מיט האָפענונג און פּאַרטרויען אויפן זיג פון עם פּראָלעטאַריאַט, פול מיט ליבע און פרייד אין איר גלויבן אין אַ גליקלעכער צו־קונפט פאַר דער מענטשהייט. אַזאַ שרעקלעכער טויט, אַזאַ גרויזאַמער און מיאוסער טויט! פון אַ הונט און אַ מענטש, וועלכער איז נאָך ערגער ווי די ערגסטע בעסטיע, צעביסן צו ווערן אויף טויט!!! אַדאַם! אַדאַם! עפּעס מוז געטאָן ווערן! דאָס טאָר מען נישט פאַרשווייגן! ניין, ניין, ניין! דאָס מוז אויפגעדעקט ווערן!״

דער אַדוואָקאַט האָט געוווּסט, אַז זיין פרוי שרייט אַזוי פאַרצווייפלט, ווייל זי פילט די אוממעכטיקייט, ווייל זי ווייסט ווי אומבאַהאָלפן — נישט בלויז זי, נאָר די פּאַרטיי אירע — איז. זאָשאַ איז געווען, נישט דער ערשטער קרבן און אויך נישט דער לעצטער אומצוקומען מיט אַ מיתה משונה צווישן די שטיינערנע פיר ווענט פון דער טורמע. פּראָטעסטן, דעמאָנסטראַציעס, אַפּעלאַציעס אין סיים, קלאַפּן אין די טירן פון דער יוסטיץ, שטורמען די עפנטלעכע מיינונג — אַלץ

בלייבט אָן רעזולטאַט. ער האָט איבערגעגעבן דער פרוי דער שטאַרבנדערס לעצט וואָרט: „אַנטלויפט"...

— אַדאַ האָט זיך געכומען צאַפּלען: „וואָס האָט זי געמיינט?" —

אַדאַם האָט געציילט זייַנע ווערטער: „מיר מוזן אַנטלויפן, אַדאַ... קיין אויסלאַנד"...

„אָבער ווי אַזוי? — וואָס הייסט אַנטלויפן?" — — —

קאַפּיטל פינף און צוואַנציק

# פּאָליטישע פּראָצעסן

1

פון יענעם מאָמענט, ווען אַדאַם איז צוריק אַהיימגעקומען פון דער גע־שטאָרבענער, אַמאָליקער געליבטער זייַנער, איז אים געבליבן בלויז נאָך אַ קורצער צייט צום פּראָצעס, ביי וועלכן ער האָט באַדאַרפן פאַרטיידיקן זיין יונגן קליענט, בנימין ליכטענבערג. (די פאַרטיידיקונג פון טעראָריסט אהרן מיקנשלע־גער און זיין געליבטע דינהטשע גרינצוויג האָט ער איבערגעגעבן אַ קאָלעגע, ווייל דאָס געריכט האָט — נישט אָן אַפּזיכט — אויסגעסדרט, אַז די גרופּע טע־ראָריסטן זאָלן געמשפּט ווערן אין זעלבן טאָג ווען ס'וועט געמשפּט ווערן בנימין, ביידע אין זעלבן געריכט, איינער נאָכן אַנדערן).

אין די הערצער פונעם אַדוואָקאַט און זיין פרוי האָט זיך אָנגעהויבן אַ קוואַל־פּולער קאַמף. ביידע האָבן געוווסט, אַז דאָס פאַרטיידיקן אַצינד אַזאַ פאַרברעך, ווי דערשיסן אַ געהיימאַגענט, וועט פאַר זיי זיין פאַטאַל, ווייל דער פּראָקוראָר וועט זיין דער משומד פראַנץ קרזשעטשאַנאָווסקי: דאָס באַטייט: קריכן אין דער פאַסטקע. צוריקטרעטן אָבער פון דער פאַרטיידיקונג וואָלט פאַר אַדאַמען גע־מיינט: פאַרלאָזן דעם אומגליקלעכן אין זיין גרעסטער נויט, ס'וואָלט געהייסן פּחדנות. דער אַדוואָקאַט האָט געזאָגט צו זיין פרוי: „דאָס וואָלט געווען דאָס זעלבע, ווי אַ דאָקטער וואָלט זיך צוריקגעצויגן פון אָפּערירן זיין פּאַציענט, ווייל ער האָט מורא באַקומען זיך דאַביי צו אינפיצירן". חוץ מזה איז נאָך געווען אַ גרויסע פראַגע, אַז אויב ער זאָל צוריקטרעטן פון דער פאַרטיידיקונג, האָט ער זיך דאַדורך — און אַדאַן — געראַטעוועט. דער איינציקער אויסוועג איז געווען צו פאָלגן דער שטאַרבנדער מאַגדאַס וואָרנונג: אַנטלויפן. ביידע האָבן זיך אָבער נישט געקאָנט דאַצו אַנטשליסן צוליב אַ סך טעמים, באַזונדערס אָבער וועגן אָט די צוויי: ס'איז געווען קעגן ביידעס נאַטור צו דעזערטירן פונעם שלאַכטפעלד און זיי האָבן זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן אַ לעבן ערגעץ אין

אויסלאַנד אַלס פּאָליטישע עמיגראַנטן. דאַצו האָבן זיי געוווּסט, אַז ווו זיי זאָלן נישט זיין, וועט אַדאַ איר פּאָליטישע טעטיקייט נישט אויפגעבן; וועט מען זיי, אָדער בלויז זי דאָרט אַרעסטירן. אַדאַ האָט געטראַכט, אַז איר מאַן זאָל אַנטלויפן; אָבער זי האָט געוווּסט, אַז זי קאָן אים אַזעלכעס אַפילו נישט פאָרשלאָגן, זי וואָלט אים דאַמיט בלויז באַליידיקט און געקרענקט. וואָלט זי דאָך אַליין אַזעלכעס אויך נישט געטאָן.

דעריבער, אַז ס'איז געקומען דער טאָג און די שעה ווען דער אַדוואָקאַט אַדאַם ווייס האָט באַדאַרפט זיין אין געריכט צו פאַרטיידיקן זיין קליענט בנימין ליכטענבערג, איז ער דאָרט געווען.

2

אינעם גרויסן געריכט־בנין צווישן ביימער און בושעס (זומער אויך בייטן בלומען) און אַרומגערינגלט מיט אַן אייזערנעם צוים, באַשטימען ריכטער, וואָס זיצן אין פאַרשידענע זאַלן, מענטשלעכע גורלות: זיי פאַרמשפּטן צו קלענערע, צו האַרבערע שטראָפן, אויך צום טויט, אָדער באַפרייען. די ריכטער אַרבעטן זייער פּלייסיק, אָפט אַ סך לענגער ווי די באַשטימטע אַרבעט־שעהען. דאָ איז אַלץ קלוג און געשיקט אָרגאַניזירט, ווי אין אַ מאָדערנער פאַבריק. אין איין זאַל ווערן געמשפּט, למשל, מאַכערס פון פאַלש געלט, פון אַלערליי רעגירונגס־־דאָקומענטן, פעלשער פון וועקסלען און טשעקן. אין אַ צווייטן זאַל ווערן געמשפּט באַנק־איינברעכער, רויבער און מערדער. צווישן די לעצטע זענען דאָ אומגליקלעכע מאַמעס, וואָס האָבן זייער ליבע פריער נישט לעגאַליזירט און האָבן זייערע קליינע עופעלעך, די פרוכט פון זייער ליבע, אומגעברענגט. אין אַ דריטן זאָל ווערן געמשפּט מאַמעס, וועלכע האָבן זייער ליבע דורך געזעץ און רעליגיע יאָ לעגאַליזירט, אָבער זיי האָבן נישט געהאַט קיין עסן פאַר זייערע קינדער און זיי האָבן נישט געקאָנט צוזען ווי זייער טייערסטע ליידן דחקות און בויט; זיי האָבן מער נישט געוווּסט קיין שום אַנדערן אויסוועג אין זייער פאַרצווייפלונג (קיין הילף האָבן זיי נישט באַקומען) ווי אונטערצוואַרפן די קינדער אויף אַזעלכע ערטער, ווו מענטשן זאָלן זיי געפינען און זיך אויף זיי דערבאַרמען: נעמען צו זיך, אָדער איבערגעבן דער פּאָליציי, וואָס וועט די דאָזיקע קינדער אַריינגעבן אין היימען. (אַליין האָבן די דאָזיקע מוטערס נישט געקאָנט קריגן קיין היים פאַר זייערע קינדער אָן געלט). אָבער די דאָזיקע אומגליקלעכע מאַ־מעס האָבן זייערע קינדער, פון וועלכע זיי האָבן זיך אויף אַזאַ טראַגישן אופן געשיידט, נישט אַפּגעלאָזט פון אויג. יעדע פון זיי האָט געוווּסט אין וועלכן „פינדלהויז" ס'איז געברענגט געוואָרן איר קינד. די נאַיווע זענען דאַן גאַנץ איינפאַך אַוועק אין דעם „פינדלהויז" און זיך מודה געווען ווער זיי זענען: זיי האָבן געוואָלט קאָנען קומען זען זייערע קינדער און זיי דריקן צו זייער האַרץ. די נישט נאַיווע, וויסנדיק אַז מ'ווערט באַשטראָפט פאַר אונטערוואַרפן אַ קינד, אָבער די בענקשאַפט עס צו זען איז דאָך געווען שטאַרקער ביי זיי ווי דער

שכל, האָבן כסדר זיך געדרייט פאַרן הויז אין וועלכן דאָס קינד האָט זיך געפונען; זיי האָבן געהאָפּט זייערע קינדער צו קאָנען זעען דורך אַ פענצטער. פּאָליציי איז אָבער קלוג; פּונקט ווי יעגערס ווייסן ווו צו פּאַקן די חיות וואָס זיי ווילן האָבן, אַזוי ווייסט די פּאָליציי ווי און ווו צו כאַפּן אַזעלכע „פאַרברעכער". די דאָזיקע מאַמעס ווערן געמשפּט און גאַנץ שטרענג באַשטראָפט.

דעם אויבנאָן אָבער פאַרנעמען די פּאָליטישע פאַרברעכער. די ריכטער און די פּראָקוראָרן ווייסן ווי גרויס ס'איז זייער פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער מלוכה און דער רעגירונג, און ווי גרויס ס'איז זייער מאַכט וואָס די מלוכה און די רעגירונג האָט אַריינגעלייגט אין זייערע הענט. אין דער ערנסטקייט פון זייערע פּנימער און אין דער ווירדע פון זייערע באַוועגונגען דערקענט מען די פּעלער־לאָזיקייט פון זייער גרויסן שכל־הישר און מאָראַליש געוויסן. אויך האָבן זיי גענוג דערפאַרונג. דעריבער די גרויסע געשיקטקייט און פלינקייטביים משפּטן די אָנ־געקלאָגטע. אַמאָל, אין דער פאַמעלעכער, ראָמאַנטישער צייט פאַר דער מלחמה, האָט דאָ אַ פּאָליטישער פּראָצעס ביי די צאַרישע ריכטער זיך געצויגן און געצויגן. די אָנגעקלאָגטע, אַז זיי זענען געווען גוטע אָראַטאָרס, האָבן געהאַלטן פייערדיקע רעוואָלוציאָנערע רעדעס; דאָס געריכט איז פאַר זיי געווען די בעסטע טריבונע צו פרייידיקן זייערע אידעען, און פאַר שעהנלאַנגע רעדעס פון די פאַרטיידיקער.

אָבער נישט היינט. די ריכטער — צווישן זיי אַזעלכע וואָס זענען אַמאָל אַליין געווען רעוואָלוציאָנערן — זענען נישט אַזוי נאַיוו ווי ס'זענען די נאַרישע „פּאַניעס". די פּראָצעדור ווערט דורכגעפירט לויט אויסגעאַרבעטער רוטין. די אָנקלאַגעס, געמאַכטע דורך דער פּאָליציי, זענען כמעט אַלע ענלעך איינע צו דער צווייטער. די ריכטער וואָלטן דעריבער געקאָנט טוען זייער גרויסע און פייערלעכע אַרבעט אַפילו מיט צוגעמאַכטע אויגן און דרימלענדיק דאַביי. די פאַרברעכנס פון די פּאָליטישע זענען ענלעך צווישן זיך, אַז אָנגעקלאָגטע ווערן אָפּט געמשפּט גרופּנווייז. יוגנטלעכע, למשל, קריגן פאַר געהערן צו דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון 5 ביז צען יאָר תפיסה. דאַביי דאַרף דער פּראָקוראָר גאָרנישט האַלטן קיין גרויסע און וויכטיקע רעדע. אויך די אַדוואָקאַטן האַלטן נישט קיין גרויסע רעדעס ביים פאַרטיידיקן זייערע קליענטן, ווייל אין די מייסטע פאַלן האָבן זיי גאָרנישט די מעגלעכקייט דאַצו: דער פּאָרזיצער שטעלט זיי אָפּט אָפּ מיט דער באַמערקונג, אַז זיי רעדן נישט צום פּונקט, ד. ה. זיי ברענגען נישט גענוג קלאָרע באַווייזן קעגן דער אָנקלאַגע. אויב פּאָליציי האָט ביים אָנגע־קלאָגטן געפונען פאַרבאָטענע, קאָמוניסטישע ליטעראַטור און זי ליגט אַלס איינ־דיציען פאַרן ריכטער אויפן טיש — דאַצו האָט נאָך דער פּאָליציי־באַאַמטער געשווירן צו זאָגן דעם אמת — צוליב וואָס זאָל דער פאַרטיידיקער דאַן האַלטן אַ שיינע דרשה? זי קאָן גאָרנישט ענדערן. איז אַ שאָד די צייט. נעמט דער פאַרטיידיקער אויפן קרייצפאַרהער די עדות קעגן דעם אָנגעקלאָגטן צו שטאַרק, זאָגן זיי, אַז אויף דער אָדער יענער פראַגע טאָרן זיי קיין ענטפער נישט געבן און דער פאָרזיצער שטעלט גלייך אָפּ דעם אַדוואָקאַט. דאַקעגן קוועלן די ריכטער,

דער פּראָקוראָר און דער פּאָרזיצער, די עדות פונעם אָנגעקלאָגטן אַזוי לאַנג און מיט אַזעלכע פּיפּיקע פראַגעס און שטעלן זיי אַזעלכע פּאַסטקעס, ביז די עדות ווערן צעטומלט און זייער עדות זאָגן ווערט צעקלאַפּט.

די שטראָפן פאַר קאָמוניסטישער טעטיקייט, אָדער בלויז פאַר געהערן צו דער דאָזיקער באַוועגונג, זענען אין לויף פון דער צייט אַלץ האַרבער און האַר־בער געוואָרן. די ריכטער טוען אין דעם פאַל דאָס זעלבע, וואָס דאָקטוירים טוען ביי האַרטנעקיקייט פון געוויסע קראַנקייטן דורך באַצילן: זיי שטייגערן די דאָזע אָדער די שטאַרקייט פון דער מעדיצין, וואָס זיי גיבן זייערע פּאַציענטן.

3

אינעם געריכט־זאַל פאַר פּאָליטישע אָנגעקלאָגטע שטייען, ווי אין די אַנדערע זאַלן, לאַנגע בענק פאַרן נייגעריקן פובליקום. אין דער ערשטער ריי שטייען שטולן פאַר מער חשובע און מער געווינטשטע געסט, ווי קאָרעספּאָנדענטן פון צייטונגען און יוריסטן, וועלכע קומען צו באַזונדערס אינטערעסאַנטע פּראָצעסן. אַמאָל קומען אויך פריינד, פאַרערער, אָדער נאָענטע פון אַ פּראָקוראָר אָדער פאַרטיידיקער; די וואָס ווילן הערן די קלוגע און שאַרפע רעדעס. אויבנאָן, ווי אויף אַן עסטראַדע, אָבער נישט אַזוי הויך, זיצן די ריכטער פאַר אַ גרויסן גרינעם טיש. איבער די דריי טונקלברוינע שטולן מיט הויכע געשניצטע אָנלענען — דער אָנלען פונעם מיטלסטן שטול, אויף וועלכן ס׳זיצט דער פּאָרזיצער, איז אַ ביסל העכער פון די אַנדערע צוויי — הענגען אויף די ווענט דריי בילדער: דער ווייסער אָדלער אין דערמיט, פון איין זייט דער פּרעזידענט פון דער רעפּובליק, און פון דער צווייטער זייט דער מאַרשאַל יוזעף פּילסודסקי. פאַר דער ריכטער־בימה שטייען פון רעכטס און לינקס די פּולטן פאַרן אָנקלאָגער און פאַר־טיידיקער.

צווישן פובליקום אויף אַ באַנק נישט ווייט פון דער געריכט־בימה, זיצט יעקב מיט עטלעכע חברים, ס׳זיצט פייגעלע, דעם אָנגעקלאָגטנס געטריי געבלי־בענע געליבטע, עטלעכע בנימינס געוועזענע חברים און פריינד און עטלעכע פון זיין געבורטשטאָט, ווי דער שוואַרצער גאָלד, וועלכן מ׳האָט גערופן „דער ציגיינער" און דער פאָטער זיינער, בערל פאַרבער. ס׳זיצן דעם אָנגעקלאָגטנס אהרן מיקנ־שלעגערס עלטערן: איטשע שוסטער מיט זיין פרוי, זיין שוועסטער די חברטע פייגע און דער ברודער אַבישל. פון דער אָנגעקלאָגטער דינהטשע גרינצווייג איז דאָ בלויז דער פאָטער מעכל „פאָליטיקער". צווישן די נייגעריקע געסט זענען דאָ אַ סך, וואָס זענען געקומען בייזיין דעם פּראָצעס פונעם לערער איגנאַץ סטראָנסקי, וועלכער האָט געהאַט דעם פּסעוודאָנים „יאַן ספּראַווידלאָווסקי". די גרויסע סענסאַציע אין דער פּרעסע האָט ער אַרויסגערופן.

בערל פאַרבער איז געזעסן הינטער יעקבס רוקן. אין געוויסע מאָמענטן האָט ער זיך צוגעבויגן צו אים און אים איינגערוימט: „ווי טעאַטער... אָבער דאָ איז אַלץ אויף אַן אמת"... שפּעטער האָט ער זיך געפרעגט: „פאַר וואָס איז נישט גע־

קומען, נישט מאירל (צו אַזאַ פּראָצעס פון אַ ברודער!) נישט דיין פרוי, און נישט דיין שוואָגער, דער באַרימטער שרייבער? ער וואָלט דאָך געהאַט וואָס צו באַשרייבן אין דער צייטונג. דאָס איז שוין איין מאָל אַ סחורה!"...

נאָר יעקב האָט נישט געענטפערט.

דערווייל גייט נאָך אָן דער פּראָצעס פון די טעראָריסטן. ס'האַלט אָבער שוין ביים סוף. ס'איז שוין באַוויזן געוואָרן אַלעמענס שולד: דינהטשע גרינצווייג, די „הור" פון די אָנגעקלאָגטע טעראָריסטן, ווי זי איז אין דער באַשולדיקונג אָנגערופן געוואָרן, און מיכאל קאַזיאַל, דער באַנמאַשיניסט, האָבן אין דעם און דעם טאָג פון דעם און דעם יאָר און חודש, אין דער און דער שעה ביי נאַכט, אויף דעם און דעם אָרט דערשאָסן דעם דירעקטאָר פון דער און דער טורמע; ס'איז באַוויזן געוואָרן, אַז די ווינונג פון אהרן מיקנשלעגער איז געווען די „מערדער־הייל" פון דער טעראָריסטן־באַנדע, ווו מ'האָט געפונען דינאַמיט און פּאַרטיקע באָמבעס, רעוואָלווערס און אַמוניציע; ס'איז באַוויזן געוואָרן, אַז איגנאַץ סטראָנסקי, דער לערער פון פּסיכאָלאָגיע, איז געווען דער אָנפירער פון דער דאָזיקער באַנדע. ס'האָבן שוין געהאַלטן זייערע רעדעס, סיי דער באַשולדיקער און סיי די צוויי פאַרטיידיקער: איינער האָט פאַרטיידיקט אהרנען און דער צווייטער מיכאלן. דינהטשע האָט נישט געוואָלט קיין אַדוואָקאַט. אויך דער לערער נישט.

די אָנגעקלאָגטע דינהטשע גרינצווייג האָט ביים מודה זיין איר שולד דערקלערט די מאָטיוון פון איר האַנדלונג מיט די דאָזיקע ווערטער: „איך האָב אָנגעהויבן מיין פּאָליטישע טעטיקייט ווען איך בין געווען נאָך גאַנץ יונג. אָבער שוין דעמאָלט האָב איך איינגעזען, אַז מיט בלויז פריידיקן סאָציאַליזם און פאָדערן — אַ מאָל אויך דורך סטרייק — אַ לוין־העכערונג, וועט מען דעם סאָציאַליזם קיין מאָל נישט דערגרייכן. ווען די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, צו וועלכער איך האָב דעמאָלט געהערט, האָט באַקומען די מאַכט און זי האָט די סאָציאַליסטישע אידעע גלייך פאַרראַטן, בין איך געוואָרן אַן אָנהענגערין פון דער קאָמוניסטישער אידעע. ס'האָט אָבער נישט לאַנג געדויערט און איך האָב מיך אַנטוישט אויך דאָ. נאָר צו דער דאָזיקער באַוועגונג האָב איך קיין מאָל נישט אָנגעהערט. איך האָב מיך איבערגעצייגט, אַז רעגירונג און אידעע זענען קעגנגעזעצטע זאַכן. דאָס שטרעבן פון דער ליידנדיקער מענטשהייט זיך צו באַפרייען פון אירע ליידן, צו פירן אַ שיין, פריי און גליקלעך לעבן — דאָס איז דער אידעאַל. אַ רעגירונג אָבער, אַפילו ווען זי נעמט אויף זיך ערלעך דורכצופירן די דאָזיקע אידעע — האַנדלט זי דאָך פאַרקערט. עפּעס קומט פאָר אַ פאַרוואַנדלונג אין אַ מענטש וועלכער קריגט מאַכט: ער ווערט אַ פאַררעטער. מאַכט איז טעראָר, און קעגן איר — זי צו באַקעמפן — איז נישטאָ קיין אַנדער מיטל ווי טעראָר. דער חילוק צווישן אַ קאַפּיטאַליסטישער רעגירונג און אַ טעראָריסטישער אָרגאַניזאַציע, איז: וואָס די ערשטע האָט די פולע באַשטעטיקונג און שטיצע פון די עטלעכע טויזנט רייכע, ווייל זי דינט זייערע אינטערעסן; די צווייטע אָבער האָט אַפילו נישט

די באַשטעטיקונג און שטיצע פון די מיליאָנען אָרעמע, פאַר וועלכע זי קעמפט. איך האָב נישט קיין חרטה אויף מיין טאַט, ווייל איך האָב נישט דערהרגעט אַ מענטש צוליב וועלכן ס'איז פערזענלעכן אינטערעס, נאָר דערשאָסן אַ וויסטע, בלוטיקע בעסטיע פון דער רעגירונג, וואָס מאַטערט און מאָרדעט אומבאַהאָלפענע מענטשן: קרבנות פאַר אַ שיינער און הויכער אידעע".

אין דעם פאַרזיצערס פנים איז די גאַנצע צייט געווען די ליידיקע ערנסטקייט פון אַ קברן. מיט סאַרקאַסטישן ציניזם אין טאָן און פאַראַכטונג און עקל אַצינד אינעם אויסדרוק, האָט ער גאַליק געפרעגט: „די אָנגעקלאָגטע באַצייכנט זיך פאַר אַן אידעאַליסטקע, אַז זי איז גאַנץ יונג שוין געוואָרן אַ קעמפערין פאַר דער ליידנדער מענטשהייט; וואָלט זי זיך נישט געוואָלט מודה זיין אין איר אָפנקייט, מיט וועלכער זי שטאָלצירט אַזוי, אַז די וויכטיקסטע טרייבקראַפט אין איר אידעאַליזם איז געווען איר אָפּשוילעכע תאווה פון אַ צויג, זיך אָפּצוגעבן אומ־צאָליקע מענער, אויסוורפן פון דער געזעלשאַפט ווי זי אַליין איז, און זיך דאַביי נאָך צירן אַז זי קעמפט פאַר דער ליידנדער מענטשהייט? האָט די אָנגעקלאָגטע דען נישט פאַרשטאַנען פרייהייט אין עגאָאיסטיש באַשרענקטן זין: דאָס אָפּשאַפן פון יעדן מאָראַלישן און זיטלעכן באַגריף, כדי אָפן, גאַנץ אומזשענירט, זיך צו קאָנען וואַלגערן אינעם שמוץ פון אויסגעלאַסנקייט? זאָל די אָנגעקלאַגטע ענט־פערן און זיך מודה זיין, ווי זי האָט זיך פריִער מודה געווען אין איר בעסטיאַ־לישן מאָרד!"

דינהטשע האָט געענטפערט מיט דער גרעסטער פשטות פון איר ציניש־ער אָפנקייט: „פרייהייט פאַר סעקסועלן אויסלעבן זיך האָט מיר נישט געפעלט, ווייל גראָד די דאָזיקע פרייהייט איז שטענדיק, אין אַלע צייטן און אומעטום געווען. היפּאָקריטן שרייען אַז ס'איז זינד און זינדיקן. און אויפריכטיקע — ווייל זיי האָבן ליב דעם אמת — האַלטן עס פאַר נאַטירלעך".

די צוויי בייזיצנדע ריכטער, איינער מיט אַ פּיפּיק פנים פון אַ דורכגע־טריבענעם אָפּגעלעבטן אַלטן מאַן; דער צווייטער מיט קיילעכדיקע רויטע בעק־לעך און פרומער פריילעכקייט אינעם אויסדרוק — ביידע האָבן ביי דינהטשעס ענטפער אַראָפּגעלאָזט די אויגן און געברומט. צווישן פובליקום האָבן טייל גע־ברומט ווי די ריכטער און טייל האָבן געכיכיקעט. בערל פאַרבער האָט ווידער איינגערוימט יעקבן: „דאָס הייסט אַ מויד"...

דער אָנגעקלאָגטער לערער האָט מיט די ריכטער זיך אויסגענומען: ער וועט זיי געבן יעדע דערקלערונג וואָס זיי ווילן האָבן, ער וועט זיי העלפן ווי ווייט ער וועט נאָר קאָנען, אָבער זיי מוזן אים פאַרזיכערן מיט זייער ריכטער־וואָרט, אַז זיי וועלן אים נישט איבעררייסן ווען ער וועט זיך פאַרטיידיקן: זיי וועלן אים לאָזן זאָגן דאָס וואָס ער האָט צו זאָגן. קריגנדיק די פאַרזיכערונג, האָט ער דאַן — ווען ער האָט געהאַלטן זיין פאַרטיידיקונגס־רעדע — אָנגעהויבן אַזוי: „הויך געריכט! נישט מיך וועל איך באַמיִען צו פאַרטיידיקן, נאָר מיין אידעע. צום אונטערשייד פון מיינע חברים און פריינד בין איך פריִער, איי־

דער כ׳האָב געגרינדעט די געהיימע אָרגאַניזאַציע אונטערן נאָמען „אייביק רעוואָלוציאָנערע עטיק״, פּאָליטיש קיין מאָל נישט געווען טעטיק; איך האָב קיין מאָל נישט געהערט צו וועלכער ניט איז אָרגאַניזאַציע״.

ער האָט געמאַכט אַ קורצע פּויזע פון עטלעכע רגעס און ווידער אָנגעהויבן: „הויך געריכט! איך וויל דערקלערן דעם באַטייט פונעם נאָמען. אין מיין פאָרשן אויפן געביט פון וויסנשאַפט בין איך געקומען צו דער דערקענטעניש, אַז דאָס שטרעבן צו עטיק איז אינעם מענטש ביאָלאָגיש באַדינגט און נישט בלויז דרויסנדיקע באַאיינפלוסונג, אָדער בלויז פּראַקטישע דערקענטעניש. אַ סך גייסטיקע און זעלישע האַנדלונגען פונעם מענטש פלעגט מען אַ מאָל צושרייבן צו מיסטישע כוחות מחוץ דעם מענטש; היינט ווייסט מען, אַז די דאָזיקע האַנדלונגען זענען ביאָלאָגיש באַדינגטע. אַזוי זענען אויך די שטרעבונגען ביי מענטשן צו עטיק, צו עטישע האַנדלונגען און דאָס קעמפן קעגן אַלץ וואָס איז אומעטיש אינעם סאָציאַלן סדר פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט — ביאָלאָגיש באַדינגט, אַפילו ווען מ׳זאָל אָננעמען אַז דאָס קומט פון דערקענטעניש, אָדער פון דרויסנדיקער באַאיינפלוסונג, צי פון ביידעס צוזאַמען. דערקענטעניש איז דער פּועל־יוצא פון אינטעלעקטועלער פעיִקייט און אָנשטרענגונג און קומט פאָר אין די געהירן. באַאיינפלוסן קאָן מען אָבער עטוואָס, וואָס קאָן ווערן באַאיינפלוסט. די צוויי ווערטער „אייביק רעוואָלוציאָנערע״ אינעם נאָמען פון דער אָרגאַניזאַציע וועט קלאָר ווערן דערפון, וואָס איך וועל ווייטער זאָגן״.

ער האָט ווידער געמאַכט אַ קליינע פּויזע און דאַן ווידער אָנגעהויבן: הויך געריכט! איך בין דערצויגן געוואָרן שטרענג רעליגיעז. מיינע עלטערן זענען געווען פרומע קאַטאָליקן. קריסטוס לערע האָט צו מיר שטענדיק אַפּעלירט, אַפילו שפּעטער ווען כ׳האָב אָנגעהויבן שטודירן נאַטור־וויסנשאַפטן. אויך היינט, זייענדיק אַן אַטעיִסט און קעגנער פון דער קירכע, בין איך איבערצייגט פון די עטישע ווערטן אינעם אַלטן און נייעם טעסטאַמענט, נישט אָננעמענדיק די מיסטישע איבערנאַטירלעכקייטן, וואָס ווערן באַצייכנט אַלס געטלעך. פאַר מיר זענען די עטישע געזעצן אין די צוויי גרויסע ר׳עליגיעס, אין דער יידישער און קריסטלעכער — און אויך אין די היידנישע רעליגיעס — אַ באַווייז, אַז דאָס עטישע שטרעבן איז אינעם מענטש געווען שוין אין די גאָר אַלטע צייטן. ס׳איז אינעם מענטש פאַראַן אַן אורשפּרינגלעכער אינסטינקט, וואָס האָט אים געטריבן און הערט אים נישט אויף צו טרייבן — אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער — צום עטישן. דאָס, וואָס דער עטישער פּרינציפּ איז אין די רעליגיעס צוגעשריבן געוואָרן צו אַ גאָטהייט, באַווייזט די ביאָלאָגישקייט דערפון: ס׳איז אין דער נאַטור... געוויס, אינעם מענטשן זענען דאָ אויך בייזע אינסטינקטן, חיהשע, און זיי זענען דערווייל נאָך שטאַרקער, די זיגער איבער די שיינע, עטישע אינסטינקטן. מיר זעען דאָס אין דער אומגעהויערער אומגערעכטיקייט אינעם סאָציאַלן לעבן פון די פעלקער: דאָס אויסבויטן די גרויסע מאַסן דורך די קליינע מינדערהייטן און די מוראדיקע רעזולטאַטן דערפון, ווי די נויט, די פּיין און די ליידן און די

פאַרצווייפלונג אויף איין זייט, און די פאַנטאַסטישע פאַרמעגנס און דער וואַנ־זיניקער לוקסוס אויף דער צווייטער זייט, אַלערליי פאַרברעכנס און דאָס גרעסטע פון זיי — די מלחמה. דאָס עטישע שטרעבן אָבער אינעם מענטשן, וואָס איז גע־וויס ביאָלאָגיש באַדינגט, קעמפט קעגן דאָס בייזע, קעגן דאָס פאַרברעכערישע. און ס'וועט קומען דער טאָג — ער איז שוין נישט ווייט — וועט דאָס שיינע זיגן איבער דאָס העסלעכע, דאָס גוטע איבער דאָס שלעכטע, די גערעכטיקייט איבער דער אומגערעכטיקייט, דער אמת איבערן שקר, דאָס איידעלע איבער דאָס גראָבע, דאָס רוחניותדיקע איבער דאָס גשמיותדיקע, דאָס געטלעכע איבער דאָס סאַטאַ־נישע, דאָס ליכטיקע איבער דאָס פינצטערע. איך בין נישט אַריינגעטראָטן אין קיין שום פאָליטישער אָרגאַניזאַציע צו קעמפן קעגן איין פאָליטישן סיסטעם פאַר אַ צווייטס, נאָר געגרינדעט אַ באַוועגונג פאַר „אייביק רעוואָלוציאָנערער עטיק", אַ באַוועגונג פאַר דאָס פאַראַנענע אינעם מענטשן און וואָס קעמפט קעגן דאָס בייזע און וועט קעמפן ביז נצחון. דאַן וועט רעגירן זיך פאַרוואַנדלען אין פאַרוואַלטן מיט דער באַלעבאַטישקייט פונעם מענטש און פאַרן מענטש. ביז דע־מאָלט אָבער זאָל זיין אַ געריכט, געשאַפן דורכן געוויסן פון דער „אייביק רע־וואָלוציאָנערער עטיק", וואָס זאָל משפטן די מעשים פון די בעסטיעס וואָס שטעלן זיך אין וועג פון דער גערעכטיקייט. דער טורמע־דירעקטאָר זאַבאַ איז פון אונדז פאַרמשפט געוואָרן צום טויט, ווייל" —

די גאַנצע צייט האָבן אַלע דריי ריכטער דעמאָנסטראַטיוו זיך געלאַנגוויילט און כמעט געדרעמלט. זיי האָבן געהאַלטן אין איין געניצן. ווען דער אָנגעקלאָג־טער האָט אָבער אָנגעהויבן רעדן וועגן רעגירונג, זענען זיי וואַך געוואָרן. דער פּרעזיצער האָט אים געוואָלט אָפשטעלן; אָבער ער האָט נישט געקאָנט ברעכן דאָס געגעבענע וואָרט. דאָך האָט ער אים איבערגעריסן אין מיטן זאַץ: „דאָס האָט שוין פריִער געזאָגט די אָנגעקלאָגטע".

4

די באַראַטונג האָט נישט לאַנג געדויערט און אַלע פיר אָנגעקלאָגטע זענען פאַרמשפט געוואָרן צום טויט דורך הענגען. די וואַך, וועלכע האָט די פיר פאַר־משפטע געבראַכט אין געריכט, האָט זיי צוריק אַוועקגעפירט.

# דער פּאַרטייִדיקער קלאָגט אָן

1

אַ באַוואָפנטע וואַך האָט אַריינגעפירט בנימינען. ער איז געווען אָנגעטאָן אין זיין טונקלבלויען אַנצוג, דעם שבת־יום־טובדיקן, אין וועלכן ער איז געווען אָנגעטאָן ווען מ'האָט אים אַרעסטירט. ווי דעמאָלט — איז אויך אַצינד דער אַנצוג געווען אויסגעפּוצט און אויסגעפּרעסט. דאָס האָט באַזאָרגט פייגעלע, דעם אָנגעקלאָגטנס געליבטע. ווען די אויספאָרשונג איז געווען געענדיקט האָט מען דעם אַרעסטירטן, לויט פאַרשריפט, שוין געמעגט באַזוכן. יעקב האָט פאַרן ברודער מיטגעבראַכט דאָס וואָכעדיקע אָנטאָן און אַהיימגענומען דעם איינציקן גוטן אַנצוג. נעכטן האָט בנימין אים צוריקגעקריגן, כדי אין געריכט צו דערשיינען בעסער אָנגעטאָן. פייגעלע האָט פאַר אים געקויפט אַ שיינעם קראַוואַט, אַ טונקל־בלויען, מיט קליינינקע ברוינלעכרויטע שטערנדלעך. דער אַרעסטירטער האָט אין דער צייט פון זיין אַרעסט זיך גאַנץ פאַרענדערט. ער איז געבליבן פונקט אַזוי קליין און דין ווי ער איז געווען איידער מ'האָט אים אַרעסטירט; דער אויסדרוק אָבער פון זיין לענגלעך אויסגעצויגן בלאַס פּנים איז איצט אַזאַ אַנדערער, אַז נישט בלויז האָבן זיינע אַמאָליקע חברים און פריינד אים כמעט נישט דערקענט, נאָר אַפילו יעקב און די געליבטע (אַלס כלה האָט מען איר דערלויבט צו באַזוכן שפּעטער דעם אַרעסטירטן אין דער טורמע) זענען געווען איבערראַשט פון זיין אויסזען אַצינד. (מסתמא דערפאַר ווייל אין טורמע איז געווען טונקל און זיי האָבן אים געקאָנט זען נאָר דורך גראַטעס, און דאָ אין פייערלעכן געריכטזאַל, איז ליכטיק. אויך האָט די אַטמאָספערע אַ סך צו זאָגן).

בנימין האָט אייגנטלעך ביי 6—7 יאָר שוין אויסגעזען ווי אַ קליין, ערנסט און פאַרדאגהט ייִדעלע, שיִער עפּעס אַ זקנדל... אַצינד אָבער האָט פון זיינע גרויסע, טיפע, שוואַרצע, פאַרחלומטע אויגן אַרויסגעקוקט די גרויסע חכמה און דערקענטעניש פון דורות גייסטיקייט און אידעאַליזם. נישט שרעק און צעטר־מלטקייט פון אַן אָנגעקלאָגטן פאַר די ריכטער, איז געווען אין זיין פּנים, נישט טראַציקייט פון שטאָלצער פעסטקייט ביי אַ קעמפער, נאָר געלייטערטע מילדקייט פון אַ הייליק־גלייביקן, ביי וועלכן שטאַרבן באַטייט זיך צוריקקערן צו גאָט, צום פאָטער אין הימל, און שטאַרבן פאַר זיין נאָמען מיינט איילן אין זיינע אויסגע־שפּרייטע אָרעמס...

אין דער לאַנגער צייט וואַרטן אויפן פּראָצעס האָט בנימין אַ סך נאָכגע־טראַכט: וועגן זיין אייגן לעבן און וועגן די עלטערן, באַזונדערס וועגן פאָטער, וועגן אַלץ וואָס ער האָט געהערט פון זיין מויל און זיך געקאָנט דערמאָנען דעריין,

װעגן אַלץ, װאָס ר׳ איסר, ר׳ מרדכי גאָלדבלום און דעם פּאָטערס אַנדערע פרײַנד, װעלכע פלעגן קומען צו אים און פירן װיכוחים. װעגן מאַטעוס דעם גאַרבאַטע סטאָליערס רײד, װעגן אַלץ װאָס ער האָט געהערט פון יעקבס מויל און ער האָט זיך געקאָנט דערמאָנען דערין; ער האָט נאָכגעטראַכט װעגן אַלערלײ מענטשן װעלכע ער האָט אין לעבן באַגעגנט, װעגן פרײַנד און חברים און װאָס ער פלעגט מיט זײ און זײ מיט אים רעדן, װעגן דעם װאָס ער האָט געלײענט און װעגן דער פּאַרטײ פון װעלכער ער איז געװען אַ מיטגליד. צײַט האָט ער געהאַט גענוג נאָכצוטראַכטן װעגן אַלץ און װעגן אַלע געדאַנקען, װאָס האָבן אים באַשעפטיקט. און ער האָט זיך נישט געקאָנט זאָגן, אַז ס׳לעבן האָט אים נישט געפירט אויפן ריכטיקן װעג. ער האָט, אַדרבא, געזאָגט צו זיך: „איך האָב נישט קײן חרטה, איך בין גליקלעך װאָס איך בין געגאַנגען אויף דעם װעג און נישט אויף קײן אַנדערן״. אַפילו שפּעטער, װען ער האָט שוין געװוּסט, אַז ער װעט געמשפּט װערן פאַר מאָרד — פאַר דערשיסן אַ געהײמאַגענט און געאַנט װאָס אים דערװאַרט — אַפילו דאַן האָט ער צו זיך געזאָגט: „נײן, איך האָב נישט קײן חרטה װאָס איך בין געגאַנגען אויפן דאָזיקן װעג!״ דעם פּראָטאָקאָל, אַז ער האָט דערשאָסן דעם שפּיאָן דוד סאָראָקע, האָט ער נישט אונטערגעשריבן; אַפילו די שרעקלעכע פּײניקונגען האָבן אים נישט געקאָנט ברענגען דאַצו. ערשט װען דער פּראָטאָקאָל איז געענדערט געװאָרן: אַז מ׳האָט בײ דער מאַי־דעמאָנסטראַציע אין דעם און דעם יאָר, בײ װעלכע ס׳איז פאָרגעקומען אַ שיסערײ, בײ אים אין קעשענע געפונען אַ רעװאָלװער — ערשט דאַן האָט ער אונטערגעשריבן.

2

װען די װאַך האָט אַרײַנגעפירט בנימינען איז פײגעלע אויפגעשפּרונגען, אירע אָרעמס האָבן זיך אַ שטרעק אויס געטאָן און ס׳האָט זיך פון איר אַרויסגעריסן: „בנ״... דער גאַנצער נאָמען איז אָבער נישט אַרויס פון איר מויל, װײל דער פּאָרזיצער האָט מיט אַ שטרענג װאָרנדיקן בליק דערשטיקט אין איר די צװײ װײטערדיקע זילבן. איר חנװדיק קלײן פּנימל איז רויט געװאָרן װי פײער און אירע אויגן האָבן אויפגעלויכטן. אין אַ צװיבערשמײכל האָט די ליבע זיך צעשטראַלט איבער איר פּנים. נישט קײן טרערן האָבן געגלאַנצט אין אירע שװאַרצע אויגן, נאָר פרײד און גליק, אין װאָס זי האָט פאַרװאַנדלט דעם גרויסן צער פון איר נשמה פאַרן אומגליקלעכן געליבטן. די גרויסע ליבע אין איר האָט אויף אַ כישוף־אופן דעם ביטערן שמערץ פון איר האַרץ געלאָזט פליסן אין אַ זיסן שטראָם צום געליבטן. יעקב האָט דאָס נישט געקאָנט, כאָטש ער האָט זיך באַמיט דאָס זעלבע צו טאָן, װײל אויך ער האָט אין זײַן גרויסער ליבע צום ברודער געפילט, אַז הײטערקײט און פרײד איז אַצינד נײטיק פאַרן אומגליקלעכן; פון זײַנע אויגן האָבן זיך אָבער געגאָסן טרערן. דורך די מײַנסטע אינעם זאַל איז דורך אַ ציטער װען זײ האָבן דערזען צװישן די צװײ װאַכסאָלדאַטן מיט ביקסן דאָס צאַרטע ײנגל מיט די גרויסע אויגן. װי די רײנסטע אומשולד איז ער זײ

פאַרגעקומען. ער האָט גלייך דערזען זיין געליבטע, ווי זי איז אויפגעשפרונגען און אַ שפרייט אויס געטאָן די אָרעמס צו אים, באַמערקט ווי ס׳האָבן זיך געעפנט אירע ליפן און זיך באַלד געשלאָסן, אויפגענומען די ליבע, וואָס האָט ווי אַן עלעקטרישער שטראָם פאַרבונדן איר נשמה מיט זיינער, און געענטפערט מיט דער ליבלעכקייט, וואָס האָט גלייך גענומען שטראַלן פון זיינע אויגן. די דאָזיקע ליבלעכקייט האָט געגילט אויך יעקבן און אַפילו דעם פובליקום.

דער פאַרטיידיקער אַדאַם איז צוגעגאַנגען צו זיין קליענט און אים שטאַרק געדריקט די האַנט. דער פראָקוראָר פראַנץ קרזשעטשאַנאָווסקי האָט מיט אַ בליק פון אַ רויב־פויגל דורכגעשטאָכן זיין קרבןביים דערזען אים. נאָר דער קרבן איז נישט געווען דאָס קליינע, דאַרע יידישע יינגל; דעם דאָזיקן קרבן האָט ער שוין סיי ווי געהאַלטן אין זיינע נעגל און ער איז נישט געווען דער ביסן פאַר זיין בלוטדורשטיקייט. אַזעלכע ביסנס האָבן אים שוין נישט מער געשמעקט, זיי האָבן נישט גערייצט זיין אַפעטיט. ער האָט זיי פאַרצוקט געלאַנגווייליקט, בלויז פון געוווינהייט, ווי אַ מידער און זאַטער הונט כאַפּט אַריין אין זיין פיסק אַ פליג וואָס שטעלט זיך אויף זיין נאָז. דער בליק ווי פון אַ הונגעריקן רויב־פויגל האָט געגילט דעם אַדוואָקאַט ווייס, ווען יענער האָט מיט שטאַרקער ליבע געדריקט די האַנט פונעם אָנגעקלאָגטן. איצט איז פאַרן משומד געקומען די צייט ווען ער וועט זיין אַמאָליקן ליבלינג — וועלכן ער האָט דערנאָך אַזוי לאַנג געהאַסט און גאָר נישט געקאָנט טוען — קריגן אין זיינע נעגל. מאַגדאַ האָט דעם דאָזיקן כיטרע פאַררעטער פונעם פאָטערלאַנד, דעם באָלשעוויסטישן אַגענט, נישט אויפגעהערט צו ליבן איר גאַנץ לעבן און אים באַשיצט. אַצינד אָבער איז זי טויט. דער דאָזיקער מיאוסער ייד האָט זיך אַריינגעשלייכט אין איר האַרץ; נאָר צוליב טאָן איר קליינע ביטע (זיך שמדן) אַז זי זאָל קאָנען מיט אים חתונה האָבן — האָט ער נישט געוואָלט. „וויפל מאָל האָב איך אַליין מיט אים גערעדט דעריבער!" האָט אין צאָרן אַצינד געטראַכט דער פראָקוראָר. „פאַררעטער! קאָמוניסט! דאָס איז ער דעמאָלט שוין געווען! אָבער די שולד טרעפט אויך מיך!" האָט פאַן קרזשעטשאַנאָווסקי זיך געמאַכט ביטערע פאָרווורפן און געוואָרפן אַ פינצטערן בליק אויפן אַדוואָקאַט, אַ בליק מיט שוואַרץ־גליענדיקן האַס. „יאָ, זי טרעפט אויך מיך, ווייל איך האָב געוווסט, אַז ער האָט מיין זשידאָווסקע טאָטן געצוווּנגען אָנצונעמען די פאַרטיידיקונג פונעם אָנגעקלאָגטנס ברודער, און ווי אַ זשיד, דורך מיאוסע זשידאָווסקע מאַכינאַציעס, געראַטעוועט דעמאָלט פון דער תליה דעם שונא פונעם פאָטערלאַנד! איך האָב דעמאָלט באַדאַרפן טוען מיין פליכט און די גאַנצע זאַך איבערגעבן דער פּאָליציי: אַז דער פראַצעס האָט באַדאַרפן פאָרקומען אין דער צייט פון דער מלחמה, אָבער די אַקטן פונעם אָנגעקלאָגטן זענען פון אַ געניטער, פאַררעטערישער האַנט אין קריגסגעריכט פאַרהאַלטן געוואָרן ביז נאָך דער מלחמה". כמעט קריצנדיק מיט די ציין האָט דער פראָקוראָר באַשלאָסן אויסצופלעכטן אַצינד אַ נעץ פאַרן פאַרטיידיקער, אין וועלכער ער וועט אים פאַנגען און דאַן איבערגעבן דער גערעכטיקייט.

דאָס געריכט איז צוגעטרעטן צום ענין. צוערשט די געוויינלעכע פּראָצעדור: דער סעקרעטאַר האָט אויסגערופן אַלע נעמען, סיי פון די עדות קעגן דעם אָנ־געקלאָגטן און סיי די עדות פאַר זיין פאַרטיידיקונג. אַלע האָבן געשווירן צו זאָגן דעם אמת און זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן. דער פאַרזיצער האָט געפרעגט דעם אָנגעקלאָגטן אויב ער הייסט בנימין ליכטענבערג, ווו און אין וועלכן יאָר געבוירן, טאָג און חודש, ווי ס'האָט געהייסן זיין פאָטער, זיין מוטער, ווען זענען זיי געשטאָרבן אאַז"וו. דאַן האָט ער געלייענט דעם פּראָטאָקאָל פון דער טורמע, די אָנקלאָגע, אין וועלכער ס'זענען געווען אויסגערעכנט די פאַרברעכנס פונעם אָנגעקלאָגטן. צום סוף האָט ער דעם אָנגעקלאָגטן געפרעגט אויב די אונטער־שריפט איז זיינע, אויב ער איז נישט געצוואונגען געוואָרן די אונטערשריפט צו מאַכן, און אויב ער דערקלערט זיך שולדיק אין האָבן דערשאָסן דעם רעגירונגס־באַאַמטן פון דער „דעפענסיווע" דוד סאָראָקע, זיין בן־עיר און גוטער באַקאַנטער.

בנימין האָט געענטפערט, אַז די דאָזיקע אונטערשריפט איז אויף אים נישט אַרויפגעצוואונגען געוואָרן, אָבער ביים אויספאָרשן האָט מען אים געשלאָגן און געפּאַלטערט. מ'האָט אים אויסגעטאָן נאַקעט, געבערענט ס'לייב, מ'האָט אים איבערן געשלעכטס־אָרגאַן אַ זעץ געטאָן מיט אַ גומי־שטעקן און ער איז געפאַלן אין חלשות און מ'האָט אים דורכן מויל און דורך דער נאָז אַריינגעגאָסן השתנה.

דער פאַרטיידיקער האָט פאַרלאַנגט אַז ס'זאָל אַריינגענומען ווערן אינעם פּראָטאָקאָל וואָס דער אָנגעקלאָגטער האָט געזאָגט. נאָר דער פאַרזיצער האָט דעם פאָרשלאָג אָפּגעוואָרפן, מיט דער באַמערקונג, אַז אַלע פּאָליטישע אָנגעקלאָגטע טראַכטן אויס אַזעלכעס און האָבן דאָבײַ אַ טאָפּלטן צוועק: צו פאַרשוואַרצן דאָס פּנים פון דער רעגירונג אין אויסלאַנד און אָפּצושוואַכן די אָנקלאָגע. אַלס באַווייז האָט דער פאַרזיצער אָנגעגעבן, אַז דער אָנגעקלאָגטער אַליין האָט געזאָגט, אַז ער האָט די אונטערשריפט געמאַכט פריי, נישט אונטער צוואַנג.

אויף דער פראַגע אויב ער דערקלערט זיך שולדיק אין האָבן דערשאָסן דוד סאָראָקע, האָט בנימין געענטפערט הויך און פעסט: „ניין, איך האָב אים נישט דערשאָסן!"

דער פאַרזיצער האָט גענומען דעם רעוואָלווער, וועלכער איז געלעגן אויפן טיש, און אים געוויזן דעם אָנגעקלאָגטן: „וואָס איז דאָס?"

בנימין האָט זיך ווי דערשראָקן און זיך כמעט אַ בייג געטאָן אויף צוריק. ער האָט געענטפערט: „דאָס איז אַ רעוואָלווער".

„דערקענט איר אים?"

„ניין".

„ווען מ'האָט אייך אַרעסטירט האָט מען דעם רעוואָלווער געפונען אין אייער קעשענע. לייקנט איר דאָס?"

„ניין, איך לייקן דאָס נישט; אָבער איך האָב דעם רעוואָלווער פריִער קיין מאָל נישט געזען".

צווישן פּובליקום האָט זיך דערהערט אַ געלעכטער. דער פאַרזיצער האָט

נישט רעאַגירט, ווי געוויינלעך ווען דאָס פובליקום פאַרשוועכט די הייליקייט פונעם געריכט דורך נישט זיין גאַנץ שטיל. ער אַליין האָט אַ שמייכל געטאָן און דער פּראָקוראָר האָט זיך אַמוזירט.

דער פאָרזיצער האָט דאַן געפרעגט איראָניש, נאָר אַזוי פאַרשטעלט, אַז דער אָנגעקלאָגטער זאָל די איראָניע נישט מערקן: „האָט דער פאָליציי־באַאַמטער ביים באַזוכן אייך, דעם רעוואָלווער אַריינגעלייגט אין אייער קעשענע?"

„ניין, נישט דער פאָליציי־באַאַמטער, נאָר דוד סאָראָקע".

„אַז איר זאָלט אים דערשיסן?"

ווידער דאָס זעלבע געלעכטער צווישן פובליקום. דער פאַרטיידיקער איז אויפגעשטאַנען פון זיין אָרט צו פּראָטעסטירן קעגן אַזאַ אָרט אויספרעגן, נאָר דער פאָרזיצער האָט גראָד אַ קלאַפּ געטאָן מיט זיין האָלצערנעם האַמער אויפן טיש און מיט אויסדרוק פון שטרענגקייט אין פנים אויפגעפאָדערט דאָס פּוב־ליקום רויק זיך צו פאַרהאַלטן. גלייך האָט ער זיך ווידער גענומען צום אָנגע־קלאָגטן און דעם אויפגעשטאַנענעם פאַרטיידיקער נישט געגעבן קיין געלעגנהייט עפּעס צו זאָגן. אַדאַם האָט אָבער באַמערקט, אַז דער פאָרזיצער האָט פאַרשטאַנען זיין אויפשטיין.

דער אָנגעקלאָגטער האָט דערציילט אַלץ ווי ס'איז געווען: אַז אין אַ שבת פאַר מיטאָג האָט אינעם לייענזאַל פון דער יידישער ביבליאָטעק אים אָוועקגערופן אין אַ ווינקל דוד סאָראָקע, זיין בן־עיר און אַ מיטגליד פון דער זעלבער פאַרטיי צו וועלכער ער געהערט, און אים איינגערוימט אַ סוד: אַז אויף אַ געהיימער זיצונג פון דער פאַרוואַלטונג איז באַשלאָסן געוואָרן ביי דער מאַי־דעמאָנסטראַציע די כוליגאַנעס — אויב זיי וועלן ווידער אָנפאַלן אויף די יידישע דעמאָנסטראַנטן ווי זיי טוען דאָס כמעט יעדעס מאָל — אַזוי אָנצולערנען, אַז זיי זאָלן דאָס האָבן גוט צו געדענקען. ער האָט מיר געזאָגט, האָט בנימין גענומען באַטאָנען כמעט יעדעס וואָרט אַציַנד, אַז די מיטגלידער, צו וועלכע די פאַרטיי האָט באַזונדערס צוטרוי, וועלן אין נייטיקן מאָמענט קריגן געוועהר די כוליגאַנעס צו קאָנען געבן „פעפער". דערויף האָב איך דעמאָלט אים געענטפערט, אַז איך בין זייער שטאָלץ דערויף, וואָס די פאַרטיי האָט צו מיר אַזאַ גרויס פאַרטרויען און וועל טוען אַלץ וואָס מ'פאַרלאַנגט פון מיר. אָבער איך קאָן נישט שיסן, האָב איך אים געזאָגט, איך האָב אין מיין לעבן נאָך קיין מאָל קיין רעוואָלווער אין האַנט נישט געהאַלטן. דערויף האָט ער מיר געענטפערט, אַז דאָס איז אַ קלייניקייט, אַז ער וועט מיך אויסלערנען שיסן. צום ערשטן מאַי איז נאָך געווען צייט. ער האָט מיר געהייסן אַלץ האַלטן בסוד. נאָר שיסן האָט ער מיך נישט געלערנט, ער האָט מיר אַפילו נישט געוויזן דעם רעוואָלווער וועלכן ער וועט מיר געבן, נישט געוויזן ווי אַזוי מ'דאַרף אים האַלטן אין האַנט. ערשט ביי דער דעמאָנסטראַציע, ווען כוליגאַנעס זענען אויף אונדז און אויף די קאָמוניסטן אָנגעפאַלן און ס'האָט אויסגעבראָכן אַ געשלעג, איז ער צו מיר צוגעקומען, האָט מיך אַרומגענומען ווי ס'איז געווען אָפּגערעדט — כדי מיר צו קאָנען אַריינלייגן דעם רעוואָלווער אין קעשענע. אָבער

איך האָב דעמאָלט נישט געוווּסט וואָס מיט מיר טוט זיך, איך בין געווען אין גאַנצן צעמישט פון די קלעפּ, וואָס איך האָב באַקומען, פון דעם שרעקלעכן טומל און די געשרייען און פון דער געשיסעריי פון אַלע זייטן. ס׳איז געוואָרן אַ גרויסע פּאַניק, מ׳האָט מיך אַנידערגעוואָרפן אויף דער ערד, מ׳האָט אויף מיר געטראָטן. אַפילו ווען פּאָליציי האָט מיך באַזוכט, מיך אַריינגעוואָרפן אין אַרעסטאַנטן־וואָגן און מיך אַוועקגעפירט, האָב איך נאָך אַלץ נישט געוווּסט, וואָס מיט מיר איז. ערשט שפּעטער האָב איך אָנגעהויבן באַנעמען וואָס מיט מיר קומט פאָר. ווען מ׳האָט מיך אויסגעפרעגט אין קאָמיסאַריאַט און דערנאָך אין דער תּפיסה, האָט מיר אָנגעהויבן קלאָר ווערן אין וואָס מ׳באַשולדיקט מיך". צום סוף האָט ער נאָך אַ מאָל געזאָגט און באַטאָנט: „דעם רעוואָלווער האָב איך קיין מאָל נישט געהאַלטן אין מיין האַנט. געזען האָב איך אים ערשט, ווען מ׳האָט אים מיר, ביים אויספרעגן מיך, געוויזן".

דער פאָרזיצער האָט נאָך ווייטער אויסגעפרעגט דעם אָנגעקלאָגטן און באַ־קומען אַלץ מער פּרטים, אָבער נישט מער וויכטיקס. דאַן האָט זיך גענומען צו אים דער פּראָקוראָר און אַרויסבאַקומען, אַז בנימין האָט געוווּסט — ווען ער האָט אין יענעם שבת גערעדט אין לייען־צימער פון דער ביבליאָטעק מיט זיין בן־עיר, דוד סאָראָקע — אַז יענער איז אַ שפּיצל. „זאָגט זשע מיר", האָט דער פּראָקוראָר פּלוצעם איבערראַשט דעם אָנגעקלאָגטן, „האָט איר דעם דוזן גע־אַכטעט, געהאַלטן פאַר אייערס אַ פריינד, אַ פּאַרטיי־חבר?"

„פאַר אַ פריינד נישט, אָבער פאַר אַ חבר יאָ, ווייל ער האָט געהערט צו דער זעלבער פּאַרטיי, צו וועלכער איך האָב געהערט".

„און איז ער אייך געווען סימפּאַטיש, אָדער אומסימפּאַטיש?"

„סימפּאַטיש איז ער מיר קיין מאָל נישט געווען; ער איז מיר געווען אומ־סימפּאַטיש".

„ווי אַ שפּיצל. דאָס פאַרשטיי איך. האָט איר דאָך צו אים געהאַט מיסטרוי?"

„ביין, מיסטרוי, האָב איך צו אים נישט געהאַט, ווייל איך האָב נישט געוווּסט אויף זיכער, אַז ער איז אַ שפּיאָן, ווייל דעם איז בלויז אַרומגעגאַנגען אַ קלאַנג; דאַקעגן האָב איך געוווּסט, אַז ער איז נאָענט מיט גאָר חשובע חברים פון דער פאַרוואַלטונג. דאָס האָט מיך פאַרפּליכטעט צו האָבן צוטרוי צו אים, כאָטש ער איז מיר פערזענלעך נישט געווען סימפּאַטיש".

דער פאַרטיידיקער האָט דורך די ענטפערס פון זיין קליענט אויף די גע־שטעלטע פראַגעס, קלאָר געמאַכט פאַר די ריכטער: אַז דער אָנגעקלאָגטער האָט זיין פּאַרטיי באַטראַכט פאַר די איינציק ריכטיקע סאָציאַליסטישע באַוועגונג, אַז ער איז איר שטענדיק געווען איבערגעגעבן מיטן גאַנצן האַרץ, אַז די דיסציפּלין פון דער פּאַרטיי איז פאַר אים געווען הייליק, אַז ער האָט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי געהאַלטן פאַר די ערגסטע קעגנערין, וועלכע מען מוז באַקעמפן און אויסראָטן און איז געווען איבערצייגט, אַז אויב דער דוד סאָראָקע איז אַ שפּיאָן ווי מ׳זאָגט — שפּיאָנירט ער ביי די קאָמוניסטן פאַר זיין פּאַרטיי, פאַר דער באַ־

וויפל ס'זענען געוועזן טויטע ביי יענער הריגה, וויפל ס'זענען געוועזן לייכטע און וויפל שווער פאַרוווּנדעטע, און אויב ס'איז פעסטגעשטעלט געוואָרן די אידענ־טיטעט פון יעדן געפאַלענעם און יעדן פאַרוווּנדעטן. ס'איז דאַן באַוויזן געוואָרן, אַז די קרבנות זענען געווען נאָר די באַפאַלענע, און אַז דער אָנגעקלאָגטער איז געווען צווישן זיי: צווישן די קרבנות.

5

דער פּראָקוראָר האָט געהאַלטן זיין באַשולדיקונגס־רעדע: קיין גרויסער אָראַ־טאָר איז ער נישט געווען און נישט נייטיק געהאַט צו זיין. סיי ווי האָבן זיך די ריכטער אין פּאָליטישע פּראָצעסן ווייניק צוגעהערט צו דעם וואָס די אָנקלאָגער האָבן געזאָגט און נאָך ווייניקער, פאַרשטייט זיך, צו די רעדעס פון די פּאַרטיי־דיקער. ביידע האָבן זיי געלאָנגווייליקט די ריכטער. פאָן קרזשעטשאַנאָווסקי האָט געוווּסט, אַז די ריכטער וועלן סיי ווי אַרויסטראָגן אַזאַ אורטייל ווי ער וויל. ער האָט זיך דעריבער געהאַלטן נאָר ביי דאָס פאָרמעלע. פלינק, אויף אַ נידעריק־כיטרע אופן, האָט ער צעקלאַפּט אַלץ וואָס די עדות האָבן געזאָגט צום גונסטן פונעם אָנגעקלאָגטן און דאַן געפאָדערט די העכסטע שטראָף פאַרן באַשולדיקטן. ער האָט דאָס שנעל אָפּגעמורמלט, ווי די תפילות אין דער קירכע — מעכאַניש. אַלס פּראָקוראָר האָט ער ביי פּאָליטישע פּראָצעסן געהאַט אויך אַ געוויסע אויפ־גאַבע: אָנצוווייזן די נעמען פון די פאַרברעכנס, די אַרבעטער־פאַראיינען, די סאָציאַליסטישע באַוועגונגען. דאָס איז געווען באַשטימט, נישט אַזוי פיל פאַר די ריכטער, ווי פאַר דער עפנטלעכקייט, פאַר דער רעאַקציע און די רעאַקציאָנערן אין דער רעגירונג. דאָס האָט פאָן קרזשעטשאַנאָווסקי געטאָן מיט פלייס, ליידנ־שאַפטלעך, און ער האָט זיך דאַביי שטאַרק אויסגעצייכנט.

אַצינד האָט דער משומד געהאַט פאַר זיך אַ באַזונדערע אויפגאַבע, וואָס ער האָט זיך פאַרגענומען נאָך איידער דער פּראָצעס האָט זיך אָנגעהויבן: אין זיין באַשולדיקונגס־רעדע קונציק אויסצושטעלן פאַסטקעס פאַרן פאַרטיידיקער, אויס־צושטעלן אַזוי, אַז ער זאָל אין זיי מוזן אַריינפאַלן און דאַן וועט ער אים איבער־געבן דער יוסטיץ. ער האָט דעריבער ביים אָנווייזן אויף די נעסטן אין וועלכע ס'ווערן אויסגעבריט די פאַרברעכערס קעגן דער רעגירונג, די מערדער פון רע־גירונגס־באַאַמטע, געשטעלט צוויי פראַגעס. ערשטנס: „קאָן ווער זאָגן אַז אין די גרענעצן פון געזעץ, פון אונדזער מלוכה־קאָנסטיטוציע, וואָס איז אין דער גאַנצער וועלט אָנערקענט פאַר די דעמאָקראַטישסטע, וואָס גיט פרייהייט אַלע שטרעבונגען פונעם פאָלק: די רעליגיעזע, קולטורעלע, עקאָנאָמישע און פּאָלי־טישע; פרייהייט זיך צו אָרגאַניזירן אין פּאַרטייען און קעמפן מיט לעגאַלע מיט־לען פאַר די קלאַסן־אינטערעסן — קאָן ווער וואַגן צו זאָגן, אַז ס'איז אים נישט געגעבן די מעגלעכקייט אין די גרענעצן פון דער קאָנסטיטוציע און געזעץ צו דערגרייכן זיין רעכט? פּוילן, אונדזער הייליק לאַנד, וואָס איז אַזוי לאַנג געווען פאַרקנעכט אונטער פרעמדע דעספּאָטישע מלוכות, פּוילן, אונדזער טייער פאָטער־

וועגונג, פון וועלכער דער אָנגעקלאָגטער איז געווען מיטגליד און איז איר גע־בליבן געטריי ביז אויפן איצטיקן מאָמענט.

ס׳זענען דאָן אויסגעפרעגט געוואָרן די עדות פאַר און קעגן אָנגעקלאָגטן. די געהיים־אַגענטן און די פּאָליציאַנטן, וועלכע זענען געווען אין דינסט ביי דער מאַי־דעמאָנסטראַציע, האָבן געשילדערט ווי ס׳איז דעמאָלט צוגעגאַנגען אויפן טעאַטער־פּלאַץ, וועלכע פּאַרטייען ס׳האָבן אַלץ אָנטייל גענומען אין דער פייערונג, וויפל מענטשן ס׳האָבן, לויט זייער שאַצונג, געקאָנט זיין; זיי האָבן דערציילט, אַז חוץ די אָנטיילנעמער זענען אויך געקומען אַ סך נייגעריקע, אַז קיין צו גרויסע אָרדענונג איז נישט געווען באַלד פון אָנהייב אָן, צוליב די קאָמוניסטן, אַז ס׳איז אַנטשטאַנען אַ געשלעג, ווי שטענדיק ווען די דאָזיקע צוויי קעגנערישע אַרבעטער־פּאַרטייען באַגעגנען זיך, און אַז אינעם טומל און געשלעג איז געפאַלן אַ שאָס. די פּאָליציי איז דאַן שוין געווען געצוווּנגען צו אינטערווענירן אויף אַ שטרענגערן אופן. אַרעסטירט געוואָרן זענען אַ סך. ביים באַזוכן דעם אָנגעקלאָגטן בנימין ליכטענבערג האָט מען אין זיינס אַ קעשענע געפונען אַ רעוואָלווער, פון וועלכן ס׳זענען געווען אויסגעשאָסן פיר קוילן.

די עדות האָבן כמעט גאָרנישט צוגעגעבן צו דעם, וואָס איז געשטאַנען אין דער אָנקלאַגע. אַזוי האָבן די אַנדערע עדות בלויז באַשטעטיקט וואָס דער אָנ־געקלאָגטער האָט געזאָגט. אויך דער קרייצפאַרהער, סיי דורך די ריכטער און סיי דורכן פּראָקוראָר, האָבן קיין באַזונדערע רעזולטאַטן נישט געגעבן. דאַן האָט דער פּאַרטיידיקער גענומען אויפן צימבל די עדות קעגן זיין קליענט. און הגם ער האָט כסדר געהאַט צו קעמפן מיטן פּראָקוראָר און אויך מיט פּאָרזיצער, וועלכער האָט זיך גאָרנישט באַנומען אַזוי אומפּאַרטייאיש ווי ס׳איז דער חוב פון אַ ריכטער, האָט ער פעסטגעשטעלט פאַרן געריכט: אַז דער טומל און דאָס געשלעג האָט זיך אָנגעהויבן ערשט דאַן, ווען דאָס פעבל געפירט פון אַ באַנדע אַנטיסעמיטיש־קוליגאַנישע סטודענטן, איז אָנגעפאַלן אויפן צוג פון דער יידישער אַרבעטער־פּאַרטיי; אַז די פּאָליציי האָט זיך דאַביי נישט בלויז געהאַלטן פּאַסיוו, נאָר מ׳האָט זי בכלל נישט געזען, ווי שטענדיק, ווען אַנטיסעמיטן שלאָגן יידן; אַז ערשט ווען די יידישע אַרבעטער האָבן ביים פּאַרטיידיקן זיך גענומען שלאָגן אויף צוריק און זיך אַרויסגעוויזן אַ סך שטאַרקער, האָט זיך געהערט אַ שאָס און דעמאָלט, כמעט אין זעלבן אויגנבליק, איז די פּאָליציי שוין געווען און געעפנט אַ שיסעריי. ווייטער האָט דער פּאַרטיידיקער — דורך די ענטפערס אויף זיינע פראַגעס, וואָס ער האָט געשטעלט די עדות — קלאָר געמאַכט פאַר די ריכטער: אַז די סטודענטן, וואָס האָבן געפירט דאָס פעבל ביים אָנפאַל אויף די יידישע דעמאָנסטראַנטן, האָבן זיך ביי דער שיסעריי געהאַלטן צווישן דער פּאָליציי און געשאָסן פון רעוואָלווערן אויף די יידישע מאַסן און אויף די קאָמוניסטן. צום סוף האָט דער אַדוואָקאַט ווייס אויף אַ קונציקן אופן אַרויסבאַקומען פון אַ פּאָליציי־באַאַמטן מיט אַ העכערן ראַנג, אַז פון די איבערפאַלער איז קיין איינער נישט נישט דערשאָסן אָדער דורך אַ קויל פאַרוווּנדעט געוואָרן. ער האָט דעם דאָזיקן פּאָליציי־באַאַמטן געפרעגט

לאַנד — אויסגעריבט און אָפּגעגאַנגען אין בלוט אין דער שרעקלעכער מלחמה — האָט גלייך נאָך דער באַפרייונג, לאָזנדיק דערווייל אין אַ זייט די ביטערסטע נויטן, צו ערשט אויפגעבויט די צוויי טעמפּלען: דעם סיים און דעם סענאַט, אין וועלכע דאָס פּוילישע פאָלק, אָן אונטערשייד פון רעליגיע און פּאָליטישער איבער־צייגונג, רייך אָדער אָרעם, שיקט דורך פרייע וואַלן אירע אויסדערוויילטע, כסדר צו שאַפן נייע געזעצן לויט די פאָדערונגען וואָס וואַקסן אַרויס פון אירע אַלץ נייע און נייע באַדערפעגישן. געזעץ, געשמידט דורכן פאָלק, איז דער פונדאַמענט פון יעדער דעמאָקראַטישער מלוכה! דאָס איז אונדזער הערלעכע טראַדיציע פון דורות אָן, דאָס איז אונדזער ליכטיקע געשיכטע, די גלאָררייכסטע אין אייראָפּע! אַ לאָיאַלער בירגער, אַ געטרייער זון און ליבנדע טאָכטער פון אַזאַ פאָטערלאַנד וועט פאַרשטיין זיין (אָדער איר) הייליקע אויפגאַבע, און ווי אַ גוט און פאַר־שטענדיק קינד העלפן טראָגן דעם פאָטערלאַנד דעם שווערן עול. דאָס מיינען זיך טאַקע צו טאָן די מיטגלידער פון די גרעסטע און אָנגעזעענסטע אַרבעטער־פאַרטייען און פון די פויערים־באַוועגונגען אין אונדזער לאַנד. זייערע לעגאַלע אָרגאַניזאַציעס אַרבעטן האַנט אין האַנט מיט דער רעגירונג. פאַרשטייער פון די אַרבעטער און פון די פויערים פאַרנעמען רעגירונג־שטעלעס, פון די קלענסטע ביז די גרעסטע, גלייך מיט די פאַרשטייער פון אַלע עקאָנאָמישע און ווירטשאַפט־לעכע שיכטן אינעם פאָלק".

די צווייטע פראַגע, וואָס דער פּראָקוראָר קרזשעטשאַנאָווסקי האָט געשטעלט, איז געווען: „וועלכע פאַרטייען לייגן דער רעגירונג שטיינער אונטער די פיס אויף יעדן טריט און שריט דורך כסדרדיקע, לאַנגע און אומבאַרעכטיקטע ווילדע סטרייקן, וועלכע וואַרפן אַריין אין אַ כאַאָס דאָס עקאָנאָמישע לעבן, וואָס איז שוין אַזוי אויך געגנוג שווער און די ביטערע נייט געגנוג גרויס צוליב דעם מוראדיקן קריזיס וואָס הערשט, נישט בלויז ביי אונדז, נאָר אין דער גאַנצער וועלט? וועלכע פאַרטייען זענען דאָס, וואָס גרייטן קאָנספּיראַטיוו צו אַ רעוואָלוציע, מיט געווער אין האַנט אַראָפּצוואַרפן די פון פאָלק געוויילטע רעגירונג און מאָרדן דערווייל אויף אַ געמיינעם אופן — הינטן אַרום — רעגירונגס־באַאַמטע, וואָס דערפילן זייערע שווערע פליכטן?" אויף דער דאָזיקער פראַגע האָט ער הויך געענטפערט: „יעדער קריסט ביי אונדז ווייסט דעם ענטפער! אויב ס'האָט ווער נאָך געקאָנט צווייפלען דעריך, איז עס אַצינד אויף אַ באַזונדערס קלאָרן אופן באַשטעטיקט גע־וואָרן: אַ מיטגליד פון אַ יידישער אַרבעטער־פאַרטיי, וואָס האַלט אין איין פאַר־זיכערן איר לאָיאַליטעט צו דער רעגירונג און איבערגעגעבנקייט צום לאַנד, דער באַשולדיקטער בנימין ליכטענבערג האָט דערשאָסן אַ פּאָליציי־באַאַמטן ביים דער־פילן זיינע פליכטן! צווישן פיר מערדער פון אַ געהיימער פאַרשווערונגס־באַנדע — זענען צוויי יידן! קוים צען פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג, אָבער ווען ס'קומט צום מאָרדן רעגירונגס־באַאַמטע זענען די יידן באַטייליקט מיט 60 פּראָצענט. איז אַ וווּנדער, וואָס טיילן פונעם פּויליש־קריסטלעכן פאָלק, צווישן זיי סטו־דענטן — דאָס איידלסטע פון אונדזער יוגנט — ווערן זיך אין געוויסע מאָמענטן,

ווען זיי קאָנען זיך מער נישט באַהערשן צו שטיין פון דער ווייטנס און צוזען די געפאַר פאַר זייער הייס געליבט פאָטערלאַנד? און זיי האָט דער פאַרטיידיקער פון פוילנס אינעווייניקסטע שונאים, דער פאַרטיידיקער פון אַ מערדער, וואָס האָט דערמאָרדעט אַ רעגירונגס־אָנגעשטעלטן, געוואַגט פריִער אָנצורופן פעבל און כוליגאַנעס! איך בעט דאָס הויכע געריכט דאָס אַריינצוטראָגן אין פּראָטאָקאָל און דעם אַדוואָקאַט צוציִען צו פאַראַנטוואָרטלעכקייט! אין איין וועגס דערלויב איך מיר צו ציִען די אויפמערקזאַמקייט פונעם הויכן געריכט, אַז דאָס פאַרטיידיקן אַזעלכע פאַרברעכער געהערט צו דער קאַריערע פונעם דאָזיקן אַדוואָקאַט פון דער ערשטער רגע אָן ווען ער האָט אָנגעהויבן זיין פּראַקטיק! זיין סימפּאַטיע מיט זיי איז אַ טאָפּלטע"... ער האָט געענדיקט מיט דער געוויינלעכער פראַזע: אַז ער פאָדערט פאַרן אָנגעקלאָגטן די שטרענגסטע שטראָף.

5

דער פאַרטיידיקער האָט אין זיין רעדע צו ערשט זיך באַשעפטיקט מיט דער פאָרמעלער זייט פון דער באַשולדיקונג: אַז אינעם פּראָטאָקאָל פון דער אויספאָרשונג שטייט אויסדריקלעך, דער אַרעסטירטער לייקנט זיין שולד צו האָבן געשאָסן און געטויט דעם געהיימאַגענט דוד סאָראָקע. דער פאַרטיידיקער האָט באַטאָנט: „ס'האָט קיין איין עדות נישט באַשטעטיקט, אַז דער אָנגעקלאָגטער האָט יאָ געשאָסן און יאָ געטויט דעם געהיימאַגענט דוד סאָראָקע אָדער עמיץ אַנדערן. מיין קליִענט בנימין ליכטענבערג קאָן העכסטנס באַשולדיקט ווערן אין טראָגן ביי זיך אַ רעוואָלווער אָן אַ דערלויבעניש פון דער מאַכט. פונעם רעוואָלווער זענען געווען אויסגעשאָסן פיר קוילן. די צוויי קוילן, וועלכע מ'האָט ביי דער אטאפּסי געפונען אינעם געהרגטען דוד סאָראָקע זענען טאַקע געווען פון זעלבן קאַליבער; אָבער זיי קאָנען נישט זיין קיין אינדיציען קעגן דעם באַשולדיקטן. זעקס עדות האָבן אונטער אַ שבועה באַשטעטיקט, אַז די סטודענטן, וועלכע זענען באַפאַלן די יידישע דעמאָנסטראַנטן און די קאָמוניסטן האָבן געשאָסן פון רעוואָלווערס. זיי האָט אָבער די פּאָליציי נישט אַרעסטירט". ווייטער האָט דער פאַרטיידיקער די ריכטער אויפמערקזאַם געמאַכט דערויף, אַז ווען מ'האָט דעם אָנגעקלאָגטן געוויזן דעם רעוואָלווער און אים געפרעגט אויב ער דערקענט אים, האָט ער אינסטינקטיוו זיך צוריקגעבויגן פון פּחד פאַרן אינסטרומענט צו טויטן מענטשן. „אַזוי רעאַגירט נישט איינער", האָט דער אַדוואָקאַט אויסגערופן, „וועלכער איז געוווינט צו אַזאַ וואָפן, באַזונדערס נישט אַזעלכער, וועלכן אַ פּאַרטיי שיקט דערשיסן אַ געהיימאַגענט. און נאָך עפּעס, וואָס איז זייער וויכטיק:ביידע פּאָליציי־באַאַמטע, וועלכע האָבן ביים באַזוכן דעם אָנגעקלאָגטן געפונען ביי אים דעם רעוואָלווער, האָבן אויף מיין פראַגע: ‚אין וועלכער קעשענע?' געענטפערט: ‚פון דער מאַרנאַרקע'. אויף מיין צווייטער פראַגע: ‚איז דער אָנגעקלאָגטער געווען אָנגעטאָן אין אַ מאַנטל?' האָבן זיי געענטפערט: ‚ניין'. איך פרעג דאָס הויכע געריכט: איז דאָס נישט קיין גענוג קלאָרער באַווייז, אַז דעם רעוואָלווער האָט

דעם קליענט מיינעם טאַקע אַריינגעלייגט אין דער קעשענע פון דער מאַנאַרקע ביים גרויסן טומל דער אומגעקומענער סאַראַקע ? וועלכער אַטענטעטער וועט האַלטן אַ רעוואָלווער אויף אַזאַ אָרט, וואָס קאָן זיין אויפפאַלנדיק ? די פּראָוואָקאַציע איז קלאָר. די פיר קוילן האָט דער אומגעקומענער פּראָוואָקאַטאָר פריער אַליין אויס־געשאָסן, ווייל ער האָט גוט געקענט זיין בן־עיר. דאָס אומשולדיקע יינגל, גע־ווּסט — דאָס האָט אים זיין קרבן אַליין געזאָגט — אַז ער האָט נאָך אין זיין לעבן קיין מאָל קיין רעוואָלווער נישט געהאַלטן און ווייסט נישט וויאַזוי מ'שיסט. צו וואָס האָט דער געהיימאַגענט באַדאַרפן די פּראָוואָקאַציע ? — דאָס איז קלאָר געוואָרן פונעם הער פּראָקוראָרס רייד : אַז אַ מיטגליד פון דער לעגאַלער יידישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי האָט דערשאָסן אַ רעגירונגס־באַאַמטן... אַצינד וועט די פּאָליציי קאָנען פאַרביטן די דאָזיקע פּאַרטיי. אַז ער אַליין, דער פּראָוואָקאַטאָר, וועט אין דער פּראָוואָצירטער שיסעריי דערשאָסן ווערן — דערויף האָט ער זיך נאַטערלעך נישט גערעכט. ער האָט פאַר זיין פּראָוואָקאַציע באַדאַרפן אַ נאַיוון מענטש און ריכטיק געוויילט : אַ נאַיוון, ווי ס'איז דער באַשולדיקטער, האָב איך אין מיין לעבן ביז איצט נישט געטראָפן".

דער פּאַרטיידיקער איז דאָן איבערגעגאַנגען צו יענעם טייל אין זיין פּאַרטיי־דיקונג, אין וועלכן ער האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַן אָנקלאָגער קעגן דער סאָ־ציאַלער אומגערעכטיקייט. ער האָט געוווּסט, אַז די ריכטער איגנאָרירן, וואָס ער זאָגט, אַז ער ברענגט זיך דאַדורך אין געפאַר, באַזונדערס איצט ; ער האָט פריער גאַנץ גוט געמערקט די פאַסטקעס וועלכע דער פּראָקוראָר האָט אין זיין רעדע צעשטעלט פאַר אים ; ער האָט קלאָר געדענקט, וואָס מאַגדאַ האָט אים אין די לעצטע מינוטן פאַרן טויט געזאָגט. און דאָך — אָדער דווקא דאָס האָט אַרויסגע־רופן אין אים דעם קעמפּער איצט קעגן דער הימלשרייענדיקער פאַרברעכע־רישקייט פון דער געזעלשאַפט — און ער האָט צווישן אַנדערס געזאָגט : „מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ פאַרברעכן וואָס צעוואַקסט זיך אַלץ אימהדיקער אין דער ברייט און אין דער טיף. אויף מיין גורל איז אויסגעפאַלן — טאַקע פון מיין ערשטן שריט אין מיין קאַריערע אַלס אַדוואָקאַט, ווי דער פאַרערטער הער פּראָ־קוראָר האָט מיך פאַרמסרט — צו פאַרטיידיקן די אומשולדיקע קרבנות פון דאָזיקן פאַרברעך. איך זאָג קרבנות, כאָטש אַ סך פון די, וועלכע איך האָב פאַרטיידיקט, האָבן אויך געהערט צו דער קאַטעגאָריע קרימינעלע פאַרברעכער. איך האָב יעדעס מאָל אָנגעוויזן, אַז ס'איז דער פאַרברעכערישער סאָציאַלער צושטאַנד, וועלכער טרייבט הונדערטער טויזנטער דאָס געזעץ צו ברעכן. אין אונדזער לאַנד זענען די טורמעס איבערגעפּאַקט מיט פּאָליטישע. מיר בויען אַלץ מער ביי־ע טור־מעס. דער אַפּאַראַט : די פּאָליציי, די געריכטן, דאָס פּערסאָנאַל אין די תפיסות — דאָס איז אַ לאַסט, וואָס דריקט אומגעהויער שווער אויף אונדזער אָרעם און נויט־ליידנדיק פאָטערלאַנד".

נישט אָן אַבזיכט האָט דער פּאָרזיצער אַצינד געלאָזט רעדן דעם פּאַרטיי־דיקער אַזוי לאַנג ווי ער וויל און זאָגן וואָס ער וויל. דער אַדוואָקאַט ווייס האָט

די דאָזיקע אַבזיכט גוט פאַרשטאַנען און דאָך ווייטער געזאָגט: „הויך געריכט! דער הער פּראָקוראָר האָט פריער גערעדט וועגן דער גרויסער פּאָליטישער פריי־הייט אין אונדזער דעמאָקראַטישער מלוכה און אויסגעדריקט זיין מיינונג, אַז דעריבער איז נישטאָ קיין שום סיבה פאַר פּאָליטישע פאַרברעכנס. פאַר וואָס זענען אָבער די תפיסות דאָך אָנגעפילט מיט פּאָליטישע? פאַר וואָס ווערן אין אונדזער פאָטערלאַנד דאָך יעדן טאָג אַרעסטירט אַ סך פּאָליטישע? טויזנטער ווערן פאַרמשפּט צו לאַנגע יאָרן טורמע, צענדליקער צום טויט; אָבער דאָס העלפט נישט. פאַרקערט; די פּאָליטישע פאַרברעכנס האַלטן אין איין שטייגן. גאָר באַזונדערס שטייגן די קרימינעלע פאַרברעכנס. פאַר וואָס? אויף דער דאָזיקער פראַגע קאָנען געגעבן ווערן צווייערליי ענטפערס. איינער: אַז גאָר אַ גרויסער טייל פון אונדזער פאָלק איז פאַרברעכעריש, אָדער אַ צווייטער: אַז זיי זענען קרבנות פונעם פאַרברעכערישן סאָציאַלן צושטאַנד אין אונדזער לאַנד. נאָך לאַנגן זוכן און שטודירן מיט אָפענע אומפּאַרטייאישע אויגן, האָב איך מיך איבערגעצייגט, אַז דער צווייטער ענטפער איז דער ריכטיקער. די שוואַכע נאַטורן ווערן קרימי־נעלע פאַרברעכער, בעת די שטאַרקע, די בעסטע זין און טעכטער פונעם פאָלק, ווערן קעמפער קעגן דעם פאַרברעכערישן סאָציאַלן סיסטעם; זיי נעמען אויף זיך שווערע שטראָפן, אַפילו דעם טויט. דאָס זענען העלדן. און איך גלייב נישט, ביין, איך גלייב נישט, אַז איר הערן ריכטער — איר קענט אייער פאָלק, איר ליבט אייער פאָלק — וועט אָננעמען דעם ערשטן ענטפער".

ער האָט געמאַכט אַ פּויזע פון עטלעכע רגעס און ווידער אָנגעהויבן: „הויך געריכט! די מיינסטע, וואָס ווערן געמשפּט פאַר פּאָליטישע פאַרברעכנס, קומען פון די אָרעמע קלאַסן. איז עס נישט נאַטירלעך פאַר הונגעריקע און ליידנדיקע פון ביטערסטער נויט צו קעמפן קעגן זייער לאַגע? די ערד פון אונדזער פאָטערלאַנד גיט אַרויס אַ סך מער וויפל ס׳איז נייטיק גוט צו דערנערן דאָס גאַנצע פאָלק. אַ באַווייז: אַ גאָר גרויסער טייל פון די אַגראַר־פּראָדוקטן ווערט פאַרקויפט אין אויסלאַנד פאַר נידעריקערע פרייזן ווי אינעם אייגענעם לאַנד. אויך אינדוסטריעלע אויסאַרבעטונגען וואָלטן געוועזן גענוג, ווען אַזוי פיל פאַבריקן זאָלן נישט זיין אָפּגעשטעלט, ווען ס׳זאָלן, אַדרבא, געבויט ווערן נאָך פאַבריקן און אַלע אַרבעטער זאָלן זיין באַשעפטיקט. גענוג אָנערקענטע עקאָנאָמיסטן אין אונדזער לאַנד, נישט קיין קאָמוניסטן און אַפילו נישט קיין סאָציאַליסטן, ווייזן אָן אויף דעם וואַנזין און פאַרברעך פון אונדזער היינטיקן עקאָנאָמישן סדר. אַ פאַרשווינדעריש קליינע מינ־דערהייט איז דער באַלעבאָס איבערן גרעסטן טייל פון נאַציאָנאַלן פאַרמעגן. די דאָזיקע מינדערהייט האַלט אין אירע הענט דעם גרעסטן טייל פון אַלע לעבנס־קוואַלן און באַלעבאַטעוועט אויף אַ פאַרברעכעריש עגאָיסטישן אופן, כדי דער גרעסטער טייל פונעם פאָלק זאָל לעבן אין דחקות און נויט. שוין יאָרן רעדט מען וועגן ווירטשאַפטלעכן קריזיס. דער דאָזיקער צושטאַנד אָבער אין אונדזער פאָטער־לאַנד איז שוין לאַנג נישט מער קיין קריזיס, נאָר אַ קאַטאַסטראָפע. פונקט אַזוי

קאַטאַסטראָפאַל איז דער געזונט־צושטאַנד פון די ברייטע מאַסן, וואָס איז אַ פּועל־יוצא פון דער עקאָנאָמישער קאַטאַסטראָפע. ווי זעען אויס די וווינונגען פון די אָרעמע און דער סאַניטאַרער צושטאַנד אין זיי? — דאָס קאָן מען גאָרנישט אויס־מאָלן. חזירים און פי ווערן געהאַלטן בעסער. אויף דער אַנדערער זייט אָבער עקלהאַפטער לוקסוס און פאַרשווענדונג. נישט בלויז זייגט אויס די קליינע מינ־דערהייט די גרויסע מערהייט, צאָלט די אַרבעטער פאַר זייער שווייס און קענען ווייניקער ווי פערד קריגן, נאָר זי שטעלט אָפּ אַרבעט און שאַפן, ווייל דאָס לוינט זיך איר".

ווידער האָט ער געמאַכט אַ פּויזע און ווידער האָט ער אָנגעהויבן: „הערן ריכטער! דער הער פּראָקוראָר האָט אין זיין באַשולדיקונגס־רעדע אָנגעדייט, אַז צווישן די פּאָליטישע פאַרברעכער זענען פּראָצענטועל דאָ מער ייִדן ווי נישט ייִדן. דעריבער באַרעכטיקט ער די אָנפאַלן פון די אַנטיסעמיטישע באַנדעס אויף ייִדן, זייער שלאָגן, אַפילו שיסן. די אָנפאַלער — נישט קיין נפקא מינה, צי אויף ייִדישע אַרבעטער אָדער אויף ייִדישע הענדלער — זענען פאַרן הער פּראָקוראָר גרויסע פּאַטריאָטן: זיי קאָנען נישט צוזען זייער הייס געליבט פּאָטערלאַנד אין געפאַר, אין געפאַר וועגן ייִדישן האַנדל, אין געפאַר וועגן ייִדישער אַרבעט און מלאכה, אין געפאַר ווייל ייִדן זענען דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן, לערער, אינזשיניערן, קינסט־לער, דערפינדער, געלערנטע, און די אַנטיסעמיטישע סטודענטן, דאָס איידלסטע פון דער יוגנט, טרייבט מיט שטעקנס און מעסערס די ייִדישע סטודענטן פון די אוני־ווערסיטעטן. און ווייל איך באַצייכן מענטשן לויט זייערע מעשים, טראָגט דער הער פּראָקוראָר אַריין אַן אָנקלאָגע אויף מיר. גוט, איך נעם אויף מיר די פולע פאַראַנטוואָרטלעכקייט. אַלס פאַרטיידיקער אָבער — און אַצינד אויך אַלס ייִד, ווייל דער הער פּראָקוראָר האָט באַרירט אויך די נאַציאָנאַלע פראַגע — באַהויפּט איך: ס'איז אמת, אַז אין די רייען פון די קעמפער פאַר סאָציאַלער גערעכטיקייט איז דאָס ייִדישע פאָלק פּראָצענטועל שטאַרקער פאַרטראָטן ווי אַנדערע פעלקער. דאָס באַווייזט אָבער, אַז אונטער דעם היינטיקן אומגערעכטן סדר ליידן די ייִדן אויך נאַציאָנאַל".

ביים סוף פון זיין רעדע האָט דער אַדוואָקאַט אַדאַם ווייס געזאָגט: „איך האָב מיך נישט געוואָלט געפונען צווישן די פּריווילעגירטע פונעם היינטיקן סיס־טעם און געוויילט אין מיין קאַריערע צו פאַרטיידיקן די ליידנדיקע פון דאָזיקן סיסטעם, צווישן וועלכע מיין איצטיקער קליענט איז דער איידלסטער, ריין פון יעדע זינד, אַ יונגער, הייליקער מאַרטירער און אומשולדיק אין דעם פאַרברעך אין וועלכן ער איז אָנגעקלאָגט. גאַנץ יונג, ער איז כמעט נאָך אַ קינד געווען, ווען ער האָט אויף זיך גענומען דעם שווערן קרייץ צו ליידן און קעמפן פאַר דער מענטשהייט. מיט 16 יאָר — אַ קליין, דאַר און בלייך ייִנגל — איז ער אַרעס־טירט און אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין אַ שטיינערנער, פינצטערער צעל הינטער אייזערנער, פאַרשלאָסענער טיר, ווו מ'האָט אים געפּייניקט און געפּאַלטערט ער־

גער ווי אין די מיטלאַלטערלעכע קאַזעמאַטן, מ׳האָט אים געמאַטערט ווי ס׳איז מיט קנאַפּע 2000 יאָר צוריק געמאַטערט געוואָרן זיינס אַ ברודער, וועלכער האָט דעמאָלט אויף זיך גענומען דעם שווערן קרייץ פון ליידן״. און ער האָט אויסגע־רופן: „איך אַפּעליר צו אייער געוויסן פון גערעכטיקייט, הערן ריכטער, צו באַפרייען דעם אָנגעקלאָגטן בנימין ליכטענבערג, ווייל ער איז פולשטענדיק אומ־שולדיק, ווייל זיין אומשולד איז דורך די עדות ביים פּראָצעס פולשטענדיק באַוויזן געוואָרן!״

די ריכטער זענען אַוועק זיך באַראַטן מיט צופרידענע פּנימער. נאָך צופרי־דענער איז אַוועק דער פּראָקוראָר פאַן קרזשעטשאַנאָווסקי. ביי די לעצטע ווער־טער פונעם פאַרטיידיקער האָט פייגעלע הויך אַרויסגעוויינט און זיך נישט מער געקאָנט באַהערשן. אויך יעקב האָט געוויינט. אַפילו דער פאַרטיידיקער איז געווען דערשיטערט טיף אין זיין נשמה. אַזוי אויך אַ גאַנץ גרויסער טייל פונעם פּוב־ליקום אינעם זאַל.

קאַפּיטל זיבן און צוואַנציק

# ה כ ש ר ה

1

דער שמאָלער וועג שניידט דורך און צעטיילט אין צוויי העלפטן די גרינע פעלדער, וואָס זענען אַצינד גרוי־שוואַרץ. אינעם פריִען כאור וויגט זיך די אויפגעשפּראָצטע תבואה, וואָס גרייכט שוין ביז די לידקעס, וויגט זיך לייכט פון אַ פרילינגס־ווינטל הין און צוריק, ווי זי וואָלט אין דער פרימאָרגן־שטילקייט מתפלל געווען בלחש צום בורא. יעדעס גרעזל דאַנקט אים פאַר זיין אַרויסציִען עס פון דער מאַמע־ערדס טראַכט און מאַכן וואַקסן אונטער זיינע בלויע הימלען, פאַר זיין שיקן עס זון צו וואַרעמען אַ גאַנצן טאָג, ביי נאַכט די גרינע גאָלדענע און פּיאָלעטע שטערן און די זילבערווייסע לבנה, איינצוויגן מיט געטלעכע לידער אַז ס׳זאָל זיס שלאָפן אַ גאַנצע נאַכט.

נישט ווייט פונעם שמאָלן וועג ציט זיך אַ שאָסיי, וועלכער פאַרבינדט אין דער דאָזיקער געגנט די צעזייטע דערפער מיט די שכנותדיקע שטעטלעך און מיט דער הויפּט־שטאָט וואַרשע. דער שאָסיי איז פון ביידע זייטן אַרומגעזוימט מיט שורות ביימער, וואָס האָבן, זיך אויפכאַפּנדיק פונעם ווינטערשלאָף, פון זיך אַראָפּגעוואָרפן די ווייסע קאָלדרעס אין וועלכע זיי זענען געווען איינגעהילט, און זיך אויסגעצירט אין גרין־פלאַטערנדיקע שלייערס. פון דאָ און דאָרט ווינקען זיך איבער די סעדער פון די דערפער. יענע ביימער האָבן זייערע גרינע שלייערס אויסגעהאָפטן מיט ראָזאַ און ווייסע בלימעלעך. די ביימער שאָקלען זיך בציבור אין זייער שחרית־תפילה. אויך זיי גיבן אָפּ דעם בורא אַ שבח פאַר זיינע חסדים וואָס ער טוט צו זיי.

די זון, אַן אַנגעטועטע אין איר פּורפּור און גאָלד, לאָזט זיך דאַן אויף איר טעגלעכן שפּאַצירגאַנג איבערן הימל. די בלויקייט איז איצט שוין אַ סך העלער. די זון גייט מיט קליינטשיקע טריטלעך, אַזעלכע קליינטשיקע, אַז דאָס אויג פונעם מענטש קאָן זיי נישט באַמערקן. די בלויקייט צעשימערט זיך אַלץ מער און מער.

צעשטראַלט זיך די זון אַלץ שטאַרקער און איר פּנים לייכט אַלץ העלער. אַלע גראָזן אוןביימער בייגן טיף זייערע קעפּ אין גרויס ערפורכט פאַר זייער שאַפערין. די שטילקייט ווערט נאָך גרעסער. דאָס שטילע ווינטל האָט אין גאַנצן אויפגעהערט צו בלאָזן, האָט איינגעהאַלטן דעם אָטעם. די פעלדער און די ביימער האָבן זיך געגומען צעשיינען אין זייער גאַנצער פּראַכט: אין אַלערליי גרינקייטן, אין צאַרטן בלאַנדגרין ביזן טיפן טונקלגרין. זיי שימערן אין זייער פּליוש־ווייכקייט און אין שאַרפן גלאַזגלאַנץ. דורכן ווייסן און ראָזאַן בליִעכץ שימערן איצט דורך פּאָמס־רויטע אָדערלעך.

אין דער העלקייט פונעם פרימאָרגן צייכענען זיך בולט די ווייס־געקאַלעכטע פּויערישע כאַטעס מיט שטרויענע דעכער און די בלוי און גרין געפאַרבטע לאָדנס מיט אויסגעשניטענע האַלבע לבנות. פון די קוימענס קרויזט זיך שוין אַ ברוינ־לעכער רויך, די פּויערן זענען שוין לאַנג אויף: זייערע ווייבער קאָכן אָנבייסן. ס׳קרייען די הענער, ס׳זינגען די פייגל, ס׳מעקען די קי, די חזרים כניוקען, דאָ און דאָרט צעבילט זיך אַ הונט און אַנדערע ענטפערן מיט אַ האַווקען. עס סקריפּען דרעגנגער, וואָס ווערן אַראָפּגעלאָזט מיט עמערס אין ברונעמס און ווערן צוריק אַרויפגעצויגן מיט וואַסער. די אַלע קולות פאַרפלעכטן זיך אין אַ הימן, וואָס די לעבעדיקע באַשעפענישן, די חיות און עופות זינגען צו זייער שעפער, ווי ס׳האָבן פריִער געלויבט גאָט בלחש די גראָזן און די ביימער.

פאַרן דאָרף, צו וועלכן דער שמאָלער וועג פירט, הענגט אונטער אַ קליין דעכעלע, קריסטוס געקרייציקט, אויף אַ גרויסן האָלצערנעם צלם, די הענט צע־שפּרייט, אין יעדער האַנט אַ גרויסער נאָגל אַריינגעקלאַפּט, די פיס איינער איבערן אַנדערן און אַן אייזערנער נאָגל דורךביידע דורכגעשלאָגן.

2

ס׳איז אַ קליין דאָרף, אַנטשטאַנען צוליבן גוט וואָס האָט אַצינד געהערט צו באַרטאַלאָמוס פּייטעלאָוויטש. די פּויערן פונעם דאָזיקן דאָרף זענען אַמאָל — שוין לאַנג — געווען די לייבאייגענע פונעם פּריץ, צו וועמען דאָס גוט האָט דעמאָלט געהערט. יעדער פּויער האָט דערנאָך, ווען די „פּאַנשטשיזנע" איז אָפּגעשאַפט גע־וואָרן, באַקומען צו עטלעכע מאָרג ערד. טייל פון זיי — אַ מאָל מער און אַ מאָל ווייניקער — אַרבעטן ביז אויפן היינטיקן טאָג אַלס „פּאַראָבקעס" אויפן דאָזיקן גוט. לאַנג אָבער האָבן זיי נישט געוווּסט, אַז דער איצטיקער פּריץ איז אַ ייִד. ס׳איז אינעם דאָרף — און אין טייל דערפער אַרום — אַרומגעגאַנגען אַ קלאַנג, אַז דער וויעלמאָזשני פּאַן באַרטאַלאָמוס פּייטעלאָוויטש איז אַ ייִד; דאָך האָבן אַ סך פּויערן נישט געגלייבט, הגם דער פאַמיליען־נאָמען פּייטעלאָוויטש איז גע־ווען אַ מאָדנער פאַר זיי. באַרטאַלאָמוס איז אָבער אַן עכט פּוילישער נאָמען. גע־חידושט האָט די פּויערן מער דאָס, וואָס דער פּריץ האָט נישט געוווינט אינעם שלאָס פונעם גוט. געקומען איז דער וויעלמאָזשני פּאַן גאָר זעלטן, אַפילו אין

שניטצייט, און זיך קנאַפּ געמישט אין דער באַלעבאַטישקייט. אַלץ דער עקאָנאָם. אָבער די קנעכט איז ביים נייעם באַלעבאָס געווען בעסער ווי ביים פריערדיקן. דעריבער האָבן די מיינסטע פון זיי נישט געגלייבט, אַז דער פריץ איז אַ ייִד. בכלל אָבער איז די פויערים (פּריער) נישט געווען קיין גרויסער נפקא מינה אין וועלכן גאָט דער פריץ פונעם גוט גלייבט. זיי האָט אינטערעסירט בלויז איינס: וועלכער באַזיצער איז פאַר זיי גינסטיקער, וועלכער האָט מער אייג־ זעניש מיט זייער נויט, מיט זייער אָרעמקייט.

און די פויערים פון דאָזיקן דאָרף זענען מיטן איצטיקן פריץ פונעם גוט געווען צופרידענער, ווי די פויערים אַרום אַ שכנותדיקן גוט, וואָס האָט געהערט צום אַלטן גראַף קאָטאָווסקי. יענע פויערים האָבן אָפּט אויסגעגאָסן זייער ביטער האַרץ פאַר די פויערים פון דאַנען: אַז זיי האָרעווען שווער, אַז דער יונגער פּריץ (דעם אַלטנס זון) שלאָגט זיי מיט אַ בייטש, פאַרפירט זייערע טעכטער און יונגע פרויען, אַ מאָל נעמט ער גאָר וועלכע „בעגראַנדע״ און צאָלט נישט אַפילו דאָס, וואָס קומט פאַר אַרבעט.

נאָר די לאַגע האָט זיך אין דאָרף אַרום באַרטאָלאָמוס פייטעלאָוויטשס גוט זינט עטלעכע יאָר פולשטענדיק געענדערט. שוין פריער איז פונעם גראַף קאָ־ טאָווסקיס גוט אויספאַרשפּרייט געוואָרן אַנטיסעמיטיזם איבער אַלע שכנותדיקע דערפער; אָבער פון צייט דאָס פאָטערלאַנד איז באַפרייט געוואָרן און ס'האָבן זיך אָנגעהויבן פּאָגראָמען אין די שטעט, באַזונדערס פון צייט דער אַלטער גראַף איז געוואָרן מיניסטער און באַלד דערנאָך איז זיין זון, דער יונגער גראַף, געוואָרן שעף פון דער פּאָליטישער פּאָליציי און דער באַיקאָט קעגן ייִדן האָט זיך צע־ בושעוועט ווי אַ שריפה — פון דעמאָלט אָן האָבן די אַנטיסעמיטישע פלאַמען אַרומגעכאַפּט אויך די פויערים פונעם דאָזיקן דאָרף און די פאַראַבקעס אינעם גוט פון באַרטאָלאָמוס פייטלאָוויטש. אַצינד האָבן זיי שוין געוווּסט אויף זיכער, אַז דער דאָזיקער פריץ איז אַ „פאַרשאָלטענער זשיד״, דער ערגסטער שונא פון זייער פאָטערלאַנד, אַז ער זייגט אויס דאָס בלוט פון פוילן, אַז ער פאַרשוועכט די פּוי־ לישע הייליקע ערד מיט זיין גיפטיקן אָטעם. אַז ער איז אַ פאַררעטער, אַ פרעמ־ דער אין דאָזיקן לאַנד, אַ ווּכערניק, אַז ער נאַרט די פויערים, אַז דאָס גוט האָט ער נישט געקויפט נאָר עס באַקומען דורך שווינדל. זיי האָבן אַצינד שוין געוווּסט, אַז אַלע ייִדן זענען שווינדלער, אַז זייערע „קאַהאַל״ איז אַ געהיימע מאַכט איבער דער גאַנצער וועלט, וואָס גרייט זיך אַוועקצונעמען די ערד פון אַלע קריסטן און צו באַהערשן די גאַנצע וועלט.

אַז דאָס לעצטע איז אמת, האָבן די פויערים פון דאָזיקן דאָרף געגומען גלייבן, ווען אויפן גוט פון באַרטאָלאָמוס פייטעלאָוויטש האָבן זיך פלוצעם באַוויזן אויך יונגע „זשידקעס״, בחורים און מיידלעך, און זיי לערנען אַקערן, זייען, שניידן — זיי ווערן פויערים. די דאָזיקע ייִדן זענען גאַנץ אַנדערע ווי די, וועלכע פלעגן שטענדיק (אַצינד אָבער גאַנץ זעלטן שוין) אַרומגיין אין די דערפער און פאַר־

קויפן אַלערליי שמאָכטעס פּאָר באַבעס, ווי פּאַטשערקעס, שפּיגעלעך, קנעפּלעך, אייזנגאַל, סטענגעס, פּאַרטעכער, פּאַטשיילקעס און סחורות אויף קליידלעך. אויך זאַכן פּאָר „כלאָפּעס" האָבן די ייִדן געבערענגט, ווי פלידערן וכדומה. אַפילו הייליקע בילדער האָבן זיי געהאַט צו פּאַרקויפן, קניפּעקיס, לעפל, שוואַקס — שיִער אַלץ וואָס דער פּויער אַליין קאָן נישט פּראָדוצירן. ס'זענען געקומען ייִדן וואָס האָבן אויפגעקויפט אין די דערפער אַלץ וואָס דער פּויער דאַרף נישט פאַר זיך, אָדער וואָס ער קאָן זיך נישט צו פיל פּאַרגינען דערפון, ווי אייער, עופות, מילכיקס, אויך אַ קאַלב, אַ קו, קאַרטאָפליעס און תבואה.

די דאָזיקע יונגע ייִדן זענען אָבער גאַנץ אַנדערע, זיי גייען אויך גאַנץ אַנ־דערש אָנגעטאָן: נישט אין קיין לאַנגע קאַפּאָטעס, נישט אין די מאָדנע קליינע היטעלעך; זיי גייען אין קורצע הייזלעך. יעדע זענען געווען פרום, האָבן געהאַט לאַנגע בערד, פּאות; די אָבער זעען אויס כמעט ווי די יונגע „כלאָפּצעס" פון די דערפער. די „דזשיוקעס" זענען אָבער אויך שענער ווי די פּויערישע מיידן. און זיי אַרבעטן די דאָזיקע יונגע ייִדן — גאַרנישט ערגער ווי די פּויערים. און זיי זענען נישט לאַנג דאַביי, בעת אַ פּויער איז זיין גאַנץ לעבן ביי דער ערד און ביים שטאַל. זיי זאָגן אַז זיי זענען „כאַ...כאַ"... שווער נאָכצוזאָגן דאָס וואָרט. ס'איז מיט אַ לי"... און מיט אַ... „צום". זיי זאָגן, אַז דאָ לערנען זיי בלויז; דערנאָך וועלן זיי פאָרן אין זייער „הייליקן לאַנד", ווו ס'האָבן אַמאָל געלעבט זייערע „פּרע, פּרעזשאַדעס", ווי ס'שטייט אינעם „הייליקן בוך". די פּויערים פונעם דאָזיקן דאָרף האָבן זיך עטלעכע מאָל שוין געקאָנט איבערצייגן, אַז ס'איז אמת וואָס די חלוצים זאָגן, ווייל די, וואָס זענען דאָ אַפּ אַ געוויסע צייט, גייען אַוועק און ס'קומען אַנ־דערע. קיין איינער פון זיי פּרוווט אַפילו נישט צו קויפן ערד. נאָר ווער קאָן וויסן? דאָס אַלץ קאָן זיין נישט מער ווי אַ „זשידאָווסקי" טריק. אַזוי צי אַזוי; די חלוצים האָבן אַוועקגענומען אַ גרויסן טייל אַרבעטן פון דאָזיקן גוט.

3

דער באַנקיר איגנאַץ ווייס, דער אָנגעזעענער ציוניסט (און בכלל גרויסער ייִדישער עסקן) האָט געפּועלט ביי זיין מחותן באַרטאָלאָמוס פּייטעלאָוויטש, אַז ער זאָל אין זיין גוט אויפנעמען אַ צאָל חלוצים און ס'זאָל דאָרט איינגעאָרדנט ווערן אַ הכשרה. צו ערשט האָט דער אַלטער אַפילו נישט געוואָלט הערן דערפון. דעם באַנקיר האָט נישט געהאָלפן אַלע זיינע דיפּלאָמאַטישע קונצן ביי דעם דאָ־זיקן איינגעשפּאַרטן „ליטוואַק". די שיינע ראָזאַליאַ האָט אָנגעווענדט אַלע אירע ווייבלעכע פּאַרפּירערישקייטן; אָבער אויך זי האָט ביי איר מחותן גאָרנישט גע־קאָנט דערגרייכן: זי האָט אים נישט געקאָנט איבעררעדן אָפּצוגעבן אַ טייל פון זיין גוט פאַר אַ הכשרה. נאָך וויניקער האָט דאָס ביים אַלטן געקאָנט פּועלן די טאָכטער זיינע, דעם באַנקירס שנור. דער פאַמיליע ווייס איז אָבער געלונגען צו קריגן אויף זייער זייט די מאַדאַם פּייטעלאָוויטש. נאָר דער אַלטער עקשן האָט

אַפילו זיין פרוי נישט געוואָלט צוליב טאָן. די אידעע, אַז די ייִדן ווילן אויפהערן צו זיין שאַכער־מאַכער, אַז זיי ווילן ווערן גלייך מיט אַלע אַנדערע פעלקער — זיי ווילן זיך באַזעצן אין זייער לאַנד און דאָרט ווערן ערד־אַרבעטער — די דאָזיקע אידעע האָט אַלץ מער און מער אַפּעלירט צו דעם אַלטן אַסימילאַטאָר; אָבער אויף זיין גוט האָט ער נישט געוואָלט קיין הכשרה, ער האָט נישט געוואָלט, אַז ס׳זאָלן דאָרט אַהינקומען ייִדן, ווייל דאַדורך וועלן די פּויערים געוואָר ווערן, אַז ער איז אַ ייִד. באַזונדערס האָט ער דאָס נישט געוואָלט אין אַזאַ אַנטיסעמיטישער צייט. אויך איז די געשמדטע טאָכטער זיינע געווען דאַקעגן; באַזונדערס אָבער דער געשמדטער איידעם.

און דאָך; וואָס מענטשלעכע רייד האָבן נישט געקאָנט דערגרייכן, האָט דערגרייכט דער מלאך־המוות אָן איין וואָרט: בלויז מיט זיין טויטנדיקן אָטעם, וואָס דער אַלטער האָט אַלץ נענטער דערפילט, האָט ער דערגרייכט. אין די אויגן פון פּאַן פּיטעלאָוויטש האָבן דאַן אַלע זיינע רייכטימער פאַרלוירן זייער ווערט. וואָס איז אַ גוט? וואָס זענען הונדערטער מאָרג ערד, אַז אין גאַנצן ברויך מען נאָכן טויט נישט מער ווי פיר איילן! דעם גרעסטן גביר לייגט מען אַריין אין אַ קליין גריבל, פונקט ווי יעדן קבצן, און מ׳פאַרשיט אים. און אויב זיין גאַנץ פאַרמעגן האָט קיין שום ווערט נישט — וואָס זשע טויג אים נאָך ווייטער צו שפּילן די קאָמעדיע, וואָס ער האָט אַזוי לאַנג געשפּילט צווישן די פּויערים: צו גילטן פאַר אַ „פּאָליאַק", ווייטער נישט אויסצוגעבן זיך, אַז ער איז אַ ייִד? אויפן שוועל פון קבר איז דעם אַלטן אַסימילאַטאָר די קאָמעדיע געוואָרן לעכערלעך. נישט בלויז האָט ער דאַן איינגעוויליקט, אַז אויף זיין גוט זאָל זיין אַ הכשרה פאַר חלוצים, נאָר ער האָט דאָס בפירוש אַריינגעשטעלט אין זיין צוואה.

אָבער אינעם שלאָס אַריין: אַ גרויס, ווייס הויז מיט וועראַנדעס און גאַניקעס, מיט שיינע אַרכיטעקטאָנישע באַצירונגען פון דרויסן, ווי מאַרמאָרנע זיילעכלעך פאַרן אַריינגאַנג, צוויי גרויסע מאַרמאָרנע לייבן פון ביידע זייטן טרעפּ, חוץ אַלערליי לוקסוס אינעווייניק — אַהער האָט דער עקאָנאָם די חלוצים נישט אַריינגעלאָזט. ער איז געווען אַ געענדיקטער אַגראָנאָם און זיך געפירט אַזוי, ווי ער וואָלט געווען דער באַזיצער פונעם גוט. אַפילו די צוויי זייטנפליגל, וואָס זענען אויך געשטאַנען כמעט לעער, האָט ער די חלוצים נישט געוואָלט אָפּגעבן. (די צוויי זייטנפליגל זענען געשטאַנען צו נאָענט צום הויז, אין וועלכן ער האָט געוווינט מיט זיין פאַמיליע, און נישט געוואָלט האָבן די ייִדן פאַר צו נאָענטע שכנים). ער האָט זיי געהייסן זיך איינקוואַרטירן אינעם הויז, וואָס איז געשטאַנען טיף אין הינטערגרונט צווישן שטאַלן און שייערס, וואָס איז אייגנטלעך געווען אַ מין באַראַק און שוין כמעט אַ חורבה. נאָר די חלוצים און די חלוצות, די יונגע בחורים און די מיידלעך, וואָס זענען אַהערגעקומען — צווישן זיי רייכע זין און טעכטער, סטודענטן און אַפילו שוין געענדיקטע — האָבן פריילעכע און מיט פרייד זיך אַריינגעלאָזט אין דעם באַראַק. גלייך האָבן זיי צעעפנט אַלע פענצטער.

(קליינע). ס'האָט געגומען אַריינשטראָמען פרישע לופט און ליכט, דאָס טייערסטע וואָס די נאַטור גיט אַזוי פיל און ס'קאָסט נישט קיין געלט. די געקאַלעכטע ווענט זענען געווען שמוציק, גרוי און שוואַרץ, מיט אַ סך גרויסע, ברוינע פלעקן פון אַריינרעגענען, אָדער בלויז פון ווילגאָטש. אומעטום, באַזונדערס אין די ווינקלען, איז געווען אַן אַ שיעור שפּינוועבס, אין רעדלעך און אין לאַנגע שנירן פונעם סופיט. אין דאָזיקן באַראַק האָבן אין סעזאָן־צייט געוווינט די פּאַראָבקעס, וואָס זענען געדונגען געוואָרן אויף אַרבעט. דעריבער איז געווען אַ וואָנט פון דינע ברעטער, וואָס האָט דעם באַראַק צעטיילט אויף דער העלפט, פאַר פרויען באַזונדער און פאַר מענער באַזונדער. אין פּאָדערהויז איז געשטאַנען אַ גרויסע קעך פון ציגל, אויף וועלכער ס'איז געקאָכט געוואָרן פאַר די פּאַראָבקעס. אַ דריי פערטל פונעם יאָר אָבער איז דער באַראַק געשטאַנען לעער, אָדער ס'איז אין אים געלעגן אָנגעוואָרפן פאַרשידענע זאַכן, ווי האָלץ, שטריק, שטרוי, פּעסער, וכדומה.

די ערשטע פּאַרטיע חלוצים און חלוצות זענען אַהער אָנגעקומען אַרום סוף מערץ, כדי זיי זאָלן זיך שוין האָבן ווי ס'איז איינגעאָרדנט ווען ס'הייבט זיך אָן די אַרבעט אין פעלד.

זיך צעלאַכנדיק — האָבן עטלעכע חלוצות געזאָגט: „די פּאָדלאָגעס ווערט מען דאָ נישט דאַרפן וואַשן; אָבער אויסקערן מוז מען!"

שוין אין וואַרשע — פאַרן אַהערפאָרן — זענען געוויילט געוואָרן די חברים און חברות, וועלכע זאָלן אָנפירן מיט דער הכשרה. יעדן איינעם און יעדער איינער איז צוגעטיילט געוואָרן אַן אַמט און געמוזט טראָגן די אחריות, וואָס איז אויף אים, אָדער אויף איר אַרויפגעלייגט געוואָרן. די באַאַמטע — שיִער ווי אין אַ רעגירונג, מיט איינעם בראש פון דער קבוצה. אַ שטרענגע דיסציפּלין, וואָס די חברים און חברות האָבן אויף זיך פרייוויליק גענומען. געלעבט האָבן אַלע צווישן זיך חבריש. יעדע פאַראָרדענונג איז פּינקטלעך אויסגעפירט געוואָרן, ווייל די פאַראָרדענונגען זענען נישט געווען קיין ווילקירלעכע, נאָר שכלדיקע. ס'זענען נישט געווען קיין פּריווילעגיעס. אַדרבא, וואָס העכער אין ראַנג — אַלץ מער פאַראַנטוואָרטלעכקייט און ביישפּיל פאַר די אַנדערע: אין אַרבעטן מער, גרעסערע פלייסיקייט, שטאַרקער איבערגעגעבן ז'ער זאַך און די חברים, אָפּגעהיטענער אין דער דיסציפּלין. אַ באַאַמטער אָדער אַ באַאַמטין, וואָס האָט זיך נישט געגוג אויס־געצייכנט, איז אַראָפּגעזעצט געוואָרן און ס'איז דערוויילט געוואָרן אַ מער פעיִקער.

אַלע האָבן געריימט און געפּוצט. ס'האָט נישט לאַנג געדויערט און מ'האָט דעם באַראַק כמעט נישט דערקענט. אַ סך העלער זענען די ווענט און דער סופיט טאַקע נישט געוואָרן; דאָך האָבן זיי זיך ווי אין גאַנצן געענדערט. מיט דעם פאַר־שווינדן פונעם שפּינוועבס און שטויב איז פאַרשוווּנדן אויך די מרה שחורה, וואָס האָט אַראָפּגעווייעט פון די ווענט. דער דיל איז געווען פון אַ שיכט איינגע־שטאַמפּט ליים. אַ גרינדלעך אָפּגעקערטער — האָט ער באַקומען גאָר אַן אַנדער פּנים: אַ געלבלעכס. די לעכער פון די ראַצן, וואָס זענען ביים אויסקערן אַנטדעקט

געוואָרן און ס׳האָט זיך פון זיי געטראָגן אַ מיאוסער ריח, זענען אַזוי פאַרשטאָפּט געוואָרן, אַז די עכברים זאָלן מער נישט קאָנען, נישט אַרויס און נישט אַריין. די שייבלעך פון די קליינע פענצטער האָבן גענומען בלאַנקען. ס׳זענען אויסגעשטעלט געוואָרן די „קאָזשלעס״, אַרויפגעלייגט אויף זיי די ברעטער, אויף די ברעטער זעק מיט פריש שטרוי, איבערגעדעקט מיט די מיטגעברענגטע ליילעכער, די שטרוי־קישעלעך ווייס איבערגעצויגן, קאָלדרעס פון אויבן — דאָס זענען געווען געלעגערס פאַר די חלוצים. ס׳זענען צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן די טישן אויפן זעלבן אופן ווי די געלעגערס און איבערגעדעקט געוואָרן מיט ווייספעכלדיקע טישטעכער. די מיידלעך האָבן אָוועקגעשטעלט בלומען ביי זיך און ביי די חברים, די פענצטער פאַרהאָנגען מיט שטיקלעך מושלין און פאַרצירט מיט פאַרביקע בענדלעך. די חברות האָבן מיטגעברענגט כלערליי קאָלירטע שטיקלעך שטאָף און שמאָכטעס, און ווי דורך כישוף פאַרוואַנדלט דעם האַלב־חרובן באַראַק שיִער נישט אין אַ „פּאַלאַץ״. אין יעדן ווינקעלע האָט געלויכטן די פרייד פון יונגע מענטשן מיט אַ פלאַמיקן אידעאַל אין זייער האַרץ, ס׳האָט געשטראַלט מיידלערישע גליקזעליקייט, די פּראַכט וואָס זייערע פינגער האָבן אַרויסגעצויבערט כמעט פון גאָרנישט. אומעטום האָט געוויינט די צניעותדיקע חנעוודיקייט, וואָס האָט אַרויסגעזונגען פון זייערע לייכטנדיקע אויגן.

דורך די אָפענע פענצטער האָט אַריינגעדרונגען — חוץ דער פרישער לופט פון פעלד און וואַלד — אויך דער ריח פון מיסט, וואָס איז געקומען פון די קיאון פערדשטאַלן און פונעם חזיר־כליוו און פון די עופות־קאַמערן. צום דאָזיקן ריח זענען די שטאָטישע יינגעלייט און מיידלעך נישט געווינט געווען; אָבער זיי האָבן זיך כלומרשט גענומען קוויקן מיטן דאָזיקן שאַרפן ריח און געשפּאַסט: „מ׳דאַרף מאַכן ,שהחינו׳ !״... ווי אין כאָר האָבן טאַקע אַלע אויסגעזונגען: „שהחינו וקימנו והגענו לזמן הזה״... און אויסגעשריגן: „לשנה הבאה בירושלים !״ זיי זענען אַריין אין התלהבות: „אין אַ צוויי יאָר אַרום וועלן מיר זיין אין ארץ און דאָרט שמעקן די דאָזיקע ריחות אין אונדזערע אייגענע שטאַלן !״...

די ערשטע צייט איז די אַרבעט — אין די שטאַלן, צי אין פעלד, אָדער אַנדערע דאָרפישע באַלעבאַטישקייטן — די דאָזיקע ייִדישע יונגע מענטשן נישט אָנגעקומען גרינג. אַ סך פון זיי זענען געווען באַלעבאַטישע בחורים און מיידלעך, טייל אַפילו פון נגידישע היימען, אָפּגעציטערטע טעכטערלעך, חסידישע יונגעלייטלעך פון דער גמרא אַוועק, אָדער פונעם אוניווערסיטעט אַרויס. זיי האָבן קיין מאָל אין זייער לעבן נישט געוווסט פון קיין פיזיש שווערע אַרבעט. זייערע ווייסע, ווייכע, אויסגעכאַליעטע הענט, מיט דער סאַמעט צאַרטער הויט, האָבן קיין מאָל קיין ווידלע, קיין פיאַש, קיין רידל און האַק, אַקעראייזן און נאָך אַזעלכע שווערע און האַרטע מכשירים נישט אָנגערירט אַפילו. דער עקאָנאָם האָט פאַר זיי אויסגעזוכט די שווערסטע און שמוציקסטע אַרבעט: רייניקן די שטאַלן, טראָגן שווערע זעק תבואה און קאַרטאָפליעס, שלעפּן שטיינער, גראָבן גריבער,

אויסהאַקן אָפּגעדאַרטעביימער און אויסגראָבן די פניאַקעס, זעגן און האַקן האָלץ וכדומה. פעלדאַרבעט, מעלקן די קו — דאָס איז געווען באַלוינונג.

און דאָך, נישט בלויז האָבן די חלוצים אָנגענומען באהבה די שווערסטע אַרבעט, נאָר זיי האָבן אַלץ געטאָן מיט גרויס פלייס, כמעט נישט אַרויסווייזנדיק מיט אַ מינע, צי מיט אַ קרעכץ, ווי שווער ס'קומט זיי אָן דאָס איינברעכן זיך, דער איבערגאַנג צום נייעם לעבן פון שווערער פּראַצע. ס'האָט זיי געבראָכן אין אַלע ביינער. באַזונדערס שווער איז די אַרבעט געווען פאַר די מיידלעך און פאַר די יונגעלייט, וועלכע זענען צו קיין שום פיזישער אַרבעט נישט געווען געוווינט. זיי האָבן אָפּט געפילט ווייטיקן אין דעם עמוד־השדרה, ווי ס'וואָלט זיך דאָרט עפּעס איבערגעבראָכן, דער שמערץ אין די מוסקולן פון די אָרעמס איז געווען נישט צום אויסהאַלטן, אָנגעלאָפענע וואַסערבלאָזן אויף די דלאָניעס פון די הענט, אין קאָפּ האָט זיך געמישט און אין די אויגן האָט געברענט ווי אַ פייער. אָבער מיט פאַרפּרעסטע ליפּן האָבן זיי געאַרבעט און אין זינען געהאַט נאָר איינס: אויסהאַלטן! לערנען וואָס מער, כדי אין אַרץ צו קאָנען העלפן בויען דאָס יידישע לאַנד, ראוי צו זיין דאָרט צו אַרבעטן צוויי מאָל אַזוי שווער. דאָס האָט זיי געגעבן כוח אַלץ אויסצוהאַלטן, צו קאָנען אויפשטיין גלייך מיט זונאויפגאַנג און אַ מאָל נאָך פריער, הגם זיי זענען נישט געגאַנגען פרי שלאָפן, ווי ס'טוען די פויערים, ווייל נאָך דער אַרבעט איז געקומען די שולע: לעקציעס אין העברעיש, אין יידישער געשיכטע און מזרח־געאָגראַפיע, נישט בלויז פון פּאַלעסטינע, נאָר אויך פון די שכנותדיקע אַראַבישע לענדער, לעקציעס פון אַגריקולטור און אַלץ וואָס איז דאַמיט פאַרבונדן. נישט זעלטן איז געגעבן געוואָרן אַ רעפעראַט וועגן שיינער ליטעראַטור, ס'זענען דעקלאַמירט געוואָרן לידער, דער כאָר האָט געזונגען, ס'זענען געהאַלטן געוואָרן פּאָליטישע רעפעראַטן מיט דיסקוסיעס.

דאָס עסן אָבער איז געווען קנאַפּ און מאָגער. זאַט געמאַכט האָט די האָפענונג אויף אַ סערטיפיקאַט, די האָפענונג אויפן גליק פון דער עליה. דאָס האָט געגעבן כוח אַפילו קראַנקייטן גובר צו זיין.

איין פאַרטיע חלוצים האָט געענדיקט די הכשרה און איז אַוועק, און ס'איז געקומען אַ צווייטע פאַרטיע.

# חלוצים

## 1

פאַן איגנאַץ ווייס האָט געהאַלטן וואָרט (ער האָט געמוזט) און דערלויבט שושנהן, זיין מיזינקע, צו ווערן אַ חלוצה, ווען ס׳איז געקומען די אָפּגעמאַכטע צייט. זי האָט דערגרייכט וואָס זי האָט געוואָלט און וואָס זי האָט שטענדיק גע־זאָגט צו די עלטערן, צום עלטסטן ברודער הלל (העגריק) און זיין פרוי, צו דער שוועסטער יהודית (יוסטינאַ) און איר מאַן מאָריץ (משה): אַז זיין אַ ציוניסט, אָדער ציוניסטקע, מיינט: פאָרן קיין ארץ־ישראל און דאָרט העלפן בויען דאָס יידישע לאַנד. מיט שושנהן איז מיטגעקומען עזרא, ר׳ מנשהלע שוואַרצס אָפּגע־ציטערטער בן־יחיד, איר גליד־שוועסטערקינד. ווען נישט די מוטער וואָלט ער ביים פאָטער דאָס נישט געווען דערגרייכט: דער חסיד וואָלט זיין זון נישט גע־לאָזט ווערן קיין „גוי", וואָס האָט ביי אים געמיינט אַ „חלוץ". שרהלען אָבער, דער פרוי זיינער, האָט ער געמוזט נאָכגעבן. זי ווידער האָט געהאַט אַן ערנסטן גרונט פאַר לאָזן איר אויזשען פאָרן אין אַ דאָרף אויף שווערע אַרבעט, כדי שפּעטער צו קאָנען אַוועק קיין פּאַלעסטינע. זי האָט געזען, ווי איר איינציקער, געליבטער זון, איז אַ קרבן פון איר אומגליקלעך פאַמיליען־לעבן, ווי די צאַרטע און איידעלע נשמה פונעם יינגל ווערט פאַרסמט אין דער אַטמאָספער, וואָס הערשט אין זיין היים. זי אַליין האָט געקויפט פאַר אים די נייטיקע אַרבעטס־מלבושים, וואָס האָבן פאַרטוישט דעם גימנאַזישן אוניפאָרם פאַר מיטאָג און דאָס חסידיש־אַריסטאָקראַטישע געהאַקטע קאַפּאָטקעלע ביז צו די קני׳ען און דאָס שוואַרצע מושקעלע אינעם ווייסן קעלנערל מיטן קליינעם טוכן־היטעלע נאָך מיטאָג. שרהלע, אָדער סאַבינאַ, האָט איר אויזשען געליבט מיט דער גאַנצער קראַפט פון איר מוטערלעך האַרץ, נישט ווי די טאָכטער, וועלכע זי האָט כמעט מער נישט געקאָנט ליידן פון נאָך דער חתונה מיטן רימאַרזש, מיטן דאָזיקן פּראָסטאַק און סאָציאַליסט נאָך דאַצו.

מיט דער לעצטער פּאַרטיע חלוצים זענען געקומען אויף העלענאַ בערנפּעל און פישל שמולעוויטש. ער איז געקומען דירעקט פון זיין געבורט־שטאָט. אין אַ שמועס מיט די חברים האָט ער דערציילט: „כ׳בין אַמאָל געווען אַ פּאָליציאַנט. דעמאָלט האָבעך געזען ווי אַזוי די פּאָליציי העלפט די פּאָגראָמשטשיקעס, אַ מאָל אויף אַ פּאַסיוון און אַ מאָל אויך אויף אַן אַקטיוון אופן. האָבעך מיך אָפּגעזאָגט צו זיין אַ שומר פון געזעץ און אָרדענונג. ד. ה. מ׳האָט מיר אָפּגעזאָגט און מיך נאָך באַשטראָפט פאַר נישט געגוג געהאָרכזאַמקייט. די מעשה איז געווען אַזעלכע: ווען ס׳האָט אין אונדזער שטאָט אויסגעבראָכן אַ פּאָגראָם, האָב איך אין דער

זעלבער צייט באַדאַרפן האָבן דינסט אין גאָס; אָבער מיין „סטאַרשי״, וויסנדיק פריִער, אַז ס׳וועט זיין אַ פּאָגראָם, האָט מיך געהאַלטן אין דער קאַנצעלאַריע. פּונקט דעמאָלט האָט מען געפּייערט אַ זיג פון דער אַרמיי, כדי אָנצושיכורן אַלע, אַז ס׳זאָל קיין איין פּאָליציאַנט נישט זיין אין גאָס. צו טרינקען האָט געגעבן איינער, אַ פּאַן קשיוויצקי, אַ גוט־באַזיצער און סוחר, דער אָנפירער פון די אַנטי־סעמיטן און בירגערמייסטער דעמאָלט. (אויך שפּעטער). דעם פּאָגראָם האָט אָר־גאַניזירט דער גוט באַקאַנטער מערדער, דער יונגער גראַף קאָטאָווסקי — היינט שעף פון דער פּאָליטישער פּאָליציי אין וואַרשע. אין דער צייט פון איבערגאַנג איז ער אַרומגעפאָרן פון שטאָט צו שטאָט און אָרגאַניזירט פּאָגראָמען. ווען איך האָב אין דער קאַנצעלאַריע דערהערט דיווילדע געשרייען פון די פּאָגראָמשטשי־קעס און די געוואַלדן פון די אומגליקלעכע קרבנות, האָבעך אַ כאַפּ געטאָן די ביקס. אָבער דער „סטאַרשי״ האָט מיר פאַרשפּאַרט דעם וועג. ווי אַזוי איך האָב מיך באַהערשט אין יענעם מאָמענט און אים נישט דערשאָסן — ווייס איך נישט״. געענדיקט די מעשה האָט ער דערמיט: „די ייִדן ביי אונדז גייען בוכשטעבלעך אויס פון הונגער. דער באָיקאָט איז אַ סך ערגער ווי דער פּאָגראָם. ס׳איז דער פּאַמעלעכער, קאַלטער און זיכערער טויט, אָן אַ טראָפּן בלוט. אַפילו אַ שטעלעכל אויפן מאַרק קאָן קיין ייִד מער נישט האָבן. טוט ער דאָס יאָ — צעטרעט מען אים דאָס ביסל סחורה, מען פאַרניכטעט זי, דאָס ,שטעלעכל׳ צעברעכט מען, דעם ייִד צעממיתט מען״.

אַ חלוץ האָט זיך אָנגערופן: „דאָס זעלבע ביי אונדז״.

„און ביי אונדז״.

„און ביי אונדז״.

די חלוצים פון דער פּראָווינץ האָבן כמעט אַלע געהאַט צו דערציילן דאָס זעלבע וועגן באָיקאָט אין זייערע היימשטעטלעך.

העלענאַ האָט דערציילט, אַז מיט איר גאַנצער בילדונג האָט זי אין דער ערשטער צייט, ווען זי איז מיט די עלטערן געקומען קיין וואַרשע, באַקומען אַ פּאָסטן אַלס קאַסירערין. שפּעטער, ווען זי האָט די שטעלע פאַרלוירן, האָט לאַנג געדויערט ביז זי האָט באַקומען אויסהילפסאַרבעט אַלס בוכהאַלטערין. צום סוף איז זי געוואָרן אַ פאַרקויפערין אין אַ געשעפט, און ווען זי האָט פאַרלוירן די דאָזיקע שטעלע האָט זי שוין קיין שום באַשעפטיקונג נישט געקאָנט קריגן. קיין ליידיקגייעריש לעבן האָט זי נישט געוואָלט פירן, אַז מ׳האָט זי געפרעגט פאַר וואָס זי האָט נישט חתונה געהאַט, האָט זי זיך צעלאַכט. ענלעכעס האָבן דער־ציילט אויך אַנדערע רייכע אָדער באַלעבאַטישע טעכטער פון די חלוצות. די מיינסטע אָבער זענען געקומען אויף הכשרה (כדי דערנאָך צו קאָנען פאָרן קיין ארץ־ישראל) אויס אידעאַליזם, ווייל זיי זענען געווען איבערצייגטע ציוניסט־קעס. זיי איז די „לית־ברירה־ציוניסטקעס״ נישט געפעלן. און שושנה האָט זיך גאָר אָנגעצונדן: „הייסט דאָס, נישט ווייל אייער האַרץ און נשמה רייסט זיך

אין אונדזער הייליק לאַנד אַריין, כדי דאָרט צוריק אויפצובויען אונדזער נאַציאָ־נאַלע היים, נאָר ווייל איר האָט קיין אַנדערע ברירה נישט?!" זי האָט ווייטער געפייערט: „מיין טאַטעשי איז אַ באַנקיר, אַ מיליאָנער; ער האָט מיך נישט געלאָזט אַהער, געוואָלט כ׳זאָל שטודירן, אָבער!"... זי האָט נישט געוואָלט אַז די עקאָנאָמיש שלעכטע לאַגע, אָדער דער אַנטיסעמיטיזם, זאָל זיין דער גרונט פאַרן ציוניזם. פאַר איר האָט געגילט בלויז דער נאַציאָנאַלער מאָטיוו, די ליבע צו ארץ־ישראל.

די ערשטע צייט איז שושנהן די אַרבעט אין דער הכשרה אָנגעקומען גאָר שווער, אפשר נאָך שווערער ווי פאַר די אַנדערע חלוצות, וואָס זענען נישט געווען געוווינט צו קיין פיזישער אַרבעט. זי איז נאָך אַלץ געווען גאַנץ יונג, הגם זי האָט דאָס גימנאַזיום שוין געהאַט געענדיקט. אָבער ס׳האָט קיינער נישט געוווּסט ווי שווער ס׳קומט איר אָן די אַרבעט, נישט אַפילו עזרא, כאָטש זי האָט אָפט (ווי פאַר אַ געליבטן) זיך געוואָלט פיעשטשען פאַר אים, אין די מאָמענטן פון צערט־לעכקייטן. געטאָן האָט זי אָבער פונקט דאָס פאַרקערטע: זי האָט געאַרבעט פליי־סיקער ווי אַלע און זיך באַרימט (ווען זי האָט געפילט, אַז זי ברעכט צוזאַמען): „ס׳איז גאָרנישט אַזוי שווער... מ׳דאַרף זיך נאָר צוגעוווינען דאָצו... דער עיקר: מען מוז פאַרגעסן דאָס לעבן אין דער היים... ווייל ס׳איז געווען נישט קיין שיין לעבן, אָן אינהאַלט. דאָ אָבער... דאָס לעבן דאָ איז אַ פרייד!" זי האָט ליב גע־קראָגן כמעט אַלע חברטעס, באַזונדערס העלענאַן. אַלע האָבן זי ליב געהאַט. אַז זי איז פאַרליבט אין עזראן און ער אין איר — דאָס האָבן אַ סך באַמערקט, כמעט פון ערשטן טאָג אָן. די ליבע צווישן די צוויי פאַרוואַנדלט איז געווען אַ צאַרטע, ווי אַן איידעלע בלום, וואָס באַצויבערט יעדן מיט איר הערלעכקייט און פאַר־שיכורנדיקן דופט. עזראן, דעם אָפּגעציטערטן בן־יחידל, דעם בחורל מיט די שמאָלע פלייצעס, האָט די ליבע — און דאָס וועלן ווייזן דער געליבטער, אַז ער איז אַ מאַן, שטאַרק — געגעבן כוח אויסצוהאַלטן די שווערע אָנשטרענגונג. נישט איין מאָל האָט ער זיך ביי דער אַרבעט שיִער צעוויינט, שוין געוואָלט אויפהערן איך מיט און צוריקפאָרן אַהיים, ווייל פאַר די אויגן האָט געפלעמלט, אַלץ האָט געטאַנצט און זיך געדרייט פאַר זיין בליק; אָבער ס׳איז געווען גענוג פאַר אים בלויז זיך צו דערמאָנען אין שושנהן, צו שעפּטשען פאַר זיך איר נאָמען — און ער האָט דערפילט נייע כוחות.

שושנה האָט געוואָלט זיין די ערשטע אויך ביים אויפשטיין אין דער פרי. זי האָט אָבער געהאַט אַ „האַרטן שלאָף" און אין דער ערשטער צייט האָט זי זיך כמעט יעדן טאָג אויפגעכאַפּט שפּעטער ווי די אַנדערע. ווי אַ דערשראָקענע איז זי דאַן אַראָפּגעשפּרונגען פונעם געלעגער, זיך געריבן די נאָך פאַרשלאָפענע, גרויסע אויגן און מיט ביידע הענט זיך אָוועקגעשאַרט פונעם שיינעם, קיילעכדיקן שטערן די צעפּאַטלטע שוואַרצע האָר. נישט זעענדיק נאָך דורכן פענצטערל די זון, האָט זי זיך געטרייסט, אַז ס׳איז נאָך נישט אַזוי שפּעט און זיך שנעל אָנגעטאָן

די קורצע בלויע הייזקעס, אַריבערגעוואָרפן איבערן איבערשטן נאַקעטן קערפּער דאָס ווייסע פּראַטירהאַנטעך (מיטגענומען פון דער היים) און איז אַרויס אין טונ־קעלן פאַרהויז זיך וואַשן. ביים איינרייבן מיטן אייזקאַלטן וואַסער דאָס נאַקעטע לייב און דאָס פּנים, וואָס איז געווען כמעט נאָך הייס פונעם פעסטן שלאָפן, האָט זי זיך דערמאָנט אינעם חלום, וואָס זי האָט ביים אויפוואַכן געדענקט גאַנץ מטושטש און שוין געהאַט פאַרגעסן. געחלומט האָט זי אַ סך, שטענדיק משונהדיקע חלומות. נאָר דער היינטיקער חלום איז געווען גאָר אַ מאָדנער: אַ גאַנץ קליין קעלבעלע... מיט אַ ראָזע מאָרדעלע... אַ ברוין פעלעכל... די פיסלעך אָבער — אַזעלכע לאַנגע — ווייס... און וואָס פאַר אַ בלויע אויגן... ס'האָט זי געלעקט מיט דער וואַרעמער, רויטער צונג... געלעקט, און געקוקט אויף איר ווי אַ מענטש... און געהאַט האָט דאָס קעלבל בלויז איין האָרן און מיט דעם האָרן געוואָלט זי באַדזשען... זי האָט אָנגעהויבן שרייען און זיך אויפגעכאַפּט.

אָן אָפּגעטריקנטע, דאָס האַנטעך איבער די אַקסלען, איז זי שנעל צוריק אַריין אין באַראַק. עפּעס האָט זי זיך געשעמט פאַרן דאַזיקן חלום, געהאַלטן אַראָפּ־געלאָזט די אויגן, און ס'האָט זיך איר געגלוסט צו לאַכן. ביים אָנטאָן האָט זי זיך היינט געשעמט אַפילו פאַר די ווענט. זי האָט נאָר געוואָלט וואָס מער באַהאַלטן אירע שטאַרק אַנטוויקלטע בריסטן און געפּרוווט דאָס לענושיקל נאָך מער איינ־צוציִען, צוקנעפּלען עס אויף אַ לעכל ווייטער. אָנגעטאָן דאָס ווייסע בלוזקעלע — איז זי באַרפוס, די פעסטע לידקעס און די קניִען נאַקעט — אַוועק צום לאַנגן טיש אין דער קעך, ביי וועלכן אַלע זענען שוין געזעסן און האָבן געגעסן אָנ־בייסן: שוואַרץ ברויט מיט טיי אָן צוקער. שטיל און פאַרשעמט האָט זי היינט געזאָגט „שלום" און זיך אַוועקגעזעצט אויף איר פּלאַץ. אַוועקגעגאַנגען פונעם טיש איז זי גלייך מיט אַלע.

2

די אַרבעט האָט צו ערשט געזאָלט איינגעטיילט ווערן אויפן אַלטן שטאָטישן שטייגער: די פרויען זאָלן קאָכן, רוימען, וואַשן וועש, פאַרריכטן וואָס ס'ווערט צעריסן וכדומה. אין דער פויערישער באַלעבאַטישקייט זאָלן זיי מעלקן די קי, זיי געבן צו פרעסן, זיך באַשעפטיקן מיטן מילכיקס, מיט די עופות אאַז"וו. די מענער זאָלן טאָן די שווערע אַרבעט: אין פעלד, רייניקן די שטאַלן, אומגיין מיט די פערד, פאַרריכטן די וועגענער, טראָגן זעק אדג"ל. האָבן דאָס די חברות נישט געוואָלט; זיי האָבן פּראָטעסטירט: „אויס מיט דער אַלטער, פאַרגאַנגענער וועלט! קיין שום חילוק! מיר ווילן טוען אַלץ, וואָס איר מענער טוט! אין אַרץ ווילן מיר אַרבעטן אין פעלד גלייך מיט אייך! מיר וועלן דאָרט אויסטריקענען זומפּן! מיר וועלן גראָבן ברונעמס, האַקן שטיינער, ווערן מויערער! מיר זענען נישט מער קיין דאַמעלעך! אויס מיטן „שוואַכן" געשלעכט! פאַרגעסט דערין, חברים! מיר ווילן זיין גלייך מיט אייך און דאָס הייסט אַרבעטן גלייך מיט אייך!"

און אַזוי איז עס געבליבן.

דער אַמאָליקער פּראָווינצער פּאָליציאַנט פּישל שמולעוויטש האָט זיך אויס־געצייכנט מיט זיין פּלייסיקייט און דיסציפּלין. אַ געוועזענער צוויי בענדלדיקער רוסישער סאָלדאַט — וואָלט ער אַמליבסטן געוואָלט אַ מיליטערישע דיסציפּלין, ס'זאָל זיין ווי ביי פּאָניע: מ'זאָל אָפּגעבן „טשעסט", דער „דיזשורנע" זאָל — ווען ס'קומט אַריין אין באַראַק אַ „העכערער", וואָס איז גלייך ווי אַן אָפיציר — אַ געשריי טאָן: „סמירנאָ!" אָבער מ'האָט אים ליב געהאַט פאַר זיין איבערגע־געבנקייט, אויפריכטיקייט, גרייטקייט יעדן צו העלפן, ריינקייט און אין אַלעם פּעיִק. און ווי שיין ער האָט געקאָנט דערציילן אַ מעשה! מיט וויפל גע‌פיל ער האָט געזונגען! און סאַרע גוטן זכרון! ווי גרינג ער האָט געלערנט העברעיִש און גע־שיכטע! טייל חברטעס האָבן אין זייער האַרץ אָנגעהויבן פילן אַ שוואַכקייט צו אים. העלענאַ אָבער האָט זיך אין גאַנצן אין אים פאַרליבט.

יחיאל לייביש בערנפעלס טאָכטער האָט איר ליבע צו יאַן גנילאָווסקין, צו דעם הולטייסקען, אין סאָציאַליסטישע פראַזן אויסגעפּוצטן פּריץ, שוין לאַנג גע־האַט דערשטיקט אין זיך; נאָר אין גאַנצן טויט, ווי זי האָט געגלייבט, זענען אירע געפילן צו אים נאָך נישט געווען. זי האָט געוווסט — און זיך דאָס געמאַכט פאַר אַ סימן — אַז אַזוי לאַנג ווי זי וועט אים האַסן, וועט עס מיינען אַז זי ליבט אים נאָך. ווען זי איז אין יענעם אומגליקלעכן טאָג צוריקגעקומען פון גלח, האָט זיך אין איר האַרץ אָנגעצונדן אַ פלאַקערנדיקער האַס צו איר געוועזענעם גע־ליבטן. דער דאָזיקער האַס האָט זיך אין איר צעשרפהט אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער, פּונקט ווי די בענקשאַפט נאָך אים איז אין איר האַרץ געוואָרן אַלץ גרעסער, כאָטש ס'איז פאַר איר שוין קלאָר געווען וואָס פאַר אַ נידעריקער און פאַרדאָרבענער מענטש ער איז. האָט זי, אינעם קאַמף קעגן אירע געפילן דע־מאָלט אויסגעפונען אַ מיטל: זי האָט יאַנס מיאוס פּרצוף, זיין געמיינקייט און נישטיקייט, זיך באַמיט צו פאַרגרעסערן; זי האָט זיך אָבער באַלד איבערגעצייגט, אַז דאָס דאָזיקע מיטל איז אַ פאַרסמטע שפּיז, וואָס זי שטעכט אַלץ טיפער אין איר אייגענער נשמה. איר בענקען נאָך דעם געליבטן (איר ערשטער געליבטער) איז נישט קלענער, נאָר פאַרקערט, גרעסער געוואָרן. אירע ליידן, אַז זי האָט געליבט אַזאַ מיאוסן נפש און קאָן נישט אויפהערן אים ווייטער צו ליבן, זענען דאַדורך געוואָרן אַלץ ווייטיקלעכער. ביז זי איז געקומען אויפן ריכטיקן מיטל: זי האָט געגומען זיך אַלץ מער און מער פאַרטיפן אין דער אידעע פון ציוניזם, וואָס איר ברודער ברוך האָט איר אין יענער צייט אונטערגעטראָגן ווי אַ רעטונגס־גאַרטל. פאַר דער דאָזיקער אידעע האָט זי אַלץ ברייטער אויפגעפּראַלט איר האַרץ און זיך אַריינגעוואָרפן אין דער באַוועגונג מיט דער גאַנצער ליידנשאַפט פון איר טעמפּעראַמענט. דאַן האָט זי אַלץ מער און מער פאַרגעסן איר ליבע צו דעם אָפּטייקערס זון.

נאָר ווען די נייע ליבע, ווי די גרינקייט אין פעלד, האָט אויפגעשפּראָצט אין

האַרץ צו דעם געוועזענעם פּאַליציאַנט, האָט זי זיך פּלוצעם דערמאָנט אין דער לאַנג שוין געשטאָרבענער ליבע צו יאַן גנילאָווסקין. זי איז צעטומלט געוואָרן, זיך געשעמט פאַר זיך אַליין און נישט געוווּסט ווי אַזוי צו האַנדלען קעגן פּיש־לען: זאָל זי אים דערציילן וועגן איר גאַנצער פאַרגאַנגענהייט, זיך אין אַלץ מתוודה זיין, כדי איר געוויסן זאָל זיין ריין? אָדער זאָל זי גאָר פאַרקערט, פאַר־שווייגן איר פאַרגאַנגענהייט? זי האָט געליטן און זיך געפּייניקט אין דער דאָ־זיקער צעשפּאָלטנקייט. אָבער דער אינסטינקט (אָדער דאָס געפיל) און דערנאָך אויך דער פאַרשטאַנד, האָט איר אונטערגעזאָגט: נישט צורירן זיך צו דער פאַרגאַנגענהייט! זי האָט קלאָר שוין געוווּסט, אַז די דעמאָלטיקע ליבע אירע איז שוין לאַנג טויט און באַגראָבן און ס'איז ריכטיק, וואָס דאָס פאָלק זאָגט: אַז מ'זאָל דעם טויטן לאָזן רוען אין קבר. אָבער זי האָט אויך באַגריפן: אַז דאָס, וואָס אין איר לעבן איז געשען, קאָן זי נישט מאַכן אומגעשען. ס'איז אַ פאַר־שריבן בלאַט אין איר לעבנסבוך און אויסמעקן דאָס געשריבענע אָדער אַרויס־רייסן דאָס בלאַט און אַוועקוואַרפן — קאָן מען נישט. וואָלט זי געוועזן געלעבט אין אַנדערע באַדינגונגען, אין אַן אַנדערער סביבה, וואָלט דאָס דאָזיקע בלאַט געווען אַנדערש געשריבן געוואָרן. סיי ווי סיי, דאָס פאַרשריבענע ווייזט אָדער זאָל ווייזן דעם לעבן דעם ווייטערן וועג... זי איז זעעוודיקער געוואָרן... און נאָך האָט זי דערקענט: פּונקט ווי די קוועלן דעמאָלט זענען געווען אַן אָפּקומעניש פאַר די זינד פון איר בענקען נאָך דעם געליבטן ווען זי האָט שוין געוווּסט ווי נידעריק און געמיין ער איז — אַזוי וועלן אירע איצטיקע ליידן, פונעם אַנטשלוס נישט מגלה סוד צו זיין איר פאַרגאַנגענהייט פאַר פּישלען, זי לייטערן.

אינעם אויסדרוק פון העלענאַס פּנים האָט זיך געגומען שפּיגלען אי די גליק־זעלישקייט פון דער ליבע, אי די ליידן וואָס די נייע ליבע האָט גורם געווען אין איר נשמה. שושנה — ווייל זי האָט פון דער ערשטער רגע כמעט זיך באַזונדערס שטאַרק צוגעבונדן צו העלענאַן — האָט זי פריִער און קלאָרער, ווי די אַנדערע אין דער הכשרה, דערקענט די ענדערונג אין דער חברטע און זי האָט העלענאַן, נישט לאַנג וואַרטנדיק, געגעבן אָנצוהערן, אַז זי זעט אַלץ: „איר זענט פאַרליבט אין חבר שמולעוויטש; אָבער איר ליידט דאַביי וועגן עפּעס"...

העלענאַ האָט דעם „מזיק" (אַזוי האָבן דאָ שושנהן אַלע גערופן, ווי זיי וואָלטן געוווּסט אַז אין איר היים האָט מען זי אויך אַזוי גערופן) ליב געהאַט. אָבער זי האָט דעם באַנקירס טעכטערל געהאַלטן כמעט פאַר אַ קינד נאָך, כאָטש זי איז געווען גרויס און אַנטוויקלט ווי אַ דערוואַקסן מיידל און איז געווען קלוגער ווי אַ סך עלטערע פון איר. נאָר העלענאַן איז שושנה דאָך אויסגעקומען נישט מער ווי אַ גרויס אומשולדיק קינד, אַ נאַיִווס, וואָס האָט אין לעבן נאָך קיין שום דער־פאַרונג. האָט זי דעריבער שושנהן געפרעגט שפּאַסיק, אָבער אין ליבשאַפט פון אַן עלטערע שוועסטער: „פון וואַנען ווייסטו דאָס?"... דאָס „דו" האָט זיך איר איצט עפּעס אַרויסגעכאַפּט פון מויל; נאָר שושנה האָט זיך גלייך דאַמיט באַנוצט

און פאַרגעשלאָגן: לאָמיר זיך פון איצט אָן זאָגן „דו!" און זי האָט העלענאַן אַרומגעכאַפּט און געקושט. העלענאַ האָט מסכּים געווען: „גוט, אָבער פון וואַנען ווייסטו און וואָס ווייסטו?"...

„איך ווייס", האָט שושנה געענטפערט מיט אַ מין באַהאַלטענער קלוגהייט. „איך לייען אין דיינע אויגן... איך זע, אַז דו ביסט גליקלעך (ווי מ'איז ווען מ'ליבט). אָבער... עפּעס ביסטו אויך אומגליקלעך... און דאָס פאַרשטיי איך נישט". זי האָט מיט אירע שוואַרצע, גרויסע און קיילעכדיקע קאַרשנאויגן, צעשטראַלטע בעתן רעדן, זיך שטאַרק איינגעקוקט אין העלענאַס פּנים, כּדי אַרויסצולייענען די סיבה פון איר אומגליקלעך זיין און געפּרוּווט טרעפן: „ווייל ער איז נישט קיין געבילדעטער?"

העלענאַ האָט אַמוזירט געשמייכלט: „בילדונג האָט פאַר מיר נישט קיין גרויסע באַטייטונג, ווייל אַ דיפּלאָם פון אַן אוניווערסיטעט באַטייט בלויז אַ פאַך. אָט לערנען מיר זיך אַלע דאָ פאַכן, וואָס מיר דאַרפן פאַר אונדזער לאַנד. דער עיקר איז אַ גוט האַרץ און אינטעליגענץ".

שושנה האָט אויסגערופן ענטוזיאַסטיש: „פישל האָט אַ גאָלדן האַרץ! און אינטעליגענט איז ער — דער אינטעליגענטסטער דאָ!" זי האָט ווידער גענומען טרעפן: „האָסטו מורא, אַז דיינע, אָדער זיינע עלטערן וועלן נישט דערלאָזן?" ביי דער דאָזיקער געלעגנהייט האָט זי געעפנט איר האַרץ, דערציילט וועגן איר ליבע מיט עזראן און געענדיקט: „מיינע עלטערן — און אויך זיינע — וועלן באַשטימט זיין קעגן; אָבער מיר האָבן קיין מורא נישט, מיר וועלן חתונה האָבן אין ארץ־ישראל".

העלענאַ האָט זיך ווייטער אַמוזירט און געדרייט מיטן קאָפּ: „ניין, נישט געטראָפן".

„ווייס איך נישט", האָט שושנה מודה געווען. נאָר פּלוצעם האָט זי ממזריש גענומען דרייען מיט די אויגן און מיט זייטיק אָנגעבויגענעם קאָפּ טריומפירט: „איצט ווייס איך... דו... ליבסט... נאָך... אַן אַנדערן"...

העלענאַ האָט זיך צעלאַכט: „ניין, נישט געטראָפן".

„ער האָט אַ כּלה, אָדער גאָר אַ פרוי"...

„ער איז אַ בחור".

„ליבט ער אַ צווייטע"...

„ניין".

„ליבט דיך, חוץ פישל, נאָך אַן אַנדערער; איך ווייס ווער"...

„דאָס וואָלט מיך נישט געאַרט"...

„נאָך אַן אַנדערע איז פאַרליבט אין פישלען"...

„זאָל זי. אין מיר און אין אים קאָנען זיין פאַרליבט ווער ס'וויל; דאָס וואָלט נישט אים און נישט מיך געאַרט".

שושנה האָט אויפגעהערט צו טרעפן. אין התלהבות, וואָס העלענאַ איז מיט איר געוואָרן אויף „דו", האָט דאָס גליק פון דער ליבע גענומען שטראָמען איבער

די ברעגעס פון איר האַרץ: „אַך, ווי הערלעך דאָס לעבן איז! אַז מ׳ליבט — איז נישטאָ קיין שום שוועריקייטן אויף דער וועלט! גאָרנישט, קיין שום זאַך: אָרעמקייט, הונגערן, שווער אַרבעטן, וווינען אין אַ באַראַק — אַפילו אויף דער גאַס — מ׳פילט דאָס גאָרנישט... די וועלט איז אַזוי שיין!... דער בלויער הימל, די זון, די לבנה און די שטערן, די פעלדער און די וועלדער, די פייגל — ווי אַלץ שטראַלט און שימערט!... זומער, ווינטער — יעדע צייט איז שיין!... און אַלע מענטשן האָב איך ליב, אַלע מענטשן פון דער וועלט!... אַפילו די חיות, די קי און די פערד דאָ!... די אַרבעט דאָ איז שווער? — אָבער מיר איז זי גרינג... און אין ארץ־ישראל — דאָרט אַרבעט מען דאָך נאָך אַ סך שווערער ווי דאָ — אָבער איך וועל זי אַפילו נישט פילן... דאָרט וועלן מיר חתונה האָבן און צוזאַמען בויען אונדזער לאַנד”... אין אירע לייכטנדיקע אויגן האָט זיך אָנגעצונדן אַן אויסטערליש פייער און אַ פייכטקייט האָט געגומען גלאַנצן אין זיי. זי איז אַרויפגעפאַלן אויף העלענאַן און אַזש געגומען שלוכצן. דאַן האָט זי ווייטער גערעדט: „דו ווייסט גאָרנישט, העלענאַ, וואָס פאַראַ טייערער, איידעלער, קלוגער און גרויסער מענטש מיין עזרא איז!... וואָס פאַראַ גרויסע נשמה ער האָט!... וואָס פאַראַ טיפע געפילן ס׳זענען דאָ אין זיין ווונדערלעך יידיש האַרץ!... און ער האָט אַזוי פיל יידיש וויסן!... און ווי שיין ער איז!... אונדזער אייביקע ליבע — ווייל אַפילו נאָכן טויט וועלן מיר זיין פאַרבונדן — איז צונויפגעוואַקסן מיט דעם הייליקן אידעאַל פון אונדזערע הערצער... יאָ, טייערע פריינדין, יאָ, איך זאָג עס דיר, ווייל איך האַלט דאָס פאַר זייער וויכטיק; ס׳איז זייער וויכטיק צו האָבן אַ געמיינזאַמע אידעע. איך בין טאַקע נאָך יונג; אָבער איך האָב מיך צוגעקוקט צום פאַמילענלעבן פון אַלע מיינע נאָענטע און באַקאַנטע און זיך איבערגעצייגט, אַז אין דער ליבע שפּילט אַן אידעע, אַ געמיינזאַמער אידעאַל — אַ גאַר גרויסע ראָלע”.

איצט האָט העלענאַ מיט איין מאָל דערזען, אַז שושנה איז גאָרנישט אַזאַ קינד, גאָרנישט אַזוי נאַיוו ווי זי האָט די גאַנצע צייט געדענקט. פון איר האַרץ האָט זיך אַרויסגעריסן אַ שווערער זיפץ און זי האָט געטראַכט: דאָס, וואָס די יינגערע פון איר און אומדערפאַרענע האָט אַצינד געזאָגט, איז ריכטיק. און זי האָט צוגעגעבן: „אין דעם, וואָס דו האָסט אַצינד געזאָגט, שושנה, איז דאָ אַ גרויסער אמת. אָבער”...

שושנה האָט געפרעגט מיט פלאַמיקער נייגעריקייט: וואָס „אָבער”?... און פאַר וואָס האָט זיך פון דיין האַרץ אַרויסגעריסן אַזאַ שווערער זיפץ? מיר זענען אַצינד שוין נאָענטע חברטעס, מוזטו מיר אַלץ דערציילן, אַלץ פון דיין לעבן, ווי איך האָב דיר אַלע מאָל דערציילט וועגן מיינס! פון אַצינד אָן זענען מיר ווי צוויי שוועסטער, נאָך מער!” זי האָט העלענאַן אויף ס׳ניי אַרומגעכאַפּט און ביידע האָבן זיך אויף ס׳ניי צעקושט. „און איצט דערצייל!” האָט שושנה געמאָנט.

העלענאַ האָט געשמייכלט, אָבער נישט ווי פריער, איבערלייגט און אַמורירנדיק זיך, נאָר גליקלעך און ווייטיקלעך. „איך וועל דיר שוין דערציילן”,

האָט זי שושנהן פאַרזיכערט, „נאָר אַן אַנדערש מאָל. אַצינד מוזן מיר צוריקגיין צו דער אַרבעט, די נאָכמיטאָג־רו איז געענדיקט. פּונקט אין צייט".

3

דער אַלטער פּייטעלאָוויטש האָט פאַר דער הכשרה אָפּגעגעבן אַ גאַנץ באַ־טייטנדיקן טייל פון זיין גוט, צוזאַמען מיט לעבעדיקן און טויטן אינווענטאַר. איבערן דאָזיקן טייל האָט דער עקאָנאָם געהאַט נישט אַזוי פיל צו זאָגן. אָבער די חלוצים האָבן זיך פאַרגענומען צו זיין אַ מוסטער פאַר די פּויערים פונעם דאָרף און פון די שכנותדיקע דערפער. האָבן טאַקע טייל פּויערים און פאַראָבקעס אויפ־געהערט צו חוזקן פון די „זשידקעס", וואָס האָבן מורא פאַר אַ פערד און מיינען אַז אַן אַקעראייזן בריט, אַנטלויפן פאַר אַ קו ווייל זי „באָדזשעט" און דאָס מיסט פונעם שטאַל שיטן זיי מיט דער „ווידלע" אויף זיך. די פּויערים האָבן שפּעטער שוין מודה געווען, אַז די „מאָשקעס" און „איציקס" מאַכן אַ גלייכן שניט אין פעלד און נעמען אַראָפּ דערפון מער ווי זיי. און די „זשידוווקעס"? — פּשאַ־קרעוו! — נישט ערגער ווי די „באַבעס" פונעם דאָרף! ס'איז זיי אָבער נישט געפעלן וואָס די יידישע „כלאָפּצעס" טוען אויך זאַכן, וואָס נאָר „באַבעס" זאָלן מאַכן: זיי זענען קעכערס און „פּראַטשקעס" און פאַרריכטן פלידוערן און אַפילו ספּאָדניצעס... באַלד וועלן זיי געבערן קינדער און זיי געבן צו זייגן...

דאָס פעלד איז פאַרזייעט. נאָכן אַנבייסן גייט יעדער צו זיין און יעדע צו איר אַרבעט, ווי ס'איז פאַרטיילט. אין דרויסן זענען איצט גראָד פאַרבייגעגאַנגען עטלעכע שגצים און פריילעכע יונגע שיקסעס מיט קאָפּויערגעהויבענע נעזלעך און פלאַקסענע האָר. איינער פון די שגצים, אַ הויכער און אַ פעסטער, האָט באַ־גריסט די אַרויסגעקומענע חלוצים פונעם באַראַק מיט אַ הויכן גרעפּץ און דאַן מיט אַ „דזשען דאָברי כלאָפּצי אי דזשיוווּכי!" די רעשט האָבן געשוויגן און זיך באַמיט נישט צו לאַכן; די שיקסעס אָבער האָבן זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן און געכיכיקעט. פישל האָט געענטפערט מיט נאָך אַ העכערן גרעפּץ און באַגריסט די שטיין געבליבענע מיט „גוט מאָרגן, יינגלעך און מיידלעך!" פּונקט אַזוי ווי דער הויכער שגץ, דער גבר. יענער איז געבליבן אַ ביסל געפּלעפט, אָבער ער איז נישט אין גאַנצן אַראָפּגעפאַלן ביי זיך און געוויזן פאַר זיין חברה — באַזונדערס האָט ער זיך געוואָלט אויספּיינען פאַר די יונגע שיקסעס — אַז ער קאָן נאָך עפּעס און אויפגעהויבן אַ פוס, אים אויסגעשטרעקט ווי אַ קאַנאָן און „אויסגע־שאָסן"... חברה, אַמשטאַרקסטן טאַקע די שיקסעס, האָט זיך צעהירזשעט. האָט פישל געטאָן דאָס זעלבע. דאַמיט האָט ער דעם פאַרשוין געמאַכט אין גאַנצן פאַר אויס קנאַקער. האָט טאַקע יענער גענומען רעדן מיט פישלען ווי מיט אַ גלייכן. אַזוי האָבן דאַן געטאָן די אַנדערע. די חלוצות האָבן גענומען שמועסן מיט די שיקסעס, די שגצים מיט די חלוצים. צעגאַנגען זענען זיי זיך ווי פריינד.

פישל האָט זיך דאַן אַנטשולדיקט פאַר די חברים, באַזונדערס פאַר די חברות,

און געזאָגט: „דאָס איז דער איינציקער וועג: מען מוז ענטפערן מיט דאָס זעלבע. אין סאַראַ בית־המדרש מ׳קומט — אַזאַ קדושה שפּרינגט מען״...

אבנר, אַן עקסטערן, וועלכער האָט געוואָלט שטודירן פּסיכאָלאָגיע, האָט מסכים געווען: „ריכטיק״.

איבערן הויף שפּרינגען אַרום פייגל, טויבן שאָקלען מיט די קעפּ ביים גיין און וואָרקען: זיי זוכן קערנער און געפינען, דערשרעקן זיך פּאָר עפּעס און צע־פליִען זיך אויף די ביימער אַרויף. די פייגל פלאַטערן פון איין צווייג אויף דער אַנדערער און רופן זיך צו: „טשעריק... טשעריק״...

חנה האָט אַרויסגעלאָזט די עופות פון אַ קאַמער און שיט פאַר זיי פון פאַדל אַרויס קערנער. שוין קומען איינציקווייז און צו עטלעכע צוריק די פייגל און די טויבן, די שטענדיקע אורחים — אויב מ׳וויל זיי יאָ, אָדער נישט. די טויבן און די קליינע פייגל עסן צוזאַמען מיט די גרויסע הינער און הענער און די אַנדערע עופות שפּרינגען אונטער זייערע פיס און כאַפּן אַוועק וואָס זיי קאָנען נאָר. די עופות זענען אויסגעהונגערט פון אַ גאַנצער נאַכט נישט עסן און פּיקן מיט זשעד־נעקייט, נישט אויפהערנדיק דאַביי צו פּלאַפּלען. ס׳זענען דאָ בלויז עטלעכע העגער. זיי גייען אַרום גדלותדיקע ווי פּאַשאָס צווישן זייערע ווייבער, וואַקלען גאווהדיק מיט די רויטע קאַמען, אויפגעשטעלטע און מיט שפּיצן, און טרייסלען מיט די רויטע „בערד״, די לאַפּן, האַלטנדיק שטאַלץ קאַפּויערגעהויבן די עקן פון גלאַנציקע פעדערן: ביי איינעם ווייסע, ביי אַ צווייטן גאָלדענע, ביי אַ דריטן שוואַרצע. זיי האַלטן אין איין רופן זייערע דאַמען מיט זייי „צו שפּייזן״; זיי פאַרשלינגען אָבער אַליין אַלץ נאָך איידער איינע קומט צו. געפעלט איינעם אַ „שיינהייט״ — נעמט ער איר מאַכן קאָמפּלימענטן, דרייט זיך אַרום איר, קלאַפּט מיט אַ פליגל אין דער ערד, ווי אַ פּוילישער קאַוואַליר אָדער שפּאַנישער ריטער ביים ציִען דעם הוט און מאַכן אַ גראַציעזן האַלבן קרייז, זיך בייגנדיק ביז אַראָפּ פאַר זיין האַרצ־געגערטער. זי אָבער גרויסט זיך און ענטפערט אים אַפילו נישט, שענקט אים נישט קיין שום אויפמערקזאַמקייט, ווי זי וואָלט געווען ברוגז אויס אייפערזוכט, ווייל ער איז אַ „דאָן זשואַן״ און גייט אַלע מאָל צו אַן אַנדערער און מאַכט יעדער די זעלבע קאָמפּלימענטן און ליבעס־דערקלערונגען. אין דער אמתן אָבער באַטייט פאַר איר אַ קערנדל מער ווי ליבע. ער ווידער לאָזט זי נישט אָפּ, גייט איר נאָך אויף שריט און טריט, ביז זי ווילקט איין: זי מוז, זי ווייסט, אַז ער איז אַ גראַנ־דאָוניק. אַ ביסל ווייטער פון דאָזיקן פּאַרל שלאָגן זיך צוויי העגער, שפּרינגען זיך איינס ס׳אַנדערע מיט די שנאָבלען אין פּנים אַריין, רייסן זיך ביי די קאַמען, צעדמען זיך — אַלץ איבער אַ דאַמע. דאַביי האָט יעדער פון זיי אַ געגוג גרויסן האַרעם.

ס׳ווערן געריייניקט די שטאַלן, געוואַשן די שקאַפיקעס, עמערס, ערדענע טעפּ, „מאַסלינצעס״. די פערד קעמט מען און מ׳בערשט, די בהמות ווערן געטריבן צו דער לאָנקע, חוץ די, וועלכע האָבן זיך ערשט נישט לאַנג אָפּגעקעלבט: זיי בלייבן אין די שטאַלן און קריגן צעבערס קלייען מיט שאָלן פון קאַרטאָפליעס און היי צום

פאַרבייסן. מ׳קעכלט זיי ווי קינפּעטאָרינס. פאַר די פערד איז אין די קאַרעטעס אַריינגעשיט שעצקע, פאַרמישט מיט האָבער און אונטערגעוואָרפן צו בינטלעך קאָניטשינע. ס׳איז דאָ געגוג אַרבעט אין די שייערס: דער קאָרן און ווייץ מוז געלופטערט ווערן, אַז ער זאָל נישט אויסוואַקסן. ביי צעפּראַלטע טויערן פוןביידע זייז ווערט דער קאָרן און דער ווייץ געשיט מיט לאָפּאַטעס פון דער הויך, ווי אַ רעגן פון גאָלד, הין און צוריק, פון איין זייט שייער צו דער צווייטער זייט. אויך אין סאָד איז דאָ געגוג צו טאָן, ביי די גרינסן אינעם גאָרטן, און אין ווערק־שטאַט: דאָרט ווערן פאַרראָכטן כאָמאָטעס, געשפּאַן, זעק, וועגענער, שנייד־ און דרעשמאַשינען. ס׳מוז אַלץ ווערן צוגעגרייט אויף דער צייט פון שניט. דאָ איז צעבראָכן אַ טויער פון אַ סטאָדעלע, דאָרט מוז מען פאַררעכטן אַ וואַנט פון אַ שטאַל. אויך ביי די בינשטאָקן איז דאָ וואָס צו טאָן. די ערד גיט דעם מענטש פאַר איין קערנדל אַ גאַנצע זאַנג מיט קערנער; אָבער זי לאָזט אים נישט אַוועק פון זיך פון זון־אויפגאַנג ביז זון־אונטערגאַנג.

חנהלע איז אַ שמשס אַ טאָכטער, אַ געוועזענע הוטפּוצערקע; ברכה איז אַ פּאַפּירענע בלומענמאַכערין. צוזאַמען מיט שושנהן רייניקן זיי אַ שטאַל. די ערשטע צוויי האָבן זיך נאָך אַלץ נישט צוגעוווינט צו דעם אויר פון בהמה־השתנה און צואה. האָט שושנה זיי געלאָזט אין דרויסן, אַוועקגעטראָגן דאָס מיסט צום גרוב. זי האָט פאַרקאַטשעט די אַרבל פון דער בלוזע, די קורצע הייזקעס ביז העט אַרויף איבער די קרעפּטיקע שענקלען און שטייט מיט די באָרוועסע פיס אינעם וואַרעמען מיסט. די ווידלע האַלט זי ווי מ׳האָט זי געלערנט, מיט דער רעכטער האַנט גאַנץ אויבן און מיט דער לינקער טיפער ווי אין דער מיט; דעם רעכטן פוס נאָך הינטן, ווי אַ „פּאָדפּאָרע", און דעם לינקן פאָרויס; זי שטייט אַ ביסל זייטיק, באַוועגט בלויז דעם אויבערקערפּער און די קני׳ען טוען זיך קיין בייג נישט; אָנגענומען אַ פולע ווידלע — טוט זי זיך אַ וויג אויף צוריק און אַ שיעב מיט די הענט, און דאָס מיסט פאַלט ווייטער איבער דער שוועל אַרויס אין דרויסן. אַזוי איין ווידלע נאָך דער צווייטער. פונעם מיסט גייט אויף אַ דאַמף. שושנהן געפעלט דווקא דער גערוך פון קו־מיסט: דאָס דערמאָנט זי אינעם דופט פון מאַרגאַרעטקעס און אירע נאָזלעכער צעשפּרייטן זיך...

אָבער די הוטפּוצערין און די בלומען־מאַכערין — כאָטש זיי זענען צוויי — באַווייזן זיי נישט אַוועקצוטראָגן דאָס מיסט, וואָס שושנה — איינע אַליין — וואַרפט אַרויס. נאָך עטלעכע שעה אַרבעט נעמט זיי ברעכן דער רוקן און ס׳שטייען זיי אָפּ די הענט. שושנה זעט, אַז אין דרויסן האָט זיך אָנגעזאַמלט אַ גרויסע קופּע מיסט און הערט אויף אַרויסצווואַרפן. זי גייט צו צו דער קו, וואָס האָט ערשט פאַר פינף טעג זיך אָפּגעקעלבט, גלעט איר שוואַרצע פעל און רעדט צו איר: „האָסט אַזעלכע טרויעריקע אויגן... זעסט אויס נאָך גאַנץ שלעכט... נו, יאָ... האָסט אַ סך געליטן... כ׳האָב געהערט ווי דו האָסט געשריגן... אַזוי הויך געקרעכצט... פאַר דאָס האָסטו אַ קינד, אַזאַ שיין קעלבעלע"... און זי נעמט אַרום דאָס קעלבעלע, דריקט עס פעסט צו איר ברוסט און טוט עס אַ הייסן קוש אין

באַחנטן מאַרדעלע אַריין. דאָס קעלבעלע איז די גאַנצע צייט געשטאַנען אונטער דער מוטער און געזויגן, אַריינגעכאַפּט אין מויל דאָ איין לאַנגע ציצקע פונעם גרויסן אייטער, געצויגן מיט אַלע כוחות, אַרויסגעלאָזט און אַריינגעכאַפּט אַ צווייטע ציצקע. זעענדיק אָבער ווי די מוטער ווערט געגלעט און זי לעקט מיט דער גרויסער צונג די האַנט וואָס גלעט זי, איז דאָס קעלבעלע אַפּירגעקראָכן פון אונטערן גרויסן בויך, איז צוגעקומען צו שושנהן און אויך גענומען לעקן איר האַנט. האָט זי דאָס קעלבעלע צוגעדריקט צו איר ברוסט מיט גרויס ליידנשאַפט, ווייל ס'איז אַזוי שיין און אַזוי קלוג: ס'טוט אַלץ וואָס די מוטער טוט. ס'האָט אַ ראָזאַ וואַרעם צינגעל און ס'לעקט מיט אַזאַ צאַרטקייט, אַז אַ מחיה גייט אַזש דורך איבערן גאַנצן לייב... דאַביי האָט זי זיך דערמאַנט אינעם חלום און זיך צעלאַכט. אָבער דאָס דאַזיקע קעלבל איז בישט געווען ברוין, נאָר ווייס מיט שוואַרצע טיילן פון די לאַנגע, דראַנגעוואַטע פיסלעך ווי ס'וואָלט געטראָגן שוואַרצע זאָקן, אויך דאָס עקל, וואָס האָט נישט גערוט איין מינוט, און איבערן הינטן, ווי שוואַרצע, סאַמעטענע הייזלעך, און איבערן דאַרן העלדזל, ווי אַ שוואַרץ שאַליקל. אומשולדיק און תמעוואַטע האָט עס געקוקט מיט די צווי קיילעכדיקע טונקל ברוינע אויגן. נאָר די מוטער האָט דאָס קינד נישט געלאָזט צו לאַנג שטיין לעם שושנהן, ווי זי וואָלט מורא געהאַט פאַר אַן עין־הרע, עס אָפּגעלעקט און אַוועקגעשטופּט: „גיי צוריק אויף דיין אָרט און זייג!" דאָס קעלבל האָט געפאָלגט די מוטער; ס'האָט געוווּסט, וואָס אין דער תורה שטייט געשריבן: „כבד את אביך ואת אמך".

שושנה האָט נאָכן אָפּשפּילן זיך אַ ביסל מיט דער קו און מיטן קעלבל, זיך צוריקגענומען צו דער אַרבעט.

פונקט זייגער צוועלף האָבן אַלע אויפגעהערט אַרבעטן. זיי זענען אַוועק אין באַראַק, האָבן זיך אַרומגעוואַשן און זיך אויסגעזעצט אַרום די לאַנגע טישן צום „אָביאַד". נאָכן אָפּעסן מיטאָג האָבן אַלע גערוט אַ ביסל און זיך אומגעקערט צו דער אַרבעט. פאַר נאַכט, ביים אונטערגיין פון דער זון, האָט מען אויפגעהערט: דער טאָג שווערע אַרבעט איז געווען געענדיקט. נאָך „קאָלאַציע", וואָס איז אין דאַרף געווען דאָס הויפּטמאָלצייט, און נאָכן פּאַרטיק ווערן מיט אַלץ אין דער קעך, זענען געקומען די „גייסטיקע שעהען", וואָס האָבן געמאַכט פאַרגעסן די ווייטיקן פון די מוסקולן און דאָס ברעכעניש אין אַלע גלידער און קנאָכן.

# גײַסטיקע שעהען

## 1

דער אָוונט איז געווען געווידמעט דעם פּראָבלעם פון נאַציאָנאַליזם און אַסימילאַציע. צו האַלטן דעם רעפעראַט איז איבערגעגעבן געוואָרן דודן, וועמען די פאַרוואַלטונג פונעם קולטורקרײַז האָבן געהאַלטן פאַרן פּאַסיקסטן לעקטאָר אויף אַזאַ טעמע. ער איז געווען שטאַרק באַלעזן און אַמאָל געחלומט צו מאַכן זײַן קאַריערע אין פילאָזאָפיע, אָדער אין געשיכטע. זײַענדיק בטבע אַ חקרן, געניגט צו וואָס טיפערע דערקענטעניש, אַן אוניווערסאַליסט און פּאַנטעאיסט — דאַביי אַ הייסער ציוניסט — איז אים דאָס פּראָבלעם, וואָס ער האָט אין זײַן רעפעראַט זיך געשטעלט צו באַהאַנדלען, אויסגעקומען באַזונדערס שווער. ער האָט דאַריבער באַלד ביים אָנהויב מתרה געווען די צוהערער, אַז דער שטאָף מיט וועלכען ס׳קומט אים אין היינטיקן אָוונט אויס זיך צו באַשעפטיקן, איז אַ זייער דעליקאַטער און קאָמפּליצירטער. „דערלויבט מיר חברים און חברות״, האָט ער אָנגעהויבן, אַן הקדמה. איך ווייס אָבער נישט: וועט זי זײַן אַ קורצע, אָדער זי וועט זיך אויסציען אַזוי לאַנג, אַז ס׳וועט מער נישט בלײַבן קיין צײַט פאַרן רעפעראַט. מיטן דאָזיקן פּראָבלעם: נאַציאָנאַליזם און אַסימילאַציע — אין ברייטערן זין — באַשעפטיק איך זיך שוין זייער לאַנג; אָבער איך האָב נאָך דערווייל קיין פעסטע תשובה נישט געפונען. אַ סך תשובות — יאָ, נאָר איינע — נישט. דאָס באַווײַזט, אַז די דאָזיקע פראַגע איז זייער נישט פשוט״.

אויף זײַן פּנים האָט זיך באַוויזן אַ שמייכל פון פאַרלעגנהייט, פון אַ מין קינדערישער אומבאַהאָלפנקייט, ווען ס׳שעמט זיך צו זאָגן דאָס „חכמהלע״, וואָס די עלטערן (און נאָך אַנדערע אַרום) דערוואַרטן צו הערן.

„חברים און חברות!״ האָט ער נאָך אַ קליינער הפסקה ווידער אָנגעהויבן. „ס׳וועט מיר איצט אויסקומען פאַר אײַך אויפן קול צו טראַכטן, צו מעדיטירן״. ער האָט זיך דערפרייט פון אַ געדאַנק וואָס איז אים פּלוצעם אײַנגעפאַלן: „אַמבעסטן וואָלט אפשר געווען, איך זאָל פאַר אײַך נישט האַלטן קיין רעפעראַט, נאָר מיר זאָלן אַלע אַצינד, בחברותא, אַ ביסל פילאָזאָפירן וועגן דער פראַגע פון נאַציאָנאַליזם און אַסימילאַציע. ווער ס׳האָט וואָס צו זאָגן וועגן דאָזיקן פּראָבלעם, זאָל איצט אַרויסברענגען די געדאַנקען דאַריבער. איך בין זיכער, אַז די מיינסטע פון אײַך, און אפשר גאָר יעדן, איז אויף אַ געוויסן אופן שוין אויסגעקומען אַמאָל זיך צו באַשעפטיקן מיטן דאָזיקן פּראָבלעם. ניין, דער באַגריף נאַציאָנאַליזם איז גאָרנישט אַזוי אײַנדײַטיק ווי די מיינסטע גלויבן. פאַר זיי איז נאַציאָנאַליזם: מײַן, מײַן, און ווידער מײַן. פאַר זיי עקזיסטירט דער באַשרענקסטער עגאָאיזם.

די דאָזיקע נאַציאָנאַליסטן באַצייכנט מען מיטן וואָרט „שאָוויניסטן". אָבער אויך דער נישט באַשרענקטער, דער ליבעראַלער נאַציאָנאַליזם, איז נישט אַ סך בעסער. דער חילוק איז מיינסטנס נישט מער ווי אין אומקולטורעלער און קולטורעלער שפּראַך. דאָס זעלבע איז מיטן באַגריף אַסימילאַציע. פּראָסט־פּשוט מיינט אַסי־מילאַציע: אַלס ייד, למשל, זיך אידענטיפיצירן מיטן ערשטן אָדער צווייטן מין נאַציאָנאַליזם".

ווידער האָט איבער זיין פּנים זיך צעגאָסן דער זעלבער שמייכל פון פּאַרלעג־גנהייט, ווייל ער האָט זיך פּלוצעם געכאַפּט, אַז ער איז נאָך אַלץ ביי דער הקדמה, און ווי ער וואָלט זיך געשעמט, האָט ער רעזיגנירט און אַ מאַך געטאָן מיט דער רעכטער האַנט: „ניין! צום רעפעראַט וועלן מיר שוין נישט קומען. יאָ... פאַראַן מענטשן — אַוודאי בלויז אַ מינדערהייט — וואָס קאָנען נישט און ווילן נישט זיין, נישט צווישן ערשטן מין נאַציאָנאַליסטן און נישט צווישן צווייטן. די דאָזיקע מינדערהייט אָנערקענט בלויז דעם באַגריף פאַלקסטום, וואָס ווערט פאַרשטאַנען אַלס די ספּעציפישע קולטור און געשיכטע פון אַ פאָלק — אַן עטנישע גרופּע. איר זאָל געגעבן ווערן די פולשטענדיקע פרייהייט צו לעבן איר אייגן לעבן. נאָר דאָ אַנטשטייען געוויסע פּראָבלעמען, ווי למשל: זאָלן די עטנישע גרופּן בלייבן אין דער מלוכה, אונטער דער רעגירונג, אונטער וועלכער זיי געפינען זיך, אָדער יעדע איינע פון זיי זאָל האָבן איר אייגענע רעגירונג? נישט קיין נפקא מינה. צי אין אַזעלכע לענדער ווו זיי זענען איינגעוואַנדערטע, אָדער אין יענע ווו זיי לעבן אויף זייער אייגענעם באָדן. קולטורעלע אויטאָנאָמיע האָבן אין היינטיקער צייט די מינדערהייטן אין כמעט אַלע ציוויליזירטע מלוכות. קאָנסטיטוציאָנעל האָבן מיר יידן אַפילו דאָ אין פּוילן... דאָך איז קולטוראויטאָ־נאָמיע, אַפילו מיט לאָקאַלער זעלבסטפאַרוואַלטונג, נישט דאָס זעלבע ווי אַן אייגענע מלוכה מיט אַן אייגענער רעגירונג. אָדער זאָלן אפשר גאָר אָפּגעשאַפט ווערן אַלע גרענעצן און ס'זאָלן מער נישט זיין קיין מלוכות, מיינע און דיינע? דאַן וועלן בלייבן בלויז די קולטורעלע אייגנאַרטיקייטן פון יעדן פאָלק, וואָס וועט פאַרוואַלטן מיט די אייגענע ענינים פון דער באַלעבאַטישקייט. דאַן וועלן, אָדער זאָלן, אַלע זיך פאַראייניקן אין איין פאַרבאַנד און בילדן — אַלע געהערן דאָך צום מין מענטש — איין מענטשהייט. דער רעליגיעזער זאָגט טאַקע: אַלע מענטשן זענען גאָטס קינדער. דער אמתער קאָסמאָפּאָליט — נישט דער אַסימילאַטאָר, וואָס איז אַ נאַציאָנאַליסט — איז טאַקע קעגן יעדן מין נאַציאָנאַליזם".

ער האָט געמאַכט אַ קליינע פּויזע און ווידער אָנגעהויבן: „חברים און חברות! איך האָב באַרירט דעם צווייטן עקסטרעם פון נאַציאָנאַליזם, וואָס איז אגב, ווי ווייט מיר איז באַקאַנט, צוערשט געפּריידיקט געוואָרן פון אונדזער גרויסן נביא ישעיה און געפינט זיך גלייך אין אָנהייב פון צווייטן קאַפּיטל אין זיין באַרימטן והיה באחרית הימים! אָבער דער דאָזיקער וויזיאָנער, אפשר דער גרעסטער פון אַלע צייטן, האָט דעמאָלט שוין תופס געווען: ,ס'וועט זיין אין די לעצטע פון די טעג'. ערשט דאַן וועלן צו גאָטס באַרג שטראָמען די פעלקער. ניין, זיי

וועלן זיך נישט אויסמישן און אויפגעבן זייערע פאָלקס־ספּעציפישקייטן, ווי נאַיווע פריידיקער פון עספּעראַנטאָ שטעלן זיך פאָר און וואָלטן געוואָלט, וואָס איז אָבער צום גליק נישט מעגלעך און אויך נישט צום ווינטשן, ווייל די קולטור וואָלט געוואָרן אָרעם אין אירע פאַרבן, זי וואָלט געוואָרן מאָנאָטאָן. אָבער צווישן די צוויי עקסטרעמען, צווישן נאַציאָנאַליזם און קאָסמאָפּאָליטיזם, זענען דאָ נאָך אידעאָלאָגיעס פון פאַרשידענע שאַטירונגען, ווי דער אינטערנאַציאָנאַליזם, וואָס כלערליי סאָציאַליסטישע פאַרטייען פריידיקן, אָבער נישט אַלע פאַרשטייען אים גלייך. פאַר מאַרקסיסטישע סאָציאַליסטן, למשל, איז פאָטערלאַנד כמעט דאָס זעלבע ווי פאַר נאַציאָנאַליסטן. „מיין פאָטערלאַנד", „דיין פאָטערלאַנד". דער פאַטריאָטיזם איז ביי די רעכטע און אויך ביי די לינקע פונקט אַזוי שטאַרק ווי ביי די שאָוויניסטן".

דער לעקטאָר האָט פריי אָפּגעאָטעמט. ער האָט געהאַט דאָס געפיל, ווי ער וואָלט זיך אַרויסגעכאַפּט פון אַ געדיכטן וואַלד, ווו מ'קאָן פאַרבלאָנדזשעט ווערן און ממשיך געווען: „נו, וועלן מיר אַצינד צוטרעטן צו דער אייגנטלעכער טעמע, אָדער ריכטיקער, צו דער פראַגע אין דער דאָזיקער טעמע, וואָס אינטערעסירט ספּעציעל אונדז". ער האָט גענומען רעדן וועגן ציוניזם, וועגן היסטאָרישע נויט־ווענדיקייטן וואָס האָבן געפירט ביז צו דער מאָדערנער באַוועגונג פון דער נאַציאָנאַלער באַפרייונג, וועגן די פיזישע סיבות, ווי די רדיפות און אויס־מאָרדונגען פון גאַנצע קהילות כמעט אין יעדן לאַנד ווו די יידן זענען געווען אין גלות. דאַן האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אויף דער פּסיכאָלאָגישער זייט, וואָס האָט די יידן תמיד געצוואונגען — און געוואָרן אַלץ דרינגענדער — זיך צו באַפרייען פון גלות, און אויסגעפירט: „די רדיפות און אויסשחטונגען האָבן פאַרטיליקט טויזנטער און הונדערטער טויזנטער פון אונדזער פאָלק, אָבער וועגן דעם וואָלט מען געקאָנט זאָגן: פאַרפאַלן, מיר לעבן נאָך אַלץ אין דער צייט ווען פעלקער, אָדער נאַציעס, פירן מלחמות און מאָרדן זיך קעגנזייטיק אויס. די דאָזיקע טויזנטער יידן וואָלטן געווען אומגעקומען אין די מלחמות, וואָס מיר וואָלטן געמוזט פירן ווען מיר וואָלטן געווען געלעבט אין אונדזער לאַנד און געהאַט אונדזער מלוכה ווי אַלע אַנדערע פעלקער. האָבן מיר דאָך געפירט גענוג מלחמות ביז מיר האָבן אָנגעווירן אונדזער זעלבסטשטענדיקייט און מיר וועלן געצוואונגען ווערן אויך אַצינד אין ארץ ישראל צו קעמפן און צו באַצאָלן אַ בלוטיקן פּרייז פאַר אונדזער נייער זעלבסטשטענדיקייט, וואָס האָט זיך אייגנט־לעך דאָרט שוין אָנגעהויבן מיטן ערשטן איבערפאַל פון די אַראַבער. דאָך איז אַ חילוק, אויב מ'פאַלט אויפן שלאַכטפעלד אין קאַמף מיטן שונא, אָדער מ'ווערט געקוילעט ווי אַ שעפּס. דאַריבער האַלט איך, אַז דער זעלישער חורבן איז אפשר נאָך גרעסער ווי דער פיזישער. אונדזער פאָלקס נשמה ווערט אין גלות צעשטערט פון שטענדיקן געצוואונגען ווערן זיך צו פילן ווי פרעמדע אומעטום ווו מיר לעבן, וואָס רופט אַרויס דאָס וועלן זיך באַהאַלטן און פאַרשטעלן אויף אַלערליי אופנים, פון טוישן דעם נאָמען, ביז זעלבסטפאַרלייקענונג דורך אַסימי־

לאַציע און צום סוף שמד. עס אַנטוויקלט זיך אַ מינדערווערטיקייטס־קאָמפּלעקס, וואָס דערגרייכט ביז זעלבסטהאַס. אין פּאַטריאָטיזם נעמט מען איבערשטייגן — ביז עקל, ביז וואַנזין — דעם ווילדסטן נישט יידישן פּאַטריאָט פונעם לאַנד, וואָס וועקט דאַדורך אויף אַ באַרעכטיקטן חשד און שטייגערט דעם אַנטיסעמיטיזם".

דער לעקטאָר האָט אויסגערעכנט נאָך אַנדערע זעלישע שאָדנס און איז געקומען צום אויספיר, אַז זיי זענען נאָך שוידערלעכער און געפערלעכער פאַרן יידישן פאָלק, אַפילו ווי די שפּאַנישע אינקוויזיציע און אַלע פריערדיקע און שפּעטערע שחיטות.

ווען ער איז פאַרטיק געוואָרן, האָט דאָס דריטע מאָל זיך באַוויזן אויף זיין פּנים דער שמייכל פון פאַרלעגנהייט, און זיך שעמענדיק ווי אַן אומבאַהאָלפן קינד, האָט ער זיך געווענדט צו דער אודיטאָריע: „חברים און חברות! מיין הקדמה, ווי איך האָב ביים אָנהויב מורא געהאַט, האָט זיך טאַקע פאַרצויגן אַזוי לאַנג, אַז אַן אַנדערער אויף מיין אָרט וואָלט אין דער צייט געהאַלטן אַ פיינעם רעפעראַט, אַפילו איבער איינשטיינס רעלאַטיוויטעטס־טעאָריע. אָבער דער שטאָף פון אונדזער היינטיקער טעמע איז באמת רעלאַטיוו". ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן זייגער און געזאָגט: „נו, ווייס איך נישט: זאָלן מיר נאָך היינט — וועגן דער צייט — פירן אַ שמועס, ווי איך האָב פאָרגעשלאָגן, וועגן נאַציאָנאַליזם און אַסימילאַציע, אָדער?"...

„יאָ, יאָ!" האָבן כמעט אַלע גערופן נאָך איידער דוב האָט געענדיקט דעם זאַץ. אַ סך האָבן אים דאַביי געמאַכט איבערגעטריבענע קאָמפּלימענטן: „דאָס איז געווען אַ רעפעראַט, אַ הערלעכער רעפעראַט, און נישט קיין הקדמה!"... „אַ רעפעראַט מיט אַן הקדמה!"... „יעדער רעפעראַט אויף אַ פילאָזאָפישער, אָדער היסטאָרישער, צי אַן אַנדער גייסטיקער טעמע, איז בלויז אַן הקדמה!"... „שטענדיק נאָר אַן הקדמה!"...

דוב האָט געפילט די וואַרעמע באַציִונג, די ליבשאַפט פון די מייִנסטע חברים צו אים, און אַ דאַנקבאַרער, ווי יעדער עניוותנדיקער מענטש, מסכים געווען: גוט חברים. אָבער מיר וועלן זיך היינט נישט פירן פאַרלאַמענטאַריש, פאַרשרייבן צום וואָרט און לאָזן רעדן לויט דער רייע, נאָר אַז ס'וועט עמיץ אַרויסזאָגן אַ געדאַנק און אַ חבר אָדער אַ חברה וועט צום דאָזיקן געדאַנק וועלן עפּעס צוגעבן, אָדער דעם געדאַנק באַשטרייטן, וועלן מיר לאָזן".

2

צום וואָרט האָבן זיך געמעלדעט אויך יענע, וועלכע האָבן נישט וואָס צו זאָגן, אָבער זיי מוזן ביי יעדע געלעגנהייט ווייזן אַז זיי זענען דאָ, אַז כאָטש זיי געהערן נישט צו די „געבילדעטע" און צו די „גרויסע מאָכערס", פאַרשטייען זיי מער ווי יענע. צום גליק זאָגן די מינדסטע פון זיי, כאָטש זיי פּלאָנטערן זיך, אַלץ קורץ, ווי אַקסיאָמעס פון העכסטער חכמה און לעצטער דערקענטעניש, ווי אַ שטייגער: „אַזוי איז מיין מיינונג"! וואָס באַדייט: אַזוי דאַרף עס, אָדער מוז עס

זיין, און נישט אַנדערש! די פּיפּיקע פון אַזעלכע „אַלץ־בעסער־וויסער" ווילן דווקא רעדן אַ סך, „פֿאַר פּייער און פֿאַר וואַסער", ווי מ'זאָגט; נאָר דבורה, די פֿאָרזי־צערין פון יענעם אָוונט, האָט זיי אויף אַ קלוגן און געשיקטן אופן נישט געלאָזט אַוועקנעמען צו פיל צייט.

דאָס וואָרט האָט דאַן באַקומען בן־ציון. ווי שטענדיק איז ער אויך צו דער היינטיקער טעמע צוגעגאַנגען ווי אַ מאַטעמאַטיקער און אויסגעפירט: „די אונ־טערשטע שורה איז: דער מענטש איז איינער פון די אומגעציילטע מינים לעבע־דיקע ברואים און געהערט צו דער קאַטעגאָריע וואָרעמבלוטיקע זייג־חיות. רעלאַטיוו העכסט אַנטוויקלט און זייער אינטעליגענט. אויף וויפיל ס'לאָזט זיך פעסטשטעלן פון זיין באַזונדערער פעיִקייט אויסצודריקן געדאַנקען און שפּראַך און שריפט. אויפן געביט פון אינטעלעקט האָט דער מענטש, די דאָזיקע צווייִ־פיסיקע חיה, זיך כסדר אַנטוויקלט, וואָס דער פאָרשריט פון דער וויסנשאַפט אויף פאַרשידענע געביטן באַשטעטיקט דאָס. נאָר אויפן געביט פון עטיק, וואָס מיר באַצייכענען אויך מיטן וואָרט מענטשלעכקייט — ווי מיר וואָלטן דאַמיט געוואָלט אונטערשטרייכן אונדזער העכערקייט פון דער חיה — דאָ איז די פראַגע: שטייען מיר טאַקע העכער, אָדער גאָר נידעריקער נאָך פון דער חיה? יעדנפאַלס: ביז צום אמתן קאָסמאָפּאָליטיזם האַלטן מיר אַוודאי נאָך זייער ווייט. דאָס קאָן אפשר פאַרווירקלעכט ווערן טאַקע ערשט „באחרית הימים", אין סוף פון די טעג... פאָלקסטימלעך אויסגעדריקט: „ווען משיח וועט קומען"... דער רעזולטאַט פון דעם קאָמפּליצירטן מאַטעמאַטישן פּראָבלעם, איז אַלזאָ: מיר דאַרפן — און ווילן! — אויפבויען אונדזער לאַנד און דאָרט, אין ארץ ישראל, אין אונדזער יידישער מלוכה, ווילן מיר לעבן ווי אַלע אַנדערע פעלקער — די פאָרגעשריטנסטע — אין זייערע מלוכות".

מיטן דאָזיקן אויספיר האָבן טייל נישט געוואָלט מסכים זיין. סענדער, דער געוועזענער ישיבה־בחור מיט היתר־הוראה, האָט געטענהט אַזוי: „איך וועל נישט רעדן דאַריבער: וואָס וועט די וועלט האָבן דערפון, וואָס צו די אַלע מלוכות איז צוגעקומען נאָך איין מלוכה; כ'וועל מיך אויך נישט אַריינלאָזן אין מוסר, אַז מיר יידן טאָרן נישט אויפבויען אונדזער מלוכה אויף די זעלבע יסודות אויף וועלכע ס'האַלטן זיך אַפילו די פאָרגעשריטענסטע. אַז מיר יידן זאָלן אין אונדזער לאַנד לעבן לויט דער מאָראַל און די עטיק, וואָס די נביאים און אַזעלכע ווי הלל האָבן געפּריידיקט און אונדז געלערנט; איך וועל מיך אויך נישט שטעלן אויף אונדזער סקאַרבאָוון „אתה בחרתנו" שטאַנדפּונקט, אַז מיר יידן זענען בטבע פּאַציפיסטן, אַז בלוט פאַרגיסן איז אונדז פרעמד און שווידערט אונדז אויף. והא ראיה: מיר עסן נישט קיין איי מיט אַ בלוטסטראָפּן. ניין, דאָס אַלץ נישט. אָבער מיר ווייסן: יעדעס פאָלק האָט זיין אייגנאַרטיקן כאַראַקטער און האַנדלט, אָדער וואָלט געהאַנדלט (ווען מ'לאָזט) אַנדערש אין געוויסע ענינים. אַז מ'פאַר־טיפט זיך גוט אין די כתבי־קודש און תלמוד — אין אַלץ וואָס מיר האָבן געשאַפן אויפן גייסטיקן געביט — שיילט זיך קלאָר אַרויס אָט־וואָס: אַז אַ געוויסער

טייל פון אונדזער פאָלק, מסתמא אַ מעוט, האָט אָפּט אַלס ערשטער — און שטענדיק אין די פאָדערשטע רייען — מאַרשירט מיטן פאָן פון עטישער דער־קענטעניש און האָט קיינמאָל נישט געקאָנט שליסן קיין שלום מיט דער אומ־גערעכטיקייט. תמיד האָט אַ געוויסער טייל פון אונדזער פאָלק מיט התלהבות זיך אַריינגעוואָרפן אין אַ קאַמף פאַר גערעכטיקייט, מיטרייסנדיק טיילמאָל גרויסע מאַסן. און אַזוי איז עס ביז אויפן היינטיקן טאָג. פרעגט זיך: ווי קאָנען מיר זיך פאַרנעמען צו וועלן לעבן אין אונדזער לאַנד ווי אַלע אַנדערע פעלקער?״.

רויט ווערנדיק און שטיל, אַז מ׳האָט אים קוים געהערט, האָט עזרא — דאָס ערשטע מאָל אין אַן עפנטלעכער דיסקוסיע — באַשטעטיקט, אַז אויך ער איז פון זיין לערנען גמרא און תנ״ך געקומען צו דערזעלבער מסקנא. נאָך עטלעכע, צווישן זיי געוועזענע בית־המדרשניקעס און ישיבה־בחורים, האָבן זיך אָנגערופן: „אוודאי. גאָר קיין קשיא נישט״.

נאָר פישל שמולעוויטש, דער געוועזענער רוסישער סאָלדאַט און דערנאָך פוילישער פּאָליציאַנט, האָט נישט מסכים געווען, נישט מיטן לעקטאָר, נישט אַפילו מיט בן ציונען און אַוודאי נישט מיט סענדערן און די אַנדערע געוועזענע ישיבה־בחורים און בית־המדרשניקעס. „איך בין געווען אַ סאָלדאַט און האָב באַקומען צוויי בענדלעך!״ האָט ער מיט שטאָלץ זיך באַרימט. „כ׳האָב מיך געשלאָגן אין דער מלחמה און בין געווען אין ,פּיערווע ליניע אָגניאַ׳, אויף פאַניעס זייט און אַלס פרייוויליקער אין פּילסודסקעס לעגיאָן, בין פאַרוווּנדעט געוואָרן און באַקומען דריי מעדאַלן! דערפאַר האָט מען מיך אַריינגענומען אין דער פּאָליציי. ווייסעך — און ס׳וועט מיר קיינער נישט קאָנען אָפּלייקענען — ווייל נישט פון ביכער האָב איך געלערנט, נאָר פון זעען מיט מיינע אייגענע אויגן״.

נאָר ער האָט זיך גלייך געכאַפּט און זיך אַנטשולדיקט: „דאָס מיינט נישט, אַז איך שעץ נישט געגנוג הויך אַ בוך. חס ושלום! דאָס זאָלט איר וועגן מיר גאָרנישט דענקען! אַ בוך איז ביי מיר ס׳לעבן! וויפל כ׳האָב געקאָנט האָב איך שטענדיק געלייענט, וואָס איך טו ביז אויפן היינטיקן טאָג. אָבער כ׳האָב מיך איבערגעצייגט, אַז דאָס וואָס ס׳לעבן ווייזט און לערנט איינעם, קאָנען דאָס נישט די ביכער. און איך האָב געזען אַ סך אין מיין לעבן, און האָב מיך צו אַלץ גוט צוגעקוקט און צוגעלייגט דעם קאָפּ. איז „וואָט טשטאָ״, וואָס איך וויל איצט זאָגן אויף פּראָסט יידיש: אַז איין מענטש ביים אַנדערן רייסט אַרויס דעם ביסן פון מויל, אויב יענער לאָזט זיך. דאָס טוט נישט בלויז דער הונגעריקער, נאָר מער נאָך דער, וועלכער האָט געגנוג אַפילו אויף זיין גאַנץ לעבן. ער וויל אָבער האָבן אַלץ מער און מער. דער אַנדערער גייט אים נישט אָן. אין האַנדל וועט דער מענטש, אַפילו מיט די נידעריקסטע מיטלען, זעען אַרויסצושטויסן די אַנדערע סוחרים און פאַרכאַפּן זייערע געשעפטן פאַר זיך. ער וויל איינשלינגען וויפל ס׳לאָזט זיך און וועט זיך פאַר גאָרנישט אָפּשטעלן. בלויז ווען ער זעט אַז דער אַנדערער איז שטאַרקער. דעם פאַבריקאַנט אַרט נישט, אַז זיינע אַרבעטער זאָלן אויסציען די קאַפּיטעס, ייד אָדער נישט ייד, פרום צו נישט פרום — אַלץ איינס. מיין טאַטע

האָט צוערשט געהאַט אַ שטיקל אונטערנעמונג, געהאַלטן עטלעכע מענטשן — האָט אַ קאָנקורענט אים געבערענגט צו באַנקראָט. איז ער געוואָרן אַן אַגענט ביי אַ פירמע — האָט אַ פריינד, דורך רכילות, ביי אים צוגענומען די שטעלע. האָט ער זיך געמאַכט אַ געוועלבל — האָבן די קרעמער פון די אַנדערע גע־וועלבלעך לעם זיינס נישט אַריינגעלאָזט צו אים קיין קונה: אַז זיי האָבן דערזעען וועמען גיין קויפן, זענען זיי אים אַנטקעגן געלאָפן און געריסן צו זיך, פאַרקויפט ביליקער. מיין טאַטע האָט דאָס נישט געקאָנט. איז ער געוואָרן אַ מלמד. איך בין אַוועק אַרבעטן אין אַ פאַבריק".

דאָס אַלץ האָט ער באַצויגן אויף פעלקער, אויף גאַנצע מלוכות, אַז זיי האַנדלען אַלס רבים פונקט ווי דער יחיד, און זיך באַמיט דאָס צו באַווייזן. זיין לעצטער סך הכל איז געווען: „ס'ברעכן טאַקע דאַריבער אויס סטרייקן, אויפ־שטאַנדן, רעוואָלוציעס, מלחמות. ווער ס'איז שטאַרקער — דער זיגט. ווי אַרבעטער און סאָלדאַטן האָבן מיר פועלי־ציון געגרינדעט קבוצות אין ארץ־ישראל און מיר פירן דאָרט כמעט אַ סאָציאַליסטיש לעבן. אין אונדזער יידישער מלוכה וועלן מיר קעמפן, צוזאַמען מיטן אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט, פאַר אַן אַנדערער אָרדענונג אין דער וועלט, פאַר אַ שענער און גערעכטער לעבן — פאַרן סאָציאַליזם, פאַר דער דערלייזונג פון דער גאַנצער מענטשהייט!"

3

פישל שמולעוויטש האָט מיט זיינע פּראָסטע רייד מיטגעריסן אפשר דעם גרעסטן טייל פון די צוהערער. אַפילו דוב דער פילאָזאָף, אויך בן ציון, דער מאַטעמאַטיקער, און צומאַל שושנה, דעם באַנקירס טעכטערל, וועלכע האָט אַפילו ביי אַדאַמען, איר געליבטסטן ברודער, נישט געקאָנט פאַרטראָגן דעם סאָציאַליזם — אויך זי האָט מיט די אַנדערע שטאַרק אַפּלאָדירט דעם פּשוטן מענטש. שוין נישט צו רעדן פון העלענאַ: איר ליבע צו פישלען האָט אין דעם מאָמענט ליידנשאַפטלעך זיך אָנגעצונדן, ווי אַמאָל צו יאַנען ווען יענער האָט גערעדט — נישט פון סאָציאַליזם — נאָר מיט גליענדיקע ווערטער וועגן זיין ליבע צו איר.

ביי העלענאַן האָט זיך ספּאָנטאַן, פריער ווי ביי אַנדערע, אַ הויב געטון אַ האַנט און פון איר מויל האָט זיך אַרויסגעריסן: „כ'בעט אַ וואָרט!" זי איז רויט געוואָרן און די ברוסט האָט זיך ביי איר שנעל געהויבן אַרויף און אַראָפּ — אַזוי האָט אין איר געקלאַפּט דאָס האַרץ. שוין האָט זי חרטה געהאַט אויף איר אימפּולס אַרויסצוטרעטן קעגן איר געליבטן. אָבער זי האָט אַנדערש נישט געקאָנט, און דאָס וואָס האָט זיך פון איר געריסן צו זאָגן, איז אייגנטלעך געווען נישט קעגן איר איצטיקן געליבטן. נאָר קעגן יאַנען — דעם געוועזענעם קריסטלעכן געליבטן. זי האָט דאָס נאַטירלעך נישט געוווסט, נישט געאַנט אַפילו, אַז אינ־סטינקטיוו וויל זי זיך אַצינד נוקם זיין אין יענעם מיאוסן נפש, וועלכער האָט איר ליבע אַזוי באַטראָגן. ס'איז איר נישט איינגעפאַלן, אַז עס רייסט זיך אַצינד

פון איר די גליענדיקע נקמה, וואָס ברענט באַהאַלטן אין איר פון דעמאָלט אָן ווען זי האָט ביי יאַנען געטראָפן דעם גלח און אַנדערע אַנטיסעמיטישע רעדל־פירער און דעם וויסטן כוליגאַן, וועלכער איז דעמאָלט אַרומגעפאָרן איבער דער פּראָווינץ אויפצוהעצן און צו אָרגאַניזירן פּאָגראָמען אויף יידן, און באַלד האָט טאַקע דעמאָלט אויסגעבראָכן דער פּאָגראָם.

העלענאַ האָט נישט געפּרוווט באַוויזן מיט פֿאַקטן, אָדער כאָטש אויף אַ לאָגישן אופן, נאָר אַן אויפגערעגטע פּשוט געשריגן: „ווי קאָן אַ ייד באַהויפּטן אַז מיר זענען גלייך ווי אַלע אַנדערע, אַז ייד אָדער נישט ייד, פרום צי נישט פרום — אַלץ איינס?! האָבן מיר יידן, ווען ס'איז אין אונדזער געשיכטע, געמאַכט פּאָגראָמען אויף אַנדערע פעלקער בלויז כדי צו מאָרדן, אויס לוסט צו פאַרגיסן מענטשלעך בלוט און צו ראַבעווען?! האָבן מיר אַמאָל געצוווּנגען אַנדערע פעלקער צו ווערן יידן און געפּאַלטערט און געמאַטערט מיט די גרויזאַמסטע עינויים, פאַרברענט אויף שייטערהויפנס און אומגעברענגט מיט אַנדערע אַלערליי מיתה־משונות די, וועלכע האָבן זיך נישט געוואָלט שמדן?! האָבן מיר, ווי אַ רבים, אָפּגעטאָן אַזעלכע רציחות, ווי די גויים אין די פּאָגראָמען וואָס זיי מאַכן אויף אונדז?! אויפטרענען בייכער ביי שוואַנגערע פרויען! צעשמעטערן קינדערישע קעפּלעך אין אַ שטיינערנער וואַנט, אָדער אַנגעמען אַ קינד ביי די פיסלעך און עס צערייסן אין צוויי העלפטן! פאַרפייניקן אַלטע יידן צום טויט און דאַביי לאַכן, זיך פרייען! פאַרגעוואַלדיקן בחבֿרותא מיידלעך און פרויען און זיי דער־נאָך אָפּשניידן די בריסטן, דערטרינקען, אָדער איבערשניידן דעם האַלדז! אַרויס־וואַרפן פון לויפנדיקן צוג! וואָלט מען אונדז געקאָנט אויפהעצן אַזעלכעס צו טאָן?!״

ס'האָבן גערעדט נאָך אַנדערע. די דיסקוסיע האָט זיך פאַרצויגן ביז שפּעט אין דער נאַכט און נאָך אַ סך אַנדערע האָבן געוואָלט רעדן. ס'איז דעריבער באַשלאָסן געוואָרן דעם צווייטן אָוונט פאַרצוזעצן.

4

נאָך צומאָרגנס איז געווען אַ הערלעכער פרילינגסטאָג און ס'האָט אַלע, נאָך דער אַרבעט, געצויגן צו פאַרברענגען דעם אָוונט אינדרויסן: אין סאָד, צי ביי דער „סאַזשעלקע״, אָדער אויף דער לאָנקע, און אפשר גאָר אינעם וועלדל. ביחידות, אָדער בחבֿרותא. אַזאַ שיינקייט אין דער פרייער נאַטור האָבן זיי אין דער שטאָט קיינמאָל נישט געקאָנט דערלעבן. און ס'זענען געווען נישט ווייניק פאַרליבטע פּאָרלעך דאָ. דוב און בן ציון, אַליין פאַרליבטע, האָבן געטראַכט אַז ס'וואָלט געווען ברוטאַל, פּשוטער סאַדיזם, צו פאַרלאַנגען פון פאַרליבטע אין אַזעלכע אָוונטן צו בלייבן אין באַראַק. האָבן זיי נאָך דער וויעטשערע געמעלדעט: „היינט וועט די דיסקוסיע נישט פאָרגעזעצט ווערן״. מיט אַ פריילעך געפילדער, ווי שולקינדער ווען זיי ווערן פּלוצעם פריי, האָט חבֿרה זיך אַ לאָז געטאָן צו די זאַכן זייערע, זיך אַ ביסל איבערטאָן. באַזונדערס די מיידלעך; זיי האָבן זיך אויסגעפּוצט אין זייערע צאַצקעס.

גאַנץ פאַרענדערט זענען אַצינד אַלע געווען, פריילעכע און שטראַלנדיקע, אַפילו די גאַר ערנסטע און שטענדיק אַ ביסל שווער אין געמיט.

אָפּגייענדיק אַ שטיקל וועג, האָט ביי די פּאַרליבטע פּאָרלעך זיך אָנגעהויבן אַ געוויסע פּאָרלעגנהייט: יעדעס פּאָרל פון זיי האָט געוואָלט זיך אָפּטיילן פון די אַנדערע חברים און חברות און גיין אַליין ערגעץ. חברה האָט דאָס געפילט און געמאַכט לייכטער פאַר די פּאָרלעך צו פאַרשווינדן. בן ציון איז אַוועק מיט אסתרן, אַ געוויזענע קעלנערין. העלענאַ איז אַוועק מיט פישלען. אבנר מיט דבורהן, די געענדיקטע גימנאַזיסטקע. די בלומענמאַכערין איז אַוועק מיט איר בחור. סענדער איז אַוועק מיט שרהן, די העפטערקע. שושנה איז אַוועק מיט עזראַן.

איבערן גאַנצן וועג צו דער „סאַזשעלקע" האָט דעם באַנקירס מוזינקע גע־האַלטן ביי אַ האַנט איר גלידשוועסטערקינד, דעם אָפּגעציטערטן בן־יחיד, ווי ער וואָלט געווען אירס אַ קליין ברודערל. דער הימל איז געווען אַזוי בלוי און געגלאַנצט ווי אַטלאַס. שושנה האָט נישט געקאָנט אָפּרייסן אירע אויגן פון דער הערלעכקייט אין דאָזיקן אָוונט. „ווי איז עס נאָך אין ארץ ישראל!" האָט זי אויסגערופן אין התפעלות. דעם דאָזיקן פאַרגלייך האָט זי געמאַכט כמעט יעדעס מאָל ווען זי איז געווען באַגייסטערט פון עפּעס אַ שיינקייט אין דער נאַטור. זי האָט אָבער באַמערקט אַז איר עזרא קוקט גאָרנישט צום הימל נאָר צו דער ערד, ווי כמעט שטענדיק, ווען ער איז געגאַנגען מיט איר. פאַרשטייט זיך אַז זי האָט געוואָלט — אויב ער קוקט נישט אויפן הימל — זאָל ער קוקן אויף איר, און נישט האַלטן די אויגן אַראָפּגעלאָזט. אָבער זי האָט געטראַכט אַז ער איז אַוודאי פרום, ווי דער פאָטער זיינער. ער איז טאַקע געגאַנגען אין גימנאַזיע; אָבער נאָך מיטאָג האָט אַ מלמד געלערנט מיט אים גמרא, דער פאָטער האָט אים מיטגענומען צום רבין זיינעם. דאָך האָט זי נישט געקאָנט פאַרשטיין: פאַרוואָס קוקט ער נישט אויפן הימל? — דער הימל איז דאָך נישט קיין מיידל...

זיצנדיק ביים וואַסער, אין וועלכן ס'זענען אַרומגעשווימען אַ סך פיש, האָט שושנה געפרעגט עזראַן: „טאָר אַ פרומער נישט קוקן אויף קיין מיידל, אַפילו ווען זי איז זיינס אַ קרובה?"...

קוקנדיק אין וואַסער, האָט ער איר געענטפערט: „איך בין נישט פרום, שושנה, כ'בין עס קיין מאָל נישט געווען".

שושנה איז געווען איבערראַשט: „ווי אַזוי? — האָסט זיך בלויז פאַר־שטעלט?" — — —

ער האָט איר דערקלערט: „איך האָב מיך נישט פאַרשטעלט. דער מלמד, וועלכער האָט מיט מיר געלערנט גמרא ביז דער לעצטער מינוט, איז געווען אַן אויפגעקלערטער מענטש, הגם אַ פרומער. ער האָט מיר געלערנט דעם „מורא נבוכים"; דאָס איז אַ רעליגיעז פילאָזאָפיש ווערק. אין טאַטנס שטיבל ווינט אַ פרוש. אַ היימלאָזער. שבת עסט ער ביי אונדז. אַ מאָדנער מענטש, אַ טיפער דענקער. כ'האָב אים זייער ליב. אָפט פלעג איך מיך אַריינכאַפּן צו אים אין

שטיבל און פאַרפירן מיט איך אַ שמועס וועגן גאָט. די דאָזיקע געשפּרעכן האָבן מיר אַ סך געגעבן".

„פּאַר וואָסזשע", האָט שושנה אים איבערגעריסן און געמאַנט אַן ענטפער, „קוקסטו שטענדיק אויף דער ערד און נישט אויף מיר ?"...

„איך ווייס אַליין נישט פאַרוואָס ; אַזאַ געוווינהייט ביי מיר. כ'ווייס נישט ווי אַזוי דאָס איז געקומען צו מיר".

„ווייסטו דאָך גאָרנישט צי איך בין שיין, אָדער מיאוס"...

ער האָט געענטפערט אַ באַגייסטערטער : „איך ווייס"...

זי האָט אים געקיבעצט : „ווי אַזוי, אַז דו האָסט אויף מיר נאָך קיינמאָל קיין קוק נישט געטאָן"...

ער האָט געשמייכלט אַ ביסל פאַרשעמט : „איך זע דיך, אַפילו ווען דו ביסט נישטאָ לעם מיר"...

זי האָט אים ווייטער געקיבעצט : „נו, בין איך שיין, אָדער מיאוס ?"...

ער האָט נישט געענטפערט, נאָר זי אָנגעקוקט מיט אַזאַ צעלויכטענער ליבע אין זיינע קאָרנבלומבלויע אויגן, אַז איר פּנים האָט גענומען פלאַמען און זי האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן... זי האָט געפילט ווי רויט זי איז געוואָרן, ווי אויפ־געשטורעמט ס'האָט אין איר דאָס בלוט און אויפגעקוואָלן אירע ברוסטן, ביז ווייטיק, ביז צום פּלאַצן, און דאָס האַרץ קלאַפּט אין איר אַזוי שטאַרק, אַז זי קאָן אַזש דעם אָטעם נישט כאַפּן... זי האָט אַזש אויפגעהערט צו קאָנען טראַכטן, ס'האָט זיך איר גענומען מישן אין קאָפּ און פאַר די אויגן האָבן גענומען שפּרינגען פונקען... בלויז איין געדאַנק איז אין איר געבליבן וואַך און האָט זי געמונטערט : „קום צו זיך !"... זיך גובר זייענדיק מיט אַלע כוחות, איז זי פּאַמעלעך געקומען צו זיך. זי האָט זיך שטענדיק, ווען זי איז געווען אַליין מיט איר געליבטן, געהאַלטן פעסט אין די הענט. דאָס ערשטע מאָל אַז ס'איז געקומען אַזוי ווייט מיט איר...

ביידע האָבן לאַנג געשוויגן. שושנהן איז קאַלט געוואָרן, ס'האָט זי געפרעסטלט. עזרא האָט באַמערקט אַז זי ציטערט און געוואָלט זי אַרומנעמען, כדי צו וואַרעמען. זי אָבער האָט זיך גאָר אָפּגערוקט פון אים. ער האָט זי אָנגעקוקט מיט דערשטוינטן בליק, אין וועלכן ס'איז געווען אַ פאַרצווייפלטע פראַגע, אויב ער איז באַגאַנגען עפעס אַ פעלער וואָס האָט זי געקרענקט. זי איז דאַריבער אויפגעשפרונגען, האָט מיט גרויס צערטלעכקייט אָנגענומען זיין האַנט און געזאָגט : „קום, לאָמיר גיין אַ ביסל !"

אין דער גרויסער שטאָט זעען די מענטשן בלויז דעם טאָג און די נאַכט ; די פאַרנאַכטן און די פאַרטאָגן זעען זיי קוים. אַנדערש איז עס אין דאָרף : דעם בין־השמשות און דעם כאור דערלעבן די מענטשן אפשר שטאַרקער ווי די אַנדערע צייטן פונעם מעת לעת.

שושנה האָט אַצינד געקוקט אויף איר געליבטן מיט גרויס מיטלייד און מוטערלעך. כמעט פון דער ערשטער רגע אָן אין דער הכשרה איז צו איר ליבע צוגעקומען אַ שטאַרק מוטערלעך געפיל צו עזראן. זי האָט גלייך פון ערשטן

מאָמענט אָן באַמערקט, ווי שווער איר געליבטן קומט אָן דאָס ענדערן זיין לעבן, דאָס איינבערעכן זיך. אַפילו אין דער היים איז זיין פּנים געוועזן אַ ביסל בלאַס און ווי אָפּגעצערט און געגאַנגען איז ער עטוואָס איינגעבויגן. דאָ — אַזוי דוכט זיך איר — איז ער נאָך בלייכער געוואָרן און גייט נאָך איינגעבויגענער ווי אין וואַרשע. אָבער נישט דאָס ערשטע און נישט דאָס צווייטע שטימט. אַדרבא; די פאַרב אין זיין פּנים איז געוואָרן אַ סך אַ געזונטערע און דער רוקן אַ ביסל אויס־געגלייכטער. זיין בלאָנד בערדל — ער ראַזירט עס נאָך אַלץ נישט וועגן פאָטער — איז שיטער און צעוואָרפן אין אינזלעלעך איבערן פּנים. (זי האָט אים אַליין געזאָגט, אַז ער זאָל זיך אָנהויבן ראַזירן ערשט אין ארץ־ישראל, כדי נישט צו האָבן קיין סקאַנדאַלן מיטן פאָטער). ביים עסן זיצט זי שטענדיק לעם איר עזראַן און וואַרפט אָפּט אַריין אין זיין טעלער עפּעס פון אירן. טיילמאָל קומט זי צו אים ווען ער אַרבעט, זעט ווי ער שוויצט און וויל העלפן. נאָר ער וויל דאָס נישט. זי גלייכט אים ביים גיין אַצינד אויס די פּלייצע און פרעגט אים: „פאַר וואָס גייסטו איינגעבויגן?” ער פאַרענטפערט זיך: אַ שלעכטע געוווינהייט, עפּעס ביי אַלע, וועלכע לערנען גמרא, איז דאָס זעלבע: גיין איינגעבויגן און קוקן צו דער ערד. אויך ביי סענדערן אַזוי”.

שושנה האָט אים ווידער געמוסערט קיבעצן: „מורא צו קוקן אויף אַן אישה... קוק אַרויף צום הימל!... זע די שטערן” !... ווידער האָבן ביידע זיך געהאַלטן ביי די הענט. איצט אָבער זענען זייערע פינגער געווען פאַרפלאָכטן. און אָט איז ער שטיין געבליבן. זי אויך. ער האָט געקוקט אויף איר מיט אַזוי פיל צערטלעכקייט, מיט אַזוי פיל ליבע און געבעט... זי האָט געפילט זיין פאַרלאַנג זי צו אומאָרמען און קושן, שוין נישט דאָס ערשטע מאָל; אָבער זי האָט זיך עפּעס פאַרגענומען, וואָס זי האָט אים ביז איצט נאָך נישט געזאָגט. אין זיין בליק האָט זי אַצינד געזען די זעלבע פאַרצווייפלטע פראַגע פון פריער: אויב ער האָט זי מיט עפּעס געקרענקט, אויב זי איז בייז אויף אים. זיין בליק איז געוואָרן נאָך פאַר־צווייפלטער און געפרעגט: „ליבסטו מיך נישט?”... זי האָט געטראַכט: ווי באַיוו ער איז!... ווען ער זאָל וויסן ווי שטאַרק איך מוז קעמפן מיט מיין פאַר־לאַנג אים אומאָרמען און ווי איך לייד דאַביי!... זי האָט באַשלאָסן אים איצט צו זאָגן וואָס זי האָט זיך פאָרגענומען און אָנגעהויבן: „עזרא... הער... איך וויל דיר עפּעס זאָגן אַצינד.. נאָר זאָג מיר צו אַז דו וועסט נישט לאַכן פון מיר!”...

זיין האַרץ האָט געקלאַפּט צום פּלאַצן. ער האָט איר קוים געקאָנט ענטפערן: „ניין, כ'וועל נישט לאַכן, שושנה”.

„וועסט מיך פאַרשטיין?”...

„יאָ, כ'וועל דיך פאַרשטיין; כ'וועל מיך באַמיען דיך צו פאַרשטיין”.

זי האָט אַרויפגעקוקט צו אים מיט אַ פייערדיקן בליק: „אָט וואָס”... זי האָט געשוויגן אַ גאַנצע מינוט. אין אירע קיילעכדיקע, גרויסע קאַרשנאויגן האָט געגליט איר ליבע און אַ פאַנאַטישער באַשלוס. „הער אויס!” האָט זי ווידער

אַנגעהויבן: „איך האָב באַשלאָסן אַז דעם ערשטן קוש זאָלן מיר זיך טאָן ביים אַרויפטרעטן אויף דער הייליקער ערד".

עזרא איז געבליבן אַ ביסל צעטומלט. אָבער ער האָט נישט געפּרוּווט צו ענדערן איר באַשלוס. נאָך אַ ווײַלע שווייגן האָט ער צו איר געזאָגט: „איך פאַרשטיי דיך, מיין שושנה"...

5

זיי האָבן זיך ווידער אַנידערגעזעצט, אַצינד נישט ווייט פונעם ווערלדל. וועגן זיך און זייער ליבע האָבן זיי מער נישט גערעדט. זיי האָבן אָפּגעמאַכט צווישן זיך, אַז חתונה האָבן וועלן זיי ערשט אין ארץ־ישראל און וועגן זייער ליבע — אויב ס'וועט די עלטערן נישט אויפפאַלן און זיי נישט פרעגן — גאָרנישט צו רעדן מיט זיי. צוליב וואָס? שושנה האָט געוווּסט, אַז איר מוטער וועט זיין דאַקעגן, פונקט ווי עזרא האָט געוווּסט, אַז זיין פאָטער וועט נישט באַשטיין אויפן דאָזיקן שידוך צוליב געוויסע טעמים. ביידע האָבן אַצינד גערעדט וועגן זייערע עלטערן און זענען דאַביי אַריינגעפאַלן אין אַ טרויעריקער שטימונג, באַזונדערס עזרא. ער האָט צום ערשטן מאָל איצט זיך פאַרטרויט פאַר זיין געליבטער וועגן זיין ליידן צוליב דעם אומגליקלעכן פאַמיליענלעבן פון זיינע עלטערן: „ווען כ'בין אַלט געווען אַ יאָר 10, האָב איך שוין דעמאָט באַמערקט, אַז מיין טאַטעשי פייניקט זיך וועגן דער מאַמעשי, און אַז אויך זי ליידט. כ'האָב דעמאָלט נאָך נישט פאַרשטאַנען וואָס צווישן זיי קומט פאָר. שפּעטער אָבער האָב איך באַגריפן: דער טאַטעשי ליבט די מאַמעשי אויסערגעוויינלעך. אַזאַ פרומער, אַזאַ גרויסער חסיד, און פאַרליבט — נישט ווי אַ מענטש אין זיינע יאָרן, נישט ווי איינער, ביי וועלכן דער עיקר דאַרף זיין די ליבע צו גאָט, וועלכער איז פאַרנומען פון מסחר און קאָן ווייניקער אין זינען האָבן זיך, זיינע געפילן. ער איז פאַרליבט אין דער מאַמעשי ווי אַ יונגער בחור, ווי אַ העלד פון אַ ליבעס־ראָמאַן... די מאַמעשי אָבער. איך ווייס נישט"...

ער האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן, ווייל ער האָט גאַנץ גוט געוווּסט וועגן דער מוטערס האַנדלונגען קעגן דעם פאָטער זיינעם. אויך האָט ער אין שושנהס אויסדרוק דערקענט, אַז זי ווייסט וועגן דער גאַנצער זאַך. כדי אָפּצולענקען דעם געליבטן — שושנה האָט געזען ווי ער פייניקט זיך וועגן זיינע עלטערן — האָט זי אים דערציילט וועגן דער פלוצעמדיקער קאַטאַסטראָפאַלער לאַגע אין איר פאָטערס געשעפטן, וואָס מ'האָט איר געשריבן פון דער היים, און געענדיקט: „דאָס זעלבע, וואָס ס'געשעט מיט אַלע יידישע געשעפטן און אונטערנעמונגען, אַפילו מיט די גרעסטע. דאָס האָט די אַנטיסעמיטישע שטייער־פּאָליטיק און דער בויקאָט דערגרייכט. דאָס יידישע לעבן דאַביי ברעכט צוזאַמען, נישט בלויז עקאָנאָמיש, נאָר אויך מאָראַליש. אונדזער יידיש לעבן אין גלות גוססט. מיר מוזן אָנהייבן אַ ניי לעבן — אין אונדזער לאַנד!"...

זיי זענען אויפגעשטאַנען און האָבן גענומען גיין צוריק אין באַראַק. אָפּ־

גייענדיק אַ 10—15 מינוט האָבן זיי דערהערט זינגען העברעיִשע לידער. נאָכגייענדיק די טענער פונעם געזאַנג, זענען זיי צוגעגאַנגען צו די סטויגעס היי און שטרוי. דאָרט זענען אַצינד געווען אַלע חברים און חברות, אויך די פּאָרלעך, וועלכע האָבן זיך, ווי זיי פריער, אָפּגעשיידט און זענען פאַרשוווּנדן — יעדעס פּאָרל אין אַן אַנדער ריכטונג. האַנט אויף אַקסל, אַלע אין אַ ראָד, האָבן די פאַרזאַמלטע איצט געזונגען און געטאַנצט אַ „האָראַ". שושנה — עזראן ביי דער האַנט — האָט דורכגעריסן דאָס ראָד ביי העלענאַן און פישלען און זיך איינגעשלאָסן דאַרין. איין אָרעם אויפן געליבטן און דעם צווייטן אויף העלענאַן, ער — איין אָרעם אויף דער געליבטער און דעם צווייטן אויף אַ חבר, די קעפּ פאַרוואָרפן אויף אַ הינטער, די אויגן צום אויסגעשטערנטן הימל — האָבן זיי געטאַנצט און געזונגען. אַלץ ווילדער און ווילדער איז געוואָרן דער דאָזיקער חלוצישער טאַנץ, אַלץ שטאַרקער דאָס געזאַנג פון דערהויבענער פרייד.

קאַפּיטל דרייסיק

# דער סוף דורך אַ באָמבע

1

ר' מנשהלע שוואַרץ איז נישט מער געווען אַזאַ גביר ווי פריִער. פון אַלע זיינע הייזער איז אים געבליבן בלויז דאָס איינע, אין וועלכן ער וווינט, צוזאַמען מיט די געמויערן אינעם הויף. אָבער דערויף איז ער געווען שולדיק היפּאָטעקן אויף היפּאָטעקן, צינזן אויף צינזן, חוץ די חובות, וואָס ער איז שולדיק דעם מאַגיסטראַט. דאַן דאָס שטייעראַמט: דאָרט האָט ער צו באַצאָלן כמעט אַזוי פיל וויפל ס'הויז איז ווערט. אייגנטלעך איז דער געוועזענער מיליאָנער אַ גרויסער אביון אַצינד, נישט געקוקט, וואָס אין זיין הויז פירט זיך נאָך ווי ביי אַ גביר און ער האָט די מאַכט איבער אַ סך מענטשן (וואָס וווינען ביי אים) זיי אַוועק־צונעמען דעם דאַך איבערן קאָפּ. זיין שניטגעשעפט גילט נאָך אַלץ פאַר גרויס און שיין, הגם נישט מער פאַר דאָס גרעסטע און שענסטע אין דער רייכסטער יידישער האַנדלסגאַס. אינעם געשעפט זענען נאָך דאַ עטלעכע אַנגעשטעלטע; די מיינסטע אָבער, צוזאַמען מיט דער קאַסירעריך, זענען שוין לאַנג אָפּגעזאָגט געוואָרן. די פּאָליצעס זענען נישט מער אַזוי אָנגעשטאָפּט מיט סחורה. די דאָזיקע גרויסע ירידה איז נישט געקומען, ווייל ר' מנשהלע שוואַרץ האָט נישט שנעל גענוג געכאַפּט דעם שניט פון דער נייער צייט מיט אירע נייע משונהדיקע גע־שמאַקן, אָדער ווייל ס'זענען אויפגעקומען קלוגערע, פלינקערע, מער געריסענע געשעפטסלייט ווי ער איז און זיי האָבן אים דורך זייער קאָנקורענץ אַוועקגע־

לייגט; ניין, לגמרי נישט. דען אַלע, אַפּילו די פּיפּיקסטע, האָבן פאַרשפּילט. זיי — און ר׳ מנשהלע בתוכם — זענען באַזיגט געוואָרן דורכן באַיקאָט, וועלכער איז אַלץ שאַרפער געוואָרן און דורך דער אַנטיסעמיטישער שטייערן־פּאָליטיק, וואָס האָט זיך געשטעלט אַ ציל אַרויסצושטופּן די ייִדן פון האַנדל און מלאכה.

נאָר ביי ר׳ מנשהלען איז צוגעקומען נאָך אַ סיבה, וואָס איז געווען שולדיק אין זיין ווערן פאַראָרעמט: ס׳איז געווען די פּערזענלעכע טראַגעדיע. דאָס אומ־גליקלעכע פאַמיליענלעבן האָט אים נישט געמאַכט בלויז פּאַסיוו און אַפּאַטיש, נאָר ס׳האָט אים אין גאַנצן צעבראָכן. ער האָט פאַרלוירן די ערד פון אונטער די פיס. ס׳איז אים איבערגעבליבן בלויז דער גלויבן אינעם בורא־עולם. אָבער אויך דער דאָזיקער פעלדז האָט זיך שוין אָנגעהויבן וואַקלען אונטער אים, ער האָט דאָס דערפילט און זיך גענומען קלאָמערן אַרום זיין גאָט. „ער איז מיין גרויסער אוצר!״ האָט דער חסיד, ווי אין פאַרצווייפלונג, צו זיך אַלע מאָל געזאָגט. „פון דאָזיקן אוצר טאָר נישט געמינערט ווערן איין פּרוטה!״

2

ס׳איז געווען פּורים אין דער פרי. אַ גאַנץ גרויסער פראָסט נאָך און דער שניי געגנוג הויך. ר׳ מנשהלע שוואַרץ איז ווי יעדן טאָג געקומען אין געשעפט אַריין פריִער ווי די אָנגעשטעלטע. ער האָט זיך געריכט אויף אַ סך פדיון, ווייל פּורים האָבן ייִדן צייט און זענען גוט אויפגעלייגט, און צו פּסח איז נישט מער ווי פיר וואָכן. פון פּורים האָט דער דאָזיקער חסיד סיי ווי נישט צו שטאַרק געהאַלטן און די גאַנצע מעשה פון דער מגילה איז אים נישט צו פיל געפעלן. „עפּעס אַ יפהפיה אסתר״, פלעגט ער זאָגן, „אַ פלימעניצע פון איינעם, וואָס האָט זיך געדרייט אין אחשורושס הויף, האָט זיך, גלייך מיט אַנדערע אַזעלכע פיינע בתולות, געלאָזט באַקוקן — און מן הסתם באַטאַפּן — פונעם קעניגס סריסים. זי איז זיי געפעלן און זיי האָבן דאָס „שטיקל סחורה״ געוויזן דעם מלך זייערן, דעם מיאוסן בעל־עבירה און שיכור, און ער האָט זי גענומען פאַר אַ ווייב, נאָך דעם ווי ער האָט זיין פרוי, מיט וועלכער ער האָט אָפּגעלעבט אַ סך יאָרן, גע־לאָזט קעפּן, ווייל זי האָט נישט געוואָלט ווייזן איר נאַקעטקייט פאַר פרעמדע באַזויפענע מענער. און אָט די דאָזיקע שיינע „צנועה״ אסתר זאָל דער רבונו של עולם האָבן אויסדערוויילט פאַר דער גרויסער שליחות צו ראַטעווען זיין פאָלק ישראל פון פאַרטיליקונג?!... עפּעס בעסערס האָט דער הקדוש־ברוך־הוא שוין נישט געקאָנט געפינען פאַר אַזאַ הייליקער שליחות? קיין אַנדערן וועג, ווי נאָר דורך זנות האָט ער נישט געוווּסט?״...

דער דאָזיקער גרויסער חסיד — און נישט קיין נאַר אַפילו אין זיין פרומ־קייט — האָט נישט גאַנץ געגלייבט אין דער גאַנצער מעשה און נישט געוואָלט צוליב איר, דאָצו נאָך אין אַ שלעכטער צייט, פאַרלירן פדיון. (סיי ווי האָט ער שטענדיק ביי זיך אין שטיבל געדאַוונט מיטן צווייטן מנין). ער האָט אַרויס־גענומען אַ גרויסן בונט שליסלען פון דער הויזן־קעשענע און גענומען אויפ־

שליסן די שלעסער: צו ערשט דעם גאָר גרויסן שלאָס פונעם מיטלסטן פרענט, דערנאָך די צוויי קלענערע, פונעם אויבערשטן און אונטערשטן פרעגט. ער האָט דאַביי געשמייכלט אין זיינע וואָנסעס אַריין: „דריי אייזערנע פרענטן... דריי שלעסער... נאָר עפּענען קאָן מען זיי גאַנץ גרינג, מיט קליינטשיקע שליסלען; מען מוז נאָר וויסן דעם סעקרעט... אָבער דעם סעקרעט ווייסט בלויז דער באַלעבאָס"...

האָבנדיק געעפנט דאָס געשעפט, איז ר׳ מנשהלע אַ ווײַלע נאָך געשטאַנען פאַר דער טיר. ס׳האָט אים דורכגענומען די מחיהדיקע לופט היינט, וואָס איז געקומען פונעם קעגנאיבערדיקן „קראַשינסקיס" גאָרטן. דאָס איז זעלטן געשען מיט דעם חסיד, ווייל די שיינקייט פון דער נאַטור האָט ער כמעט קיין מאָל נישט באַמערקט, ער האָט זיך נישט געוואָלט אויף איר אומקוקן און נישט געוואָלט נהנה זיין פון אירע טייערע ריחות. היינט אָבער האָבן זיך זיינע נאָז־לעכער אָזש צעשפרייט און טיף אַריינגעצויגן די פרישע שניי־לופט, וואָס האָט געהאָט אין זיך אַלערליי דופטן. דאָס קורצע, אָבער זשוואָווע ייִדל אינעם לאַנגן שוואַרצן פוטער, האָט אַראָפּגענומען פונעם קליינעם נעזל די שוואַרצע ברילן, געפינטלט מיט די אויגן אויף דער בלענדנדיקער ווייסקייט אַרום און זיך גע־חידושט: „שמעקט אַזוי דער שניי?" ווי אַ זיסע קילקייט האָט די לופט אים געקיצלט אין דער ברוסט און איז זיך צעגאַנגען אין אַלע זיינע אברים. דער הימל איז געווען בלויז אַ קליין ביסל פאַרוואָלקנט. די בלויקייט האָט געגלאַנצט און די זון האָט געבליאַסקעט.

ר׳ מנשהלע — אַ זהיר בעבירה — האָט צוריק אָנגעטאָן די שוואַרצע ברילן און געטראַכט: „ס׳איז דאָך שוין נישט לאַנג צו פסח, ,הסתו עבר׳"... ער איז אַריין אין געשעפט. ווידער האָט ער אויסגעטאָן די שוואַרצע ברילן, זיך אַרומ־געקוקט, און געזען, אַז די פּאַליצעס זענען האַלב ליידיק. די אָנגעשטעלטע זענען געקומען אַקוראַט צו דער מינוט. אַ פאַרקויפערין (נאָך אויף דער לער) האָט אָנגעצונדן די גאַזאויוונס און ס׳איז געוואָרן וואַרעם. דער בעל־הבית האָט אויס־געטאָן זיין פוטער און זיך אַוועקגעזעצט אין דער „גלעזערנער שטייג", פאַר דער בליצנדיקער ניקלקאַסע, ווו ס׳פלעגט פריִער זיצן די יפהפיה מיט די לאַנגע רויטע נעגל און אָפּגעמאַלעוועט פנימל און זיך כסדר שפּיגלען, פודערן דאָס נעזל און זיך פאַרבן די ליפעלעך. ר׳ מנשהלע איז אַצינד נישט בלויז דער קאַסירער, נאָר אַפילו דער בוכהאַלטער און פאַד־בוכהאַלטער. באַמערקנדיק ווי אַ פאַר־קויפערין — קוים אַריינגעקומען — האַלט שוין פאַר זיך דאָס שפּיגעלע און זוכט אַרום אין איר פנים וואָס צו טאָן: אפשר אַ הערעלע פון אַ ברעם אַרויסצופּן? אַ שפּאַרעלע טונקלער מאַכן אונטער די אויגן, אָדער די לעדנדלעך? אפשר אַ לעק רוזש? אַ טראָפּעלע פודער? צי גאָר אַ רירעלע מיטן קאַרמענשטיפט איבער די ליפּן? — דאָס אָבסערווירנדיק, האָט דער בעל־הבית גענומען חוזקן: „זיי זענען אַזוי אויך שיין... די פּאַצעטלעך לויפן אינען מסתמא נאָך"...

ער האָט זיך גענומען צו די גרויסע און דיקע געשעפטסביכער. ווידער האָט

ער געזען די גרויסע חובות וואָס ער האָט צו צאָלן, ווי קליין ס'איז די הכנסה און ווי גרויס די הוצאה. און אַז די שטייערן, וואָס ער איז שולדיק באַטרעפן שוין אַוודאי מער וויפל ס'איז ווערט די סחורה אינעם געשעפט. ער האָט געטראַכט און געזיפצט: „אַ שאַרפע צווייזייטיקע שווערד: וועלעך די שטייערן באַצאָלן — איז מיר דער האַלדז דורכגעשניטן; וועלעך נישט באַצאָלן... אַ האַרץ האָט אים געזאָגט, אַז די שטייער באַאַמטע, די „שוחטים", וועלן היינט קומען און פאַר־חתמענען דאָס געשעפט. באַצאָלן דעם חוב קאָן ער נישט, און נאָך לענגער וואַרטן וועלן זיי נישט. זיין מוח האָט געאַרבעט איבער פּלענער, ווי אַזוי זיך אַרויסצו־דרייען פון דער שלעכטער לאַגע. פּלענער האָט ער געהאַט גענוג. ער האָט געצופּט זיין רויטע שיטערע באָרד, וואָס האָט אָנגעהויבן שנעל גראָ ווערן.

נאָר אַלע זיינע פּלענער און חשבונות האָבן אים צו גאָרנישט געפירט. באַלד זענען אים געקומען אין קאָפּ אַריין אַנדערע מחשבות, וואָס האָבן מיט מסחר גאָרנישט געהאַט צו טאָן. ווידער האָט ער געטראַכט וועגן דער „מגילה", וועגן דער מעשה מיט אסתר המלכה. אַצינד אָבער האָט אים עפּעס דאָביי געצוואונגען צי־ען, שטאַרק פּייניקן; דאָך נישט צום ערשטן מאָל. נאָר די אסתר המלכה (דאָס איז אַצינד געשען צום ערשטן מאָל) האָט דער פרומער ר' מנשהלע געזען אין זיין דמיון אַ נאַקעטע: ווי זי ווערט געזאַלבט מיט טייערע אייִלען און אַלערליי בשׂמים און מור... זי איז זייער שיין, ווי ס'שטייט געשריבן: „והנערה יפת תאר וטובת מראה"... ער האָט געזען פאַר זיך, ווי הגי פירט זי צום מלך אחשורוש אין קע־ניגלעכן שלאָס... ער האָט אסתרן פאַרגליכן צו שרהלען זיין פרוי, ווי זי האָט אויסגעזען באַלד נאָך דער חתונה... שיין איז זי געווען, זייער שיין... לאַנגע, בלאָנדע האָר... ווייכע, ווי קאַשמיר... יעדעס מאָל ווען ער האָט זיי געהאַלטן אין האַנט איז אים דורכגעגאַנגען אַ זיסקייט איבערן גאַנצן לייב... זי האָט זיך נאָך דער חתונה נישט געלאָזט אָפּשערן די האָר. ער האָט זיך דערמאָנט, ווי זיין מוטער האָט זיך ביי שרהלען געבעטן, אַז זי זאָל זיך אָפּשערן די האָר; זיין מאַמע האָט איר געזאָגט מוסר, זי געזידלט און אַפילו געשאָלטן, אָבער ס'האָט גאָרנישט גע־האָלפן. די ערשטע פאָר וואָכן האָט שרהלע געטראָגן עפּעס אַ שייטל, נאָר אַזוי, אַז ס'איז סיי ווי נישט געווען קיין גרויסער חילוק, ווייל זי האָט אירע האָר אַריבערגעקעמט איבערן שייטל. און באַלד האָט זי עס אין גאַנצן אַראָפּגעוואָרפן פון זיך. ביידע, די מאַמע און דער טאַטע — זיי זענען שוין לאַנג אין גן־עדן — האָבן אים דעמאָלט געהייסן גטן די פרוי: ווייל זי איז אַ חצופה, אַ נפקא. ער האָט זיי אָבער נישט געפאָלגט. ער האָט שרהלען דעמאָלט ליב געהאַט, זי האָט אים אָפּגעטאָן אַ כישוף... ער האָט זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן ווי אַזוי ער וועט לעבן אָן איר איין טאָג. דערנאָך האָט ער איינגעזען ווי גערעכט זיינע עלטערן זענען געווען.

ווידער האָט דער פרומער ר' מנשהלע זיך געפּייניקט: „ווי איז מיר! נישט ווייל זי איז אַ צדיקת, נישט מיט אירע מצוות און מעשׂים טובים האַלט זי מיך אַזוי פעסט ביז אויפן היינטיקן טאָג, נאָר מיט איר זינדיק לייב. זי איז דאָך

אַ זונה, ממש אַ זונה, און אַ שלעכטע דאַצו! זי האָט מיך ליב צו פּייניקן, מיר אַרויסצוצי̆ען די עצמות, מיך צו דערנידעריקן, צו טרעטן אויף מיר מיט די פיס, מיך צו טרייבן צום טויט, אַז כ׳זאָל מיר אַליין, חס ושלום, אָנטאָן אַ מיתה. זי איז אַ מכשפה, זי האָט מיך פאַרכישופט, צו טאָן וואָס זי וויל״... ער האָט זיך דער־מאָנט, ווי שרהלע (ווען זי איז געווען אַ כלה) פלעגט אים דורך פאַרשידענע קלוגע מיטלען און אַלערליי אויסגעטראַכטע שפּיצלעך, קריגן דאַצו, אַז ער זאָל זיך מיט איר טרעפן אויף פאַרבאָרגענע ערטער און זי קושן... שוין אין דער חופּה־נאַכט האָט זי אים געצוווּנגען מיטן כוח פון איר כישוף עובר צו זיין אויף דינים פונעם שולחן ערוך... שפּעטער האָט זי זיך אָפּט מאָל אַוועקגעשטעלט פאַר אים אין גאַנצן אַ נאַקעטע — ווי די מאַמע האָט זי געבוירן — און אים געפרעגט: „ווי זע איך אויס?״... זי האָט זיך צעלאָזט די האָר, זיי צעשפּרייט און זיך אין זיי איינגעהילט ווי אין אַ גאָלדענעם שאַל ביז דער טאַליע... אַזוי איז זי געשטאַנען פאַר אים...

זיינע נאָזלעכער האָבן זיך צעשפּרייט, ווי אין דרויסן, ווען ער האָט געעפּנט ס׳געשעפט. זיי האָבן אַצינד אַריינגעאָטעמט אין זיך — נישט די פרישע, שניייקע, ערב־פרילינגדיקע לופט — נאָר יענעם דופט, אין וועלכן דער זכרון פון זיין חוש הריח האָט זיך דערמאָנט: דעם שווערן, פאַרשיכורנדיקן דופט פון פּערפיום, וואָס שרהלע פלעגט באַנוצן נאָך דער חתונה. ער האָט אָנגעהויבן ציטערן, פאַרגעסן ווו ער איז; פון דער „גלעזערנער שטייג״ איז געוואָרן זיין שלאָפצימער, פון דער ניקל קאַסע — שרהלעס בעט... זי איז אַצינד אַ סך שענער ווי זי איז געווען באַלד נאָך דער חתונה: פולער, ברייטער, צעוואַקסענער...

אינעם געשעפט האָבן היינט די אָנגעשטעלטע געהאַט אַ סך צו טאָן. די טיר האָט נישט געהוט: קונים זענען אַריין און אַרויסגעגאַנגען. באַזונדערס אָבער אָרעמע לייט און זאַמלער פון אַלערליי צדקה־חברות, סתם גבאיטעס און שיינע ייִדן, ווי ס׳פירט זיך פורים. דער בעל־הבית ביי דער קאַסע האָט צוגענומען געלט פון די קונים, געגעבן נדבות; אָבער ער האָט דאָס אַלץ געטאָן ווי אין חלום. זיינע געדאַנקען און געפילן זענען אַצינד געווען באַשעפטיקט נאָר מיט שרהלען, מיט זיין אומגליקלעך פאַמיליען־לעבן. ער האָט געזען פאַר זיך ווי זי גיט זיך אָפּ די דייטשע אָפיצירן, מיט וועלכע זי פלעגט האָבן צו טאָן אין דער צייט פון מלחמה צוליב פאַרשידענע מסחרים. דאָס האָט ער אַצינד געזען פונקט אַזוי בולט, ווי די גליקלעכע מאָמענטן (זיי זענען אַצינד אַרויסגעשווומען פאַר אים) ווען זי האָט זיך אים אָפּגעגעבן. זיינע ליידן — פון יענעם מאָמענט אָן ווען ער האָט שרהלען אָנגעהויבן חושד זיין אין פאַרראַט, און נאָך שטאַרקער ווען ער האָט זיך אין איר פאַרראַט איבערגעצייגט — זענען געווען שרעקלעך.

ער האָט נישט אויפגעהערט זיך צו פּייניקן (און פּייניקט זיך איצט ווידער דעריבער) ווייל ער האָט שרהלען געלאָזט גיין צום דייטשן קאָמענדאַנט נאָך אַ קאָנצעסיע. אמת, ער האָט זי נישט געשיקט, זי איז אַליין געגאַנגען; אָבער ער האָט זי נישט באַדאַרפן לאָזן גיין, ער האָט באַדאַרפט באַשטיין אויף ס׳זייניקע,

באַשולדיקונג, וואָס ער האָט זיין פּרוי כמעט שטענדיק אַלץ נאָכגעגעבן, באַ־ווי אַ מאַן. נאָר דאָ הייבן זיך אָן זיינע ברענענדיקסטע קוואַלן פון זעלבסט־זונדערס ווען ס׳איז געגאַנגען אין ווערן רייך. „דאָס באַטייט״, האָט ער אַצינד געזאָגט, צו זיך, „אַז כ׳האָב אייגנטלעך אַליין געוואָלט״ — — —

דער חסיד האָט זיך פאַרשטעלט ס׳פּנים, אַזוי האָט ער זיך אַצינד געשעמט פאַר זיך אַליין, זיך געשעמט, וואָס אַפילו דערנאָך, ווען ס׳איז שוין נישט געווען פאַר אים קיין שום ספק, אַז זיין שרהלע איז אַ נפקא, איז ער נאָך אַלץ געבליבן איר מאַן: ער האָט נישט אויפגעהערט צו האָבן מיט איר תשמיש, אַפילו ווען זי איז צו אים געוואָרן שוין אין גאַנצן קאַלט, אַפילו ווען זי האָט זיך פון אים אָפּגעקערט. ווען זי האָט אים נישט מער געוואָלט צולאָזן צו זיך, זי האָט זיך אַרומגעוויקלט מיט דער קאָלדרע און אים נישט אַריינגעלאָזט צו זיך, איז ער געשטאַנען פאַר איר בעט און זיך געצאַפּלט, געקושט די האָר פון איר קאָפּ, אַפילו די קאָלדרע, און געוויינט, ביז זי האָט זיך דערבאַרעמט איבער אים. ניין, ער האָט נישט פאַרלאָזט די היים, נישט צו זיין מיט אַ נפקא אונטער איין דאַך, ווי ס׳איז דער דין, ער האָט זי נישט גערופן צום רב כדי איר צו געבן אַ גט, נאָר ער איז נאָך אַלץ ווייטער געבליבן איר מאַן: נאָך מער: ער האָט איר גאָר געקויפט טייערע מתנות: פּערל און בריליאַנטן. נישט איין מאָל האָט ער זיך געוואָלט פאַרטרויען פאַרן רבין, אויסגיסן פאַר אים זיין גאַנץ האַרץ און פרעגן זיין עצה. אָבער ער האָט דאָס נישט געטאָן. ער איז געפאָרן צום רבין, טאַקע וועגן דעם; נאָר ווען ער איז אַריינגעגאַנגען צו אים — האָט ער גענומען רעדן וועגן עפּעס אַנדערש, אַז ס׳לשון איז אים פּשוט אָפּגענומען געוואָרן ווען ער האָט געוואָלט רעדן וועגן שרהלען. הייסט דאָס: זי האָט אים אָפּגעטאָן אַ כישוף און ער איז אין אירע הענט — — —

דאָס האַרץ האָט אין אים אַצינד אַזוי געוויינט, אַז ס׳האָבן זיך אים גענומען גיסן טרערן פון די אויגן און ער האָט זיך צעכליפּעט אויפן קול. נאָר אין דעם מאָמענט האָט אויפגעריסן אַ באָמבע, וואָס אַ שגצל האָט אַריינגעוואָרפן. אַלע, די אָנגעשטעלטע, די קונים און דער בעל־הבית, זענען פון דער עקספּלאָזיע באַ־טויבט געוואָרן. כהרף־עין איז דאָס געשעפט אָנגעפילט געוואָרן מיט שוואַרצן, דיקן רויך. אַלע האָבן געשריגן געוואַלד און זענען געלאָפן צו דער טיר לויטן אינסטינקט, ווייל זיי האָבן זי נישט געזען. אַלע האָבן זיך געראַטעוועט. בלויז עטלעכע האָבן באַקומען ווונדן, נישט קיין שווערע. ס׳איז געווען אַ לייכטע צינד־באָמבע. דאָס געשעפט איז באַלד געוואָרן איינגעהילט אין פלאַמען. אין דרויסן איז געוואָרן אַן אָנגעלויף פון מענטשן און פאָליציי. באַלד זענען געקומען פייער־לעשער.

קאַפּיטל איין און דרייסיק

# אַ גרויסער נס

1

צום דאַוונען איז ר׳ מנשהלע געקומען זייער שפּעט. מ׳האָט אים שטיבל געוואַרט און געוואַרט אויף אים; אָבער אַז דער עולם האָט געזען ער קומט נישט, מ׳קאָן זיך אויף אים נישט דערוואַרטן — דאָס געשעפט איז פאַר אים מער ווי דאַוונען — האָט מען לענגער נישט געוואָלט וואַרטן. ערשט עטלעכע מינוטן פאַרן לייענען די מגילה איז דער פרומער שניט־סוחר געקומען.

ידידים און נייגעריקע האָבן אַרומגערינגלט ר׳ מנשהלען און אים געפרעגט: „איז עפּעס געשען?"

אַ פריילעכער, מיט גרויס פרייד אין פּנים, האָט ער געענטפערט: „יאָ, אַ גרויסער נס"!...

די פרעגנדיקע זענען געוואָרן נאָך נייגעריקער. טייל צווישן זיי האָבן גע־טראַכט: אַוודאי אין ענין מסחר. ר׳ איסר אָבער, דער פּרוש, האָט דערקענט אין ר׳ מנשהלעס פּנים, אַז זיין פרייד האָט נישט צו טאָן מיט מסחר.

דער אויפגעהייטערטער חסיד האָט אַראָפּגענומען די שוואַרצע ברילן, און צעשטרייטערהייט זיי אריינגעלייגט אין קעשענע, און איבערגעחזרט: „יִדן! מיט מיר איז געשען אַ גרויסער נס... אַ צווייעדיקער נס... אינעם טאָג פון נס פורים"...

ס׳זענען צום אַריינגעקומענעם צוגעקומען אַלץ מער פון זיינע ידידים און אַלץ מער נייגעריקע. דער בעל־קורא האָט געוואַרט. די נייגעריקע האָבן געמאָנט:

„נו, דערציילט זשע! וואָס פאַר אַ נס"?

„אויס געשעפט!"...

זענען די ידידים נאָך שטאַרקער צוגעשטאַנען: „צי נישט די עצמות!"

„אויס סוחר!...

„רעד קלאָר!"

„אַ שרפה! אַלץ פאַרברענט געוואָרן!"...

„אַ שׂרפה? — ווו?"

„אין געשעפט! — אַריינגעוואָרפן אַ באָמבע! געלויבט השם יתברך, קיינער נישט ביזוק געוואָרן!"

אַז אַלע יידן אינעם שטיבל האָבן שוין געוווּסט וואָס ס׳איז געשען און דער רושם איז געווען זייער גרויס, האָט דער בעל־קורא אַ קלאַפּ געטאָן אין שולחן, געמאַכט די ברכות און גענומען לייענען די מגילה. ווי יעדעס יאָר האָבן די ייִנג־לעך געגרעגערט און געקלאַפּט מיט זייערע המן־קלאַפּערס (גרעגערס), ביים וואָרט „המן", וואָס דער בעל־קורא האָט באַזונדערס הויך געלייענט און באַטאָנט. איצט

אָבער האָט מנשהלע פריילעך געטופּעט מיט די פיס און געשריגן „המן". יעדעס מאָל ווען די יינגלעך האָבן געצומען גרעגערן און קלאַפּן מיט די המן־קלאַפּערס. מיטביידע אָפּצאַסן האָט דער פריילעכער חסיד געזעצט אין דיל און איז דאַביי אַזש רויט געוואָרן, ווי ער וואָלט באמת וועמען געשלאָגן. האָבן די אַנדערע חסידים אויך געטאָן דאָס זעלבע און דאַביי געשריגן: „גרעגערט קינדער! העכער! שטאַרקער! אַלע המנס, פון היינט און שטענדיק, זאָלן האָבן דעם זעלבן סוף!"

ביים זינגען „שושנת יעקב" איז ר' מנשהלע אַריין אין אַלץ אַ גרעסערער חדוה און מיטגעריסן מיט זיך דעם עולם. דערנאָך האָט ער זיי געפרעגט, אויב זיי וואָלטן געוואָלט וואַרטן ביז ער וועט אָפּדאַווענען און גיין צו אים אויף קידוש: „איך פאַרבעט אַלעמען!" האָט ער אויסגערופן. נס פורים!... טרינקען זאָל מען ביז מ'וועט נישט וויסן מער „בין ארור המן לברוך מרדכי!"... נאָר דער עולם האָט זיך אָפּגעזאָגט: „ס'איז צו שפּעט". יעדער האָט אָנגעגעבן, אַז אין זיין היים קלערט מען אַוודאי שוין אַזוי אויך איבער און פאַרזיכערט: „אם ירצה השם, שבת, וועסטו בענטשן גומל. מ'וועט דיר נישט שענקען דעם קידוש"... אַפילו ר' אפרים גאָטליב האָט אָפּגעזאָגט, און מיט דער זעלבער דערקלערונג, אַז ס'איז צו שפּעט, ס'איז געבליבן שוין נישט צו לאַנג צו דער „גרויסער סעודה".

אַלע זענען אַוועקגעגאַנגען. אין שטיבל איז געבליבן בלויז דער בעל־הבית מיטן פרוש, ווייל ער האָט אים פאַרהאַלטן. נאָכן דאַווענען האָט ער אים געפרעגט: „אָבער דו גייסט דאָך אַרויף צו מיר?"

ר' איסר האָט געדאַנקט: „אַ יישר כוח, מנשה. אָבער כ'קאָן נישט, ווייל כ'מוז אַהינגיין צו מיין בן־יחיד, צו ר' מרדכין. ער ליגט אין בעט".

„אַ חלוש, אָדער בלויז פון זיקנה?"

„ס'איז דאָס און דאָס און נאָך עפּעס אַנדערס"...

אַ מאָמענט האָט ר' מנשהלע זיך נאָך געשלאָגן מיט דער דעה און דאַן אָנגעהויבן: „דיר, איסר, וויל איך זאָגן וועגן מיין פרייד, וואָס איז אַלעמען אויסגעקומען משונה. דו וועסט מיך פאַרשטיין. פאַר דיר פאַרטרויעך מיך: כ'בין אַצינד, אייגנטלעך, אַן אביון. מיינע ידידים וואָלטעך דאָס נישט געזאָגט, אַפילו נישט די נאָענטסטע. ווייל די מענטשלעכע טבע איז — אַפילו ביי אנשי שלומנו — אַז מיט אַ שטענדיקן אָרעמאַן האָט מען העכסטנס רחמנות, מ'שיקט אים אַ נדבה; אַז אַ גביר אָבער ווערט אַן אַן אָרעמאַן דערלעבט מען אין אים אַ נקמה. כ'בין כמעט זיכער, אַז די מיינסטע האָבן פריִער מיין פרייד וועגן דער באַמבע און די שׂרפה שלעכט אויסגעטייטשט: אַז כ'בין אַוודאי גוט פאַרזיכערט און וועל פון דעם אומגליק גאָר רייך ווערן. ווילעך דיר, איסר, אַצינד זאָגן: דאָס געשעפט איז טאַקע געווען פאַרזיכערט, אָבער כ'האָב די פאַרזיכערונג שוין לאַנג פאַרלוירן, ווייל כ'האָב נישט געצאָלט — פשוט מער נישט געקאָנט צאָלן. פון מיין גאַנץ עשירות איז געבליבן דער דאָזיקער הויף מיט די הייזער; בינעך אָבער שולדיק אַזוי פיל, אַז באַלד וועלעך אַוודאי ליגן אינעם הויף מיטן גאַנצן לוקסוס מיינעם, מיט די שפּיגלען און די טעפּיכער, מיט די לוסטערס און דאָס מאַהאַגאָני מעבל —

מיט הכל באשר לכל. ס'וועט אין מיר מקיים ווערן: ,על דאטפת אטפוך'... איך האָב געגנוג אָרעמע לייט — וואָס האָבן מיר נישט געקאָנט צאָלן קיין דירה־געלט — אַרויסגעוואָרפן פון זייערע וווינונגען און זיי האָבן מיט זייערע בעבעכעס זיך אַרומגעוואַלגערט אין הויף. וועסטו מיך פרעגן: וואָס זשע איז די שמחה אויף מיר? — ווילעכס דיר איצט זאָגן, בלויז דיר: ווייל מיין עשירות — כמעט דאָס גאַנצע — איז געווען טריפה; פון דער זינד"... דאָס ווייטערע האָט ער נישט געזאָגט.

דער פרוש האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן: ער האָט זיך אָנגעשטויסן אויף וואָס ר' מנשהלע האָט נישט דערזאָגט, ווייל אויך צווישן די חסידים פון דעם שטיבל האָט מען גערעדט וועגן דעם, אַז דער דאָזיקער פרומער פּאַניע שוואַרץ איז רייך געוואָרן פון זיין פּרויס זינד מיט די דייטשע אָפיצירן. חוץ מזה איז דער אויס־דרוק אין מנשהלעס אויגן (ער האָט די שוואַרצע ברילן, וואָס ער האָט פריִער אַראָפּגענומען, נישט מער צוריק אָנגעטאָן) אין דעם מאָמענט געוואָרן זייער מיאוס. אַ לאַנגע ווײַלע האָט ר' איסר געשוויגן. דאַן האָט זיך זיין פּנים צעשיינט און ער האָט געזאָגט צום געוועזענעם גביר: „פריי דיך טאַקע, מנשה. ס'איז באמת מיט דיר געשען אַ נס, אַ טאָפּלט נס, ווי דו אַליין האָסט געזאָגט. אינעם טאָג פון נס פּורים איז געשען מיט דיר אַ נס". ער האָט אים געגעבן די האַנט: „אַ גאָר, גאָר פריילעכן פּורים, מנשה!"

## 2

פאַרן אַרויפגיין צו זיך האָט דער בעל־הבית פונעם הויף (דערווייל נאָך) זיך אָפּגעשטעלט אויף דער שוועל פונעם „פּאַראַדנעם" טויער, און אַ פּורימדיק פריילעכער — אָבער מיט התלהבותדיקער טרויעריקייט אין האַרץ — געקוקט איבערן הויף. זיין בליק איז אַצינד אַוועק ביז גאַנץ הינטן, ווו ס'איז געשטאַנען דער גרויסער שוואַרצער קאַסטן מיט מיסט און דאָס רשות הרבימדיקע בית־הכסא, וווהין ער פלעגט פריִער קיין מאָל נישט וועלן וואַרפן אַ בליק אַפילו. עטלעכע מאָל האָט ער אַצינד געקוקט (אָן די ברילן האָט ער געזען בעסער) און זיך צוריק אויסגעדרייט. ער איז צוגעגאַנגען צו די מירמלשטיינערנע שטיגן, וואָס זענען געווען באַלייגט מיט אַ רויטן לויפער, און אַרויפגעגאַנגען צו זיך. אַ פריילעכער האָט ער זיין שרהלען געזאָגט „גוטן פּורים" זי האָט אַ שמייכלענדיקע אים גע־ענטפערט: „אַ גוטן פּורים, מיין מאַן!"... אַז ער איז באמת אין גאַנצן ווי אַן אויס־געביטענער, האָט זי ערשט אַצינד ווי באַשטעטיקט פאַר זיך. ווען ער איז אַ צע־מישטער געקומען צו לויפן פונעם געשעפט אַ פאַררויכערטער, אַ פאַרקאָפּטשעטער און זי אַרומגעכאַפּט און געגומען קושן און טאַנצן מיט איר און דאַביי דערציילט דאָס אומגליק, וואָס ס'איז געשען און אַ משונהדיק פריילעכער געשריִגן: „פּטור אין גאַנצן פונעם זינדיקן טריפהנעם פאַרמעגן!" — האָט זי געמיינט, אַז ער איז פלוצעם אַראָפּ פון זינען — אַוודאי פונעם שרעק. (אַ קלייניקייט, אַ באָמבע!...) זיין פּנים האָט טאַקע אויסגעזען ווי ביי אַ משוגענעם. אַצינד אָבער — זי האָט זיך

גוט איינגעקוקט אין איר מאַן — האָט זי געזען אַז ער איז באמת אין גאַנצן אַן אַנדערער: אין זיין פּנים איז דאָ אַ סך גוטסקייט, דאָס וואָס זי האָט שטענדיק געוואָלט זען דערין, וואָס יעדערע פרוי וויל זען אין איר מאַן. זי האָט זיך געכאַפּט, אַז ער טראָגט נישט מער די שוואַרצע ברילן און אויך דעריבער זיך געפרייט. „זעסטו, מאַריץ!"... האָט זי אויסגערופן.

ער האָט איר פאַרראַכטן: „מנשה"...

שרהלע האָט זיך געפרייט: „פון איצט אָן נאָר מנשה!"...

„און דו הייסט נישט מער סאַבינאַ, נאָר שרהלע"...

זי האָט מסכים געווען: „ביסט גערעכט, מיין מאַן... אָבער וואָס האָבעך דיר געוואָלט זאָגן?... יאָ, וועגן דיינע שוואַרצע ברילן!... כ'האָב דיר טעלעכע מאָל געזאָגט — גלייך ווען דו האָסט זיי אָנגעטאָן — אַז דו זאָלסט זיי צוריק אויסטאָן. איצט האָסטו מיך געפאָלגט... דו וועסט זען — פון אַצינד אָן — אַז די וועלט איז גאָרנישט אַזוי שוואַרץ... און דו זעסט אויס אין גאַנצן אַנדערש אָן די שוואַרצע ברילן... קום צו צום שפּיגל וועסטו זען"... זי האָט אים צוגעפירט צום שפּיגל און געפרעגט: „נו?"...

ביים טיש האָט שרהלע געקוקט אויף איר מאַן אַ פאַרליבטע, ווי זי וואָלט מיט אים ערשט חתונה געהאַט. אויך מיט איר איז צוליב דער שׂרפה אינעם געשעפט פאָרגעקומען אַן ענדערונג. זי האָט זיך דערפילט ווי באַפרייט פון אונטער אַ שווערער משׂא, אָדער ווי אַרויסגעצויגן פון אַ טיפן גרוב, אין וועלכן זי איז אַריינגעפאַלן... חוץ וואָס דער רעשט פונעם פאַרמעגן (וואָס איז געקומען פון אירע אַמאָליקע זינד) איז אַוועק מיטן פייער, האָט זי געזען, אַז דער מאַן האָט איר אַלץ מוחל געווען. זי איז אַרויפגעפאַלן אויף זיין האַלדז.ביידע האָבן געוויינט. דערנאָך האָט ער אָנגעגאָסן גלעזלעך און געזאָגט: „לחיים, שרהלע! פאַר אַ נייַ לעבן! אַ גאַנץ ניי לעבן... נישט הי און נישט מער מסחר"...

שרהלע האָט אויסגעטרונקען בלויז די העלפט. דער בראַנפן איז געווען צו שטאַרק פאַר איר. אירע שיינע בלויע אויגן האָבן שטאַרק געגלאַנצט. ס'האַרץ האָט גענומען קלאַפּן אין איר צו האַסטיק און איר גרויסער בוזעם האָט זיך געהויבן אַרויף און אַראָפּ. זי האָט אַרויפגעלייגט ביידע הענט אויף דער ברוסט, צעשפּרייט די פינגער מיט די גאָלדענע פינגערלעך און טייערע שטיינער, וואָס האָבן געבליצט מיט אַלערליי פייערלעך. זי האָט שטאַרק געפּרעסט די הענט צום האַרץ (ס'זאָל זיך באַרויקן) און זיך עפּעס געשעמט אַצינד מיט איר אַ ביסל צו הויכן בוזעם. זעענדיק, ווי ס'בלוט איז דער פרוי געקומען אין פּנים אַריין און די אויגן גייען איר איבער, האָט דער מאַן צו איר געזאָגט: „בייס צו, שרהלע, נעם אַ המן־טאַש, אַ שטיקל פלאָדן! ס'צעגייט אין מויל". ער האָט פאַר זיך אָנגעגאָסן אַ צווייט קעלישעקל, אויסגעטרונקען וואָס די פרוי האָט איבערגעלאָזט אין אירס, און פאַר איר אָנגעגאָסן פון אַ צווייטער קאַרפינקע: „דאָס איז שוואַכער, זיסער ליקער, דאָס מעגסטו טרינקען, שרהלע. און אַז דער קאָפּ וועט זיך דיר אַ ביסל פאַרדרייען — שאַט אויך נישט; ס'איז דאָך פּורים. אייגנטלעך אַ ווייַ־

בערישער יום־טוב", האָט ער געגומען שפּאַסן, „ווען נישט אסתר... טרינק זשע !... לחיים !"...

שרהלע האָט אויסגעטרונקען. אירע באַקן האָבן נאָך שטאַרקער גענומען גלי׳ען.

„אפשר נאָך איינס ?" ער האָט אויף ס׳ניי אָנגעגאָסן.

זי האָט אויסגעטרונקען און איז געוואָרן גאָר פריילעך : „ווייסטו, מנשה ?"... האָש שרהלע זיך צעלאַכט : „ווייסטו... נאָכן ערשטן גלעזל האָט זיך מיר גענומען דרייען דער קאָפּ. אַצינד אָבער, נאָכן דריטן... און אויב כ׳וועל ווערן אַ ביסל שיכור"...

„שאַט אויך נישט"... זיין האַנט האָט גענומען גלעטן אירע אַקסלען און זיין מויל האָט געפּלאַפּלט : „היינט איז אַ מצוה צו טרינקען ביז מ׳ווייסט נישט מער דעם חילוק צווישן ארור המן וברוך מרדכי"... ווידער האָט ער אָנגעגאָסן : „לחיים !"... ביידע האָבן איבערגעדרייט זייערע גלעזלעך אין מויל אַריין. ער האָט געקוקט ווי זיין שרהלע פלאַמט, ווי שיין זי איז, ווי יונג זי זעט נאָך אויס. זיינע אויגן האָבן זיך איינגעזויגן אין איר אַלאַבאַסטערן פולן האַלדז מיט שנירן פּערל, נישט געקאָנט אָפּרייסן זיין בליק פון אירע גאָלדבלאָנדע האָר. זי האָט אַראָפּגע־לאָזט די אויגן. אין דעם מאָמענט איז אַ יינגל אַריינגעקומען מיט „שלח־מנות", געזאָגט פון וועמען, באַקומען פאַרן ברענגען און איז אַוועקגעגאַנגען. פונקט ווי אין געשעפט האָבן געהאַלטן אין איין קומען אָרעמעלייט. נאָר זיי האָט די דינסט אָפּגעפּאַרטיקט ביי דער טיר, אויך די פורים שפּילער : זי האָט זיי נישט אַריינ־געלאָזט. בלויז די חשובערע פון די זאַמלערס פאַר צדקה־חברות, אָדער „שיינע ייִדן" מיט קאָלירטע פּאַטשיילעס אין די הענט — פאַר בכבודיקע אָרעמעלייט — האָט די דינסט געמעלדעט דעם בעל־הבית.

3

אַ סך האָבן מאַן און פרוי אַצינד נישט געגעסן : ס׳האָט געוואַרט אויף זיי די „גרויסע סעודה". אַ ביסל מיד, — און אַ ביסל האָט זיך זיי דאָך געדרייט דער קאָפּ — זענען זיי אַריינגעגאַנגען אין שלאָפצימער זיך אַ ביסל אויסצורוען. שרהלע האָט פון זיך אַראָפּגעוואָרפן די קליידער, זיך באַפרייט פונעם קאָרסעט, וואָס האָט זי געדריקט און זיך אָנגעטאָן אין אַן אַטלעסענעם, באָרדאָרויטן שלאָפ־ראָק מיט גאָלדענע באַצירן און אַ גאָלדענע שנור אַרום דער טאַליע, אַ לאַנגער שלאָפראָק, אַ וואַטעלירטער, מיט לאַנגע, ברייטע אַרבל. די לאַטשען אויף די באָרוועסע פיס זענען געווען פון זעלבן קאָליר ווי דער שלאָפראָק, מיט גאָלדענע ראַנדן און רויטע קוואַסטן. זי האָט זיך אויסגעשטרעקט אויפן ווייכן גרין פלו־שענעם דיוואַן.

מנשהלע האָט אויסגעטאָן די קאַפּאָטע און זיך אָנגעטאָן אַ טונקלברוינעם שלאָפראָק מיט צוויי גרויסע טראָלדן פאָרנט. אויך ס׳היטל האָט ער אויסגעטאָן און אָנגעטאָן אַ בלוי־סאַמעטענע יאַרמלקע.

שרהלע האָט זיך צוזאַמענגעקוליעט ווי אַ געשמיידיקע קאַץ און פֿאַרזשמר־רעט די אויגן, ווי זי וואָלט געדרימלט. זי האָט געוואַרט אויפֿן מאַן. אָבער ער האָט זיך אַרומגעדרייט איבערן צימער, מיט שטילע טריט איבער די ווייכע סמיר־נער טעפּיכער, און נישט געוווּסט וואָס ער וויל. זיין האַרץ איז געווען פֿול מיט שטאַרקע געפֿילן; אָבער זיי האָבן געשטראָמט אין פֿאַרשידענע קעגנגעזעצטע ריכטונגען און אים געריסן אַהין און אַהער. ער איז געווען גליקלעך: ס'איז אַוועק אַלדאָס בייזע און זינדיקע. אַ נייגעבוירענער מענטש איז ער, זיך אַרויס־געריסן פֿון אַלע נעצן און שטריק, אין וועלכע ער איז געווען פֿאַרפּלאָנטערט און געפֿאַנגען. די באַמבע האָט די אַלע שטריק און נעצן צעריסן און אים באַפֿרייט. ער איז אַצינד ריין פֿון אַלע זינד, וואָס האָבן זיך אויף אים געזאַמלט און אים געדריקט ווי שווערע בערג, די זינד פֿון עשירות, וואָס ער האָט אָנגעזאַמלט דורך זינד. דאָס געשעפֿט מוז זיין דאָס גרעסטע און שענסטע פֿון די נאַלעווקעס... קאָמעניצעס: צו ערשט איינס, דערנאָך 2, 10, 20... העכערן ס'דירה־געלט, נאָך מער, נאָך מער... ווער ס'קאָן נישט באַצאָלן — אַרויס, וואַלגער דיך מיט ווייב און קינד אין הויף... יושר? — רחמנות? — ייִדיש האַרץ? — מענטשלעכ־קייט? — — —

ער האָט זיך אָנגעכאַפּט ביים קאָפּ, ביים האַרץ. טרערן זענען אים גערונען פֿון די אויגן: „כ'בין אָפּגעקומען פֿאַר מיינע זינד... גענוג אָפּגעקומען... כ'האָב געברענט ביים לעבן אין גיהנום, זיך געבראָטן"... שיער האָט זיך ווידער איצט אָנגעהויבן אין זיין האַרץ דאָס זעלבע ווי אין אַלע יאָרן, ווי אין געשעפֿט היינט, ביז אַ שגץ האָט אַריינגעוואָרפֿן אַ באָמבע. שיער האָט ער ווידער אָנגעהויבן זעען די זעלבע בילדער, ווי שרהלע גיט זיך אָפּ דייטשע אָפֿיצירן. איז ער צו צו אַ פֿענצטער, האָט אַרויסגעקוקט, ווי ער וואָלט עפּעס געזוכט אין דער לופֿט, און אין זיין מחשבה האָט אויפֿגעבליצט: „דער שופֿט צדק האָט מיך געשטראָפֿט דורך שרהלען, דורך איר האָט ער מיך אַריינגעוואָרפֿן אין גיהנום, כ'זאָל ברענען ביים לעבן און מיך לייטערן און אָפּקומען אויף דער וועלט פֿאַר די זינד, כדי כ'זאָל אין הונדערט און צוואַנציק יאָר אַרום קומען צו אים אַ רייַנער שוין!"...

נישט בלויז האָט ער זיך דערפֿרייט וואָס ער האָט שרהלען שוין מוחל געווען אַלע אירע חטאים קעגן אים, נאָר ער האָט אַצינד געבעטן גאָט, אַז אויך ער זאָל איר מוחל זיין: „איז זי דאָך בלויז געווען דיין שליח מיך צו שטראָפֿן", האָט ער געטענהט צום רבונו של עולם, „און זי אַליין האָט אויך גענוג געליטן, זי אַליין האָט געפּלאָקערט אין דאָזיקן גיהנום"... אין זיין האַרץ האָט די ליבע צו שרהלען אַצינד געקומען פֿלייצן איבער אַלע ברעגעס. ער איז שנעל צוגעגאַנגען צו איר. דערזעענדיק אַז זי האַלט צו די אויגן, האָט ער צו זיך געזאָגט במחשבה: „זי שלאָפֿט, פֿון די עטלעכע קעלישקעלעך וואָס זי האָט אויסגעטרונקען". ער האָט געקוקט אויף איר און איז אַריינגעפֿאַלן אין התפּעלות: „ווי אסתר המלכה... נאָך שענער... ווי אסתר המלכה האָט זי אויסגעזען ווען זי איז געווען יונג; אַצינד אָבער איז זי נאָך שענער"... פֿריִער, ביים פֿענצטער, האָט זיך דער קאָפּ

מער נישט געדרייט מיט אים. אַצינד אָבער, האָט זיך אים געדוכט, דרייט זיך ווידער מיט אים דער קאָפּ... „אפשר אַרויסגיין?"... אָבער ער האָט זיך גאָר אַראָפּגעלאָזט „טשיפּקע" פאַרן דיוואַן און נישט אויפגעהערט צו באַוווּנדערן זיין שרהלען: „סאַראַ גאָלדענע האָר... ווי ראָזע אירע באַקן זענען... ווי זיי בליען"... ער האָט באַמערקט, ווי פּלוצעם האָט זיך איר פּאַרב געגומען בייטן: די ראָזעקייט איז געוואָרן פּורפּור רויט, זיך צעגאָסן איבערן גאַנצן פּנים, ביז איבערן האַלדז, הינטער די אויערן... די לעפּלעך, אין וועלכע ס'האָבן געגליט גרויסע בריליאַנטן געפאַסט אין פּלאַטינום, זענען געוואָרן ווי מאַלינעס... די לעדנדלעך, אַראָפּגעלאָזטע איבער די אויגן, האָבן זיך גענומען באַוועגן, די לאַנגע וויעס — ווי גאָלדענע פרענזעלעך פון ווינקל צו ווינקל — האָבן וויברירט... איבער אירע ליפּן — אים האָט זיך געדוכט אַז זיי באַוועגן זיך, זיי זאָגן אים עפּעס — האָט זיך צעגאָסן אַ שמייכל... „זי חלומט אינעם שלאָף!"... ער האָט שוין געוואָלט צוריק אויפשטיין און טאַקע אַרויסגיין. נאָר אין דעם מאָמענט האָט שרהלע געעפנט די אויגן און ס'האָבן זיך צעשיינט צוויי גרויסע בלויע שטערן... זי האָט אויסגעצויגן די פיס, אויסגעשטרעקט די אָרעמס ווי אַריינצונעמען אין זיי דעם מאַן, אָבער זי האָט דאָס נישט געטאָן. פאַרקערט, זי האָט מער צוגעמאַכט דעם שלאָפראָק פאַרנט און געפרעגט דעם מאַן: „האָסטו דיך אַ ביסל אויסגערוט?".

ער האָט געענטפערט: „כ'פיל מיך גאָר פריש אַצינד... דו ביסט געשלאָפן?"

„יאָ, אַצינד בין איך אינגאַנצן אַן אַנדערע"... קוקנדיק אַ גליקלעכע דעם מאַן אין די אויגן, האָט זי געפרעגט: „דו האָסט ביים טיש, מנשה, געזאָגט, אַז מיר וועלן אָנהויבן אַ גאַנץ ניי לעבן, נאָר נישט הי און נישט מער קיין האַנדל. וואָס מיינסטו דאַמיט?" —

„איך מיין... ביי דער סעודה וועל איך דיר זאָגן, שרהלע"...

4

צו דער סעודה זענען געקומען די טאָכטער און דער איידעם. (פאַר לייטן האָבן זיי נאָך אַלץ געגילט אַלס מאַן און פרוי). געניאַ איז געווען אָנגעטאָן אין אַ טויבנגרוי זיידסאַמעטן קלייד, ז״ער אַ לאַנגס, און אין זילבערנע פאַנטאָפּעלעך. די פעטע, נוסברוינע פּלייצע — ביי דער טאַליע דעקאָלטירט — האָט זיך געפּאָלדערועט, פונקט ווי דער ברייטער, פעטער קאָרן. אויך פאָרנט איז דער דעקאָלט געווען אַ זייער טיפער, מיט אַ גרויסער, רויטער בלום ביים סוף. די ברוסטן האָבן, ווי אויפגעגאַנגען טייג איבער דער דייזשע, אַריבערגעקוואָלן איבערן קורצן קאָרסעט. די באַקן אויסגעפּאַשעט, די קיילעכדיקע, ברוינע קאַרשנ־אויגן עזותדיק, פון די ברעמען — אויסגעפּוצטע — זענען געבליבן בלויז דינע פּאַסיקלעך, משופּע אַרויף צום מיט שטערן. אַ סך צירונג: פינגערלעך מיט בריליאַנטן און אַנדערע טייערע איידלשטיינער, בראַנזזלעטן ביי די געלענקן פון די הענט און איבער די נאַקעטע שוין גאַנץ דיקע אָרעמס, לאַנגע אוירינגען, פּערל אַרום דעם פעטן האַלדז. די שאַטענע האָר אין אַ הויכן קאָקס. דער פּערפיום

— פאַרשיכורנדיק, גראָב אַרויספאָדערנדיק. זי האָט געוואָלט אויסזעען וואָס פאַרשייטער. אַוודאי האָט זי געוווּסט, אַז זי טאָר נישט קומען צום טאַטנס טיש אין אַ קלייד וואָס איז פון ביידע זייטן אַזוי אויסדעקאָלטירט; אָבער זי האָט דאָס עקסטרע געטאָן, ווייל זי האָט פאַראַכט דעם פאָטערס פרומקייט און שטענדיק געהאַט די מוטער אויף איר זייט. האָט זי זיך געחידושט וואָס אַצינד האָט די מאַמע איר גלייך צוגעטראָגן אַ ברייטן שאַל און זי אַרומגעהילט. הערש איז געווען אָנגעטאָן אין אַ שוואַרצן פראַק, לאַקירטע שיך און ליליאַ שקאַרפּעטקעס, אַ שוואַרץ שלייפעלע אינעם ווייסן האַרטגעקראָכמאַלטן העמד. די מאַנקעטן אין דרויסן און סיגנעטן אויף די פינגער. נאָר ס׳איז געווען געגנוג בלויז אַ בליק, צו זען ווי אומגליקלעך ער איז, אַז ער שלעפּט זיך נאָך דער פרוי, ווי אַ הונט אויפֿן שטריק פונעם היצעל. ער האָט דער שוויגער אַ קוש געטאָן די האַנט, אָבער געצוווּנגען, ווי שטענדיק. געניאַ האָט ביים פּליכטקוש געטרייסט די מוטער: „זיי נישט אַזוי פאַרזאָרגט, מאַמושאַ, וועגן דעם וואָס ס׳איז היינט געשען״.

שרהלע האָט געפרעגט די טאָכטער: „ווי זעסטו אין מיר פאַרזאָרגטקייט? — גאָט צו דאַנקען ס׳איז דעם טאַטעשי גאָרנישט געשען״. מיר האָבן דאָס יאָר אַ זייער פריילעכן פּורים; מיר האָבן נאָך קיין מאָל אַזאַ פריילעכן פּורים נישט געהאַט״...

ערשט איצט איז דער טאָכטער אויפגעפאַלן אַז זי האָט ביי די עלטערן געטראָפן אַ גאַנץ אַנדערע שטימונג ווי זי האָט דערוואַרט. זי האָט דערזען, אַז די מוטער זעט אויס גליקלעך, ווי זי האָט שוין זייער לאַנג נישט אויסגעזען: זי שטראַלט. אויך דער פאָטער. ער זעט אויס אינגאַנצן פאַרענדערט. נאָך שטאַרקער זיך איינקוקנדיק אינעם פאָטערס פּנים, האָט זי זיך געכאַפּט אַז ער האָט נישט די שוואַרצע ברילן, און אַז ער שיינט פון פרייד. „סאַראַ גדולה האָט זיי באַטראָפן?״ האָט זי אין געדאַנק געחוזקט פון די עלטערן און איז געקומען צום זעלבן אויספיר, ווי טייל יידן אין דער פרי ביים דאַוונען, אַז דאָס געשעפט איז אַוודאי געווען פאַרזיכערט אויף אַ סך מיליאָנען. צום סוף איז איר איינגע־פאַלן: „אפשר האָבן זיי זיך איבערגעבעטן? — די באָמבע האָט זיי צוריק צוזאַמענגעבראַכט״...

דער טיש איז געווען יום טובדיק געדעקט. און זילבערנע, מיט גאָלד באַצירטע לייכטער און אין דער פינפערנדיקער מנורה האָבן געברענט ליכט. ס׳האָט געלויכטן דער גרויסער זשיראַנדעל, וואָס איז געהאַנגען איבערן טיש און די גלעזערנע בלעטערלעך און לאַנגע שטאַבעלעך האָבן געשיט רעגנבויגנדיקע פייערלעך. ס׳האָבן געברענט סטערינליכט אין די זילבערנע צווייאָרעמדיקע וואַנטעסעס. איבערן טיש זענען געווען צעשטעלט בלומען און זיי האָבן שטאַרק געדופטעט. די ווייַנען, ליקער און קאָניאַק, אין קרישטאָלענע קאַראַפינקעס, האָבן געשימערט אין עטלעכע קאָלירן: באָרדאָרויט, בורשטינגעל און בראָנז. פאַרן פרומען בעל־הבית זענען געווען אויפגעשטעלט, ווי קיילעכדיקע שטאַבעס, זיל־בערג און קופּערנע מטבעות און ס׳זענען געלעגן קופּקעלעך פאַפּירגעלט. איצט

האָבן זיך ערשט געשיט די זאַמלער מיט פּושקעס פון פאַרשידענע צדקה־חברות פון געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס און ייִדן מיט קאָלירטע פּאַטשיילעס אין די הענט. ר׳ מנשהלע האָט אַצינד געגעבן מיט אַ ברייטער האַנט, אויך די משלוח־מנות־ברענגער. (שרהלע האָט צוגענומען די געשיקטע שלח־מנותן און דעם טעלער אָדער די טאַץ, צי קלאָש, אָנגעפּילט מיט אַנדערע גוטע זאַכן און דעם שיקער צוריקגעשיקט שלח־מנות). די וועלכע מנשהלע האָט געגעבן אַ נדבה, האָבן געווונטשן: „דערלעבט איבער אַ יאָר, מיט פרוי און קינדער, אין זייט נאָך אַ גרעסערער גביר!״ די דינסט האָט געברענגט די פיש, דערנאָך קרעפּלעך מיט יויך, פלייש און יאַזשינעס. דער בעל־הבית האָט ווידער און ווידער אָנגעגאָסן, געמונטערט די פרוי און די טאָכטער צו טרינקען: „איין מאָל אין יאָר מעג מען זיין שיכור... היינט איז פּורים... לחיים!... לחיים!...״

די פרייִלעכקייט ביים טיש איז געוואָרן אַלץ גרעסער.

געניאַ האָט זיך מער נישט געקאָנט איינהאַלטן און געפרעגט: „דו ביסט דעם פּורים אַזוי פרייִלעך, טאַטעשי?... האָסט אויסגעטאָן די שוואַרצע ברילן... ברויכסט זיי נישט מער?״...

ר׳ מנשהלע האָט זיך צעלאַכט: „ס׳איז געשען אַ נס, מיין טאָכטער... כ׳האָב היינט דערזען דאָס, וואָס כ׳האָב ביז היינט נישט געזען... די באָמבע האָט מיר געעפנט די אויגן... צו וואָס זשע שוואַרצע ברילן?... אַ נייַ לעבן וועלעך אַצינדאַ אָנהייבן, אין גאַנצן אַ נייַ לעבן, נישט הי; אין ארץ־ישראל, אין לאַנד פון אונדזערע הייליקע אָבות, אויף דער הייליקער ערד... דו קוקסט אויף מיר, שרהלע, ביסט פאַרחידושט, ווייל כ׳האָב שטענדיק געזאָגט, אַז ציוניזם איז אַפּיקורסות און כ׳האָב עזראַן נישט געוואָלט לאָזן פאָרן אויף הכשרה; אמת. אָבער אַזוי האָבעך געזאָגט ביז היינט, ביז ס׳זענען מיר געעפנט געוואָרן די אויגן... מיר וועלן פאָרן צוזאַמען מיט אונדזער עזראַן, שרהלע... מיר וועלן צוזאַמען מיט אונדזער זון אַן אַלע ייִדן דאָרט, צריק אויפבויען אונדזער הייליק ייִדיש לאַנד!... כ׳וועל פאָרן צום רבין זאָל לעבן, און מיט אים איבערריידן וועגן דעם... ווי די יאַבלאָנער חסידים וועלעך דינען דעם רבונו של עולם מיט אַקערן די הייליקע ערד... איז זינגען מיר: „שושנת יעקב... צהלה ושמחה... זינג, שרהלע!... היינט מעגסטו זינגען״... שרהלע האָט מיטגעזונגען: „בראותם יחד״... „און דו, הערש!״ האָט דער שווער גערופן. „האָסט היינט די גאַנצע צייט נאָך קיין איין וואָרט נישט אויסגערעדט! — ביסט דערדריקט ווי איך בין געווען... כ׳ווייס, כ׳ווייס אַלץ... ווער פרום, וויין און בעט צום בורא עולם — וועט ער זיך מרחם זיין איבער דיר און מיט דיר טאָן אַ נס, ווי ער האָט היינט מיט מיר געטאָן... וואַרף אַוועק דיין סאָציאַליזם, ווייל נישט דערלייזן די וועלט, דאָס איז נישט פאַר דיר! אַ מענטש קאָן נישט דערלייזן די וועלט; דאָס וועט טוען — ווען די צייט וועט קומען — הקדוש ברוך הוא אַליין. דו העלף דיין פאָלק מיט וואָס דו קאָנסט! ווער אַ ציוניסט! זעסט דאָך וואָס די גויִים טוען מיט אונדז! זינג! תכלת מרדכי... תשועתכם היית לנצח... ותקותם בכל דור ודור״...

קאַפּיטל צוויי און דרייסיק

# אומגליק און גליק

1

דער חבר הערש האָט געלעבט מיט זיין פרוי אין איין וווינונג, אָבער איר מאַן איז ער שוין לאַנג נישט געווען. געניאַ האָט נישט געוואָלט, אַז דער געוועזענער רימאַרזש זאָל אַצינד פאַר אירע פריינד און באַקאַנטע גילטן, אַפילו פּראָ פאָרמאַ, אַלס איר מאַן און זיי געזאָגט, אַז ער וווינט ביי איר ווי אַ לאָ־קאַטאָר. טייל מאָל, נאָך אַ גאַר שטאַרקער מחלוקה, האָבן ביידע געשריגן: „לאָמיר זיך גטן!" נאָר זיי האָבן דאָס אַוודאי נישט געמיינט ערנסט און דעריבער האָט איינער דעם אַנדערן געשיקט: „גיי צו אַן אַדוואָקאַט, צו אַ רבֿ!" „גיי דו!" (זיי האָבן חתונה געהאַט אי ציוויל, אי רעליגיעז).

דער חבר הערש איז אַזוי טיף געפאַלן, אַז ער האָט פון זיין פרוי זיך געלאָזט „טרעטן מיט די פיס", ווי מ'זאָגט. זי איז גאַנצע נעכט, מעת לעתן, טייל מאָל אַפילו וואָכן, נישט אַהיימגעקומען. אַז ס'האָט זיך איר געגלוסט, האָט זי אירע ליבהאָבער זיך גאָר מיטגעברענגט אַהיים. צום מאַן האָט זי נישט גערעדט, חוץ ווען זי האָט אים געוואָלט זידלען, פון אים חוזק מאַכן, אים רייצן און דראָען. געחוזקט האָט זי אויף אַזאַ אופן: „קרומהאַלץ... ביסט טאַקע נישט מער ווי האַלץ, און קרום; אַ קרום שטיק האָלץ! יאָ, קרום, אַפילו ווען דו ביסט אויסער־לעך אַזוי גלייך! דיין כאַראַקטער אָבער"... שוין לאַנג, אַז זי האָט זיך מער נישט געלאָזט רופן „מאַדאַם קרומהאָלץ". פון אירע פריינד און באַקאַנטע האָט זי זיך געהייסן רופן געניאַ, פון פרעמדע — פּאַני שוואַרץ. ווען זי האָט איר מאַן געדראָאַט, האָט זי אים געזאָגט: „וועסט דיך ביי מיר קרימען און דרייען! איינ־געבויגן אין דרייען וועסטו ביי מיר גיין! ניין, נישט גיין וועסטו, נאָר וועסט ליגן אין געדריי, איינגעקורטשעט! אין פּאַוויאַק וועסטו ליגן! וועסט דאָרט פוילן, אָדער אין אַן אַנדערער טורמע! מ'האָט דיך אַרויסגעשטופּט פון דער פּאַרטיי, אַזאַ גאָרנישט ווי מאַט האָט דיך אַרויסגעשטופּט! קריכסט איצט צו די קאָמוניסטן; אָבער זיי ווילן דיך גאָרנישט אַריינגעמען! פון וואַנען איך ווייס דאָס? — יעדער ווייסט דאָס. מ'לאַכט דאָך פון דיר אומעטום! די „רויטע" האַלטן דיך פאַר אַן „אונטערשטופער", פאַר אַ „שרייער", אַ „רופער", אַ „רייסער", ווי די, וואָס שטייען פאַר די געשעפטן און רופן קונים, רייסן זיי אין געוועלבער אַריין. ווען זיי ווען דיך מער נישט ברויכן וועלן זיי דיר געבן אַ קאָפּ אין הינטן אַריין". זי האָט זיך צעשריגן: „זאָלסט דיך אַרויסטראָגן פון דאַנען! די וווינונג איז מיין, זי געהערט מיר, אין גאַנצן מיר! אַז דו וועסט נישט גיין — וועל איך גיין צו דער פּאָליציי! גיי צוריק צו דיין פייגען! ביסט דאָך געווען איר מאַן — גיי צוריק

צו איר! איך ווייס אַלץ, כ׳בין אַלץ געוואָר געוואָרן, די קלענסטע קלייניקייט פון דיין לעבן! איך ווייס אַז פייגע וואַרט נאָך אַלץ אויף דיר, איך ווייס אַפילו ווו זי וווינט, וואָס זי טוט. איך ווייס, אַז זי ליבט דיך נאָך אַלץ. ווען דו ביסט געווען אָרעם איז זי געווען גוט פאַר דיר, נו, ביסטו דאָך ווידער אָרעם"...

די דאָזיקע העסלעכע קריגעריי איז פאָרגעקומען אין דעם טאָג ווען אהרן, דער חברטע פייגעס ברודער, איז פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט. צו מאָרגנס איז הערש אַהינגעגאַנגען צו איר.

2

פייגע האָט געלעבט ביי אירע עלטערן. אַ פאַרלאָזטע פון איר לעבנס־חבר אין יענעם אומגליקלעכן מאָמענט ווען די רויטע אַרמיי האָט שוין געהאָט אָנגעהויבן צו באָמבאַרדירן די שטאָט, איז זי צוזאַמען מיט דער גאַנצער משפחה אירער גע־לאָפן דעמאָלט קיין וואַרשע. צוזאַמען מיט טאַטע־מאַמע און ברודער און שוועס־טער איז זי דורכגעגאַנגען די שבעה מדורי גיהנום, וואָס כמעט אַלע פּליטים זענען דורכגעגאַנגען, ביז זי האָט זיך ווי ס׳איז איינגעאָרדנט אין דער גרויסער שטאָט. איצט וווינט זי מיט די עלטערן אין אַ הינטערגעסל, אין אַ קעלערשטוב, אָבער אינעם פראָנט פונעם הויז. עטלעכע שטיגן פון רויטע ציגל פירן אַראָפּ צו דער שויבן־טיר פונעם אַריינגאַנג. אויף דער וואַנט איבער דער טיר הענגען צוויי שילדלעך: אויף איינעם איז אויסגעמאָלט אַ שוואַרצער שטיוול אויף געלן הינ־טערגרונט, אויפן צווייטן — אַ קאָפּ מיט בלאָנדע האָר אויף שוואַרצן הינטערגרונט. דאָס באַטייט: דאָ וווינט אַ שוסטער און אַ שייטלמאַכערין, וואָס איז אויך אַ דאַמענפריזירערין. איטשע שוסטער האָט דאָס מאָל פאַר אַלעם גרעאַטעוועט זיין שוסטער־ווערקשטאָט, דאָס דרייפיסיקע שוסטער־בענקעלע און די קאָפּי־טעס מיט אַלע מכשירים. צו דער פרוי האָט ער אין דער גרויסער בהלה, ביים אַנטלויפן צום פערטן מאָל שוין פון דער שטאָט, געזאָגט: „דער ווערקשטאַט קומט צו ערשט, ווייל צו ערשט איז דער מאָגן. דאָס איבעריקע פאַרשטייסטו אַליין, אַפילו מיטן ווייבערישן קאָפּ". פייגע האָט איר געצייג מיט די הילצערנע קעפּ — ווען זי האָט זיי נישט מער באַדאַרפן, ווייל זי האָט אָנגעהויבן רייך ווערן, ד. ה. הערש — באַהאַלטן, ווי דאָס האַרץ וואָלט איר דעמאָלט געזאָגט: ס׳קאָן נאָך אפשר אַ מאָל צו נוץ קומען"...

זיצט איטשע שוסטער אין וואַרשע, אין קעלער — ווי ער איז פון ייִנגלווייז אָן אין זיין געבורטשטאָט געזעסן — אויפן דרייפיסיקן שוסטער־בענקעלע און אַרבעט. ער האָט שטענדיק געהאַט בלויז איין ווונטש. צו האָבן גענוג אַרבעט. קיין גרעסער גליק האָט ער זיך גאָרנישט פאַרגעשטעלט. זיין תפילה צו גאָט איז אין אַלע זיינע יאָרן געווען: אַ דאַך איבערן קאָפּ און פּרנסה. אויפן רויטן ציגלדאַך ליגן גענוג „כאַדאַקעס" צו פאַררעכטן. איינגעבויגן זיצט ער ביי דער אַרבעט. זיינע סמאָלענע הענט, מיט דיקע אָדערן ווי שטריק ביז צו די עלנבויגנס, ציִען די דראַטוועס איןביידע זייטן אַריין ביים אַרומנייען אַ לאַטע, קלאַפּן היל־

צערנע שטיפטלעךביים לייגן אַ זויל. דער האַלדז איז אַ ביסל דינער געוואָרן, די האָר אויפן קאָפּ שיטערער, האָבן גענומען גרוי ווערן, דאָס בערדל האָט באַ־קומען „סוכאָטעס" און שטייט, ווי אויף צו להכעיס, זייטיק קאַפּויער. די שפּאַקולן האַלטן זיך אויף דער שפּיץ נאָז.

אין דער פּראָנטאָוועך שטוב, אין וועלכער פּאָטער און טאָכטער האָבן אָוועק־געשטעלט זייערע ווערקשטאַטן, איז דערנאָך צוגעקומען אַ דריטער ווערקשטאַט: אַ ניימאַשין. די ווױנונג (פון צוויי שטיבן) איז געווען אַ ביסל צו טייער פאַרן שוסטער און ער — מיט פייגעס הסכמה — האָט אַריינגענומען דעם אַלטן שמואל סאַדאָווניק מיט זיין טאָכטער חנהטשע. (איר מוטער האָט שוין מער נישט גע־לעבט). חנהטשע, אַ נייטאָרין פון וועש, האָט אין וואַרשע געקראָגן צו ביסלעך אַרבעט און בדוחק פאַרדינט אויף חיונה.

די שויבנטיר אין הינטערגרונט האָט געפירט אין דער צווייטער שטוב, אין וועלכער ס'איז געווען אַ קעך און ניין מענטשן האָבן געוווינט. ביזן אומגליק מיט אהרנען האָבן דעם שוסטער מקנא געווען אַ סך פון זיינע בני עיר, וואָס זענען אין וואַרשע געבליבן היימלאָזע. די פאַמיליע האָט זיך געהאַלטן צוזאַמען. אַבישל איז געוואָרן אַ לייט: אַ משרת אין אַ געשעפט און אַהיימגעבראַכט שטענדיק וויפל ער האָט פאַרדינט. אַפילו דאַמיט, וואָס דאָס יינגסטע מיידל איז געשטאָרבן, האָבן טייל לאַנדסלייט מקנא געווען איטשען: איין מויל ווייניקער...

אָבער דאָס אומגליק! — — —

נאָכן אויסהערן דעם טויטאורטייל פון זייער קינד, זענען די עלטערן אַרויס פונעם געריכטסזאַל ווי דערהרגעטע. דאָבע, די מוטער פונעם פאַרמשפּטן, האָט עטלעכע מאָל געחלשט. איטשע, דער פאָטער, האָט זיך מיטביידע פויסטן גע־האַקט אין קאָפּ אַריין. פייגע און אַביש האָבן אַהיימגעפירט די עלטערן אין אַ דראָשקע און איבערן גאַנצן וועג זיי צוגעהאַלטן און מיט זיי מיטגעוויינט. נאָר פייגען האָט דער קלאַפּ נישט געטראָפן אַזוי אומגעריכט. פון ערשטן מאָמענט אָן ווען זי איז געוואָר געוואָרן אַז דער ברודער אירער איז אַריינגעטראָטן אין דער קאָנספּיראַטיווער טעראָריסטישער באַנדע, האָט זי דאָס דאָזיקע אומגליק דערוואַרט. זי האָט אים געוואָרנט נאָך אין דער אַלטער היים, ווען ער האָט מיט איר אָנגעהויבן רעדן וועגן איינצלטעראָר, וועגן זיין משונה איבערגעטריבענעם געוויסן: אַז דאָס גערעכטיקייטס־געפיל פונעם יחיד, זיין אחריות פאַרן נאָענטסטן און פאַרן גאַנצן כלל, דאַרף זיין אַזוי שטאַרק, אַז אויב ס'געשעט ווער אַן אומרעכט, זאָל ער זיך אָפּרעכענען מיט דעם וואָס איז באַגאַנגען דאָס אומרעכט. שוין דעמאָלט האָט זי זיך באַמיט מיט אַלע אירע כוחות דעם ברודער אַרויס־צוברענגען פון זיין משוגעת. זי האָט דעמאָלט געשריגן צו אים: „דאָס איז וואַנ־זין! טעראָר איז פאַרברעך! אויב טעראָר פון אַ רעגירונג איז פאַרברעך — און ס'איז פאַרברעך — איז טעראָר פון אַ יחיד נאָך מער פאַרברעך, ווייל ער איז פון קיינעמען נישט באַפולמעכטיקט, ער מאָרדעט אין זיין אייגענעם נאָמען!" אָבער נישט זי און נישט זיינע פריינד און חברים, צווישן וועלכע ס'איז געווען יעקב,

האָבן ביי אים עפּעס געפּועלט. פייגע האָט געוווּסט, אַז איר ברודער איז פאַר־לוירן, אַז ער וועט אַריינפאַלן און זיין סוף וועט זיין דער טויט.

3

נאָך אַ גאַנצער נאַכט נישט שלאָפן, זיך אַפילו נישט אויסגעטאָן, זיצט די אומגליקלעכע מאַמע אויפן ראַנד פון איר בעט און לאָזט פון צייט צו צייט אַרויס פון טיפן האַרץ אַ לאַנג געצויגענעם קרעכץ, וועלכן זי פאַרענדיקט מיט אַ: „ווי איז מיר!״ אָדער מיט: „אַ ווייטיק איז דער מאַמעס האַרץ!״ זי וויינט נישט מער, ווייל זי האָט מער קיין טרערן נישט. די אויגן זענען איר טיף אין קאָפּ אַריינגעזונקען. זי וויגט דעם קאָפּ הין און צוריק און רעדט צו זיך: „וואָלט ער געווען געשטאָרבן ווען ער איז געווען קליין, ווי ס׳זענען מיר געשטאָרבן דריי קינדער... וואָלט ער געשטאָרבן, אַפילו אַצינד, נאָר מיט אַ נאַטירלעכן טויט... וויפל האָט ער געליטן אין דער תפיסה וואַרטנדיק אויפן משפּט... וויפל וועט ער אַצינד נאָך ליידן, ביז״... דער אומגליקלעכער טאַטע איז געזעסן אויף אַ טאַבו־רעטקע לעם טיש און געשוויגן, ווי ער וואָלט שטום געוואָרן. פייגע איז געזעסן נישט ווייט פון דער מוטער און האָט אויף איר אַכטונג געגעבן. זי איז שטאַרק געעלטערט געוואָרן. הערשס קלאַפּ האָט זי געמאַכט כמעט פאַר אַ זקינה. זי האָט באַקומען אַ סך ווייסע פאַסמעס האָר אויפן קאָפּ, דאָס פּנים איז געוואָרן אַשקאָ־ליריק מיט ברוינע רענדער אונטער די טיף איינגעזונקענע אויגן. אָבער זי איז אַצינד נישט געווען אַזוי דאַר ווי אַמאָל, נאָר קיילעכדיק פון אַלע זייטן, וואָס האָט זי נישט צו שטאַרק געפרייט, ווייל זי האָט געוווּסט, אַז דאָס זענען די יאָרן. האָט איר עמעץ געמאַכט אַ קאָמפּלימענט און געזאָגט: „קאָ שום עין־הרע; זי זעען גוט אויס, ברייט״... האָט זי ביטער געשמייכלט. זי האָט הערשן נישט געקאָנט אַרויסרייסן פון איר האַרץ, אַפילו ווען זי האָט אים נישט בלויז געהאַסט, נאָר אויך פאַראַכטעט.

אָבער שוין לאַנג אַז זי האָט אים אויפגעהערט צו זידלען אין איר מחשבה מיט אַזעלכע שטייגער ווערטער: „מיאוסער בורזשוי! פאַררעטער! האַלט סאָציאַ־ליסטישע רעדעס מיט רעוואָלוציאָנערע פראַזן און איז אַ שפּעקולאַנט אויף דער בערזע! העלפט פאַראַטן כמעט יעדן סטרייק! האָט פריִער אויסגעבויטעט אַר־בעטער און אַצינד ווידער!״ ווען זי איז געוואָר געוואָרן ווי ער ליידט פון זיין פרוי און אַז ער איז שוין געוואָרן אויך אויס נגיד, האָט זי אָנגעהויבן אויף אים האָבן רחמנות. צוערשט האָט זי זיך געפרייט: זי האָט דערלעבט אַ נקמה אין איר פאַררעטער; שפּעטער אָבער האָט זיך דאָס פייער פון נקמה אין איר האַרץ אויסגעלאָשן און ס׳האָט ווידער אָנגעהויבן בלישטשען אַ קליין פלעמעלע פון ליבע. איר מיינונג וועגן הערשן האָט זיך געביטן. זי האָט געטראַכט: „ער איז אַ טראַגישער מענטש״. פון נעכטן אָן אָבער איז איר האַרץ נישט מער ווי אַ שטיק ווייטיק. זי האָט פאַרגעסן הערשן, אַפילו אַז זי האָט פון נעכטן ביי נאַכט אָן נאָך גאָרנישט אין איר מויל געהאַט. זי פילט נישט קיין הונגער. דאָס

זעלבע איז מיט די אומגליקלעכע עלטערן פונעם פאַרמשפטן, מיט זיין ברודער אַביש און זיין יינגערע שוועסטער מינדל. (שוין אַ דערוואַקסן מיידל). ס׳איז שוין אַרום צען; אָבער ס׳פּאַלט קיינעם נישט איין אַפילו אויפצוקאָכן אַ ביסל טיי צום טרינקען.

דאָך, די אַנדערע מענטשן אין דער שטוב, חנהטשע און איר אַלטער פאָטער, באַמיִען זיך אויף וועלכן ס׳איז אופן צו העלפן די דאָזיקע אומגליקלעכע מענטשן. זעענדיק אין סאַרע מצב פייגע איז — נעמט חנהטשע זיך צו דער קעך: זי הייצט איין, שטעלט צו אַ טשייניק וואַסער, אַ הירזשנגריץ. זי איז געגאַנגען איינקויפן, האָט געבראַכט פרישע זעמל און גרייט צום טיש. זי בעט דאָבען, די אומגליקלעכסטע פון אַלע, זי זאָל צוגיין צום טיש. ווי זי קאָן, טרייסט זי די מוטער פונעם פאַרמשפטן. נאָר די אומגליקלעכע הערט אַפילו נישט וואָס מ׳זאָגט איר. פּרוּווט אויך שוין פייגע פועלן ביי דער מוטער, אַז זי זאָל כאָטש טרינקען אַ גלאָז טיי, אויך מינדל — אַ שטילע, שעמעוודיקע, שטענדיק צוגעלייגטע און פון נעכטן אָן אַ שטאַרק דערשלאָגענע — רעדט צו דער מוטער: „מאַמעשי... מאַמעשי״... אָבער די אומגליקלעכע דרייט מיטן קאָפּ און ווייזט, אַז דער האַלדז איז איר פאַרשלאָסן. דאָס מיידל גייט אַוועק אין אַ ווינקעלע און צעכליפּעט זיך. דער אַלטער סאַדאָווניק רעדט אַריין אין איטשען: „מילא... אַ גזר... דיין אהרן... נישט איינער... נישט דער ערשטער... געדענקסטו ווען מ׳איז געלאָפן — צום דריטן, צום פערטן מאָל; כ׳געדענק שוין גאָרנישט מער וויפל מאָל מ׳איז געלאָפן — דעמאָלט איז מען אָנגעקומען אין אַ שטאָט, ווו מ׳האָט אַ פאַרמשפטן... ווי דיין אהרן״...

דעם שוסטער האָבן דעם אַלטן שמואלס רייד בלויז אויפגעוועקט. ער האָט געוואָלט זיך אָנבייזערן אויף אים. אָבער ער האָט עס נישט געטאָן אויס דרך־ארץ פאַרן 80־יעריקן זקן און אויך דערפאַר, ווייל ער האָט געוווסט, אַז דער אַלטער וועט נישט הערן: טויב. נאָר וואָס די דערוואַקסענע האָבן נישט געקאָנט דערגרייכן ביי די אומגליקלעכע עלטערן פונעם פאַרמשפטן, האָט דערגרייכט דער קליינער ישראליק, חנהטשעס קינד, פון וועלכן זי האָט בשום אופן נישט געקאָנט פּטור ווערן ווען זי האָט געשוואַנגערט. ישראליק איז געזונט און שטאַרק און קלוג. טאַקע ווי אַ ממזר. (ווי מ׳זאָגט). ער האָט דערשנאַפּט, אַז מיט דער „באָבען״ און מיטן „זיידן״ — אַזוי רופט ער דעם שוסטער און דאָבען — איז עפּעס נישט ווי שטענדיק, לויט זיין שׂכל זענען זיי ברוגז, ווייל מ׳האָט זיי אַוודאי געשלאָגן פאַר טוען אַזעלכעס וואָס זיי האָבן נישט געטאָרט, און דעריבער ווילן זיי נישט עסן. אָט האָט דאָך די מאַמע זיינע צוגעטראָגן דער „באָבען״ טיי און זי וויל נישט טרינקען. אויפן טיש ליגן זעמל און דער „זיידע״ וויל נישט עסן; דער אַנדערער „זיידע״ וואָס פאַרקויפט עפּל און פּאָמעראַנצן, שטייט לעם אים און בעט אים ער זאָל עסן, אָבער ער וויל נישט.

דער קליינער ישראליק איז אָנגעטאָן אין געלע הייזלעך און אין אַ געל בלוז־קעלע, וואָס די מוטער האָט אים געמאַכט פון אירס אַן אַלטער ספּודניצע, ווען ער האָט פאַר אַ פּיר חדשים אויפגעהערט זיך צו רוקן אויפן געזעסל, אַדער צו קריכן

אויף אַלע פיר. דער קליינער „קאַנאַריק" — ער האָט שוין לאַנג אָפּגעגעסן און איז שוין באַלד ווידער הונגעריק — איז געפאַלן אויף אַן עצה: ער איז צוגע־גאַנגען צו די צוויי קיישלעך אויבס, האָט מיט ביידע הענטלעך אַרויסגענומען אַן עפּל און אים צוגעטראָגן צום „זיידן", וועלכער מאַכט „טיוול" און לאָזט אים נישט אָפּ: „דיידע! נאַ! אַפּל!" ער האָט דעם שוסטער נישט אָפּגעלאָזט ביז יענער האָט גענומען דעם עפּל. דאַן איז ער ווידער צוגעגאַנגען צו די קיישלעך, האָט מיט ביידע הענטלעך אַרויסגענומען אַ פּאָמעראַנץ און צוגעטראָגן צו דער „באַ־בען": „באָבע! נאַ! ראַנץ!" ער האָט זי נישט אָפּגעלאָזט, האָט די פּאָמעראַנץ איר אַרויפגעלייגט אויפן שויס, צענומען אירע קאַלטע, גערונצלטע הענט, פאַר־בראָכענע איינע אין דער אַנדערער, און געשטופּט אין זיי די פרי: ראַנץ! ראַנץ! באָבע! ראַנץ! ביז זי האָט זיך געמוזט אומקוקן אויף אים. אַ ווײַלע האָט זי גע־קוקט אויפן קינד מיט די טיפע לעכער, אין וועלכע ס'זענען געווען איינגעזונקען אירע אויגן, ביז זי האָט תופס געווען וואָס דער קליינער ישראליק וויל פון איר. דערזעענדיק ווי גרויס ס'איז דעם קינדס מיטלייד מיט איר — פון זיינע בליש־טשענדיקע אייגלעך האָט אַרויסגעקוקט גרויס צער און געבעט — האָט זי אים גענומען אויף איר שויס און אים צוגעדריקט צו איר צעוויייטיקט האַרץ.

אין דעם מאָמענט האָט זיך געעפנט די טיר און ס'איז אַריינגעקומען הערש.

4

ביים דערזעען אַריינקומען אַ „פריץ" אין אַ פיינעם פּאַלטאָ מיט אַ פּאַקענעם קאָלנער, האָבן אַלע אויפגעריסן די אויגן. די אומגליקלעכע עלטערן איז איינגע־פאַלן: „אַ גוטע בשורה"... אַפילו פייגע איז נישט געווען זיכער: „איזס הערש?" — — —

דער קליינער ישראליק האָט מורא געקריגן און מיט ביידע הענטלעך אַרומ־גענומען די באָבע.

הערש האָט ביים אַריינקומען די אַנדערע, חוץ פייגען, ווי נישט געזען. ער איז גלייך צוגעגאַנגען צו איר — זי איז איצט שוין געזעסן אויף אַ בענקל, אָפּ־געזונדערט פאַר זיך אַליין — און איז שטיין געבליבן פאַר איר מיט אַנטבלויזטן, געזונקענעם קאָפּ. ער האָט געשעפּטשעט: „פאַרצייַע מיר, פייגע"... דעם הוט אין דער לינקער האַנט, די רעכטע צעגערנדיק אויסצושטרעקן, האָט ער שטיל זיך געבעטן: „קאָנסטו מיר מוחל זיין?... כ'האָב היינט געלייענט וועגן דעם גרויסן אומגליק... כ'האָב דערפילט אַז כ'מוז אַהערגיין צו דיר... ס'האָט מיך אַהערגע־טראָגן... כ'וויל אַלץ גוטמאַכן, אויב... כ'בין געווען געמיין, נידעריק... כ'האָב גע־האַנדלט ווי אַ שאַרלאַטאַן, ווי אַ פאַרברעכער... כ'בין געפאַלן אַלץ נידעריקער... ס'געלט האָט מיך אַראָפּגעצויגן אַלץ טיפער... אָבער איך האָב מיין שטראָף באַ־קומען"...

ביי הערשס לעצטע ווערטער האָט פייגע זיך צעכליפּעט. זי האָט אָנגעכאַפּט הערשס האַלב אויסגעשטרעקטע האַנט און איז צוגעפאַלן צו איר מיט אירע ליפּן.

באַלד איז זיין האַנט נאַס געוואָרן פון טרערן. זי האָט געשעפּטשעט: „איך בין דעמאָלט געווען מיטשולדיק... איך האָב דיך צוגערעדט צו עפענען אַ וואַרשטאַט און צו אַרבעטן פאַר דער אַרמיי, פאַר דער מלחמה"...

זיין לינקע האַנט האָט געגלעט דער אַמאָליקער געליבטעס שאַטינע און איצט האַלבגרויע האָר. אין זיינע אויגן זענען געשטאַנען טרערן.

אַלע אין שטוב האָבן געשוויגן. דער קליינער ישראליק האָט געקוקט צום מאָדנעם בילד פון דער „טשאַטשע" פייגע און דעם פרעמדן און מורא געהאַט זיך אַ ריר צו טאָן. ביז פייגע איז אויפגעשטאַנען פונעם בענקל, און האַלטנדיק הערשס האַנט אין אירער, האָט זי אים צוגעפירט צום פאָטער: „טאַטע... דאָס איז הערש"...
דער שוסטער האָט אָנגענומען די אויסגעשטרעקטע האַנט. דאַן האָט זי הערשן צוגעפירט צו דער מוטער: „מאַמע... ער איז איצט געקומען... ער וויל, אַז דו זאָלסט אים מוחל זיין"...

הערש האָט זיך געזעגנט צו טרייסטן די צעבראָכענע: „ס'איז נאָך דאָ אַ האָפענונג... אַפּעלאַציע"... ער האָט אָבער נישט געגלויבט אין דער דאָזיקער האָפענונג און דעריבער האָט ער זיך געצווונגען צו טרייסטן.

נאָר דאָס וואָרט „אַפּעלאַציע" איז ווי אַן עלעקטרישער שטראָם אַדורך דורך די אומגליקלעכע עלטערן פונעם פאַרמשפּטן און דורך זיין ברודער אַביש און ביידע שוועסטער.

„צום פּרעזידענט". די דאָזיקע צוויי ווערטער האָט הערש געזאָגט מיט מער פעסטקייט.

דער אַלטער סאַדאָווניק, נאָך קלענער ווי ער איז געווען אין סאָד יענעם זומער ווען הערש פלעגט קומען מיט פייגען קויפן אויבס און דאָרט אַ ביסל פאַרברענגען, האָט צוגעלייגט אַ האַנט צום אויער, וואָס איז געווען אין גאַנצן באַוואָקסן מיט שמוציקווייסע האָר, און געפרעגט: „הערש? האַ?" באַקומענדיק די פאַרזיכערונג, אַז יאָ — האָט ער אויסגעשטרעקט די רעכטע האַנט: „שלום עליכם, גרוינעם מלמדס זון! געדענקסטו נאָך ווי דו פלעגסט קומען צו מיר אין סאָד אַריין שבת און דיך אָנטרינקען מיט די טייערע „פאָזשאָנקאָווע" עפּל?... און די טייערע באַרנעס"...

חנהטשע האָט זיך דערמאָנט אין יענע שבתים, ווען אַבראַמטשיק פלעגט צו איר קומען אין סאָד אַריין בעת די עלטערן זענען געווען ביים דאַווענען, און איז רויט געוואָרן.

דער אַלטער האָט הערשן געוויזן אויפן קינד: „מיין אייניקל. חנהטשעס. הייסט ישראליק. אַ יונג!"...

הערש האָט באַגריסט אויך חנהטשען און דאַביי פעסטגעשטעלט: זי האָט זיך ווייניק געענדערט, כמעט די זעלבע שיינע און געזונטע מויד.

דער שוסטער האָט גערעדט צו זיך אין אַ קרעכצנדיקן טאָן: „וועלט־דער־לייזער... רעדן וועגן גרויסער מענטשלעכקייט... וועגן אמת און יושר... און מאַכן

אומגליקלעך״... ער האָט צעשפּרייט די הענט. איינע האָט ווי געוויזן צו פייגען און די צווייטע ווי צו חנהטשען...

הערש האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. פייגע איז צוגעגאַנגען צום פאָטער און האָט צערטלעך אַרויפגעלייגט אירע הענט אויף זיינע אַקסלען: „טאַטע״... אין דעם מאָמענט איז צוגעקומען הערש און מיט געבעט געזאָגט: „אייך האָט געטראָפן אַ שווער אומגליק. אייער זון אָבער... ער האָט זיך מקריב געווען פאַר אַ בעסערער, פאַר אַ שענערער, גערעכטערער וועלט, וואָס וועט דאָך קומען. זעט! איר האָרעוועט אייער גאַנץ לעבן אויפן שטיקל ברויט, אייער גאַנץ לעבן פינצטערט איר אין אַ קעלערשטוב. איז געקומען די מלחמה. פיר מאָל זענט איר געלאָפן מיט פרוי און קינדער, דאָס ביסל אָרעמקייט, וואָס איר האָט מיט ביטערן שווייס דערוואָרבן אין אַ משך פון פיל יאָרן, האָט איר פאַרלוירן, איר האָט זיך געשלעפּט און אַרומגעוואַלגערט אין שפּייכלערס, אין פרעמדע שטעט, אונטערן פרייען הימל, אין הקדשן, געווען היימלאָז, געמוזט אָנקומען צו בעטל־ברויט. הונגער. טיפוס. וויפל לעבנס האָט פון אייך און אייערע קרובים די מלחמה אַוועקגעריסן? באַלד וועט ווידער זיין מלחמה, באַלד וועט זיך ווידער גיסן בלוט, באַלד וועלן ווידער פאַלן מיליאָנען מענטשן, יונגע לעבנס. אייער אַביש וועט באַלד מוזן ווערן אַ זעלנער. מ׳וועט אים אַוועקשיקן אויפן שלאַכט־פעלד און ער וועט געהרגעט ווערן. אויך מיר, אַלע איינוווינער פון די שטעט, ווייל אין דער איצטיקער מלחמה — ווען זי וועט קומען — וועלן די ציווילע מענטשן פּונקט אַזוי געהרגעט ווערן אין די שטעט, ווי די זעלנער אויף די שלאַכט־פעלדער. דער שונא וועט פון עראָפּלאַנען וואַרפן באָמבעס אויף די הייזער פון די שטעט און אַלץ חרוב מאַכן, אַלץ וועט אַוועק מיט די פלאַמען, וועט צעשמעטערט ווערן. אהרן האָט זיך קעגן דעם אַלעם אַקעגנגעשטעלט, ער האָט געוואָלט, אַז דער צווייטער חורבן, וועלכער וועט זיין אַ סך שרעקלעכער ווי דער ערשטער, זאָל נישט קומען און זיך מקריב געווען: ער איז אַ הייליקער קרבן״.

אַלץ וואָס הערש האָט אַצינד גערעדט איז געקומען פון זיין האַרץ אַרויס און ס׳איז אים געלונגען די אומגליקלעכע עטוואָס צו טרייסטן.

קאַפּיטל דריי און דרייסיק

# פאַרצווייפלונג

1

יעקב איז אַרומגעגאַנגען ווי אַ לונאַטיקער. נישט חברים, נישט פריינד און אויך נישט אייגענע, האָבן אים געקאָנט טרייסטן. די באַוואָפנטע סאָלדאַטן האָבן נאָכן אורטייל אַרויסגעפירט דעם פאַרמשפטן פונעם געריכטסזאַל מיט נאָך שטרענגערן אויסדרוק אין די פּנימער ווי פריִער ווען זיי האָבן אים אַריינגעבראַכט: זיי האָבן דעם אַצינד גאָר בלאָזן בנימין נישט געלאָזט זיך געזעגענען מיט זיינע נאָענטע דורך געבן די האַנט. ער האָט בלויז אויסגעדרייט זיין שיינעם, איידעלן קאָפּ מיט די גרויסע טרויעריקע אויגן צום ברודער, צו דער געליבטער און צום פאַרטיידיקער, און מיט אַ שמייכל פון ליבע און דאַנקבאַרקייט אין זיין בלייך פּנים זיי געזאָגט אַדיע. אָבער אויך דאָס האָט פאַר די וואַכסאָלדאַטן באַטייט אַז דער אַרעסטאַנט האָט זיך דערלויבט צו פיל — וואָס ער האָט נישט געטאָרט — און פאַרשנעלערט דעם גאַנג צו דער טיר.

די מיט יעקבן מיטגעקומענע פריינד און חברים זענען אויך אַוועקגעגאַנגען: זיי זענען אַצינד נישט אָפּגעטראָטן פון אים. אַזוי זענען אויך די חברטעס און די פריינדינס נישט אָפּגעטראָטן פון פייגעלען: זיי האָבן זי געהאַלטן אונטער די אָרעמס ביים אַרויספירן פונעם זאַל. אָבער זי האָט איצט קיינעמען נישט געזען, נישט געוווּסט ווו מ׳פירט זי, וואָס אַרום איר טוט זיך. די חברים אָבער און די חברטעס, וואָס האָבן געפירט די צוויי אומגליקלעכע, האָבן נישט פאַרגעסן, אַז דער פיינט טאָר נישט זען דעם ווייטיק אויף זייערע פּנימער, אַז ער טאָר נישט דערקענען ווי צעבראָכן און דערשלאָגן זיי זענען פונעם קלאַפּ, וואָס זיי האָבן אָקערשט באַקומען פון דער מאַכט, און האָבן דעם צער באַגראָבן טיף אין זייער האַרץ. נאָר ווו זאָלן זיי זיך אַהינטאָן מיט די צוויי אין גאַנצן צעשמעטערטע? די צוויי גרופּעס זענען געגאַנגען פּאַמעלעך, איין גרופּע הינטער דער אַנדערער. אַלע שטום.

2

אַריבערטרעטנדיק די שוועל פונעם קעכל אין זיין היים, איז יעקבן אויסגעקומען, אַז ס׳איז זייער פינצטער. ס׳האָט געברענט דאָס זעלבע עלעקטרישע לעמפּל ווי שטענדיק. געוויס, וויניק ליכט; אָבער ער איז צו דער קנאַפּער באַלויכטונג שוין געוווינט פון לאַנג. נאָר אַצינד האָט ער כמעט נישט געזען קיין טריט צו מאַכן און ס׳האָט זיך אים כסדר געדוכטן, אַז ער וועט זיך אָן עפּעס אָנשטויסן און פאַלן.

דודל איז שוין געווען אַ גרויס ייִנגעלע. ער איז שוין געגאַנגען אין אַ שולע: אין אַ ייִדישער, אין וועלכער לערנען לערמאַן איז געווען לערער. דודל האָט אָפּגעוואַרט דעם פאָטער: ער איז אויפגעבליבן, נישט געוואָלט גיין שלאָפן, כאָטש ס׳איז שוין נישט געווען אַזוי פרי. דודל איז געווען זייער אינטעליגענט און אין אַ געוויסן זין געאַנט וואָס אין זיין היים קומט פאָר. זיין קינדעריש קעפל האָט זיך אָפּט באַשעפטיקט מיט די באַציִונגען צווישן טאַטע־מאַמע. נאַטירלעך האָבן מאַן און פרוי זיך געהיטן ווי ווייט מעגלעך פאַר זייערע קינדער, באַזונדערס פאַרן עלטערן, פאַרן קלוגן דודלען, אַז ער זאָל נישט וויסן פון זייער אומגליקלעך פאַמיליעגלעבן. צו פיל האָט דאָס אָבער נישט געהאָלפן. פאַר קינדער, אַפילו פאַר נישט זייער אינטעליגענטע, זענען נישט בייטיק קיין ווערטער וועגן די באַציִונגען צווישן דעם טאַטן און דער מאַמען; פאַר זיי איז גענוג די אַטמאָספערע, דער אויסדרוק פון פּנים, דער בליק. די וואַרעמע אַטמאָספערע פון ליבע אין דער היים איז פאַר קינדער פּונקט אַזוי נייטיק, ווי ליכט און וואַרעמקייט פאַר פלאַנצן.

די דאָזיקע אַטמאָספערע האָט דודלען געפעלט, כאָטש די עלטערן האָבן אים ליב געהאַט, האָבן געשפּילט מיט אים און אים געצערטלט. דער טאַטע ווייניק, ווייל ער איז ווייניק געווען אין דער היים. דאָך האָט ער געשפּילט מיט דודלען מער ווי די מוטער, ער האָט אים דערציילט מעשׂהלעך, וואָס די מוטער האָט נישט געקענט. די מאַמע איז אָבער מיט איר קינד געווען אַ סך צוזאַמען. זי האָט דודלען אָנגעטאָן, געוואַשן און געגעבן עסן, זי האָט אויף אים אַכטונג געגעבן און ביי נאַכט אים געלייגט שלאָפן. איז דודלס ליבע געווען אויף דער מוטערס זייט. צום פאָטער האָט אין זיין קינדעריש האַרץ אַפילו גענומען וואַקסן שׂנאה, הגם ער האָט לויט זיינע כּוחות געקעמפט קעגן דאָזיקן געפיל. האָט דאָך דער טאַטעשי אַזוי שיין געשפּילט מיט אים און אים דערציילט אַזעלכע שיינע מעשׂהלעך ווען ער האָט נאָר געקאָנט, ווען ער האָט נאָר געהאַט צייט. האָט דודלס מוחל זיך אָנגעהויבן באַשעפטיקן מיט אַזעלכע געדאַנקען, וואָס דער קליינער האָט נישט געקאָנט תּופס זיין. האָט ער דעריבער נאָך שטאַרקער גענומען אָבסערווירן טאַטע־מאַמע, יעדן אויסדרוק אין זייער פּנים, ער האָט געפאָרשט די בליקן אין זייערע אויגן, נאָכשפּיאָנירט וואָס זיי רעדן צווישן זיך, די באַטייטונג פון זייער שווייגן ווען זיי זענען געווען פאַרשטומט.

מער מיטן אינסטינקט ווי מיטן שׂכל, האָט דער קליינער דודל גאַנץ פרי אָנ־געהויבן אויף אַ געוויסן אופן און ביז אַ געוויסן גראַד „משׂיג" זיין דעם פאָטער. ער האָט דערפילט, אַז דער טאַטע איז אומגליקלעך, אַז דער טאַטעליידט, אַז ער איז אַ גוטער און נישט קיין שלעכטער, און דעריבער דאַרף ער דעם טאַטעשי נישט פיינט האָבן. אָבער אים ליב האָבן האָט ער נישט געקאָנט, הגם ער האָט דאָס אַזוי געוואָלט. ער האָט נישט געקאָנט ליב האָבן דעם טאַטן, ווייל דער טאַטע האָט נישט ליב די מאַמען, ווייל ער בלייבט נישט אין דער היים ווען ער קומט פון דער אַרבעט, נאָר גייט שטענדיק נאָכן עסן באַלד אַוועק. אַ סך מאָל קומט ער גאָרנישט עסן וועטשערע און די מאַמע זאָגט אים, אַז דער טאַטע אַרבעט נישט,

ער האָט נישט קיין אַרבעט. דודל האָט נישט געקאָנט ליב האָבן דעם טאַטן, ווייל דער טאַטע האָט כמעט קיין מאָל נישט געלאַכט, ווייל ער איז שטענדיק געווען טרויעריק (ערנסט האָט פאַר דודלען אויך געהייסן טרויעריק) און אָפט פאַר־ביטערט. די מאַמע אָבער האָט געלאַכט. שטענדיק, ווען דער טאַטע איז נישט געווען אין דער היים, האָט די מאַמע אַ סך געלאַכט, וואָס האָט פאַר דודלען באַטייט, אַז דער טאַטע לאָזט נישט דער מאַמען לאַכן. און דודל האָט ליב געהאַט לאַכן און פרייד מער ווי אַנדערע קינדער, ווייל ער איז דערין געווען אויסגע־הונגערט. ער האָט אָבער דאָך געזען, אַז דער טאַטע איז נישט קיין שלעכטער, ער האָט דאָס געזען אינעם טאַטנס ליבע צו אים, אין זיין צערטלעכקייט צו אים: אַ גאַנץ אַנדערע ליבע און אַ גאַנץ אַנדערע צעטלעכקייט, ווי ער האָט געפילט אין דער מוטער.

פאַר וואָס דער טאַטע ליידט, פאַר וואָס ער איז אַזוי אומגליקלעך — דאָס האָט דודל דאָך נישט געקאָנט פאַרשטיין, הגם ער האָט שוין געוווּסט, אַז מ׳קאָן ליידן און זיין אומגליקלעך. די צוויי ווערטער „אומגליק״ און „ליידן״ זענען שוין געווען אינעם אוצר פון זיין שפּראַך. ער האָט זיי אָפט געהערט אין זיין היים און אויך ביי אַנדערע מענטשן, און ער האָט אָנגעהויבן זיי צופּאַסן צו זיך; ווען ער האָט נישט באַקומען דאָס וואָס ער האָט געוואָלט, האָט ער געזאָגט: „בין אומגליקלעך״. „כ׳לייד״. אויך האָט ער נישט אָפּגעלאָזט די מאַמען און דעם טאַטן, אַז זיי זאָלן אים דערקלערן וואָס די דאָזיקע צוויי ווערטער באַטייטן.

נאָר אין דער לעצטער צייט האָט דער פאָטער אין גאַנצן אויפגעהערט צו שפּילן מיט דודלען, אים צו דערציילן מעשהלעך, אַפילו אים צו ענטפערן אויף פראַגעס. אַז דאָס איז אין שייכות מיטן פעטער „ימין״, וועלכן ער האָט זייער שטאַרק ליב געהאַט, האָט דער קליינער זיך נישט געקאָנט משער זיין, ווייל נאָך דעם ווי ער האָט אים אַ לאַנגע צייט נישט געזען און די עלטערן האָבן אים אויף זיין פרעגן: „פעטער ,יאמע׳?״ געענטפערט: „אַוועקגעפאָרן״ — האָט ער אים פאַרגעסן. פונקט אַזוי האָט ער פאַרגעסן די באָבע, וואָס איז געשטאָרבן, און די צווייטע באָבע, וואָס איז אויך „אַוועקגעפאָרן״...

3

ווען דער פאָטער — דודל האָט אַזוי לאַנג געוואַרט אויף אים — איז אַהיימ־געקומען, האָט דער קליינער גלייך דערקענט אין זיין פנים, אַז עפּעס גאַנץ באַ־זונדערס איז היינט מיט אים געשען.

ביים אַריינגיין פון קעך אין דער שטוב איז יעקב שיִער געפאַלן: זיין פוס האָט געשטרויכלט ביים אַריבערטרעטן די שוועל. ער האָט געמאַכט ליכטיק, אָבער אויך דאָ, הגם דאָס לעמפּל האָט געלויכטן שטאַרקער ווי דאָס לעמפּל אין קעך, איז אים אויסגעקומען פינצטער. דודל איז נאָכגעגאַנגען דעם טאַטן, געפּאָרשט אין זיינע אויגן, אָבער דער איצטיקער אויסדרוק אינעם פאָטערס פנים איז פאַר אים געווען ניי, ווי ס׳איז אַ פרעמד כתב פאַר אַ געלערנטן. דער קליינער האָט זיך

געגומען שרעקן פאַרן טאַטן. ער האָט אָבער געפילט, אַז ער מוז אַצינד העלפן דעם טאַטעשי. אָבער ווי אַזוי? דודל האָט גענומען קעמפן קעגן זיין מורא און איז צוגעשטאַנען נענטער צום פאָטער, גענומען זיין שלאַבעריק אַראָפּהענגענדיקע האַנט און זי געקושט, געקושט אויך די צווייטע האַנט, אים צוגעפּירט צו אַ שטול און אַנידערגעזעצט. דאַן האָט דודל געפרעגט דעם פאָטער: „הונגעריק? עסן?" אַז דער טאַטע האָט נישט געענטפערט און דער אויסדרוק אין זיין פּנים האָט זיך כמעט נישט געביטן, האָט דודל גענומען אָפּגעבן ראַפּאָרט פון אַלץ וואָס ס'האָט מיט אים און אין דער היים דעם היינטיקן טאָג פּאַסירט, וואָס ער האָט אַלץ געלערנט אין דער שולע, אַז לערמאַן און די אַנדערע לערער האָבן אים ליב און ער האָט זיי אויך ליב, אַז ער קאָן שוין איבערלייענען „אַרומלויפן", „איינשפּאַנען". דאָס זענען שווערע ווערטער צום לייענען. ער קאָן שוין שרייבן אַ „שלאָס ף" און אַ „שלאָס ץ". און גלייך האָט ער געבערענגט דאָס העפט און געוויזן דעם טאַטעשי. נאָר אין דער שולע איז קאַלט, האָט ער ווייטער דערציילט און זיך געקלאָגט, אַז היינט האָט קיינער נישט באַקומען קיין עסן, אַפילו נישט די, וועלכע האָבן מיטגעבערענגט געלט צו באַצאָלן, און די לערער זענען געווען טרויעריק. „ראָזועלע", האָט ער געוויזן אויפן בעטל, „שלאָפט שוין. זי איז אַ ווילדע און אַ קלוגע. כ'האָב זי ליב".

דודל האָט זיך אַזוי לאַנג באַמיט ביז ער האָט דאָך דערגרייכט עפּעס ביים פאָטער. דער קראַמף פונעם זעלישן שמערץ אין יעקבן איז אַ ביסל לייכטער געוואָרן און ער האָט זיין קינד אַ גלעט געטאָן איבערן קעפּל. דאָס איז אַצינד פאַרן קליינעם געווען גענוג. אַ דערפרייטער איז ער אַריין צו דער מוטער אין קעך און איר געזאָגט, אַז זי זאָל דערלאַנגען עסן: „דער טאַטעשי וועט עסן!" האָט ער זיגעריש אויסגערופן. די מוטער האָט געגעבן אַן אויפטראָג: „רוף אים אַריין אַהער! דאָרט מוז זיין פינצטער, ראָזועלע שלאָפט". די דערקלערונג איז פאַר דודלען געווען אַ ריכטיקע און ער איז צוריק אַריינגעלאָפן צום פאָטער, אים אָנגענומען ביי אַ האַנט, געהייסן מאַכן צוריק פינצטער און אים אין קעך צוגעפירט צו אַ בענקל: „זעץ דיך!"

דאָס עסן איז שוין געווען אויפגעגעבן און איז געשטאַנען אויפן טיש. נאָר יעקב האָט זיך נישט צוגערירט דאַצו. ראַבע האָט נישט געגעסן אין דער היים. זי האָט, ווי אַמאָל, ווידער געאַרבעט ביי דער שוועסטער אין דער רעס־טאָראַציע. זי איז ווידער געווען אַ קעלנערין. (יעקב האָט זעלטן פאַרדינט). שטאַרק אומגליקלעך — וואָס זי איז ווידער קעלנערין — איז ראבע נישט געווען. ס'איז איר געווען ליבער צו זיין צווישן מענטשן, פריילעכע און פלוידערנדיקע, צו זען אַלע מאָל נייע פּנימער, צו הערן פון טייל געסט קאָמפּלימענטן — אַמאָל אויך אָנצוהערענישן, וואָס באַליידיקן אַ פרוי, אַפילו פאַר ליב צו נעמען אַ קיצל, אַ נישט אָנבעטנדיקע באַרירונג — ווי צו זיין אין דעם פינצטערן קעכל, אין דער טרויעריקער היים, אָדער אין דער „סאַליע", מעשטיינסגעזאָגט מיט די צוויי „הויזן" פון ביידע זייטן (די משופּעקייטן צוליבן דאַך) און דורך די

פענצטער זעען בלויז דעכער און קוימענס. ראבע האָט אין דער פרי אָוועק־געשיקט דודלען אין שולע אַריין און אים פון דער שולע געהייסן קומען צו דער „טשאָטשע" אין דער רעסטאָראַציע. ראָזעלען האָט זי מיטגענומען. ביי דער שוועסטער האָט זי גוט געגעסן, באַקומען „טרינקגעלט" פון די געסט. דעם מאַן האָט זי געהאַט מיט וואָס צו שלאָגן: אַז ער גיט איר קיין פּרנסה נישט, אַז „ווער ס'צאָלט נישט האָט קיין דעה נישט", אַז „פּאָר גאָרנישט קריגט מען גאָרנישט", ווי ס'גייען די פאָלקסווערטלעך.

4

פאַרן שלאָפן גיין האָט דודל דעם טאַטעשי געזאָגט אַ גוטע נאַכט און אים אַ קוש געטאָן. יעקב האָט אַצינד גענומען אין זיינע אָרעמס דאָס קינד און עס צוגעדריקט צו זיין ברוסט. אָבער ער האָט דודלען נישט געזאָגט קיין איין וואָרט. דאָך האָט דאָס קינד איצט פאַרנומען דעם פּאָטערס רייד צו אים אָן ווערטער. דודל האָט פּלוצעם טראַגיש־ווילד זיך אַרומגעקלאַמערט אַרום דעם טאַטעשי און אים נישט געוואָלט מער אָפּלאָזן. ער האָט אים געוואָלט זאָגן עפּעס זייער וויכ־טיקס, אָבער ער האָט נישט געוווּסט ווי אַזוי עס אַרויסצוברענגען און אין וואָס די וויכטיקייט באַשטייט. ער האָט בלויז געפילט, ווי עפּעס גאַנץ באַזונדערס האָט אים אַצינד פּלוצעם באַהערשט, און דעריבער וויל ער דעם טאַטעשי נישט אָפּלאָזן. יעקב האָט דעם קינד גאָרנישט געקאָנט זאָגן. ער האָט זיין זונעלע אַריינ־געטראָגן אין שטוב, האָט אים אויסגעטאָן אין דער פינצטער און אים געלייגט שלאָפן. ווען דודל איז שוין געלעגן אין בעטל, האָט ער אים אַ קוש געטאָן און (דאָס ערשטע מאָל) נישט צוריק באַקומען קיין קוש. דודל איז געווען מאַט און דערשעפּט, נישט בלויז פון טאָן אַ סך זאַכן איבערן טאָג און שפּילן, נאָר מער נאָך פאַרמאַטערט פון טראַגישע געפילן און טונקעלע אַנונגען. ער איז גלייך איינגעשלאָפן.

אַ מידע פון אַ גאַנצן טאָג אַרבעט איז ראבע געזעסןביים טיש. זי האָט געוואַרט, אַז יעקב זאָל איר דערציילן וועגן דעם פּראָצעס. ער אָבער איז אַלץ נאָך געווען אַזוי פאַרזונקען אין זיך, אַז ער האָט גאָרנישט געמערקט, וואָס אַרום אים טוט זיך. זיינע געדאַנקען און זיין בליק — זיין גאַנצער איך — איז געווען קאָנצענטרירט אויף איין פּונקט אין זיין נשמה. ראבען האָט זיך געדוכטן, אַז דער מאַן קוקט אויף איר און אָנגענומען, אַז ער זעט אויף וואָס זי וואַרט. דעריבער האָט זי אים נישט געפרעגט וועגן בנימינען. אַ ווײַלע איז זי אַזוי גע־זעסן, געווען שטום און פאַרשטומט ווי ער. דאַן האָט זי אַ זיפץ געטאָן און געזאָגט: „ווי לאַנג די מאַמע זיצט שוין אין תּפיסה! אַפילו פעליקס קאָן דער־ווייל גאָרנישט אויפטאָן זי צו באַפרייען". אַז יעקב איז אַלץ געבליבן שטום — איז זי געגאַנגען שלאָפן.

יעקב איז געווען מיד און צעבראָכן, אָבער נישט שלעפעריק. אַליין אין קעכל, אַליין מיט זיך. זיין בליק איז געפאַלן אויף די רויטע קעסטעלעך און די

גרינע צווייגעלעך פון דער געלער צעראַטע אויפן טיש. דאַן איז זיין בליק גע־פאַלן אויפן שאָטן, וועלכער האָט פון דער וואַנט ווי משונהדיק געקוקט אויף אים. אינעם ערשטן אויגנבליק האָט יעקב זיך דערשראָקן פאַר זיין שאָטן־פּנים: עפּעס אַ מאָדנע פּרצוף... איז ער צוגעגאַנגען צום קליינעם שפּיגעלע, וואָס איז געהאַנגען לינקס פון אים און באַטראַכט זיין פּנים, געקוקט אין זיינע אויגן. ער האָט זיך נישט דערקענט...

אַן אויפגעשווידערטער פון דעם וואָס ער האָט אַצינד איבערגעלייענט אין זיין פּנים: די טראַגישע צעריסנקייט אין זיין נשמה. די פאַרלוירנקייט, אָן אַן אויסוועג פון דעם פינצטערן ווינקל אין וועלכן ער האָט זיך געפונען, סיי אין זיין פּריוואַטלעבן און סיי גייסטיק; (די ספיקות אינעם וועג צום סאָציאַליזם האָבן אים אין גאַנצן צעמישט און פאַרפירט אין דאָזיקן פינצטערן, טעמפּן ווינקל); אַן אויפגעטרייסלטער איצט פלוצעם דערפון — האָט ער צו זיך אויס־גערופן: „וויטער אַזוי קאָן איך נישט! איך קאָן נישט מער פירן דאָס דאָזיקע פאַמיליען־לעבן!” מאַכן ראַבעס פאַרוואָרפן? — ער האָט שוין לאַנג איינגעזען, אַז זי איז לגמרי נישט שולדיק. אַזוי איז זי געשאַפן, אַזוי איז איר כאַראַקטער. האָט ער זיך געענדערט? קאָן ער זיך ענדערן? קאָן ער ענדערן זיין נאַטור? אומשטענדן קאָן מען ענדערן. דעם מענטש... מעגלעך אַז ס'איז אמת: „די גע־ענדערטע אומשטענדן ענדערן דעם מענטש”. אָבער אויך דאַן מוז דער מענטש אַ סך אַרבעטן איבער זיך, זיך איבערברעכן. דאָס קאָן נישט יעדער, דאָס מיינט, אַז נישט יעדער האָט די פעיִקייט זיך צו קאָנען ענדערן.

אין זיין אומגליקלעכן פאַמיליע־לעבן האָט ער באַשולדיקט זיך אַליין. ער האָט איינגעזען, אַז ס'איז אוממאָראַליש און געוויסנלאָז צו באַגרינדן אַ פאַ־מיליע־לעבן אויף מאָראַלישער פאַראַנטוואָרטלעכקייט און געוויסן, וואָס בלייבט נאָך פריִערדיקער ליבע; דער פונדאַמענט קאָן זיין נאָר די ליבע. פון זיין אחריות (פון אַמאָל) צו ראַבען האָט יעקב זיך שוין געפילט באַפרייט, ווי יעדער, וואָס דערפילט זיך באַפרייט פון אַ פאַרברעך נאָך דעם ווי ער איז אָפּגעקומען זיין שטראָף. (דורך תשובה אָדער תפיסה). נאָר אין יעקבס האַרץ האָט אַצינד געלויכטן די ליבע צו זיינע צוויי קינדער, צו דודלען און ראָזעלען, און די פאַר־אַנטוואָרטלעכקייט פאַר זיי. ער האָט געפילט, אַז ער וואָלט נישט געקאָנט פאַרלאָזן זיינע צוויי קינדער, ער איז מיט זיי צוזאַמענגעוואַקסן.

טעג און וואָכן זענען ביי יעקבן אַוועק אין פייניקן זיך. דאָס איז ביי אים נישט געווען קיין נייעס, ווייל ער האָט געהערט צו די מענטשן, וואָס קוועלן זיך גייסטיק און זעליש זייער גאַנץ לעבן, און דאָך קאָן מען זיי נישט אָנרופן מאַזאָכיסטן, ווייל זיי פייניקן זיך נישט אויס לוסט. יעקב האָט געהערט צו די יחידים, וועלכע פילן באַזונדערס שטאַרק די ליידן פון די אַנדערע און טראָגן אין זיך אַחריות פאַרן כלל. אַמשטאַרקסטן האָט ער אָבער אַצינד דאָך געליטן וועגן גורל פון זיין ברודער. די טרייסט, אַז בנימין, וועלכן ער האָט געליבט מיט אַ באַזונדערס שטאַרקער צערטלעכקייט, איז אַ קרבן פאַרן גרויסן און היי־

ליקן אידעאַל, האָט אים קיין לינדערונג צו זיין שמערץ נישט געבערענגט. וואָלט ער אַליין געווען דער קרבן — וואָלט ער אַזוי שטאַרק נישט געליטן. דאָס האָט ער קלאָר געוווּסט. איז ער דאָך אַמאָל געזעסן אין דער זעלבער טורמע, מ׳האָט אים דעמאָלט געמאַטערט און געפּאַלטערט, און ער האָט זיך געריכט אויף טויט־שטראָף; פון דעסטוועגן האָט ער דעמאָלט זעליש נישט אַזוי געליטן ווי ער ליידט איצט. ווידער און ווידער האָט ער זיך געוווּנטשן: „וואָלט איך איצט געווען אויף מיין ברודערס אָרט!" — — — ווידער און ווידער האָט זיך פון זיין האַרץ אַרויסגעריסן: „אָ, ווי נייטיק איך מיך אַצינד — אין דער פינצ־טערסטער נאַכט פון מיין לעבן — אין אַ קאַמעראַדין, נישט צו זיין אַזוי אַליין, אַזוי איינזאַם!" — — —

5

דער ווינטער איז שוין געווען נאָענט צום סוף, הגם די פרעסט זענען נאָך געווען גענוג שטאַרק. יעקב האָט זיך אַרומגעשלעפּט איבער די גאַסן אין גאַנצן אַ דערשלאָגענער. ער האָט געפרווירן, און דאָך נישט געוווּסט, אַז ער פרירט, פונקט ווי ער האָט נישט געזען די מענטשן, וואָס זענען פאַר אים פאַרבייגע־גאַנגען, פונקט ווי ער האָט נישט געוווּסט דורך וועלכע גאַסן ער גייט, נישט באַמערקט די הייזער, נישט געהערט דעם גערויש פונעם פאַרקער. ער האָט נישט באַנומען דאָס קאָכיקע לעבן אין דרויסן: דאָס שרייען פון די גאַסן־הענד־לערביים אויסרופן און לויבן זייערע סחורות, דאָס יאָמערדיקע בעטלען פון די שנאָרערס. דאָך איז ער (ווי אינסטינקטיוו) פּלוצעם שטיין געבליבן פאַר אַ בעטלערקע, וואָס האָט איין קינד געהאַלטן אויפן אָרעם איינגעהילט אין דער גרויסער ווינטער־פאַטשיילע, צוויי לעם זיך רעכטס און לינקס און גע־בעטלט: „יאָך בין אַ וויסטע אלמנה מיט פיצלעך יתומים!" יעקב איז צו איר צוגעגאַנגען און איר געזאָגט: „איר האַלט אַ טויט קינד!" די בעטלערקע האָט דערזען, אַז דאָס קינד איז געל און בלוי און די אייגעלעך זענען פאַרגלייזט און גענומען שרייען: „געוואַלד, מענטשן! — יידן! — ס׳קינד איז מיר גע־פרוירן געוואָרן!" די פאַרבייגייענדיקע זענען כמעט אַלע שטיין געבליבן. באַלד איז צוגעקומען אַ פּאָליציאַנט, גענומען אויספאָרשן די בעטלערקע און פון איר אַרויסבאַקומען: אַז די דריי קינדער זענען נישט אירע, אַז זי האָט זיי גענומען ביי אָרעמע מאַמעס, וועלכע זי צאָלט, ווי מ׳צאָלט אָפּנוץ־געלט פאַר זאַכן.

אַן אַנדערש מאָל — ווידער וואַנדערנדיק אַ דערשלאָגענער דורך די גאַסן — איז יעקב ווידער פּלוצעם שטיין געבליבן; ווידער איז ער (איצט אין דער טונקלקייט) אינסטינקטיוו צוגעצויגן געוואָרן פון אַן אומגליק: ער האָט דער־זען אַ פאָטער מיט פיר קליינע קינדער זיך היטנדיק אין אַ ראָג פון אַ גאַס. די קינדער, פון צוויי יאָר ביז אַכט אָדער ניין יאָר, זענען געווען איינגעהילט אין זעק און אין שטיקער פאַפּיר. דער פאָטער האָט דעם עלטערן קינד עפּעס איינגע־רוימט אין אויער, עס געקושט, געקושט די אַנדערע דריי און איז פאַרשוווּנדן.

די קינדער זענען שטיין געבליבן אַליין אין דער טונקלקייט פון דער נאַכט, אין דער קעלט אויף דער גאַס, איינגעהילט אין זעק און פּאַפּיר. יעקב האָט געקוקט אויף די קינדער, געקוקט, און איז געגאַנגען ווייטער. ס'האָט אים געצויגן צום פּאַוויאַק. יעדן טאָג, ביז שפּעט אין דער נאַכט, האָט ער זיך געדרייט אַרום דער טורמע, אין וועלכער ער איז געזעסן אַמאָל און אַצינד זיצט זיין אומגליקלעכער ברודער.

ס'איז אַוועק דער ווינטער. ווידער פרילינג. דורך די גאַסן האָבן מאַסן דע־מאָנסטרירט: די זעלבע אַרבעטסלאָזע, די זעלבע סטרייקנדיקע. יעקב איז שטיין געבליבן, האָט נאָכגעקוקט די דעמאָנסטראַציעס אין אַ פאַרגליווערטן צושטאַנד. זיין האַרץ, וואָס האָט שטענדיק אויפגעציטערט ביים דער'זען רויטע פענער פלאַ־טערן איבער די קעפּ פון מאַרשירנדיקע אין דעמאָנסטראַציעס, איז אַצינד גע־בליבן ווי גלייכגילטיק: זיין האַרץ איז געווען טויט פאַר אַלץ דרויסנדיקס, ווייל ס'איז געווען פול מיט אייגענעם וויי. אַפילו ווען פּאָליציי און מיליטער האָט אַ דעמאָנסטראַציע גענומען צעטרייבן אויפן געוויינלעכן אופן: הרגנדיק, שיסנ־דיק, צעטרעטנדיק מיט די פערד און אַרעסטירנדיק — אויך דאַן האָט יעקב בלויז געקוקט, געגלאָצט. דאָס זעלבע אין ערשטן מאַי ווען ער האָט די מאַסן געזען מאַרשירן איבער די גאַסן. די אַרבעטער — יום־טובדיק אָנגעטאָן, מיט רויטע שלייפלעך אין די לאַצן פון די מאַנאַרקעס און צוגעשפּילעט צו די בלוזעס, מיטן זעלבן מוט אין האַרץ און די זעלבע פעסטקייט אינעם טראָט, די אָרקעסטערס שפּילן; צוג נאָך צוג, יעדע פּאַרטיי מיט אירע פענער, אויפשריפטן אויף די טראַנספּאַרענטן און סלאָגאַנען ביים אויסרופן. ס'מאַרשירן די קאָמוניסטן ריי נאָך ריי, אַנטשלאָסנקייט אין די פּנימער, קעמפערישער טאַקט אין דער רעוואָ־לוציאָנערער, פּראָלעטאַרישער הימנע:

„אַראָפּ דעם יאָך! גענוג געליטן!
גענוג פאַרגאָסן בלוט און שווייס!
צעבלאָזט דאָס פייער! לאָמיר שמידן,
כל זמן דאָס פייער איז נאָך הייס!"

יעקב איז נאָכגעגאַנגען פון הינטן ווי טויזנטער אַנדערע, אָבער אָן דער בייגעריקייט פון די מיטלויפנדיקע. מעכאַניש האָבן זיינע פיס זיך באַוועגט דורך דער קראַפט פון די סטראָפן און דאָס ברויזן פונעם געזאַנג. פאַרויס פונעם צוג זענען אַצינד צווישן די אַנדערע, פירנדיקע חברים און חברטעס געגאַנגען הערש און פייגע.

אָבער ס'האָט זיך איבערגעחזרט דאָס זעלבע, ווי יעדעס יאָר: געשלעג צווישן רעכטע און די לינקע אַרבעטער־פּאַרטייען, איבערפאַל פון פעבל. (געפירט פון רעאַקציאָנערע אַנטיסעמיטישע סטודענטן) אויף די יידישע און די קאָמו־ניסטישע אַרבעטער, אַ געשיסעריי פון דער פּאָליציי און דאָס מיליטער אין די מאַסן, טויטע און אַ סך פאַרוווּנדעטע און מער נאָך אַרעסטירטע. (אין יענעם יאָר

איז די הריגה געווען באַזונדערס גרויס, ווייל די רעאַקציאָנערע פּרעסע האָט זינט עטלעכע טעג געשריבן, אַז זי האָט זיכערע ידיעות וועגן אַ קאָמוניסטישן אויפֿשטאַנד אין ערשטן מאַי. די קאָמוניסטישע פּאַרטיי האָט באַקומען אַ באַפֿעל פֿונעם „קאָמאינטערן״ אין מאָסקווע צו מאַכן אַ רעוואָלוציע און שטירצן די רעגירונג. זענען אין אַ סך גאַסן, באַזונדערס אַרום „טעאַטערפּלאַץ״, אַוועקגעשטעלט געוואָרן גאַנצע גאַרניזאָנען מיליטער מיט מאַשין־געווער און אַנדערע כלי־זין, ווי אין קריג).

יעקב וואָלט נישט געווען אַנטלאָפֿן; אָבער ער איז מיטגעריסן געוואָרן פֿון די אַנטלויפֿנדיקע, ווי אַ קליין שיפֿעלע פֿון כוואַליעס אין אַ שטורעם. ווען ער איז שטיין געבליבן און זיך אַרומגעקוקט, האָט ער געזען, אַז ער איז אין „קראַשינסקי״ גאָרטן. ערשט דאָ האָט ער אָנגעהויבן אויפֿוואַכן, ווי אַ שלאָפֿקראַנקער נאָך אַ לאַנגער צייט זיין באַוווּסטלאָז. נאָר דענקען האָט ער נאָך נישט געקאָנט. בלויז זיינע חושים האָבן ווידער נאָרמאַל פֿונקציאָנירט. ער האָט געקוקט אויף די גרינעביימער, אויפֿן בלויען הימל מיט ווייסע וואָלקנס. אויף דער גאָלדענער, שטראַלנדיקער זון. דאָס האָט אויפֿגעוועקט זיין האַרץ צו באַנעמען די פֿרייד פֿון שיינקייט. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ באַנק. ווי אַ דורשטיק מויל טרינקט גיריק דאָס פֿלוצעם באַקומענע וואַסער, אַזוי האָבן זיינע אויגן אַצינד אַריינגעזויגן אין זיך די פֿרישע גרינקייט פֿונעם גראָז, דאָס צאַרטע ווייס און דאָס פֿלאַמיקע רויט פֿון בליִענדיקע דאָרנקוסטעס, די פֿאַרשידענע ליליאָס פֿון בעז, ראָזאַדענדראָן, קאַשטאַנענביימער, פֿון טולפּן און היאַצינטן, די געלקייט פֿון נאַרציזן און דעם שימערדיקן „גאָלדרעגן״. זיינע נאָזלעכער האָבן אַריינגעצויגן אין זיך די פֿאַרכישופֿדיקע דופֿטן.

אַ ביסל אָן אָפּגערוטער איז יעקב אויפֿגעשטאַנען פֿון דער באַנק און גענומען גיין ווייטער. פֿאַרבייגייענדיק אָן אָרט, וווּ ס'איז געלעגן דער אָפּפֿאַל פֿונעם גאָרטן: טרוקענע צווייגן, פֿניאַקעס פֿון ביימער נאָענט פֿון אַ צוים און פֿאַרשטעלט פֿון צעגרינטע קושעס — האָט ער דערהערט רופֿן זיין נאָמען: „יעקב! חבר ליכטענבערג!״ ער האָט זיך, אומגעקוקט און דערזען פֿייגעלען לעם זיך. אַ דערפֿרייטער האָט ער אויסגערופֿן: „פֿייגעלע!״... זי האָט אים אָנגענומען ביי אַ האַנט, אים צוגעפֿירט צו אַ פֿניאַק און זיך אַנידערגעזעצט מיט אים: „דאָ זיצעך... כ'האָב אייך געזען פֿאַרבייגיין״...

יעקב האָט זיך געחידושט: „דאָ? — צווישן אָפּפֿאַל? — איר?״ — — —

פֿייגעלעס שוואַרץ־לייכטנדיקע אויגן האָבן זיך שיִער אָנגעפֿילט מיט טרערן. אירע שמאָלע ליפּן, בלאַסע אַצינד, האָבן געציטערט. דאַן האָבן זיי זיך צעצויגן אין אַ טראַגישן שמייכל, וואָס האָט אויפֿגעהעלט איר שיין, חנעוודיק פּנימל. אין צעריסנקייט פֿון בענקשאַפֿט און באַהאַלטענער גליקעלישקייט, וואָס האָט אַרויסגעשיינט פֿון אירע אויגן — געוויסע דערינערונגען האָבן די דאָזיקע גליקזעלישקייט אַצינד אַרויסגערופֿן אין איר — האָט זי זיך געפֿרייט פֿונעם פּלוצעמדיקן דערזען דעם געליבטנס ברודער, דעם וועלכער האָט געזאָלט ווערן איר שוואָגער. באַהערשנדיק איר צער, האָט זי געענטפֿערט: „איך בין איצט געגליכן צו איינער

פון די דאָזיקע אָפּגעריסענע, אָדער אָפּגעהאַקטע צווייגן". טרערן האָבן זיך גענומען גיסן פון אירע אויגן. זי האָט זיי אָפּגעווישט מיטן ראָזע באַטיסטן טיכעלע, וואָס זי האָט אַרויסגענומען פון איר טעשעלע. ווידער האָט זי זיך באַהערשט און ווידער האָט זי האַרצרייסנדיק געשמייכלט. דאַן האָט זי יעקבן פאַרטרויט איר סוד: „איך קום דאָ אַהער שטענדיק ווען איך האָב צייט. דאָס איז די מאַפּע וואָס איך האָב מיר געלאָזט מאַכן ביי אַן איינבינדער ווען בנימין האָט מיר געשענקט זיינע הערלעכע זאַכן, וועלכע ער האָט מיר געוויזן ווען"... זי האָט זיך ווידער צעוויינט און נישט געקאָנט ווייטער רעדן. ווידער אויסווישנדיק זיך די טרערן מיטן ראָזע טיכעלע, האָט זי געעפנט די מאַפּע, וואָס איז געווען געבונדן אין פּאָמסרויטן זייד און מיט גרויס פּיעטעט אַרויסגענומען די צייכענונגען און אַקוואַרעלן, וועלכע דער געליבטער האָט איר געוויזן אויפן זעלבן אָרט דאָ. (ביים ערשטן ראַנדעוווּ, ווען ער האָט איר געטאָן דעם ערשטן קוש).

יעקב האָט באַקוקט די זאַכן און אויסגעדריקט זיין זיכערקייט: „ער וואָלט באַשטימט געוואָרן אַ גרויסער קינסטלער". דאַן האָט ער דאָס מיידל געפרעגט: „האָט איר אָנטייל גענומען אין דער מאַי־דעמאָנסטראַציע?"

פייגעלע האָט געענטפערט: „ניין. איך האָב נישט געקאָנט. ביזן פּראָצעס בין איך געגאַנגען צו יעדער דעמאָנסטראַציע, וואָס די פּאַרטיי האָט גערופן, כ'האָב געאַרבעט אַן אָפּשטעל פאַר דער אידעע וואָס איז אונדז ביידן געווען הייליק און האָט אונדז ביידן פאַרבונדן. אַזוי מוז זיין, אַזוי וואָלט אויך בנימין געהאַנדלט ווען איך וואָלט אַצינד געווען ווו ער איז. אָבער פון נאָכן פּראָצעס אָן"... און ווידער האָט זי זיך צעוויינט, גיך באַהאַלטן דאָס פּנים אין ביידע הענט. איר איינגעבויגענער, יונגער, שלאַנקער קערפּער, האָט קאָנוווּלסיוו זיך געטרייסלט. יעקב האָט זי אַרומגענומען. טרייסטן האָט ער זי נישט געקאָנט. זיין לאַנגע אונטערשטע ליפּ האָט גענומען ציטערן, אויך דאָס קליינע קין, און הייסע טרערן — צום ערשטן מאָל נאָכן אויסהערן דעם אורטייל איבערן ברודער — האָבן זיך גענומען גיסן פון זיינע אויגן אויף פייגעלעס שאַטינע, עטוואָס געקרייזלטע האָר פון איר שיינעם, קליינעם קאָפּ.

זיך גוט אויסגעוויינט — ביידע — זענען זיי אויפגעשטאַנען און גענומען שפּאַצירן אינעם גאָרטן. זיי זענען געגאַנגען שווייגנדיק, פאַרזונקענע אין די פּייניקנדיקע געדאַנקען וועגן דעם טראַגישן גורל פון דעם, וועלכער איז זיי ביידע געווען אַזוי ליב און טייער. נישט פייגעלע און נישט יעקב האָבן אַצינד געזען די פּראַכט פונעם פרילינג, נישט געפילט זיין צויבער. זיי האָבן ווידער אָנגעהויבן צו רעדן, ווען איינער דעם צווייטן האָט מיטגעטיילט וועגן די בריוולעך וואָס זיי קריגן פונעם פאַרמשפּטן אין דער טורמע. דאָס זענען געווען קורצע, אָפּיציעלע בריוולעך — דערלויבטע. ס'האָבן אָבער יעדער פון זיי שוין געהאַט באַקומען צו איין אומלעגאַלן, פון דער טורמע אַרויסגעשמוגלטן בריוו.

יעקב האָט געפרעגט: „וואָס שרייבט ער אייך?"

ווידער האָט פייגעלע זיך צעשיינט אין גליקזעליגקייט. אָבער זי האָט יעקבן

נישט דערציילט וואָס דער געליבטער האָט איר געשריבן אין דעם אַרויסגע־שמוגלטן בריוו. זי האָט בלויז געענטפערט: „אַ גרויסער בריוו"...

יעקב האָט פאַרשטאַנען, אַז אַלץ אינעם בריוו איז באַשטימט בלויז פאַר דער געליבטער און מער נישט געפרעגט.

„און וואָס האָט בנימין אייך געשריבן?"

ער האָט געשוויגן אַ מאָמענט, געקנייטשט דעם קליינעם שטערן און באַ־שלאָסן ביי זיך, פייגעלען איבערצוגעבן דעם הויפטאינהאַלט, וואָס דער ברודער האָט אים געשריבן. דערנאָך האָט ער געמאַכט די דאָזיקע באַמערקונג: „די טורמע האָט כמעט אויף יעדן פּאָליטישן אַרעסטאַנט די זעלבע ווירקונג; זי מאַכט רע־וואָלוציאָנערער, קלאָרער".

פון פייגעלען האָט זיך אַרויסגעריסן: „איך בין נאָך נישט געזעסן; אָבער די געמיינע האַנדלונג פון דער פּאַרטיי קעגן בנימינען פון צייט ער איז אַרעסטירט געוואָרן האָט מיר געעפנט די אויגן. איך טרעט אַצינד אַריין אין דער קאָמוניס־טישער באַוועגונג. איך בין איצט שוין אייערס אַ חברטע, יעקב!" זי האָט אים געגעבן די האַנט.

קאַפּיטל פיר און דרייסיק

# דער סוף פון אַ פאַבריקאַנט

1

דער פרילינג האָט זיך צעבליט אין זיין גאַנצן כישוף און אָפּגעבליט. דאַן האָט זיך צעשיינט און צעלויכטן דער זומער. די נאַטור האָט זיך איבערגעחזרט אין איר סדר. און דאָך איז איר הערלעכקייט און יעדע פון אירע אומבאַגרענעצטע פּאַרענדערונגען געווען ניי. אָבער ווי יעדעס יאָר איז די שיינקייט פונעם פרילינג און אויך פונעם זומער, אַוועק כמעט אומבאַמערקט פאַר די מייגסטע מענטשן פון דער גרויסער שטאָט. זיי האָבן געליטן פון די היצן, באַזונדערס די אָרעמע אין די קליינע דאַכשטיבלעך. זיי האָבן זיך געשטיקט אין דער ענגשאַפט פון די שמאָלע גאַסן און אין די הייף, וואָס זענען געווען ווי שטיינערנע קאַסטנס, אָנגע־פּאַקט מיט מענטשן. זיי האָבן געהאַט צרות פון די פליגן און נישט געקאָנט שלאָפן ביי נאַכט פון דער הייסער דושנעקייט. ס'איז זיי געווען שווער צו אַרבעטן אין די קליינע ווערקשטאַטלעך: דאָרט האָט זיך פון זיי געגאָסן דער שווייס און זיי האָבן געליטן פון נאָך אַ סך אַנדערע פּלאָגן, וואָס די זומערדיקע היצן ברענגען פאַר די מייסטע מענטשן אין דער גרויסער שטאָט. אָבער זיי זענען שוין געווען געוווינט דאַצו. די שטענדיקע נויט און דאָס שטענדיקע ליידן האָט זיי טעמפּ

געמאַכט, אי פאַר דער שיינקייט אין דער נאַטור, אי פאַר זייערע אייגענע צרות. פון דעסטוועגן ווערן זיי איבערראַשט פון „נייע" פורעניות, וואָס איז אייגנטלעך מייסטנס בלויז אַן איבערחזרונג פון פריערדיקע, וועלכע זיי האָבן שוין פאַרגעסן.

2

יצחק לערמאַן איז געווען איבערראַשט, ווען זיין פרוי איז אין אַ פּראַסטיקן ביינאַכט אַהיימגעקומען פון דער אַרבעט אַ דערשלאָגענע און אים דערציילט, אַז די קליניק, אין וועלכער זי איז באַשעפטיקט ווערט געשלאָסן: נישטאָ מער קיין מיטלען. פונקט אַזוי איז זי געווען איבערראַשט ווען איר מאַן איז אין אַ הייסן נאָכמיטאָג (פאַר די גרויסע זומער־וואַקאַציעס) אַהיימגעקומען מיט אַ געזונ־קענעם קאָפּ און געזאָגט: „אויך מיט אונדזער שולע איז עס אויס; פּשוט אַרויסגע־וואָרפן פון דער וווינונג". און ער האָט מוסיף געווען: „מ'איז דעם בעל־הבית שולדיק געווען פאַר עטלעכע חדשים דירה־געלט; מער האָט ער נישט געוואָלט וואַרטן. די קינדער האָבן געוויינט, האָבן געפּרוּווט נישט לאָזן אַרויסשטעלן די בענק און די אַנדערע זאַכן אין הויף אַריין. ס'איז געווען אַ האַרצרייסנדיקע סצענע. די רעגירונג האָט נישט געוואָלט געבן די קלענסטע סובסידיע. ס'האָבן נישט גע־האָלפן די פּעטיציעס און די אָנווייזונגען, אַז לויט די התחייבות אינעם ווערסיילער שלום־טראַקטאַט, פאַר דער אויטאָנאָמיע פון נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, און לויט דער קאָנסטיטוציע, מוז די מלוכה אויסהאַלטן אונדזערע שולן. דער ענטפער איז געווען: „די יידישע שולן זענען נעסטן פון קאָמוניזם". די מאָגערע סובסידיעס, וואָס די רעגירונג גיט יאָ — צוליב פּראָפּאַגאַנדע אין אויסלאַנד — ווערן צעטיילט צווישן די קלעריקאַלע אינסטיטוציעס: תלמוד־תורהס, ישיבות, מקוואות".

דער לערער האָט זיך אַראָפּגערעדט פון האַרץ, ווי פּערעלע האָט בשעתּה זיך אויסגעוויינט. נאָך דער גרויסער דערשלאָגנקייט האָט יעדער איינער פון זיי גענומען זוכן אַרבעט, צוערשט אין דער געוווינטער פּראָפעסיע, דאַן סאַרע ס'ניט איז באַשעפטיקונג. נאָר ביידעס אָן דערפאָלג. די יידישע געזונטהייט־אינסטי־טוציעס זענען אַלץ מער און מער איינגעגאַנגען. צו ערשט האָבן זיי זיך פאַר־קלענערט, בעת זיי האָבן זיך גאָר באַדאַרפן פאַרגרעסערן, ווייל מיטן שטייגן פון דער נויט — צוליבן שטייגנדיקן עקאָנאָמישן חורבן — האָבן די אַלערליי קראַנקייטן ביי די אָרעמע, באַזונדערס טובערקולאָזע, זיך געהאַלטן אין איין פאַר־מערן. אָבער די געלט־סומען, אויסצוהאַלטן די אינסטיטוציעס, זענען געגעבן גע־וואָרן אַלץ ווייניקער. אין אַ נישט יידישער אינסטיטוציע האָט פּערעלע קיין שטעלע נישט באַקומען: יידן האָט מען נישט צוגענומען. איז זי — מיט גוטע רעקאָמענדאַציעס — געגאַנגען זוכן גליק אויפן קאָמערציעלן געביט; אָבער מער ווי פאַרשפּרעכונגען, אין בעסטן פאַל, האָט זי נישט באַקומען. האָט זי באַשלאָסן: זאָל זיין איינפאַך פיזישע אַרבעט אין אַ פאַבריק, נישט קוואַליפיצירטע; דער לוין איז טאַקע אַ קלאָגנדיקער, דאָך בעסער ווי גאָרנישט. אָבער זי האָט קיין אַרבעט נישט באַקומען. געניי אַזוי איז עס שפּעטער געגאַנגען איר מאַן.

די ערשטע צייט האָט פּערעלע זיך געהיטן פאַרן פאָטער: ער זאָל נישט געוואָר ווערן, אַז זי האָט פאַרלוירן די שטעלע. זי האָט געוווסט ווי דאָס וועט ווירקן אויף דעם אַלטן טאַטן. ער האָט אַזוי אויך געגוג געליטן דערפון, וואָס „ער ליגט אויפן האַלדז פון זיין אָרעמער טאָכטער". ווי ער האָט ביי יעדער געלעגנהייט געזאָגט. נאָר ר' מרדכי גאַלדבלום האָט כמעט פון דער ערשטער רגע אָן גאַנץ גוט געמערקט, אַז פּערעלע האָט מער קיין אַרבעט נישט. זי איז כלומרשט יעדן טאָג ווייטער געגאַנגען צו דער אַרבעט; אָבער ער האָט געזען, אַז דאָס איז בלויז אָנשטעל. ער האָט געלייענט אירע זאָרגן, וואָס זענען ווי מיט אותיות געווען אָנגע־שריבן אין איר פּנים. זיי האָבן אַרויסגע'צער'ט פון אירע בלויע אויגן. דער אַלטער האָט גוט געקענט זיין מיזינקע. זיין צערטלעכע ליבע צו דער טאָכטער האָט אים געלערנט הערן און פאַרשטיין די שטומע שפּראַך פון איר נשמה. ער האָט זיך אָבער געהיטן, אַז זי זאָל נישט וויסן, אַז ער ווייסט איר סוד, כדי זי זאָל זיך נישט מצער זיין וועגן זיינע איצטיקע נייע ליידן.

צו לאַנג האָט אָבער דער דאָזיקער איידעלער שפּיל נישט געקאָנט אָנגיין. דער צערטלעכער פאָטער האָט פאַרשטאַנען, אַז זיין קינד וועט אָפּקנאַפּן פון זיך ביים עסן. אַזוי איז טאַקע געווען. האָט דער אַלטער געזאָגט: „ניין, מיין קינד. דאָס וועל איך שוין נישט דערלאָזן! מיר זאָלסטו פון איצט אָן געבן ווייניקער; איך בין אַלט און טו גאָרנישט. מיין גוף דאַרף נישט קיין סך".

פּערעלע איז רויט געוואָרן. מיטן נעמען פאַר זיך ווייניקער האָט זי זיך פאַר־ראַטן. פון צעמישטקייט האָט זי געזאָגט אַן אויגנשיינלעכן ליגן: „כ'האָב דאָך מיר נישט גענומען ווייניקער, טאַטעשי!"

ר' מרדכי האָט געשוויגן און ביים טיש מער גאָרנישט געזאָגט. צומאָרגנס האָט ער אָבער די טאָכטער גענומען אויף אַ פאַרהער: „הער אויס, פּערעלע!" אַזוי האָט ער אָנגעהויבן: „איך ווייס אַז דו האָסט פאַרלוירן די שטעלע. דו האָסט מיך נישט געוואָלט מצער זיין. דעריבער וועט דיר נישט גערעכנט ווערן פאַר אַן עבירה, וואָס דו האָסט נעכטן ביים עסן נישט אַזוי מדקדק געווען אויפן אמת, און וואָס דו נאַרסט דעם טאַטן: גייסט כלומרשט יעדן טאָג צו דער אַרבעט; אין דער אמתן גייסטו זוכן אַרבעט". ער האָט איר אַ קוש געטאָן אויפן שטערן. פון דעמאָלט אָן האָבן ביידע אויפגעהערט צו שפּילן די טראַגישע קאָמעדיע פון וועלן שוינען איינער דעם צווייטן דורך נאַרעריי.

אין דעם געוועזענעם פאַבריקאַנט האָט זיך אין געוויסע מאָמענטן אויפגע־כאַפּט דער געדאַנק זיך צו נעמען צו מסחר. ס'איז נישט געווען דער יצר־הרע, וואָס האָט אים נאָכן חורבן געפּאַקט אויפצובויען אַן אַנדערע פאַבריק, נאָר ווייל ער האָט אויף דער עלטער נישט געוואָלט אָנקומען צו בעטלברויט. ער האָט גע־נומען מאַכן אַלערליי פּלענער פון האַנדלען, ביי וועמען ער וועט באָרגן געלט, אויף פּראָצענט אָדער קריגן אַ גמילות־חסד, און זיך געהאַלטן אַן עצה דעריבער מיט פריינד, צווישן וועלכע ס'איז געווען אויך ר' מנשהלע שוואַרץ. אַלע האָבן אים אָבער אָפּגעראָטן: „אַצינד לייגט מען נאָר צו געלט, און נישט מ'פאַרדינט".

פאַרשטייט זיך, אַז ס'האָט דעם יורד קיינער נישט געוואָלט באָרגן קיין געלט. „וועלעך ווערן אַ מעקלער", האָט דער אַמאָליקער גביר זיך אַראָפּגעלאָזט נאָך טיפער. ער איז אַוועק אויף דער בערזע, האָט זיך דאָרט געדרייט איין טאָג נאָכן צווייטן, ביז ער האָט זיך איבערגעצייגט, אַז דאָס וואָס די ידידים זײַנע האָבן אים געזאָגט, איז אמת. דערפון איז ער ד'רעשט צעבראָכן געוואָרן און דערפילט, אַז ער איז אַ זקן. ער איז געוואָרן אַלץ שוואַכער און שוואַכער, האָט זיך גענומען אָפּט פאַרקילן, האָט אָנגעהויבן הוסטן און קרעכצן, רק געפרוירן, און איז אַ סך מאָל געבליבן ליגן אין בעט.

3

ר' איסר איז געקומען מבקר־חולה זײַן דעם בן־עיר און גרויסן ידיד. „וואָס איז דיר, מרדכי?" האָט ער אים געפרעגט. נישט קריגנדיק קיין ענטפער, האָט ער זיך געמאַכט אַ הלצה: „ווי זאָגט דער פּויער? — ,סטאַראָסט ניע ראַדאָסט', מילא"...

פון ר' מרדכין האָט זיך אַרויסגעריסן: „אל תשליכני לעת זיקנה".... ער האָט ד'ערציילט דעם פרײַנד, וואָס ס'האָט געטראָפן און זיך געקלאָגט פאַר אים: „אַפילו ווען די טאָכטער האָט געאַרבעט איז פרנסה געווען שטאַרק בצמצום". ער האָט געעפנט זײַן האַרץ: „ס'איז שלעכט, איסר. געהאַט אַ פאַבריק, הונדערטער מענטשן געגעבן אַרבעט, מפרנס געווען זייערע משפחות. כ'בין געווען אַן עושר". נאָך אַ ווײַלע שווײַגן און איבערלייגן, האָט ער ווידער אָנגעהויבן: „כ'קאָן נישט זאָגן, אַז כ'האָב ווען געזינדיקט במזיד. ניין, כ'האָלט מיך נישט פאַר קיין צדיק, כ'האָב מיך קיין מאָל פאַר קיין צדיק נישט געהאַלטן. ווי ווייט אָבער אַ מענטש, אַ בשר־ודם קאָן זײַן זהיר בעבירה, בינעך געווען. צדקה האָבעך געגעבן — כפי דעתי — ביד רחבה. דאָס ווייסטו דאָך, איסר, ביסט דאָך געווען אַ בן־בית בײַ מיר. דער בורא עולם האָט מיר טאַקע ממלא געווען כפל כפליים: אַן אשת חיל, נשמתה בעדן, בנים ובנות, און אייניקלעך און אוראייניקלעך. אויך תורה איז געווען אין מײַן הויז. האָבעך גערעכנט — און דאָס רעכן איך נאָך אַצינד — אַז כביכול האָט קעגן מיר גאָרנישט געהאַט. און מיט איין מאָל... ווי אַ שטורעמווינט וואָלט געקומען און אַלץ צעשמעטערט, אַוועקגעבלאָזן ווי שטויב. שיִער די מעשה איוב... ניין, איך פאַרגלײַך מיך, חס ושלום, נישט צו איוב. איוב איז געווען, ווי ס'שטייט געשריבן, אַן איש תם וישר וירא אלהים וסר מרע".

דער פּרוש האָט איבערגעשלאָגן זײַן ידיד: „און קיין ענוויים קשים האָט דער בורא, חס וחלילה, נישט געברענגט אויף דיר".

דער חולה האָט מסכים געווען: „דאָס זאָגעך נישט".

ר' איסר האָט געטרייסט זײַן בן־עיר, זיך באַמיט גרינגער צו מאַכן זײַן האַרץ. ר'איז געקומען ווען ר'האָט נאָר געקאָנט. בײַ דער פּורים־סעודה האָט ער גע־נומען אַ „קאַפּעטשקעלע", נאָך אַ „קאַפּעטשקעלע", מער, כדי צו קאָנען משמח זײַן זײַן ידיד, וואָס איז אַרײַנגעפאַלן אין אַ מרה־שחורה, ווי פון הנאה צו י"ש. אויך צו יעדע סדר־נעכט איז ער געקומען.

ווען ס'האָבן אין פרילינג זיך אָנגעהויבן די לינדע טעג האָט דער חולה זיך גענומען פּילו אַ ביסל בעסער. ער איז אויפגעשטאַנען פון בעט, איז אַרויסגע־גאַנגען אין דרויסן, אויך צו ר' מנשהלען אין שטיבל אַריין דאַוונען. זומער האָט זיך ר' מרדכי שוין אין גאַנצן צוריק געשטעלט אויף די פיס. איז אָבער געקומען דער צווייטער קלאַפּ: דער איידעם האָט פאַרלוירן זיין שטעלע. מאַן און פרוי האָבן ווידער געשפּילט די איידעלע טראַגישע קאָמעדיע פאַרן אַלטן. זיי האָבן פאַרזעצט און פאַרקויפט ד'רעשט פון דעם וואָס זיי האָבן נישט באַדאַרפן אומ־באַדינגט. אָבער ר' מרדכי האָט ווידער באַלד דערשנאַפּט, וואָס ס'איז געשען און זיינע ליידן האָבן אויף ס'ניי זיך אָנגעהויבן, איצט נאָך שטאַרקער ווי אין ווינטער ווען פערעלע האָט אויפגעהערט צו פאַרדינען. ווידער האָט ער אָנגעהויבן זוכן אַלערליי תחבולות, וואָס צו טאָן, אַז ער זאָל פאַרדינען געלט. ער האָט זיך גע־זידלט: „כ'האָב מיך אָפּגעלייגט אויף דער טאָכטערס און דעם איידעמס קאַרק! ווי לאַנג נאָך? זיי האָבן דאָך שוין אַליין, בפועל ממש, נישט וואָס צו עסן!" אויף ס'ניי איז אים געקומען אויפן געדאַנק, אַז ער איז אפשר טאַקע שולדיק וואָס זיין טאָכטער האָט נישט געהאַט קיין קינד. ס'איז דערגאַנגען צו זיינע אויערן, אַז אין די היינטיקע צייטן האָבן די נשים, צי די מענער, מיטלען נישט צו האָבן קיין קינדער, אויב זיי ווילן נישט. איז ער שולדיק, ווייל ווען די טאָכטער און דער איידעם וואָלטן אים נישט באַדאַרפן אויסהאַלטן, וואָלטן זיי זיך געוועון געקאָנט פאַרגינען צו האָבן אַ קינד.

וואָס זאָל ער אַצינד טאָן? ער האָט מער נישט געקאָנט נאָך לענגער ליגן אויף זיין טאָכטערס קאַרק. „ביז איצט", האָט דער אַלטער צו זיך געזאָגט, „האָבן די קינדער זיך געטיילט מיט זייער ביסן; נו האָבן זיי מער נישט מיט וואָס זיך צו טיילן. אַצינד מוזעך דאָך עפּעס טאָן צו פאַרדינען געלט! אָבער ביי וואָס?" וועגן מסחר, ווערן אַ מעקלער, האָט ר' מרדכי מער נישט געטראַכט. ער האָט געוווּסט, אַז געניטערע פון אים און יינגערע, קאָנען אַצינד זיך נישט מער נעמען צו האַנדל, ווייל די רעגירונג — און דער אַנטיסעמיטיזם אינעם לאַנד — לאָזן מער ייִדן נישט צו צו געשעפט. איינגעפונדעוועטע סוחרים און אונטערנעמער, אַפילו אָרעמע קרעמער, זענען אַרויסגעשטופּט, ממש אַרויסגעריסן געוואָרן פון זייערע געשעפטן. וויפל פון זיינע אייגענע באַקאַנטע און ידידים, געוועזענע גבירים, זענען אַצינד אביונים גלייך מיט אים? ר' מנשהלע שוואַרץ, למשל.

געהאַט האָט דער אַמאָל רייכער פאַבריקאַנט נאָך אַלץ די פאַרשידענע פּאַפּירן ביי זיך: וועקסלען, קוויטונגען פון דער צאַרישער רעגירונג, פּאַפּירן פון פאַר־שידענע „סטראַכירונגען". אָבער ער האָט שוין געוווּסט אויף זיכער, אַז זיי האָבן קיין שום ווערט נישט. די פּוילישע רעגירונג האָט גאָר ביי אים געמאָנט געלט. פון די קינדער, וואָס זענען זיך צעלאָפן אין דער בהלה פון דער מלחמה, האָט ר' מרדכי שוין געהאַט ידיעות: ווער פון זיי ס'איז געשטאָרבן אין רוסלאַנד פון הונגער און קראַנקייטן, ווער מיט אַ מיתה־משונה, ווער ס'איז געהרגעט געוואָרן בעתן אויפשטאַנד, און אַז די לעבן געבליבענע זענען אָרעם: זיי אַרבעטן און האָבן

קוים דאָס שטיקל ברויט. (זיי זענען אַלע מיטגעגאַנגען מיט דער רוסישער אַרמיי ביים אָפּטרעטן צום לעצטן מאָל).

פֿאַרן האָפּנונגסלאָזן, פֿאַרצווייפֿלטן זקן איז איבערגעבליבן בלויז איין אויסוועג: זיך אַוועקשטעלן אויף דער גאַס און בעטן נדבות. (אין די הייזער וואָלט ער נישט געקאָנט גיין צוליב אַלטקייט און שוואַכקייט). ער האָט זיך געבראַכן די ביינערדיקע, לייליאַ הענט, מיט האַרטע, דיקע גרינע אָדערן.

4

ס׳איז געקומען דער חודש אלול מיט זיינע קילערע און קורצערע טעג, וואָס האָבן אויף פֿרומע ייִדן יעדעס יאָר אָנגעוואָרפֿן דעם פּחד פֿון גרייטן זיך צו די ימים נוראים. אין די בתי־תפֿילה האָט מען שוין גענומען אויספּרוּוון די שופֿרס. אויף דעם אַלטן חסיד, ר׳ מרדכי, האָבן די דאָזיקע טעג דאָס יאָר נישט אָנגעוואָרפֿן קיין שום שרעק; פֿאַרקערט, אין זיין האַרץ האָט זיך גאָר אָנגעהויבן אַ ווידערשפּעניקייט קעגן בורא־עולם, קעגן דעם שופֿט צדק. ס׳זענען אין אים געבוירן געוואָרן משונהדיקע מחשבות: כ׳זאָל מיך גרייטן צום יום הדין? — כ׳זאָל תּשובֿה טאָן אויף די זינד פֿון אַ גאַנץ יאָר? — אויף וועלכע זינד?" — — —
ס׳האָבן זיך אין אים אויפֿגעהויבן טענות צום רבונו של עולם. ער האָט זיך דערשראָקן פֿאַר זיי, זיך דערשראָקן פֿאַר זיך אַליין: „ווי קומען צו מיר אַזעלכע מחשבות? אַצינד? — כ׳שטיי דאָך שוין פֿאַרן קבֿר! — באַלד וועלעך מיך מוזן שטעלן פֿאַר זיין כּסא הכּבֿוד און אָפּגעבן דין וחשבון פֿון מיין גאַנץ לעבן". — — —

אַ גרויסער ירא־שמים זיין גאַנץ לעבן — איז דער קראַנקער און צעבראָכענער זקן גאַנץ מבֿולבל געוואָרן וועגן זיינע זינדיקע מחשבות. נאָר שוין אַ שטיקל צייט אַז אין זיין קאָפּ האָט זיך אַוועקגעשטעלט אַ שרעקלעכער געדאַנק: ער וואָלט באַדאַרפֿן מאַכן אַ סוף צו זיין לעבן, כּדי מער נישט צו ליגן אויפֿן האַלדז פֿון זיין טאָכטער און איידעם, וואָס זענען געבליבן אין גאַנצן אָן פּרנסה. „כ׳האָב גענוג שוין געלעבט", האָט ער געטענהט צו זיך, „כ׳האָב מיינע יאָרן שוין לאַנג אויסגעלעבט, שוין מיט אַ סמיטשיק אַריבער". ס׳לעבן איז דעם יורד שוין לאַנג מער ניט ניחא געווען, ס׳איז אים אויסגעקומען בלויז נאָך ווי אַן עונש פֿאַר זינד, וועלכע ער האָט באַדאַרפֿן אָפּקומען. אָבער נישט כּדי זיך צו באַפֿרייען פֿון זיינע גרויסע צרות האָט ר׳ מרדכי געטראַכט זיך צו נעמען ס׳לעבן, ווייל דאָס וואָלט דאָך קיין שום חכמה נישט געווען; ער וואָלט פֿאַר דער דאָזיקער זינד (פֿון לייגן אַליין אַ האַנט אויף זיין לעבן) באַשטראָפֿט געוואָרן אויפֿן עולם־האמת און דאָרט געברענט אין גיהנום. מ׳וואָלט אים קובֿר געווען הינטערן צוים און ער וואָלט די קינדער פֿאַרשאַפֿט עגמת־נפֿש און בושה. שיין וואָלט ער אָפּגעצאָלט פֿערלען און איר מאַן פֿאַר זייער גוטסקייט צו אים אַזוי פֿיל יאָרן!

דער געדאַנק פֿון זעלבסטמאָרד איז צו ר׳ מרדכין געקומען (צו ערשט) בלויז כּדי צו באַפֿרייען די טאָכטער און דעם איידעם פֿונעם עול אים נאָך ווייטער אויסצוהאַלטן; שפּעטער איז צוגעקומען נאָך אַ מאָטיוו. דאָך איז אַזאַ מחשבה־זרה

געקומען דעם זקן אין קאָפּ אַריין, ווייל ס'האָט דעמאָלט געהערשט אין וואַרשע אַ מגפה פון זעלבסטמאָרדן ביי יידן, אַפילו פרומע האָבן זיך גענומען ס'לעבן.

פערעלע האָט געזען ווי דעם טאַטן האָט אָנגעהויבן ווערן ערגער. זי און אויך איר מאַן האָבן געטאָן וואָס זיי האָבן נאָר געקאָנט צו פאַרדינען — ביי וואָס ס'זאָל נישט זיין — דאָס סאַמע נייטיקסטע אויף צו דערהאַלטן די נשמה אין גוף. זי און דער מאַן האָבן זיך באַמיט דעם קראַנקן צעבראָכענעם אַלטן פאָטער אַרויס־צורייסן פון זיין פאַרצווייפלונג. זיי האָבן אים געזאָגט וואָס זיי טוען: אַז זיי העלפן אין פאַרשידענע יידישע קולטור־אינסטיטוציעס די סעקרעטאַרן אין זייער אַרבעט און קריגן דערפאַר באַצאָלט. נאָר ס'האָט גאָרנישט געהאָלפן, ר' מרדכיס צושטאַנד איז געוואָרן אַלץ ערגער.

דער לערער האָט דערקענט, אַז זיין שווער ראַנגלט זיך מיט עפּעס, אָבער ער האָט גאָרנישט געקאָנט אַרויסקריגן פון אים. ער האָט געפּרוווט אויף פאַר־שידענע פּסיכאָלאָגישע אופנים זיך צו דערגרונטעווען צום אַלטנס נשמה, אָבער ער איז צום עיקר נישט צוגעקומען. דער לערער האָט זיין שווער געליבט. דער פּרוש איז איצט זייער אָפט געקומען צו זיין קראַנקן בן־עיר, ער האָט דערקענט אין סאַרע מצב זיין ידיד געפינט זיך, אַז אין זיין פּירוד הלב האָט ער פאַר־בלאָנדזשעט אין אַ פינצטערניש און געפינט נישט מער קיין וועג זיך צוריק אַרויסצוקריגן פון איר. דאָס זעלבע האָט אים געזאָגט יצחק, קלמן בלעכאַזשס זון. דער חולה דאַרף סיעתא דשמיא. דאָס האָט ר' איסר געזען.

אין אַ רעגנדיקן טאָג פון די עשרת ימי תשובה האָט דער פּרוש זיך אָוועק־געזעצט אויף אַ בענקל לעם דעם חולהס בעט און זיך גענומען צו דער „מלאכת" אַרויסצוקריגן פון זיין ידיד וואָס ער באַהאַלט הינטער זיך. דער דאָקטער, וועלכן מ'האָט געבראַכט צום קראַנקן, האָט געזאָגט אַז קיין אָרגאַנישע קראַנקייט קאָן ער נישט פעסטשטעלן, אַז אַדרבא, דער אַלטער איז לויט די יאָרן — קיין שום עין־הרע — נאָך גאַנץ קרעפטיק. ס'איז אַ זעלישער ענין. און דאָס ערגסטע דאַביי איז, וואָס ער וויל נישט רעדן. האָט ר' איסר זיך פאַרגענומען זיין בן־עיר צו ברענגען צום רעדן. שוין וואָכן, אַז נישט פערעלע און נישט איר מאַן, האָבן פון דעם פאַרשטומטן געוואָרענעם נישט געקאָנט אַרויסקריגן קיין איין וואָרט. זי האָט זיך געבעטן ביי אים מיט איר ווייך און צערטלדיק קול: „טאַטעשי... האָסטו מיך מער נישט ליב?" — דעם זקנס דאַרע און קאַלטע הענט האָבן געגלעט דער טאָכטערס ווייסע, איידעלע הענט, בעת טרערן האָבן זיך אַרויסגעקאָלערט פון זיינע אויסגעלאָשענע אויגן און זענען געפאַלן איבער זיין לאַנגער ווייסער באָרד. אָבער געענטפערט האָט ער איר גאָרנישט: ער האָט נישט געקאָנט אַרויסברענגען קיין איינציק וואָרט פון זיין מויל.

אָבער וואָס ס'איז קיינעמען נישט געלונגען, איז געלונגען דעם פּרוש. „געדענקסטו, איסר", איז דער קראַנקער אַרויס מיט לשון, „אַז כ'האָב דיר אַמאָל געזאָגט: כ'וויל מיך, חלילה, נישט פאַרגלייכן צו איובן; פון דעסטוועגן מוזעך, ווי איוב, זאָגן: „כי חיצי שדי עמדי, אשר חמתם שתה רוחי". אין דער מלחמה —

וועגן שרעק, ווען מיר זענען געלאָפן פון דער שטאָט — איז געשטאָרבן מיין ווייב, ע״ה. מיינע קינדער, די איידעמס און די שנירן, מיינע אייניקלעך און אוראייניקלעך — וואָס איז פון זיי געוואָרן? — אַ תל! מיין עשירות איז אַוועק מיטן פייער. כ׳האָב נישט געקלאָגט, נישט געזאָגט קיין איין וואָרט. ביים דערזען דעם חורבן האָבעך אויפגעהויבן מיינע הענט צום הימל און פון מיין האַרץ האָט זיך אַרויסגעריסן אַ שבח צום בורא; כ׳האָב מיך געפרייט, וואָס כ׳וועל צו אים קאָנען דינען יומם ולילה. כ׳האָב פאַר ליב גענומען אָנצוקומען צו מיין איינציק קינד, וואָס איז געבליבן מיט מיר, מיך אָנצוהענגען אויף איר שוואַכן נאַקן. זי האָט חתונה געהאַט, גענומען אַ מאַן, וועלכן איך וואָלט אין די גוטע יאָרן נישט געוואָלט פאַר קיין איידעם, און דעם פאָטער זיינעם — דעם בלעכאַזש — פאַר אַ מחותן; אָבער יצחק איז אַ גאַר ווילער, איידעלער יונגערמאַן. וואָס זשע טוט דער אַלמעכטיקער ווייטער? — פּערעלע, און דער מאַן אירער — ביידע האָבן שווער געאַרבעט און קוים פאַרדינט אויף פּרנסה, ווי דו ווייסט — פאַרלירן זיי ביידע זייערע שטעלעס!״ — — —

ר׳ מרדכי האָט געשוויגן. אָבער נישט ווייל ער האָט אַלץ שוין געהאַט געזאָגט, נאָר ווייל ס׳האָט אים פּלוצעם אָנגעכאַפּט אַזאַ שרעק וועגן דעם, וואָס ס׳האָט זיך געריסן פון אים צו זאָגן, אַז ער האָט אַזש גענומען ציטערן, ווי ער וואָלט אַריינגעפאַלן אין קדחת. דער פּרוש האָט דאָס געזען און זיך משער געווען פאַר וואָס ס׳האָט מיט דעם חולה אָנגעהויבן פּלוצעם אַזוי צו וואַרפן. „זאָג מרדכי״, האָט ער זיין ידיד געמונטערט, „וואָס דו האָסט צו זאָגן! רעד אַרויס אַלץ! באַהאַלט נישט מער אין דיין האַרץ! דו ווייסט דאָך, אַז ער, יתברך שמו, איז אַ יודע מחשבות. באַהאַלטן איז מער עבירה ווי אַרויסברענגען פון מויל, און אַזעלכע ווי דו ווערן פאַר אַזאַ זינד גלייך באַשטראָפט. דעם רבונו של עולם קאָן מען זאָגן אין פּנים אַריין אַלץ, וואָס מ׳האָט קעגן אים. אַז ר׳ לוי יצחק האָט געמעגט — מעגסטו אויך. זאָג וואָס דו טראַכסט, באַהאַלט גאָרנישט מער! ס׳זענען די הייליקע ימי תשובה; מ׳קאָן — ווען מ׳שטייט פאַרן בית־דין — זאָגן די טענות וואָס מ׳האָט״.

דער קראַנקער האָט געקרעכצט: „וויי איז מיר! אַפילו קיין טענות קאָנעך דאָך מער נישט האָבן צו אים״...

„וואָס ווילסטו דאַמיט זאָגן, מרדכי?״ —

דער פרומער, צעבראָכענער זקן, האָט ווידער גענומען ציטערן: „טענות קאָנמע דאָך האָבן נאָר צו איינעם״... דאָס ווייטערע האָט ער בשום אופן נישט געקאָנט מער אַרויסברענגען פון מויל.

אַ שווערע אָנגעלאָדענע שטילקייט, ווי אין אַ פעלד בעת דער הימל איז באַדעקט מיט שוואַרצע וואָלקנס און באַלד וועט אַ דונער אַ קראַך טאָן. דער קראַנקער האָט זיך בעסער צוגעדעקט: ס׳איז אים קאַלט געוואָרן.

דער פּרוש האָט געשוויגן און נאָכגעטראַכט. דאַן האָט ער, וועגנדיק יעדעס וואָרט, געזאָגט: „דו לייקנסט — אָדער לאָמער ליבערשט זאָגן — דו גלייבסט

נישט מער אינעם בורא־עולם? — דו גייסט ווייטער, הייסט עס, ווי איוב: האָסט געמאַכט דעם לעצטן טריט?... און דיין באַווייז, אַז ס׳איז, חס ושלום, נישטאָ קיין בורא, איז זיין אומגערעכטיקייט קעגן דיר... דאָס איז אַ גאַנץ ריכטיקער באַווייז, מרדכי. אָדער לאָמער בעסער זאָגן, אַז דאָס וואָלט געווען אַ ריכטיקער באַווייז, ווען ס׳וואָלט אַזוי געווען. דאָס איז אָבער נישט אַזוי און דו וועסט באַלד איינזען דיין טעות, מרדכי״.

פונעם זקנס הארץ האָט זיך אַרויסגעריסן: „הלוואי!״

דער פרוש האָט געגרעדט געלאַסן און גוטסקייט האָט געשוועבט איבער זיין פנים: „אַז דו, מרדכי, ביסט געגאַנגען ווייטער ווי איוב, וועל איך גיין ווייטער ווי אליפז, ווי אלדד און צופר. איך וועל נישט ברענגען פאַר קיין באַווייז דעם הימל, די זון, די לבנה און די שטערן, די ערד און די ימים און אַלץ וואָס קודשא בריך הוא האָט געשאַפן, אַז דו זאָלסט זעען ווי גרויס ער איז: ניין. ווייל דאָס אַלץ דערציילט בלויז פון אַ גרויסן, גאָר, גאָר גרויסן מייסטער. אַזאַ מייסטער קאָן מען באַוווּנדערן, מ׳קאָן באַוווּנדערן דעם גרויסן שׂכל, וואָס ס׳שטעקט אין זיין באַשאַף: ווי די הימלישע גלגלים פרייען זיך, ווי אַלץ חזרט זיך איבער מיט אַזאַ גרויסער פּינקטלעכקייט לויט די צייטן. אָבער פאַר אַ גאָט וואָלטעך אים צוליב דעם אַלעם נאָך נישט געהאַלטן. כ׳וואָלט געזאָגט: מה רעש? אין דעם אַלעם איז אייגנטלעך דאָ דאָס, וואָס ס׳איז דאָ אין אַ מאַשין: די רעדער דרייען זיך אַקוראַט ווי זיי זאָלן זיך דרייען, די מאַשין שאַפט די זאַכן לויט איר יכולת, ווי די מאַשינען אין דיין פאַבריק, למשל, האָבן געשאַפן געוואַנט. די געשאַפענע זאַכן לעבן, אָדער געדויערן אַ געוויסע צייט, און דאַן שטאַרבן זיי, אָדער צעפאַלן זיך, ווי ס׳איז די טבע מיט זאַכן וואָס אַ מענטשס האַנט שאַפט. די מענטשן און להבדיל חיות — און אַלץ וואָס לעבט — ליידן כלערליי ווייטיקן און יסורי הנפש ביים לעבן און גאָר באַזונדערע יסורים ביים שטאַרבן, אָבער ס׳אַרט נישט די טבע, זי האָט קיין שום רחמנות נישט. די חיות עסן זיך אייגע די אַנדערע, די מענטשן הרגענען איינער דעם צווייטן. די לופט איז פול מיט קליינע משחיתימלעך, וואָס ברענגען אַלערליי קראַנקייטן און מגפות. אויך זיי שאַפט די השגחה״...

ער האָט געשוויגן אַ ווײַלע, צוגעמאַכט די אויגן, געטראַכט, די אויגן צוריק געעפנט און ווייטער גערעדט: „כביכולס גרויסקייט הייבט זיך אָן דאָרט, וווּ ס׳הייבט זיך אָן זיין רחמנות, זיין ליבשאַפט, זיין אמת און גערעכטיקייט, זיינע סודות החכמה און די שיינקייט. דער מענטש, דער בחיר־היצורים, געשאַפן בצלם אלהים און מיט אַ ניצוץ פון בורא, האָט אין זיך די אַלע געטלעכע מידות. ער וועט זיי אַרויסברענגען אין גאַנצן, ווען ער וועט האָבן דערגרייכט צו שלמות. אַוודאי האָט ער דעם מענטש געגעבן אויך דעם יצר־הרע; אָבער דעם טעם דער־פון — מיר דוכט אַז כ׳האָב דיר דאָס שוין אַמאָל מסביר געווען — איז כדי דער מענטש זאָל האָבן די בחירה בין טוב ורע, אַז ער זאָל אַליין קומען צום העכסטן, דורך ליידן און זיך לייטערן אין זיי. דער יצר־הרע פירט דעם מענטש דורך שבעה מדורי גיהנום, ער זאָל זיך רייניקן, ווי די פלאַמען פונעם פייער רייניקן גאָלד פונעם פסולת״.

דער חולה האָט זיך געטאָן אַ זעץ אויף: „זאָגסטו מיר, איסר, אַז דער וועג פון מיינע אָבות און אָבות אבותינו, דער וועג פון תורה, מצוות און מעשים טובים, אויף וועלכן כ׳בין געגאַנגען — און אָפּגעהיט לויט מיינע כוחות — אַז דער וועג איז נישט געווען דער גערעכטער און דעריבער די שטראָף?!״

ר׳ איסר האָט אָנגענומען זיין ידיד און אים צוריק אַנידערגעלייגט אויפן קישן: „דאָס האָבעך דיר נישט געזאָגט, מרדכי. דו האָסט געוויס, לויט יכולת, אָפּגעהיטן די תורה הקדושה און געטאָן אַ סך מעשים טובים. אַנדערש וואָלטעך נישט געווען דיינס אַ בן־בית און דו וואָלסט נישט געווען אַצינד מיין גרויסער ידיד. אָבער דער יחיד איז בלויז אַ פּרט מן הכלל. דער גאַנצער כלל, דער גאַנצער מין מענטש, מוז קומען צו אַ העכערער מדריגה, מוז ווערן זכאי. ער מוז פּאַר אַלעם אויפהערן מיט מלחמה. אַזוי לאַנג ווי דער מענטש וועט פירן מלחמות, איז אַ סימן, אַז ער איז נאָך אויף אַ גאַנץ נידעריקער מדריגה. די גרעסטע ליידן האָט דער מענטש אויסצושטיין צוליב מלחמה: ער ווערט נאָך ערגער ווי אַ חיה, ער פאַרגיסט בלוט אומזיסט און אומנישט, מ׳הרגעט איינער דעם אַנדערן פאַר גאָר־נישט, זאָגט אַז יענער איז זיין שונא, הגם ער קען אים גאָרנישט, דרינגט אַריין אין יענעמס לאַנד און צעשטערט זיין היים — בלויז ווייל מ׳שיקט אים און מ׳הייסט אים אַזוי טאָן. ער מאַכט חרוב און צינדט אונטער הייזער, דערפער, שטעט, לענ־דער. דיינע צרות, מרדכי, האָבן זיך אָנגעהויבן וועגן דער מלחמה. אַלערליי רשעות — און דאָן די מלחמה — קומען דערפון, וואָס איינער וויל האָבן מער פונעם אַנדערן, שטאָט אַלע מענטשן זאָלן האָבן גלייך. יעדער וואָלט דאָן געהאָט אַ סך. דו, מרדכי, ביסט אַ קרבן פונעם רשעות, וואָס איז דערווייל נאָך זייער גרויס. אַזוי איז אַ קרבן דיין טאָכטער, דיין איידעם. מיליאָנען, מיליאָנען מענטשן זענען קרבנות פון דער רשעות צו וועלן האָבן מער ווי דער אַנדערער. און די גרעסטע קרבנות זענען מיר ייִדן״.

דער פּרוש האָט דערקענט, אָדער בלויז דערפילט, אַז זיין בן־עיר איז אים חושד אין אַפּיקורסות, און אים דערמאָנט: „געדענקסטו, מרדכי? — איין מאָל אין אַ פרייטיק צונאַכטס בין איך צו דיר געקומען, און אין קעכל, ביי דיין טאָכטער און איר מאַן האָבעך דעמאָלט געטראָפן דעם סופרס זון, דעם בכור. ער איז דער־נאָך אַריינגעקומען צו דיר, ווען מיר האָבן געשמועסט כמעט וועגן אַזאַ שטייגער ענין, וועגן וועלכן מיר רעדן אַצינד. דו האָסט דעמאָלט דערציילט וועגן סטריי־קערס, ווי זיי זענען אַמאָל געקומען צו דיר וועגן אַ סטרייק, אַמאָל אין דיין פאַבריק. איך האָב געהאַלטן מיט יעקבן און דו האָסט מיך דעריבער חושד געווען אין אַפּיקורסות. האָסט דיין חשד נישט אויסגעשפּראָכן; אָבער איך האָב געוווּסט וואָס אין דיין מחשבה טוט זיך״. קוקנדיק דעם חולה שאַרף אין די אויגן אַריין, האָט ער אים געפרעגט: „געדענקסטו, מרדכי, אַ וויכוח מיטן סופר, ז״ל — דיר צו לענגערע יאָרן — וועגן דעם יעקבן טאַקע? איך האָב מיט שאולן, ע״ה, נישט מסכים געווען, אַז זיין זון איז אַ פּושע, אַז ער גייט אויף אַ זינדיקן וועג. אַצינד אָבער קאָנעך זאָגן, אַז דער דאָזיקער וועג, אויף וועלכן אַ סך אַזעלכע יעקבס

גייען, איז איינער פון די דרכים, וואָס פירט צום העכסטן יושר. מיט וואָס פאַר אַ מסירות־נפש זיי גייען אויפן דאָזיקן וועג! ווי זיי זענען מקדש השם!" — — —

דער זקן האָט זיך געגומען היצן ווי אַ יונגער, ווי ער וואָלט גאָרנישט קראַנק געווען.

ר׳ איסר האָט געשוויגן און געטראַכט ביי זיך, אַז ער האָט שוין אַ סך דער־גרייכט ביים חולה, אַז דאָס היצן זיך ברעכט זיין קראַנקייט. ווען ר׳ מרדכי האָט אַלץ שוין געהאַט געזאָגט און איז ווידער שטיל געוואָרן, האָט דער פרוש ווידער גענומען רעדן מיט אַ ווייך קול. ער האָט דאַן געפרעגט: „מיט וואָס שיידט זיך אונדזער אמונה אונטער פון די געצנדינערישע? — דאָמיט, וואָס מיר האָבן דער־קענט — ווייל מיר זענען נאָכגעגאַנגען כביכולס קול און געפאָרשט זיינע וועגן — אַז ער איז נישט בלויז דער בורא פון הימל און ערד און אַלץ וואָס ער האָט געשאַפן, נאָר אַז ער, כביכול, וויל ס׳זאָל הערשן יושר בין אָדם לחברו, אַז דער מענטש זאָל פאָרשן נאָכן אמת, ווייל ער, דער איינציקער, ברוך שמו, איז אַ גאָט פון אמת, פון יושר, פון ליבע און שיינקייט. געשטראָפט האָט ער אונדז שטענדיק און ער הערט נישט אויף אונדז נאָך ווייטער צו שטראָפן, ווייל מיר האָבן נישט געהיטן און היטן נישט געגוג זיין תורה, זיינע מצוות נישט צו באַעוולהן דעם אָרעמאַן, די אלמנה און דעם יתום. ער האָט געשיקט זיינע נביאים הקדושים אונדז צו וואָרענען; אָבער מיר האָבן זיך נישט צוגעהערט צו זייערע רייד און ס׳איז געקומען איבער אונדז זיין צאָרן. הקדוש ברוך הוא האָט אונדז אויסדער־ווילט פון אַלע זיינע אומות און אונדז געמאַכט פאַר זיינס אַ שליח צו זיי, אַז אויך זיי זאָלן זיין זהיר אין מצוות בין אָדם לחברו, אַז זיי זאָלן דינען בלויז דעם איינציקן גאָט און נישט די תאוות פון גוף און צוליב דעם האָט מען אונדז צע־שפּרייט בין הגויים. מיר אָבער האָבן נישט דערפילט און דערפילן נישט אונדזער שליחות — נישט געגוג. דעריבער די אַלע צרות, וואָס זענען אויף אונדז געקומען און הערן נישט אויף אויף אונדז צו קומען".

דער פרוש האָט אַ שווערן קרעכץ געטאָן. ער האָט געזען ווי דער חולה איז אויסגעמאַטערט און געטראַכט ביי זיך: „דערווייל גענוג". ער איז אויפגעשטאַנען, געווונטשן דעם קראַנקן אַ רפואה שלימה, און איז אַוועקגעגאַנגען.

5

ר׳ איסר האָט דעם קראַנקן בן־עיר זיינעם צוריקגעגעבן די אמונה אין גאָט. דער זקן האָט דאַן אָנגעהויבן האָבן זיינע טענות צו אים. ערב יום־כיפור האָט ער זיך דערמאָנט עטלעכע ווערטער פונעם פרוש: „דעם רבונו של עולם קאָן מען זאָגן אין פנים אַריין וואָס מ׳האָט קעגן אים". איז אים איינגעפאַלן: „כ׳וועל ביי נאַכט, צו כל נדרי, אַרויפגיין צום בית־דין של מעלה, כ׳וועל מיך שטעלן פאַר זיין כסא הכבוד און וועל אים זאָגן מיינע טענות". און שטאָט צו גיין צו ר׳ מנשהלען אין שטיבל אַריין צו „כל נדרי", איז ער אין ווייסן קיטל און אין די ווייסע זאָקן, איינגעהילט אין ווייסן טלית, נאָר אָנגעטאָן אין אַן אויבער־בגד און

אין שטעקשיך, אַרויפגעאַנגען אויפן פינפטן שטאָק, געעפנט ס׳פענצטער, וואָס איז געווען ביי די שטיגן, און זיך אַראָפגעוואָרפן. ביים פאַלן האָט ער געטראַכט: „נידעריקער איז העכער... כ׳פלי אַלץ העכער... העכער"...

קאַפּיטל פינף און דרייסיק

## פּריַיך

1

די ייִדישע פּרעסע האָט געבּרענגט די ידיעה וועגן דעם טראַגישן טויט פון ר׳ מרדכי גאָלדבּלום. טייל צייטונגען האָבן זי געבּרענגט אויספירלעכער, אַנדערע קירצער. די סיבּות פונעם זעלבסטמאָרד האָבן אַלע אָנגעגעבּן די זעלבע. די טרויעריקע נייעס האָט ביים נפטרס לאַנדסלייט גורם געווען גרויס דערשיטערונג.

פאַניע בערנפעל האָט ביים אָנבייסן פאַרגעלייענט פון אַ צייטונג אַ קורצע ביאָגראַפישע נאָטיץ וועגן דעם געוועזענעם רייכן פאַבּריקאַנט און גרויסן חסיד. און די סיבּות וואָס האָבן דעם זקן געפירט צו זיין פאַרצווייפלטן טאַט. געזעסן זענען ביים טיש די צוויי טעכטער, בעלאַ און העלענאַ און די פרוי, שוין כמעט אין גאַנצן טויב און דערשלאָגן. זי האָט דעם מאַן געקוקט אויף די ליפּן און גע־שאָקלט טרויעריק דעם גרויסן, קיילעכדיקן קאָפּ. בעלאַן אָבער האָט די גאַנצע מעשה וועגן דעם זעלבסטמאָרד נישט אינטערעסירט; נאָך מער: זי האָט הנאה געהאַט — ווי זי וואָלט דערלעבּט אַ נקמה — ווען זי האָט געהערט פון אַן אַנ־דערנס אומגליק. העלענאַ איז געווען דערשיטערט. אָבער זי האָט אַציַנד געהאַט זייער ווייניק צייט. אַהיימגעקומען פון דער הכשרה — האָט זי זיך געמוזט צו־גרייטן צו דער עליה. זי האָט געהאַט נאָך זייער אַ סך צו באַזאָרגן און געבּליבּן זענען אין גאַנצן בלויז נאָך עטלעכע טעג. פאַניע בערנפעל אַליין איז געווען שטאַרק געטראָפן פון דער ידיעה. פון זיין האַרץ האָט זיך אַרויסגעריסן: „וויי, ר׳ מרדכי גאָלדבּלום!..." אַ שווייגנדיקער האָט ער געטראַכט: „האָב איך מיך פון דער קאַטאַסטראָפע שוין אַ ביסל קלוגער אַרויסגעדרייט"... ער האָט נאָך אַלץ געהאַט זיין גוטע שטעלע אין דעם רייכן הילפסקאָמיטעט. זיין געליבּטע, די סעקרעטאַרין, ריטאַ גאָלד, האָט חתונה געהאַט; האָט ער באַקומען אַ צווייטע, אַ ביסל אַן עלטערע ווי די ערשטע, אָבער אַ גאַנץ שיינע פרוי נאָך.

פונעם ערשטן מאָמענט אָן זינט ער איז מיט דער פאַמיליע געקומען קיין וואַרשע וווינט ער אין אַ פיינער ווינונג אויף אַ שטילער גאַס, אין אַ רייכער געגנט. נאָר אין די שטיבּן הערשט אַציַנד דורכויס בעלאַס געשמאַק. די טאַפּעטן, דאָס מעבּל — אַלץ שרייענדיקע אויפגעריסנקייט, פּאָמפּעזע געשמאַקלאָזיקייט.

אַן אַלט געוואָרענע מויד, אין גאַנצן אַן אָפּגעפּאָרענע און אין וואַרשע נישט קיין מיוחס — דער פֿאָטער איז נישט מער קיין גביר, נאָר בלויז אַן אָנגעשטעלטער — האָט זי זיך גענומען צו די בילקסטע מיטלען צו ציִען אויף זיך אויפֿמערקזאַמקייט. פּונקט ווי אין דער וווינונג מוז אַלץ זיין אַזוי, אַז ס׳זאָל אויפֿרייסן די אויגן ביי יעדן ווער ס׳קומט, אַזוי האָט זי זיך אַליין אָפּגעמאַלעוועט און אויסגעפּיאַקעוועט, אַז מענער זאָלן פֿאַר איר „קריגן די נכפּה"... די האָר געפֿאַרבט פּלאַמיקרויט, די נעגל און די ליפּן ווי באַשמירט מיט בלוט, דאָס פּנים דיק געפּודערט, אַז מ׳זאָל נישט דערקענען די יאָרן, אונטער די אויגן און די לעדנדלעך גרינלעכברוין באַשמירט, כּדי ס׳זאָל זיך דוכטן, אַז די אויגן בליצן און וואַרפֿן פֿלאַמען, די ברעמען דין אַרויפֿגעצויגן. שטייענדיק פֿאַרן שפּיגל האָט זי צו זיך שטענדיק געזאָגט: „כ׳וועל שוין קריגן אַ מאַן... נאָך דער חתונה וועלעך זיין אַ יונג ווייבל".

אָבער ס׳איז אַוועק אַ יאָר נאָך אַ יאָר און די אַלע מיטלען האָבן אין וואַרשע דער אַלטער מויד נישט געהאָלפֿן; זי האָט נישט געפֿונען דעם „פֿרייער", וועלכן זי האָט געזוכט: אַ רייכן אלמן, אָבער אָן קינדער, צי אַ גרוש. נאָר בעלאַ האָט איר האָפֿענונג נישט אויפֿגעגעבן. זי איז געווען זיכער ביי זיך: „איך וועל שוין געפֿינען איינעמען". זי האָט זיך דערטראַכט צו אַזעלכע געדאַנקען: „ניין, קיין מיטליעריקן נישט, אַן אַלטן אַוודאי נישט; דווקא אַ יונגן שנעק, אָדער אַ דורכגעטריבענעם ווייביאַרזש". זי איז אַרויסגעגאַנגען פֿונעם שטאַנדפּונקט, אַז דערטרינקען ווערן די, וואָס קאָנען גאָרנישט שווימען, אָדער די גרויסע שווימער... דאָך האָט זי סוף כּל סוף געמאַכט אַ גרויסע פּשרה: זי האָט אויפֿגעגעבן דעם געדאַנק, אַז דער מאַן מוז זיין רייך. זי האָט דאַן געוואָרפֿן אַן אויג אויף פּוקסמאַנען. ער פֿלעגט אָפֿט קומען, נאָך אַלץ זייענדיק פֿאַרליבט אין העלענאַן. בעלאַ האָט אָבער געוווּסט פֿון דער ערשטער רגע אָן, אַז ער האָט קיין שום שאַנס נישט ביי דער שוועסטער, ווייל ער איז איר אָפּשטויסנדיק, און אַז זי וויל דערווייל נישט דענקען אַפֿילו וועגן חתונה האָבן. (אַלץ דער יאַן גנילאָווסקי, דער בידעריקער פֿאַרשוין).

און אָט איז העלענאַ געקומען פֿון דער הכשרה; אָבער זי גרייט זיך גאָר צו דער עליה. אויך האָט בעלאַ שוין געוווּסט, אַז די שוועסטער האָט שוין איינעם: געפּאַקט אויף דער הכשרה, און ער פּאָרט מיט איר צוזאַמען קיין ארץ־ישראל. בלויז דאָס האָט די געריסענע בעלאַ נאָך נישט געוווּסט: איז עס דוב, דער געוועזענער סטודענט, אָדער פֿישל שמולעוויטש, דער געוועזענער פּאָליציאַנט, דער גאָרנישט. פּוקסמאַן — אַ געריסענער ווייביארזש און דאָך אַ יאָלד — איז געקומען צו לויפֿן מיט אַ גרויסן בוקעט בלומען גלייך אין ערשטן טאָג, ווען העלענאַ איז געקומען פֿון דער הכשרה. נאָך אַלץ פֿאַרליבט אין איר ווי אַ יונג בחורל. אָבער בעלאַ איז דאָס מאָל נישט געווען אייפֿערזיכטיק אויף איר שוועסטער. אַדרבא, זי איז איר געווען דאַנקבאַר, ווייל זי איז געווען זיכער, אַז פּוקסמאַנס פֿאַרליבטקייט אין העלענאַן וועט אים ברענגען צו איר: דאָס וועט זיין נקמה אין דער געליבטער...

פון צייט העלענאַ איז ווידער אין דער היים קומט פוקסמאַן יעדן טאָג עטלעכע מאָל, ווייל ער טרעפט זי זעלטן. יעדעס מאָל קומט ער אַנדערש אויסגעשלייערט: דאָ אין אַ העלגרויען און דאָ אין אַ טונקלגרויען אַנצוג, דאָ אין אַ ברוינעם און אָט גאָר אין אַ טונקבלויען. צו יעדן אַנצוג אַנדערע שיך, אַן אַנדערן הוט, אַן אַנדערן קראַוואַט. שטענדיק מיט אַ בלום אין לאַץ און אַ שיין זיידן טיכעלע אין ברוסט־קעשנקעלע. הגם אַ פּראָווינצער — האָט ער פון דעסטוועגן אַ גאַנץ פיינעם געשמאַק אין קליידן זיך. ער באַטאָנט נאָר אַ ביסל צו שטאַרק זיין פּאַצעטישקייט, פונקט ווי ער איז אין וואָרשע איבערגעטריבן מיט זיין קאַוואַלערישער העפלעכקייט צו די מיידלעך און יונגע ווייבלעך.

ס'איז געווען דער ערשטער טאָג חול־המועד סוכות און דער לעצטער פּאַר העלענאַס אָפּפאָרן קיין פּאַלעסטינע. פון גאַנץ פרי אָן האָט מען זיך ביי די בערנפעלס שטאַרק געפּאָרעט: מ'האָט זיך געגרייט צום „צאתך־לשלום־באַנקעט" און... צו אַ חתונה (בלויז אַ חופּה). צום מיינבסטן איז בעלאַ געווען באַשעפטיקט. זי איז געווען גוט אויפגעלייגט און זיך געהאַלטן אין איין איבערוווּנקען מיט דער שוועסטער, לאַכן און זיך קושן מיט איר.

דער ערשטער איז געקומען פוקסמאַן, אין אַ שוואַרצן פראַק, הגם אים איז אַ קאַלירטער אַנצוג געווען ליבער: עס האָט אים בעסער געפּאַסט און אויסגעזען יונגער. ער האָט אָבער געוואָלט אויסזען פייערלעך. וועגן העלענאַן האָט ער שוין אַלץ געוווּסט און געהאַט אַ געוויסן פּלאַן אין קאָפּ. אין אַ בלומען־געשעפט האָט ער געלאָזט צושיקן צוויי גרויסע בוקעטן: איינעם פון ווייסע כריזאַנטעמען, מיט אַ בלויע סטענגע אַרומגענומען; דעם צווייטן — טונקל־רויטע רויזן. אין קראַוואַט אַ בריליאַנטענע שפּילקע און אין לאַץ אַ רויטע רויז. (פון זעלבן סאָרט וואָס אין בוקעט). איבערראַשט איז ער געוואָרן ביים דערזען אויף בעלאַן צוויי רויזן פונעם צוגעשיקטן בוקעט אַרויס. (איינע צוגעשפּילעט ביים סוף דעקאָלט, פּאָרנט פונעם העל לילאַ קלייד מיט רויטע באַפּוצונגען, און צוויי אין די האָר) בעלאַ איז היינט געשמאַקפול אָנגעטאָן. אויפן ערשטן אויגנבליק האָט זי געזען, אַז פוקסמאַן „נעמט איצט איין אַ מיתה משונה". פּאַר איר: די פליגל פון זיינע ברייטע נאָזלעכער ציטערן ווי אין קדחת... זי האָט געפילט ווי זיינע אויגן פרעסן זי, ווי זיי האָבן זיך צוגעכאַפּט צו אירע ברייטע, ווייט אָפּשטייענדיקע היפטן, ווי ער באַלעקט זיך די זינליכע ליפּן פונעם ברייטן מויל, בעת זיין בליק מעסט די גרייס פון איר בוזעם... דאַביי האָט זי אים — איצט אויף אַ ריכטיקן אופן — אַרומגעקוקט און פעסטגעשטעלט: כמעט דער זעלבער ווי פאַר צען יאָר, בלויז די האָר זענען פּאָרנט נאָך אַ ביסל מער אויסגעגאַנגען, ד. ה. ער האָט שוין אַ גאַנץ נישקשהדיקן פּליך. די צוויי שטריכן איבערן דער לענג פון די דאַרע באַקן, ווי צוויי טיפע שניטן, זענען נאָך לענגער געוואָרן: שיער פונעם אַרויסשטראַשנדיקן קנאָכן אונטערן אויג, ביזן דאַרן, אויסגעצויגענעם קין. די נאָז — אַזוי דוכט זיך איר — איז נאָך לענ־

גער געוואָרן, דער אדמסעפּל נאָך גרעסער. אַן אויסגעדאַרטער, אַ מאָגערער האָן, און אַ ביסל צו קליין. נאָר מילא...

ביים באַגריסן צוערשט בעלאַן און דערנאָך העלענאַן, האָט פּוקסמאַן פאַרגליכן אין געדאַנק איין שוועסטער מיט דער אַנדערער. ער האָט פעסטגעשטעלט, אַז די עלטערע איז שענער, ער האָט צו איר מער חשק ווי צו דער ייִנגערער, אין וועל־כער ער איז אַזוי לאַנג געווען פאַרליבט. זי האָט זיך שטאַרק געענדערט אויף דער הכשרה, געוואָרן אַ פראַסטע דאָרפסשיקסע, מיט ברייטע, האַרטע הענט, מיט אַ מגושמדיק אָפּגעברענט פּנים. בעלאַ דאַקעגן איז ווי אַ קאַוואַן; אפשר אַ ביסעלע איבערצייטיק, אָבער דער רויטער זאַפט גיסט זיך ביים עסן...

ביים טיש האָט זיין שמועס מיט די צוויי שוועסטער זיך נישט געבונדן. ער האָט געפרעגט די חלוצה: „איר האָט שווער געאַרבעט און גוט געהונגערט אויף דער הכשרה?" זי האָט געענטפערט: „נישט אַזוי שרעקלעך. כ'האָב אויסגעהאַלטן, איר זעט דאָך. אַנדערע, שוואַכערע פון מיר, האָבן אויך אויסגעהאַלטן. ס'איז גאַנץ גוט — פאַר אַלע וואָס האָבן אין זייער לעבן קיין מאָל גאָרנישט געטאָן. מיר זענען אַלע אויף דער הכשרה געוואָרן געזונטע, קרעפּטיקע מענטשן, מיט גאַנצע נשמות, נישט צעריסענע". אויף אַ באַהאַלטענעם אופן האָט ער געטרונקען די פרייד פון זיין נקמה: „אין פּאַלעסטינאַ איז אַ סך שווערער, דאָרט איז גאָר שלעכט: אויסטריקענען זומפּן, ווערן פאַרברענט פון דער טראָפּישער היץ, פון דורשט, צעביסן ביז בלוט פון די מיקן און אַלערליי פליגן, אַרבעטן פון זון־אויפגאַנג ביז אונטערגאַנג, ווינען ווער ווייסט מיט וויפל אין אַ צעלט, הונגער, מאַלאַריע און אַראַבער"... העלענאַ האָט אים נישט מער געענטפערט: זי האָט געשמייכלט און אַנגעקוקט די שוועסטער...

נאָר ס'האָבן באַלד אָנגעהויבן אָנקומען די געסט, צווישן וועלכע ס'זענען גע־ווען ברוך, דער זון מיט זיין פרוי און צוויי קינדער,ביידע מיידעלעך, ביידע אין בלויע קליידעלעך און מיט בלויע סטענגעס אַרומגענומען די רויטע געלאָקטע האָר, אין ווייסע שיכלעך און ווייסע זעקלעך. ס'זענען געקומען אַ סך פון די חלוצים און חלוצות, וואָס האָבן געאַרבעט צוזאַמען מיט העלענאַן אויף דער הכשרה און געהערן אַציינד צו דער זעלבער עליה. צווישן זיי זענען דאָ דוב און נעמי, פּישל און אסתר, און שרה און בן־ציון. כמעט אַלע פּשוט אָנגעטאָן: די מיידלעך אין קרעטענע, אָדער לייוונטענע קליידלעך, די האָר קורץ געשוירן. די בחורים: אָן שטייפע קעלנער און אָן קראַוואַטן. אַלע ברוין, געזונט, קרעפּטיק, פריילעך. דער בעל־הבית איז אויסגעפּוצט, נישט בלויז ווי גלאַט צו אַ שמחהלע, נאָר טאַקע ווי אַ מחותן. די יונגע חברה געפעלט אים. שוין איז ער „פּאַן־בראַט" מיט אַלע. משקה איז דאָ גענוג, צו פאַרבייסן — פאַרשידענע גוטע זאַכן. פאַניע בערנפעל האָט אַנגעגאָסן און געוואָלט זאָגן לחיים. נאָר דער זון האָט אים אָפּגעשטעלט און גע־פרעגט: „ווו איז די מאַמע?" דער פאָטער האָט אים געענטפערט: „אין קעך אַוודאי".

ברוך איז אַוועק נאָך דער מוטער. אָבער ער איז באַלד צוריקגעקומען אַן

איר. דער בעל־הבית האָט ווידער אָנגעגאָסן: „לחיים אַלע! פאַר אַלעמענס געזונט! פאַר פאַלעסטינע וועט מען טרינקען שפּעטער, דאַן פאַר ענקער אָפּפאָרן, פאַר אַ יידישער מלוכה, און דאַן... מ׳וועט טרינקען און טרינקען״... אַלע האָבן שוין געוווסט וואָס דער בעל־הבית מיינט און געהויבן זייערע גלעזלעך, מיט אַ ווונק צוביידע פאָרלעך. די צוויי שוועסטער האָבן זיך איבערגעקוקט און געשמייכלט. דער פאָטער איז צו זיי צוגעגאַנגען און האָט זיי ביידע אַרומגענומען מיט זיינע פליישיקע, האָריקע הענט. ביידע האָט ער פעסט צוגעדריקט צו זיך און זיי געקושט. פון צייט בעליאַ, די מוזינקע, איז נישט מער געווען זיין טאָכטער — ער האָט זי אַרויסגעריסן פון זיין האַרץ — איז העלענאַ געוואָרן זיין ליבלינג. פישל איז אים בעסער געפעלן פאַר אַן איידעם ווי דאָס אויסגעפוצטע פאַצעטל, דאָס דאַרע הענדל, אַן אָנגעשטעלטער אין פאַן איגנאַץ ווייס באַנק. נאָר פאַר בעלאַן — אַזוי האָט פאַניע בערנפעל געטראַכט — איז דאָס גאַנץ גוט; ער האָט פאַר איר קיין בעסערס גאָרנישט דערוואָרט.

אַז רבקה איז נאָך אַלץ נישט אַריינגעקומען צו דער שמחה, זענען ביידע טעכטער געגאַנגען נאָך איר. זיי האָבן זי געבעטנגט, פירנדיק אונטער די אָרעמס, רבקה איז געווען אָנגעטאָן — נישט ווי אַ מחותנתטע — נאָר כמעט וואָכעדיק. נישט בינע און נישט הינדע (בעלאַ און העלענאַ) האָבן ביי איר געקאָנט פועלן, אַז זי זאָל זיך אָנטאָן אין אַ שיין שבת־יום־טובדיקן קלייד און צירונג, לכבוד די צוויי חתן־כּלהס און לכבוד די געסט. זי האָט זיך צעיאָמערט: „ניין, נישטאָ מער קיין טרייסט פאַר מיר זינט כ׳האָב פאַרלוירן נאָטען; אַזאַ יונג בלוט! ווי איז מיר! אומגעקומען אין דער מלחמה. כ׳ווייס דאָך גאָרנישט אַפילו וווּ זיין קבר איז כ׳זאָל מיך קאָנען אויסווייגען דערויף. און חיהלע? — פאָרט אַ קינד. זיצט אין תפיסה. עלנט ווי אַ שטיין בלייבעך אַצינד. דו, הינדע, פאָרסט אַוועק. ווער ווייסט אויב כ׳וועל דיך נאָך אַמאָל זען. דו בינע, האָסט חתונה. זאָל זיין מיט מזל. וועסט זיין ביים מאַן. ברוך — זאָל ער זיך עלטערן מיט זיין פרוי. ווער און וואָס וועלעך אַצינד שוין זיין פאַר ענקער טאַטן, אַז אַפילו אין די בעסטע צייטן״...

נאָר דער גרויסער בעל־תאווה — נאָך אַלץ געזונט און קרעפטיק — איז אַצינד געווען ריינד צו זיין פרוי. דערזעענדיק ווי די צוויי טעכטער פירן זי — איז ער איר אַקעגנגעגאַנגען, האָט זי אַרומגענומען און זיך צעקושט מיט איר. האָט רבקה זיך ערשט אמתדיק צעכליפּעט. ער האָט געגלעט אירע שטאַרק אויסגעבוגענע, קיילעכדיקע פלייצעס און זי געטרייסט, כמעט שרייענדיק, כדי זי זאָל הערן: „היינט איז דאָך ביי אונדז אַ דרייפאַכע שמחה, רבקה!״... ער האָט זי צוגעפירט צו בעלאַן און פוקסמאַנען און געזאָגט: „אָט איז איין פאָרל!״ דאַן האָט ער זי צוגעפירט צו העלענאַן און פישלען: „און אָט איז דאָס צווייטע פאָרל!״ און ער האָט אויסגערעכנט אויף די פינגער: „אַ קנס־מאָל. אַ חתונה און אַ צאתך לשלום״.

די חלוצים — די טאַנגעבער פון דער שמחה — האָבן געפּאַטשט בראַוואַ, געשריגן „הידד״ און „מזל־טוב!״.

ס'האָט זיך אָפיציעל אָנגעהויבן דער באַנקעט, דאָס קנס־מאָל און די חתונה. נאָר העלענאַ און פישל זענען אויף זייער סערטיפיקאַט סיי ווי שוין געווען פאַרשריבן אַלס מאַן און פרוי (בלויז בחורים און בלויז מיידלעך האָט דאָס פּאַלעסטיאַ־קאָמיטעט זעלטן, אָדער קיין מאָל נישט, געשיקט קיין ארץ־ישראל, כדי אויף איין סערטיפיקאַט אַריינצובערענגען צוויי יידן אין לאַנד). „מזל־טוב" און „לחיים", „לחיים" און „מזל־טוב" האָט כמעט נישט אויפגעהערט. אויסגעטרונקען די גלעזלעך און ווידער אָנגעגאָסן. דאַביי האָבן די חלוצים און די חלוצות נישט אויפגעהערט זינגען העברעיִשע לידער. פאַרן אַוועקגיין זענען אַלע אויפגעשטאַנען און געזונגען די „התקוה".

3

אויך ביים באַנקיר און אָנגעזעענעם ציוניסט, איגנאַץ ווייס איז געפּראַוועט געוואָרן אַ „צאתך לשלום", וואָס איז געווען, ווי אָפּט, אַ שמחהלע נאָך אַ גרויסער ציוניסטישער שמחה. נעכטן ביי נאַכט האָט די חלוצישע אָרגאַניזאַציע איינגעאָרדנט אַן עפנטלעכן גרויסן באַנקעט, אַ „צאתך לשלום" פאַר די חלוצים, וואָס פאָרן היינט ביי נאַכט אָפּ קיין ארץ־ישראל. דער גרויסער זאַל איז געווען אָפּגעטונקט אין ווייסבלויע פענער און פענדלעך. ליכטיק איז געווען, אַז ס'האָט אַזש געבלענדט אין די אויגן. ס'זענען געקומען זיך געזעגענען מיט די „עולימניקעס" נישט בלויז די ציוניסטישע פּני, דעלעגאַטן פון פאַרשידענע יידישע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, רעגירונגס־פאָרשטייער און העברעיִשע באַאַמטע פון טייל אויסלענדישע קאָנסולאַטן, נאָר עמך, גאַנץ פּשוט עמך איז געקומען. ס'האָבן אַזוי פיל גאָרנישט געקאָנט אַריין אין זאַל. ווען נישט די פּאָליציי, וואָס האָט געהאַלטן אָרדענונג ביי די אַריינגענג, וואָלט געווען געקומען צו סכנות נפשות — אַזוי האָבן די מענטשן זיך געשטופּט און געפּאַקט ביי די טירן. אינעם זאַל זענען די מענטשן געווען צונויפגעקוועטשט. נישט ווי אויף עפּעס אַ פאַרזאַמלונג האָבן זיי זיך געפילט, אָדער ביי אַ פייערונג גלאַט אַזוי, נאָר שיִער ווי מחותנים אויף אַ חתונה... די פייערונג איז געעפנט געוואָרן, ווי געוויינלעך, מיט דער „התקוה". אָבער נישט בלויז דער כאָר אויף דער בינע האָט געזונגען, נאָר דער גאַנצער עולם אינעם זאַל, אַלע שטייענדיק אין גרויס יראת הכבוד, ווי ביים זינגען אַ הימנע, אַלע אין גרויס התלהבות. נאָך די פייערלעכע קורצע רעדעס האָט דאָס זינגען זיך ערשט אָנגעהויבן. ס'האָבן געזונגען ציוניסטיש־העברעיִשע לידער נישט בלויז די חלוצים און חלוצות פון דער עליה, נאָר אַלע, וועלכע זענען געקומען זייערע חברים און חברות זאָגן אַ „צאתך לשלום". דער עולם האָט מיטגעזונגען. ס'האָבן זיך צעפלאַקערט די פייערדיקע „הארא"־טענץ. אין דרויסן איז געשטאַנען אַ גרויסער עולם יידן. אויך זיי האָבן געזונגען און געטאַנצט.

נאָר די „פּאָפּראַווינעס", היינט ביים באַנקיר ווייס, ווי מ'האָט גערופן די קליינע ציוניסטישע שמחהלעך ביי אים נאָך די גרויסע עפנטלעכע שמחות, אָדער פייערונגען — וואָס האָבן זיך אָפּט פאַרוואַנדלט אין פאַלקס יום־טובים — איז

נישט מער געווען ווי אַמאָל. דער „צאתך לשלום", וואָס די עלטערן האָבן געמאַכט לכבוד דער מוזינקעס אָפּפאָרן קיין ארץ־ישראל, איז געווען איינגעהילט אין אַ סך טרויעריקייט, וואָס האָט לעצטנס זיך אַריינגעריסן אויך אין דאָזיקן רייכן הויז. די געשעפטן זענען געגאַנגען זייער שלעכט. פאַן איגנאַץ ווייס האָט געפירט אַ פאַרצווייפלטן קאַמף קעגן דער אַנטיסעמיטישער שטייער־פּאָליטיק און די אַנטיסעמיטישע האַנדלסגעזעלשאַפטן: ער האָט זיך נישט געלאָזט אַרויסשטופּן פון זיין באַנק. צו זיין פרוי, צו זיינע בני־בית און פריינד, האָט ער געזאָגט: „דאָס וועט זיי נישט געלונגען! מיין באַנק איז אַ ייִדישע פעסטונג; איך וועל זי דעם שונא נישט אָפּגעבן! איך וועל זי פאַרטיידיקן מיט אַלע מעגלעכקייטן!" אַדאַמען האָט מען אַרעסטירט מיט דער פרוי; ס'איז געשען דאָס, אויף וואָס די עלטערן האָבן זיך געריכט. ראָזאַליאַ האָט אַפילו נישט איין מאָל אין אויפרעגונג געזאָגט: „זאָלן זיי פאַרפוילט ווערן אין תפיסה!" אָבער אַז איר קללה איז מקוים געוואָרן, האָט זי גענומען וויינען און קלאָגן. דער באַנקיר האָט באַלד נאָכן אַרעסט גענומען אַנווענדן זיין איינפלוס און „וואַרפן" מיט געלט, אָבער דערווייל איז אים נאָך נישט געלונגען צו באַפרייען דעם זון און די שנור. צו דעם אַלעם איז נאָך צוגעקומען סוזאַנאַס אַוועקפאָרן אַצינד קיין פּאַלעסטינאַ, וואָס האָט פאַר אירע עלטערן באַטייט אַ שווערער קלאַפּ, הגם זיי האָבן אים דערוואַרט. איז דאָס אַלץ ווייניק — האָט זי זיך פאַרליבט אין דעם עזראָן און שוין חתונה געהאַט מיט אים. (אין פּאַלעסטינאַ־קאָמיטעט, ווי אַלע; זיך פאַרשריבן מיט אים אַלס מאַן און פרוי אויפן סערטיפיקאַט). וואָס חופה, ווען „שלוב"; דאָרט, זאָגט זי, אויף דער הייליקער ערד, וועט זי ווערן זיין ווייב כדת משה וישראל. די עלטערן? — זי וועט חתונה האָבן אָן זיי. ראָזאַליאַ האָט מיטביידע קליינע הענטלעך זיך אָנגעכאַפּט ביי איר קליין קעפּל און זיך צעיאָמערט: „מיר עקזיסטירן נישט פאַר איר, איגנאַץ! דער קאָכאַנעק, דעם קבצנס זינדל! דאָרט וועלן זיי ביידע האַקן שטיינער אויף דער „שוויענטאַ זשעמיאַ!" — — —

דאָך האָבן ביי די טישן אין דער גרויסער, ווייסבלוי דעקאָרירטער סאַלע, די געסט, וואָס זענען געקומען צום „צאתך לשלום"־באַנקעט, זיך געלאָזט וווילגיין. באַזונדערס האָבן זיך משמח געווען די חלוצים און די חלוצות, וואָס האָבן געאַרבעט צוזאַמען מיט שושנה אויף דער הכשרה און זענען מיט איר איצט עולה קיין ארץ. שושנה איז נישט מער דאָס אַמאָליקע צעפּיעשטשעטע מוזינקעלע פון אַ באַנקיר, נאָר אַ חלוצה, איינע פון די בעסטע; נישט קיין צעבאַלעוועט רייך טעכטערל, נאָר אַ דיסציפּלינירטע, באַוווסטזיניקע, שטאָלצע ציוניסטקע, פעסט און שטאַרק אין איר ווילן און קלאָר אינעם ציל פון דער אידעע, וואָס איז פאַר איר גרויס און הייליק. איר הייסער טעמפּעראַמענט איז דער זעלבער ווי געווען, די זעלבע עקשנות אינעם ווילן און אייזערנעם כאַראַקטער, דער זעלבער ברען פון אַמאָל; אָבער קאָנטראָלירט און קאָנצענטרירט אויף דער איינער גרויסער זאַך: אויפצובויען דאָס הייליקע לאַנד, אַ היים פאַרן גאַנצן ייִדישן פאָלק, אַ ייִדישע מלוכה. וואָס זי האָט געוואָלט ביז איצט האָט זי דערגרייכט: ביי נאַכט

פאַרט זי שוין אַפּ אַהין ווו איר האַרץ רייסט זיך — אין: „חדוה!... חדוה״!... זי איז אויפגעשפּרונגען, האָט אָנגעכאַפּט דעם פאַרדאגהטן פאָטער ביי אַ האַנט, די פאַר־צוקטע מוטער, די טרויעריקע מחותנים: ר׳ מנשהלע שוואַרץ און זיין פרוי שרהלע, דער מאַמושאַס פּעטער און מומע, וואָס זענען לויטן סערטיפיקאַט שוין אירע שווער און שוויגער און פאַרן צוזאַמען מיטן זון און מיט איר — יעדן, וואָס איז נישט געווען געבונג פריילעך, וואָס האָט זיך אָצינד נישט געגוט געפרייט — האָט זי געמונטערט און קאָמאַנדירט: „מער פרייד!... חדוה!... חדוה!... היינט איז די גרעסטע פרייד אין מיין לעבן!... ס׳איז אויך דיין פרייד, טאַטעשי!... און דיינע, מאַמעשי!... אייער טאָכטער און אייער איידעם פאָרן ביי נאַכט אַוועק אין אונ־דזער הייליק לאַנד, אין ארץ אבותינו!... דאָרט וועלן מיר בויען אונדזער הייליקע מלוכה!... מיט אונדזערע הענט וועלן מיר טראָגן ציגל צום בנין ארץ־ישראל!... אויסגעלייזט פון גלות וועט זיין אונדזער יידיש פאָלק!... עם ישראל חי!... עם ישראל חי!... זינגט אַלע!... אַלע!... טאַטעשי זינג!... מאַמעשי!... און דו, הלל!... נישט מער הענריק!... און דו, משה!... נישט מער מאָריץ!... און איר מר גאָרדאָן!... אַלע!... אַלע!... זינגט!... זינגט!... עם ישראל חי!... עם ישראל חי!״...

ס׳האָט זיך צעפלאַקערט אַ טאַנץ. האַנט אויף אַקסל געשלאָסן אין אַ ראָד — האָבן אַלע געטאַנצט אַרום די טישן. דער טאַנץ איז געוואָרן אַלץ פלאַמיקער, דאָס זינגען אַלץ פריידיקער, התלהבותדיקער.

4

אָבער די גרעסטע פרייד, די גרעסטע התלהבות האָט זיך צעפלאַקערט ביי נאַכט ביי דער באַן. טויזנטער יידן מיט פרויען און קינדער זענען געקומען באַ־גלייטן די עולים. און געווען איז ווי נעכטן ביי נאַכט אין דרויסן פאָרן זאָל ווו ס׳איז געפייערט געוואָרן דער „צאתך לשלום״. אָפילו די העלפט האָט די פּאָליציי נישט געלאָזט אויפן פּעראָן אַרויף — אַזוי פיל יידן זענען געקומען.

אויפן פּעראָן האָט געדרוישט און געקאָכט. די עולים האָבן באַקומען אַן עקס־טרע צוג, אין גאַנצן פאַר זיי. די פענצטערלעך און די טירן פון די וואַגאָנעס זע־נען געווען דעקאָרירט מיט פּאַפּירענע בלוי־ווייסע פענדלעך. אין הונדערטער הענט פון חלוצים און חלוצות אויפן פּעראָן האָבן געברענט בלוי־ווייסע לאַמפּיאָנדלעך, ס׳האָבן געפלאַקערט שטורקאַצן. ס׳האָט אויסגעזען ווי אַ פאַקלצוג פון נצחון. דער גרויסער עולם האָט געזונגען „עם ישראל חי״, „מי יבנה הגליל״ און אַנדערע ציוניסטישע לידער. מ׳האָט געזונגען און געטאַנצט. ס׳איז צוגעקומען דער שעף פון דער סטאַציע אין רויטן היטל און אין פייערלעכן אוניפאָרם לכבוד דעם עקסטרע צוג און געזאָגט, אַז די וואָס פאָרן מוזן איינשטייגן אין די וואַגאָנעס, ווייל ס׳איז געבליבן נישט מער ווי פינף מינוטן צום אָפּגיין פונעם צוג. די עולים — אויפגערעגטע פון פרייד — האָבן זיך גענומען געזעגענען מיט זייערע נאָענטע. זין און טעכטער האָבן זיך אַרומגעכאַפּט מיט זייערע טאַטעס, מיט זייערע מאַמעס, מיט ברידער און שוועסטער. מ׳האָט זיך געדריקט צום האַרץ, אומאַרמט,

געקושט. די עלטערע מענטשן האָבן געוויינט. טייל פון די עולים, צווישן זיי שושנה מיט עזראן, העלענאַ מיט פישלען, אבנר מיט דבורהן, דוב מיט חנהן און נאָך עטלעכע פּאָרלעך, האָבן אויף ס׳נײַ — ס׳זענען געבליבן נאָך צוויי מינוט — פאַרלייגט האַנט אויף אַקסל, פאַרוואָרפן אין עקסטאַז דעם קאָפּ אַהינטער און ווידער גענומען טאַנצן: „עם ישראל חי!... עם ישראל חי״!... ביז דער שעף פון דער באַן האָט געגעבן דעם סיגנאַל צום אָפּפאָרן און דער לאָקאָמאָטיוו האָט זיך צעפּייפט.

דער צוריקגעבליבענער עולם אויפן פּעראָן האָט זיך געטאָן אַ גלייך אויס און אָנגעהויבן זינגען: „כל עוד בלבב״... דער צוג מיט די בלויווייסע פענדלעך האָט געריירט און איז געפאָרן פּאַמעלעך. דער שעף אינעם רויטן היטל און פייער־לעכן אוניפאָרם האָט צוזאַמענגעקלאַפּט די אָפּצאַסן און אויפגעהויבן צוויי פינגער פון דער רעכטער האַנט צום דאַשיק, ווי תמיד, ווען ס׳איז געזונגען געוואָרן אַ הימנע: נישט קיין נפקא מינה, צי פון זיין פאָטערלאַנד, אָדער אַן אויסלענ־דישע. דורך די אָפענע פענצטערלעך פון די וואַגאָנעס האָט זיך געריסן: „לשוב לארץ אבותינו״... דאָס געזאַנג פון די עולים און דאָס געזאַנג פון די צוריקגע־בליבענע האָט אָפּגעקלונגען אין דער חל־המועד־סוכותדיקער, אויסגעשטערנטער נאַכט.

קאַפּיטל זעקס און דרייסיק

# דער חבר יוזשעק שטשעלקאָווסקי

## 1

דער חבר יוזשעק שטשעלקאָווסקי האָט נאָך אַלץ געוווינט אין דער דירה פון די קאָאָפּעראַטיווע הייזער, וואָס די רעכטע פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט אויפגעבויט פאַר אירע מיטגלידער (נאָר געוווינט האָבן דאָרט כמעט בלויז פּאַרטיי־באַאַמטע). יוזשעק איז אַצינד געווען איינער אַליין אין דער היים ווייל כעליאַ, זיין לעבנסקאַמעראַדין, איז געזעסן אין תפיסה. שוין אַ גענוג לאַנגע צייט אַז מ׳האָט זי אַרעסטירט אָבער נישט זי אין „פּאַוויאַק״ און נישט ער אין דער היים ווייסן פאַר וואָס. אויף אַן אויספאָרשונג איז זי נאָך אַלץ נישט גענומען גע־וואָרן. אין דער קאַנצעלאַריע פון דער טורמע, ווען מ׳האָט זי אַהינגעברענגט, איז בלויז געמאַכט געוואָרן דאָס פאָרמעלע אויפנעמען דעם נאָמען אאַז״וו. געוויס האָבן ביידע זיך שטענדיק גערעכנט אַרעסטירט צו ווערן און געוווּסט וואָס זיי דערוואַרט; אָבער אָן אַ סיבה, אַזוי צו זאָגן, אָן אַן אויסרייד, האָט די פּאָליציי דאָך נישט אַרעסטירט, אַפילו נישט קיין קאָמוניסטן. אויב גלאַט אַזוי, האָט יוזשעק

זיך געפרעגט, פאַר וואָס זי און נישט אים, אָדער ביידע? אין אַ מיטנגאַכט האָט פּאָליציי אָנגעקלאַפּט אין דער טיר, באַפוילן דער חברטע כעליאַ אויפשטיין פון בעט און זיך אָנטאָן. זיי האָבן אַפילו נישט ריכטיק געזוכט, כדי צו געפינען מאַטעריאַל פאַר דער באַשולדיקונג. דער אַרעסטירטער האָבן זיי אָנגעטאָן קייטלעך אויף די הענט און אַוועקגעפירט מיט זיך.

דער חבר יוזשעק האָט געגילט פאַר אַ קילן: ער רעגט זיך כמעט קיין מאָל נישט אויף, ס׳איז שווער אים אַרויסצוברענגען פון געדולד. נאָר זיינע באַענטע האָבן געוווסט סאַראַ הייסן טעמפּעראַמענט ער האָט, אַז ער באַהערשט זיך בלויז כדי אויסצוזעצן (און זיך צו האַלטן) רויק. ער האָט אַן אייזערנע קראַפט זיך צו קאָנטראָלירן, זיך צו האַלטן אין צוים. אַצינד אָבער האָט ער זיך קוים נאָך געקאָנט איינהאַלטן. אין דער פּאַרטיי האָט ער געאַרבעט ווי שטענדיק; נאָר אין דער היים — אַזוי האָט ער געפילט — אַז ער גייט אַראָפּ פון זינען, אַז ער ווערט משוגע פון בענקשאַפט נאָך כעליאַן, און פון כעס. ער האָט פאַרשטאַנען וועמענס שטיקל אַרבעט דאָס איז, ווער ס׳שטעקט הינטערן אַרעסט פון זיין געליבטער פרוי. (פון יענעם מאָמענט אָן ווען ער האָט זיך איבערצייגט, אַז ער האָט אין זיין ליבע צו כעליאַ נישט געמאַכט קיין טעות, האָט ער זי באַטראַכט פאַר זיין פרוי, כאָטש ער האָט זיך מיט איר נישט פאַרבונדן אָפיציעל). פאַמעלעך האָט ער זיך אָנגעהויבן אָנשטויסן אויך אויפן מאָטיוו פאַר וואָס מ׳האָט זי אַרעסטירט:

דעם חבר יוזשעק שטשעלקאָווסקי איז קלאָר געוואָרן, אַז ער וואָלט כעליאַן געקאָנט זייער לייכט באַפרייען: ער וואָלט בלויז באַדאַרפן אַהינגיין צו זיין נעפע און איינוויליקן אויף די באַדינגונגען, וואָס דער דאָזיקער קאָמיסאַר וועט אים שטעלן. דערין איז געווען יוזשעקס גרויסע פּיין. ער פלעגט פון מאָל צו מאָל אַהינגיין צו דעם גרעגאָרן, נישט צוליב משפחהקייט, נאָר אין די אינטערעסן פון דער פּאַרטיי. ער — אַ מויערער, אַ פּראָווינצער, מיט גאָר ווייניק בילדונג, אָבער שטאַרק באַלעזן — פלעגט אַרויסקריגן גינסטיקע ידיעות פאַר דער באַוועגונג פונעם פּאָליטישן פּאָליציי־קאָמיסאַר. געוויס, דער „סאָציאַליסט”, דער „טאָוואַרזשיש” גרעגאָר, אָדער ריכטיקער: דער פּאַן קאָמיסאַרזש שטשעלקאָווסקי, איז אויך קיין נאַר נישט געווען; נאָר זיין נאַרישע ליבע צום פעטער יוזשעק האָט אים געמאַכט אַזוי סענטימענטאַל, אַז ער האָט כמעט יעדעס מאָל ביים פּלוידערן מיט אים פאַרלוירן די שאַרפקייט פון געדאַנק, די וואַכזאַמקייט, וואָס ס׳דאַרף האָבן אַ פּאָליטישער קאָמיסאַר, ווען ער רעדט (אַפילו פּריוואַט) מיט אַ קעגנער פון זיין פּאַרטיי, מיט אַ פּאָליטישן שונא פון זיין רעגירונג.

נאָר אַצינד האָט יוזשעק נישט געקאָנט פועלן ביי זיך אַהינצוגיין צו זיין נעפע. אַצינד וואָלט דאָס געווען נישט פאַר דער פּאַרטיי, נאָר אין אַ פּערזענלעכן ענין. דאַביי האָט ער אויך מורא געהאַט, קוים טרעפט ער דאָרט זיין ברודער קאַספּער. שוין אַ שטיקל צייט אַז ער דינט אין וואַרשע, טאַקע אַ דאַנק דעם גרעגאָרן, דעם קאָמיסאַר: ער האָט פאַר זיין פעטער, דעם סטאַרשי פּאָליציאַנט אויף דער פּראָווינץ, באַקומען אַ פּאָסטן אַלס סטאַרשי וואַכמייסטער אין „פּאַוויאַק”.

קענענדיק זיין ברודער, האָט יוזשעק זיך פאַרגעשטעלט, ווי ער פייניקט כעליאַן באַזונדערס אכזריותדיק. זיינע פויסטן האָבן זיך צוזאַמענגעביילט ביים פאַרשטעלן זיך, אַז ער קאָן דעם קאַספּערן טרעפן ביים גנפּע. נאָך מער אָבער האָט יוזשעק זיך געשראָקן פאַר דעם געדאַנק, אַז ער קאָן צוליב כעליאַן שוואַך ווערן און איינגיין אויף עפּעס אַ פּשרה, מעג זיין די גרינגסטע, וואָס גרעגאָר וועט אים אפשר שטעלן. אַוודאי וועט ער מיר פאַרלייגן כ'זאָל מיך אָפּזאָגן פונעם קאָמוניזם, ווייניקסטנס פון כעליאַן — וועט ער זי באַפרייען. אַזוי האָט יוזשעק געטראַכט. וואָלט ער זי נישט אַזוי וואַנזיניק געליבט — וואָלט ער קיין מורא נישט געהאַט.

אין זיין ברענענדיקער בענקשאַפט האָט ער זיך פאָרגעוואָרפן: „ווי קאָן איך זיין אַזוי פאַרליבט אין אַ פרוי! ווי איז דאָס פשוט מעגלעך! די גאַנצע ליבע איז דאָך נישט מער ווי אַ פיזיאָלאָגישער ענין! אמת, כעליאַ איז א טייערער חבר, גאַנץ איבערגעגעבן דער אידעע; דאָך, אַ ראָזאַ לוקסעמבורג, אַ קלאַראַ צעטקין, אַן אַלעקסענדראַ קאָלאָנטיי איז נישט!״ אַזוי בלינד, נישט צו זען כעליאַס גייסטיקע באַגרענעצטקייט, איז ער נישט געווען אַפילו אין זיין וואַנזיניקער ליבע צו איר. אויך איז כעליאַ נישט געווען אַזוי אומגעוויינלעך שיין, איר ווייבלעכקייט אין דער ליבע איז נישט געווען אַזוי מערקווירדיק אַנדערש, ווי ביי די אַנדערע פרויען, וועלכע ער האָט אין זיין לעבן שוין געהאַט. און דאָך האָט ער זי אַזוי געליבט, אַז ער האָט מורא געהאַט, ער וועט אפשר מאַכן וועלכן ס'איז קאָמפּראָמיס אין זיין פּאָליטישער איבערצייגונג, כדי מ'זאָל זי באַפרייען.

ס'איז אַוועק אַ טאָג נאָך אַ טאָג, אַ וואָך נאָך אַ וואָך, אַ חודש נאָך אַ חודש, און דער חבר יוזשעק שטשעלקאָווסקי איז נישט אַהינגעגאַנגען צו זיין גנפּע, כדי זיך משתדל צו זיין ביי אים וועגן זיין געליבטער לעבנסקאַמעראַדין. און נאָך אַלץ האָט ער פון איר קיין געשריבן וואָרט נישט באַקומען, אַפילו נישט קיין גרוס דורך וועמען; אַזוי שטרענג איז זי באַוואַכט געוואָרן אין פּאַוויאַק. דאָס האָט יוזשעקס פּיין נאָך מער פאַרשטאַרקט. נאָר אָט איז אים אונטערגעקומען אַ גליקלעכער צופאַל, ס'איז געווען אין אַ שפּעטן האַרבסט. ווען דער חבר יעקב ליכטענבערג איז צו אים געקומען אין גאַנצן אַ געענדערטער, אַז ער האָט אים קוים דערקענט. ס'האָט זיך יוזשעקן געדוכטן, אַז אַ וואַנזיניקער אָדער איינער וואָס האַלט ביים שטאַרבן, איז צו אים אַריינגעקומען. יעקב האָט נישט געקאָנט אַרויסרעדן קיין איין וואָרט. ער איז אַרויפגעפאַלן אויפן פריינד אין קאָנוולסיוו געציטערט. דער חבר שטשעלקאָווסקי האָט זיך אָנגעשטויסן די סיבה: ס'דאַרף אַוודאי פאַרקומען דעם ברודערס עקזעקוציע. ער האָט אָבער געהאַט אַ טעות: ס'איז געווען שוין דערנאָך. יעקב איז צו אים געקומען, אַז ער זאָל אַהינגיין צו זיין קוזין און ביי אים פועלן אַרויסצוגעבן דעם קערפּער פונעם עקזעקוטירטן, כדי מ'זאָל אים אויף אַ חברישן אופן באַגראָבן.

באַקומענדיק טרערן אין די אויגן און דריקנדיק זיין פריינד צו דער ברוסט, דריקנדיק אים מיט דער גאַנצער קראַפט און גלות פון זיין האַרץ, האָט יוזשעק געענטפערט מיט אַ פאַרשטיקט קול: „דאָס וועל איך דערגרייכן״.

גרעגאָר שטשעלקאָווסקי, דער פּאָליטישער פּאָליציי־קאָמיסאַר, האָט אין יענעם טאָג נישט געהאַט קיין דינסט און איז געווען אין דער היים. ער האָט שוין לאַנג נישט געווינט אין דעם מעבלירטן צימער אַלס סובלאָקאַטאָר, ווו ער האָט געווינט ווען ער איז געווען אָפּיציר און זיין דעמאָלטיקער פריינד און קאָלעגע אַדאַם ווייס האָט זיך ביי אים באַקענט מיט זיין פעטער יוזשעק, וועלכער איז אָקערשט געווען צוריקגעקומען פונעם פּראַנט. אַצינד — נאָך אַלץ אַ בחור — האָט ער געווינט אין אַן אייגענער פיינער דירה, אין אַ רייכער, אַריסטאָקראַטישער געגנט. פון שענסטן און בעסטן, באַזונדערס טייערע משקה, האָט ער צוגעגרייט פאַרן גאַסט. ער האָט זיך געפרייט: „נו, האָבעך מיך דערוואַרט"... זיין פרייד איז געווען אַ טאָפּלטע: ער האָט דעם פעטער שוין לאַנג נישט געהאַט געזען און געבענקט נאָך אים, און שוין אָנגעהויבן מורא האָבן, אַז ער האָט געמאַכט אַ טעות מיטן לאָזן אַרעסטירן דעם פעטערס „קאָכאַנקע". (ער האָט שוין אָנגעהויבן בייז ווערן אויף קאַספּערן, וועלכער האָט געהאַט אַ חלק אין דער אידעע, צו אַרעסטירן כעליאַן). דעם דאָזיקן קאַספּער האָט גרעגאָר נישט אַזוי ליב געהאַט ווי יוזשעקן. צוויי ברידער — און סאַראַ אונטערשיד איז צווישן זיי. דער פּאָליציי־קאָמיסאַר האָט געשמייכלט וועגן דעם ווידערשפּרוך אין זיין נשמה: שטאַרקער ליב צו האָבן דעם קאָמוניסט, ווי דעם, וועלכער איז איבערגעגעבן דער רעגירונג און צייכנט זיך אויס אין דינסט. ער האָט געבעטן דעם פעטער קאַספּער צוקומען: צוזאַמען וועלן זיי אפשר פועלן ביים דאָזיקן עקשן. (ס'איז דעם קאָמיסאַר דאָך געוואָרן שווער — אויף פאַרן אייגענעם געוויסן — נאָך לענגער צו באַשיצן אַ קאָמוניסט, מעג ער אַפילו זיין זיין געליבטער פעטער).

דערזעענדיק יוזשעקן האָט גרעגאָר זיך דערפרייט: „אַ גאַסט, אַן אמתער גאַסט! איך פריי מיך זייער וואָס דו ביסט געקומען, איך פריי מיך באמת". לייגנדיק זיין אָרעם אַרום יוזשעקס טאַליע, ווי אַרום אַ געליבטער, האָט ער אים צוגעפירט צום פיין געדעקטן טיש.

יוזשעקן איז דעם נעפּעס צערטלעכקייט אַצינד געווען פיינלעכער ווי שטענדיק. ער איז געווען קאַרג אויף אַ וואָרט, כמעט ווי שטום.

דער בעל־הבית האָט אָנגעגאָסן צוויי גלעזלעך און אָנגעשלאָגן: „נאַ זדראָוויע!" זיי האָבן געטרונקען פאַרן געזונט. „בייס צו!" האָט ער געבעטן דעם פעטער. „גוטע זאַכן". ער האָט ווידער אָנגעגאָסן. זיי האָבן ווידער אויסגעטרונקען. נעם פון דאָזיקן מאַרנירטן לאַקסעלע! פונעם קאַוויאַרטשיקל, פון באָלשעוויסטישן רוסלאַנד, אָבער שוואַרץ, נישט רויט... דאָס זענען מאַרנירטע שוועמעלעך". דער גאַסט האָט נאָך אַלץ געשוויגן, הגם די צוויי גלעזלעך, נישט קיין קליינע, האָבן אים שוין אַ ביסל צעוואַרעמט, עטוואָס אָפּגעטעמפּט די שאַרפקייט פון זיין ביטערן צאָרן. ביים אָנגיסן דאָס דריטע מאָל האָט גרעגאָר געזאָגט צום פעטער: „איך פאַרשטיי, טייערער, דיין פאַרשטומטקייט. דאָך ווונדער איך מיך: אַ מיידל... דאָביי

ביסטו אַ שטרענגער מאַרקסיסט, דורך און דורך מאַטעריאַליסטיש, אָן אַ פּיצל ראָמאַנטיק, אָן אַ טראָפּן סענטימענט, גאַנץ טרוקן... נו, נאַ־זדראָוויע!"

נאָכן דריטן גלעזל האָט זיך דער קאַלטער האַס אין יוזשעקס פּנים פאַרוואַנדלט אין שניידיקן סאַרקאַזם. קוקנדיק אויף די מעדאַלן, וואָס האָבן געהאַנגען אויפן קאָמיסאַרס שיינעם מונדיר, האָט ער זיך כלומרשט געוווּנדערט: „מיר דוכט, אַז אויף דיין ברוסט איז צוגעקומען נאָך אַ מעדאַל... איך זע ערשט אַצינד ווי דער אוניפאָרם קליידט דיר... ביסט ווי געבוירן פאַר אים... דיין טאַליע איז אַ ביסעלע פולער געוואָרן... בכלל אָבער ביסטו נישט אַזוי דיק, דיין פּנים נישט אַזוי אויסגעפּאַשעט און זאַט, ווי ביי די מייסטע דיינס גלייכן"...

דעם קאָמיסאַר האָט געפרעגט מיט עטוואָס באַליידיקטקייט אין טאָן: „וואָס מיינסטו מיט „דיינס גלייכן"?

דער גאַסט האָט געענטפערט: „כ'מיין דיינע חברים, וועלכע האָבן, ווי דו, גוטע פּאַרטיי אָדער רעגירונגס־שטעלעס".

דער בעל־הבית האָט זיך צעלאַכט. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דער פעטער חוזקט פון אים; דאָך האָבן אים עטלעכע פון זיינע באַמערקונגען געחנפעט, שוין דאָס, וואָס דער פעטער האַלט אים פאַר מער, בעסער ווי די אַנדערע, וועלכע זענען אויף ווייכע בענקלעך פון די גוטע פּאָסטנס געוואָרן אָפּגעפרעסענע, אויסגעפּאַשעטע, וואָס האָבן נישט מער קיין טראָפּן פונעם אַמאָליקן אידעאַליזם, פּלאַפּלען נאָר וועגן סאָציאַליזם, נאָר מער ווי פראַזן טאָקע איז עס שוין נישט ביי זיי. וועלנדיק זיין פעטער אַריינברענגען אין אַ בעסערער שטימונג, האָט ער אים געפרעגט: „נאָך אַ גלעזעלע?"

יוזשעק האָט געדאַנקט: „דערוויייל גענוג, כאָטש איך קאָן אויסטרינקען נאָך צוואַנציק". ווידער זיך ענדערנדיק האָט ער אָן ביטערניש און אָן סאַרקאַזם איצט געזאָגט אין ערנסטן טאָן: „דו שטויסט דיך אַוודאי אָן גרעגאָר, וועגן וואָס איך בין צו דיר אַצינד געקומען. נאָר איידער איך וועל מיט דיר רעדן וועגן מיין פערזענלעכן ענין, וועל איך ביי דיר בעטן גאָר עפּעס אַנדערשס".

„וואָס?"

„נעכטן ביי נאַכט איז אויסגעפירט געוואָרן דער טויטאורטייל פון איינעם, וועלכער איז געווען אַ ברודער פון מיינס אַ לאַנדסמאַן, אַ חבר און אַ גוטער פריינד".

„אַ פּאָליטישער?"

„יאָ".

„נעכטן זענען עקזעקוטירט געוואָרן פינף. פיר זענען געווען טעראָריסטן. צווישן זיי זענען צוויי געווען דיינע לאַנדסלייט: „דינה גרינצווייג און אהרן מיקנשלעגער".

„ניין. יענער הייסט בנימין ליכטענבערג. אַ יונג ייִנגל געווען, ווען מ'האָט אים אַרעסטירט און באַשולדיקט אַז ער האָט דערשאָסן דעם שפּיאָן דוד סאָראָקע. געמיינער, נידערטרעכטיקער יוסטיצמאָרד! אַן אומשולדיק קינד איז ער געווען,

נאַיוו, ריין — אַ הייליקער. אַ זון פון דעם אָרעמען, פרומען ייִד, וועלכן דיין זיידע האָט אַזוי ליב געהאַט, אים געגעבן אומזיסט אַ שטוב צו וווינען, אים גע־האָלפן ווי ווייט ער האָט נאָר געקאָנט. דאָס ייִנגל איז געוועז אַ מיטגליד פון דער ייִדישער, סאָציאַליסטישער פאַרטיי, וואָס איז די זעלבע"...

„מיין פערזענלעכע סימפּאַטיע מיטן טויטן. וואָס קאָן איך טוען אין דעם ענין ?"

„זען אַז מ'זאָל דעם ברודער — ער הייסט יעקב ליכטענבערג — אַרויסגעבן דעם טויטן קערפּער".

„דאָס וועל איך טוען".

„כ'דאַנק דיר".

ביידע האָבן געשוויגן אַ ווײַלע.

„אַצינד וועגן דיר". דער קאָמיסאַר איז געוואָרן כמעט אָפיציעל. „וואָס וועט זיין ? דו ווייסט גאַנץ גוט, הגם איך האָב דיר קיין מאָל נישט געזאָגט, אַז דאָס וואָס מ'האָט דיך אַזוי פיל יאָרן געלאָזט אויף דער פריי"...

יוזשעק האָט זיך פאַרבייגט : „איך ווייס און דאַנק דיר איצט פאַר דיין שוץ אַזוי לאַנג".

„מער קאָן איך דאָס אָבער נישט, אויך נישט פאַר מיין געוויסן".

„דעריבער האָסט דו געלאָזט אַרעסטירן מיין פרוי".

„זי איז דאָך נישט דיין פרוי".

„יאָ, כאָטש כ'האָב ביי אַ באַאַמטן פון דיין רעגירונג קיין דערלויבעניש אויף מיין ליבע נישט גענומען". דער האַס און די פאַרביטערונג האָט זיך אומגעקערט אין זיין נשמה און ער איז געוואָרן סאַרקאַסטיש : „אַ שטרענגער מאַרקסיסט, אַ טרוקענער מאַטעריאַליסט ליבט נישט... ליבן טוען בלויז סענטימענטאַלע, ראָ־מאַנטיקער — גוטבאַזיצער"...

דער קאָמיסאַר איז ווידער געוואָרן שוואַך צו זיין פעטער און זיך אַנטשולדיקט פאַר זיין פריִערדיקן שפּאַס און דאַן געזאָגט : „לאָמיר נישט רעדן וועגן ליבע, דאָס איז אַ פּריוואַטער עסק. איך — כאָטש נישט קיין אויסגעהאַלטענער מאַרק־סיסט לויט דיין מיינונג — בין ווייניקער סענטימענטאַל און האָב מיט ליבע ווייַ־ניקער צו טאָן ווי דו, מיין ליבער פעטער".

יוזשעק איז געוואָרן דענערווירט : „אָבער ליבע האָט מיט מאַרקסיזם נישט צו טאָן. דאָס איז גאַנץ אינדיווידועל".

דער קאָמיסאַר איז געוואָרן איראָניש : „אינדיווידואַליזם און באָלשעוויזם ?"...

יוזשעק האָט געפילט, אַז ס'עקלט אים און געפרעגט אויפגערעגט : „פאַר וואָס האָט מען אַרעסטירט מיין פרוי און נישט מיך, אָדער אונדז ביידן ?"

ס'גלעקל אין קאָרידאָר האָט געקלונגען.

דער בעל־הבית האָט אויסגערופן : „דאָס איז קאַספּער !"

יוזשעק איז אַזש בלאַס געוואָרן. ער איז אויפגעשטאַנען אַוועקצוגיין, אָבער דער בעל־הבית האָט אים נישט געלאָזט גיין און געבעטן : „בלייב !"

## 3

ס׳איז אַרײַנגעקומען קאַספּער, אַן אויסגעפּוצטער סטאַרשי וואַכמײַסטער, מיט צווײ מעדאַלן אויף דער ברוסט, מיט אַ גרויסן בויך, אַ קײַלעכדיק, רויט פּרצוף, מיט אַ גוידער און אַ פעטן קאַרק, צווײ לאַנגע שטרויבלאָנדע וואָנסעס און קלײנע, גרינגרויע אויגן. ער האָט זיך זײער דערפרײט בײַם דערזען דעם ברודער און אים אויסגעשטרעקט אַ האַנט: „וויפל יאָרן כ׳האָב דיך שוין נישט געזען, יוזשעק!״

יוזשעק האָט געלאָזט זײַן ברודער מיט דער אויסגעשטרעקטער האַנט און געזאָגט ביטער: „דו וואָלסט מיך געוועזן געקאָנט זען אַ ביסל פריִער, ווען דער פּאַן קאָמיסאַר וואָלט געוועזן געהײסן אַרעסטירן מיך שטאָט מײַן פרוי, אָדער אונדז בײדע צוזאַמען. דערווײַל האָסטו בלויז זי פאַר דײַן תּלינישן פאַרגעניגן. אַ זשי־דוווקע, אַ געשמאַקער ביסן פאַר דיר. וועלכע מעטאָדן באַנוצסט דו בײַם פּײַניקן דײַנע קרבנות? — די זעלבע ווי דער גראַף, דער מאָנסטער? — אָדער האָסטו נאָך טײַוולאָנישערע?״ — — —

דער וואַכמײַסטער האָט זיך באַהערשט.

דער בעל־הבית האָט זיך אַרײַנגעמישט. ער האָט געלאַכט: „דער פאַרליבטער איז אויפגערעגט... נעם אים נישט פאַראיבל, קאַספּער; דײַן יונגער ברודער״... ער האָט אָנגעגאָסן: „לאָמער בעסער אויסטרינקען!... אָבער דו האָסט זיך פאַרשפּע־טיקט, מײַן ליבער״.

קאַספּער האָט זיך אַנטשולדיקט. ער האָט שיִער אַ הײב געטאָן צווײ פינגער צום דאַשיק, ווי ס׳געהערט זיך פאַר אַ וואַכמײַסטער ווען ער אַנטשולדיקט זיך פאַר אַ העכערן אין אַמט. נאָר אויפן מיטן וועג האָט ער צוריק אַראָפּגעלאָזט די האַנט, זיך דערמאָנענדיק, אַז ער זיצט בײַם טיש אָן היטל און אַז ער איז דעם קאָמיסאַרס פעטער.

יוזשעק האָט נישט געטרונקען. ער האָט בײז געמאָנט בײַם נעפּע: „אַלזאָ! פאַר וואָס האָט מען אַרעסטירט די חברטע כעליאַ און נישט מיך, אָדער אונדז בײדן?״

דער בעל־הבית האָט זיך באַמיט ווײַטער צו רעדן צו זײַן פעטער אין אַ ווײכן טאָן און נישט אַמטלעך: „איך וועל דיר זאָגן פאַר וואָס, מײַן ליבער. ווײַל דורך איר — דעם חשד האָב איך שוין לאַנג, אַצינד אָבער ווײס איך שוין זיכער — ביסטו געוואָרן אַ קאָמוניסט״.

יוזשעק איז אויפגעשפּרונגען: „ליגנט! געמײנער ליגנט! דאָס האָט דיר גע־זאָגט דער דאָזיקער נידערטרעכטיקער הונט!״ ער האָט אויפגעהויבן אַ פויסט אויפן ברודער און זי צוריק אַראָפּגעלאָזט. „ווען איך האָב מיך באַקענט מיט מײַן פרוי בין איך שוין געווען אַ קאָמוניסט! זי איז דעמאָלט געווען אַן אומוויסנדיק, יונג מײדל, אַ בורזשויס אַ טאָכטער און אַלײן געווען בורזשואַ!״

דער סטאַרשי וואַכמײַסטער האָט אַ גרעבץ טוענדיק געזאָגט: „אַלע ייִדן זענען באָלשעוויקעס!״ ער האָט זיך אָפּגעווישט די לאַנגע וואָנסעס.

דער בעל־הבית האָט געזען, אַז ס'קאָן ביי אים קומען צו בלוטפאַרגיסונג צווישן די צוויי ברידער און אַרומגענומען יוזשעקן: „טייערער פעטער... פאַל נישט אַזוי גיך אַריין אין אַזאַ ווילדע רציחה"... ער האָט אים אַנידערגעזעצט לעם זיך: „האָסט אַ צו הייסן טעמפּעראַמענט. וואָס דיין עלטערער ברודער האָט אַצינד גע־זאָגט איז ליידער צו אַ געוויסן טייל אמת. איך בין נישט קיין אַנטיסעמיט, ענדער אַ פילאָסעמיט. גלייב מיר דאָס, יוזשעק. אָבער די פאַקטן לאָזן זיך נישט לייקענען. אונדזער סטאַטיסטיק ווייזט גאַנץ קלאָר, אַז אין די ראַדיקאַלע באַוועגונגען זענען די יידן, פּראָצענטועל, שטאַרקער פאַרטראָטן ווי די קריסטן".

„ווייל די יידן ווערן שטאַרקער פאַרפאָלגט, ווייל זיי ליידן מער; זיי ליידן אַלס יידן".

דער סאָציאַליסט און פילאָסעמיט האָט נישט מסכים געווען: „ס'איז נישט גאַנץ אַזוי. ראַדיקאַליזם, רעוואָלוציאָנערישקייט — דאָס איז יידישע מענטאַליטעט. דאָס איז זייער נאַטור. זייער גאָט איז אַ דיקטאַטאָר; ער דולדעט נישט קיין אַנ־דערן גאָט, נישט אין וואַסער, נישט אויף דער ערד, און נישט אין די הימלען. ער באַפעלט, און זיינע באַפעלן מוזן אויסגעפירט ווערן אָן ווידערשפּרוך. אויב נישט — טויט, פאַרוויסטונג, מבול, פייער און שוועבל".

יוזשעק האָט פּלוצעם געגומען שפּאָסן: „אָבער ער איז אַ גאָט פון גערעכ־טיקייט... מיין באַוווּנדערונג און פאַרערונג פאַר די יידן נאָך מער... נאָר לאָמיר די טעאָלאָגיע און דעם באַציאַנאַליזם, גרעגאָר, לאָזן פאַר אַנדערע, פאַר די, וועלכע זענען אינטערעסירט דערין: פאַר די קאַפּיטאַליסטן און די קירכן". ער איז ווידער אויפ־געשטאַנען: „דו וועסט מיך שוין מוזן לאָזן אַרעסטירן, פאַן קאָמיסאַרזש; דעם פּרייז, וואָס דו האָסט אין זינען צו קריגן פון מיר פאַר דער באַפרייונג פון מיין פרוי, וועסטו נישט קריגן. איך בלייב דער זעלבער: אַ קאָמוניסט, אַ רעוואָלוציאָ־נער. איך וועל ווייטער אַרבעטן אויף צו צעשטערן די קאַפּיטאַליסטישע אָרדענונג און די פאַשיסטיש־רעאַקציאָנערע רעגירונג אין מיין פאָטערלאַנד. ס'וועט מיך נישט צעברעכן אַפילו די טייוולאָנישסטע מאַטערונג, וואָס ס'האָט אויסצושטיין מיין געליבטע קאַמעראַדין אין דער טורמע אַצינד, אַפילו נישט דער טויט אירער, פּונקט ווי דאָס וועט זי נישט צעברעכן. די פּאָליציי קאָן אונדז פּייניקן און מאָרדן. דאָס האָט קיין מאָל נישט אָפּגעשטעלט קיין סאָציאַליסטישע באַוועגונג, אַפילו נישט קיין פאָרטשריטלעך גייסטיקע אידעע. היסטאָרישע אַנטוויקלונגען קאָן די רעאַקציע בלויז פאַרהאַלטן, טייל מאָל אויך עטוואָס צוריקשטויסן. זי פאַרגיסט דאַביי אַ סך מענטשלעך בלוט און געווינט גאָרנישט. נאָר דאָס איז איר ווענן".

„גיי נאָך נישט אַוועק". דער קאָמיסאַר האָט פאַרהאַלטן זיין פעטער. ער האָט נישט געקאָנט אויפהערן אים ליב צו האָבן. אַצינד איז דער רעבעל אים געווען נאָך שטאַרקער איינגעבאַקן אין האַרץ. ער האָט אים ווידער אַנידערגעזעצט ביים טיש. אויפריכטיק האָט ער געפרעגט דעם פעטער: „האַלטסטו מיך פאַר ערלעך אין מיין איבערצייגונג? אויף אַ נישט דירעקטן אופן האָסטו מיר היינט געזאָגט — אַזוי האָב איך דיך פאַרשטאַנען — אַז איך בין נישט ווי די אַנדערע פון מיינע

קאַמעראַדן, וועלכע האָבן באַקומען גוטע פּאַרטיי אָדער רעגירונגס שטעלעס".

„יאָ, איך רעכן, אַז דו ביסט ערלעך איבערגעצייגט אין דער ריכטיקייט פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער דאָקטרין".

דער סאָציאַליסט, חבר גרעגאָר האָט אויסגערופן מיט האַרץ: „זייער ריכטיק! איך וואָלט קיין איין טאָג נישט געבליבן אין דינסט ווען איך זאָל דענקען אַנ־דערש. נישט צוליבן געהאַלט בין איך פּאָליטישער קאָמיסאַר. איך וואָלט אַלס אַד־וואָקאַט פאַרדינט אַ סך מער. איך בין אָבער איבערצייגט, אַז דער וועג פון מיין פּאַרטיי איז דער איינציקער וואָס פירט צום סאָציאַליזם. דער וועג איז אַ שווע־רער, אַ לאַנגער, מען מוז האָבן אַ סך געדולד און אויסדויער. געוואַלטזאַם אָבער, מיט רעוואָלוציעס, דורך פאַרגיסן בלוט — ניין; דאָס פירט בלויז צו דיקטאַטור, צו אַ סך אַן אכזריותדיקערע טיראַניי ווי ס'איז געווען אַפילו די צאַרישע. צוויי־מאָל דאָס זעלבע איז גענוג באַוויז, אַז פון רעוואָלוציעס קאָן מען נישט דער־וואַרטן קיין אַנדערע רעזולטאַטן, ווי די יאַקאָבינער אין פראַנקרייך און די באָל־שעוויקעס אין רוסלאַנד. ס'איז קלאָר פאַר וואָס: די צייט איז נישט רייף געווען אין 1789, און אויך נישט אין 1917. די היסטאָרישע אַנטוויקלונגען פאַרן סאָציאַ־ליזם האָבן זיך ערשט אָנגעהויבן, זיי זענען נאָך אין דער ערשטער סטאַדיע. דער קאַפּיטאַליזם האָט זיין וועג נאָך נישט דורכגעמאַכט, ר'איז נאָך אין וואַקסן, אין דער אַנטוויקלונג. שריט ביי שריט, פון רעפאָרם צו רעפאָרם, פון איין סאָציאַלער דערגרייכונג צו דער צווייטער — וואָס מוז אויסגעקעמפט ווערן דורכן פּראָלע־טאַריאַט, אינספּירירט פון די פאָרגעשריטענע גייסטער — דאָס איז דער וועג, אויף וועלכן דער סאָציאַליזם וועט דערגרייכט ווערן. צו ערשט מוזן די מאַסן רייף ווערן. דעריבער קאָנצענטרירן מיר אַזוי שטאַרק אונדזער אַרבעט אויפן קולטורעל־דער־ציִערישן געביט און פירן אונדזער קאַמף נאָר אויף אַ פּאַרלאַמענטאַרישן אופן".

יוזשעק האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ: „איך ווייס, איך ווייס. איר זענט קעגן בלוט פאַרגיסן"...

„אַבסאָלוט".

„און וואָס, ליבער פּאַציפיסט, וועסט דו מיר ענטפערן אויף מיין באַהויפּטונג: אַז אינעם בלוט פון די רעוואָלוציעס — ווייניקסטנס אין דער מאָדערנער צייט — זענען שולדיק די קאַפּיטאַליסטן און נישט מיר?" —

„דאָס איז אַ פּאַראַדאָקס".

„זענען מיר נאָענט פון אַ צווייטער מלחמה?"

דער סאָציאַליסט, חבר גרעגאָר, האָט זיך געקווענקלט: „ס'זעט אַזוי אויס. אָבער"...

„אַז די קאַפּיטאַליסטן טרייבן צו מלחמות גיט אַפילו די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע צו".

„נאַטירלעך".

„מלחמה איז פאַר רעוואָלוציע דאָס זעלבע ווי וואָלקנס פאַר אַ רעגן. לאָזן די קאַפּיטאַליסטן ביי דער מאַכט — מיינט דערלאָזן מלחמה. אָנטייל אין זייער

מאַכט — הייסט אַנטייל אין צוגרייטן מלחמה״. ער איז ווידער אויפגעשטאַנען און געפרעגט דעם קוזין: „דאָס וואָס דו האָסט מיר צוגעזאָגט וועסטו האַלטן?״
„זיכער״.

ביי דער טיר האָט דער חבר יוזשעק זיך אויסגעדרייט מיט אַ דראָענדיקער פויסט צום ברודער: „תלין! ס׳דערנענטערט זיך דער טאָג ווען דו וועסט אָפּגעבן חשבון!״ ער איז אַוועקגעגאַנגען און זיך אַפילו נישט געזעגנט מיטן נעפּע.

קאַפּיטל זיבן און דרייסיק

# אַ הייליקער קרבן

## 1

ס׳איז געווען אַן אייזקאַלטע נאַכט אין שפּעטן האַרבסט: דער הימל פינצטער און בלייַיק, שטום און האַרט. דער ווינט האָט זיך געטראָגן דאָ פון איינער און באַלד פון אַ צווייטער זייט, אַ הויל געטאָן, ווי אַ סטאַדע הונגעריקע וועלף, איז שטיל געוואָרן און גלייך ווידער זיך צעהוילט. צו מאָל האָט ער אויך אַ שמיץ געטאָן מיט רציחה אַ גאַרשטש ווייסן, דינעם און האַרטן שרויט, וואָס האָט געשטאָכן אין די פּנימער פון די מענטשן אויפן אָפענעם פעלד.

ס׳איז געווען צווישן צוויי און דריי אין דער נאַכט. געקומען צו דער לוויה זענען נישט קיין סך: עטלעכע חברים און עטלעכע פריינד פונעם הויף, אין וועלכן דער דורכן געזעץ דערמאָרדעטער חבר בנימין ליכטענבערג האָט געלעבט צוזאַמען מיט דער מוטער, די געליבטע פייגעלע זיינע מיט צוויי אירע בעסטע חברטעס, יעקב, דער אומגליקלעכער ברודער, מיט ר׳ איסרן און דעם חבר יוזשעק שטשעלקאָווסקי. הינטער זיי זענען געגאַנגען דער אַדוואָקאַט אַדאַם ווייס מיט זיין פרוי אַדאַ. ביידע האָבן באַהאַלטן אין די פוטערנע קעלנער פון זייערע פעלצן. דער באַנקיר איגנאַץ ווייס האָט זיי דאָך אַרויסבאַקומען פון דער טורמע, מיטן תנאי, אַז זיי זאָלן גלייך אַוועק קיין אויסלאַנד. זיי האָבן זיך גע־היטן נישט דערקענט צו ווערן פון די, וועלכע זענען נישט געווען זייערע נאָענטע פריינד. דער עיקר האָבן זיי זיך געהיטן פאַרן פּאָליציאַנט, וועלכער האָט פּראָ־פאָרמאַ געמוזט זיין ביי דער לוויה. (דער קאָמיסאַר גרעגאָר שטשעלקאָווסקי האָט נישט בלויז געהאַלטן זיין וואָרט, וואָס ער האָט געגעבן דעם פעטער, נאָר אויך אָנגעזאָגט דעם פּאָליציאַנט, וועלכן ער האָט מיטגעשיקט, זיך צו האַלטן פון דער ווייטנס, נישט צו שטערן אין גאָרנישט ביי דער לוויה און זיך איידל צו באַנעמען).

אויפן בית־עולם האָט געהערשט אַ סודותדיקע שטילקייט, אַ גאַנץ אַנדערע שטילקייט ווי ס׳האָט געהערשט אין דער זעלבער שעה מחוץ דעם צוים אַרום

בית־עולם, אַ מיסטישע שטילקייט פון פחד און פייערלעכקייט. די מלווים זענען געווען צוזאַמענגעטוליעט אַרום דעם קבר, וואָס האָט ווי אַ שוואַרץ, אויפגעריסן מויל פון אַן אומהיימלעך געשפענסט, געוואַרט אויפן קרבן, אים איינצושלינגען. פיר חברים האָבן אַראָפּגעלאָזט אינעם קבר אַריין דעם קליינעם שוואַרצן אָרון. ער איז געווען גוט צוגענאָגלט. פייגעלע האָט געבעטן, אַז מ׳זאָל אים עפענען: זי וויל צום לעצטן מאָל זען דאָס טייערע פּנים פונעם געליבטן, קושן זיינע אויף אייביק געשלאָסענע הערלעכע אויגן און דאָס שיינע מויל. יעקב האָט דאָס גע־וואָלט. אָבער דער חבר יוזשעק שטשעלקאָווסקי און אויך דער אַדוואָקאַט אַדאַם ווייס האָבן שטאַרק אָפּגעראָטן דערפון. זיי האָבן ביידע שוין געהאַט געזען פּנימער פון עקזעקוטירטע. דאָביי האָבן זיי נאָך געוווּסט, אַז בנימין איז געשטאָרבן אויף דער תליה. אַזאַ פּנים זעט אויס שרעקלעך.

די שטילקייט איז געוואָרן אַ וויבריִרנדיקע. ס׳איז געווען באַשטימט נישט צו האַלטן קיין רעדעס, נאָר מ׳זאָל לייענען דעם בריוו, וועלכן דער מאַרטירער האָט געשריבן אינעם טאָג פאַר דער עקזעקוציע און איז אַרויסגעשמוגלט געוואָרן פון דער טויטנקאַמער. דער בריוו איז אָפּגעגעבן געוואָרן יעקבן דורכן וועכטער אַליין פון דער קאַמער. נאָר אַדרעסירט איז דער בריוו געווען צו דער געליבטער, צום ברודער, אויך צום צווייטן ברודער, וועלכער איז אַפילו צו דער לוויה נישט גע־קומען, און צו אַלע חברים און פריינד. די מלווים האָבן זיך נאָך ענגער צוזאַמענ־געדריקט, כדי צו פאַרשטעלן דאָס קנאַפּע עלעקטרישע ליכט פונעם לעמפּל. דעם בריוו האָט ביי זיך געהאַט פייגעלע, ווייל יעקב האָט אים איר אַהינגעטראָגן גלייך נאָכן איבערלייענען. זי האָט אָנגעהויבן לייענען: „צו מיין געליבטער, פון וועל־כער איך בין אַוועקגעריסן געוואָרן נאָך איידער די קנאָספּע פון אונדזער ליבע האָט זיך געעפנט, נאָך איידער די הערלעכסטע בלום, וואָס נאַטור, גייסט און נשמה האָבן געשאַפן, האָט זיך געקאָנט צעבליִען”. ווייטער האָט זי נישט געקאָנט לייענען. שוין די ערשטע ווערטער האָט זי זיך געמוזט אָנשטרענגען מיט אַלע כוחות אַרויסצוברענגען. איר קול האָט גלייך פון אָנהייב אָן אָנגעהויבן ציטערן. זי האָט די ווערטער גענומען אַרויסרייסן פון זיך, זי האָט זיי אַלץ הייזעריקער אַרויסגעשריגן, אַלץ דערשטיקטער, טראַגישער, ביז זיי זענען אין גאַנצן ווי דער־וואָרגן געוואָרן אין איר קעל. זי האָט אַרויסגעכליפּעט און כריפּענדיק גענומען שרייען: „בנימין!... מיין בנימין”!... זי האָט צוזאַמענגעבראָכן. ווען נישט די צוויי פריינדינס פון ביידע זייטן, וואָלט זי אַריינגעפאַלן אין קבר. דעם בריוו האָט גע־נומען יעקב. אָבער אויך מיט אים איז געשען דאָס זעלבע. ער האָט גענומען שרייען: „בנימין!... אָפּגעהאַקטע צווייג, אַזוי יונג!... גלייכער וואָלט איך אַצינד געווען אויף דיין אָרט!”...

דער אַדוואָקאַט ווייס האָט איבערגענומען דעם בריוו און אָנגעהויבן דאָרט, ווו יעקב האָט אויפגעהערט: „צו אַלע מיינע ליבע פריינד און חברים! איך שרייב דעם דאָזיקן בריוו אין מיין מחשבה שוין עטלעכע טעג, אָבער דאָ, אין דער טונ־קעלער טויטן־קאַמער וועל איך אים אויפשרייבן און מיך געזעגענען מיט אייך

אויף אייביק. מער וועט איר פון מיר נישט קאָנען הערן, גאָרנישט געוואָר ווערן, און איך נישט פון אייך. איך נעם אָפּשייד פון אייך נישט מיטן אייגענעם ווילן. ווי גערן, אוי ווי גערן וואָלט איך געוואָלט נאָך לעבן: בין איך דאָך נאָך אַזוי יונג, אַזוי יונג. איך האָב דאָך קוים ערשט אָנגעהויבן לעבן. אָבער איך וויל אייך זאָגן, מיינע טייערע און ליבע: אין דער קורצער צייט פון מיין לעבן, אין דער גאָר, גאָר קורצער צייט, האָט מיר אָנגעהויבן אַלץ קלאָרער און קלאָרער צו ווערן, אַז דאָס לעבן פון אַ מענטשן הייבט זיך אָן ערשט דאַן, ווען ער הייבט אָן דאָס לעבן צו באַנעמען באַוווסטזיניק. נאָך מער: ווען ער הייבט אָן משיג צו זיין דאָס גייס־טיקע אינעם און פונעם לעבן. ס'איז נישט בלויז די קערפּערלעכע עקזיסטענץ, נישט בלויז די הנאות אינעם פיזישן לעבן, נאָר דאָס תופס זיין די גייסטיקע און זעלישע פריידן פונעם קערפּערלעכן דאַזיין... די רוחניותדיקע תענוגים אינעם פיזישן געניסן... ווען איך האָב אָנגעהויבן דאָס צו באַנעמען, האָב איך אויפגעהערט אַזוי שטאַרק צו ליידן פון אָרעמקייט, פונעם הונגער און די אַנדערע פיזישע פּיין, וואָס איך האָב געליטן יעדן טאָג פון אויפוואַכן ביזן איינשלאָפן.

„ליבע פריינד און חברים! איך שרייב אייך דאָס, נישט כדי אייך צו זאָגן, אַז דאָס מאַטעריעלע איז נישט אַזוי וויכטיק, אַז דער עיקר איז נאָר דאָס גייסטיקע און דעריבער זאָלט איר אויפהערן צו קעמפן פאַרן מאַטעריעלן; אַ, ניין! פּונקט פאַרקערט! שוין דערפאַר אַליין, ווייל אָן קערפּער איז נישטאָ קיין גייסט, ווייל דאָס עטישע איז נאָר וועגן און צוליבן מאַטעריעלן, און דאָס זעלישע איז אינעם פיזישן. דעריבער — אַז מ'קעמפט פאַר גלייכער און גרעסערער צעטיילונג פון אַלץ וואָס ווערט געשאַפן דורכן מענטשלעכן מוח און זיינע הענט — קעמפט מען פאַרן פאַרגייסטיקן דאָס מענטשלעכע לעבן, קעמפט מען פאַרן עטישן. מ'זאָגט דאָך: „פאַר אַ שענער לעבן, פאַר פאַרברידערונג". אָט דאָס מיין איך.

„אין אייער קאַמף, טייערע חברים און פריינד, דאַרף זיין דער עיקר די ברידערלעכקייט, די שיינקייט פונעם און אינעם לעבן. דאָס איז דער יסוד. לייד־דער איז ביים גרעסטן טייל פונעם סאָציאַליסטיש קעמפנדיקן פּראָלעטאַריאַט דער עיקר נאָר דאָס מאַטעריעלע, דאָס מגושימדיקע. איז טאַקע נישטאָ קיין חברשאַפט, קיין ברידערלעכקייט. דעריבער איז אַזוי שווער דער קאַמף פאַרן סאָציאַליזם, דעריבער זיגט די רעאַקציע, דער קאַפּיטאַליזם. אויב ס'גייט בלויז וועגן מאַטעריעלן געווינ — זענען די קאַפּיטאַליסטן שטאַרקער, זיי האָבן אינעם קאַמף בעסערע פּאָזיציעס און מער וואָפן. איך האָב נאָך נישט גענוג געלייענט, ווייל איך בין דאָך נאָך אַזוי יונג. נאָך ווייניקער האָב איך געהאַט צייט מיך צו פאַרטיפן וועגן דעם וואָס כ'האָב געלייענט. אָבער מיר איז קלאָר געוואָרן: אַז תמיד, ווען דער קאַמף איז געווען פאַר אַ גייסטיקער אידעע — האָבן גע־ווינען די קעמפער פון דער אידעע, אַפילו ווען זיי זענען געווען קליין אין צאָל. ווייל קעגן דער שווערד פון גייסט פאַרשטומען די קאַנאָנען. דער סימבאָל „דוד און גלית" בלייבט אייביק אמת. וואָלט מעגלעך געווען אַזאַ צעשפּאָלטנקייט, אַזאַ צעריסנקייט, אַזאַ צעשפּליטערונג אין אונדזערע רייען, ווען דער יסוד פון אונ־

דזער קאַמף וואָלט געווען באמת ברידערלעכקייט, אַ שענער לעבן ? וואָלטן אַרבעטער — שטאָט צו קעמפן קעגן זייער שונא, קעגן דעם עקספּלואַטאַטאָר — געקאָנט קעמפן קעגן אַרבעטער, ווען ס'וואָלט זיי פאַרבונדן ברידערלעכקייט ? וואָלטן מעגלעך געווען סטרייקברעכער, קאָנטר־רעוואָלוציאָנערן, סאָלדאַטן און מלחמות, ווען די אָרעמע און עקספּלואַטירטע וואָלטן אין זייער קאַמף געווען באַזעלט פון ברידערלעכער ליבע ? אויב אָבער פלייש, צי אַפילו נאָר ברויט איז אַלץ, אָדער דער עיקר פאַר וואָס מען קעמפט — פאָלגן די מאַסן (ביז אויף קליינע טיילן) די פאַררעטער, לאָזן זיי זיך פירן פון די פאַרקויפטע, גייען זיי אין שלאַכט קעגן זייערע ברידער, אין שלאַכט קעגן זיך אַליין. ווי להוס, ווי מיאוס רייסן זיך אַרבעטער אין אַ ווערקשטאַט, מ'אַרבעט אויף שטיק, צו כאַפּן מער אַרבעט, די אַרבעט, פאַר וועלכער דער בעל־הבית צאָלט עטוואָס בעסער ! אַר־בעטער שלאָגן זיך איבער אַ צוגעוואָרפענער קרישקע, קריכן אויף די קני'ען פאַרן אַרבעטסגעבער, פאַרן מייסטער — דעם פאַבריקאַנטס בייטש.

„אַנטשולדיקט מיר, טייערע פריינד און חברים מיינע, פאַר דער העזה, וואָס איך, אַ קליין יינגל מיט נאָך ווייניק וויסן און דערפאַרונג, דערלויב מיר אייך צו שרייבן אַזעלכעס. גלייבט מיר, איך בעט אייך, אַז נישט דערפאַר, ווייל איך בין אין אַ טויטן־קאַמער בלויז עטלעכע געציילטע שעה איידער כ'וועל גע־צווונגען ווערן צו שטאַרבן, נעם איך מיר דעריבער דאָס רעכט אייך אַזעלכעס צו זאָגן, אייך צו לערנען. ניין. אָבער די לאַנגע צייט אין איינזאַמקייט דאָ, דורכגייענדיק אַלע ליידן, וואָס אַ פּאָליטישער אַרעסטאַנט גייט דורך — באַ־זונדערס ווען ער ווערט באַשולדיקט אין דערמאָרדן אַ געהיים־אַגענט — האָט מיר געגעבן די מעגלעכקייט אַ סך נאָכצודענקען וועגן די געדאַנקען, וואָס איך שרייב אייך. אפשר איז די טורמע פאַר טייל פּאָליטישע ווירקלעך אַן אָרט אויף צו דער'זען דעם אמת, וואָס זיי האָבן נישט דערזען אויף דער פריי ? ווי דו, מיין טייערער ברודער יעקב, בין איך אין דער טורמע־קאַמער געוואָרן אַ קאָמוניסט. דאָ האָב איך דערזען, אַז די פאַרטיי, צו וועלכער דו האָסט אַמאָל און דערנאָך האָב איך געהערט, איז אַן אומגל'יק פאַרן קעמפנדיקן פּראָלעטאַריאַט און ליידנ־דער מענטשהייט. פשרה מיטן שונא קעגן וועלכן מ'קעמפט, שוואַכט נישט בלויז אָפּ די קעמפנדיקע פאַרן סאָציאַליזם, נאָר פאַרניכטעט דעם ציל פאַר וועלכן מ'קעמפט. נאָך מער: פשרה פאַרוואַנדלט דעם גייסטיקן ציל אין אַ מאַ־טעריעלן. דער קאַמף הערט אויף צו זיין פאַר אַ שענער, פאַר אַ גייסטיק דער־הויבן לעבן, נאָר ווערט אַ קאַמף פאַר מאַטעריעלע אויסבעסערונגען, פאַר מאַ־טעריעלע געווינסן : ס'ווערט אַ קאַמף פאַר דעם אַרט לעבן, וואָס ס'פירט די בורזשואַזיע, ס'ווערט אַ קאַמף פאַר מער קערפּערלעכן גענוס. דאַן הייבט זיך אָן צווישן די אַרבעטער־מאַסן דאָס העסלעכסטע פונעם קאַפּיטאַליזם : די קאָנ־קורענץ, דאָס גייעג נאָך פּראָפיט. בעת אָבער די קאַפּיטאַליסטן פאַראייניקן זיך אַלץ מער אין קאַרטעלס פאַר זייער ציל — צעברעכן די אַרבעטער זייער איי־ניקייט, צעטרעטן מיט די פיס זייער סאָלידאַרישקייט. ווייל זייער סאָציאַליסטי־

שער אידעאַליזם איז פאַרניכטעט. די אַרבעטער — אָננעמענדיק פאַר זייער ציל דעם קאַפּיטאַליסטס מאַטעריאַליזם — פאַרוואַנדלען זיך אין קבצנישע בורזשועס... די קאַפּיטאַליסטישע מאַכטהאָבער רייבן זיך די הענט און ס'לאַכט דער טייוול: ס'איז אים געלונגען אַריינצוּנאַרן אין זיין נעץ די אָרעמע מיט דער גרעסטער קראַפט אויף דער ערד, אַז זיי זאָלן, מיט דער רויטער פאָן פונעם העכסטן און הייליקסטן אידעאַל אין האַנט, זיך דראַפּען אויפן גאָלדענעם באַרג, זיך דראַפּען און דראַפּען און נישט קאָנען אַרויפדראַפּען זיך אויף אים אַפילו בלויז איין טפח... און וואָס שטאַרקער און לענגער זיי דראַפּען זיך — אַלץ העכער וואַקסט דער גאָלדענער באַרג, אַלץ טריומפירנדיקער לאַכט דער טייוול, אַלץ זיכערער ווערן ביי זיך די רייכע אויפן שפּיץ פונעם גאָלדענעם באַרג... די רייכע, וואָס קעגן אַרבעטער, קעגן דאָזיקן קלאַס, זענען זיי נישט מער ווי אַ נעבעכדיקער קאַרליק.

„חברים! טייערע חברים מיינע! מיינע טייערע פריינד! מיך דרענגט אייך צו שרייבן אַזעלכעס, קעגן וואָס איך אַליין קעמף און וויל עס אין מיר דערשטיקן. אָבער ס'רייסט זיך פון מיר, און אַצינד — פאַרן טויט — מוז איך עס זאָגן: ווייל טאָמער איז דאָס אָן אמת — וויל איך דעם אמת נישט מיטנעמען מיט זיך אין קבר אַריין. איך וויל גאָרנישט האָבן באַהאַלטן פאַר אייך, איך וויל שטאַרבן מיט אַ ריינעם געוויסן. נאָר דאָס, וואָס איך וויל אייך אַצינד זאָגן, ווייסט איר געוויס אַליין, ווייל איר האָט שטענדיק דעריבער געחוזקט. איך מיין די „סענטימענטאַלע פראַזע": אַז דער סאָציאַליזם וועט דערלייזן אויך די קאַפּיטאַליסטן, די בורזשואַזיע, ווייל אויך זיי זענען קרבנות, קרבנות פון אַ מאָנסטער, וואָס איז דאָ כמעט אין יעדן מענטש: דער חשק צו געלט, צו רייכטום, צו פאַרמעגן — צו מאַכט. טייל באַהערשט דער דאָזיקער מאָנסטער שטאַרקער און טייל שוואַכער. מעגלעך, אַז כדי רייך צו ווערן מוז מען באַזיצן אויך געוויסע פעיִקייטן, מען מוז זיין קלוג; אָבער דאָס זענען די זעלבע פעיִקייטן, וואָס ס'האָט דער טיגער: מען מוז זיין גרויזאַם טעמפּ, געפילסלאָז פאַרן קרבן, וואָס מען האַלט צווישן די לאַפּעס מיט די נעגל. די קלוגהייט איז די כיטרעקייט פונעם שווינדל, די כיטערקייט פון דער קאַץ ביים לויערן אויף דער מויז, אויפן פייגעלע. דער קאַמף קעגן קאַפּיטאַליזם מוז דעריבער זיין דער קאַמף קעגן דעם מאָנסטער, קעגן דער מעגלעכקייט פאַר זיין עקזיסטענץ אין האַרץ.

„טייערע, טייערע פריינד און חברים מיינע! מיר קומען די טרערן אין די אויגן אַריין, איך וויין. אָבער נישט ווייל איך מוז שטאַרבן אַזוי יונג, ווייל איך וועל באַלד מוזן שטאַרבן, נאָר גאָר פון אַ גרויסער פרייד. ווייל איך זע אַצינד אַזוי קלאָר פאַר מיר ווי שיין דאָס לעבן וועט זיין ווען דער סאָציאַליזם וועט הערשן. נישט בלויז וואָס דער מענטש וועט מער נישט וויסן פון קיין הונגער, וועט מער נישט ליידן קיין נויט און וועט מער נישט אַרבעטן אַזוי שווער; ער וועט דאַן אַרבעטן בלויז עטלעכע שעה, ער וועט באַדינען אַ מאַשין אין אַ שיינער, ליכטיקער פאַבריק און וועט געניסן אין גרויס שפע פון אַלץ וואָס ער שאַפט;

ער וועט ווינען אין שיינע, ליכטיקע שטובן, איינגעאָרדנט לויט די טעכנישע דער־גרייכונגען, אין אַ לוקסוס, וואָס וועט זיין עסטעטיש, קינסטלעריש; די גאַסן וועלן זיין ברייט, אַ סך זון, אַ סך ביימער, פּאַרקן, בלומען, פֿאָנטאַנען, יעדע הויז וועט האָבן אַ גאָרטן, וועט זיין איינגעטונקען אין גרינס; ס'וועלן זיין קלובן פֿאַר שפּיל, פֿאַר ספּאָרט, פֿאַר גייסטיקייט; אַ סך טעאַטערס וועלן זיין, אַ סך מוזעאומס, מוזיק־זאַלן, ביבליאָטעקן און נאָך אַ סך אַנדערע טעמפּלען פֿאַרן מענטש. אָבער נישט בלויז דאָס, נישט בלויז וואָס שקלאַפֿעריי און עקספּלואַטאַציע וועט זיין אָפּגעשאַפֿט, דאָס וואָס דערנידעריקט אַזוי דעם מענטשן, נישט בלויז דעם שקלאַף, דעם עקס־פּלואַטירטן, נאָר אויך דעם עקספּלואַטאַטאָר; ניין, נישט בלויז דאָס, וואָס דער מענטש וועט מער נישט ליידן פֿון דעם היינטיקן מאַטעריעלן איבל — די סיבה פֿון כמעט אַלע פֿיזישע קוואַלן און פֿון די מיינסטע זעלישע ליידן — ער וועט דערלייזט ווערן פֿון אַלעם קליינלעכן און מיאוסן. פֿון קינאה און שינאה, פֿון גרויס האַלטן זיך און דעם אַנדערן דערנידעריקן, און פֿון אַליין זיך דערנידעריקן. גייסטיק דערהויבן וועט זיין דער מענטש, אין פֿריינשאַפֿט פֿאַרברידערט און פֿאַר־שוועסטערט, אָן זאָרג און אָן שרעק. ס'וועט זיין געגוג פֿאַר אַלע און ס'וועט הערשן שלום. אין דער טיפֿסטער טיפֿקייט פֿון כמעט יעדן מענטש איז דאָ אַ בענקשאַפֿט נאָך דאָס שיינע און גוטע, נאָך אמת און יושר, נאָך דערלייזונג פֿון זיין קליינלעכן און מיאוסן עגאָיזם. דאָס גיט מיר דעם בטחון, אַז ס'וועט מקוים ווערן דאָס, וואָס איך זע אַצינד אַזוי קלאָר פֿאַר מיר. אין אייך, טייערע פֿריינד און חברים, זע איך די גאַראַנטיע פֿאַר דער הערלעכער צוקונפֿט, אין אייך — די קעמפֿער פֿאַר איר. און איר זענט דאָך בלויז אַ קליינער טייל פֿון די, וועלכע האָבן אין אַלע צייטן און אומעטום געקעמפֿט פֿאַר דער גרויסער און דערהויבענער זאַך. קיינער פֿון אייך און קיינער פֿון יענע קעמפֿער האָט זיך קיין מאָל נישט אָפּגעשטעלט פֿאַר די שווערסטע קרבנות. זענט איר — און צוזאַמען מיט אייך טויזנטער און טויזנטער — דען נישט גרייט צו שטאַרבן ווי איך פֿאַר דער גרויסער און הייליק־קער אידעע? — דעריבער שרעק איך מיך אַצינד נישט פֿאַרן טויט; איך וועל מוטיק שטאַרבן.

„טייערסטע און ליבסטע מיינע! זייט נישט טרויעריק, לאָזט אייך פֿונעם צער — אַפֿילו ביי מיין קבר — נישט צעברעכן, אַפֿילו נישט אויף איין מינוט. אַוודאי וואָלט איך געוואָלט לעבן, אַוודאי וואָלט איך געוואָלט זיין גליקלעך, זיין גלעקלעך מיט דיר, פֿייגעלע, מיט דיר טייערע חברטע מיינע, מיט דיר, טייערע געליבטע מיינע! ווי די הערלעכע זון האָסטו אַנגעהויבן אויפֿשיינען אינעם פֿריי־מאָרגן פֿון מיין בלויען הימל. איך לעב אָבער איבער אַצינד אַ מין גליק, פֿאַר וועלכן איך האָב נישט קיין שום אויסדרוק: דאָס גליק זיך מקריב צו זיין פֿאַרן גליק פֿון דער גאַנצער מענטשהייט. דאָס דאָזיקע גליק טייל איך אַצינד מיט דיר, פֿייגעלע, און האָף, אַז דו פֿילסט עס. דעריבער, חברים, זייט אַלע מוטיק, ווי איך בין אַצינד און וועל זיין אין די לעצטע מינוטן, אין די לעצטע רגעס פֿאַרן שטאַרבן. איך שטעל מיר אַצינד פֿאָר, וואָס איך וועל פֿילן און דענקען ווען מ'וועט

מיך פירן צום טויט: ליבע צו אייך און צו אַלע קעמפער פאַרן סאָציאַליזם וועל איך פילן, און טראַכטן וועל איך וועגן דער שיינקייט און ברידערלעכקייט פון דער מענטשהייט. אַזוי נעם איך מיר פאַר און וועל מיך באַמיִען נאָר דאָס צו דענקען און נאָר דאָס צו פילן.

„יאָ, כ׳וויל אייך נאָך זאָגן, אַז אין דעם טויטן־קאַמער בין איך נישט אַליין. מיט מיר זענען דאָ די פאַרמשפטע צום טויט אין זעלבן טאָג ווען איך בין פאַר־משפט געוואָרן: מיין בן־עיר אַהרן מיקנשלעגער, דער לאָקאָמאָטיוו־פירער מיכאל קאזיאל און דער לערער איגנאַץ סטראַנסקי. דינהטשע גרינצווייג איז אין אַן אַנדערער טויטן־קאַמער. דער לערער האָט מיך ליב. ער זאָגט, אַז אים איז נישט קיין שאָד זיין לעבן, ער האָט נישט קיין מורא צו שטאַרבן, ווייל ער שטאַרבט פאַר זיין איבערצייגונג. אָבער ער באַדויערט, וואָס ער וועט מער נישט קאָנען געבן דער מענטשהייט פון זיין וויסן, וואָס ער וועט נישט קאָנען אויסאַרבעטן זיינע וויסנשאַפטלעכע אידעען: ער וועט זיי מיטנעמען אין קבר.

„ס׳ווערט שפעט. אָבער איך האָב שוין נישט מער קיין סך צו שרייבן. כ׳וויל אייך נאָך איבערגעבן, אַז אַ סך וועכטער זענען געווען גאַנץ גוט צו מיר, באַ־זונדערס פון נאָכן פּראָצעס אָן, ווען זיי זענען געוואָר געוואָרן, אַז איך בין פאַר־משפט צום טויט. דאָס איז פאַר מיר אַ באַווייז, אַז טיף אין האַרץ טליִעט אַ פונק מענטשלעכקייט, אַפילו ביי די ערגסטע. ביי די מיינסטע פון די קרימינעלע פאַר־ברעכער דאָ האָב איך געזען אַ סך מענטשלעכע שיינקייט: זיי בענקען נאָך פאַר־שטענדניש און וואַרעמקייט פונעם מיטמענטש. די חברים — אַן אונטערשייד פון פּאָליטישער איבערצייגונג — זענען פאַרברידערט פון דער איינער גרויסער אידעע, פאַר וועלכער זיי האָבן געקעמפט אויף דער פריי אונטער פאַרשידענע פענער און דעריבער מער איינער קעגן אַנדערן, ווי אין איינעם קעגן דעם גע־מיינזאַמען שונא. די טורמע האָט זיי אָבער אַלע פאַראייניקט, צוזאַמענגעשמאָלצן. זיי האַלטן זיך דאָ אַלע גאַנץ העראָיש. די טורמע — ניין, זי איז נישט אַזוי שרעקלעך. וואָס מיר האָט דאָ אַממיינסטן געפעלט און איך האָב אַמשטאַרקסטן געליטן וועגן דעם — איז געווען די פרייהייט און די שיינקייט פון דער נאַטור. איך האָב מיר פאַרגעשטעלט דעם הימל, די זון, די לבנה און די שטערן, די ביימער, די בלומען און די טייכן, דעם פרילינג און דעם זומער, דעם האַרבסט און דעם ווינטער; אָבער פאַנטאַזיע איז נישט נאַטור...

„ווען איך בין איינגעשלאָפן, יעקב — ס׳האָט געמוזט זיין זייער שפעט, אפשר האָט שוין געטאָגט, ווייל כ׳האָב נישט געקאָנט מער שלאָפן, כאָטש כ׳בין געווען זייער מיד — האָב איך געהאַט אַ שיינעם חלום: ס׳זענען צו מיר געקומען דער טאַטע און די מאַמע... זיי האָבן מיך גענומען אונטער די אָרעמס און האָבן מיך געפירט אין אַ הערלעכן פאַרק... אַזאַ שיינקייט האָב איך נאָך קיין מאָל נישט געזען... ווען כ׳וואָלט נישט געמוזט שטאַרבן, וואָלט איך דאָס אַלץ, וואָס כ׳האָב געזען, געמאָלט — אַז כ׳וואָלט געקאָנט... דער טאַטע האָט מיר געזאָגט: „דו ביסט

גערעכט, מיין זון... דו ביסט געגאַנגען אויף גאָטס וועג... אַצינד גייען מיר צו גאָט״... די מאַמע איז געווען זייער גליקלעך...

„נו, איז צייט זיך צו געזעגענען. דיר, פייגעלע, דאַנק איך פאַר יעדן גליק־לעכן מאָמענט וואָס דו האָסט מיר געגעבן אין דיין גרויסער און שיינער ליבע, וואָס האָט ליידער געדויערט אַזוי קורץ. איך וויל דיר נישט זאָגן וואָס דו זאָלסט טוען, ווייל איך ווייס אַז דו וועסט טוען דאָס ריכטיקע.

„דיר, יעקב, מיין טייערער ברודער, וויל איך דאַנקען פאַר דיין לערע וואָס דו האָסט מיר געגעבן. ווען דער טאַטע איז געשטאָרבן האָסטו מיך גענומען ביי אַ האַנט און האָסט מיך געפירט אויפן ריכטיקן וועג. ביסט צו מיר געווען אַ טאַטע, אַ ברודער, אַ חבר און אַ פריינד.

„אייך אַלע, טייערע חברים און פריינד, נעם איך אַצינד אַרום און דריק אייך שטאַרק, שטאַרק צו מיין ברוסט. אייער בנימין״.

פייגעלע און יעקב האָבן זיך צעוויינט און געשריגן מיט פאַרשטיקטע קולות: „בנימין!... חבר!... פריינד!... מיין געליבטער!... מיין ברודער!״...

דער אַדוואָקאַט אַדאַם ווייס האָט געזאָגט: „לאָמיר זיך געזעגענען, חברים!״

די חברים און די פריינד האָבן זיך געזעגנט: „מיר נעמען אָפּשייד פון דיר, אונדזער טייערער חבר! מיר שווערן דיין אָנדענק קיין מאָל נישט צו פאַרגעסן, דיין אָנדענק שטענדיק צו האַלטן הייליק, צו פירן ווייטער אונדזער קאַמף פאַר דער באַפרייונג פון דער ליידנדער מענטשהייט! מיר וועלן קעמפן פאַר אונדזער הייליקן אידעאַל ביזן ענדגילטיקן נצחון, ביז אונדזער גרויסער ציל וועט זיין דערגרייכט! מיר שווערן צו נעמען נקמה פאַר דיין יונג פאַרשניטן לעבן! אונ־דזער נקמה וועט זיין: פאַרניכטן די טיראַניי און די עקספּלואַטאַציע! מיר וועלן פאַרניכטן דעם מאָנסטער, די מעגלעכקייט פאַר זיין עקזיסטענץ, די מעגלעכקייט פאַר מאָרד, רויב און מלחמה!״

פייגעלע און יעקב זענען אַריינגעשפּרונגען אינעם קבר, האָבן זיך אַרויפ־געלייגט אויפן אָרון און זיך געדריקט צו אים מיט זייער ברוסט, אים אומאַרעמט און אַריינגערעדט האַרצרייסנדיקע ווערטער. מ'האָט זיי געמוזט אַרויסציִען פון קבר.

דער פרוש האָט געזאָגט: „איך האָב אויסגעהערט וואָס דער קדוש האָט גע־שריבן אין די לעצטע שעהען פאַר זיין טויט, און דעריבער: „יתגדל ויתקדש שמה רבא״.

די חברים האָבן אין פיעטעט אויסגעהערט דעם קדיש וואָס ר' איסר האָט געזאָגט ביים אָפענעם קבר.

פאַרן טויער פונעם בית־עולם האָט געוואַרט אַן אויטאָמאָביל. די חברטע אַדאַ, איר מאַן און יעקב האָבן זיך געזעגנט מיט די חברים און די חברטעס (יעקב האָט אַ ווייגענדיקער געקושט די וויינענדיקע פייגעלע און אויך דעם פרוש) און אַלע

דריי האָבן זיך אַריינגעזעצט אינעם אויטאָמאָביל. ער איז שנעל פֿאַרשוווּנדן אין דער פֿינצטערניש פֿון דער נאַכט.

דער הימל איז געוואָרן אַ לויטערער; ער האָט זיך אויסגעלייטערט אין דער צייט פֿון דער קבורה און גאָלדענע שטערן האָבן זיך צעלויכטן.

בערלין, 1932 — ניו־יאָרק, 1946

